# ויסנשאפטלעכע
# יאָרביכער

# I



1929

מאָסקווע

צענטראלער פעלקער-פארלאג פון פ.ס.ס.ר.
מאָסקווע
1929

אלוועלטלעכע?

אַלפֿסאַיסלענדישע וויסנשאַפֿטלעכע געזעלשאַפֿט צו שטודירן די ייִדישע שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע

אָפּטייל פֿאַר ייִדישער שפּראַך און קולטור באַם פּעדאַגאָגישן פֿאַקולטעט פֿונעם 2-טן מאָסקווער מעלוכע-אוניווערסיטעט

---

# וויסנשאַפֿטלעכע יאָרביכער

# I

1929

הויפּטוויסנשאַפֿט באַם פֿאָלקאָמבילד פֿון ר. ס. פֿ. ס. ר.

---

צענטראַלער פֿעלקער-פֿאַרלאַג פֿון פֿ. ס. ס. ר.

1929 מאָסקווע

# פון דער רעדאַקציע

אונדזער ערשטן זאַמלבוך האָט מען נאָך אין 1927 יאָר פראָיעקטירט ווי אַן אויסגאַבע פון די ווערק פונעם קאָלעקטיוו פראָפעסאָרן און לערער אין דער יידישער אָפטיילונג באַם פעדפאַק פונעם 2-טן מאָסקווער מעלוכע-אוניווערסיטעט. פאַרן לעצטן יאָר אָבער איז דער שווערפונקט פון דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט צווישן די יידן אין מאָסקווע אַריבערגעטראָגן געוואָרן צו דער „געזעלשאַפט צו שטודירן די יידישע שפראַך, ליטעראַטור און געשיכטע״. דערמיט גופא זיינען פאַרברייטערט געוואָרן אויך די אויפגאַבן פונעם זאַמלבוך. אין אים זיינען איצט צונויפגעזאַמלט ניט בלויז די ווערק פון די לערער אין דער יידישער אָפטיילונג פונעם פעדפאַק, נאָר אויך די ווערק פונעם אַקטיוו יידישע וויסנשאַפטלעך-מאַרקסיסטישע קרעפטן אין מאָסקווע, וואָס גרופירן זיך ארום דער „געזעלשאַפט צו שטודירן די יידישע שפראַך, ליטעראַטור און געשיכטע״.

די פראָלעטאַרישע וויסנשאַפט אונטערשיידט זיך פון דער בורזשואזער ניט בלויז מיט איר מעטאָדאָלאָגישער ציל-איינשטעלונג, מיט איר טעמאַטיק, נאָר אויך דערמיט, וואָס אַנטקעגן דעם פרינציפ פון אַנאַרכאָ-אינדיווידואַליסטישער וויסנשאַפטלעכער ארבעט באַ דער בורזשואַזער וויסנשאַפט שטעלט די פראָלעטאַרישע וויסנשאַפט די קאָלעקטיווע פלאַניש-רעגולירטע אַרבעט. מיר קאָנען ניט באַהויפטן, אַז אונדזער זאַמלבוך האָט אויסגעפילט דידאָזיקע גרונט-אויפגאַבע. אין אים זיינען אין אַ באַדייטנדיקער מאָס צונויפגעזאַמלט באַזונדערע ווערק פון פאַרשיידענע כאַווירים, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט באַ זיי פאַר אַ ריי פאָריקע יאָרן, איידער מע איז צוגעטראָטן צום זאַמלען און אָרגאַניזירן די יידישע וויסנשאַפטלעך-מאַרקסיסטישע קרעפטן אין מאָסקווע.

אָפן צווייטן אַלפאַרבאַנדישן קולטור-צוזאַמענפאָר אין כאַרקאָוו האָט מען באַם פאַנאַנדערטיילן די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט צווישן די באַזונדערע רעפובליקאַנישע צענטרען, פאָרגעלייגט מאָסקווע צו ווענדן אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט אַפן שטודירן די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, די געשיכטע פון די יידן פאַר דער נייסטער צייט. אונדזער ערשטער זאַמלבוך פילט בלויז טיילווייז אויס דידאָזיקע גרונט-אויפגאַבע. מיר האָבן געמאַכט אַ שריט פאָרויס לעגאַבע דער געוויינלעכער אַמאָליקער יידישער וויסנשאַפטלעכער טעמאַטיק, אָבער בלויז אַ שריט פאָרויס—דאַן, ווען עס איז נויטיק אַ רעוואָלוציע אין דעמדאָזיקן געביט. די אויפגאַבע פון די ווייטערדיקע זאַמלביכער איז אַ רוק צו טאָן זיך פאָרויס אַף דעמדאָזיקן וועג, צו פאַרווירקלעכן די פאָדערונגען, וואָס דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון די קולטור-טוער האָט אונדז געשטעלט. פאַרלייגן אין מאָסקווע דעם פונדאַמענט פון אַן עכטער מאַרקסיסטישער וויסנשאַפט וועגן דער יידישער געשיכטע, שפראַך און ליטעראַטור, דורכאַרבעטן די פראַגן וועגן דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידן אין פסס״ר און אין די קאַפיטאַליסטישע לענדער, צוגלייך מיטן ווייטערדיקן דורכאַרבעטן די פראָבלעם פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, איז די נאָענטסטע אויפגאַבע.

אויסן אונדזער זאַמלבוך זיינען פאַרבליבן היפשע קאַדרען וויסנשאַפטלעכע טוער מאַרקסיסטן, זיינען פאַרבליבן אַסאַך גרופעס פאָרשער, וואָס זוכן אויפריכטיק די וועגן צום מאַרקסיזם. אָרגאַניזירן זיי, פאַרבינדן זייער פאָרשערישע אַרבעט מיט די אַלגעמיינע און אונדזערע וויסנשאַפטלעכע פלענער, — אָט צו וואָס מיר דאַרפן שטרעבן. די באַהעפטונג פון די מאַרקסיסטישע קרעפטן וועט אונדז העלפן בייצוקומען די אַלטע יידישע אַקאַדעמישע טראַדיציעס, וואָס זייערע פאָרשטייער אַרבעטן זייער און זייער אַקטיוו אויך באַ היינטיקן טאָג אַף דער טעריטאָריע פונעם ראַטנפאַרבאַנד. די זאַמלביכער פון אונדזערע יידישע

וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס דאַרפן אַפן קליינעם סעקטאָר פון דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אויספילן די אופגאַבע, וואָס איז געמיינזאַם פאַר אַלע פאָרשער אינעם ראַטנפאַרבאַנד: פירן אן אנטשיידענעם קלאַסנקאַמף אַפן גאַנצן פראָנט פון דער וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט. מיר האָבן דידאָזיקע אופגאַבע געלייזט אינעם ערשטן זאַמלבוך אין אַ קנאַפער מאָס, — זי לייזן אין דער פולער מאָס איז אונדזער אופגאַבע אין די ווייטערדיקע זאַמלביכער.

אין וויסנשאַפטלעכער הינזיכט זיינען מיר, דער „עם הספר", אָפּגעשטאַנען, אָן אַ שיר אָפּגעשטאַנען. אַרום און אַרום קומט פאָר אַ פאַרביטערטער קלאַסנקאַמף אין אַלע געביטן פון דער וויסנשאַפט וועגן דער געזעלשאַפט. דער בורזשואַזער וויסנשאַפטלעכער געדאַנק האָט אופגעהויבן די פאָן פונעם קריגערישן נאַציאָנאַליזם, אָדער, פאַרשטעלט אין אַ פאַציפיסטישער פאָרם, איז ער פאַרנומען אויסשליסלעך מיט אָפּלייקענען דעם מאַרקסיזם, מיט „בייקומען" אים... אַפילע זיינע סאַמע פאָרגעשריטענע פאָרשטייער, וואָס רעקאָמענדירן זיך אַלס „עקאָנאָמישע מאַטעריאַליסטן", וואַרפן אָפּ דעם רעוואָליוציאָנערן מעהוס פונעם מאַרקסיזם. אין דעמדאָזיקן זין זיינען כאַראַקטעריסטיש די אייגנטימלעכקייטן פון די געזעלשאַפטלעכע וויסנשאַפטן אין די ניי-געשאַפענע מעלוכעס פון דער באלקאַניזירטער נאָכמלכאָמעדיקער אייראָפּע — פוילן, טשעכאָ-סלאָוואַקיע א. א. וו. דער גאַנצער סכום געזעלשאַפט-קענטענישן דינט דאָרט פאַר אַ באַגרינדונג פון דער „נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט", איז פאַרשאַרפט קעגן דעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם. אין דער גאַנצער וועלט פאַרמעסטן זיך אָפּן די געלערנטע מיט זייער שווערד אַפן אידעאָלאָגישן פראָנט, אין דער גאַנצער וועלט שמידט די „וויסנשאַפט וועגן דער געזעלשאַפט" דאָס געווער פונעם קלאַסנקאַמף.

אַנדערש איז די לאַגע אינעם געביט פון די „יידישע קענטענישן". די פאָרשטייער פון דער אַלטער יידישער וויסנשאַפט — די ליבעראַלן און דעמאָקראַטן, די אַסימיליאַטאָרן און יידישיסטן — אומעטום, אין אייראָפּע און אינעם ראַטנפאַרבאַנד, — פאַרדעקן זיך מיט אַ שלייער פון אַפּאָליטישער קענטעניש, זוכן פאַר זייערע פאָרשונגען טעמעס, וואָס זיינען אומגעהויער ווייט פון דער רעאַלער ווירקלעכקייט, ווי ביבלישע אָדער פאָלקלאָרישע סיוזשעטן, געשיכטע פון די קאַנטאָניסטן אָדער די ערשטע עמבריאָנען פון דער יידישער ליטעראַרישער שפּראַך, קעדיי נאָר ניט צו באַרירן די שאַרפע פראַגן פונעם קלאַסנקאַמף. דער בורזשואַזער יידישער וויסנשאַפטלעכער געדאַנק געפינט זיך נאָך אַלץ אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אַף דער שטופע פונעם יידישן וויסנשאַפטלעכן געדאַנק פונעם 18-טן יאָרהונדערט, — ניט האָבנדיק, פאַרשטייט זיך, הינטער זיך די גאַנצע מעכטיקייט פון אָט דעם וויסנשאַפטלעכן געדאַנק, — און פאַרקערפּערט מיט זיך די אָפּגעשטאַנענקייט פון דער יידישער בורזשואַזיע און פונעם קליינבירגערטום. קעדיי אָנצויאָגן דעם פאָרגעשריטענעם מאַרקסיסטישן געדאַנק פון אונדזערע טעג, קעדיי צו אינטערנאַציאָנאַליזירן איר אינהאַלט, דאַרף די וויסנשאַפט וועגן די יידן זיך פאַרנעמען קוידעמקאָל מיט דער געשיכטע און סאָציאָלאָגיע (אין ברייטן זין פונעם וואָרט) פון דער אַרבעט און פון די אַרבעטנדיקע יידן, מיט דער געשיכטע פון זייער קאַמף פאַר באַפרייונג אין די רייען פונעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. דער שלאַכט-געדאַנק דאַרף אָנהויבן פּרעוואַלירן אין אונדזער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. וואָס ווייניקער אָפּגעריסנקייט פון די ברענענדיקע פּראָבלעמען פונעם קלאַסנקאַמף, וואָס מער פאַרבינדונג צווישן דער וויסנשאַפט און דער היינטצייטיקייט. מיר דאַרפן באַטראַכטן אונדזער וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אַלס דירעקטן אָנטייל אין דער סאָציאַליסטישער בויונג פון אונדזער ראַטנפאַרבאַנד.

אַף אויספילן דידאָזיקע אופגאַבן דאַרף זיין געווידמעט אונדזער יידישע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט פון די נאָענטסטע יאָרן.

---

אין רעדאַקטירן דעם ערשטן זאמלבוך האָט גענומען אָנטייל אַ רעדקאָלעגיע אין באשטאנד פון די כ״כ מ. ליטוואַקאָוו. צ. פרידלאנד, י. נוסינאָוו, ט. הייליקמאן, א. קירזשניץ און א. גורשטיין.

מ. ליטוואַקאָוו

# פון טעאָלאָגיע צו וויסנשאַפט

## פון מאַגידעס צו מאַרקסיזם

אין זיין „דיאַלעקטיק אין דער נאַטור“ ווייזט ענגעלס אָן, אַז דורך טעטיקייט באַשאַפט דער מענטש פאַרשטעלונגען וועגן אורזאַכלעכקייט, וועגן דעם אורזאַכלעכן צוזאַמענהאַנג צווישן זאַכן און דערשיינונגען און אַז טאַקע דורך טעטיקייט קאָן מען קאָנטראָלירן, צי איז ריכטיק דער אורזאַכלעכער צוזאַמענהאַנג, וואָס דער מענטש שטעלט איין צווישן זאַכן. אין אַן אַנדער אָרט זאָגט ענגעלס: „דער ערפאָלג פון אונדזערע האַנדלונגען דערווייזט די צונויפשטימונג פון אונדזערע באַנעמונגען מיט דער אָביעקטיווער נאַטור פון די אָביעקטן, וואָס מיר באַנעמען“.

אַזוי, אַז עס שטעלט זיך די פראַגע וועגן דעם סוביעקט, וואָס איז טעטיק, און וועגן דעם כאַראַקטער פון זיין טעטיקייט. עס איז קלאָר, אַז וואָס פאַר אַ טעטיקייט דאָס איז, אַזעלכע פאָרשטעלונגען באַקומען זיך וועגן דעם אורזאַכלעכן צוזאַמענהאַנג צווישן זאַכן און דערשיינונ-גען. פון דאַנען גייט דער דירעקטער וועג צום פעסטשטעלן דעם קלאַסן-כאַראַקטער פון דער וויסנשאַפט. זיך באַזירנדיק אַף זיין טעטיקייט, אַף זיין פּראַקטיק, פאַראַלגעמיינערט יעדער קלאַס זיינע קאָנסטאַטירונגען וועגן דעם אורזאַכלעכן צוזאַמענהאַנג צווישן זאַכן און באַשאַפט אין רעזולטאַט זיין וויסנשאַפט אָדער אַנדערשט איבער די וויסנשאַפט אין זיין גייסט, לויט די אינטערעסן פון זיין פּראַקטיק.

„די סאָציאָלאָגיע“, — זאָגט פּלעכאַנאָוו, — „ווערט אַ וויסנשאַפט נאָר אין דעם ערעך, ווי איר גיט זיך איין צו באַגרייפן די אַנטשטייונג פון צילן באַם געזעלשאַפטלעכן מענטשן (געזעלשאַפטלעכע „טעלעאָלאָגיע“), ווי אַ נויטווענדיקע פאָלגע פונעם געזעלשאַפטלעכן פּראָ-צעס, וואָס ווערט אין זיין לעצטן סאַכאַקל באַדינגט דורכן גאַנג פון דער עקאָנאָמישער אַנט-וויקלונג“.

און אַז עס פעלט פאַרשטאַנד און אַכט צום „לעצטן סאַכאַקל“, ד. ה. צו דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, פאַלט מען אַריין אין אידעאַליזם, אין ריינער מעטאַפיזיק, און אַזוי גייענדיק אַלץ צוריק, קומען מיר צו אַזאַ שטופע, ווען עס האַנדלט זיך שוין ניט פון „געזעלשאַפטלעכער טעלעאָלאָגיע“, נאָר פון... פּאָשעטער טעאָלאָגיע, ד. ה. מיר קומען, לויט דיצגענס אויסדרוק, פון „וויסנשאַפטלעכער מאַגידעס“ צו „רעליגיעזער מאַגידעס“.

און פּונקט ווי די וויסנשאַפט ביכלאַל האָט דורכגעמאַכט אַ שווערן וועג פון רעליגיעזער מאַגידעס דורך פאַרשיידענע שטאַפּלען און פאָרמען פון וויסנשאַפטלעכער מאַגידעס צו וויסנ-שאַפט אין אייגנהייטלעכן זין פון וואָרט, — האָט אַזאַ וועג דורכגעמאַכט אויך די אַזוי גערופענע „ייִדישע וויסנשאַפט“. דאָ איז דער וועג פון פּאָשעטער, עכט-ראַבאָנישער מאַגידעס דורך אַלערליי אַנדערע פאָרמען מאַגידעס און באַטלאָנעם צו מאַרקסיסטיש געלייטערטער וויסנשאַפט געווען אי בוילעטער, אי שווערער.

דער באַגריף „ייִדישע וויסנשאַפט“ („חכמת היהודות“, “Wissenschaft des Juden-tums“) איז ניט געווען די גאַנצע צייט קיין איינהייטלעכער, איינמאָל פאַר אַלע מאָל גע-געבענער, נאָר ער האָט עוואָלוציאָנירט און זיך געענדערט לויט די קלאַסן, וואָס האָבן די „ייִדישע וויסנשאַפט“ אַרויסגערוקט און זי באַנוצט אין קאַמף פאַר זייערע אינטערעסן, לויט דער קלאַסן-טעטיקייט, וועלכע האָט געדאַרפט קאָנטראָלירן די פאָרשטעלונגען וועגן אורזאַכלעכן צוזאַמענ-האַנג, וואָס דידאָזיקע וויסנשאַפט איז געווען באַרופן צו באַשאַפן אָדער צו סאַנקציאָנירן. דערי-בער האָט דער באַגריף „ייִדישע וויסנשאַפט“ דורכגעמאַכט אַ לאַנגן אַנטוויקלונג-וועג, ביז,

בורזשואַזיע צו ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פון דער הערשנדיקער בורזשואַזיע אין געגעבענעם לאַנד. אַזוי, לעמאָשל, פאָדערט שמועל גאָלדהיים אין זיין ווערק „Über die Autonomie der Rabbiner“ אַז די „יהדות“ זאָל זיך אָפּזאָגן פון איר גאַנצער פאַרגאַנגענהייט, זאָל זיך באַפרייען פון יעדן ייִדיש־נאַציאָנאַלן סימען און אויך פון פּרעטענזיעס צו זיין אַן אוניווערסאַלע רעליגיע, ד. ה. אייגנטלעך פון דער מיסיע. מיט דער „ייִדישער וויסנשאַפט“ און מיט דער רעלי־גיעזער רעפאָרמע איז גאָלדהיים אויסן בלויז איינס: פאַרלייכטערן דער ייִדישער בורזשואַזיע אין דייטשלאַנד די אופגאַבע זיך צו גערמאַניזירן.

אָבער אין אַלגעמיין האָט אין דער „ייִדישער וויסנשאַפט“ פון דעמדאָזיקן פעריאָד, באַ־זונדערס באַ די אידעאָלאָגן, אַזוי צו זאָגן, געהערשט די מיסיע־טעאָריע.

## „חכמת היהדות“

אין די מיירעוו־לענדער זיינען ניט געווען קיין ייִדישע מאַסן מיט אַ פאָלקסטימלעכן לעבנשטייגער אין דער קעגנוואַרט, מאַסן, וואָס זאָלן פירן אַ לעבעדיק לעבן פול מיט סאָציאַל־קלאַסאָווע קאַמפן. האָט די ייִדישע בורזשואַזיע געקאָנט רויִק אנערקענען די „כימערישקייט“ פון איר קעגנוואַרטיקער נאַציאָנאַליטעט און זיך איבערגעבן דער אידעאַליזאַציע פון דער פאַר־גאַנגענהייט. די „חכמת היהדות“ האָט טריי אויסגעפילט איר קלאַסן־דינסט, זי איז דאַן געווען אַף איר אויפן פּראָגרעסיוו, ווייל זי האָט געקעמפט פאַר פאַרשפרייטן אויך אַף די ייִדן די „דעקלאַראַציע פון מענטשן־רעכט“, וואָס עס האָט פּראָקלאַמירט די גרויסע פראַנצויזישע רע־וואָליוציע. האָט זי טאַקע פיל אופגעטאָן אין וויסנשאַפטלעכן זין — אין געביט פון ביבל־פאָרשונג, אין געביט פון אָנזאַמלען מאַטעריאַלן און פאָרשן די געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק און פון דער ייִדישער (גיכער העברעיִשער) ליטעראַטור.

אויב אין די מיירעוו־לענדער איז דער ייִדישער בורזשואַזיע אויסגעקומען אין איר קאַמף פאַר בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע זיך צופּאַסן צו מער פאָרגעשריטענע און קולטורעלע באַדינ־גונגען, איז אין רוסלאַנד דער ייִדישער גרויס־בורזשואַזיע אין דעמדאָזיקן קאַמף אויסגעקומען צופּאַסן זיך צו די באַדינגונגען פונעם צאַריש־פּריצישן רעזשים, האָבנדיק פאַר זיך לעבעדיקע ייִדישע פאָלקס־מאַסן, אין וועלכע ס'האָבן געברויזט אי קאַמף־שטימונגען, אי שאַפונגס־קויכעס. פון איין זייט, האָט די ייִדישע בורזשואַזיע ניט געקאָנט אבסטראַהירן זיך פון איר „כימערי־שער נאַציאָנאַליטעט“ אין דער קעגנוואַרט, פון דער צווייטער זייט, האָבן די רוסישע באַדינ־גונגען זיך ניט געגוויטיקט אין אַזעלכע „דעליקאַטע“ באַרעכטיקונג־אידעאָלאָגיעס, ווי די מיסיע־טעאָריע: פאַר די רעגירנדיקע קלאַסן איז זי געווען צו ראַדיקאַל, פאַר די רעוואָליוציאָנערע שיכטן — צו רעאַקציאָנער. האָט טאַקע די ייִדישע גרויס־בורזשואַזיע אין רוסלאַנד קיין איי־גענע „חכמת היהדות“ ניט באַשאַפן, אויב ניט רעכענען די וויסנשאַפט פון זאַמלען דאָקומענ־טאַלן מאַטעריאַל וועגן ייִדישע צאָרעס און רעכטלאָזיקייט. אָבער אויך אין דעם, עמעס, העכסט־וויכטיקן, געביט זיינען די ערשטע עפּאָכע־מאַכנדיקע ווערק ארויסגעגאַנגען ניט פון די קרייזן פון דער ייִדישער בורזשואַזיע: קימאַט דער ערשטער און דער סאַמע וויכטיקער היס־טאָריאָגראַף פון די ייִדן אין צאַרישן רוסלאַנד איז געווען אַ רוס (ריכטיקער אַ אוקראַינער) — בערשאַדסקי. דאָס איז ערשטנס, און צווייטנס, האָט זיך די ליבעראַל־„וואָסכאָד“יִשע „ייִדישע וויסנשאַפט“ אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַסאַך שפּעטער — סאָף 70־קער — אָנהויב 80־קער יאָרן — אונטערן דרוק פון די פּאָליטישע און סאָציאַל־קלאַסאָווע קאַמפן, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַליין אַנטשיידענער אופטרייסלען דאָס לאַנד, און וואָס די ייִדישע בורזשואַזיע האָט צו זיי געהאַט אַ קנאַפּע שייכעס...

אין דער „חכמת היהדות“ אין מיירעוו האָט מען שוין אין ערשטן פעריאָד געקאָנט אונ־טערשיידן צוויי גרונט־ריכטונגען אָדער, גענויער, ניואַנסן: איין גרונט־ניואַנס, וואָס איז געווען מער טעאָלאָגיש־אַ ס י מ י ל י אַ ט אָ ר י ש (גייגער, גאָלדהיים), און דער צווייטער, וואָס איז געווען מער טעאָלאָגיש־נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ס ט י ש (לוצאטאָ, ראַפּאָפּאָרט). ביידע „ריכטונגען“ האָבן פאַר זיך ניט געהאַט אין זייער קאַמף קיין פּראָגרעסיוון סוינע: דער טעאָלאָגיש־אַסימי־

ליאַטאָרישער גיואַנס האָט באַקעמפט די אומטאָלעראַנץ פון דער קריסטלעכער מעלוכע, און דער טעאָלאָגיש-נאַציאָנאַליסטישער האָט נאָך דערצו געפילט אַ אינערלעכן ווידערווילן קעגן דעם צו אָפענעם האַנדל פון דער ייִדישער בורזשואַזיע מיט איר „כימערישער נאַציאָנאַליטעט“, וואָס לויט מאַרקסן איז זי „די נאַציאָנאַליטעט פון אַ סוחר, בכלל פון אַ געלט-מענטש“, קעגן די גימפּל-גומפּעליגאָס, וואָס הענריך היינע האָט זיי קימאַט צו דער זעלבער צייט געגנוג געשטעמפּלט. די סיבעס פון דער אומפּרוכטבאַרקייט פון דער טעאָלאָגיש-אַסימיליאַטאָרישער ריכטונג אין דער רוסלענדישער „חכמת היהדות“ האָבן מיר שוין אָנגעוויזן. ניט בעסער איז געווען אויך די לאַגע בײַ דער טעאָלאָגיש-נאַציאָנאַליסטישער ריכטונג, וועלכע איז אין די ספּעציעלע באַדינגונגען פון רוסלאַנד געוואָרן די הערשנדיקע ריכטונג בײַם ייִדישן מיטלשטאַנד, אָנעמענדיק די אויסערלעכע פאָרם פון אַ וועלטלעכער היסטאָריש-נאַציאָנאַליסטישער ריכטונג.

וואָס פאַר אַ סאָציאַלע שעליכעס איז געווען באַרופן אויסצופילן די „חכמת היהדות“ פונעם ייִדישן מיטלשטאַנד אין רוסלאַנד? זי איז מיט איר פראָנט געווען געווענדעט ניט קעגן דעם צ ו ר י ק, נאָר קעגן דעם פ אָ ר ו י ס, ניט קעגן דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר קעגן דעם רעוואָליוציאָנערן ה י י נ ט — קעגן דער רעוואָליוציאָנערער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דער ייִדישער סוויווע.

דער ייִדישער מיטלשטאַנד האָט זייער גוט אויסגענוצט דעם אומשטאַנד, וואָס דער פּראָלעטאַרישער קלאַסן-קאַמף אַנטהאַלט שוין אין זיך קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייונג, און האָט זיך געסטאַרעט טאָן אַלץ, קעדיי צו פאַרוואַנדלען דעם קלאַסן-קאַמף פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אין אַ באַשטאַנד-טייל פון דער נאַציאָנאַליסטישער קלאַל-ייִסראָעל-פּאָליטיק. מיט אַ געזונטן קלאַסן-כוש האָבן די אידעאָלאָגן פונעם ייִדישן באַלעבאָס אונטערגעכאַפּט אַלדאָס רעאַקציאָנערע און נאַציאָנאַליסטיש-באַלעבעסלדיקע, וואָס די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג האָט אין זיך אײַנגעזאַפּט פון דער אָפּגעשטאַנענער נאַציאָנאַלער סוויווע, און פלעגן דאָס פאַרוואַנדלען אין די טעאָרעטישע יעסוידעס פון זייער באַלעבאַטישער נאַציאָנאַל-פילאָזאָפיע, קלויערשט אַ סאַנקציאָנירטער פון מאָדערנע רעוואָליוציאָנערע אידעאָלאָגיעס און באַוועגונגען.

אַף אַזאַ אויפן איז אַנטשטאַנען דובנאָווס טעאָריע וועגן „גייסטיקן אָדער קולטור-היסטאָרישן נאַציאָנאַליזם“, וועלכער שטרעבט קלוימערשט ניט „ניט צו טעריטאָריאַלער, ניט צו פּאָליטישער אָפּזונדערונג, נאָר צו געזעלשאַפטלעכער און נאַציאָנאַל-קולטורעלער אַווטאָנאָמיע“, וועלכער פּראָקלאַמירט די „היסטאָרישע און פּסיכאָלאָגישע נויטווענדיקייט פון נאַציאָנאַלער עוואָלוציע פאַרן ייִדנטום און צו באַשטיין אַף זיין אַווטאָנאָמישקייט אין אַלע ספערן פון לעבן“. ניט, כאָלילע, אָפּזונדערונג, נאָר „אַווטאָנאָמישקייט אין אַלע ספערן פון לעבן“... „דער זעלבסטבאַוווסטזיין פון דער נאַציע איז דער הויפּט-קריטעריום פאַר איר עקזיסטענץ“, פאַר דער עוואָליוציע פונעם „נאַציאָנאַלן טיפּ“ האָבן די באַשליסנדיקע באַדייטונג די „סוביעקטיווע אָדער גייסטיקע פאַקטאָרן“, די מאַטעריעלע פאַקטאָרן העלפן נאָר מיט צו פאַרהאַרטעווען דעם „נאַציאָנאַלן טיפּ“. און שטודירן און פאָרשן די געשיכטע פונעם „נאַציאָנאַלן טיפּ“ אָדער „נאַציאָנאַלן אינדיווידו“ איז די איינציקע אויפגאַבע פון דער ייִדישער געשיכטע אָדער אַפילע פון דער גאַנצער ייִדישער וויסנשאַפט.

אַף דעמזעלבן באָדן איז אַנטשטאַנען אויך דער אַכאַדהאַאמיזם, — אַביסל אַ מער פאַרטיפטער און דערביי אויך אַ מער רעאַקציאָנערער געדאַנקענגאַנג, איידער דער דובנאָוויזם. אכאדהאאם שטעלט פאַרן ייִדישן פאָלק די מיסיע צו זיין אַן „איבערפאָלק“ — אַ „פאָלק פון געווי:ים“, וואָס זאָל „פון דאָר צו דאָר אין זיך פאַרקערפּערן דעם העכסטן טיפּ מאָראַל“, זאָל „זיין דער קעסיידערדיקער טרעגער פון די סאַמע שווערסטע מאָראַלישע פליכטן, אַבסאָלוט זיך ניט זאָרגנדיק מיקויעך דעם, צי ער ברענגט דערמיט די מענטשן נוצן אָדער שאָדן“. ווייל — וואָס איז שייעך נוצן אָדער שאָדן דעם ראָוו מענטשן? די אַבסאָלוטע גערעכטיקייט, זעט איר, איז „דעם איבערמענטשנס אַזאַ אייגנשאַפט, וואָס קאָן ניט פאַרטראָגן קיינע שום באַגרענעצונגען אין נאָמען פון דער מערהייטס נוצן“, זי, די אַבסאָלוטע גערעכטיקייט, „מאַכט זיך אַ וועג,

זיך קלאָל נים רעכענענדיק מים די פּראַקטישע פאָלגן, צי זיינען זיי גוט אָדער שלעכט פאַר דער אויסערלעכער וועלט".

און וואָס באַשטייט איצט די ייִדן־פראַגע? און דער ייִדישקייט־פראַגע, — ענטפערט אכאדהאאם. „די אופלעבונג פונעם נאַציאָנאַלן אידעאַל איז פאַר אונדז געוואָרן אַ לעבנס־פראַגע". נים, כאָלילע, ווייל דאָס ייִדישע פאָלק קאָן אונטערגיין, — פון מאַטעריעלע צאָרעס גייט מען נים אונטער. נאָר אַ פאָלק דאַרף וויסן, פאַרוואָס עס לייַדט, — און דערצו דאַרף עס שווין האָבן אַ אידעאַל, אַ מיסיע. אָבער און דער פרעמדער, און גאָלעס קען קיין גרויסער נאַציאָנאַלער אידעאַל נים אופבליען, — ווידעראַמאָל, נים דערפאַר, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק קאָן זיך נאָך, כאָלילע, אַסימילירן, אופגעלייזט ווערן צווישן די פעלקער. ניין, נים דערפאַר. נאָר דאָס ייִדישע פאָלק לעבט דאָך צעזייט און צעשפּרייט און אַלע לענדער, צווישן פיל פעלקער, עס ווערט באַווירקט פון אַסאַך פרעמד־נאַציאָנאַלע קולטורן, — קאָן נאָך, כאָלילע, צעשפּליטערט ווערן דער ייִדישער נאַציאָנאַלער טיפּ. קעדיי דאָס אויסצומיידן דאַרף מען באַשאַפן אַ גייסטיקן צענטער, פון וואַנען עס זאָל שטראָמען און איינהייטלעכע נאַציאָנאַלע ווירקונג אַף אַלע טיילן ייִדנטום און זאָל קאָנסאָלידירן דעם ייִדישן נאַציאָנאַלן טיפּ. דערדאָזיקער גייסטיקער צענטער מוז זיין און ערעצ־ייִסראָעל, ווו דער אידעאַל פונעם נעווי:ים־פאָלק, די ייִדישע מאָראַל („מוסר היהדות") איז געבאָרן געוואָרן. די אַראַבער?... די אַבסאָליוטע גערעכטיקייט „רעכנט זיך נים מים די פּראַקטישע פאָלגן, צי זיינען זיי גוט אָדער שלעכט פאַר דער אויסערלעכער וועלט"...

און און העסקעם מים אַזאַ מין גערדאַנקענגאַנג פאָרמולירט אויך אכאדהאאם די אופגאַבן פון דער „חכמת היהדות": אַנטוויקלען דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, אופקלערן און פאָרשן דעם „מוסר היהדות", די עוואָליוציע פונעם נאַציאָנאַלן אידעאַל פונעם נעווי:ים־פאָלק...

ווי מיר זעען, זיינען דאָס אַלץ נאַציאָנאַל־פּובליציסטישע שיטעס, וואָס יעדערע פון זיי איז אַ מין פּייסעכדיקער קוירעך, אַ געדאַנקען־געמיש, וועלכער איז און מאָך נים מער ווי אַ טראַנס־פאָרמאַציע, לויט באַדינגונגען פון אָרט און צייט, פון דער טעאָלאָגיש־נאַציאָנאַליסטישער ריכ־טונג בעשייטע און מיירעוו. נאָר דאָ, און רוסלאַנד, האָבן די טראַנספאָרמירטע געדאַנקען, זייער מעטאָדאָלאָגיע און פראַזעאָלאָגיע, געקלונגען ווי מער פּראָגרעסיוו, ווייל דער אויסגעדריקטער און זיי באַלעבאַטישער נאַציאָנאַליזם האָט אָביעקטיוו געשעפט מוט באַ דער אָנגעגליטער אַטמאָספער פון רעוואָליוציאָנערן מאַסן־קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייונג, ביפראַט נאָך, אַז די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג אליין האָט קימאַט און איין און דערזעלבער צייט אי אָנגע־נומען אַ קאָלאָסאַלן מאַסן־ מאַסשטאַב, אי זיך אַראָפּגעגליטשט און זומפּ פון קליינבירגערלעכן נאַציאָנאַליזם.

נים אומזיסט פאַלט אויס דער סאַמע גלאַנץ־פּעריאָד פון דובנאָוום „גייסטיקן נאַציאָנאַ־ליזם" און פונעם אכאדהאאמיזם און פון זייער גרעסטער ווירקונג אַפן סאָף 90־קער — אָנהויב 900־ער יאָרן, ד. ה. פונקט אַף דער צייט, ווען די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט, פון איין זייט, אָנגענומען איר גרויסן מאַסן־כאַראַקטער און, פון דער צווייטער זייט, האָט זי זיך איני־נאַנצן אַריינגעטאָן און נאַציאָנאַליזם פון אַלע פאַרמען און ריכטונגען.

אַלנפאַלס דער נאַציאָנאַל־היסטאָרישער פּעריאָד האָט נים פאַרברייטערט די טראַדיציאָ־נעלע ראַמען פון דער „חכמת היהדות": דיזעלבע מאַגידעס, האַגאָס מאָדערניזירטע „לרוח היום", דיזעלבע ייִדישקייט־פאָרשונג, און וועלכער עס ווערט אויך קיין נייעס נים אַריינגעטראָגן...

## „חכמת ייִדיש"

די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע איז אופגעקומען אונטערן צייכן פון מאַרקסיזם, וואָס זיין אופגאַבע איז נים נאָר צו דערקלערן די וועלט, נאָר מיטהעלפן זי איבערמאַכן, האָט פון סאַמע אָנהויב געשטרעבט צו אַנטוויקלען נאָר אַן אַנדער מין וויסנשאַפט, — נים צו אַ ייִדישער וויסנשאַפט, נאָר צו וויסנשאַפט אַף ייִדיש. „פון וואָס איי־נער לעבט" און „די לערע פון דאַרוויניזם", דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" און געשיכטע

פון דערפינדונגען א. אז. וו. אָבער די גאַנץ באַדייטנדיקע שיכטן קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ, וועלכע זיינען מיטגעריסן געוואָרן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן אין איר געזוכט ניט מיטלען איבערצומאַכן די וועלט, נאָר דעם וועג צו באַפרייען און אופלעבן די נאַציע. קאַמף פאַר דעם „גייעם יידן", ווי עס ווערט פאָרמולירט אין א. ווייטערס „פּארטאג", פאַר דעם, אַז יידיש זאָל „ווערן אן אַלגעמיין־יידישע שפּראַך", „צווישן אַלע וועלט־שפּראַכן אַ גלייכבאַרעכטיקטע שפּראַך", — ווי עס האָט פאָרמולירט פּערעץ אַף דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ אין 1908, — אָט־וואָס עס האָט געטריבן די קליינבירגערלעכע יידישע אינטעליגענץ אין די רייען אַריין פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער עפּאָכע פון דער ערשטער רעוואָליוציע פון 1905, און ניט די באַדערפעניש איבערצומאַכן די וועלט, אָפּצושאַפן די קלאַסן־געזעלשאַפט.

„די יידישע שפּראַך, די יידישע ליטעראַטור, די יידישע גייסטיקע אַטמאָספערע איז אַזאַ קעגנגיפט, וואָס דער יידישער פאָלקס־אָרגאַניזם האָט איצטער אַרויסגעבראַכט און אַנטוויקלט פון זיך אַלץ מער און מער, קעדיי צו פאַראַליזירן דעם סאַם פון גאָלעס".

אַזוי האָט כאַים זשיטלאָווסקי אין 1911־טן יאָר פאָרמולירט די גרונט־אופגאַבע פון „חכמת־יידיש" *.

אויב דאָס אַלעס איז נאָך ניט געווען צו זען און צו הערן ערעוו און בעשאַס די דונערן און בליצן פון דער ערשטער רעוואָליוציע, ווען אַלץ איז געווען פאַרפאַרבט אין רויט, — האָט זיך עס אַנטפּלעקט אין פולער פּראַכט דערנאָך, נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע. די אַנטוישונג אין דער רעוואָליוציע האָט אַרויסגערופן באַ דערדאָזיקער אינטעליגענץ אַן אופבלי פון נאַציאָנאַליסטישער דווייקעס. אַזוי האָט, לעמאָשל, ניגער געשריבן וועגן דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ אין ווילנער וואָכנבלאַט „דער טאָג":

„זי (ד. ה. די רעזאָליוציע פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ. מ. ל.) האָט געוויזן, אַז עס שפּראָצן באַ אונדז אַרויס נייע מענטשן, נייע יידן, וואָס קאָנען ניט מער איבערטראָגן די צעשפּאָלטנקייט פון דער נעשאָמע, די צעבראָקלטקייט פון דער יידישער פערזענלעכקייט, און זיי בויען אַ בריק איבער דעם טהאָם, וואָס ליגט צווישן דעם קולטורעלן אידעאַל און דער קולטורעלער ווירקלעכקייט, צווישן דעם שאַבעס און דער וואָך, צווישן דעם אָוואר און דער קעגנוואָרט. זיי ווילן אָבער ניט, אַז אָט דער טייערער פּאָדים זאָל זיין אַ טאַכשיט, וואָס מע נוצט אים נאָר שאַבעס און יאָנטעוו. זיי ווילן, אונדזער אַלטעגלעך לעבן זאָל יאָנטעוודיק ווערן, זאָל שענער און איידעלער ווערן..

...העברעיש טאָרן מיר ניט פאַרגעסן: פאַרגעסן מיר העברעיש — פאַרלירן מיר דעם שליסל צום סאָד פון אָוואר. יידיש איז אָבער דער שליסל פון דער קעגנוואָרט, דער שליסל פון לעבן. דאָס לעצטע געווער... זאָל־זשע עס אופגעהאַלטן ווערן אין ריינקייט און אין ציכטיקייט, זאָל עס בלאַנקען" **...

אייגנטלעך איז דאָס געווען אַ מאַלעגניירעווען, אַ געמיש־שיראַים דערפון, וואָס עס האָבן געשריבן מיט אַ צען יאָר צוריק אכאַדהאַאם און מיכע־יויסעף בערדיטשעווסקי, — נאָר ניט דאָס איז דאָ דער איקער: כאַראַקטעריסטיש איז דאָ דאָס דווייקעסדיקע כיינדלען זיך פונעם קליינבירגערלעך־יידישיסטישן נאַציאָנאַליזם.

אָט דאָס כיינדלען זיך פאַרן אָוואר, אָט דאָס בוקן זיך פאַר דעם „גייסט" פון דער נאַציאָנאַלער און אַפילע רעליגיעזער פאַרגאַנגענהייט איז ניט נאָר ניגערס אַ מעליצע־פאָזע פון אַ קליינשטעטלדיקן נאַציאָנאַל־עסטעט, — עס איז אַ פּראָגראַם־יעסאָד באַם יידישיזם. אָט־וואָס עס האָט געשריבן אין יאָר 1911 דער גרונטלייגער פונעם יידישיזם ד"ר זשיטלאָווסקי:

* ד"ר כאַים זשיטלאָווסקי. געזאַמלטע ווערק. ניו־יאָרק. 1912. 4־טער באַנד. אַרטיקל „יידיש און העברעיש ז. 154, אונטערגעשטראָכן אינעם אָריגינאַל.

** ציטירט נאָך „ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, נומ. 35 פון 31 אַווגוסט 1928.

„מיר ווילן בעשום אויפֿן נ'ט זאָגן, אַז אין אַ וועלטלעכער יִדישער קולטור דאַרף דאָס רעליגיעזע לעבן און שאַפֿן גאָר קיין ראָליע נ'ט שפּילן. דאָס וואָלט געווען אַ געפֿערלעכער טאָעס. די רעליגיע און דאָס פֿרייע רעליגיעזע שאַפֿן איז אַ גויטוועענדיקער (אונטערגעשטראָכן באַם מעכאַבער מ. ל.) צווייג פֿון דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור, און טאָר און וועט געוויס אויך נ'ט פֿעלן בײַ דעם יִדישן בוים“ *.

אַזאַ עקלעקטישע מאַגידעס, אַזאַ קליינבירגערלעכער קאָלבוי־נאַציאָנאַליזם איז דער גרונטשטריך פֿון דער יִדישיסטישער „וויסנשאַפֿט“ פֿון איר אופֿקומען אָן ביז איר הײַנט'יקן טאָג — ביזן פֿעריאָד פֿונעם ווילנער וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט אײַנגעשלאָסן. אָבער דער אומשטאַנד גופֿע, וואָס די געבורט פֿונעם יִדישיזם האָט געהאַט אַזאַ גרויסע און נאָענטע שייכעס צו דער יִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע האָט אַרויסגערוקט די יִדישע שפּראַך אַלס די נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿונעם יִדישן פֿאָלק, האָט פֿאָרויסבאַשטימט דעם גוירל פֿון דער „יִדיש־וויסנשאַפֿט“ צו אַרבעטן איבער פֿאָלקסטימלעך־דעמאָקראַטישן רוייוואַרג, אַזוי צו זאָגן. האָט טאַקע די האָזיקע וויסנשאַפֿט אויסגעפּילט אַ גאַנץ נוצלעכע פֿונקציע אין זין פֿון זאַמלען און צומאָל אויך באַאַרבעטן מאַטעריאַלן פֿאַר דער פֿאָרשונג פֿון דער לעבעדיקער שפּראַך פֿון אַ לעבעדיקער מאַסן־קולטור. נוצלעך און אָפֿט נויטיק רוייוואַרג, נאַציאָנאַליסטיש־מאַגידעסדיקע מעטאָדאָלאָגיע און דעריבער שוין מעמיילע שעדלעכע אידעאָלאָגיע — דאָס זײַנען די גרונטשטריכן, דער טאָך פֿון „חכמת־יִדיש“.

## מארקסיסטישע וויסנשאפט

עס איז באַוווּסט מאַרקס טעזיס: „די פֿילאָזאָפֿן פֿלעגן אַלץ בלויז דערקלערן די וועלט, אָבער די זאַך באַשטייט אין איבעראַנדערשן זי“.

דער רעזשים פֿון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור האָט איין גרונט־אופֿגאַבע —- איבעראַנדערשן די וועלט, איבערבויען זי אַף קאָמוניסטישע יעסוידעס, אָפּשאַפֿן די קלאַסן־געזעלשאַפֿט, אָפּרייניקן דעם וועג פֿאַרן קאָמוניזם. האָט טאַקע די וויסנשאַפֿט פֿון דעמהאָזיקן רעזשים אויך איין גרונט־אופֿגאַבע: מיטהעלפֿן איבערצואַנדערשן די וועלט, מיטאַרבעטן אין דער אַקטיווער איבערבויונג פֿון דער געזעלשאַפֿט אַף סאָציאַליסטישע יעסוידעס. איז טאַקע אויך זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז דער מעטאָד פֿון דערהאָזיקער וויסנשאַפֿט, דער וויסנשאַפֿט פֿונעם רעגירנדיקן פּראָלעטאַריאַט, איז דער מאַרקסיסטיש־לעניניסטישער מעטאָד, דער מעטאָד פֿון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, וואָס זײַן העכסטער קריטעריום איז—רעוואָליוציאָנערע פּראַקטיק („איבעראַנדערשן די וועלט“). און אַזאַ איז ווירקלעך די וויסנשאַפֿט אין ראַטנפֿאַרבאַנד. זי איז די וויסנשאַפֿט פֿונעם רעגירנדיקן פּראָלעטאַריאַט, זי איז אַן אַקטיווע מיטאַרבעטערן אין דער סאָציאַליסטישער בויונג, זי קלערט אוף די וועגן און אופֿגאַבן פֿון דער פּראָלעטאַרישער וועלט־רעוואָליוציע, וועלכע איז באַרופֿן איבערצואַנדערשן די וועלט אין אינטערנאַציאָנאַלן מאָסשטאַב, זיכערן דעם זיג פֿונעם וועלט־קאָמוניזם.

איז נאַטירלעך, אַז אויך אין דער יִדישער סוויווע אין פֿסס“ר לעבט און אָטעמט די וויסנשאַפֿט מיטן מאַרקסיסטישן מעטאָד, אַז אויך דאָ איז איר פֿונקציע מיטצואַרבעטן אינעם „איבעראַנדערשן“ די וועלט, — אינעם געגעבענעם פֿאַל: מיטהעלפֿן, באַדינען און באַגלייטן די אַרבעט פֿון איבערבויען די יִדישע סוויווע אַף סאָציאַליסטישע יעסוידעס.

פֿאָרמעל, לויט אירע דערווײַליקע פֿאָרשונגס־געביטן האָט נאָך די יִדישע וויסנשאַפֿטלעך־פֿאָרשערישע אַרבעט אין ראַטנפֿאַרבאַנד אַ געוויסע אויסערלעכע ענלעכקייט צו דער ביזאיצטיקער „חכמת היהדות“: זי פֿאַרנעמט זיך נאָך ב'ז איצט מיט יִדישע קענגשטאַנדן. אָבער לויט איר מעטאָד און באַצוועקונג האָט זי מיט דער ביזאיצטיקער

* ציטירט ווערק, ז“ז 169—170.

„ייִדישקייט־וויסנשאַפט“ קיין שום שייכעס ניט. אונדזער וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט העלפט מיט דער סאָציאַליסטישער בוווּנג אין באַשטימטע געביטן, זי באַזאָרגט און באַדינט קאָנקרעטע פּראָנט־אָפּשניטן פון דער קולטור־רעוואָליוציע. און וואָס הייסט אַף אונדזער לאָשן, אַפן לאָשן פון מאַרקסיזם, קולטור? קולטור, לערנט אונדז דער מאַרקסיזם, „דאָס איז די סומע הערשנדיקע אידייען פונעם הערשנדיקן קלאַס“, און באַ אונדז אין לאַנד, ווו עס הערשט דער פּראָלעטאַריאַט, ווערט די „סומע הערשנדיקע אידייען“ „באַהערשט“ פונעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם. דאָס שאַפט אַ טיפסטן אָפּגרונט צווישן דער ייִדישער וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישער טעטיקייט אין פּסס“ר און דער „חכמת היהדות“ אין אַלע אירע אויבן געשילדערטע גילגולים אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער.

ווייל די „סומע הערשנדיקע אידייען פונעם הערשנדיקן קלאַס“ באַ אונדז, ד. ה. די קולטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, איז אייגנהייטלעך לויט איר אינהאַלט, וועלכער איז אָדער דאַרף זיין אַ פּראָלעטאַרישער, זי איז פאַרשיידן, זי קאָן וואַריִרן לויט פעלקער און נאַציאָנאַליטעטן בלויז אין דער פאָרם („פּראָלעטאַרישע לויטן אינהאַלט, נאַציאָנאַלע לויט דער פאָרם“). אַזוי אַז אין אונדזער וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישער טעטיקייט פעלט אַבסאָליוט אָדער עס דאַרף פעלן דער נאַציאָנאַלער אינהאַלט־קריטעריום, און וואָס אנגבאַלאַנגט די נאַציאָנאַלע פאָרם, איז עס אין לעצטן סאַכאַקל אַ פראַגע פון רעוואָליוציאָנערער צוועקמעסיקייט.

ד“ר זשיטלאָווסקי שרייבט אינעם אויבן ציטירטן באַנד (אַרטיקל „די ייִדישע קולטור און די ייִדישע שפּראַך“):

„איך האָב ניט לאַנג געלייענט אין אַ ענגלישן ביכל, וואָס רופט זיך „דזשואיש אטשיוומענטס“ („ייִדישע אויפטוונגען“), אַז דער באַרימטער רוסישער מאַטעמאַטיקער לאָבאַטשעווסקי איז געווען אַ ייִד. איך וויים ניט, פון וואַנען ער נעמט עס... אָבער שטעלט זיך אַ מינוט פאָר, אַז לאָבאַטשעווסקי איז בעעמעס געווען אַ ייִד. וואָס האָט פון אים די ייִדישע קולטור? דער נאַציאָנאַלער זין פון זיין גאַנצן שאַפן איז, וואָס ער האָט פאַר די רוסן דעראָבערט די רעפּוטאַציע פון גוטע מאַטעמאַטיקער און האָט רייך געמאַכט דעם צווייג פון זייער קולטורעלן בוים. פאַר דעם אַסימיליאַטאָר איז דאָס קיין שיילע ניט... אָבער ווי זעט ניט איין דער נאַציאָנאַליסט, וואָס וויל האָבן אַן אייגענע ייִדישע קולטור, אַז באַ אזאַ לאַגע... מוז אין דעם ייִדישן קולטור־בוים קיידעמקאָל פעלן די מאַטעמאַטיק“.

דאָס איז דער אַלטער, אָדער ריכטיקער, פאַרעלטערטער, אַלטפרענקישער שטאַנדפּונקט פון „יפיות, של יפת באָהלי שם“, אַז וואָס „יפת“ האָט, מוז עס אויך האָבן „שם“, דאָס ייִדישע פאָלק. לויט דעמדאָזיקן באַטלאָניש־נאַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט האָט די מאַטעמאַטיק אַ נאַציאָנאַלן זין, און מע מוז אַף ייִדיש שאַפן אַ מאַטעמאַטיק אום יעדן פּרייז, אַניט וועט נאָך, כאָלילע, דער ייִדישער קולטור־בוים בלייבן אָן אַ באַשטימטן צווייג... דערדאָזיקער פוילער שטאַנדפּונקט איז העכסט כאַראַקטעריסטיש באַזונדערס פאַר דער ייִדישיסטישער „חכמת היהדות“ ביזן ווילנער אינסטיטוט איינגעשלאָסן.

מיר דאָ אין ראַטנפאַרבאַנד זאָרגן ניט פאַר אַ פולן „קאָמפּלעקט“ צווייגן באַם ייִדישן „קולטור־בוים“. מיר בויען אונדזער וויסנשאַפט, אַרויסגייענדיק אויסשליסלעך פון די אינטערעסן פון דער סאָציאַליסטישער בוווּנג. אין דעם ערעך, וואָס די סאָציאַליסטישע איבערבוווּנג פון דער ייִדישער סוויווע ווערט אַלזייטיקער און כאַפּט אַרום אַלץ מער געביטן פון לעבן און טעטיקייט, ווערט אויך אונדזער וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע אַרבעט פאַרוואַנדלט פון „ייִדן־פאָרשונג“ אין וויסנשאַפט אין ייִדיש. אַזעלכע פּראָצעסן זעען מיר שוין איצט אין די פאָרויסגעשריטענע פּראָנט־אָפּשניטן פון דער סאָציאַליסטישער בוווּנג אין דער ייִדישער סוויווע: אין דער פּעדאַגאָגיק (וואָס עס האָט שוין געבראַכט צום ייִדישן פּעדפּאַק אין מאָסקווע און צום ייִדסעקטאָר באַם אָדעסער אינסטיטוט פאַר פאָלקס־בילדונג), אין דער אַגראַר־וויסנשאַפט (וואָס עס האָט געבראַכט צום לאַנדווירטשאַפטלעכן טעכניקום אין נייפאָלטאַווקע און צו דער ייִדישער קאַטעדרע אין האָרקי) א. אַז. וו. וואָס ווייטער עס וועט גיין די אַגראַריזאַציע און אינדוסטריאַליזאַציע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג און ביכלאַל די ראַטן־בוווּנג אין דער

יידישער סוויווע, וועלן זיך אַרויסרוקן פאָרויס אַלץ נייע פראָנט-אָפּשניטן און וועלן טראַנספאָרמירן דעם אויסערלעכן אויסזעען פון אונדזער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, וועלכע איז אַן אָרגאַנישער טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער וויסנשאַפט-קולטור פון אונדזער ראַטנפאַרבאַנד.

פון אַלערלייאיקער טעאָלאָגיע און מאַגידעם צו מאַרקסיסטישער וויסנשאַפט, פון פאַרשיידנאַרטיקע מאַגידישע פילאָזאָפיעס, וואָס האָבן געהאַלטן בלויז אין דערקלערן די וועלט מיט כאַלוימעס און נעכטיקע טעג, צו מאַטעריאַליסטישער וויסנשאַפט, וועלכע העלפט מעכטיק מיט איבעראַנדערשן די וועלט, —

דאָס איז דער אַנטוויקלונג-וועג פון דער „חכמת היהדות“ אין אַלע אירע גילגולים און פאַזיסן ביז דער מאַרקסיסטישער וויסנשאַפטלעך-פאָרשערישער אַרבעט, וואָס אַנטוויקלט זיך אַזוי מעכטיק בײַ אונדז.

אפּריל 1929.

ט. הײליקמאַן

# די ייִדן אין אָנהייב רוסישער אונטערטאַנשאַפט

יעקאַטערינע דער II איז אויסגעקומען, נאָך איידער די ייִדן זײַנען אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פון רוסישער אונטערטאַנשאַפט, ניט איין מאָל זיך אָנשטויסן אָן דער ייִדן־פראַגע. פאַר אַן איליוסטראַציע פון איר באַציִונג צו ייִדן װעלן מיר ברענגען צוויי פאַלן.

דאָס ערשטע מאָל איז איר אויסגעקומען זיך אַרויסזאָגן אין סענאַט אַפן פינפטן—זעקסטן טאָג נאָך איר פאַרנעמען דעם טראָן. װעגן דעם דערציילט זי אַליין, פון נאָמען פון אַ זײַטיקער פּערזאָן, אַזוי:

„ס'איז אויסגעקומען, אַז אַף דערהױפּטיקער זיצונג איז דערגאַנגען די רייי צום איניען װעגן דערלאָזן די ייִדן קיין רוסלאַנד. אַלע האָבן איינשטימיק באַװיליקט צו דערלאָזן. יעקאַטערינע; אָבער איז, לויט די דעמאָלטיקע אומשטענדן, געווען שווער צו געבן אַ האַסקאָמע. האָט איר געהאָלפן דער סענאַטאָר פירשט אָדאָיעװסקי. ער איז אופגעשטאַנען און האָט געזאָגט: „פריער, איידער זיך צו באַשליסן, װעט עפשער געפעליק זײַן אייער מייעסטעט אַ קוק טאָן דעם באַשלוס, װאָס ס'האָט געמאַכט מיט איר אייגענער האַנט אין אַ ענלעכן פאַל די קייסעריניע יעליזאַװעטע?"

יעקאַטערינע האָט געהייסן באַקומען דעם איניען און האָט געפונען, אַז די קייסעריניע יעליזאַװעטע האָט, אַלס פרומע קייסעריניע, אָנגעשריבן אַפן ברעג: „פון קריסטוסעס פיינט פאַרלאַנג איך קיין רעװעך ניט". מע דאַרף פאַרצייכענען, אַז ס'איז נאָך קיין װאָך ניט אַװעק, זינט יעקאַטערינע איז אַרוף אַפן טראָן; אַרופגעפירט האָט מען זי אַפן טראָן קעדיי צו באַשיצן דעם פּראַװאָסלאַװיש געזעץ; איר איז אויסגעקומען האָבן צו טאָן מיט אַ פרום פאָלק, מיט אַ גייסטלעכן שטאַנד, װאָס האָט נאָך ניט באַקומען צוריק זײַנע גיטער און װאָס האָט, איבער אַט דער ניט פיינער האַנדלונג, ניט געװוסט, פון װאָס צו לעבן. װי ס'טרעפט אַלעמאָל נאָך אַזאַ גרויסער איבערקערעניש, האָט געהערשט אַן אַלגעמיינע אופרודערונג. אָנהויבן די קיניגונג מיט אַריינלאָזן ייִדן איז גאָר ניט געווען קיין מיטל צו באַרויִקן די געזעלשאַפט. דערקלערן די דערלאָזונג פאַר שעדלעך איז אויך אומעגלעך געווען. איז זיך יעקאַטערינע באַגאַנגען פּאָשעט: װען דער גענעראַל־פּראָקוראָר האָט אופגענומען די שטימען און איז צוגעגאַנגען צו איר נאָך באַשלוס, האָט זי אים געזאָגט: „איך פאַרלאַנג, מע זאָל אָפּלייגן דעם איניען אַף אַ צווייט מאָל". אָט אַזוי קומט עס אָפּטמאָל פאַר, אַז ס'איז ניט גענוג צו זײַן אופגעקלערט, האָבן די בעסטע פאַרלאַנגען און אַפילע האָבן די מאַכט אויסצופילן זיי. און דאָך װערט אָפּט אַ קלוגע האַלטונג נאַריש אויסגעטייטשט" [1].

אַ צווייט מאָל האָט יעקאַטערינע אַרויסגעזאָגט איר באַציִונג צו די ייִדן, ניט צו די הייניקע, נאָר צו די אַמאָליקע, די ייִדן פון טאַנאַך, אין איר פאַרזאָג („נאַקאַז") פאַר דער קאָמיסיע פון 1767 יאָר אַף אופשטעלן אַ נייעם קאָדעקס. אין דעם פאַרזאָג האָט זי, װי זי איז אַליין מוידע, „באַרויבט דעם פּרעזידענט מאָנטעסקיע". כ' מ. נ. פּאָקראָװסקי, װען ער כאַראַקטעריזירט, אַף וויפל „די קאָנספּעקטירערן איז אַריינגעדרונגען אין דעם קאָנספּעקטירטנס מיין", ברענגט ער אַ מוסטער פון איר באַציִונג צו דער ביבלישער געזעצגעבונג. „ריידנדיק װעגן מויִשעס טוירע, װאָס דערלויבט פּאַקטיש דערהאַרגענען אַ קנעכט, אָבי נאָר ניט מיטאַמאָל, — רופט מאָנטעסקיע אויס: „װאָס איז עס פאַר אַ פאָלק, װאָס דער ציווילער געזעץ דאַרף באַ אים װידערשפּרעכן דעם נאַטירלעכן געזעץ!" Quel peuple que celui où il fallait que la loi civile se relâchat de la loi naturelle!)

[1] И. Г. Оршанский. Русское законодательство о евреях. Стр. 247—248.

יעקאַטערינען איז געפעלן געוואָרן די פראַזע, אָבער ווי רעדט מען מיט אַזאַ האָזע וועגן „מוישעס טוירע“. ס'איז דאָך עפּעס הייליקע שריפט... האָט זי באַלד געפונען אַן אייצע: מאָנטעסקיעס ווערטער וועגן די יידן האָט זי אָנגעווענדעט צו די... רוימער. עמעס, רוימער הויבט דער אַווטאָר פון „גייסט פון די געזעצן“ ניט אָן צו באַשולדיקן אין עפּעס אַזוינס, און דער יידישער עק, צוגעטשעפּעט צום רוימישן קאָפּ, מאַכט אַן איינדרוק פון אַ שטאַרק אומגעריכטער זאַך; דערפאַר אָבער איז אי געבליבן גאַנץ דער קלינגענדיקער שלום פונעם פּעריאָד, אי די פּראַוואָסלאַוונע קלייקווידעש האָבן זיך ניט אַף וואָס צו קלאָגן“ [1].

אין אָט דעם פּראָלאָג צום אַריבערגאַנג פון די יידן אין רוסישער אונטערטאַנשאַפט שפּיגלט זיך אָפּ, ווי די זון אין אַ טראָפּן וואַסער, די צוויעס פון דער רוסישער זעלבסטהערשונג. אַריבערגעטראָטן איבערן מאַנס, פּעטער דעם דריטנס, קערפּער אַפן טראָן „צו באַשיצן דעם פּראַוואָסלאַווישן געזעץ“, וויל זי ניט אופרייצן דעם קליר און דאָס „פרומע פאָלק“ און דערלאָזט דעריבער ניט די יידן אין לאַנד אַריין, טראָץ איר שטרעבונג צו „זיין אופגעקלערט“. דערפאַר וואָלטן די פרומע יידן געקענט באַקומען קאָמפּענסאַציע: איבער די זעלביקע מאָטיוון, וואָס האָבן זי געצווּנגען גיין קעגן אופקלערונג, האַלט זי זיך אָפּ פון אַ באַליידיקנדיקער מיינונג וועגן די דינים פון דער טוירע.

איבעריקס, אין דער יידישער פראַגע האָט זי, ווי אין איר גאַנצער פּאָליטיק, מער קאָקעטירט מיט דער אופקלערונג, און די קאָקעטירונג האָט אַפילע געהאַט אַ פּראַקטישן זינען. ניט אומזיסט האָט זיך אין דער רוסישער היסטאָרישער ליטעראַטור איינגעשטעלט אַ מיינונג (און איז אַריבער אַפילע צו אַ טייל יידישע היסטאָריקער) וועגן דער קייסעריניעס קלוימערשט גוטע ווונטשן. אויב די גוטע ווונטשן האָבן ניט געקענט מעקוייעם ווערן, איז שולדיק דערין די סאָציאַלע סוויווע. פאַר אַ ביישפּיל ברענגען מיר פּראָפ. סערגייעוויטשעס אָפּשאַצונג פון דעם מעהאַלעך צווישן יעקאַטערינעס גוטע ווונטשן און דער אומעגלעכקייט צו פאַרווירקלעכן זיי: רעדנדיק וועגן דעם „שטאַרקסטן“ איינדרוק, וואָס האָט געמאַכט דער „פאַרזאָג“ אַף די דעפּוטאַטן, שרייבט ער:

„די הומאַנע אידייען, וואָס דרינגען דורך דעם פאַרזאָג פון אָנהויב ביזן סאָף, דער געדאַנק וועגן אַלגעמיינעם וווילשטאַנד אַלס צוועק פון די געזעצן, די פאַרווייכערונג פון די האַרטע שטראָפן פון דער מאָסקווער עפּאָכע און פון פּיאָטרס געזעצגעבונג, די אָפּשאַפונג פון געריכט=אינוים, די דערלויבעניש אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג וועגן אַסאַך אַנדערע טאַקאָנעס, וואָס זייער אַלעמענס צוועק איז, אַז דאָס רוסישע פאָלק זאָל, נאָכן נייעם קאָדעקס, באַקומען די יוישערדיקע געזעצן און זאָל זיין דאָס גליקלעכסטע פון אַלע פעלקער אַף דער וועלט, — דאָס אַלץ מאַכט, אַז אַזאַ איינדריק זאָל זיין גאַנץ פאַרשטענדלעך. אָבער מיר וועלן מאַכן אַ גרויסן פעלער, אויב מיר וועלן מיינען, אַז פונעם פאַרזאָג ביז דער נייער געזעצגעבונג איז געבליבן נאָר איין טריט“ [2] צו פאַרווירקלעכן די גרונט=געדאַנקען פונעם פאַרזאָג האָט געשטערט די „פאָלקס=כאָכמע“. „וואָס טוט מען, פרעגט פּראָפ. סערגייעוויטש, אויב די קלאָלים, וואָס די קייסעריניע האָט געדרונגען פון סייכל=האַיאָשער, וועלן ניט צונויפפאַלן מיט דער פאָלקס=כאָכמע? אַ פאַל זייער אַ מעגלעכער. לויט די קלאָלים פונעם פאַרזאָג זיינען געריכט=אינוים לאַכלוטן ניט גוטיק, און לויט דער פאָלקס=מיינונג האָט זיך עס גערעכנט פאַר נוציק און פלעגט אָנגעווענדעט ווערן אין געריכט נאָך אין אַלעקסאַנדער דעם ערשטנס צייט“ [3].

הייסט עס, די „פאָלקס=מיינונג“ — זי איז עס די מעניע צו פאַרווירקלעכן די רעפאָרמעס. אַ דערקלערונג, וואָס לאָזט דערקענען איר רעאַקציאָנערן כאַראַקטער. די לעגענדע אַרום דעם פאַרזאָג און דער קאָמיסיע איז אַריבער אָן קריטיק צו אייניקע יידישע היסטאָריקער אויך. דורך דער קייסעריניעס גוטע ווונטשן בענוגייע די יידן האָבן זיך געלאָזט אַריינאַרן אין זאַק אייניקע טיפּשים פונעם יידישן ליבעראַלן לאַגער, וואָס זיינען ניספּאָעל געוואָרן אי פונעם אויבנ=

[1] М. Н. Покровский. Русская история с древнейших времен, т. IV. Изд. „Мир„ стр. 67.

[2] Сергеевич. Лекции и исследования. СПБ 1883, стр. 770.

[3] Ib., стр. 772.

אָנגעוויזענעם אויסדריק וועגן אופקלערונג, אַ׳ פון אירע ווילגעגוויגטע ווערטער וועגן יִדן אינעם מאַניפעסט וועגן דער באַהעפטונג פון ווייסרוסלאַנד אין 1772 יאָר און פון וואָלין און פּאָדאָליע אין 1793 יאָר. דאָס לעבן האָט דאָך דאָ נאָך מער ווידערגעשפּראָכן דער טאָלעראַנץ און מענטשנ=ליבע, וואָס זיינען אָנגעזאָגט געוואָרן „פון דער הייך פון טראָן“. פאַרוואָס שוין ניט אויסנוצן די גרייטע טעאָריע וועגן צאַרטע בלומען פון אַ פריציייטיקן פרילינג?

„אויב יעקאַטערינע, — שרייבט איר יִדישער לויב=זינגער מ. קולישער — האָט זיך אַלס פּראַקטישער פּאָליטיקער אָפּגעזאָגט נאָך אַ לאַנגן קאַמף פון פאַרווירקלעכן די יעסוידעס, וואָס זי האָט פּראָקלאַמירט — טאָלעראַנץ און מענטשן־ליבע, האָט זי געלאָזן אַ צאַוואָע דער נאָכ=קומערשאַפט צו פאַרווירקלעכן זיי בא אַ געענדערטער געזעלשאַפטלעכער סטרוקטור... די גע=ניאַלע פרווי האָט העכער אַ יאָרהונדערט צוריק פון דער הויך פון טראָן געהייליקט מיט אי׳ר אַווטאָריטעט אונדזערע דערוואַרטונגען און האָפענונגען, און ניט נאָר אין דער פאָרם פון פרומע ווונטשן, אויסגעדריקט אין „פאַרזאָג“, נאָר אין דער פאָרם פון מעלוכע=אַקטן, מיט דער גילטונג פון געזעץ, וואָס איז פון קיינעם ניט אָפּגעשאַפן, האַגאַם נאָך ביז היינט ניט פאַרווירקלעכט. געלויבט זאָל זיין איר אָנדענק!“ [1].

יעקאַטערינע, הייסט עס, וואָס האָט באַצייכנט דעם אָנהויב פון אי׳ר קיניגטום דערמיט, וואָס זי האָט ניט דערלאָזן די יִדן קיין רוסלאַנד, וואָס האָט איינגעשטעלט פאַר זיי אַ טאָפּעלן אָפּצאָל, וואָס האָט געמאַכט אַ פעסטן אָנהויב פאַרן באַרימטן טכום=האַמוישעוו, — זי האָט עס „געהייליקט מיט איר אַווטאָריטעט אונדזערע דערוואַרטונגען און האָפענונגען“. אַזוי האָט געשריבן יִדישע געשיכטע מיט 10 יאָר פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905 איינער פון די פאָר=שטייער פון דער א. ג. יִדישער „געזעלשאַפטלעכער מיינונג“, וואָס האָבן געוואַרט, אַז „פון דער הייך פון טראָן“ זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן „טאָלעראַנץ און מענטשן=ליבע“, ביז די אָקטיאַבר=רעוואָלוציע האָט אַוועקגעשליידערט אי דעם טראָן, אי זיינע יורשים=מעשאָרסים, און אַגעוו שוין געמאַכט אַ סאָף צו דער יִדן=פראַגע.

מען מוז פאַרצייכענען, אַז ניט אַלע יִדישע היסטאָריקער האָבן געהאַט אַזעלכע לאַקיי=געפילן. ווי אַ גליקלעכן אויסנאַם קענען מיר אָנווייזן אַף אי. ג. אָרשאַנסקין, וואָס האָט געפונען אַנדערע אויסדריקן צו באַראַקטעריזירן יעקאַטערינעס יִדן=פּאָליטיק:

„ווי גוט דאָס כאַראַקטעריזירט יעקאַטערינע II, — שרייבט ער אין צוזאַמענהאַנג מיט איר אויבנגעבראַכטער אַנערקענונג, וואָס האָט מיט ווערטער פּראָקלאַמירט די לערע פון די ענציקלאָפּעדיסטן וועגן גלייכקייט, פרייהייט און יווישער, און אין טאַט פאַרלייבשקלאַפט די פרייע מאַלאָראָסיע און געטיילט צענער טויזנטער פרייע מענטשן צו אירע ליבלינגען, וואָס האָט אַפן וואָרט היים ליב געהאַט אופקלערונג, און אין טאַט גערוידעפט פאָנוויזינען, נאָוויקאָוון, ראַדישטשעוון און אַנדערע רוסישע דענקער“ [2].

האָס איז שוין עפּעס אַנדערש. דעריבער וועלן מיר זיך סטאַרען, אָפּוואַרפנדיק די גאַנצע ווערטער=שאָלעכץ, דורכאַנאַליזירן די דינאַמיק, וואָס האָט באַשטימט מיט זיך יעקאַטערינעס יִדן=פּאָליטיק. אָבער צוליב דעם מוזן מיר באַרירן די יערושע, וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט געלאָזן די יִדן.

דעם סאָציאַל=ווירטשאַפטלעכן שטייגער פון דער יִדישער באַפעלקערינג אין פּוילן האָט באַשטימט די קלאַסן=פאַרהעלטעניש פון די געזעלשאַפטלעכע קרעפטן אין פּוילן. די דיקטאַטור פון דער פּוילישער שליאַכטע איז געווען אַ דערהנערונג־סוויווע פאַר די יִדישע אַרענדע=פּאַרנאָ=סעס און די מיט זיי פאַרבונדענע קרעטשמעריי און שענקעריי. — די קאַזאַקישע רעוואָליוציע האָט דערלאַנגט אָט די פּראָפּעסיעס דעם ערשטן קלאַפּ. די צעטיילונג פון פּוילן איז געווען דער צווייטער שטאַרקער קלאַפּ. מיטן סאָף פון דער פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט פון רזשעטש פּאָספּאָליטאַ האָט זיך פאַרקלענערט דער קוואַל, וואָס האָט דערנערט די יִדישע אַרענדעס. די פּוילישע שליאַכטע איז שוין מער ניט געווען געבונדן מיט קיין הויכער פּאָליטיק, און ווען

[1] М. И. Кулишер. Екатерина II и евреи. Восход, 1896, кн. XI.
[2] И. Г. Оршанский. Русское законодательство о евреях, стр. 249.

פּוילן איז געוואָרן אויס זעלבשטענדיק, האָט זי זיך געקענט אומקערן אַליין פירן די לאַנדווירט־שאַפט, זיך ווייניקער נויטיקנדיק אין דער דינונג פון די יידישע אַרענדאַרן. דאָס הייסט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז פאַרשוונדן דער באָדן פאַר זיי. אַרענדע, אַלס ספּעציפישע פאָרמע ערדבאַנוץ, האָט עקזיסטירט אומאָפּהענגיק פון דער אָדער יענער פּאָליטישער סטרוקטור. דאָך האָבן די יידישע אַרענדעס געקענט האָבן אַן אָרט נאָכן איבערגאַנג אין דער נייער אונטער־טאַנשאַפט נאָר אַף אַ פאַרשמעלערטער באַזע.

די שליאַכטישע דיקטאַטור האָט פאַרוואַנדלט דעם גרעסערן טייל יידישע באַפעלקערונג אין אַ דאָרפישער. קעדיי אין דעם זיך איבערצייגן, איז גענוג אַ קוק טאָן אַף דער ציפער־פאַר־העלטעניש פון דער יידישער שטאָטישער און דאָרפישער באַפעלקערונג אין איינער פון די צוויי גובערניעס, וואָס זיינען באַהעפט געוואָרן צו רוסלאַנד — אין פּאָלאָצקער (שפּעטער וויטעב־סקער). די אַלגעמיינע צאָל יידישע באַפעלקערונג אין די אויעזדן פון וויטעבסקער גובערניע האָט באַטראָפן, לויט די דאַטן פון 1772 יאָר, 14155 מאַן. פון זיי האָבן 9280 געוווינט אין דערפער, און נאָר 4875 אין שטעט און שטעטלעך. אויב נעמען אין באַטראַכט, אַז אַ היפּשער טייל שטעטלעך זיינען לויטן כאַראַקטער געווען נענטער צו דערפער, וועט דאָס בילד זיין נאָך באַווייזעוודיקער. אין שטעט אַליין (אָן שטעטלעך) האָט געוווינט אינגאַנצן 2997—אַביסל מער ווי איין פינפטל יידישע באַפעלקערונג פון דער גובערניע [1]. בעערעך דאָסזעלביקע בילד זעען מיר אין דער צווייטער גובערניע, וואָס איז צוגעקומען צו רוסלאַנד נאָך דער ערשטער צעטיילונג פון פּוילן — אין מאָגילעווער גובערניע.

אָבער ווי שאַרף האָט זיך געביטן די פאַרהעלטעניש פון דער שטאָטישער און דאָרפישער יידישער באַפעלקערונג אין וואָסערע 40 יאָר מיט עפּעס, ווייזן די דאַטן פון דער רעוויזיע פון 1815 יאָר אין דערזעלביקער וויטעבסקער גובערניע. פאַר דער צייט איז דער סכום יידישע באַפעלקערונג אין די שטעט געשטיגן פון 2997 ביז 17856, ד. ה. אַף 14859 מאַן, דאָס באַ־טרעפט 496%, ביים די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז אויסגעוואַקסן בלויז אַף 77%. אָט דער היפּשער צוּוווּקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעט האָט געמוזט גוירעם זיין אַ שאַרפע ענדערונג אין דער פאַרהעלטעניש צווישן דער קריסטלעכער און דער יידישער שטאָטישער באַפעלקערונג. אויב אין 1772 י. האָט די יידישע באַפעלקערונג אין די שטעט פון וויטעבסקער גובערניע אויסגעמאַכט 27%, איז אין 1815 יאָר שטייגט שוין די יידישע באַפעלקערונג איבער די קריסטלעכע (51% קעגן 49%), און אין איינצלנע שטעט דערגרייכט זי אַ היפּשע גרייס. אין רעזשיצע, אַשטייגער, ווו אין 1772 י. האָבן קיין יידן גאָר ניט געוווינט, האָט זייער צאָל אין 1815 י. דערגרייכט 90% פון דער שטאָט־באַפעלקערונג [2].

מיט אַזאַ שנעלן טעמפּ איז דורכגעגאַנגען דער פּראָצעס פון קאָנצענטראַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די שטעט נאָך דער צעטיילונג פון פּוילן. מע דאַרף, געוויינטלעך, נע־מען אין באַטראַכט, אַז איינע פון די הויפּט־אורזאַכן, פאַרוואָס די יידישע באַפעלקערונג אין די שטעט איז שאַרף געשטיגן, זיינען די אָפּטע גיירושים פון די דערפער. אָבער אָט דאָס רע־פּרעסיווע מאָסמיטל קען מען ניט באַטראַכטן איזאָלירט פונעם אַלגעמיינעם געשיכטע־גאַנג.

ניט ווייניקער וויכטיק זיינען געווען פאַר די יידן די פּאָליטישע רעזולטאַטן פון דער צעטיי־לונג פון פּוילן. צוזאַמען מיט דער אַרענדע־באַשעפטיקונג האָט זיך אויסגעבילדעט באַ די יידן־אַרענדאַרן אַ שטאַרקע אָפּהענגיקייט לעגאַבע די פּוילישע פּריצים. דאָס, וואָס דער גרויסער יידישער אַרענדאַר פלעגט גיין אין איין פראָנט מיטן גוטבאַזיצער קעגן די פּויערים האָט קלאָר ניט געשטערט, אַז דער פעאָדאַלער דרוק איבער דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז געזעסן אַפן גוטבאַזיצערס ערד, זאָל שטאַרקער ווערן. דער פּוילישער פּאָרעץ האָט דאָ געהאַט די פולע מאַכט. ער האָט געקענט פאַרטרייבן די, וואָס וווינען אַף זיין ערד, אַרופליגן

[1] Х. Коробков. Перепись еврейского населения Витебской губ. в 1772 г. Еврейская старина, т. V 1912.

[2] Ib., стр. 167.

אַף זיי אָפּצאָלן נאָך זיין ווילן נאָך, זיך אָפּרעכענען מיט זיי אַפן געריכטלעכן און אויסערגע־ריכטלעכן אויפן. דער פּריצישער ווילקיר האָט באַזונדערס געדריקט די יִדישע מאַסע. מיטן איבערגאַנג אין רוסישער אונטערטאַנשאַפט איז די פּעאָדאַלע מאַכט אַף די יִדן געוואָרן שוואַ־כער. דאָס האָט נאָך אָפּגעקלונגען אין דעם פּראָצעס פון זאָריטש, דעם באַזיצער פון שקלאָוו, וואָס האָט אַרויסגערופן דעם סענאַטאָר און פּאָעט דערזשאַווינס אַ רעוויזיע.

אַן אַנדער וויכטיקער רעזולטאַט האָט געהאַט אַ שייכעס צו דער קאָהאָל־סטרוקטור. טראָץ דעם קריזיס פונעם יִדישן קאָהאָל, איז נאָך יעדער באַזונדער יִד אַלץ געווען צוגעפּעסטיקט צו אַ קאָהאָל און האָט ניט געקענט אַריינגיין אין קיין שום אַנדערע שטאַנד־אָרגאַניזאַציע. איבער אָט דער אָפּגעזונדערטקייט האָט ער קיין צוטריט ניט געהאַט צו געזעלשאַפטלעכער און מעלוּ־כישער טעטיקייט און ניט געקענט געוויילט ווערן ניט פאַר אַ מאַגיסטראַט־מיטגליד, ניט אין די ווויט־ און לאַווניק־געריכטן. צ. ב. דער 9־טער אַרטיקל פונעם 12־טן אָפּטייל אינעם „סטאַטוט־רעכט" באַשטימט:

„מיר מאַכן פאַר אַ געזעץ און פון היינט־אָן איז אונדזער ווילן, אַז אַ יִד, אַ טאַטער און יעדערליי געצנדינער זאָל ניט פון אונדז אַליין, ניט פון אונדזער ראַט ניט דערהויבן ווערן צום גראַד נאַטשאַלניק, אָדער צו אַ וועלכן ס'איז אַמט און זאָל ניט האָבן קיין קריסטן אין זיין רע־שוּת". מאַגדעבורגישע רעכט, 1־טער טייל, 31־טער בויגן: „יִדן טאָרן ניט האָבן קיין שום אַמט, וואָס דורך אים זאָלן זיי קענען הערשן איבער קריסטן". און די קאָנסטיטוציע פון 1538, 1־טער בוך, ז. 524: „אַז יִדן טאָרן ניט באַשטימט ווערן ניט אַף אופּטאָגען אָפּצאָל, ניט אַף אַנדערע אַמטן" [1].

נאָך דער צעטיילונג פון פּוילן האָבן נאָך די קאָהאָלס, עמעס, עקזיסטירט, און פאַרהיט נימי נאָר די רעליגיעזע, נאָר אַפילע די אַדמיניסטראַטיווע און די פינאַנציעלע פונקציעס, אָבער אין דער אַדמיניסטראַטיווער לאַגע פונם יִדן איז שוין געקומען אַן איינריס. בלייבנדיק אַ קאָ־האָל־מיטגליד, האָט ער זיך אין דער זעלביקער צייט געדאַרפט צושרייבן צום סאָכרישן אָדער מעשטשאַנישן שטאַנד. צוזאַמען דערמיט האָט זיך געשטעלט אַ פראַגע וועגן דעם אָנטייל פון די יִדן אין די אָרגאַנען פון שטאַנד־זעלבסטפאַרוואַלטונג.

אַזוי אַרום האָט זיך די פריערדיקע מאָנאָליטישקייט אין דער געזעלשאַפטלעכער סטרוק־טור פון די יִדן אין היפּשער מאָס געשפּאָלטן. אָט די צווייערדיקייט האָט ניט געקאָנט ניט ווירקן צעשטערנדיק אַפן קאָהאָל. די אַלע ענדערונגען זיינען פאָרגעקומען אונטער דער ווירקונג פון נייע געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען. קעדיי צו פאַרשטיין די ענדערונגען, מוז מען האָבן כאָטש די אַלגעמיינסטע פאָרשטעלונג וועגן דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער סטרוקטור פון רוסלאַנד אין יענער צייט.

אין דער ליטעראַטור איז געווען פאַרשפּרייט אַ פאַלשע מיינונג, אַז אין XVIII יאָר־הונדערט האָט דער רוסישער אַדלשטאַנד נעפירט אַ נאַטוראַלע ווירטשאַפט. אָבער די נייאָנגע־זאַמלטע מאַטעריאַלן האָבן געצוואונגען אָוועקצוגעבן די פּאָזיציע אין אַרכיוו. אין דעם גוט־באַזיצערס פּערזענלעכער ווירטשאַפט הויבט געלט אָן שפּילן אַ גרויסע ראָליע. איינער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן פונעם אַריבערגאַנג צו געלט־ווירטשאַפט איז געווען די רעלאַטיווע אי־בערבאַפעלקערונג, וואָס האָט זיך באַזונדערס געלאָזט פילן אין צענטראַל־רוסלאַנד. דאָס האָט אומפאַרמיידלעך געבראַכט דערצו, אַז די נאַטוראַלע ווירטשאַפט איז ביסלעכוויז צעשטערט געוואָרן. דער גוטבאַזיצער איז געצוואונגען געווען טרייבן די איבעריקע צאָל פּויערים אין די שטעט צו פאַרדינען, אַזוי אַז אין אייניקע גובערניעס האָט דער פּויער־צינז (оброк) פּרעוואַלירט אי־בער דער פּאַנשטשינע. אין דעם ניט־שוואַרצערדישן געגנט איז פון אַלע לייב־קנעכט געווען 55% צינז־פּויערים און 45% פּאַנשטשינע־פּויערים. אין אייניקע גובערניעס האָט די צאָל צינז־פּויערים דערגרייכט ביז 72% (יאַראָסלאַווער גוב), 82% (ניזשנער גוב) און אַפילע 85% (קאָסטראָמער) [2].

[1] С. А. Бершадский. Положение о евреях 1804 г. Восход, 1895, кн. VI, стр. 51.
[2] Семевский. Крестьяне в царствование имп. Екатерины II. т. I, стр. 22—26.

פון דער אַנדערער זײט האָט דער איבערפּלוס באַפּעלקערונג געגעבן אַ שטויס צו דער אַנטוויקלונג פון קוסטאַר⸗באַשעפטיקונגען אין דאָרף אַלײן. די הויז⸗אינדוסטריע ווערט אַ מיטל צו עקספּלואַטירן די באַפּעלקערונג פונעם לײבקנעכטישן דאָרף. פלאַקס, האַנף (פּענקע) און די אויסאַרבעטונגען פון זײ גײען ניט נאָר אַפן אינערלעכן מאַרק, נאָר זײ ווערן וויכטיקסטע אָביעקטן פאַר עקספּאָרט. אין 95—1793 י. האָט מען דורכשניטלעך אַרויסגעפירט פון רוסלאַנד פלאַקס⸗ און האַנף⸗סכוירעס 14½ מיליאָן אַרשין אַ יאָר, אַף אַ סומע 4,2 מיליאָן דעמאָלטיקע רובל (באַ 10 מיליאָן פּאַרמילכאָמע⸗רובל). אָט די לײב⸗קנעכטישע קוסטאַרערײ איז געווען אַ שטאַפּל, אַף וועלכן ס'האָט זיך אופגעהויבן די אַדלשטאַנדישע מאַנופאַקטור, וואָס האָט דערפאָלגרײך קאָנקורירט מיט דער סאָכרישער פאַבריק און זי טײלווײס אַרויסגעשטויסן. אַדאַנק דעם, וואָס די אינדוסטריע איז פרײ געוואָרן פון דער צו גרויסער אַפּיטראָפּסעם מיצאַד דער רעגירונג, באַמערקט טוגאַן⸗באַראַנאָווסקי, האָט זיך די פאַבריק⸗פּראָדוקציע גענומען שנעל אַנטוויקלען. „בײם יעקאַרינעס אַרופקומען אַפן טראָן (1762) האָט זיך גערעכנט 984 פאַבריקן און זאַוואָדן (אַכוץ באַרג־אינדוסטריעלע), און דעם יאָר פון איר טויט — 3161. אין 1773 יאָר האָט מען אין די רוסישע פאַבריקן אויסגעאַרבעט, לויט אַ ווײט ניט פולן כעשבן, פאַר 3548 טויזנט רובל סכוירע; דערבײ האָבן די געוואַנט⸗פאַבריקן אויסגעאַרבעט סכוירע פאַר 1178 טויזנט רובל, לײוונט⸗פאַבריקן פאַר 777 טויזנט, זײד⸗פאַבריקן פאַר 461 טויזנט, פּאַפּיר⸗פאַבריקן פאַר 101 טויזנט“ [1]. עמעס, מאָרלע ווײזט, אַפן סמאַך פון דעם אַקאַדעמיקער גערמאַנס סטאַטיסטישע דאַטן, אַז די צאָל פאַבריקן אין 1802 יאָר איז געווען פיל קלענער — 2270, אָבער ער אַלײן איז מודע, אַז דאָס קען מען דערקלערן דערמיט, וואָס גערמאַן נעמט ניט אין באַטראַכט מער⸗ווײניקער קלײנע אונטערנעמונגען, וואָס זײנען מער ענלעך געווען אַף וואַרשטאַטן [2].

צווישן די פּראָדוקטן פון דער באַאַרבעטנדיקער אינדוסטריע האָט אַ באַזונדער אָרט פאַרנומען אײזן, וואָס איז געוואָרן אַ הויפּט⸗אָביעקט פון עקספּאָרט, לאָזנדיק דאָס ערשטע אָרט נאָר פאַר האַנף [3].

אי די אַדלשטאַנדישע, אי די סאָכרישע פאַבריק האָט זיך באַזירט אַף ניט⸗פרײער מידער צינז⸗פּויער, דער ניט⸗פרײער קוסטאַר און דער פאַבריק⸗אַרבעטער — דאָס איז דער דרײעק, וואָס האָט אײנגעשלאָסן די עקספּלואַטאַציע פון דער איבערפּליסיקער באַפּעלקערונג דורכן גוטבאַזיצער. אָבער דאָס אַלײן, וואָס אַ היפּשער טײל באַפּעלקערונג איז אַוועקגעצויגן געוואָרן פון ערדאַרבעט, האָט געמוזט היפּש מיטהעלפן צו אינטענסיפיצירן די פּריצישע ווירטשאַפט, קעדײ צו באַפרידיקן די אויסגעוואָקסענע באַדערפעניש אין געקויפטן ברויט. נאָך אַ גרעסערע אַנטוויקלונג האָט די פּריצישע פּאַנשטשינע⸗ווירטשאַפט באַקומען, ווען דער קוטשוק־קײנאַרדזשיער שאָלעם⸗אָפּמאַך מיט טערקײ האָט געעפנט די אויסלענדישע טויערן פאַר רוסישער ווײץ.

אַסאַך פאַרדינסט האָט אויך געגעבן בראָנפן⸗ברענערײ.

מראָץ דער היפּשער פרײזן⸗העכערונג איז דער בראָנפן⸗געברויך געוואַקסן מיט יעדן יאָר, און צוזאַמען דערמיט איז געוואָקסן די האַכנאָסע פון בראָנפן. דעהײנע, אין 1765 י. איז די האַכנאָסע פון בראַנפן⸗פאַרקויף געווען 4,2 מיליאָן רובל, אין 1766 י. — 5,7 מיליאָן, אין 1767 יאָר — 5,8 מיליאָן, אין 75—1771 י. האָט זי שוין דערגרײכט 6,6 מיליאָן אַ יאָר, אין 79—1775 י. ביז 6,8 מיליאָן אַ יאָר, און אין 86—1783 דערגאַנגען ביז 10 מיליאָן אַ יאָר [4].

„אין די גרויסרוסישע גובערניעס, — שרײבט דער געשיכטלער פון די שענקען אין רוסלאַנד,—ווו מע האָט זיך פריער באַגנוגנט, לויטן אַלטן מינהעג, מיט ביר און בראַגע, און ערשט איז אָנגעקומען בראָנפן, איז פּלוצלינג אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכע שיקרעס, און אין דער וועלט

---

[1] Туган-Барановский. Русская фабрика в прошлом и настоящем. ч. I, стр. 45.

[2] Е. А. Тарле. Была ли екатерининская Россия экономически отсталой страной? Запад и Россия. Изд. «Былое». 1918 г. стр. 143.

[3] М. Н. Покровский. Ib. стр. 102.

[4] И. Г. Прыжов. История кабаков в России. стр. 221, 223.

פון פאָלקס־גלויבונגען איז אופגעקומען דער געשטאַלט פון יאַרילא דעם בראָנפן־גאָט, דעם גרויסרוסישן באַקכוס"[1].

אין ווייסרוסלאַנד איז נאָך איר באַהעפטונג צו רוסלאַנד דאָס פּראָפּינאַציע־רעכט ווי אין גאַנץ רוסלאַנד אָפּגעגעבן געוואָרן, דורך צוויי אוקאַזן פון 1772 און 1782 י., צו די גוטבאַזיצערס; דערביי בלייבן די אַלע שענקען אַף זייערע ערטער, און אַף נייע דאַרף מען באַקומען אַ דערלויבעניש פון די גובערנאַטאָרן, וועלכע דאַרפן אַכטונג געבן, אַז די שענקען זאָלן זיין לעבן די גרויסע וועגן און לעבן די קלויסטערס (אָט ווי ס'איז געווען דער צוזאַמענשלוס צווישן מאַטעריעלן און אידעישן בראָנפן!). אין די שטעט זיינען איינגעפירט געוואָרן פּאַכטן, און עס פלעגן זיי דינגען די מאַגיסטראַטן. די מאַגיסטראַטן האָבן געצאָלט אין קאַזנאַ ניט ווייניקער ווי 1,50 רובל פון יעדן מאַן, וואָס איז איינגעשריבן אין נעפּאַשעס־רייסטער. דער אוקאַז פון 1783 יאָר האָט געלאָזן די רעכט צו פּראָדוצירן און פאַרקויפן בראָנפן אין די קאַזיאָנע ישוּווים — דער קאַזנאַ, אין די גוטבאַזיצערשע ישוּווים — די גוטבאַזיצערס, אין די שטעט — די מאַגיסטראַטן.

מיט דער פאַרגרעסערונג פון דער ניט־לאַנדווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג און מיט דער אַנטוויקלונג פון גוראַלניעס וואַקסן מעשוגענערווייס די ברויט־פּרייזן, און צוזאַמען דערמיט פאַרשטאַרקט זיך דער הונגער. באַ אַזוינע באַדינגונגען ווערט ברויט ניט ווייניקער לוינבאַר, ווי יעדע אַנדערע סכוירע. די אינטענסיווע לאַנדווירטשאַפט אין די גיטער הייבט אָן ווידער איינשלינגען די איבערפליסיקע באַפעלקערונג. מיט דער העכערונג פון די ברויט־פּרייזן הערן אוף די אַלערליי ליבעראַלע ריידערייען ניט נאָר וועגן באַפרייען די פּויערים, נאָר אַפילו וועגן אָפּשוואַכן דעם יאָך פון לייבקנעכטשאַפט.

דער שנעלער וווקס פון אויסערלעכן האַנדל — ער גיט אויך אַ פאַרשטעלונג וועגן דער אַנטוויקלונג פונעם האַנדלס־קאַפּיטאַל. די סומע פון עקספּאָרט און אימפּאָרט האָט אין די 90־ער יאָרן באַטראָפן באַ 63 מיליאָן רובל אַ יאָר (440 מיליאָן פאַרמילכאָמעדיקע), מיט אַן אַקטיוון באַלאַנס פון 16½ מיליאָן. מיט וואָס פאַר אַ שנעלן טעמפּ ס'איז געוואַקסן דער עקספּאָרט, קען מען זען דערפון, וואָס פון די 60־ער—70־ער יאָרן ביז די 90־ער, ד. ה. אין עטלעכע און צוואַנציק יאָר האָט זיך דער רוסלענדישער עקספּאָרט קיין אויסלאַנד פאַרגרעסערט פון 13,8 מיליאָן ביז 39,6 מיליאָן, ד. ה. קימאַט אין דריי מאָל. דערביי האָט זיך די פּראָצענט־פאַרהעלטעניש פון די עקספּאָרט־אָביעקטן אויך געביטן. ס'איז קלענער געוואָרן דער עקספּאָרט פון ברויט און פון אינדוסטריעלע סכוירעס, ס'איז גרעסער געוואָרן דער עקספּאָרט פון פּיצוכט־פּראָדוקטן (פעטס, כאַזערהאָר) און פון פּראָדוקטן פון דער באַאַרבעטנדיקער אינדוסטריע (אייזן, געהילץ)[3].

לעסאָף, איז איינער פון די גרעסטע פאַקטאָרן פון דער אַנטוויקלונג פונעם האַנדלס־קאַפּיטאַל — די שנעלע פאַרברייטערונג פון דער מעלוכע־טעריטאָריע. גלייכצייטיק מיט דער צעטיילונג פון פּוילן, וואָס דאָס האָט רוסלאַנד געגעבן ווייסרוסלאַנד, ליטע, וואָלין און פּאָדאָליע, האָט רוסלאַנד באַקומען קורלאַנד, איינגענומען נאָוואָראָסיע, קרים, און די רוסישע באַפעלקערונג האָט גענומען ברייט קאָלאָניזירן די ניט־רוסישע געגנטן אין דאָרעם־מיזרעך פונעם אייראָפּעישן רוסלאַנד, אין סיביר און מיטל־אַזיע[4]. די טעריטאָריע־פאַרברייטערונג, אַליין אַ רעזולטאַט פונעם וווקס פונעם האַנדלס־קאַפּיטאַל, וואָס ציט אַריין אין זיין ווירקונג נייע געגנטן, האָט ניט געקענט, פון איר זייט, ניט מיטהעלפן דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פונעם האַנדלס־קאַפּיטאַל, אַדאַנק דעם גרעסערן וווקס פון דער באַפעלקערונג, דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון די געאָגראַפישע און די ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען און דער פאַרלענגערונג פון דער ברעג־זאָגנע.

---

1 Ib., стр. 223.
2 Ib., стр. 203.
3 Рожков. Русская история в сравнительно историческом освещении, т. VII, стр. 41.
4 Ib., стр. 6.

שוין אַפן סמאַך פונעם ביז אַהער געזאָגטן, קען מען קומען צום אויספיר, אַז לעהייפּעד צו דער דאָמינירונג פונעם סאָכרישן קאַפּיטאַל אין פּעטערס צייטן, האָט איצט דאָמינירט דער אַדעליקער קאַפּיטאַל. דערויף זאָגט איידעס אי דער כאַראַקטער פון דער עקספּלואַטאַציע פון דער איבערפּליסיקער באַפּעלקערונג, אי די אָביעקטן פון עקספּאָרט קיין אויסלאַנד, אי די אינטענסיפיצירונג פון דער פּריצישער פּאַנשטשינע-ווירטשאַפט, אי די אומגעהייערע בראָנפן-האַכנאָסעס. נאַטירלעך, אַז צוזאַמען מיטן וווּקס פונעם אַדעליקן האַנדלס-קאַפּיטאַל איז געוואַקסן דער אַדעליקער ערדבאַזיץ, געוואָקסן אַפן כעשבן פון מעלוכישע ערדן, פון די ליקווידירטע קירך-ערדן, פון די אָפּגענומענע בא די זאַפּאָראָזשצעס, פון די איינגענומענע נאָוואָראָסיער און קרימער ערדן. יעקאַטערינע II און פּאַוועל I האָבן אָפּגעגעבן די אַדל-לייט העכער 1,1 מיליאָן דעסיאַטין ערד צוזאַמען מיט זייער באַפּעלקערונג, די מעלוכישע פּויערים[1] צו יענער צייט האָט זיך שוין פאַרענדיקט די סעקולאַריזאַציע פונעם קלויסטערש-מאָנאַסטירישן און בישאָפישן ערדבאַזיץ, אָט דאָס רעשטל מיטל-אַלטערלעכער פעאָדאַלער ווירטשאַפט. די געוועזענע קירכישע גיטער זייענען געוואָרן מעלוכישע, צוזאַמען מיט זייערע פּויערים, וואָס האָבן באַקומען דעם נאָמען עקאָנאָמישע[2]. מיט דער פאַרגרעסערונג פונעם אַדעליקן ערדבאַזיץ איז געוואַקסן די לייבקנעכטישע באַפּעלקערונג. זי איז געוואַקסן, אי ווייל צוזאַמען מיט די מעלוכישע ערדן זייענען אַריבערגעגאַנגען אין רעשוס פון די גוטבאַזיצער די מעלוכישע פּויערים, אי ווייל לייבקנעכטשאַפט איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַף מאַלאָראָסיע (אוקראַינע) און נאָוואָראָסיע, אי ווייל ס'זייענען פאַרלייבקנעכטעט געוואָרן די „היימלאָזע“ (гулящие люди). דעם העכסטן וווּקס פון דער לייבקנעכטישער באַפּעלקערונג קען מען באַמערקן אין סאָף 18 יאָרהונדערט. אויב פאַר דער צייט אַן ערעך פונעם 1725 ביזן 1763 איז איר וווּקס היפּש אָפּגעשטאַנען פונעם וווּקס פון דער גאַנצער באַפּעלקערונג (27% קעגן 46%), איז זי פאַר די ווייטערדיקע 20 יאָר (1763 ביז 1783) אויסגעוואַקסן אַף 63%, בייס די גאַנצע באַפּעלקערונג איז אויסגעוואַקסן נאָר אַף 40%[3]. דידאָזיקע ציפערן אילוסטרירן בעסער ווי אַלץ די אַנטוויקלונג פון דער לייבקנעכטישער ווירטשאַפט און דעם קלאַסן-כאַראַקטער פונעם האַנדלס-קאַפּיטאַליזם, וואָס איז אויסגעוואָקסן אַפן באַזיס פון אָט דער ווירטשאַפט.

דער אַדעליקער האַנדלס-קאַפּיטאַליזם איז געווען דער עקאָנאָמישער באַזיס פאַר דער הערשאַפט פונעם אַדל — דעמדאָזיקן דאָמינירנדיקן שטאַנד אין דער מעלוכע. די זעלבסטהערשונג פונעם XVIII און פונעם אָנהויב XIX יאָרה. איז געווען אַ פּאָליטישער רעזומע פון דער עקאָנאָמישער הערשאַפט פון די גוטבאַזיצער. דעריבער איז, ווען די זעלבסטהערשונג פלעגט זיך אָפּנייגן פון פאַרטיידיקן די אַדעליקע אינטערעסן, פלעגן פאָרקומען הויף-רעוואָלוציעס. אַזאַ איז געווען די פאַרשווערונג קעגן פּאַוועלען. אַזאַ פאַרשווערונג האָט געדראָט אַלעקסאַנדער דעם I-טן אויך, ווען ער האָט נאָכן טילזיטער שאָלעם-אָפּמאַך געשלאָסן מיט נאַפּאָלעאָנען אַ בונד, וואָס איז געווען זייער ניט-פּאָפּולער אין די אַדלשע קרייזן, און נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט „אויסגעגליכט“ זיין אויסערלעכע פּאָליטיק דורך דער ענגלישער אָריענטאַציע, ווי ס'איז געפעלן געווען דעם אַדל, האָט ער ניט געהאַט פּאַוולס פּסאַק.

אַ יורידישער אויסדריק פון דער פּאָליטישער הערשאַפט פונעם אַדל איז געווען דער „פּריווילעגיע-קסאַוו“ (жалованная грамота) פון 1785 י. דערדאָזיקער קסאַוו האָט באַפרייט דעם אַדלשטאַנד פון אָבליגאַטאָרישער מעלוכע-דינסט, פון קערפּערלעכע באַשטראָפונגען, פון פּערסאָנאַלע שטייערן. אַן אַדלמאַן האָט געקענט באַשטראָפט ווערן פאַר אַ פאַרברעכן נאָר לויטן געריכט פון זיינע גלייכע, ד. ה. פון אַדל-לייט. דער „קסאַוו“ האָט פאָרמולירט זיינע פאַרמעגן-רעכט ניט נאָר בענוגע באַזיצן גיטער מיט פּויערים, דערהוערבן, לאָזן זיי ביערושע און זיך שאַפן מיט זיי, נאָר אויך בענוגע עפענען פאַבריקן און זאַוואָדן, יאַרידן,

[1] Ib., стр. 45.
[2] Ib., стр. 46.
[3] Ib., стр. 7—8

פּאַרקויפן סכוירע קיין אויסלאַנד. אויסערדעם זיינען זייער אויספירלעך רעגלאַמענטירט זיינע קאָרפּאָראַטיווע רעכט אין דער ספערע פון זעלבסטפאַרוואַלטונג.

אָבער לעבן דעם אַדלשטאַנדישן האַנדלס-קאַפּיטאַל האָט פאַרנומען אַ געווים אָרט דער סאָכרישער קאַפּיטאַל אויך.

אויבן האָבן מיר גערעדט וועגן דער סאָכרישע פאַבריק. אָבער סאָכרישער האַנדל איז אויך געווען זייער אַנטוויקלט. דאָס סאָכרימטום פון צאַפּן האָט געהאַנדלט מיט רויכוואַרג. די וואָלאָגדער סאָכרים האָבן געפירט אין דער צווייטער העלפט XVIII יאָרה. אַ מיסכער מיט כינע אַף 800 טויזנט אַ יאָר[1]. אין אָרענבורגער געגנט האָבן פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט דער טראַנזיצקער און דער אָרענבורגער יאַרידן[2]. אין געגנט פון דער נידער-וואָלגע זיינען די קאָמערציעלע הויפּט-צענטרען געווען אַסטראַכאַן און טשאָרני-יאַר, מיט פיש-פאַנגעריי, וואָס האָט נעהערט צו סאָכרים[3]. די דעראָבערונג פון נאָוואָראָסיע האָט געעפנט אַ ברייטן וועג פאַרן אויסערלעכן און אינערלעכן האַנדל. דער אימפּאָרט פון אויסלענדישע סכוירעס דורך די פּאָרטן פון דעם שוואַרצן און דעם אַזאָווער יאַמים איז אויסגעוואָקסן פון 1776 ביז די 90-ער יאָרן אין 8½ מאָל, און דער עקספּאָרט קימאַט אין 4 מאָל[4]. סלאָבאָדסקאַיאַ אוקראַינע האָט פאַרמאָגט 6 גרויסע יאַרידן — 4 אין כאַרקאָוו און 2 אין סומי — מיט אַ גרויסן האַנדלס-אומזאַץ[5]. אין דניעפּער-אוקראַינע האָבן געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָליע אין מיסכער פּאָלטאַווע, קיעוו און באַזונדערס ניעזשין. פון ניעזשין פלעגט מען שיקן די אוקראַינישע פּראָדוקטן צו דער מייַרעוו-גרענעץ. קרעמענטשוק און פּאָלטאַווע זיינען געווען די צענטרען פון דער סאָכרישער טעטיקייט פון ייִדן, טאָטערן, גריכן, גרוזינער. קיין גרויסרוסלאַנד פלעגן די אוקראַינער סאָכרים צושטעלן פי[6]. די גוטבאַזיצערשע בראָנפן-ברענעריי האָט אויך ניט ווייניק מיטגעהאָלפן דעם סאָכרישן האַנדלס-קאַפּיטאַל. לעבן דעם מאָנאָפּאָליסט אַף בראָנפנברענעריי, דעם אַדלמאַן, איז אויסגעוואָקסן די פיגור פונעם מאָנאָפּאָליסט אַף בראָנפן-פאַרקויף, דעם סויכער.

„פון 1795 יאָר, — שרייבט דער היסטאָריקער פון די שענקען אין רוסלאַנד, — איז ענדגילטיק באַשטעטיקט געוואָרן איין סיסטעם פאַכט פאַר דער גאַנצער אימפּעריע, אופגעשטעלט לויטן סויכער קאַנדילינצאָווס פּראָיעקט, וואָס איז דערלאַנגט געוואָרן יעקאַטערינען. לויט דער סיסטעם האָבן די בראָנפן-פאַכטער גענומען פאַר זיך אַכויץ דער האַכנאָסע פון מאַשקאָעס-פאַרקויף די האַכנאָסע פון שפּייז-פאַרקויף אין די שענקען“[7]. ווען ס׳איז איינגעפירט געוואָרן די מאָנאָפּאָל פון די פאַכטער, איז פאַרווערט געוואָרן קרעטשמעריי. „דאָס גאַנצע לאַנד איז פאַרפולט געוואָרן מיט „קאָרטשאָמנע“ צו פאַרפאָלגן די קרעטשמע-אייגנטימער, און די פאַרפאָלגונג פלעגט אָפטמאָל אָננעמען דעם כאַראַקטער פון אַן עמעסער מילכאָמע, מיט האַריגעס און פאַרוווּנדונגען. די מיליטערישע און אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען זיינען מעכויעוו געווען צו העלפן דעם פאַכטער אין אַלץ און קוידעמקאָל אין כאַפּן קרעטשמע-אייגנטימער“[8]. דער פאָדריאַטשיק און דער ליפעראַנט האָבן דערגאַנצט אָט דעם פאָן פון דער שטאָטישער גרויס-בורזשואַזיע.

נאָך דער שטאָטישער גרויס-בורזשואַזיע האָט פאַרנומען אַן אָרט די קליין-בורזשואַזיע, וואָס איז באַשטאַנען פון הענדלער, קוסטאַרן און באַלמעלאָכעס. אויב קוסטאַרעריי, וואָס האָט זיך געהאַלטן אַף ניט-פרייער מי, האָט אַרויסגעבראַכט די לייבקנעכטלעכע פאַבריק, האָט די עקזיסטענץ גופע פון דער פאַבריק אַף דער טעכנישער באַזע פון מאַנופאַקטור געמוזט ברענגען דערצו, זי זאָל צעפאַלן ווערן אַף קוסטאַר-באַשעפטיקונגען. צוזאַמען מיטן קוסטאַר האָט עק-

[1] Ib., стр. 22.
[2] Ib., стр. 25.
[3] Ib., стр. 26.
[4] Ib.. стр. 27.
[5] Ib., стр. 30.
[6] Ib., стр. 32—33.
[7] И. Г. Прыжов. История кабаков в России, стр. 223.
[8] Ib., стр. 224.

זיסטירט אַ באַלמעלאָכע, וואָס האָט געאַרבעט אַף באַשטעל. דעם גוטבאַזיצערס געלט־ווירטשאַפט האָט ארויסגערופן האַנדלס=באַציִונגען מיט אַנדערע שיכטן פון דער געזעלשאַפט. געהאַנדלט האָט גיט נאָר דער אַדלמאַן און דער סויבער, — דער קוסטאַר און דער פויער אויך. מיט קוסטאַרעריי איז געווען צונויפגעבונדן האַנדל, און דער אָפּגאַנג פונעם צינז=פליכטיקן פויער צו נים=לאַנדווירטשאַפטלעכע באַשעפטיקונגען האָט געשטיצט דעם פויערשן האַנדל אין שטאָט אויך.

אין העסקעם מיט אָט די האַנדלס=קאַפּיטאַליסטישע באַציִונגען פון יעקאַטערינעס צייט האָט זיך געפונען די שטאַנדן=אָרדענונג. אויב דער „פריווילעגיע=קסאַוו דעם אַדל“ איז געווען אַ פרייהייט=כאַרטיע פונעם הערשנדיקן קלאַס, האָט דער „פריווילעגיע=קסאַוו פאַר די שטעט“, אַרויסגעגעבן גלייכצייטיק מיטן ערשטן, רעגולירט די לאַגע פונעם שטאָט=שטאַנד. דער „קסאַוו אַף רעכט און פּראָפיטן פאַר די שטעט פון דער רוס׳שער אימפּעריע“ טיילט זיך אַף צווי טיילן: אַף מאַקאָנעס וועגן שטעט און סטאַטוס וועגן צעכן. דער „קסאַוו פאַר די שטעט“ טיילט די שטאָטישע באַפעלקערונג אַף אַזעלכע 6 מינים: 1) עמעסע שטאָטישע איינוווינער, 2) איינגעשריבענע אין ·גילדיעס, 3) איינגעשריבענע אין צעכן, 4) אַנדערשטאָטישע און אויסלענדישע געסט, 5) אָנגעזעענע בירגער, 6) פּאָרשטאָט=לייט[1]. די פּערזענלעכע רעכט און די פאַרמעגן=רעכט פון די שטאָטישע איינוווינער זייִנען רעגולירט געווען אַף אַזאַ אויפן: זיי האָבן געמעגט איבערגעבן ביערושע די פּערזענלעכע און שטאַנדישע רעכט; זייִנען פריי געווען פון אויסערגעריכטלעכער באַשטראָפונג פאַר פאַרברעכנס, וואָס פירן צו פאַרלירן דעם גוטן נאָמען, דאָס לעבן אָדער פאַרמעגן אָדער וואָס פירן צו קערפּערלעכער באַשטראָפונג; האָבן געמעגט הערווערבן, פאַרפרעמדן און זיך שאַפן מיט פאַרמעגן, און האָבן, לעסאָף, געהאַט קאָרפּאָראַציע־רעכט און זעלבסטפאַרוואַלטונג, אונטער דער האַשגאָכע און קאָנטראָל פון דער אַדמיניסטראַציע. אין העסקעם מיטן שטאַנד=גייסט זייִנען די רעכט צווישן פאַרשיידענע „מינים“ געווען פאַרטיילט ניט גלייך. דעהיינע, די סאָכרים און די אָנגעזעענע בירגער האָבן אַכוץ די אויסגערעכנטע רעכט נאָך געהאַט די רעכט זיך אויסקויפן פון סאָלדאַטן, אָנעמען פּאָדריאַדן, האַלטן פאַכט, גרינדן פאַבריקן און זאַוואָדן און אַז. וו. די אַנטוויקלונג פון האַנדלס=קאַפּיטאַליסטישע באַציִונגען האָט געבראַכט צו אַ געוויסער אַנטקנעכטונג פון די שטאָט=איינוווינער — זיי האָבן באַקומען רעכט אַריבערפאָרן פון איין שטאָט אין אַ צווייטער, נאָר מעשטשאַנעס — בלויז אין די גרענעצן פון דער גובערניע. אָבער אָט די פרייהייט פון אַריבערפאָרן איז גיט כאַל געווען אַף דאָרפישע יִשוּווים. נאָך פריער, אין 1782 יאָר, איז אַרויס אַ באַפעל: אַריבערזעצן אין שטעט די סאָכרים און מעשטשאַנעס, וואָס וווינען אין די אויעזדן — אַ פאַקט, וואָס האָט, ווי מיר וועלן ווייטער זען, געהאַט פאַטאַלע רעזולטאַטן פאַר דער יִדישער באַפעלקערונג.

דער דריטער, דער סאַמע גערדריקטער שטאַנד איז געווען דאָס פויערטום; איבעריקס, דאָס דאַרף זיין קלאָר הערפון אַליין, וואָס פאַר אַ הערשנדיקע לאַגע ס׳האָט פאַרנומען דער אַדל. דער 18=ער יאָרהונדערט, באַזונדערס זיין צווייטע העלפט, איז דער קולמיניר=פונקט אין דער פאַרקנעכטונג פונעם פויערטום. אַ ריי געזעצגעבערישע אַקטן פון דער ערשטער העלפט 18=טן יאָרהונדערט נעמט אָפּ בײַ די פויערים זייערע פערזאָן= און פאַרמעגן=רעכט. די צווייטע העלפט יאָרהונדערט פאַרענדיקט דעם פּראָצעס. לויטן אוקאַז פונעם 1760 יאָר באַקומען די גוטבאַזיצער רעכט צו פאַרשיקן זייערע פויערים קיין סיביר אַפילע פאַר קליינע כאַטאָים, ווי גנייווע און שיקרעס[2]. און דער אוקאַז פונעם 1765 יאָר דערלויבט שוין אָפּגעבן זיי, דורך דער אַדמיראַלטייקאָלעגיע, אַף קאַטאָרגע=אַרבעט, פאַר אַ „ווידערשפעניקן צושטאַנד“ (по продерзостному состоянию)[3]. דער אוקאַז פון 1767 יאָר פאַרווערט די פויערים אָנצוקלאָגן די גוטבאַזיצער, און פאַר איוועך זיין הערויף קומט עפנטלעכע שמיץ=באַשטראָפונג און פאַרשיקונג קיין נערטשינסק

[1] Полное собрание законов. № 16188.
[2] Полное собрание законов, XV, № 11166
[3] Ib., XVII, № 12311.

אויף קאַטאָרגע [1]. דער גוטסבאַזיצער איז געווען יורידיש באַשרענקט נאָר אין רעכט איבערן לעבן פון זײַנע פּויערים, כאָטש ס'זײַנען געווען פּרוּוון אָפּצושאַפן אַפילו אָט די באַגרענעצונג אויך. אָבער די רעכט צו באַשטראָפן קערפּערלעך און צו פּײַניקן די פּויערים האָט פאַרוואַנדלט דעם באַרבאָט אין אַ פיקציע. דער פּראָצעס פון דער באַרימטער סאַלטיטשיכע, וואָס האָט געפּײַניקט אירע פּויערים, האָט זיך אָנגעהויבן 21 מאָל. ווען דעם איניען האָט שוין באַטראַכט די יוסטיץ-קאָלעגיע, זײַנען די אָנקלאָגערס, די לײַבקנעכט, באַשטראָפט געוואָרן לויטן באַפעל פונעם סענאַט מיט שמיץ. געריכט-איניציאַטיוו און מוטשעניש אין די גוטסבאַזיצערישע איניציאַטיוו-קעלערס זײַנען געווען אַ שטייגער-דערשײַנונג און פלעגן דערפירן די קאָרבאָנעס פון גוטסבאַזיצערישן ווילקיר ביז זעלבסטמאָרד.

אַן ענטפער אויף אָט דעם גוטסבאַזיצערישן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן דרוק זײַנען געווען די פּויערישע באַוועגונגען און צום סוף פּוגאַטשאָווס גראַנדיעזער אויפשטאַנד. לײַבקנעכטישע פּויערים זײַנען געווען דער גרונט-קערן פון אָט דעם אויפשטאַנד. ער האָט פאַרכאַפּט די יאַיקער קאַזאַקן און די אַרבעטער פון די באַרגזאַוואָדן, וואָס האָבן באַזאָרגט די פּוגאַטשאָווצעס מיט גוטער אַרטילעריע. ווען דער אויפשטאַנד איז דערשטיקט געוואָרן, איז אָנגעקומען אַ פינסטערע רעאַקציע, וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס פײַגן-בלעטל פון אויפגעקלערטן ליבעראַליזם.

אָט דאָס איז געווען דיווירטשאַפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג אין רוסלאַנד צו דער צײַט, ווען די ייִדן זײַנען אַריבער אין רוסישער אונטערטאַנשאַפט.

באַם שײַן פון די דאַטן וועט אונדז גרינגער זײַן זיך צו אָריענטירן אין דער ייִדן-פּאָליטיק פון יעקאַטערינעס רעגירונג.

אַלס באַשטימטע סיסטעם האָט זי זיך קוידעמקאָל געהאַלטן לויט די אינטערעסן פונעם אַדלשטאַנד, פונעם הערשנדיקן און רעגירנדיקן קלאַס. אָבער דערפון קען מען נאָך ניט דרינגען, אַז זי האָט געהאַט אַ באַשטימטע אײנהייטלעכקייט פון געזעצגעבערישע מאָסמיטלען. אַפילו די אינטערעסן פונעם אַדלשטאַנד האָבן ניט געקענט דיקטירן איין באַשטימטע קאָנסעקווענטע ליניע. איין טייל ערדבאַזיצער האָט זיך גענוציקט אין די ייִדישע אַרענדעס און בראָנפן-ברענעריי, אַ צווייטער טייל האָט זיך ניט נאָר בלויז ניט גענוציקט אין זיי, נאָר האָט אין דער ייִדישער בראָנפן-ברענעריי אײַנגעזען אַן אַטענטאַט אויף דער אַדלשטאַנדישער פּראָפּינאַציע-מאָנאָפּאָל. האָט דעריבער איין טייל ערדבאַזיצער געפאָדערט, מע זאָל די ייִדן אַרויסטרײַבן פון דערפער און שטעטלעך, און אַ צווייטער טייל, באַזונדערס די אייגנטימער פון שטעטלעך, האָט מיט אַזאַ מאָסמיטל ניט געקענט מאַסקים זײַן, ווײַל זיי וואָלטן אָנגעוואָרן די האַכנאָסעס און אָפּצאָלן פון די ייִדן. קאָנפעסיאָנעלע מאָטיוון, רעשטן פון דער אַלטער פעאָדאַלער אָרדענונג, וווּ די קירך האָט געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָליע, האָבן אַנטשפּראָכן דער אַלטער טראַדיציאָנעלער ייִדן-פּאָליטיק, אָבער די זעלביקע קאָנפעסיאָנעלע מאָטיוון האָבן ניט זעלטן געדינט פאַר אַן אידעאָלאָגישן שלייער פאַר אַזעלכע יורידישע באַגרענעצונגען, וואָס די אינטערעסן פון דער אָדער יענער סאָציאַלער גרופּע האָבן אַרויסגערופן.

וואַקלונגען אין דער געזעצגעבונג האָבן זיך גענומען פון דער ווירקונג פון אַן אַנדער קלאַס, וואָס האָט שוין געהאַט אַ געוויסע סאָציאַל-פּאָליטישע וואָג — די שטאָטישע בורזשואַזיע. ניט די לעצטע ראָליע אין אַזעלכע וואַקלונגען האָבן געשפּילט די ספּעציפישע פאָדערונגען פון די אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע קויכעס, סײַ אַדלשטאַנדישע, סײַ מעשטשאַנישע, וואָס מיט זיי פלעגט זיך די ייִדישע באַפעלקערונג אַמערסטן צונויפשטויסן, אָבער אָט די פאָדערונגען האָבן זיך אויסגעבילדעט בײַ אַנדערע געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען, בײַ אַן אַנדער פּאָליטישער אָרדענונג. זיי זײַנען ניט שטענדיק צונויפגעפאַלן מיט די פאָדערונגען פון אַנאַלאָגישע גרופּעס אין רוסלאַנד, אַמאָל אַפילו געגאַנגען לעהייפּעך צו זיי.

ווייניקער פון אַלץ דאַרפן מיר זוכן אַ דערקלערונג אין דער פּערזענלעכקייט פון דער קייסערינע אַליין און פון אירע נאָכפאָלגער. איבער די זיגזאַגן און וואַקלונגען פון דער פּאָלי-

[1] Ib., XVIII, № 12966.

טיק שטייען געווײנטלעך אַסאַך ייִדישע היסטאָריקער פֿאַרן ניסאָיען צוצוגעבן אַ צו גרויסן ווערט דעם פּערזענלעכן קאַפּריז. אָבער אייגנטלעך מאַסקירט ער נאָר די פֿאַרשיידנקייט פֿון די באַדינגען, וואָס האָבן באַווירקט די אַלגעמיינע ריכטונג פֿון דער רעגירונגס־ייִדן־פּאָליטיק. נאָר אַז מיר וועלן נעמען אין אַכט דעם קאָמפּלעקס מאַטעריעלע פֿאַקטאָרן, די פֿאַרשיידנקייט פֿון אינטערעסן, וועלן מיר האָבן אַ שליסל צו פֿאַרשטיין אי די סיסטעם אַליין, אי די ווייכונגען פֿון איר.

די הויפּט־יעסוידעס פֿון דער רעגירונג־פּאָליטיק האָבן זיך באַרוט אַף די אינטערעסן פֿונעם אַדלשטאַנדישן האַנדלס־קאַפּיטאַל. אָט די אינטערעסן האָבן געפֿאָדערט קוידעמקאָל אַ צענטראַליזירטע מאָנאַרכיע מיט אַן אַנטוויקלטן ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט. ווען די מעלוכע האָט זיך פֿאַרברייטערט, ווייל ס'זיינען צוגעקומען אומגעהייערע טעריטאָריעס, און ווען די ראַנד־געגנטן האָבן זיך גענומען קאָלאָניזירן, איז נויטיק געווען, אַז אַלע פֿעלקער, וואָס גייען אַריין אין באַשטאַנד פֿון דער רוסלענדישער אימפּעריע, זאָלן זיך אַסימילירן. בענויגייע ייִדן האָט די מעלוכע־מאַכט דורכגעפֿירט די זעלביקע גרויסמעלוכישע פּאָליטיק. אָבער די ייִדן זיינען געווען אַדאַנק אַ גאַנצע ריי סאָציאַל־היסטאָרישע סיבעס, רעליגיעז־קולטורעל אָפּגעפֿרעמדט פֿון דער אַרומיקער באַפֿעלקערונג, און די קאָהאָל־אָרדענונג האָט פֿאַרוואַנדלט די ייִדן, אין אַדמיניסטראַטיווער הינזיכט, אין אַ באַזונדער „שטאַנד“, — דאָס האָט געשאַפֿן פֿיל מעניעס פֿאַר דער רוסיפֿיקאַטאָרישער פּאָליטיק. דעריבער האָט זי זיך די ערשטע צייט ניט אַנטוויקלט מיט אַזאַ טעמפּ. זי האָט דערווייל געלאָזן אָן אַ זייט אי דעם ייִדישן שטייגער, אי די טראַדיציאָנעלע דערציִונג. זי האָט געפּרוּווט אָנטאַפּן אַנדערע וועגן. זי האָט קוידעמקאָל אָנגערירט די אַדמיניסטראַטיווע איינאָרדענונג פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. אָבער צו דער קאָהאָל־רעפֿאָרמע האָט די רעגירונג געמוזט צוגיין זייער פֿאָרזיכטיק. דער קאָהאָל האָט פֿאַרשטאַרקט די פֿאַרשלאָסנקייט פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, דאָך האָט ער, אונטער דער האַשגאָכע פֿון דער נייער מאַכט, נאָך אַלץ עקזיסטירט, ניט נאָר אַלס רעליגיעזע געמיינדע, נאָר אַלס בירגערלעכע אויך. אין געשטאַלט פֿונעם קאָהאָל האָט די רעגירונג באַקומען פֿון פּוילן אַ ברייטן, גוט פֿונקציאָנירנדיקן אַפּאַראַט אַף איינצומאָנען שטייערן. אָפּגעבנדיק דעם קאָהאָל די פֿונקציע צו מאָנען שטייערן, האָט די רעגירונג איינגעשטעלט אַן אַלגעמיין־קעגנזייטיקע אָרוועס, און מעמיילע איז שוין יעדער קאָהאָל־מיטגליד געווען פּערזענלעך אָפּהענגיק פֿון דער קאָהאָל־פֿאַרוואַלטונג. קיינער האָט ניט געטאָרט אַוועקפֿאָרן, בייטן זיין וווינאָרט אָדער נעמען אַן אַרענדע אָן אַ פּאַס פֿונעם קאָהאָל. צוזאַמען מיט פֿינאַנציעלע און אַדמיניסטראַטיווע פֿונקציעס האָט דער קאָהאָל געלאָזן פֿאַר זיך אויך די געריכטלעך־באַשטראָפֿערישע פֿונקציע אין רעליגיעזע און ציווילע איניאָנים צווישן ייִדן (אַכוץ־וועקסל־איניאָנים). אַזוי אַרום האָט דער קאָהאָל, נאָכדעם ווי די ייִדן זיינען אַריבער אין רוסישער אונטערטאַנשאַפֿט, נאָך אַלץ געדינט פֿאַר אַ געצייג צו דריקן די ייִדישע האָרעפּאַשנע מאַסן.

אָבער באַ די אַנטוויקלטע האַנדלס־קאַפּיטאַליסטישע באַציִונגען האָט די ייִדישע פֿאַרשלאָסנקייט ניט געקענט פֿאַרבלייבן אין איר פֿולער מאָס. אויב די רעגירונג האָט זיך ניט געקענט באַשליסן אינגאַנצן אָפּצושאַפֿן דעם קאָהאָל, האָט זי דאָך, פּאַראַלעל מיט אים, איינגעשלאָסן די ייִדן אין די אַלגעמיינע שטאַנד־אָרגאַניזאַציעס און אונטערגעוואָרפֿן זיי אונטערן אַלגעמיינעם געריכט. בענויגייע צום געריכט איז עס ניט געווען אינגאַנצן קיין נייס, אַף וויפֿל אין אייניקע איניאָנים איז נאָך פֿאַרבליבן די גוטבאַזיצערישע יוריסדיקציע. מיטן אוקאַז פֿונעם 1786 י. האָט דער סענאַט איינגעפֿירט, אַז ייִדן זאָלן אונטערגעוואָרפֿן זיין אין די שטעט אונטערן מאַגיסטראַטישן געריכט און אין די אויעזדן — אונטערן געריכט פֿון די ראַטושעס, אַזוי אַז די קאָמפּעטענץ פֿונעם קאָהאָל איז פֿאַרשמעלערט געוואָרן ביז בלויז רעליגיעזע איניאָנים [1].

[1] Полное собрание законов, XXII №16391. В. Леванда. Полный хронологический сборник законов и положений, касающихся евреев, СПБ 1874.

אַ וויכטיקן באַטייט האָבן אויך געהאַט די נאָמענטלעכע באַפעלן פונעם 7-טן יאַנוואַר 1780 און פונעם 10-טן מאַרט 1781, וואָס האָבן דערלויבט די ייִדן זיך איינשרייבן אין [illegible]ריש שטאַנד. די ייִדישע סאָכרים האָבן געדאַרפט צאָלן באַגלייך מיט די רוסישע 1% פונעם קאַפּיטאַל[1]. און זיינען באַפרייט געווען פון קאָפּ-שטייער (подушная подать). האָט געגעבן אַ געוויסע מעגלעכקייט אָפּצושוואַכן דעם קאָהאָל-דרוק און האָט געגעבן אַ קלאַפּ דער אַלטער טראַדיציאָנעלער אָנשווינג, אַז ייִדן זיינען אַ פאַרשלאָסענער שטאַנד, אָפּגעטיילט מיט אַ כינעזישער וואַנט פון דער איבעריקער באַפעלקערונג. עמעס, אויסנוצן אָט די פּריווילעגיע האָט געקענט נאָר אַ קליינער טייל, דער פאַרמעגלעכער טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. די ייִדישע בורזשואַזיע האָט אויסגענוצט ברייט די רעכט זיך צו פאַרשרייבן פאַר סאָכרים.

אַסאַך וויכטיקער איז געווען דאָס, וואָס פאַר דער גאַנצער איבעריקער ייִדישער מאַסע האָט זיך געעפנט אַ מעגלעכקייט זיך צו פאַרשרייבן אין מעשטשאַנישן שטאַנד. די פאַרטיילונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג צווישן די צוויי שטאַנדן איז, זייענדיק אַן אויסדריק פון דער אַנטוויקלונג פון די האַנדלס-קאַפּיטאַליסטישע באַציונגען, געווען אַ געוויסער שריט פאָרויס צו באַפרייען זיך פונעם קאָהאָל-דרוק. איינגמאָנען דעם פּראָצענט-אָפּצאָל האָט געהערט צו די מאַגיסטראַטן און ראַטושעס, ד. ה. צו די אָרגאַנען פון דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, און די ייִדישע סאָכרים זיינען געווען אין זייער רעשום. וואָס אָנבאַלאַנגט די מעשטשאַנעס, איז האַנגאַם דער קאָהאָל פלעגט נאָך אַלץ איינמאָנען בא זיי קאָפּ-אָפּצאָל און פלעגט אַריינטראָגן אין קאַזנאַ, דאָך זיינען זיי אויך אַריין אין דער קאָמפּעטענץ פון די מאַגיסטראַטן און ראַטושעס.

מע טאָר אָבער ניט פאַרגעסן, אַז דער רוסישער האַנדלס-קאַפּיטאַל איז געווען אַן אַדל-שטאַנדישער, און די פּריווילעגיע זיך צו פאַרשרייבן אין מעשטשאַנישן אָדער סאָכרישן שטאַנד האָט מיטן צווייטן עק דערלאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ יענער מאַסע שטעטלדיקער און דאָרפישער ייִדישער באַפעלקערונג, וואָס אירע אינטערעסן זיינען געקומען אין אַ קאָנפליקט מיט די אינטערעסן פון אַ טייל אַדל. אויבן האָבן מיר געזאָגט, אַז די צעטיילונג פון פּוילן האָט געשאַפן אַן איבערפלוס פון ייִדישע אַרענדאַרן. אַזוי אַרום איז צווישן די ייִדישע אַרענדעס און די פאַרבונדענע מיט זיי בראַנפן-ברענעריי, קרעטשמעריי און שענקעריי פון איין זייט און די אינטערעסן פון אַ טייל גוטבאַזיצער פון דער צווייטער — אַרויסגעקומען אַ ווידערשפּרוך. אַף דעם באָדן ווערט שוין אין יעקאַטערינעס צייט געמאַכט אַ פּרוּוו אַרויסצוטרייבן די ייִדן פון די דערפער, וואָס האָט שפּעטער, אין אַרטיקל 34 פון די טאַקאָנעס פון 1804 יאָר, באַקומען אַ געזעצגעבערישע סאַנקציע. פאָרמעל האָט דער גיירעש געהאַט אַ יורידישע מאָטיווירונג, נאָר ניט פאַרבונדן מיט ספּעציעלער רעכט-באַגרענעצונג פון ייִדן.

דער „פּריווילעגיע-קסאַוו פאַר די שטעט“ פון 1785 יאָר האָט, ווי ס'איז אויבן געזאָגט, געגעבן די שטאָט-איינוווינער דאָס רעכט אַריבערצוגיין פון שטאָט אין שטאָט. אָבער אַף דאָרפישע ייִשוּווים איז עס ניט כאַל געווען. זיך צושרייבנדיק צום סאָכרישן און מעשטשאַנישן שטאַנד, האָבן זיך די ייִדן פאַרוואַנדלט אין אַ „שטאָטישן“ שטאַנד, כאָטש פאַקטיש איז די מערהייט פאַרבליבן וווינען אין דערפער און שטעטלעך. דערמיט האָבן זיי שוין פאַרלאָרן די רעכט צו וווינען אין דערפער און שטעטלעך. דאָס איז געווען די פאָרמעלע זייט פון דער פראַגע. אין דער ייִדישער ליטעראַטור גיט מען איר צו אַ צו גרויסן ווערט, מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אָט די יורידישע רעגלאַמענטאַציע פלעגט געבראָכן ווערן פאַר רוסישע סאָכרים און מעשטשאַנעס אויך. אַ פּשיטע שוין, אַז ס'איז געווען שווער אָנווענדן זי צו די ייִדן, וואָס האָבן פון לאַנגאָן געוווינט מאַסנווייס אין דערפער. די מאַכט האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז די יורידישע עטיקעטע אַנטשפּרעכט ניט אינגאַנצן דערווירקלעכקייט. אָבער דאָס, וואָס מע האָט אויפגענומען אַלס ווידערשפּרוך צווישן געזעץ און פּראַקטיק, איז אינדערעמעסן געווען אַ ווידערשפּרוך צווישן די אינטערעסן פון די ייִדישע אַרענדאַרן און די גוטבאַזיצער. קאָלזמאַן אָט דער אינטערעסן-קעגנזאַץ האָט זיך ניט פאַרשאַרפט, פלעגט דערגיין נאָר צו אַדמיניסטראַטיווע טשעפּעניש און

---

[1] Полное собрание законов, XX № 14962, XXI № 15130 п 1; Леванда, ib.

צו פרוּוון פון גיירושים, וואָס פלעגן ניט באַקומען קיין סאַנקציע פון דער צענטראַלער מאַכט. דערפאַר איז, ווען די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע פון ווייסרוסלאַנד האָט באַפוילן די יידן פאַרלאָזן די דערפער און שטעטלעך, און די יידן האָבן זיך געקלאָגט פאַר יעקאַטערינען, אַז זיי „ווערן רוּיִנירט דורך דעם, וואָס מע צווינגט זיי זיך אַריבערזעצן אין די שטעט אַריין“, — האָט דער רעגירנדיקער סענאַט אין אוקאַז פון 7 מאַי 1786 געהייסן:

„די יידן, וואָס האָבן זיך איינגעשריבן פאַר סאָכרים און מעשטשאַנעס און וווינען אין שטעטלעך און דערפער, זאָל מען ניט צווינגען זיך באַזעצן פאַר דער צייט אין שטעט, אַדראַבע, ניט פאַרווערן זיי, ווען זיי האָבן איינגעצאָלט יעדער איינציקער די שטייערן, זיך צו פאַרנעמען אין די אויעזדן מיט געשעפטן און אַרבעט, מיט דער דערלויבעניש פון דער געמיינדע, לויט אַרויסגעגעבענע פאַספּאָרטן, באַזונדערס, ווען אין די שטעט איז פאַר זיי ניטאָ קיין פרייע פלעצער אַף בויען הייזער, און ס׳איז נאָך אומבאַוווּסט, צי קענען זיי אַלע קריגן פאַרנאָסע אין די שטעט. אויסערדעם איז דאָך אין געזעץ ניט פאַרווערט די האַנדלס־לייט צייטווייליק פאַרלאָזן זייערע שטעט, אַבי נאָר זיי זאָלן צאָלן אַקוראַט די אָפּצאָלן, וואָס זייַנען אַף זיי אַרופגעלייגט“ [1].

אַזוי אַרום איז איבער דעם, וואָס ניט אַלע יידן, וואָס מע האָט געזאָלט אַרויסטרייבן, האָבן נעקענט געפינען אין די שטעט פרייע ערטער, — האָט מען צוגעטראַכט פאַר די רעכט פון יידן צו וווינען אין דערפער אַ נאָמען: צייטווייליק פאַרלאָזן די שטעט. די ניטלאָגישקייט דערפון האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן. עס האָט זיך געהאַנדלט ניט וועגן צייטווייליק פאַרלאָזן די שטאָט (ווּ זיי האָבן גאָר קיינמאָל ניט געוווינט), נאָר וועגן פאַרבלייבן אין די אַלטע וווינערטער. אָבער דאָס יורידישע דריידל האָט באַטייט — נאָכגעבן אַ געווויסן טייל גוטבאַזיצער; און אַ געוויסן זינען איז עס געווען אַ רעזולטאַט פון נויטווענדיקייט.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַרויסטרייבן יידן פון דערפער און שטעטלעך איז געשטאַנען די פראַגע וועגן יידישער בראַנפּן־ברענעריי. ווי ס׳איז אויבן אָנגעוויזן, איז לויטן אוקאַז פון 1783 יאָר די רעכט פון בראַנפּן־מאָנאָפּאָל פאַרטיילט געוואָרן צווישן קאַזנאַ, די מאַגיסטראַטן און די גוטבאַזיצער. דער אוקאַז האָט באַ די יידן, אַלס אַזעלכע, וואָס געהערן ניט צו קיין איינער פון די קאַטעגאָריעס, אָפּגענומען די רעכט אַף בראַנפּנברענעריי. פאַקטיש האָבן אי די מאַגיסטראַטן, אי די גוטבאַזיצער געמעגט פון זייער נאָמען אָפּגעבן די בראַנפּנברענעריי אין אַרענדע צו פריוואַטע פערזאָנען, אַלזאָ אויך יידן. הייסט עס, דאָ האָט זיך אויך געהאַנדלט ניט אַזוי וועגן יורידישער רעגלאַמענטאַציע, ווי וועגן פאַקטישער קויכעס־פאַרהעלטעניש. פאַר איין טייל גוטבאַזיצער — די, וואָס האָבן ניט אָפּגעגעבן זייערע גיטער אין אַרענדע און האָבן אַליין געברענט בראָנפּן — איז דער ייד דער אַרענדאַר און דער קרעטשמער געווען אַ שעדלעכער פאַרשפּרייטער פון שיקרעס צווישן דער פויערשער מאַסע און, דעריקער, אַ שטערער פון זייער פראָפּינאַציע־מאָנאָפּאָל; פאַר דעם צווייטן טייל אָבער — די, וואָס האָבן געהאַט האַכנאָסע פון אָפּגעבן די יידן אין אַרענדע זייערע גיטער אָדער די בראָנפּנברענעריי — האָט ניט געלוינט, מע זאָל פאַרווערן די יידן זיך פאַרנעמען מיט בראַנפּן־ברענעריי. אָט די ווירקונגען האָבן זיך עס אָפּגעשפּיגלט אין דעם, וואָס דער אויבנדערמאָנטער סענאַטישער אוקאַז פון 7־טן מאַי 1786 האָט אָפּגעשאַפט די אַדמיניסטראַטיווע פאַראָרדענונג פונעם ווייסרוסלענדישן גענעראַל־גובערנאַטאָר באַסעק וועגן פאַרווערן די גוטבאַזיצער צו פאַרדינגען די יידן די בראַנפּן־ברענעריי.

„דעם פאַרבאָט (שרייבט דער סענאַט), וואָס דער ה׳ גענעראַל־גובערנאַטאָר און די... נאַמעסטניטשעסקע פאַרוואַלטונגען האָבן אַרופגעלייגט אַף די גוטבאַזיצער — דעם פאַרבאָט צו פאַרדינגען אין זייערע דערפער די גוראַלניעס און די קרעטשמעס צו יידן... — אָפּשאַפן, נאָר... לאָזן די גוטבאַזיצער די פולע פרייהייט צו שאַפן זיך אין זייערע דערפער און יישוּווים אָן קיינע מעניִעס, דעריקער דערפאַר, וואָס אַלע די, וואָס זיי לוינט בעסער צו פּראָדוצירן עס (בראַנפּן) דורך זייערע אייגענע מענטשן, וועלן סיי ווי אָן קיין שום פאַרבאָט ניט דינגען קיין זייטיקע אָדער

[1] Полное Собрание Законов XXII № 16391, цит. по В. О. Леванде, ib.

ניט פאַרדינגען צו זייטיקע; און אויך אַכטונג געבן אַף די פויערים, אַז זיי זאָלן פון אָט דער בראַנפנברענעריי ניט אַריינפאַלן אין אַ צעלאָזן לעבן, ניט אַוועקפאַטערן זייער האָב־און־גוטס און ניט אַוועקגיין פון אַרבעט, — זייענע מעכויעווו די אייגנטימער אַליין, סיי צוליב געזעלשאַפט־לעכן, סיי צוליב זייער אייגענעם נוצן"[1].

דאָך זיינען שפּעטער אויך געווען פּרוּוון צו פאַרווערן ייִדן ברענען בראָנפן—און אין שטייבעס דערמיט — צו פאַרווערן וווינען אין דערפער און שטעטלעך. דערזעלביקער ווייסרוסלענדישער גענעראַל־גובערנאַטאָר פּאַסעק האָט דעם 27 סענטיאַבער 1795 פאַרגעשריבן די מאָלעווער און פּאָלאָצקער גובערניע־פאַרוואַלטונגען, „אַז קיינער, וואָס האָט קיין רעכט ניט אַף בראַנפנברענעריי, דעהיינע ייִדן, זאָל זיך דערמיט בעשומויפן ניט פאַרנעמען, און קיינער פון די אַדל־לייט זאָל ניט דערלויבן, צום שאָדן פאַר אַנדערע, פאַר זיך אַליין און צום מערסטן פאַר די פויערים, אַז ייִדן זאָלן ברענען בראַנפן פון זיין נאָמען אין זיינע גוראַלניעס; וואָרעם לויט זייער סאָכרישן שטאַנד דאַרפן זיי זיך פאַרנעמען מיט דערלויבטן האַנדל, און די, וואָס זיינען איינגעשריבן פאַר מעשטשאַנעס, דאַרפן וווינען אין די שטעט, ווו זיי זיינען צוגעשריבן, און זיך באַשעפטיקן מיט פאַרשיידענע מעלאָכעס און האַנט־אַרבעט, וואָס דורך דעם וועלן זיך די שטעט פאַרגרעסערן און קומען אין אַ בעסערן צושטאַנד, און די פויערים וועלן פּאַטער ווערן פון אַזעלכע מענטשן, וואָס ריידן זיי איבער צו שיקערן און רוינירן זיי נאַר"[2].

אַף דעם סמאַך האָבן די פּאָלאָצקער און מאָלעווער גובערניע־פאַרוואַלטונגען פאַראָרדנט די אונטערשטע זעמסקע געריכטן, זיי זאָלן הייסן די ייִדן, וואָס וווינען אויסער די שטעט, פאַרלאָזן די דערפער און שטעטלעך, אָבער דאָ איז אויסגעקומען זיך צוזאַמענשטויסן מיט דער אומצעפרידנקייט פון די גוטבאַזיצער, די אייגנטימער פון די שטעטלעך, וואָס וואָלטן געהאַט גרוים העזעק, ווען מע זאָל פון דאָרטן פאַרטרייבן די ייִדן. דעריבער האָט דער ווייסרוסלענדישער גענעראַל־גובערנאַטאָר דעם 15 יאַנוואַר 1796 י. „דערקלערט", אַז זיין פאַראָרדענונג איז ניט כאָל אַף די שטעטלדיקע איינוווינער — זיי מעגן בלייבן אין די שטעטלעך, „פונדאָסניי אָבער זאָל מען בעשומויפן ניט דערלאָזן די ייִדן, וואָס וווינען אין די דערפער און אין קרעטשמעס באַ די וועגן, זיך באַזעצן אין שטעטלעך, נאָר זיי זאָלן זיך באַזעצן אין די שטעט, ווו זיי זיינען צוגעשריבן, אָדער ווו זיי וועלן זיך וועלן צושרייבן, געבנדיק זיי פאַר אַ טערמין אַף זיך איבערקלייבן אַ יאָר צייט"[3]. אָבער אין דער פאַראָרדענונג פונעם 21 נאָיאַבער 1796 איז דער טערמין פאַרלענגערט געוואָרן נאָך אַף 1½ יאָר, קעדיי „אויסצומיידן די פאַרמערונג פון שטייער־כויוועס", וואָס וואָלט געבראַכט צו רוינירונג פון די אַרויסגעטריבענע. אַזוי אַרום האָבן די דאָרף־ייִדן צו האַרבסט 1798 געדאַרפט פאַרלאָזן זייערע אַלטע וווינערטער.

וויאַזוי האָט אופגענומען אַ טייל פון דער רוסישער געזעלשאַפט אָט די „טויוועס" פונעם אַרטיקן סאַטראַפּ, קען וויזן אַן אָדע, וואָס עס האָט געלייענט אַ לערער איוואַן סאָקאָלסקי לעקאָוועד פּאַסעקס באַזוך אין פּאָלאָצקער פאָלק־שול. איין סטראָפע פון דעם ליד איז געווידמעט די ייִדן:

דער ייִד, וואָס האָט אָנגעוואָרן ציען,
געפינט דאָ אַ צווייטן ציען;
גליקלעך מיט דיין שוץ,
האָט ער פאַרגעסן די רוימישע רעדיפעס;
ער האָט פאַרגעסן די טיראַניי פון די לוזיטאַנער,
פאַרגעסן די שלעכטקייט פון די קאַסטילאַנער;
רויִק געוואָרן, זעט ער אין דער מאַלקע
אַ באַפרייער פון גאָלעס,

[1] Полное собрание законов, ib.
[2] Бершадский. Положение о евреях 1804 г. Восход 1895 г, кн. 6, стр. 38.
[3] Ib. стр. 40.

### וואָס ער האָט געליטן אין גאָר דער וועלט,
### און דיך האַלט ער פאַר אַ זרובאָוועל [1]

דער „זרובאָוועל“ אָבער האָט זיך טאַקע ניט דערוואַרט אַף קיין רייכע פרוכט פון זיינע פאַראָרדענונגען, וואָרעם אַפילע ווען ס'איז שוין אַוועק דער לעצטער טערמין, האָבן זיך די יידן נאָך זייער אין אַ קליינער צאָל איבערגעקליבן אין די שטעט. די פראַגע וועגן יידישע בראַנפנברענעריי איז אופגעשווומען נאָכאַמאָל, אָבער שוין ניט דורך אָרטיקער איניציאַטיוו, נאָר אין פאַרבינדונג מיט דער רעוויזיע פונעם סענאַטאָר איליינסקי, וואָס איז קאָמאַנדירט געוואָרן קיין ווייסרוסלאַנד צוליב דער „געשוויל־קרענק“, וואָס האָט זיך דאָרטן באַוויזן אַפן באָדן פון זאַלץ־מאַנגל. דער רעוויזאָר האָט צוגעשריבן דעם מאַנגל אין שפּייז־פּראָדוקטן דער יידישער בראַנפנברענעריי און האָט געווענדעט דעם סענאַטס אופמערקזאַמקייט דערויף, אַז די יידן „באַנוצן פאַרשיידענע טערוצים און שפּיצלעך צו רוינירן די פּויערים“. וויבאַלד אַזוי, האָט דער סענאַט, אין אוקאַז פון 19 מאַרט 1800 י., געפאָדערט פונעם ווייסרוסלענדישן ציווילן גובערנאַטאָר אַ דערקלערונג, אַף וואָס פאַר אַ סמאַך פאַרבלייבן די יידן ווינען אין די אויעזדן. מע דאַרף פאַרצייכענען, אַז פון יורידישן שטאַנדפּונקט האַלט די מאָטיווירונג פון דעם סענאַטס אָנפראַגע קיין שום קריטיק ניט אויס. פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט פון דער אָנפראַגע נעמט דער סענאַט זיין אוקאַז פונעם 31 יאַנוואַר 1783 י., צעשיקט צו אַלע גובערניע־פאַרוואַלטונגען, וועגן באַזעצן אין די שטעט די סאָחרים און מעשטשאַנעס, וואָס ווינען אין די אויעזדן. דער דאָזיקער אוקאַז איז ניט אויסן געווען ספּעציעל די יידן, אַדעראַבע, לויטן שפּעטערדיקן, אויבנדערמאָנטן, סענאַטישן אוקאַז פון 7 מאַי 1796 י. איז די פאַראָרדענונג אַף יידן ניט כאַל געווען. דאָך האַלט דער סענאַט, אַז „דאָס (ד. ה. דער אוקאַז פון 7 מאַי 1796 — באַ בערשאַדסקין איז אַ גרייז — 21 יאַנוואַר 1786) האָט זיי פונדעסטוועגן ניט פאַרווערט זיך איבערקלייבן אין שטעט, און יענע יידן, וואָס זיינען ניט אַריין אין סאָחרישן און מעשטשאַנישן שטאַנד, האָבן אויך ניט די פרייהייט אַרומצוואָגלען, צום שאָדן פאַר דער געזעלשאַפט, נאָר זיי דאַרפן זיך אויך אויסקלייבן אַ לעבן־אויפן אַפן סמאַך פון די געזעצן, וואָס זיינען וועגן דעם אַרויסגעגעבן, און זיך פאַרשרייבן אָדער אין די שטעט, אָדער אין די יישובים, ווער וואָס פאַר אַ לעבן־אויפן ס'וועט זיך וועלן אויסקלייבן“ [3] דאַכט זיך, אַז דערפון, וואָס די יידן איז „ניט פאַרווערט“ זיך איבערקלייבן אין די שטעט, איז נאָך ניט געדרונגען, אַז זיי מוזן עס טאָן, און דערפון, וואָס אַנדערע האָבן זיך נאָך ניט פאַרשריבן פאַר סאָחרים און מעשטשאַנעס, איז נאָר געדרונגען, אַז זיי דאַרפן אין אַזאַ צושטאַנד ניט פאַרבלייבן און דאַרפן זיך צושרייבן צו איינעם פון די צוויי שטאַנדן. דעריבער מאַכט דער רעזאָלוטיווער טייל פונעם סענאַטישן אוקאַז אַן איינדרוק פון אַ געוויסער אומדערוואַרטקייט — דער רעזאָלוטיווער טייל, וואָס פאָדערט פונעם ווייסרוסלענדישן ציווילן גובערנאַטאָר אַ דערקלערונג, פאַרוואָס פאַרבלייבן די יידן אַדאַיעם אין די אויעזדן, און וואָס פאַר אַ פאַראָרדענונג האָט געמאַכט די גובערניע־פאַרוואַלטונג, אַפן סמאַך פונעם דערמאָנטן סענאַטישן באַפעל, וועגן אַריבערזעצן פון די אויעזדן אין די שטעט די איינגעשריבענע פאַר סאָחרים און מעשטשאַנעס“.

אַלס ענטפער אַף דער סענאַטישער אָנפראַגע איז פונעם ציווילן גובערנאַטאָר אָנגעקומען אַ גרויסער באַריכט, אָבער דער סענאַט האָט שוין ניט באַוויזן אָנצונעמען אַ באַשלוס, וואָרעם די אַלגעמיינע באַטראַכטונג פון דער יידן־פראַגע איז שוין איבערגעגעבן געוואָרן צום קאָמיטעט אַף אויסאַרבעטן טאַקאָנעס וועגן די יידן, וועלכער איז קאָנסטיטוירט געוואָרן פאַר אַלעקסאַנדער I [4].

---

[1] Еврейская Старина VII, 1914 г. стр. 500.
[2] Бершадский. Ib., стр. 4—37.
[3] Ib., стр. 37.
[4] Ib., стр. 44.

אַזוי אַרום האָט זיך די פּראַגע וועגן ייִדישער קרעטשמעריי און שענקעריי פֿאַרצויגן. דאָס וואָס ס׳האָט זיך ניט איינגעגעבן צו ליקווידירן אָט די סאָציאַלע „מיעסע קרענק“, וואָס די שליאַכטע האָט אָנגעקלעפּט די ייִדן, נעמט זיך ניט דערפֿון, וואָס ס׳האָט געפֿעלט אַנטשלאָסנקייט. גראָד אין דער הינזיכט דאַרף מען זיך ניט קלאָגן אַף יעקאַטערינעס און אירע נאָכפֿאָלגערס ביוראָקראַטיע. אָבער בײַ די געזעלשאַפֿטלעכע באַדינגען פֿון יענער צייט איז עס געווען אַ פּראָבלעם וועגן דער קוואַדראַטור פֿון אַ קרייז. בײַ יענע אומגעהייערע רעוואָכים, וואָס קאַזנאַ, דער אַדל און די פּאַכטער פֿלעגן באַקומען, פֿלעגט אַפֿילע אַן אומשולדיקע פֿריידיקונג קענען שיקרעס טייער קאָסטן. די גוטבאַזיצערשע בראַנפֿנבערענעריי און די גוטבאַזיצערשע פּאָסעסיע זיינען געווען אַ סיאַמער צווילינג פֿון דער לייבקנעכטישער געזעלשאַפֿט. דעריבער האָט זיך געהאַנדלט נאָר ניט וועגן דעם, מע זאָל פֿאַרניכטן צי כאָטש אָפּשוואַכן די שיקרעס, נאָר בלויז וועגן דעם, צי מעג דער ייִד פּאַראַלעל מיטן גוטבאַזיצער פֿאַרשפּרייטן שיקרעס צווישן די פּויערים אָדער דאָס איז אַ פּעסטע מאָנאָפּאָל פֿונעם „אַדעלן שטאַנד“. בײַ אַזעלכע באַדינגען איז דער קאַמף מיט ייִדישער שענקעריי ניט געגאַנגען אַף דער ליניע פֿון אָפּשוואַכן דאָס סאָציאַלע בייז, נאָר ס׳איז געווען אַ קאַמף מיט דער ייִדישער קאָנקורענץ און פֿלעגט די גאַנצע צייט פֿאַרבונדן ווערן מיטן רעכט צו וווינען אין דערפֿער און שטעטלעך. אָבער גראָד דאָ האָבן זיך צום שאַרפֿסטן צונויפֿגעשטויסן די אינטערעסן פֿון צוויי גוטבאַזיצערשע גרופּעס.

אַ צווייטע פּראַגע, וואָס איז אויך געווען אַ פּויעל־יויצע דערפֿון, וואָס די ייִדן זיינען אַריבערגעגאַנגען אין מעשטשאַנישן און סאָכרישן שטאַנד, — איז די פּראַגע וועגן זייער באַמייליקונג אין די אָרגאַנען פֿון זעלבסטפֿאַרוואַלטונג. אָבער די פּראַגע מוז זיין אַן אָביעקט פֿון אַ באַזונדערער באַטראַכטונג.

מ. א. לוריע

# מאטעריאליסטישע פראגן צו דער עוואָליוציע פון דער ייִדישער רעליגיע

דער פלאַץ, וואָס די רעדאַקציע האָט מיר געגעבן אין מיין רעשום, דערלויבט מיר ניט אויסצושעפּן די פראַגן, וואָס ווערן באַהאַנדלט אין דעמדאָזיקן אַרטיקל, און איך וועל זיך מוזן באַנוגענען בלויז מיט אויפשטעלן די פּראָבלעמען. נויטיק איז אָבער צו שטעלן דידאָזיקע פראַגן, וואָס ווערן אַרויסגערוקט אין דעם אַרטיקל, שוין אַפילע צוליב פּראַקטישע טײמים: אונדזער ייִדישע סטודענטנשאַפט סיי פון די אוניווערסיטעטן, אַזוי אויך פון די קאָמוניסטישע הויכשולן און די פעדטעכניקומס האָבן קיין שום מאַטעריאַל ניט אַפן געביט פון דער אַלטער ייִדישער געשיכטע, וואָס מוז דערלייכטערן אויך דאָס פאַרשטיין אַזוינע קורסן ווי „די געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען“. באַמיען מיר זיך דאָך טאָמער דעמדאָזיקן קורס פאַרבינדן ענג מיט דער אייגענער געשיכטע. באַהאַנדלען וויל איך דאָ אייניקע פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכעס מיט דער עוואָליוציע פון דער ייִדישער רעליגיע, וואָרעם די רעליגיע איז — קווידעמקאָל אין דער אַ ל ט ע ר צ י י ט — אַ שטיק פון דער גאַנצער אידעאָלאָגיע איבערהויפּט.

---

פאַר די פראַגן, וואָס מיר שטעלן דאָ, איז ניט וויכטיק, צי די ייִדן זיינען געווען אין מיצראַיִם צי ניט. קיין היסטאָרישע דאָקומענטן פאַר דעם האָבן מיר ניט, און אַפן סמאַך פון די עלטסטע דאָקומענטן זיינען מיר פאַרקערט באַרעכטיקט צו ענטפערן אַף דערדאָזיקער פראַגע מיט: ניין. וואָרעם דאָס ערשטע מאָל, ווען מיר געפינען אין די עגיפּטישע אַנאַלן דערמאָנט די „ישראלים“ (ייסריילים), איז די צייט פון קיניג מערנעפּטא (19־טע דינאַסטיע, אַן ערעך 1225 פאַר אונדזער צייטרעכענונג). און דאָ ווערט דערציילט, בעדערעך־אַגעוו, פון אַ קאַמף, וועלכן דערדאָזיקער קיניג האָט געפירט אין פּאַלעסטינע מיט ייסראָעל (ישראל). וייטער זעען מיר אין דער באַרימטער קאָרעספּאָנדענץ פון טעל־על־אַמאַרנאַ (אין דער צייט פון אַמענאָפיס III און IV, 18־טע דינאַסטיע, אַן ערעך 1375—1415), אַז די עגיפּטישע וואַסאַלן פון סיריע און פּאַלעסטינע — אין דער צייט האָט זיך סיריע און פּאַלעסטינע געפונען אונטער דער הערשאַפט פון מיצראַיִם — בעטן מיליטערישע הילף באַם קיניג פון מיצראַיִם, וייל זייער לאַנד שטייט אין סאַקאָנע צו ווערן איינגענומען פון וואַנדערנדיקע מאַכנעס און שוואָטים, וואָס הייסן גאַז און האַ ב י ר ו. געשריבן זיינען דידאָזיקע בריוו אין באָוועלשער פּלעקל־שריפט און לויט דער טראַנסקריפּציע איז דאָס באָוועלשע וואָרט „האַבירו“ דאָסזעלביקע, וואָס דאָס העברעאישע „עברים“. די טעאָלאָגן, וואָס לייקענען דאָס, וייסן זייער גוט דעם טאַם, פאַרוואָס זיי טוען דאָס: דורך דעם גופע ווערט צעשטערט ווי אַ קאָרטן־שטיבל די גאַנצע לעגענדע פון „מיצראַיִם“ און בעמיילע אויך פון דעם „מאַטן־טוירע“ אַפן באַרג סיניי א. א. וו.

זיינען אָבער די ייִדן ניט געקומען אין קיין שום באַרירונג מיט מיצראַיִם, איז פון וואַנען איז געבליבן אַזוי לעבעדיק אין זיקאָרן פונעם פאָלק דאָסדאָזיקע לאַנד? דידאָזיקע פראַגע איז געוויס אַ באַרעכטיקטע, ביפראַט ווען אַזוינע האַרטנעקיקע זיכרוינעס פון אַ פאָלק מוזן טאָמיד האָבן אַ וועלכן־עס־איז היסטאָרישן אָנהאַלט.

ערשטנס, איז דער טערמין די „ייִדן“ פאַר דער דעמאָלטיקער צייט — אַן אַסבורד. און בעמיילע קען ניט זיין קיין רייד דערפון, אַז די „ייִדן“ זיינען געווען אין מיצראַיִם. דאָס ייִדישע פאָלק איז אַנטשטאַנען אין אַ מעשעך פון הונדערטער יאָרן, אַנטשטאַנען אין אַ פאַרביטערטן און לאַנג דויערנדיקן קאַמף צווישן די שוואָטים. און פאַרייניקט האָבן זיך דידאָזיקע שוואָטים

נאָר אונטערן דרוק פונעם אויסערלעכן פיינט. ווי שוואַך עס זיינען געווען די בענדער, וואָס האָבן צוזאַמענגעהאַלטן די שוואָטים פונעם דאָרעם מיט די שוואָטים פונעם צאָפן, איז דער בעסטער באַוויז דער פאַקט, אַז באַם ערשטן מער אָדער ווייניקער ערנסטן סיכסעך איז פאַנאַנדערגעפאַלן די איינהייטלעכע מעלוכע. ווייל דער דאָרעם האָט, סיי לויט זיין קולטור, סיי לויט זיין אידעאָ-לאָגיע, געהאַט אַ קנאַפּע שייכעס צום צאָפן.

קען דעריבער ניט זיין קיין רייד פון דעם, אַז די „יידן ביכלאַל“ זיינען געווען אין מיצראַיִם. אויב יאָ, זיינען געווען נאָר איינצלנע שוואָטים (אָדער אַן איינצלנער שייוועט), וואָס האָבן גע-פירט אַ וואַנדערן-לעבן צום דאָרעם פון יעהודאָ און, וואַנדערנדיק מיט זייער שאָף און זייערע רינדער נעבן די גרענעצן פון צאָפן-מיצראַיִם, האָבן דידאָזיקע שוואָטים געקענט גרייליך קומען אין באַריר מיטן שפּיץ פון דעמדאָזיקן לאַנד, וואָס הייסט גוישען, בי-פראַט ווען דערדאָזיקער געביט איז געווען ווי געשאַפן פאַר פיצוכט. דאָס האָט געקענט זיין דער שייוועט יאָסעף, וואָס האָט אַרומגעוואַנדערט אין דעמהאָזיקן געביט און וואָס האָט דערנאָך איבערגעגעבן דעם גאַנצן פאָלק די זיכרוינעס וועגן דעם. לאַנג אָבער האָבן דידאָזיקע נאָמאַדן אין גוישען ניט געקאָנט בלייבן, אַ ניט וואָלטן מיר געפינען פאַר דעם כאָטש אַ ווונק אין די עגיפּטישע מעקוירים. די עגיפּטישע אַנאַלן ווייסן אָבער פון קיין שום זאַך ניט. נאָך דעם, ווי די איינוווינער האָבן אַרויסגעטריבן די אַריינגעדרונגענע נאָמאַדן מיט זייערע סטאַדעס אָדער נאָך דעם, ווי די נאָמאַדן האָבן שוין וויסט געמאַכט דעם געביט פון גוישען, זיינען זיי אַוועק צוריק אין דער מידבער. אָט פאַרוואָס די אידעאָלאָגיע און דער רעליגיעזער גלויבן פון די עגיפּטער האָבן ניט געהאַט קיין שום האַשפּאָע אַף דער אידעאָלאָגיע און דעם גלויבן פון די „יידן“. וואָלטן די „יידן“ בעעמעס געווען אין מיצראַיִם, — ווער רעדט נאָך אַזאַ לאַנגע צייט! — וואָלט געווען מאַמעש אומבאַגרייפלעך, וויאַזוי די אידעאָלאָגיע פון די קנאַאַנים, פעניקיער, אַסירער, באַווילער און פערסן האָבן געהאַט אַזאַ שטאַרקן איינפלוס אַף דער אויסבילדונג פון דער יידישער אי-דעאָלאָגיע און דעם יידישן גלויבן — די געטער פון מיצראַיִם אָבער: אַמאָן און אָסירים, פּטאַ און האַטאָר א. א. וו. זיינען געשטאַנען אָן אַ זייט און ניט געהאַט קיין שום האַשפּאָע אַף יאַהווע! באַם פאַרענטפערן דידאָזיקע זעלבסטפאַרשטענדלעכע און עלעמענטאַרע פראַגע בלייבן מאַקע שטיין די אַפּאָלאָגעטן פון מיצראַיִם און ווייסן ניט, וואָס צו זאָגן.

איז קעדיי צו געפינען דעם שליסל פאַר די לעבנס-באַדינגונגען פון דעם אַלטן ייסראָעל, וויכטיק ניט די פראַגע מיצראַיִם, וואָס איז, אין בעסטן פאַל, היסטאָריש ניט צו דערווייזן אַף זיכער און וואָס בלייבט דעריבער פּראָבלעמאַטיש, נאָר די קאָנסטאַטירונג, אַז צוערשט האָבן די שוואָטים, וואָס האָבן געבילדעט שפּעטער די איינהייטלעכע יידישע מעלוכע, געפירט אַ לעבן פון נאָמאַדן. געוואַנדערט האָבן זיי פאַרן איינעמען דאָס קולטור-לאַנד פאַלעסטינע דערי-קער אין דער אַראַבישער וויסטע. אָט דאָ, אין דער מידבער, שטייט די וויג פון דעם פאָלק, און דאָ דאַרפן מיר אויך זוכן, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער עס האָט געהאַט די אידעאָלאָגיע פון דידאָזיקע שוואָטים.

פון קיין פּריוואַט-אייגנטום קען, פאַרשטייט זיך, אין דערהאָזיקער צייט ניט זיין קיין רייד. די הערשנדיקע באַזיץ-פאָרם איז די קאָלעקטיווע, דאָס איז די צייט פונעם אור-קאָמוניזם. דער קאָליעקטיוו — די פאַמיליע, מישפּאָכע און שייוועט — לעבט צוזאַמען, אָנגעפירט פון דעם עלטסטן. שטאַרבט דערדאָזיקער אָנפירער, — לעבט זיין אָנדענקן אין דעם קאָליעקטיוו ווייטער. מע הויבט אָן צו פאַרערן זיין גייסט. מע זעט אים אין שלאָף — און דאָס ווירקט שטאַרק אַף דער טפיסע פון דעם פרימיטיוון מענטשן. ער הויבט אָן פאַרערן דעם אָנדענק פון דעמדאָזיקן טויטן פירער, ווער רעדט, אויב דערדאָזיקער עלטסטער האָט געקעמפט מיט ערפאָלג קעגן אַנדערע שוואָטים, מיט וועלכע מע לעבט ווי סאָנים. אַזוי אַרום אַנטשטייט דער גלויבן אין דעם גייסט פון די פאַרשטאָרבענע: דער קולט פון די אָוועס. דאָס איז די אַלגעמיינע פאָרם באַם באַגין פון דער אידעאָלאָגיע באַ אַלע נאַטור-פעלקער.

באַ די יידן — מיר מוזן שוין געברויכן דעמדאָזיקן טערמין, וואָס איז פאַר דערדאָזיקער צייט, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, זייער פאַלש — האָט גראָד דער אינסטיטוט פון די עלטסטע

(פון די „זקנים“) געשפּילט די וויכטיקסטע ראָלע אין פאַרלויף פון דער גאַנצער געשיכטע אין
דער אַלטער צייט. דאָס דערקלערט זיך אָבער דעריקער דערמיט, וואָס אין יענעם פעריאָד, ווען
קיין מעלוכע=אָרגאַניזאַציע און קיין מעלוכע=אָרגאַנען זיינען נאָך ניט געווען, איז אויסגעקומען
דעם קאָליעקטיוו אַליין בייצושטיין פאַר זיך און פאַר אַלע זיינע אָנגעהעריקע, און אַזוי אַרום
ווערט אויסגעבילדעט דערדאָזיקער אינסטיטוט שוין אין דער נאָמאַדן=צייט. דער מינהעג פון
בלוט=נעקאָמע איז ענג פאַרבונדן מיטן גאַנצן לעבנשטייגער פון אַזאַ קאָליעקטיוו, וואָס מוז
אָפּהיטן אַלע זיינע מיטגלידער. אַף וויפל גראָד באַ די יידן איז געווען אַנטוויקלט דער מינהעג
פון נעמען נעקאָמע אין בלוט — איז באַוווּסט. די גאַנצע געזעצגעבונג באַזירט זיך אַף דעמדאָ=
זיקן פרינציפּ: אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן, איז נאָר דער לאָגישער פּויעליויצע
פון דערדאָזיקער טראַדיציע. דאָס אַלץ געהערט אָבער ענג צוזאַמען: אופצוהאַלטן דעם קאָ=
ליעקטיוו. עס איז אויך געווונטשן, אַז די קוואָרים פון די אָנגעהעריקע צו איין פאַמיליע אָדער
צו איין מישפּאָכע זאָלן זיך געפינען צוזאַמען, קעדיי די באַהעפטונג זאָל זיין אַ שטאַרקערע —
ראַק מאָמענטן, וואָס מיר געפינען שטאַרק אויסגעבילדעט באַ די יידן. מעקאַבער זיין מוז מען
די פאַטריאַרכן אין דער „מערת המכפלה“ — דאָס איז פאַר דעם דערציילער זעלבסטפאַר=
שטענדלעכקייט. אויך מוז מען וויסן, ווו עס געפינען זיך די קוואָרים פון יאָסעף, פון יעהוישואַ
און אייך פון אַנדערע קליינע ריכטער („יהושע“ 24, 30.32; „שופטים“ 2, 9; 10, 2.5;
12, 10.15).

דיהאָזיקע טראַדיציע פון פאַמיליען=קוואָרים באַ די יידן הענגט ענג צוזאַמען מיטן קולט
פון די אָוועס. און געפינט זיך די מעלוכע אין סאַקאָנע, גייט דער קיניג שאָול צו אַ קישעפמאַכערן
און באַשטעלט באַ איר, זי זאָל אַרויפברענגען דעם גייסט פונעם טויטן נאָווי שמועל. איז דע=
ריבער פאַרשטענדלעך, אַז מע מוז דעם גייסט פונעם טויטן פאַרגיטיקן — מע מוז אים ברענגען
קאָרבאָנעס. מיר דערוויסן זיך דערפון פון אַן אויסדרוק אין „דברים“, וואָס שטאַמט פונעם
7=טן יאָרהונדערט. דאָרטן ווערט אויסדריקלעך גערעדט, ווען מע דאַרף געבן מייסער, דעם
טויטן ווערט אין דעמדאָזיקן געזעץ פאַרבאָטן צו ברענגען קאָרבאָנעס, פון וואָס מיר זעען קלאָר,
אַז דערדאָזיקער מינהעג האָט נאָך געלעבט אין פאָלק („דברים“ 26, 14). דאָס אַלץ זיינען
די בעסטע באַווייזן פאַר דעם שאַרף=אויסגעבילדעטן קולט פון די אָוועס באַם אַלטן ייסראָעל.
דער מינהעג צו ברענגען דעם בכאָר, דעם ערשטגעבאָרענעם, פאַר אַ קאָרבן שטייט אָן סאָפעק
אין צוזאַמענהאַנג מיטן קולט פון די אָוועס. דערדאָזיקער קאָרבן דאַרף, אין אַ געוויסן פּראַט,
ברענגען די בסורע פאַר די פאַרשטאָרבענע: דער בוים ווערט ווייטער געפלאַנצט. בודדע*
מיינט, אַז אַפילע די „תרפים“ האָבן אַ דירעקטע שייכעס מיטן קולט פון די אָוועס; דאָס אייגענע
די „מילה“ אין איר ערשטער סטאַדיע. מיר האָבן אָבער ניט קיין באַווייזן פאַר דעם, און אַזוי
אַרום בלייבט דאָס ניט מער ווי אַ האַשאָרע. עס קען דעריבער ניט זיין קיין רייד פון אַ פ אָ ל ק ס=
ר ע ל י ג י ע אָדער פון פאָלקס=געטער אין דערהאָזיקער צייט, ווייל דאָס פאָלק אַלס אַזעלכעס
עקזיסטירט נאָך ניט. עס זיינען נאָר דאָ קאָליעקטיוון, וואָס הייסן מישפּאָכעס אָדער שוואָטים,
און די געטער פון דערדאָזיקער טקופע זיינען אויך נאָר געטער פון מישפּאָכעס אָדער פון שוואָ=
טים. דיהאָזיקע געטער מעגן האָבן אַפילע איין נאָמען, זייער מאַכט באַגרענעצט זיך אָבער אַף
אַ זייער קליינעם געביט פון איין שייוועט, און זיי האָבן ניט קיין שייכעס איינער צום אַנדערן.
מיר קענען זיי רוּיִק רופן ד י ס ט ר י ק ט = ג ע ט ע ר.

אַזוינע דיסטריקט=געטער זיינען געווען גענוג אויך באַ די יידן. זיי טראָגן אַלע דעם נאָמען
„אל“, ד. ה. „גאָטהייט“ ביכלאַל, און האָבן מיטן נאָמען „יאַהווע“, דעם אייגנטלעכן נאָמען
פונעם יידישן גאָט, קיין שום שייכעס ניט. „יאַקעוו איז אַוועק קיין שאָליים... וואָס אין קנאַאַן...
האָט אופגעשטעלט דאָרט אַ מיזבייאַך און געגעבן אים אַ נאָמען „אל, דער גאָט פון ייסראָעל“
(„בראשית“ 33, 18—20), אַ צווייט מאָל הייסט דערדאָזיקער מיזבייעד: „אל פון בית=אל“
(„בראשית“ 35, 7). אָדער מיר געפינען אַן אָרט אין דעם מידבער, וואָס הייסט „אל פון פאָראָן,

* Karl Budde. Die altisraelitische Religion, Giessen 1912, p. 35, 36.

וואָס אין מידבער" (בראשית 14, 6). און מיר וואָלטן געקענט דידאָזיקע ביישפּילן פאַרמערן אָן אַ שיר. אומעטום האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט קליינע לאָקאַלע געטער, וועמעס מאַכט=געביט איז זייער אַ באַגרענעצטער. דידאָזיקע דיסטריקט=געטער גיבן דאָס ראָוו זייער נאָמען אויך דעם שייוועט; אָדער ריכטיקער: פאַרקערט. אַזוינע גוט באַקאַנטע נעמען, צום ביישפּיל, ווי „ישמעאל", „ירחמיאל" — און „ישראל" גופע — אַלע האָבן זיי דעם סופיקס פון אַ גאָטהייט, אָבער ניט פון קיין באַשטימטער גאָטהייט. ערשט שפּעטער, ווען עס איז אַנטשטאַנען דער קאַמף פאַר דער אויבערהערשאַפט פון יאַהווע (נאָך ניט פאַר דעם מאָנאָטעיזם, דעם איינציקן גאָט ביכלאַל, נאָר ערשט פאַר דעם הענאָטעיזם, פאַר דעם אַליין=גאָט אין אַ באַשטימטן געביט) — ערשט דעמאָלט קעמפט יהוה קעגן דידאָזיקע גאָטהייטן. און ווי=ווייט לאַנד, פאָלק, שטאָט און גאָט זיינען צומאָל אידענטיש, ווייזט אָן מיט רעכט עדוואַרד מייער אַף אַשור: אַ נאָמען, וואָס האָט באַצייכנט צוגלייך פאָלק און גאָט, לאַנד און שטאָט *.

פאַראייניקן זיך איינציקע שוואָטים אָדער געביטן אין אַ בונד און זיי שאַפן אַן איינהייטלעכן פאַרבאַנד, איז דאָס אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַז אויך די גאָטהייטן פון די איינצלנע שוואָטים און געביטן שליסן זיך צוזאַמען אונטער דעם פאָרזיץ פונעם גאָט פונעם שטאַרקסטן שייוועט אָדער פונעם שטאַרקסטן געביט. דערדאָזיקער גאָט=פרעזידענט אַנעקסירט אין אַ מעשעך פון אַ געוויסער צייט די מאַכט=געביטן פון זיינע פריערדיקע קאָליעגן=געטער אָדער געטער=כאַווערים, און ער טראָגט אַף זיי אַריבער אויך זיין אייגענעם נאָמען, ד. ה. ער ווערט דער פּאַטראָן פונעם גאַנצן בונד אָדער פון אַלע שוואָטים און געביטן, וואָס גייען אַריין אין דעמדאָזיקן בונד. ווי דערדאָזיקער פּראָצעס האָט זיך אָפּגעשפּילט באַם צוזאַמענשליסן זיך פון מערערע יידישע שוואָטים, ווייסן מיר, עמעס, ניט גענוי, אָבער עס איז קיין סאָפעק ניט, אַז יאַהווע, דער שפּעטערדיקער גאָט פונעם גאַנצן פאָלק, איז לעכאַטכילע געווען דער גאָט נאָר פון איין מידבער=שייוועט און גיכער פאַר אַלץ ניט פון אַ „יידישן" שייוועט, נאָר פון דעם שייוועט קיני — „מוישעס שווער". נאָך דער פאַראייניקונג פון איינציקע שוואָטים איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן זיין נאָמען אויך אַף יענע שוואָטים, וואָס האָבן אים פריער ניט געקענט. דער בעסטער ביישפּיל פאַר אַזאַ מין פאַראייניקונג פון די געטער געפינען מיר אין גריכנלאַנד. אַז עס איז געגרינדעט געוואָרן דער יאָנישער בונד פון די אַטענער, איז צום אויבערשטן און איינציקן גאָט פון דעם גאַנצן בונד פּראָקלאַמירט געוואָרן אַפּאָללאָ פון דעלאָס, ניט געקוקט דערויף, וואָס די אַטענער האָבן פאַרערט זייער אייגענע געטין די פּאַללאַס אַטענע.

מיר האָבן געזעען, אַז באַם באַגין פון זייער געשיכטע האָבן די יידישע שוואָטים, אָדער די יידן, געפירט אַ לעבן פון נאָמאַדן, און אַז אויך זייער אידעאָלאָגיע טראָגט אַלע סימאָנים פון וואַנדערנדיקע שטאַמען. גערעדט האָבן מיר אָבער מער נ'ט ווי וועגן דעם קולט פון די אָוועס. מיר מוזן דעריבער זעען, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער דער גאָט יאַהווע האָט געהאַט אין דערדאָזיקער צייט פון דעם לעבן אין דער פרייער נאַטור און אין דער וויסטע.

דער אָלימפּ איז געווען דער הייליקער באַרג פון די גריכישע פעלקער. אַף אים האָט געהאַט זיין טראָן דער גאָט פון די געטער — צויס (אָדער זעווס). דאָס אייגענע איז געווען דער באַרג סיניי פאַר אַלע די שוואָטים און פעלקער, וואָס האָבן געוואַנדערט אַף דער האַלבאינזל סיניי — און ביכלאַל צווישן אַראַביע און פּאַלעסטינע. אַלזאָ ניט נאָר פאַר די יידישע שוואָטים איז געווען דערדאָזיקער באַרג הייליק, נאָר פאַר אַלע די, וואָס האָבן געלעבט אין דערדאָזיקער געגנט. אין געוואָרן דערהדאָזיקער באַרג סיניי דאָס ווין=אָרט פון דעם גאָט — דאָס נאַטירלעכסטע, וואָס עס האָט נאָר געקענט זיין. באַווייזט זיך דאַן דער גאָט קוידעמקאָל אין דער געשטאַלט פון פייער — ער ווערט דער וואָלקאַן=גאָט. „און דער באַרג סיניי האָט זיך גערויכערט דער גאַנצער, ווייל יאַהווע איז אַף אים אַראָפּ אין פייער"... און יאַהווע האָט גערעדט מיט אייך פון דעם פייער אַרויס" („שמות" 19, 18; „דברים" 4, 12). אַזוי אַז געוויטער ווערט די פאָרם פון דער אַנטפּלעקונג פון יאַהווע, דער דונער ווערט זיין שטימע. און באַווייזט ער זיך צום ערשטן מאָל פאַר

* Ed

מוישען, קומט דאָס אויך פאָר דורך דעם ברענענדיקן דאָרן. פייער און רויך („עמוד האש“ און „עמוד הענן“) זיינען די אומפּאַרמיידלעכע אַטריבוטן פון אָט דעם שווערן פינצטערן גאָט פון דער וויסטע, זיין וואָפן אין דער דונער און דער בליץ. און ווינען וווינט ער אַף דעם באַרג=סיניי ניט נאָר דעמאָלט, ווען זיין שפּעטערדיק פאָלק פירט נאָך אַ וואַנדער־לעבן אין מידבער — ער בלייבט נאָך דאָרטן רעזידירן אַפילע דעמאָלט, ווען די שוואָטים האָבן זיך שוין באַזעצט אין דעם קולטור=לאַנד קנאַאַן — אָט אַזוי שווער איז אים דאָס אָנגעקומען צו בייטן זיין לעבנשטייגער, אָט אַזוי קאָנסערוואַטיוו איז ער האָס געווען. ער שיקט אַ פאַרטרעטער אַ מאַלעך געוואָר ווערן זיין פאָלק און זיין נייע היים, ער אַליין אָבער טרויַנט אַפן ווולקאַן פונעם אַלטן באַרג. שטייט אָבער אַלצדינג אין קאָן אין דעם קאַמף מיט די מיליטעריש ניט אַן ערעד בעסער פאַרזאָרגטע קנאַאַנים און מוז מען האָבן זיין הילף — דאַן מוז מען אים אַראָפּרופן פונעם באַרג, מוז מען אים בעטן, אַז ער אַליין זאָל קומען און אָנפירן מיטן קריג.

אין דעם עלטסטן היסטאָרישן דאָקומענט, אין דער אַזוי גערופענער „שירת=דבורה“, זאָגט דער דיכטער: יאַהווע, אַז דו ביזט געווען אַף דעם וועג פון סעיִר, אַז דו ביזט געגאַנגען פון עדאָמס פעלד, האָט געציטערט די ערד און עס האָט געטריפט דער הימל... די בערג זיינען זיך צערונען פאַר יאַהווע — דאָס איז דער סיניי פאַר יאַהווע, דעם גאָט פון יִיסראָעל“ („שופטים 5, 4.5). דער גאָט פון די פריערדיקע נאָמאַדן ווערט דער קריגס=גאָט. אונטער זיין אָנפירונג וועט מען דאַרפן קעמפן מיט די אַרומיקע פעלקער, ביפראַט, אַז דערדאָזיקער קאַמף וועט ווערן די עקזיסטענץ=פראַגע פון דעם גאָט גופע. אָבער אַ ליטעראַריש ווערק, וואָס איז געשריבן אין אַ 300 יאָר אַרום, שטעלט זיך נאָך אַלץ פאָר יאַהווע אַף דעם באַרג סיניי („מלכים א“ 19, 10—12) — אַזוי טיף האָט געלעבט די אַלטע טראַדיציע.

ווערט יהוה פאַרערט פון די נאָמאַדן אַלס נאַטור=גאָט און איז די רעליגיע פון די וואַנדערנדיקע שוואָטים אַ נאַטור=רעליגיע, האָבן אויך די יאָנטויווים און די קאָרבאָנעס דעמדאָזיקן כאַראַקטער. די הויפּט=באַשעפטיקונג פון די נאָמאַדן איז די פיצוכט. דעריבער איז פאַרשטענדלעך, אַז מע קאָן דעם גאָט געבן נאָר דאָס בעסטע, אָבער אויך ניט מער, וואָס מע פאַרמאָגט. מע קאָן, עמעס, אויסקלייבן אַ גוטע רינד, אַ גוטע שעפּס, אָבער די קאָרבאָנעס, אָדער ריכטיקער די שטייערן, וואָס מע דאַרף געבן פאַר גאָטהייט, זיינען נאָר כאַל אַף אָט דעמדאָזיקן הויפּט=צווייג פון דערווירטשאַפט. דער גרעסטער יאָנטעוו פון די נאָמאַדן, ווען וויכטיקסטע באַשעפטיקונג איז די פיצוכט, איז די צייט, ווען די רינדער און די שאָף געבוירן, דאָס איז דער גרויסער יאָנטעוו, ווען עס ווערט געגעבן אויך דעם גאָט זיין טייל, דאָס איז דער יאָנטעוו פון די קאָרבאָנעס, אָדער ווי ער הייסט אַף העברעיִש: „פסח“. דערדאָזיקער יאָנטעוו „פסח“ אַלס אַ יאָנטעוו פון די נאָמאַדן, ווען עס ווערן געבראַכט די קאָרבאָנעס פון די רינדער, האָט קיין שום שייכעס ניט מיטן שפּעטערדיקן פייסעד, וואָס איז נאָכן באַזעצן זיך אין דעם קולטור=לאַנד קנאַאַן צוזאַמען מיט שוועס און סוקעס איבערגענומען געוואָרן בא דער דאָרטיקער באַפעלקערונג אַלס אויסגעשפּראָכענע יאָנטויווים פון פויערים=פאָלק, וואָס די אַגריקולטור איז דער פונדאַמענט פון זיין ווירטשאַפטלעכן לעבן. וועגן דידאָזיקע יאָנטויווים וועלן מיר נאָך אָבער רעדן ווייטער אונטן. ערשט שפּעטער האָט מען זיך באַמיט צו פאַרייניקן דעם אַלטן נאָמאַדן=יאָנטעוו פון ברענגען קאָרבאָנעס מיט דעם פויערים=יאָנטעוו פון עסן מאַצע. עס איז אָבער ניט שווער צו דערקענען, אַז נאָך אַפילע אין דער צייט פון פיקסירן די צען געבאָטן, די דעקאַלאָגן („עשרת הדברות“) האָט דער שרייבער געוווּסט גוט דעם פאַרשיידענעם כאַראַקטער פון דידאָזיקע יאָנטויווים. אויב ער רעכנט צו דעם יאָנטעוו פון מאַצע אַלס אַ טייל צו דעם ציקל דריי פויערים=יאָנטויווים, טיילט ער אָבער אויס באַזונדער דעם יאָנטעוו, וואָס געהערט יאַהווע אַלס אַ יאָנטעוו פון פייסעד, ד. ה. פון ברענגען קאָרבאָנעס („שמות“ 18, 23 און 34, 25)*.

* פארגלייך Eduard Meyer op. cit. p. 38.

דעמדאָזיקן כאַראַקטער אַלס גאָט פון דער פּיצוכט האָט יאַהווע געהאַט נאָך אַפילע דעמאָלט, ווען די שוואָטים האָבן שוין געפירט אַן איינגעזעסענעם לעבן, אָדער אַלס אַזעלכן האָט אים געשילדערט די דערציילונג, וואָס וואַרפט אויך אַ ליכט אַף דעם, וויאַזוי די פרייע נאָמאַדן האָבן זיך אין דער ערשטער צייט באַצויגן צו דער ערדאַרבעט. מיר מיינען די דערציילונג וועגן קאַיִן און העוול. קאַיִן איז דער ערדאַרבעטער, דער פויער, וואָס פאַרנעמט זיך מיט לאַנדווירטשאַפט, העוול — דער יוירעש פון דער אַלטער אָרדענונג, ווען די פּיצוכט האָט נאָך געשפּילט די ערשטע ראָלע. זיי ברענגען ביידע מאַטאָנעס אָדער קאָרבאָנעס פאַר יאַהווע. אויך קאַיִן האָט געבראַכט דאָס בעסטע, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט ברענגען — די פרוכטן פון פעלד, אָבער אַף קאַיִנען און זיין מאַטאָנע האָט יהוה אַפילע ניט געוואָלט אַ קוק טאָן — אָט אַזוי האָט נאָך דער גאָט ליב געהאַט די שאָף. דער קאָרבן, וואָס יאַהווע פאַרלאַנגט, איז נאָך דער קאָרבן פון בלוט, און עס איז קיין סאָפעק ניט, אַז לעכאַטכילע איז די „מילה“ אויך געווען אַזאַ מין בלוטקאָרבן, באַשטימט נאָר אַף צו באַפרידיקן יאַהווע. שפּעטער האָט דערדאָזיקער מינהעג געדאַרפט מאַכן די מעכיצע צווישן ייִסראָעל און אַשור, ייִסראָעל און באָוועל א. א. וו. — קורץ: צווישן ייִד און ניט־ייִד. צוערשט אָבער איז די מילע אויסן געווען די מאַניפעסטאַציע, אַז דער נעמאַלטער איז שוין באַגרעם — איינער פון די מינע קאָרבאָנעס, וואָס מען האָט געדאַרפט ברענגען דעם בלוטיקן גאָט. מיר האָבן אויך זייער אַ גוטע נאָטיץ, וואָס באַשטעטיקט דאָס קלאָר. יאַהווע טרעפט אָן זיין שאָליאַך מוישע אונטערוועגס און וויל אים פּלוצלינג טויטן. מוישעס פרוי ציפּוירע, נעמט אַ שטיין און שניידט אָפּ די הויט פון דעם געשלעכט־גליד באַ איר זון (איז אים מאָל), גיט דאָס אַ וואָרף אים צו די פיס מיט די ווערטער: „ביזט מיין בלוטיקער כאָסן“ — און יאַהווע האָט מוישען אָפּגעלאָזן.

די פריערדיקע נאָמאַדן האָבן שפּעטער איינגענומען אַ קולטור־לאַנד, ווו די ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן זיינען געווען שטאַרק אַנטוויקלט און די קלאַסן־דיפערענציאַציע דערגרייכט אַ גאַנץ הויכע מאַדרייגע. וואָס פאַר אַ קאַמף דאָס פויערטום האָט געפירט אין דערדאָזיקער צייט קעגן די פירסטן פון פאַלעסטינע און סיריע, ווייזן מיר אויך זייער גוט פון דער דערמאָנטער קאָרעספּאָנדענץ פון טעל־על־אַמאַרנא. די וואַסאַלן פון די דערמאָנטע געביטן שרייבן אַמענאָפיס III און IV און בעטן זיך ראַכמים אין יעדן בריוו, אַז ער זאָל זיי שיקן כאָטשבי 10—20 מאַן אַף צו ראַטעווען זייער אייגענעם לעבן, ווייל די פויערים הונגערן, גייען אַריבער צו די אָנגרייפנדיקע האַבירו און דראָען מיט טויט זייערע פריערדיקע אונטערדריקער. דער וואַסאַל פון יערושאָלאַיִם שרייבט אין זיין בריוו: „זע, טורבאַצו האָט מען געטויט אין דעם שטאָט־טויער פון זילו... זימרידא פון לאַכיש האָבן געטויט זיינע שקלאַפן, וואָס זיינען אַריבער צו די האַבירו“ * אַ. אַ. וו. דאָס זיינען גאַנץ אַנדערע ווירטשאַפטלעכע און סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, ווי די, באַ וועלכע עס האָבן געלעבט ביז איצט די וואַנדערנדיקע שוואָטים. ניט נאָר זיי אַליין, נאָר אויך זייער גאָט איז שיקער געוואָרן פונעם ווייַן פונעם קולטור־לאַנד. און בּאַאַל, דער גאָט פון קנאַאַן, וואָס איז ניט נאָר געווען געווינט צום ווייַן, נאָר איז געווען זיין באַשיצער, — האָט פאַרדרייט דעם קאָפּ דעם נאַטור־פרייען און נאַטור־ניכטערנעם יאַהווע, וואָס האָט ווייַן ניט געקאָנט מער פאַרטראָגן, ווי דער אַלטער נויאַך.

וואָרעם באַאַל איז געווען דער פאַטראָן פון דער לאַנדווירטשאַפט, פון דעם ווייַן — און ביכלאַל פון דער גאַנצער קולטור פון סיריע און פאַלעסטינע. ער איז דער גריכישער דיאָניסאָס. אָט מיט אים האָט זיך דאָס געדאַרפט איצט פאַרמעסטן דער גאָט פון דער וויסטע, וועמעס ביז איצטיקע האַסאָגע האָט דערגרייכט ניט ווייטער ווי ביז צום שעפס. דער קאַמף איז פאַר יאַהווע געווען בעשום אויפן ניט קיין לייכטער.

די ווירטשאַפטלעכע אָרדענונג, וואָס די נאָמאַדן האָבן געפונען אין דעם קולטור־לאַנד, האָט באַ זיי שטאַרק נויסעכיין געווען. עמעס, עס איז געווען די ערשטע צייט אַביסל שווער צוגעווינען זיך צום לעבן פונעם פויער — דאָס ברויט באַקומט מען נאָר מיטן שווייס פונעם פּאָנעם —

* Knudtzon. Die El-Amarna - Tafeln, Leipzig, 1915, p. 871.

אָבער דער בײַט האָט אַבסאָלוט געלוינגט. האָבן די פריערדיקע נאָמאַדן אָנגעהויבן ביסלעכווײַז און בעהאַדראָגע איבערנעמען די ווירטשאַפטלעכע פאָרמען פון דער אַלטער אײַנגעזעסענער באַפעלקערונג, און מע האָט ניט באַמערקט, ווי מיטן איבערנעמען די לאַנדווירטשאַפט און די ווײַן־קולטור פון די קנאַאַנים, האָט מען אויך איבערגענומען און אַריבערגעפלאַנצט צו זיך דעם גאָט פון דעראָזיקער קולטור — דעם באַאַל. אָדער ריכטיקער: די מאַסע האָט זייער גוט געזעען, וואָס זי טוט: אויב דאָס נײַע ווירטשאַפטלעכע לעבן האָט באַ איר מער אויסגענומען, ווי איר אַלטער אַרומוואַנדרעווען מיט דער סטאַדע פון איין אָרט אַפן צווייטן, איז וואָס האָט זי אַ שטייגער געקאָנט אָפּהאַלטן פון פאַרבײַטן דעם אַלטן גאָט דעם נאַווענאַדניק אַף אַ גאָט אַ טוישעוו? וואָרעם פאַר דעם גאָט פון פרוכטבאַרקייט האָט די מאַסע געהאַלטן דעם, ווער עס האָט ווירקלעך פון פריער געהאַט אַזאַ טיטל: באַאַל, ניט יאַהווע. אַזוי האָט זיך געשטעלט די נאַקעטע עקזיסטענץ־פראַגע פאַר דעם פריערדיקן גאָט פון דער וויסטע.

ער האָט געמוזט אינגאַנצן בײַטן זײַן כאַראַקטער, אופהערן צו זײַן דאָס, וואָס ער איז ביז איצט געווען — אַרופשלעפּן אַף זיך אַ פרעמדן בעגעד. און מע מוז זאָגן, אַז מאַזל האָט דעראָזיקער גאָט געהאַט: די שטאַרקע פעסטונגען פון די שטעט און די גוטע אײַזערנע וואָגנס, וואָס האָבן אויסגעצייכנט די מיליטערישע באַוואָפנונג פון די קנאַאַנים און אַזוי אַרום ניט דערלאָזן, אַז די שוואָטים פון ייסראַעל זאָלן מיטאַמאָל אײַנעמען דאָס גאַנצע לאַנד מיט די שטעט — זײַנען יאַהווען זייער שטאַרק צונויץ געקומען. וואָרעם וואָלט מען אײַנגענומען דאָס גאַנצע לאַנד מיטאַמאָל, וואָלט דער גאָט פון די נאָמאַדן זיך בעשום אויפן ניט געקאָנט בעהאַדראָגע צופּאַסן און בײַטן זײַן אייגענעם פּאַרצעף, נאָר עס וואָלט געוואָרן פון אים אַ כורווע אינײַנעם מיט די געפאַלענע פעסטונגען. איז אָבער געווען זײַן גליק, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר צו שוואַך אַף אַרײַנצוזעצן זיך אין דעם אײַזערנעם וואָגן פון דעם גוטן קנאַאַנישן מעטאַל־אַרבעטער און אַרײַנפאָרן אין דעם טויער פון דער פעסטונג יערושאָלאַיִם.

ער האָט באַקומען אַ האַפסאָקע אַ פּאָר הונדערט יאָר אַף איבערצוכאַפּן דעם אָטעם, וואָרעם יערושאָלאַיִם איז נאָך געבליבן אין די הענט פון די אַלטע אײַנוווינער ביז צו דאָווידס צײַט. דידאָזיקע האַפסאָקע איז געווען פאַר יאַהווע גענוג, אַז ער זאָל רויִק אַרײַנעמען אין זיך דעם גאַנצן באַאַל און זאָל נאָך דערבײַ בלײַבן הייסן פאַר דער וועלט: יאַהווע. דאָס איז געווען פאַר אים אַ לעבנס־פראַגע, ווײַל דער אַלטער יאַהווע פון דער מידבער האָט אין דעם קאַרמעל און אין דעם פרוכטבאַרן טאָל יזרעעל קיין טאָג ניט געקענט בלײַבן, זײַנע אַלטע וואַנדערשוואָטים, וואָס זײַנען שוין אַליין געוואָרן אַ קולטור־פאָלק, וואָלטן אים אַרויסגעוואָרפן אין מיסט־קאַסטן.

קוידעמקאָל האָט מען געמוזט איבערנעמען די יאָנטויווים. די יאָנטויווים פונעם ניט געזויערטן ברויט, פון שנײַדן די טוווּע און אַרײַנברענגען די פּיירעס אין די שייערן, וועגן וועלכע מיר האָבן אויבן גערעדט, זײַנען געווען די יאָנטויווים פון דער אַלטער קנאַאַנישער באַפעלקערונג. דידאָזיקע יאָנטויווים האָט שפּעטער איבערגענומען אויך די יידישע באַפעלקערונג. און געפייערט זיי האָט זי ניט לעקאָוועד יאַהווע, נאָר לעקאָוועד באַאַל. יאַהווע האָט געמוזט באַקומען פאַר זיך דידאָזיקע יאָנטויווים, ביפראַט ווען אין דער צײַט פלעגט מען ברענגען דעם מייסער סיי פון די טוווּעס, סיי פון די ערשט־געבאָרענע א. א. וו. דעריבער איז איינער פון די וויכטיקסטע פונקטן אין די דעקאַלאָגן[1] (די „עשרת הדברות") דער פונקט וועגן דעם ציקל דרײַ וויכטיקסטע לאַנדווירטשאַפטלעכע יאָנטויווים. יאַהווע וויל זיי אַרויסרײַסן באַ באַאַלן. דאָס ווערט דער אינהאַלט פונעם קאַמף צווישן דידאָזיקע געטער, וועמעס סאָציאַלע באַדײַטונג עס וועט פאַר אונדז שפּעטער אויך ווערן קלאָר.

אַ צווייטער מאָמענט, וואָס איז געווען גינסטיק פאַר יאַהווע, איז באַשטאַנען אָט אין וואָס: קיין פאָלקס־גאָט האָבן די קנאַאַנים אין פלוג ניט געהאַט. באַאַל איז ניט געווען דער גאָט פון לאַנד, נאָר עס זײַנען געווען אַסאַך באַאַלים. יעדע שטאָט און יעדער דיסטריקט האָט געהאַט זײַן באַאַל, זײַן באַשיצער. דאָס זײַנען געווען טאַלומאָטאָר־געטער פון טאַלומאָטאָרדיקע מעלוכעס. איז ניט געווען קיין גרויסע סאַקאָנע, ווען אַ שייוועט פון ייסראַעל האָט, אַ שטייגער,

פאַרערט אַזאַ מאַלומאַטאָרדיקן באַאַל אויסער זיין אייגענעם יאַהווע, וואָס איז שוין געווען דער גאָט פון שוואַטים-בונד און שוין געהאַט בעדייע צו ווערן דער פאָלקס-גאָט.

דידאָזיקע פראַגע איז אָבער ענג פאַרבונדן מיט דער פראַגע פון פּאָליטעיזם און מאָנאָ-טעיזם, ד. ה. צי זיינען די יידן אין דער דעמאָלטיקער צייט געווען פּאָליטעיסטן אָדער מאָנאָטעיסטן.

מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, אַז יאַהוועס וווין-אָרט איז געווען דער באַרג סיניי נאָך אַ לאַנגע צייט נאָך דעם, ווי די שוואָטים פון ייסראעל האָבן זיך באַזעצט אין דעם קולטור-לאַנד קנאַאַן, אַז יאַהווע פלעגט שיקן קיין פאַלעסטינע זיינעם אַ פאַרטרעטער — אַ „מאַלעך“. דורך דעם גופע, דורך דער אויסגעבילדעטער סיסטעם הימלישע מאַלאָכים ווערט די איינציקייט פונעם גאָט יאַהווע שטאַרק אָנגערירט. דיזאָזיקע מאַלאָכים זיינען פאַרשיידענע, אויך זייערע פונקציעס טראָגן ניט איין און דעמזעלביקן כאַראַקטער. עס איז פאַראַן אַ באַזונדערע קאַטעגאָריע ברע-נענדיקע מאַלאָכים — וואָס הייסן „שרפים“ (סראָפים). זיי אַלע געהערן אָבער צו איין סיסטעם. מיט דער אָרגאַניזירונג און דעם אויסבוי פונעם מעלוכע-אַפּאַראַט פונעם קיניגטום אַף דער ערד ווערט אָרגאַניזירט און אויסגעבויט אויך דער געטלעכער אַפּאַראַט אַפן הימל. פריער, ווען דאָס קיניגטום האָט זיך נאָך געפונען אין דעם עמבריאָנעלן צושטאַנד, ווען קיין אויסגע-בילדעטע אַרמיי איז נאָך ניט געווען, האָט אויך יאַהווע געמוזט אַליין אָנטיילנעמען אינעם קאַמף. אָנטיילנעמען אַקטיוו, ניט ווייניקער אַקטיוו, ווי די ערשטע קיניגן שאָול און דאָוויד. אַנדערש אָבער איז עס געוואָרן שפּעטער: די קיניגן הייסן עמעם פאַרמעל די פעלדמאַרשאַלן— בערויש פון דער אַרמיי שטייט אָבער אַ גענעראַל. אַזאַ מין רעאָרגאַניזאַציע פונעם מיליטערישן אַפּאַראַט איז אויך טייקעף פאָרגעקומען אַפן הימל: יאַהווע הייסט שוין אין דער שפּעטער-דיקער צייט: „שר צבאות“ ד. ה. דער אויבערקאָמאַנדיר פון די קעמפנדיקע הימלישע מאַכנעס. צו דערדאָזיקער אַרמיי געהערן די פאַרשיידענע מאַלאָכים, סראָפים א. א. וו.

אויב אָבער אָט די אַלע דעמאָנישע קויכעס זיינען יאַהוועס וואַסאַלן און אונטערטעניקע, איז גאַנץ אַנדערש די פראַגע מיט די אַנדערע גאָטהייטן, וואָס האָבן די גלייכע באַדייטונג און שפּילן די זעלביקע ראָלע ווי יאַהווע — דאָס זיינען די „אלהים“ס („אלויהימס). אין דער שפּעטער-דיקער צייט איז „אלהים“ געוואָרן אַן איינצעלנער גאָט, פריער אָבער איז דאָס געווען דער פּלוראַל (מערצאָל) פון די פיל גאָטהייטן, וואָס האָבן געהייסן „אל“ א. א. וו. און זעער אָפט ווערט אין די עלטערע מעקוירים באַ „אלהים“ אויך גערעדט אין מערצאָל, ניט אין איינצאָל. אָבער ווען אַפילע „אלהים“ וואָלט באַטייט אַן איינצעלנע גאָטהייט, ניט קיין פיל געטער, וואָלט ער שוין דעמאָלט אויך געווען אַ פּ אַ ר אַ ל ע ל ע ר גאָט צו יאַהווע און בעשום אויפן ניט זיין אונטערגעבענער. וואָרעם אַז „אלהים“ האָט מיט יאַהווע קיין שום שייכעס ניט, ווען דעם ווערט שוין אין דער מאָדערנער וויסנשאַפט ניט גערעדט אַפילע. גראָד דידאָזיקע דערקע-נונג האָט געפירט צו די גוואַלטיקע רעזולטאַטן אַפן געביט פון דער אַלטער יידישער געשיכטע, ד. ה. צוערשט אַפן געביט פון דער ביבל- (אָדער טאַנאַך-) קריטיק. מע האָט דערקענט, אַז אונטער יאַהווע און אלויהים באַשטייען קוידעמקאָל צוויי פאַרשיידענע ליטעראַרישע שולן, פון וועלכע איינע רופט דעם גאָט „יהוה“, די אַנדערע „אלהים“.

דאָס געהערט צו די יידישע הויפּט-געטער אַליין. וואָס איז שייעך אָבער צו די געטער פון די אַנדערע אַרומיקע פעלקער, האָט יאַהווע אין אַ מעשעך פון 1000 יאָר ניט פּרעטענדירט אַפילע אַף קיין אָליגאַרכיע, ווער רעדט שוין, אַז ער זאָל ביכלאַל זיין דער איינציקער גאָט פון דער גאַנ-צער וועלט. יאַהוועס פאָדערונגען האָבן אין דעם נייעם קולטור-לאַנד געמוזט זיין זעער באַשיידן לעגאַבע די אַנדערע געטער, וואָרעם ער האָט זיך נאָך אַ לאַנגע צייט געשפּירט אין דער נייער היים אַלס אַ גאַסט. דעריבער פאָדערן ניט זיינע פאַרטרעטער קיין פּריווילעגיעס פאַר אים. וואָס זיי פאַרלאַנגען יאָ, איז ניט קיין דיקטאַטאָרישע מאַכט פאַר יאַהווע איבער אַלע פעלקער, נאָר מער ניט ווי ג ל ייכ ב אַ ר עכ ט יק ו נ ג מיט די אַנדערע געטער. די פאָרמולע פון יאַהוועס טיינעם איז: „וואָס ווילט איר באַאַל, דאַגאָן, קמויש? רעגירט אין פעניקיע, אין פּלישטים, אין מויאָוו און לאָזט מיר יעהודאַ און ייסראעל“! נאָר ד אָ ס איז זיין פאָדערונג, נאָר ווען

דעם רעדן אַלע ערשטע נעוויאים. „דו, באַאַל, בענטשסט מיט פּרוכטבאַרקייט פעניקיע און איך ייסראעל". ער האָט זיך גענומען קלאַמערן אָן דעם, אַז ע ר איז דאָס, וועמען ייסראעל האָט צו פאַרדאַנקען די גערעטעניש אַף די פעלדער און אין די ווייַנגערטנער. אַזוי אַז די פראַגע פון פּריווילעגיעס לעגאַבע אַנדערע געטער איז אַפילע ניט געשטאַנען אין טאָג־סיידער אַן ערער באַ מויזנט יאָר, ביז די פּאָליטישע נאַציע האָט זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז פאַרוואַנדלען אין אַ רעליגיעזער איידע.

קענען מיר נאָר רעדן אין דערדאָזיקער צייט העכסטנס פון ה ע נ אָ ט ע י ז ם, ד. ה. פון אַ ריכטונג אויסצוקלעמפּן די אַליינהערשאַפט פאַר דעם גאָט אינעם געביט פון דעם פאָלק, וועמעס פּאַטראָן ער וויל זיין, אָבער בעשום אויפן ניט פון קיין מאָנאָטעיזם, פון דער אידייע וועגן אַן א יי נ צ י ק ע ר גאָטהייט פונעם גאַנצן אוניווערזום (וועלט). צי איז אָבער דערפילט געוואָרן דידאָזיקע פאָדערונג יאַהוועס אין די וויכטיקסטע יאָרהונדערטן פון דער פּאָליטישער געשיכטע פון ייסראעל? ניין! יאַהווע האָט זיך געקאָנט עפשער טרייסטן, אַז ער האָט געזיגט איבער באַאַל, דערדאָזיקער זיג איז אָבער געווען, אַז אַסאַך, ניט מער ווי אַ נאָמינעלער — דער פאַקטישער זיגער איז געווען באַאַל.

לייענט מען די רעדעס און די שטראָף־רייד פון די נעוויאים איז דאָס קאַפּיטל: „יאַהווע־באַאַל", נאָך דעם קאַפּיטל „סאָציאַלער יושער", — דאָס וויכטיקסטע. „איר האָט פאַרלאָזן יאַהווע און זייט אַוועק אַף דעם קרומען וועג פון באַאַל" — אָט דאָס איז דער מאָטאָ. די רעכט־פאַרטיקייט פון אַ קיניג ווערט געמאָסטן דערמיט, ווי אַזוי ער האָט זיך פאַרהאַלטן צו באַאַל. קיניג אַכאָוו האָט געשעמט פאַר דעם גרעסטן ראָשע, ווייל אין זיין צייט האָט באַאַלס האַשפּאָע — דורך דער פעניקישער פּרינצעסן איזעוועל — דערגרייכט די העכסטע מאַדרייגע. האָט דאָס אָבער באַטייט: אינגאַנצן אָפּקערן זיך פון יאַהווע? אָדער דאָס איז געווען אַ נייס אין ייסראעל? בעשום אויפן ניט! מיר האָבן געזעען, אַז די פויערים־מאַסע האָט אינסטינקטיוו פאַרערט באַאַל און האָט געפייערט די יאָנטויוויים לעקאָוועד אים און ניט לעקאָוועד יאַהווע. ווי פריער דער קיניג יעראָוואָם, אַזוי איז איצט קיניג אַכאָוו געווען אַ צו רעאַלער פּאָליטיקער, ער זאָל וועלן איינרייסן מיט דער מאַסע צוליב קולט־פראַגן. וואָלט יעראָוואָם געשפּירט, אַז די צוויי גאָלדענע קעלבער אַנטשפּרעכן ניט די רעליגיעזע באַדערפעניש פון דער מאַסע, וואָלט ער זיי זיכער ניט געלאָזט מאַכן, ווער רעדט אין אַ צייט נאָך דער פּאָליטישער אָפּשפּאַלטונג פון יעהודאָ, ווען יעדער ניט טאַקטישער שריט מיצאַד דעם קיניג וואָלט געווען אַ שטיצע פאַר דעם הויף פון יערושאָלאַיִם. און אַזוי איז דאָס געווען אויך מיט אַכאָוון: ער איז ניט געווען קיין סאַך גרעסערער אָנהענגער פון באַאַל, ווי יעדער דורכשניטלעכער פויער, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט ערדאַרבעט.

אין שייכעם דערמיט מוזן מיר באַהאַנדלען די פראַגע פון דער געצן־דינסט באַ די יידן אין דער אַלטער צייט, און צי דער קולט איז געווען אַ בילדלעכער אָדער ניט.

די צוויי גאָלדענע קעלבער, וואָס דער קיניג יעראָוואָם האָט געמאַכט און אַוועקגעשטעלט אין בייסייל (בית־אל) און דאָן, האָבן געדינט פאַר דעם צענטער פון די רעליגיעזע פאַרזאַמ־לונגען פון ייסראָעל און האָבן פאַרביטן אינגאַנצן דעם טעמפּל פון יאַהווע אין יערושאָלאַיִם. דערדאָזיקער פאַקט איז שוין אַליין גענוג אַף צו אילוסטרירן די פאָרמען פון דער געצן־דינסט באַ ייסראָעל. פון גאָלדענע קעלבער ווערט אָבער גערעדט — דאָס מאָל, עמעס, לעגענדאַריש, — אויך אין דער דערציילונג וועגן אַראָנען. וויכטיק איז אָבער די האַסאָגע באַם שריפטשטעלער פון דער שפּעטערדיקער צייט, פאַר וועמען עס איז געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַז יידן האָבן געמאַכט קעלבער אָנשטאָט געטער און האָבן „געזינדיקט".

דער ווינקל־שטיין פון די צען געבאָטן (די דעקאַלאָגן) איז, ווי באַוווּסט: דו זאָלסט ניט האָבן קיין אַנדערע געטער אויסער מיר; זאָלסט ניט מאַכן קיין בילדער און קיין געשטאַלטן (ד. ה. אָפּגעטער) סיי פון דעם, וואָס אויבן אַפן הימל, סיי פון דעם, וואָס אונטן אַף דער ערד, סיי פון דעם, וואָס אין וואַסער, פון דעם, וואָס אונטער דער ערד. די פאָדערונג באַשטייט אַלזאָ נאָר אין הענאָטעיזם: אויסער מיר זאָלסט ד ו קיין אַנדערע געטער ניט פאַרערן, די אַנדערע

געטער געהערן צו די אַנדערע פעלקער. ווי ס'איז אָבער געווען אין דער ווירקלעכקייט, האָבן מיר געזעען. און גראָד די געזעצגעבונג באַשטעטיקט סיי די פאַרערונג פון אַנדערע געטער, סיי די הערשנדיקע געצן־דינסט באַ די יידן, מיט וועלכער די יאַהוויסטישע פּאַרטיי האָט שוין אָנגעהויבן פירן דעם קאַמף.

וואָרעם דידאָזיקע געצן־דינסט איז געווען אין יזראָעל און אין יעהודאָ זייער שטאַרק אויסגעבילדעט, ווי עס האָט אויך אַנדערש ניט געקאָנט זיין. צו דערדאָזיקער געצן־דינסט געהערן קוידעמקאָל די תרפים (טראָפים), די אַשרות (אשיירעם), די מאַצייוועס, דער אפוד (אייפוד) און אויך די במות (באמוים). דאָס וויכטיקסטע, וואָס ראָכל האָט געקאָנט לויט דעם דערציילער אַוועקנעמען בישטיקע באַ איר פאָטער, זיינען געווען די הייליקע בילדער — די „תרפים“: און אַז שאָול האָט געוואָלט טויטן זיין איידעם דאָוויד, האָט אים זיין פרוי מיכאַל אַרויסגעלאָזן דורכן פענצטער און, קעדיי געבן אים צייט אַף צו אַנטלויפן, האָט זי אַוועקגעלייגט אין בעט אַ פּאָר „תרפים“, צוגעדעקט זיי מיט אַ ציגענער פעל און געזאָגט, אַז דאָוויד ליגט קראַנק אין בעט. די טראָפים זיינען דעריבער געווען אויסגעשפּראָכענע געצן־בילדער. שווערער איז צו באַשטימען די געשטאַלט פון דעם אפוד, וואָס גיט אויך אָראַקל. עס א'ז אָבער געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַז אין יעדער רייכער פאַמיליע זאָלן זיין „תרפים“ און אַן „אפוד“.אַן אָנהאַלט געפינען מיר פאַר דעם אין אַן אויסגעצייכנטער נאָטיץ (שופטים 17, 1—4), וו עס הייסט באָזע האַלאָשן: „עס האָט געלעבט אַ מאַן אַף דעם באַרג עפראַיִם, מיטן נאָמען מיכאַיאָהו... ער האָט אָפּגעגעבן זיין מוטער צוריק די טויזנט און הונדערט זילבערשטיק. זי אָבער האָט אים געענטפערט: איך האָב געהייליקט די זילבערשטיק פאַר יאַהווע... אַף צו מאַכן געשניצטע און געגאָסענע בילדער (פסל ומסכה)... און זיין מוטער האָט גענומען צוויי הונדערט זילבערשטיק, האָט עס אַוועקגעגעבן דעם גאָלדשמיד, און ער האָט געמאַכט דערפון אַ בילד און אַן אָפּגאָט... מיכאָ האָט אָבער געהאַט אַ גאָטסהויז און האָט זיך געמאַכט אַן אפוד און תרפים“ מיר זעען, אַז ס'איז ניט נאָר ניט געווען קיין זינד צו מאַכן אָפּגעטער, נאָר פאַרקערט, אַז דידאָזיקע געצן־בילדער זיינען נאָך געהייליקט געוואָרן פאַר יאַהווע. פונקט אַזוי מאַכט גידעאָן דעם אפוד פון גאָלד־זאַכן, וואָס זיינען גערויבט געוואָרן פאַר די יִשמאָיילים. וואָס איז שייעך די אַשרות (אַשיירעם), די מאַצייוועס און די במות (באמוים), זיינען דאָס הייליקעביימער, הייליקע שטיינער און הייליקע ערטער, וועלכע מע פאַרגעטערט. ווען די אַנאַלן־שרייבער אָדער די נעוויִים ווילן שפּעטער כאַראַקטעריזירן די שלעכטע מייסים, זאָגן זיי קורץ: „אויך זיי האָבן געבויט במות, מצבות און אַשרות, אַף יעדן הויכן בערגל און אונטער יעדן גרינעם בוים“ (מלכים א 14, 23) *. און מיר ווייסן ניט, אויב אין ארון (ארן), וועלכן מע פלעגט טראָגן פאָרויס אין קריג און וואָס איז איינמאָל זעער מיעס אַריינגעפאַלן צו די פלישטים אַלס געפאַנגענער, — אויב אין דעמדאָזיקן אָרן אָדער קאַסטן האָבן זיך ניט געפונען קיין הייליקע בילדער אָדער אַנדערע כפייצים, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט יאַהווע. באַדינט האָבן דעמדאָזיקן קאַסטן ספּעציעלע לייט, — וואָס האָבן שפּעטער אויסגעבילדעט די קאַסטע גייסטלעכע.

דורך דעם גופע ווערט פאַרענטפערט די פראַגע, צי איז דער קולט באַ די יידן אין דער אַלטער צייט געווען אַ בילדלעכער אָדער ניט... אויך די „כרובים“ זיינען הייליקע בילדער. עס איז קיין נאַפקעמינע ניט, צי יאַהווע אַליין איז געווען אָפּגעבילדעט אָדער ניט, וויכטיק איז דער גאַנצער קולט אַלס אַזעלכער. האַגאַם עדואַרד מייער באַטאָנט צו שטאַרק, אַז דער יאַהוויסט ווייס ניט פון קיין בילדלעכן קולט.

* צוליבן דויכעק אין אָרט קען איך נאָר אָנווייזן אַף די וויכטיקסטע שטעלן, וואָס באַהאַנדלען די פראַגן פון געצן־דינסט און פונעם בילדלעכן קולט; איך קאָן זיי אָבער ניט ציטירן.

ווענן תרפים: בר. 31, 19; שו. 17, 5; 18, 17; שמואל א' 15, 23; 19, 13; מל. ב' 23, 21 10, 26; 13, 6; 18, 4; 21, 3.7; 23, 6.14; ירמיהו 2, 27; מיכה 5, 13.

„ אפוד שו. 8, 26; 17, 5; שמ. א' 14, 3.18; 21, 10; 23, 6.9; 30, 7.

צו דער געצן־דינסט און צו די דעמאָנישע קויכעס מוז מען אָבער נאָך דערמאָנען די שלאַנג, דעם נחושתן, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין דעם טעמפּל פון ירושלאַים ביז צו דער צייט פון קיניג חזקיהו (ענדע 8־טן י"ה), און וואָס עס האָט געהייסן אין דעם מויל פון פאָלק, אַז געמאַכט האָט זי נאָך מוישע. פון דעררדאָזיקער נאָטיץ דערוויסן מיר זיך, אַז די גאַנצע צייט האָט מען צו דעמדאָזיקן אָפּגעבילדעטן קופּערנעם דעמאָן געבראַכט קאָרבאָנעס.

צו דער סיסטעם געטער־דינסט אין ייסראָעל און יעהודאָ רעכענען די פּאַרטרעטער פון דער פּראָטעסטאַנטישער טעאָלאָגישער ווּיסנשאַפט אויך צו דעם קולט פון דער לעוואָנע און — שאַבעס, וואָס זאָל אויך האָבן אַ שייכעס מיט דער איינטיילונג פונעם מאָנאַט אַף 28 און 29 טעג (לעוואָנע־יאָר צום אונטערשייד פונעם זון־יאָר). געוויס קען מען ניט לייקענען, אַז די באָווּעלשע קולטור האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטן געהאַט זייער אַ שטאַרקע און דירעקטע האַשפּאָע אַף דער יידישער קולטורעלער אַנטוויקלונג (די דערציילונגען וועגן דעם גאַניידן, וועגן דעם באַשאַפן די וועלט, וועגן דעם מאַבל א. א. וו. דאָס זיינען אַלץ באָווּעלשע אָריגינאַלן און העברעישע קאָפּיעס; דאָס אייגענע דער נייער קאַלענדאַר בא די יידן מיט די נייע באָווּעלשע באַדאָשים: תמוז א. א. וו.); אַז נאָך איידער די יידן זיינען געקומען אין דירעקטער באַציִונג מיט באָוועל, האָט דידאָזיקע קולטורעלע האַשפּאָע געקענט קומען אומדירעקט דורך די קנאַאַנים, וואָס זיינען פון לאַנג אָן געשטאַנען מיט באָוועל אין באַציִונגען — אָבער דערקלערן דעם קאַראַקטער פון שאַבעס מיט דער באָווּעלשער סאָליאַרער (זון־) דינסט, אָדער נאָר דערמיט — הייסט רייסן זיך אין אָפענע טירן און הייסט אַפילע פונעם טעאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, וואָס וויל אַלצדינג נעמען פון טאַנאַך, אַזוי ווי עס שטייט און גייט — זיין אומטריי זיך אַליין. וואָרעם גראָד אין דעם פּראַט גיט אונדז דער טעקסט גופע די בעסטע דערקלערונג פאַר דעם כאַראַקטער פון דעמדאָזיקן טאָג.

אין דער עלטסטער געזעצגעבונג, אין דעם אַזוי גערופענעם „ספר־הברית" (שמות 23, פאַרפאַסט אין דעם 10־טן י"ה) הייסט עס: „זעקס טעג קאָנסטו טאָן דיין אַרבעט, דעם זיבעטן טאָג אָבער זאָלסטו רוען, קעדיי עס זאָל רוען דיין אָקס און דיין אייזל, און עס זאָל רוען דער זון פון דיין שקלאַף און דער גער". דער כאַראַקטער פון שאַבעס אַלס טאָג פאַר רוען פון דער אַרבעט איז דאָ זעער קלאָר. אין די ערשטע צען געבאָטן פון דעם יאַהוויסט, וואָס זיינען יינגער פאַרן „ספר־הברית" מיט אַן ערך 100 יאָר, ווערט דעררדאָזיקער כאַראַקטער פון שאַבעס אַלס רו־טאָג נאָך פאַרשטאַרקט: „זעקס טעג זאָלסטו טאָן דיין אַרבעט, דעם זיבעטן טאָג אָבער זאָלסטו רוען — זאָלסט רוען (אַפילע) אין דער צייט פון אַקער און שניט". שפּעטער האָט זיך באַמיט די רעליגיעז־נעווּישע באַוועגונג געבן אַן אַנדער מאָטיווירונג פאַר דעם כאַראַקטער פון שאַבעס. אין דער צייט פונעם אויפשטייג פון דעררדאָזיקער באַוועגונג ווערט אינעם צווייטן, עלאָהיסטישן „עשרת הדברות", וואָס איז ווידער אַמאָל יינגער מיט אַן 80—100 יאָר פאַר דעם יאַהוויסטישן, געגעבן אָט דידאָזיקע מאָטיווירונג: „געדענקען דעם טאָג פון שאַבעס אַף צו הייליקן אים. זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און אָפּטאָן דיין גאַנצע אַרבעט, דער זיבעטער טאָג אָבער איז שאַבעס פאַר יאַהווע דיין גאָט... ווייל זעקס טעג האָט יאַהווע געמאַכט דעם הימל און די ערד, דעם יאַם און אַלצדינג, וואָס עס געפינט זיך אין אים, דעם זיבעטן טאָג אָבער האָט ער גערוט; דעריבער האָט יאַהווע געבענטשט דעם שאַבעס און האָט אים געהייליקט" (שמות 20, 8—11) *. דער קאָמענטאַר איז קלאָר: אַ סאָציאַלע געזעצגעבונג, אָדער ריכטיקער: אַ טענדענץ צו אַזאַ מין געזעצגעבונג האָט די רעליגיעזע פּאַרטיי פאַרוואַנדלט אין אַ הייליקייט. וועגן דעם אָבער, אַז די באַפעלקערונג האָט פון דעמדאָזיקן געבאָט און דעריקער פון זיין הייליקייט ניט געוואָלט וויסן, און אַז גראָד שאַבעס איז געווען דער מאַרק־טאָג אין ירושלאַים, ווען די הענדלער און די פּויערים פלעגן ברענגען זייערע פּראָדוקטן אַף צו פאַרקויפן —

---

* אויספירלעכער וועגן דעם כאַראַקטער פון שאַבעס ז. מיין אַרטיקל אין דער „צייטשריפט", ערשטער בוך 1926 ז. 44 א. וו. און מיינע
„Studien zur Geschichte der wirtschaftlichen und sozialen Verhältnisse im israelitisch-jüdischen Reiche, Giessen, 1927, p. 60—64.

דאָס אַלץ האָט אונדז נאָך פאַרפיקסירט אין דעם פּראַט אַ זייער באַגלויבטער אײדעם — נעכעמיע. ער, דער פאַרטרעטער פון דעם טעאָקראַטישן געדאַנק, האָט, קומענדיק קיין ירושאָלאַיִם אַלס פּערסישער סאַטראַפּ, געמוזט פאַרשרייבן אין זיינע מעמואַרן: „ווי עס פלעגט פרייטיק צונאַכט ווערן פינצטער אין ירושאָלאַיִם, פלעג איך הייסן פאַרשליסן די טויערן פון שטאָט — און ניט עפענען זיי ביז דער שאַבעס פאַרגייט“. אַ ספּעציעלע וואַך האָט געמוזט היטן, אַז מע זאָל זיך פאָרט ניט אַריינשמוגלען מיט סכוירע אין שטאָט: „איך פלעג אַוועקשטעלן אייניקע פון מיינע יונגען באַ די טויערן, אַז מע זאָל ניט אַריינפירן קיין שום מאַסע אום שאַבעס“. די הענדלער און פויערים האָבן דעריבער געפּרוּווט אַ פּאָר מאָל נעכטיקן הינטערן שטאָט-טויער. וואָס האָט געטאָן קעגן דעם נעכעמיע? קעדיי צו באַוואָרענען זיך אינגאַנצן, האָט ער זיי געזאָגט, „אַז אויב איר וועט דאָס טאָן נאָך אַמאָל, וועט איר דערשפּירן מיין פויסט; זיינען זיי פון דעמאָלט אָן ניט געקומען מער אום שאַבעס“. עס הייסט דעריבער, אין בעסטן פאַל, קליגן זיך, ווען מע וויל אָט דידאָזיקע פּאָשעטע עמעסן וועגן דעם כאַראַקטער פון שאַבעס, און וויאַזוי ער איז אין דעם יידישן עלטערטום אָפּגעהיט אָדער, ריכטיקער, ניט אָפּגעהיט געוואָרן — צו דערקלערן מיט דער הערשנדיקער סאָליאַרער דינסט אין באָוועל.

מיר האָבן ביז איצט גערעדט פונעם קאַמף צווישן יאַהווע און באַאַל ווי פון אַ קאַמף פון צוויי קולטורן. עס איז אָבער קלאָר, אַז אין דעמדאָזיקן קאַמף צווישן די געטער האָט געמוזט קוידעמקאָל קומען צום אויסדרוק דער סאָציאַלער קאַמף פון דער דיפערענצירטער געזעלשאַפט — דער קלאַסן-קאַמף. ווי האָט זיך אָפּגעשפּילט דערדאָזיקער קאַמף און וועלכע קלאַסן פאַרטרעטן די ביידע געטער, אָדער ריכטיקער: וועלכע טענדענץ האָט זיך באַ די געטער דערביי געמוזט אַרויסווייזן?

לאָמיר זיך אומקערן אַף אַ רעגע צוריק. יאַהווע איז געווען דער גאָט פון די שוואָטים, וואָס האָבן געפירט אַ נאָמאַדן-לעבן, באַאַל — דער גאָט פון אַ פאָלק, וואָס האָט געלעבט אין אַ קולטור-לאַנד, געלעבט אַן איינגעזעסענעם פויערים-לעבן.

דאָרטן, אין דער וויסטע באַ די נאָמאַדן, האָט מען פון קיין סאָציאַלער דיפערענצירונג נאָך אינגאַנצן ניט געוווּסט, אָדער, אַז אַסאַך, האָט זיך דידאָזיקע דיפערענצירונג געקאָנט געפינען אין איר עמבריאָנעלן צושטאַנד. די געזעלשאַפט האָט שוין דערפאַר אַליין ניט געקאָנט זיין דיפערענצירט, ווייל די האַנאָכעס דערצו — דער אינסטיטוט פון פּריוואַט-אייגנטום האָט נאָך געפעלט און מע האָט אים נאָך ניט געקענט. אַלצדינג, וואָס מע האָט פאַרמאָגט, האָט געהערט דעם קאָליעקטיוו: זאָל דאָס זיין דער מישפּאָכע אָדער דעם שייווע. האָט מען נאָך ניט געוווּסט, וואָס הייסט רייך און וואָס אָרעם. אָט פון אַזאַ קאָליעקטיוו איז געווען יאַהווע דער גאָט. זיינע אָנגעהעריקע זיינען געווען אַלע גלייך, זיי האָבן געהאַט בלויז אַן אויסגעקליבענעם פירער, אַן עלטסטן, און איינעם איז ניט געווען בעסער פאַרן צווייטן.

באַאַל איז שוין אָבער געווען דער גאָט פון אַן אַנדערן קאָליעקטיוו, וואָס האָט ניט נאָר געפירט אַן אַנדער לעבן, נאָר וועמען עס זיינען שוין אַפילע געווען זייער גוט באַקאַנט די פּאָלגן פון דעם אינסטיטוט פּריוואַט-אייגנטום; ער איז געווען דער גאָט פון דער פרוכטבאַרקייט, דער גאָט פון דער ערד-אַהבעט א. א. וו. אָבער דידאָזיקע פעלדער האָבן שוין געהערט צום גרעסטן טייל נאָר אַ קליינער צאָל מענטשן, די הערשנדיקע שולד-סיסטעם האָט געבראַכט צו אַ קאָנצענטראַציע פונעם באַזיץ, צו לאַטיפונדיעס, פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט — צו אַ צעשפּליטערונג פונעם באַזיץ. באַאַל בלייבט אָבער דער גאָט פון דער פרוכטבאַרקייט, דער גאָט פון די פעלדער ביכלאַל, און דערמיט צוגלייך ווערט ער צום פּאַטראָן פון די גרויסע גרונד-באַזיצער, פון די מאַגנאַטן, וועמען דידאָזיקע פעלדער האָבן שוין אין דער שפּעטערדיקער צייט געהערט.

אָט דאָס איז געווען דער פונדאַמענטאַלער כאַראַקטער פון די ביידע געטער אין דער צייט, ווען די וואַנדערנדיקע שוואָטים האָבן אָקופּירט דאָס קולטור-לאַנד קנאַאַן.

מיר האָבן געזעען, אַז יאַהווע האָט געמוזט אינגאַנצן בייטן זיין כאַראַקטער, אויב ער האָט געוואָלט בלייבן עקזיסטירן. ער האָט געמוזט אַריינעמען דעם גאַנצן באַאַל אין זיך, קעדיי זיין נאָמען זאָל בלייבן. פּאַקטיש האָט ער געמוזט דורכמאַכן די זעלביקע אַנטוויקלונג, וואָס באַאַל האָט פריער דורכגעמאַכט. דיווירטשאַפטלעכע און סאָציאַלע פאַרהעלטענישן פון די אַמאָליקע נאָמאַדן זיינען אין אַ פּאָר הונדערט יאָר אַרום געוואָרן די זעלביקע, ווי פריער באַ די קנאַאַנים גופע. די פּויפּעריזירונג פון דער מאַסע איז פאַרקערפּערט אין דער גלענצנדיקער דערציילונג וועגן דער אַלמאָנע באַם נאָווי עלישע (מלכים ב4). האָט מען ניט געקאָנט דעקן דעם כויוו צום טערמין — האָט מען געהערט דעם „מאָנער" מיטן אייגענעם לייב און מיט די קינדערס לייב. עס איז אַריינגעדרונגען די געלט=ווירטשאַפט; דער וואָכער וואַקסט. מע פרוווט צו דערלייכטערן די שווערע „בייסנדיקע" צינזן און פּראָצענטן — „נשך" („געשעד") הייסן זיי אַף העברעיִש! — אָבער דאָס בלייבן נאָר פרומע ווונטשן פונעם געזעצגעבער. אָט באַ דערדאָזיקער אַנטוויקלונג הויבט אָן יאַהווע, וואָס האָט שוין פרעטענדירט צו זיין דער גאָט פון דער פרוכטבאַרקייט, צו ווערן — אַליין דאָס ניט מערקנדיק — אויך דער גאָט ניט פון דער אַלמאָנע און פון דעם אונטערדריקטן, נאָר דער גאָט פון נאַוואָט פון קאַרמעל און פון באַרזילײ פון גילעאַד — פון רעפּרעזענטאַנטן פונעם גרויסן ערד=באַזיץ אין יִשׂראָעל.

עס דאַכט זיך פון אויבנאויף, אַז קיין סאָציאַלער אונטערשייד הערשט ניט צווישן די דאָזיקעביידע געטער, אַז אין זייער קאַמף שפּיגלט זיך ניט אָפּ דער קלאַסן=קאַמף פון דער דעמאָלטיקער צייט, וואָרעם זיי ביידע זיינען פאַרטרעטער פון דער פרוכטבאַרקייט און בעמיילע פונעם ערד=באַזיץ, ביפּראַט ווען די גאַנצע יידישע פּויערים=מאַסע האָט געהאַלטן באַאַל פּאַר דעם גאָט פון דער פרוכטבאַרקייט. אינדערעמעסן איז דאָס אָבער בעשום אויפן ניט אַזוי.

יאַהווע האָט זיך באַמיט אַרויסצושפּרינגען פון זיין אייגענער הויט, צו ווערן דער באַאַל. דאָס האָט זיך אים אָבער ניט איינגעגעבן. די יאָנטויווים האָט מען געפּייערט ניט לעקאָוועד אים, נאָר לעקאָוועד באַאַל. און ווייל עס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן צו ווערן סיי פּאַקטיש, סיי פּאָרמעל דער באַאַל פון יישׂראָעל, איז פּאַר אים געווען אַ גליק. דאָס האָט אים שפּעטער געגעבן די מעגלעכקייט אַרויסצוגיין פון די גרענעצן פון זיין אייגענעם פאָלק און צו פרעטענדירן אַף אוניווערסאַליטעט. ווי האָט זיך אָפּגעשפּילט דערדאָזיקער פּראָצעס?

אַז די סאָציאַלע דיפערענצירונג איז געוואָרן אָפּגעשלאָסן, אַז רייך און אָרעם זיינען שוין געווען צוויי פעסטע באַגריפן, האָט די פּראָלעטאַריזירטע מאַסע, די פּאַרטריבענע פון איר שטיקל ערד, די „ליידיקגייער" — „אַנשים רקים" הייסן זיי אַף דער שפּראַך פון דער ביבל — גענומען כאָלעמען וועגן דעם גליקלעכן אַמאָל, וועגן דער גוטער פאַרגאַנגענהייט, ווען מע האָט געלעבט נאָך אַלס נאָמאַדן אין דער וויסטע, ווען מע האָט ניט געוווּסט פון קיין פּריוואַט=אייגנטום און בעמיילע פון רייך און אָרעם. באַזינגען דעם אָוואַר — ווי ביטער ער איז אַפילע אינדערעמעסן ניט געווען! — איז דאָס כאַראַקטעריסטישע באַ דער ליידנדיקער מאַסע. אַז די לייבייגענע פּויערים פון עגיפּטן האָבן געהונגערט און געמוזט דערבייַ בויען די הערלעכע פּיראַמידן, האָבן זיי זיך געקוויקט מיט דער לעגענדע, אַז אַמאָל, אין דער אַלטער צייט, איז געווען אַ גוטער קיניג, וואָס האָט געהייסן מענכערעס. דעמדאָזיקן קיניג זיינען ניט געפעלן געוואָרן די מייסים פון זיין פּאָטער כעאָפּס, וואָס האָט אַזוי אויסגעמאַטערט דאָס פאָלק באַם אויפריכטן די גרויסע פּיראַמידן. און אַז אין גריכנלאַנד האָט זיך אַף יעדן שטיקל פּויערישער ערד באַוויזן אַ פלעקל אַלס צייכן פון אַ היפּאָטעק, האָט העזיאָד אויך גענומען באַזינגען די פאַרגאַנגענהייט; אַפילע די ענגלישע האַנטווערקער האָבן באַם סאָף 18־טן און אָנהויב 19=טן י"ה אויך באַזונגען זייער קנאַפּ=וואָס ליכטיקן אָוואַר, וואָס איז אָבער פּאָרט ניט געווען אַזוי שוואַרץ, ווי די געגנוואַרט. איז קיין ווונדער ניט, אַז די ליידנדיקע מאַסע פון יישׂראָעל און יעהודאָ האָט אויך גענומען כאָלעמען וועגן דעם גליקלעכן אַמאָל, אַפילע וועגן יענער צייט, ווען מע איז געזעסן אַלס שקלאַפן אַף די מיצרישע טעפּ פלייש. אָבער דער גאָט פון יענער צייט, בעיים דאָס פּריוואַט=אייגנטום האָט ניט עקזיסטירט,

איז געווען יאַהווע. אַזוי אַרום האָט די ליידנדיקע מאַסע, כאָלעמענדיק פון דער אַלטער גוטער צייט, דאָס אַריבערגעטראָגן אויך אַף דעם דעמאָלטיקן גאָט, פּראָקלאַמירט אים פאַר דעם גאָט פון דער סאָציאַלער גלייכקייט, און בעמיילע פאַרן גאָט פון די סאָציאַל־ליידנדיקע און סאָציאַל־אונטערדריקטע. „צוריק צו דער פאַרגאַנגענהייט!“ „צוריק צום אַלטן לעבנשטייגער פון דער מידבאָר!“ „זאָל לעבן יאַהווע דער גאָט פון אַמאָל!“ אָט דאָס איז דער לאָזונג, אָט דאָס זיינען די פאַראָלן פון די קאָנסעקווענטע קעמפער פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט אין דער אַלטער יידישער צייט. געווים, אַן אוטאָפּישע פּראָגראַם, אָבער ניט קיין גרעסערע אוטאָפּיע, ווי די פאָדערונגען פון די לאָנדאָנער אַרבעטער באַם אופשטאַנד פון 1804.

די ווירטשאַפטלעכע סטרוקטור פון דעם צאָפן, פון דער מעלוכע ייסראעל איז געווען לאַכלומן אַן אַנדערע, ווי אין דאָרעם, אין דער מעלוכע פון יעהודאָ. די פעלד־אַרבעט איז געווען דער וויכטיקסטער ווירטשאַפט־צווייג אין צאָפן, אָבער ניט אין דאָרעם, וווּ די פּיצוכט האָט נאָך די גאַנצע צייט געשפּילט די וויכטיקסטע ראָלע. דעריבער האָט זיך יאַהווע געשפּירט אין יעהודאָ די גאַנצע צייט מער אינדערהיים, ווי אין דער צאָפן־מעלוכע, אין ייסראָעל. יעהודאָ ליגט אויך געאָגראַפיש נעענטער צו דער וויסטע. אָט פאַרוואָס מיר געפינען גראָד אָט דאָ די קאָנסעקווענטסטע פאַרטרעטער פון רעסטאַווירן צוריק דאָס אַלטע לעבן מיטן אַלטן גאָט: די עמעס אויסגעהאַלטנסטע אָנהענגער פון יאַהווע זיינען ניט געווען אַזוי די נעוויִם, ווי די אָנגעהעריקע פון די קעניטער, דעם דאָרעמדיקן שטאַם — די רעכאַבים. זיי זיינען געווען אַזוי קאָנסעקווענט, אַז נאָך אין דער צייט פון יירמיאָהו, קורץ פאַרן איינעמען יערושאָלאַים דורך באָוועל, האָבן זיי קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט זיך פון פירן אַ קולטור־לעבן: פון פאַרנעמען זיך מיט ערדאַרבעט, פון פלאַנצן ווייגערטענער, פון בויען הייזער. זייערע אָנהענגער האָבן אויך ניט געטרונקען קיין וויין, האָבן געלעבט אין געצעלטן א. א. וו. און גראָד דאָס, זאָגט יירמיאָהו (35), האָט שטאַרק אויסגענומען באַ יאַהווע, וועלכער ווייזט די רעכייווים אַלס אַ ביישפּיל פאַר גאַנץ יעהודע. דער פערז פון דעם דיכטער, וואָס באַזינגט דאָס אַלטע לעבן פון די נאָמאַדן — „ווי גוט זיינען דיינע געצעלטן יאַקעוו!“ — דערדאָזיקער פערז איז געווען די פּראָגראַם פון די אונטערדריקטע שיכטן, וואָס איז אין דאָרעם אויך פאַרווירקלעכט געוואָרן אין לעבן פון אַ סעקטע נאָך אין סאָף 7־טן י״ה.

דער אונטערשייד, וואָס איז באַשטאַנען אין דער געאָגראַפישער און ווירטשאַפטלעכער לאַגע צווישן דעם דאָרעם און דעם צאָפן, און די רעזולטאַטן, וואָס דידאָזיקע פאַרשיידענע באַדינגונגען האָבן געהאַט סיי אַף דער אַנטוויקלונג פון דער רעליגיע, סיי אַף איר אַנטגילטיקער קריסטאַליזירונג, מוזן ווערן זייער שאַרף באַטאָנט. ווייל אין צאָפן האָט אין מעשעך פון דער גאַנצער געשיכטע געהערשט באַאַל, ניט יאַהווע; ווייל דאָרטן איז נאָך אַפילע ניט געמאַכט געוואָרן קיין האַסכאָלע פאַר דער קאָנצענטראַציע פונעם קולט; ווייל דאָרטן האָט מען פאַרערט גאָלדענע קעלבער א. א. וו. — קורץ, ווייל דער צאָפן האָט זיך, צוליב זיינע געאָגראַפישע און ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען, אינגאַנצן געפונען אונטער דעם איינפלוס פון די פרעמדע געטער, איז קיין ווונדער ניט, וואָס נאָך דעם, ווי די מעלוכע איז צעשטערט געוואָרן פּאָליטיש, איז אויך ניט געבליבן קיין סימען פון דעראָזיקער גאַנצער נאַציע, אַז די אַזוי גערופענע „צען שוואָטים“ זיינען אונטערגעגאַנגען אינעם קעסלגרוב פון דער געשיכטע און פון די פעלקער. די נאַציע פון דער מעלוכע ייסראָעל האָט נאָכן פאַרלירן איר פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט געמוזט אויך קולטורעל און גייסטיק אונטערגיין, ווייל אין מעשעך פון איר פּאָליטישער געשיכטע האָט זי קיין אייגענע קולטור, קיין אייגן גייסטיק לעבן קימאַט ווי ניט געהאַט. ניט די 100 יאָר, וואָס יעהודאָ איז געבליבן לענגער לעבן פּאָליטיש ווי ייסראָעל, האָבן געגעבן אַ גאַנץ אַנדער אינהאַלט פאַר דער יידישער רעליגיע. די אַנטוויקלונג אין יעהודאָ אַפן געביט פון דער רעפאָרמאַציע פון דער רעליגיע איז געווען נאָר דער רעזולטאַט פון אַן אַנטוויקלונג פון אַ זעקס—

זיבן הונדערט יאָר, איז געווען דער נאַטירלעכער שלוס פון אַ לאַנג לעבנדיקער טענדענץ. וואָרעם דאָ, אין יעהודאָ, האָט מען יאַהווע די גאַנצע צייט מער געשפּירט ווי אין ייסראָעל; דאָ, אין יעהודע, האָט ער געהאַט זיין טעמפּל, וואָס איז געווען דער פונדאַמענט פאַר דער שפּעטערדיקער אַבסאָליוטער קאָנצענטראַציע פונעם קולט; דאָ, אין יעהודאָ, האָט מען די גאַנצע צייט נאָך געשפּירט אָדער, ווייניקסטנס, געקענט שפּירן די אַלטע לופט פון דער וויסטע. אָט פאַרוואָס די קריסטאַליזירונג פונעם יאַהווע-קולט און פון דערדאָזיקער רעליגיע איז פאָרגעקומען אין יעהודאָ, ניט אין ייסראָעל, ווו עס זיינען אַפילע ניט געווען די נויטיקע פאָרהאַנאָכעס פאַר אַזאַ מין אַנטוויקלונג.

די אידייע, וואָס האָט געדרעמלט אין דער מאַסע, אַז אַמאָל, אין דער וויסטע, האָט מען פון קיין סאָציאַלער ניטגלייכקייט ניט געוווּסט, אַז דער גאָט פון דעם סאָציאַלן ווילזיין איז געווען יאַהווע — דידאָזיקע אינסטינקטיווע אידייע פון דער מאַסע האָט געשאַפן די נעוויִע און די נעוויִם. קיין נאַפּקעמינע ניט, וואָס יאַהווע אַליין האָט זיך געסטאַרעט מיט לייב און לעבן אַרופצושלעפּן אַף זיך אַ פרעמדן בעגעד און ניט ווערן האָס, וואָס ער איז. די מאַסע האָט אים געצוווּנגען, קעגן זיין אייגענעם ווילן, ניט מעיאַעש זיין זיך אין זיך אַליין. אַזוי איז אַנטשטאַנען דער סאָציאַלער קאַמף. אויסגעטראָגן האָט אָבער געקאָנט ווערן דערדאָזיקער קאַמף נאָר אַפן געביט פון דער רעליגיע. דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך. אינעם געביט פון דער רעליגיע איז געפירט געוואָרן דער סאָציאַלער קאַמף אויך אין מעשעך פון דעם גאַנצן מיטלאַלטער און פון דער נייער צייט. דער פויערים-קריג אין דייטשלאַנד, די גאַנצע סאָציאַלע באַוועגונג, וואָס האָט זיך דורכגעטראָגן איבער אייראָפּע פון דעם 12-טן ביזן 16-טן י"ה און נאָך שפּעטער, האָט זיך אָפּגעשפּילט אַפן באָדן פון דער רעליגיעזער רעפאָרמאַציע. גאָך ווילהעלם ווייטלינג האָט געפירט דעם קאַמף אַפן דאָזיקן געביט. איז דעריבער קיין וווּנדער ניט, וואָס אינעם אַלטן ייסראָעל האָט דער קלאַסן-קאַמף געטראָגן אַ רעליגיעזן כאַראַקטער. און די פאָרמולע פון דעמדאָזיקן קאַמף איז געוואָרן: ווער עס איז ניט פאַר יאַהווע, נאָר פאַר באַאַל, דער איז קעגן סאָציאַלער גערעכטיקייט, דער איז קעגן סאָציאַלן יוישער.

געגעבן דעמדאָזיקן נייעם כאַראַקטער יאַהווע האָט די מאַסע, פּראָקלאַמירט אים — האָבן די נעוויִם. זיי הויבן אויף יאַהווע צום גאָט פון דער אַלמאָנע און פון דעם יאָסעם, צום גאָט פון דעם גער און פון דעם שקלאַף—קורץ צום גאָט פון די סאָציאַל-אונטערדריקטע. מיט אַזאַ פּראָגראַם האָט יאַהווע געקאָנט אָנהויבן גאַנץ אַנדערש צו אַרבעטן. דידאָזיקע פּראָגראַם שפּאַרט מען אים עמעס אַריין, מע נויט אים, דעם גאָט פון פייער און בלוט, דונער און בליץ, דעם „אל קנא ונוקם", דעם גאָט פון טאָפּלטער נעקאָמע — צו ווערן דער גאָט פון סאָציאַלן יוישער, — אַ מעטאַמאָרפאָזע און אַ גילגל, וואָס ניט אַלע געטער איז געווען באַשערט דורכצומאַכן. איז אַזוי אַרום פאַרברייטערט געוואָרן יאַהוועס האָריזאָנט: דער גאָט פון דער סאָציאַלער גערעכטיקייט באַ זיין אייגענעם פאָלק האָט שוין געקאָנט אָנהויבן פּרעטענדירן צו ווערן דער עטישער גאָט ביכלאַל, צו פרוּוון באַזייטיקן די גרענעצן פון אַ באַשטימטער מעלוכע, איבער וועלכער ער האָט ביז איצט געהערשט, צו ווערן אוניווערסאַל. דעריבער איז קיין פראַגע ניט, אַז עס איז ריכטיק וועלהויזנס טעזיס: „וואָלטן, זאָגט ער, די ייסרייִלים געבליבן אין דער מידבער און אינעם באַרבאַרישן צושטאַנד, איז אַ גרויסע פראַגע, צי זייער שפּעטערדיקע געשיכטלעכע אַנטוויקלונג וואָלט געווען מעגלעך; עס וואָלט געוואָרן פון זיי דאָס, וואָס עס איז געוואָרן פון אַמאָלעק, אָדער, אַז אַסאַך, דאָס, וואָס ס'איז געוואָרן פון עדאָם, מויאָוו און אַמוין" *. וואָרעם ערשט אינעם פייער פונעם סאָציאַלן קאַמף, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אינעם קולטור-לאַנד קנאַאַן, און ערשט דורך דעם, וואָס די

* J. Wellhausen. Israelitische und jüdische Geschichte 1921, p. 48.

מאַסע האָט אים געצוווּנגען צו שטעלן זיך אַף איר זייט — ערשט דורך דעם האָט יאַהווע געקענט ווערן דאָס, וואָס ער איז שפּעטער געוואָרן — אַן אוניווערסאַלער גאָט.

אָבער מע האַרף האָבן מאַזל אויך—מאַלאָכים און געטער ניט ווייניקער פאַר פּאָשעטע באָסאַר=וואָדאָמס, אָדער אַ סוואָרע נאָך מער. שלוימע האַמעלעך איז, אַ שטייגער, געבאָרן געוואָרן אין אַ זיידן העמדעלע. ער, וואָס האָט דערמאָרדעט דעם געזעצלעכן טראָנפאָלגער אַדויניא און וואָס האָט אַזוי אויסגעזויגן די באַפעלקערונג, אַז די מעלוכע איז גלייך נאָך זיין טויט צעפאַלן געוואָרן — ער איז געוואָרן אין דער ליעגענדע דער קיניג פון גערעכטיקייט! און ניט ווייניקער מאַזל האָט געהאַט יאַהווע. זיין רום איז איבער נאַכט גוואַלטיק אויסגעוואַקסן. פאָרגעקומען איז דאָס אָט ווי:

אַשור, וואָס האָט אין דעם אַכטן און אין אָנהויב 7=טן י״ה געהערשט איבער די וויכטיקסטע מעלוכעס פון פאָדער=אַזיע, וואָס איז געווען דאָס שטאַרקסטע קיניגטום פון דער דעמאָלטיקער צייט, האָט נאָכן כאָרעוו מאַכן ייסראָעל געוואָלט מאַכן אַ סאָף אויך מיט יעהודאָ. דאָס איז געווען אין דער צייט פונעם קיניג כעזקיאהו און פונעם נאָווי יעשאַיע. די וויכטיקסטע שטעט פון יעהודע האָט די אַסירישע אַרמיי שוין איינגענומען און האָט שוין באַלאַגערט יערושאָלאַ:ם. וואָס פאַר אַ סאָף די באַלאַגערונג וועט האָבן, איז קיין שום צווייפל ניט באַשטאַנען: די קליינע יעהודע איז ניט געווען בעקויעך צו קעמפן קעגן דעם מעכטיקן אַשור. קיין הילף האָט מען פון קיינעם ניט געקאָנט דערוואַרטן, העלפן האָט געקאָנט נאָר יאַהווע מיט זיין אַרמיי. אין דעראָזיקער פאַרצווייפלטער לאַגע טרייסט דער נאָווי יעשאַיע דעם קיניג: וועסט זען, זאָגט ער, יאַהווע וועט ניט לאָזן איינעמען יערושאָלאַ:ם! יערושאָלאַ:ם וועט ניט פאַלן! און דער שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז די מעלוכע יעהודע זאָל נאָך אינדערעמעסן בלייבן אַ קורצע צייט באַשטיין: אין דער אַסירישער אַרמיי איז אויסגעבראָכן אַ גוואַלטיקע עפּידעמיע, אַז די קאַמאַנדע האָט ניט געפונען פאַר מעגלעך פאָרצוזעצן דעם אָנגריף אַף יערושאַלאַ:ם און געמוזט געבן דעם באַפעל — קעדיי צו ראַטעווען די נאָך לעבעדיקע סאָלדאַטן — טייקעף פאַרלאָזן די גרענעצן פון יעהודע. די סיבעס פון דעראָזיקער עפּידעמיע ווייסן מיר ניט גענוי, און מיר קענען זיך בלויז פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ סיבעס דאָס האָבן געקאָנט *זיין*. פון דער עפּידעמיע גופע אָבער און פון איר פאַרנעם ווייסן מיר ניט נאָר פון די יידישע אַנאַלן („מלכים“ ב׳ 19, 35), נאָר אויך פון די אַסירישע.

דאָס איז געווען אַזאַ פינאַל, אַף וועלכן קיינער האָט זיך ניט גערעכט, און ווייניקער פאַר אַלעמען עפּשער גראָד יעשאַיע, וואָס האָט אין דער פאַרצווייפלונג אויסגעשריען: נישקאָשע, יאַהווע וועט ראַטעווען! אָבער עס איז געווען אַ פאַקט: סאַנכערעוו, דער מעכטיקער קיניג פון אַשור, פאַר וועמען געטער און פעלקער האָבן זיך געבוקט, האָט ניט געקאָנט באַצווינגען דעם גאָט יאַהווע און זיין וואַסאַל יעהודאָ. וואָלט די רעליגיעז=נעוו:ישע פאַרטיי ניט געמאַכט קיין אויספיר פון דעראָזיקער געשעעניש, וואָס האָט אַלעמען פאַרדרייט דעם קאָפּ, — וואָלט דאָס געווען אומנאַטירלעך. דידאָזיקע פאַרטיי האָט *געמוזט* מאַכן די נויטיקע אויספירן פון דעמדאָזיקן פאַקט, אַז יאַהווע האָט ניט דערלאָזן איינעמען יערושאָלאַ:ם, די שטאָט, ווו עס געפינט זיך זיין אייגענער טעמפּל, ווו מע דינט צו אים און ווו מע פאַרערט אים.

צוויי אויספירן האָט געמאַכט די רעליגיעז=נעוו:ישע פאַרטיי פון דער עפּידעמיע אין דער אַסירישער אַרמיי, וואָס איר האָט יערושאָלאַ:ם געהאַט צו פאַרדאַנקען, וואָס זי איז נאָך געבליבן אַ קורצע צייט באַשטיין. דער ערשטער אויספיר איז געווען: *יאַהווע זאָרגט אַליין פאַר יערושאָלאַ:ם*; דער צווייטער: *דעריבער איז יערושאָלאַ:ם דאָס הייליקסטע אָרט פון גאַנץ יעהודע און אַז אַף לעהאַבע דאַרף מען פאַרערן יאַהווע נאָר דאָ, ווו זיין טעמפּל שטייט.* מע מוז אָבער אויך דאַנקבאַר זיין יאַהווען און אופהערן פאַרערן אַנדערע געטער און אָפּגעטער, ווי די אַשרות און די מצבות, די שלאַנג א. א. וו. אויב דער צווייטער אויספיר האָט פּראַקטיש באַטייט: קאָנצענטראַציע פון קולט און אַליינמאַכט פאַר יאַהווע אין יעהודע, האָט דער ערשטער אויספיר אין זיין קאָנסעקווענץ געהייסן: *אַ סאָף צו דער פּאָליטישער מעלוכע*.

די אופגאַבן, וואָס עס זיינען פאַר איר ביז איצט געשטאַנען: פאַרטיידיקן די אייגענע גרענעצן קעגן דעם פיינט א. א. וו. — דידאָזיקע אופגאַבן זיינען איצט אַריבער צו יאַהווע, דעם אויבערקאָמאַנדיר פון דער הימלשער אַרמיי, דעם „שר צבאות“. אין דער נאַכט, ווען די עפּידעמיע האָט אַוועקגעלייגט די סאָלדאַטן פון אשור, — אין דערדאָזיקער נאַכט האָט געפונען איר טויט אויך די פּאָליטישע געשיכטע פונעם קיניגרייך יעהודע. די ווייטערדיקע פאַרוואַנדלונג פון דער פּאָליטישער נאַציע אין אַ רעליגיעזער קעהילע און דער שלום פון דעמדאָזיקן פּראָצעס, איז נאָר דער העמשעך פון דערדאָזיקער נאַכט, ווען צוזאַמען מיט דער עפּידעמיע אין דעם אַסירישן כאַיעל איז געקומען די טעאָקראַטיע אינעם יידישן קיניגרייך.

געוווּנען האָט יאַהווע אויך פון שוימרוינס אונטערגאַנג. וואָרעם גראָד אין דער צאָפּנמעלוכע און אין איר הויפּטשטאָט האָט געוועלטיקט באַאַל. פון דער טראַגעדיע פון דערדאָזיקער מעלוכע האָבן געצויגן זייער יעניקע ניט ווייניק רעדעס פון די נעווי:ים. דאָס איז געווען דער שטאָף פאַר זייערע שטראָף=רייד: יעהודע, דין ניט דעם באַאַל, אַזוי ווי ייסראָעל האָט דאָס געטאָן, אַנים וועסטו האָבן דעמזעלביקן סאָף. די גוואַלטיקע איבעראַשונג, וואָס סאַנכערעוו געטאָן, אַניט וועסטו האָבן דעמזעלביקן סאָף. און די גוואַלטיקע איבעראַשונג, וואָס סאַנכערעוו האָט ניט געקאָנט איינעמען יערושאָלאַים, איז געווען די דערגאַנצונג פאַר דערדאָזיקער סיסטעם. די רעליגיעז=נעווי:ישע פאַרטיי האָט אַזוי אַרום אופגעשטעלט אין יעהודאָ באַם סאָף 8=טן און אָנהייב 7=טן י״ה די פאָדערונג: אָפּרייניקן דעם קולט. בעראָש פון דערדאָזיקער באַוועגונג איז געשטאַנען אין יענער צייט דער נאָווי יעשאַיע. מיט יאַהוועס אָנזעען איז צוגלייך געשטיגן זיין אייגענער אָנזעען. ער ווערט דער באַראַטער פונעם קיניג כעזקיא, די פּראָפעטישע פאַרטיי געווינט אַ גרויסע האַשפּאָע אַף דער פּאָליטיק פון דער מעלוכע.

דאָס ערשטע, וואָס קיניג כעזקיא האָט אונטער דעם דרוק פון דער רעליגיעז=נעווי:ישער פאַרטיי דורכגעפירט, איז גראַד געווען די רייניקונג פון דעם קולט: „ער האָט אָפּגעטאָן די באָמעס צעבראָכן די מאַצייוועס, פאַרטיליקט די אַשיירעס און צעהאַקט די קופּערנע... שלאַנג“. עפּשער איז געווען אַ פעלער, וואָס דידאָזיקע פאַרטיי האָט געמאַכט אַזאַ שטאַרקן אָנגריף, ווייל ער האָט געמוזט אַרויסרופן אַ שטאַרקע רעאַקציע קעגן אָט דערדאָזיקער נייס. און דידאָזיקע רעאַקציע איז בעעמעס געקומען גלייך נאָך כעזקיעס טויט. אין דער צייט פונעם קיניג מענאַשע איז ניט נאָר אופגעשטעלט געוואָרן דער אַלטער קולט, נאָר נאָך מער: מיר דערוויסן זיך, ווי גרויס עס איז געווען דער איינפלוס פון אַשור אַף יעהודא גראָד אין דערדאָזיקער צייט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אינדערעמעסן קען יאַהווע גאָרניט אַזוי גוט פאַרטיידיקן יעהודאָ, וואָרעם יאַהווע איז געווען די גאַנצע צייט אַשורס אַ פאַקטישער וואַסאַל. אַלס וואַסאַל האָט מען אָבער אויך געמוזט איינפירן די אַסירישע סאָליאַרע (זון=) דינסט. און מיר דערוויסן זיך, אַז גראָד אין דער צייט האָט מען אופגעבויט מיזבייכעס פאַר הימלשע גייסטער אָדער דעמאָנען (לכל צבא השמים — מלכים ב׳ 5—3 ,21). אָבער די סאָציאַלע באַוועגונג פאַר דער גאַנצער צייט פון דעמדאָזיקן יאָרהונדערט האָט געשאַפן די נויטיקע באַדינגונגען, אַז די פּראָגראַם פון דער רעליגיעז=נעווי:ישער פאַרטיי זאָל סאָפּקאָלסאָף ווערן דורכגעפירט, און זי איז דורכגעפירט געוואָרן אין דעם יאָר 621.

דאָס איז די דאַטע, ווען עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דאָס געזעץ=בוך, וואָס הייסט „דברים“, אָדער „משני=תורה“(Deuteronomium). „געפונען“ דאָסדאָזיקע געזעץ=בוך האָט, לויט די אַנאַלן, ניט קיין אַנדערער, ווי כעלקיאָהו דער קויהען גאָדל, ד. ה. דער העכסטער גייסטלעכער. און „געפונען“ האָט ער דאָס אויך אין אַ פּאַסיקן אָרט — אין דעם טעמפּל גופע, אין „יאַהוועס הויז“, ווי עס הייסט אין דעם טעקסט. דער געפינער פון דעמדאָזיקן געזעץ=בוך און דאָס אָרט, וווּ מע האָט דאָס געפונען, זאָגן קלאָר, וועלכע קרייזן עס זיינען געווען די פאַרפאַסער פון אָט דעמדאָזיקן „ספר התורה“. אַז מען האָט דאָס דורכגעלייענט פאַר דעם קיניג יאָשיא, זאָל ער האָבן צעריסן די קליידער אַף זיך — אָט אַזאַ איינדרוק האָט עס אַף אים געמאַכט. און עס איז אויך קיין וווּנדער ניט. וואָרעם לויט דעמדאָזיקן בוך האָט מען ביז איצט פון רעליגיעזע מינהאָגים געטאָן אַלצדינג, אָבער ניט דאָס, וואָס מע האָט געדאַרפט טאָן. עס

שטעלט זיך אַרויס, אַז, אַשטייגער, דעם וויכטיקסטן יאָנטעוו פון דעם אַלטן יאַהווע, דעם יאָנטעוו פון די קאָרבאָנעס—פּעסאַך, האָט מען גאָר ניט געפייערט: „און דער קיניג האָט פאַרזאָגט דעם גאַנצן פאָלק אַזוי: מאַכט פּעסאַך פאַר יאַהווע אייער גאָט, אָט אַזוי, ווי עס שטייט געשריבן אין דעמדאָזיקן בוך פון בונד, וואָרעם אַזוי האָט מען פּעסאַך ניט געפייערט, זינט די שאָפטים האָבן געמישפּעט ייסראָעל און אין דער גאַנצער צייט פון די קיניגן פון ייסראָעל און פון די קיניגן פון יעהודאָ“. מיר דערוויסן זיך אַלזאָ, אַז ביז צום יאָר 621, ד. ה. אין אַ מעשעך פון אַן ערעך 700 יאָר, האָט מען פּייסעך אַלס רעליגיעזן יאָנטעוו פון ברענגען קאָרבאָנעס קימאַט ווי ניט געפייערט.

נאָכדעם, ווי מע האָט פאַרעפנטלעכט אין אַ ספּעציעל אָרגאַניזירטער פאַרזאַמלונג דעם גאַנצן טעקסט פון דעמדאָזיקן בוך, איז לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג אָפּגעריניקט געוואָרן ניט נאָר דער טעמפּל גופע און יערושאָלאַיִם פון אַלע אָפּגעטער און געצן, נאָר אויך דאָס גאַנצע לאַנד. פון איצט אָן האָט מען ניט געטאָרט שעכטן קאָרבאָנעס און פאַרערן גאָט אַף יעדן באַרג און בערגל און אונטער יעדן גרינעם בוים; פון איצט אָן איז יאַהווע געווען די איינציקע גאָטהייט פאַר יעהודאָ, און יערושאָלאַיִם דאָס איינציקע אָרט, וווּ מע האָט אים געדאַרפט פאַרערן. דאָס איז געווען דער שלום פון אַ לאַנג דויערנדיקן פּראָצעס און דער דירעקטער רעזולטאַט פון יענער נאַכט, בעיים די עפּידעמיע האָט אַוועקגעלייגט באַ די טויערן פון יערושאָלאַיִם אַשורס כאַיִעל *.

די 30 יאָר, וואָס יעהודאָ האָט נאָך דעמדאָזיקן אַקט עקזיסטירט, וויניקסטנס פאָרמעל, אַלס אַ זעלבשטענדיקע מעלוכע, האָבן קיין נייס אין דער רעליגיעזער אַנטוויקלונג ניט אַריינגעבראַכט און האָבן בלויז פאַרטיפט דאָס, וואָס ס'איז געשעען אין דעם יאָר 621. אַזוי אַרום, אַז נאָך דער צעשטערונג פון יערושאָלאַיִם דורך די כאַלדייער (די „כשדים“, 586) און נאָך דעם פאַרטרייבן קיין באָוועל, האָט די רעליגיעזע אַנטוויקלונג שוין געהאַט אַזאַ פעסטן און צוגלייך איינגאַרטיקן פונדאַמענט, אַז עס איז נאָר געבליבן אויפצוריכטן דעם ביניען. גענומען זיך פאַר דעם האָט די טעאָקראַטישע ריכטונג אין באָוועל גופע, וואָס האָט זיך געפונען צווישן די פאַרטריבענע.

בעראָש פון דערדאָזיקער ריכטונג זיינען געשטאַנען יעכעזקל און יעשאַיע דער צווייטער, ד. ה. יענער אַנאָנימער נאָווי, וואָס האָט אָנגעשריבן די קאַפּיטלען 40—45 פון דעם איצטיקן בוך „ישעיה“. יעכעזקל גופע איז ניט געווען קיין נאָווי, נאָר אַן אויסגעשפּראָכענער פאַרטרעטער פון דער טעאָקראַטישער ריכטונג — א פּריסטער, אָדער אַ קויהען. זייענדיק אין באָוועל, האָט ער אויפגעשטעלט אַ פּראָגראַם פון דער צוקונפטיקער מעלוכע, וואָס האָט באַטייט די אַבסאָליוטע היעראָקראַטיע. אויסער דעם האָט דידאָזיקע ריכטונג אין באָוועל פאַרברייטערט דעם פונדאַמענט, אַף וועלכן עס איז שפּעטער אויפגעבויט געוואָרן די שייד־וואַנט צווישן ייד און ניט־ייד. די מינהאָגים, ווי מילע, שאַבעס א. א. וו., וואָס זייער אורשפּרינגלעכער כאַראַקטער איז, ווי מיר האָבן אויבן געזעען, געווען ווייט פון אַבסאָליוטער רעליגיעזקייט — זיינען געוואָרן איצט פאַר אַ צייכן אַף אונטערשיידן דעם יידן פון דעם ניט־יידן. אַזוי אַרום, אַז נאָך דער רעסטאַווראַציע האָבן די, וואָס זיינען געקומען פון באָוועל צוריק קיין יערושאָלאַיִם, געטראָפן אין יעהודאָ און יערושאָלאַיִם אַ בילד, וואָס זיי האָבן זיך דאָס אַפילע ניט געקאָנט פאָרשטעלן. מיט וואָס פאַר אַ מיטלען נעכעמיע האָט געמוזט דורכפירן שאַבעס, האָבן מיר אויבן געזעען. פונקט אַזוי איז באַשטאַנען די פראַגע מיט די פרעמדע כאַסענעס. די מאַסע פון יעהודאָ און יערושאָלאַיִם, וואָס איז ניט געווען אין באָוועל, ווו עס איז פאַר דערדאָזיקער צייט געלייגט געוואָרן דער יעסאָד פון דער רעליגיעזער איידע, און האָט געלעבט מיט די אַלטע טראַדיציעס, האָט דאָס ניט געקאָנט באַגרייפן. וואָרעם פון קיין מעכיצע צווישן ייִד און ניט־ייִד האָט מען פאַר דעם יאָר 586 אין יעהודאָ ניט געוווּסט. און גראָד אין דער צייט נאָך דעם אונטערגאַנג פון דער מעלוכע,

* וועגן דער סאָציאַלער געזעצגעבונג אין „דברים“ ז. מיינע אויבן אָנגעוויזענע אַרבעטן. דאָ האָט אונדז אינטערעסירט קוידעםקאָל די טעאָקראַטישע זייט פון דעמדאָזיקן געזעצבוך.

ווען עס איז ניט געווען קיין אייגענער פעסטער בונד און עס האָט געהערשט פריער דער כאַלדייִשער, נאָכדעם דער פּערסישער סאַטראַפּ, זיינען נאָך מער באַזייטיקט געוואָרן אַלע מעכיצעס צווישן ייִדן אָדער ריכטיקער יעהודייער — און ניט=ייִדן. גראָד אין דער צייט איז די אַסימילאַציע שטאַרק דורכגעדרונגען, וואָס ווידעראַמאָל מוז דאָס קאָנסטאַטירן נעכעמיע גופע. ווי איז אָבער פאָרגעקומען די רעסטאַווראַציע?

מיר געפינען זיך אין דער צייט, ווען די גרויסע קולטור־מעלוכעס ווערן כאָרעוו איבערנאַכט. אַפן אָרט פונעם מעכטיקן אַשור איז געקומען דער מעכטיקער באָוועל. אָבער ניט לאַנג האָט ער באַהערשט די דעמאָלטיקע וועלט. אין דעם קאַמף מיט דער ניי=אופשטייגנדיקער מאַכט — מיט די פּערסער (פּרס) האָט באָוועל געמוזט אָפּרוימען דאָס פעלד. די פּערסער זיינען געבליבן די יאָרשים פון דער פריערדיקער גרויסער מעלוכע באָוועל (מיר געפינען זיך באַם סאָף 6=טן י"ה). מע האָט אָבער געדאַרפט אויך וויסן, ווי צו רעגירן. דער באָדן איז געווען צו היים, אַז אופשטאַנד פון די פיל קליינע אונטערוואָרפענע פעלקער, די פריערדיקע וואַסאַלן פון באָוועל, וואָלט געקאָנט מאַכן אַ גיכן סאָף פון פּערסיע (פּרס) גופע. און נאָך אַ זאַך: גריכנלאַנד—אַטען, קאָרינט, ספּאַרטאַ א. א. וו. — האָבן געקוקט שאַרף אַף דעם, וואָס עס קומט פאָר אין קליין=אַזיע. זיי האָבן געשפּירט, אַז די יאָנישע מעלוכעס שטייען אין סאַקאָנע, אַז פּאָראַס (פּערסיע) האָט בעדייע ווייטער צו פאַרשפּרייטן איר מאַכט און אָקופּירן דאָס דאָזיקע הויך אַנטוויקלטע לאַנד. די קיניגן פון פּאָראַס האָבן פון זייער זייט געוווּסט, אַז אופנעמען דעם דאָזיקן קאַמף מיט די גריכישע מעלוכעס וועלן זיי זיין ביעכוילעס נאָר דאַן, ווען באַ זיך אינדערהיים גופע וועט זיין שאָלעם=וועשאַלווע, ד. ה. ווען מע וועט קאָנען די אַלטע אונטערגעוואָרפענע פעלקער באַפרידיקן און זיי געווינען אַף זייער זייט. אָט דאָס איז געווען די ליניע פון דער דעמאָלטיקער פּערסישער אויסערלעכער פּאָליטיק: אַ קאָנקורענץ=קאַמף מיט גריכנלאַנד פאַר די קליינע פאָדער=אַזיאַטישע פעלקער. האָט מען געדאַרפט „באַפרייען" די דאָזיקע פעלקער. דאָס האָבן שוין די פּערסישע קיניגן פאַרשטאַנען מיט 2500 יאָר פריער פאַר דעם ענגלישן קיניג געאָרג און זיין אויסערן=מיניסטער באַלפור!

די ייִדישע אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט זיך געפונען אין באָוועל — און וואָס האָט אַגעוו, ווי מיר קאָנען דאָס דרינגען אַפן סמאַך פון די דאָקומענטן, זיך גוט איינגעאָרדנט — האָט געוווּסט פון דער דאָזיקער שטימונג באַם פּערסישן הויף. מיר ווייסן ניט, וואָס פאַר אָפּמאַכן די טעאָקראַטישע גרופּע האָט אונטער עזראַס אָנפירונג געשלאָסן מיט דער פּערסישער רעגירונג. מיר ווייסן נאָר, אַז דער קיניג קוירעש (קסערקס) איז מאַסקים געווען, אַז אין יערושאָלאַיִם זאָל ווערן צוריק אופגעבויט יאַהוועס טעמפּל, אָבער ניט מער. פון קיין פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט איז ניט געווען קיין רייד אַפילע.

מער אָבער האָט די טעאָקראַטיע אויך ניט פאַרלאַנגט. עס איז ניט געשטאַנען פאַר איר די פראַגע וועגן אַ זעלבשטענדיקער פּאָליטישער מעלוכע, נאָר וועגן קאָנסטיטויִרן אַ רעליגיעזע איידע. פירן אַ מעלוכע איז גאָטס זאַך. די קאַטאַסטראָפע איז דאָך גראָד דערפאַר געקומען איבער יִסראָעל און יעהודאָ, ווייל זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט מעלוכע=איניאָנים, פאַרטיידיקן דאָס לאַנד א. א. וו. — לויטער זאַכן, וואָס געהערן יאַהוועס. באַ אַזוינע פאָדערונגען מיצאַד דער ייִדישער אַריסטאָקראַטיע איז דעם קיניג קוירעש געווען ניט שווער דערויף איינצוגיין און זיך באַוואָרענען מיט אַן אונטערשטיצונג אין סיריע מיצאַד די ייִדן, אָדער ווייניקסטנס ניט מוירע האָבן, אַז אין דעם קריג מיט גריכנלאַנד זאָלן זיי אויסנוצן די לאַגע און אַליין פּראָקלאַמירן זייער אומאָפּהענגיקייט. די ייִדישע גייסטלעכע האָבן פּראָקלאַמירט דעם קיניג פון פּאָראַס קוירעש פאַר דעם ייִדישן מאָשיאַך, פאַר דעם אויסדערוויילטן און פאַר דעם פאַרטרעטער פון דעם ייִדישן גאָט יאַהווע! מיר לייענען אין עזראַס מעמואַרן (1, 2): „אַזוי רעדט קוירעש, דער קיניג פון פּאָראַס: יאַהווע, דער גאָט פון הימל, האָט מיר געגעבן אַלע קיניגרייכן... און ער האָט מיר געהייסן: אופבויען אים אַ הויז אין יערושאָלאַיִם אין יעהודאָ" — דער פּערסישער קיניג איז געוואָרן דער פּראָטעקטאָר פון דער ייִדישער רעליגיעזער איידע, וואָס האָט

פון איצט אָן געזעען איר ווירטיקסטן ציל אין אָפּשיידן זיך פון די אַרומיקע פעלקער דורך שאַפן אַ ספּעציעלן קולט און דורך איינפירן דעם קאָדעקס פון די גייסטלעכע *.

---

דאָס יאָר 444, ווען די היעראָקראַטיע איז איינגעפירט געוואָרן דורך עזראָ און נעכעמיע, איז דעריבער אַ וויכטיקע דאַטע אין דער געשיכטע פון די ייִדן. מיט דעמדאָזיקן אַקט האָט די פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט פון יעהודאָ שוין אינגאַנצן אופגעהערט. וואָס עס קומט שפּעטער, אין דער צייט פון די מאַקאַבייער א. א. וו., איז נאָר אַן אופלאַקערן פון אַ לאַנג אויסגעגאַנגענעם פייער. ענדערן דעם פּאָליטישן גאַנג פון דער ייִדישער געשיכטע איז שוין געווען אומעגלעך. ניט נאָר צוליב די סעלויקידן אָדער צוליב די שפּעטערדיקע רוימישע קאָנסולן. אינערלעך איז שוין יעהודאָ ניט געווען פעיִק צו זיין אַ זעלבשטענדיקע פּאָליטישע מעלוכע, ווייל עס איז געוואָרן אַ רעליגיעזע איידע.

ווי איז אָבער געשטאַנען איצט די סאָציאַלע פראַגע אין שייכעס מיט דערדאָזיקער רעוואָליוציע אַפן געביט פון דער רעליגיע?

די מאַסע האָט געגלויבט, אַז יאַהווע איז דער גאָט פון דער גערעכטיקייט און פון דער סאָציאַלער גלייכקייט. זי אַליין האָט זיך דאָס אויך איינגערעדט. די אונטערדריקטע מאַסע האָט דעריבער געוואַרט נאָר אַף יאַהוועס זיג. אין דעמדאָזיקן מאָמענט, ווען יאַהווע וועט זיגן, וועט ווערן אויך איר גוירל אַן אַנדערער. דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון דער גאַנצער פּראָפּאַגאַנדע פון דער רעליגיעז=נעוויִישער פּאַרטיי. ווייניקסטנס האָט די מאַסע געקאָנט מאַכן אַזאַ אויספיר. איז דעריבער קיין וווּנדער ניט, אַז איצט, נאָך דער פּראָקלאַמאַציע פון יאַהוועס הערשאַפט און פון יאַהוועס זיג, האָט די מאַסע געפאָדערט, מע זאָל באַצאָלן דעם וועקסל. דידאָזיקע פאָדערונג האָט געמוזט אַף וועלכן ניט איז אויפן ווערן באַפרידיקט. יעדנפאַלס האָט מען געמוזט באַרויִקן די מאַסע, וואָרעם אַניט האָט דער גאַנצער זיג יאַהוועס (און בעמיילע דער זיג פון דער טעאָקראַטישער פּאַרטיי) געקאָנט אין אַ רעגע צערונען ווערן.

דער סאַטראַפּ פון דעם פּערסישן קיניג — נעכעמיע — שרייבט אין זיינע מעמואַרן (5, 1—5) וועגן דער שטימונג פון דער מאַסע אַזוי: ...„עס איז געווען גרויס דער געשריי פונעם פאָלק און פון זייערע ווייבער צו זייערע ברידער די יאַהודים (ד. ה. די האַרן און פירשטן. מ. ל.). אַ טייל פון זיי זאָגט: אונדזערע זין און אונדזערע טעכטער (מוזן מיר פּאַרמאַשקענען) אַף צו נעמען קאָרן צום עסן און מיר זאָלן לעבן. און אַ טייל פון זיי זאָגט: אונדזערע פעלדער און אונדזערע וויינגערטענער מוזן מיר פּאַרמאַשקענען אַף צו נעמען קאָרן אין דער צייט פון הונגער... מיר זיינען אָבער פון דעמזעלביקן פלייש, וואָס אונדזערע ברידער (ד. ה. די, וואָס נעמען אַוועק די פעלדער מ. ל.), אונדזערע זין זיינען אַזוינע, ווי זייערע זין, און פונדעסטוועגן מוזן מיר דערנידעריקן אונדזערע זין און טעכטער צו שקלאַפן; אונדזערע טעכטער זיינען שוין געוואָרן שקלאַפנס און מיר קאָנען קיין זאַך ניט טאָן, ווייל אונדזערע פעלדער און וויינגערטנער געהערן צו די האַרן".

נעכעמיע האָט קלאָר געמאַכט פאַר די פירשטן, וואָס האָבן אַוועקגערויבט בא דער פּויערים-מאַסע איר שטיקל ערד און פאַרשקלאַפט אירע קינדער, וואָס אַזאַ מין שפּראַך באַטייט. זיי האָבן דאָס פאַרשטאַנען און געפונען פאַר ריכטיקער אומקערן מיט גוטן די אַוועקגערויבטע פעלדער. אַזוי אַרום איז די שטימונג פון דער רעוואָליוציאָנירטער מאַסע אַף אַ ווילע געוואָרן באַרויִקט. אָבער נאָר אַף אַ ווילע. די סאָציאַלע פראַגע איז דורך דעם ניט געלייזט געוואָרן, און יאַהווע האָט זיין וועקסל נאָך ניט אויסגעקויפט.

די מאַסע פאַרשטייט ניט, וואָס דאָס באַטייט. זי קאָן ניט באַגרייפן, ווי אַזוי קומט דאָס, אַז דער רייכער, וואָס זינדיקט אַף יעדן טריט און שריט, וואָס רויבט און גאַנוועט, זאָל לעבן

* די ייִדן אין דער דיאַספּאָרע האָבן אָבער פון דער גאַנצער רעפאָרמאַציע קיין אַנונג ניט געהאַט. די ייִדישע מיליטערישע קאָלאָניע אין עלעפאַנטינע פון מיצראַים האָט נאָך באַם סאָף 5=טן י"ה (יאָר 407 פאַרערט אויסער יאַהווע נאָך אַנדערע געטער. ז. Eduard Meyer. Der Papyrusfund von Elephantine, Leipzig 1912. און מיין אַרטיקל „די אויסגראָבונגען אין עלעפאַנטינע" אין דעם ערשטן נומער „מילגרוים" בערלין 1923.

גליקלעך און דער אָרעמאַן, וואָס טוט דאָס, וואָס זיין גאָט הייסט אים, איז רעכטפאַרטיק, רויבט ניט און גאַנוועט ניט — אַז דערדאָזיקער רעכטפאַרטיקער מענטש, דער „צאַדיק“, זאָל מוזן לעבן אין דאַכקעם? עס קומט די פראַגע: „פּ אַ ר וו אָ ס“? וואָס איז געוואָרן זייער שווער פאַר יאַהווע, ווייל זיינע פאַרטרעטער האָבן אַף איר ניט געקאָנט געבן דער מאַסע קיין קלאָרן ענטפער.

אין דערדאָזיקער צייט באַהערשט אַ טיפער פעסימיזם די גאַנצע געזעלשאַפט, וואָס האָט געפונען זיין שאַרפסטן אויסדרוק אין דעם באַרימטן ווערק „קהלת“. דאָסדאָזיקע ווערק איז אַ טרויעריקער אַטעסטאַט פאַר יאַהווע. דער מעכאַבער פון דעם ווערק האָט געוווּסט אויסגעצייכנט, אַז ער טאָר ניט אופשרייבן אַף אים זיין אייגענעם נאָמען, האָט ער געמאַכט דעם קיניג שלוימע פאַרן פאַרפאַסער. נאָר דורך דעם קאָנען מיר דאָס דערקלערן, וואָס דאָסדאָזיקע ווערק איז דורך דער שפּעטערדיקער רעדאַקציע אַריינגענומען געוואָרן אין גאַנצן טאַנאַך און איז אַזוי אַרום קאַנאָניזירט געוואָרן.

אויך „איוב“ (איעוו) איז אַ פראָדוקט פון דערדאָזיקער צייט. דער דיכטער האָט דאָ אַרויסגעשטעלט דעם סאָטן פאַר אַ געטלעכער קראַפט, וואָס איז לעבן אָלאַפּאַכעס גלייך צו יאַהווע, אויב נאָך ניט גרעסער פאַר אים. איעוו, אַ רעכטפאַרטיקער מענטש, ווערט איבערגעגעבן דעם סאָטן אין די הענט, מוז אויסשטיין אַזוינע שרעקלעכע ליידן. דאָס זיינען אַלץ ניט קיין גלענצנדיקע אַטעסטאַטן פאַר יאַהווע.

אָבער דער סאָטן איז געווען צוגלייך די יעשועס פאַר יאַהווע. פריער האָט מען דעם סאָטן אין יעהודאָ ניט געקענט. מע האָט אים אימפּאָרטירט פון דער פערסישער רעליגיע, ווערעמס הויפּט־סימען איז דער דואַליזם. דער סאָטן האָט געקאָנט אַף אַ ווײַלע דינען אַלס אַן ענטפער אַף דער פראַגע: „פאַרוואָס“? „איך בין ניט שולדיק“, — האָט געענטפערט יאַהווע מיטן מויל פון זיינע פאַרטרעטער, — „שולדיק איז דער סאָטן“. און די פאַרטרעטער פון דעם איצט שוין אַלמעכטיקן גאָט האָבן ניט געזען אָדער ניט געוואָלט זען, ווי לעכערלעך זיי מאַכן יאַהווען און זיך אַליין מיט דעמדאָזיקן ענטפער.

וואָרעם עס איז געווען שווער צו געבן דער מאַסע אַן ענטפער אַף איר באַרעכטיקטער און זייער לאָגישער פראַגע: „פאַרוואָס“? יאַהוועס באַנקראָט איז שוין געווען קימאַט ווי אַ פאַקט. מע האָט געמוזט ראַטעווען די לאַגע. ווען די מאַסע דערקענען יאַהוועס באַנקראָט, ווען זי גלייכצייטיק מאַכן די גויטיקע אויספירן אויך פאַר זיין פאַרטרעטער דאָ. אַן ענטפער האָט ־עריבער געמוזט געגעבן ווערן. דעם וועקסל האָט מען ניט געטאָרט לאָזן פראָטעסטירן.

אויסקויפן דעמדאָזיקן וועקסל האָט מען ניט געקאָנט. דערצו וואָלט מען געמוזט ענדערן די גאַנצע סאָציאַלע אָרדענונג און קוידעמקאָל אופהערן אַליין צו זיין דאָס, וואָס מע איז, דאָס הייסט, די הערשער פון דער מאַסע. אָבער מע האָט געפונען אַ מעגלעכקייט, וויאַזוי צו פּראָלאָנגירן יאַהוועס וועקסל, און פּראָלאָנגירן — אַף אַן אומבאַשטימטע צייט.

דאָס איז געווען די נייע לערע פון „שכר ועונש“, פון „געצאָלט און שטראָף“. דער סאָציאַלער זין דערפון איז באַשטאַנען אין דעם: אַף דער פראַגע פון דער ליידנדיקער מאַסע: „פאַרוואָס“? „פאַרוואָס לעבט דער ראָשע אַזאַ גוטן טאָג און דער ערלעכער מאַן מוז הונגערן“? אַף דערדאָזיקער פראַגע האָט יאַהווע געענטפערט דורך זיינע פאַרטרעטער מיטן קורצן און פּאָשעטן וואָרט: „ס'אַ דייגע!“ „זאָל הוליען דער ראָשע, זאָל הונגערן דער רעכטפאַרטיקער מאַן, יעדערער וועט באַקומען זיין געצאָלט. וואָס מער געהוליעט דאָ, אַלץ מער שטראָף דאָרטן! וואָס מער געהונגערט דאָ, אַלץ מער געצאָלט דאָרטן!“.

האָט מען געהייסן דער מאַסע דערווײַלע הונגערן, ווייל דאָס איז נאָר צוליב איר אייגענער טויווע ווענן. זאָל זי וואָס מער שפּאָרן פאַר „דאָרטן“. האָט געמוזט ווערן דאָס „דאָרטן“ אויך קאָנקרעט, פיזיש אָנגעמבאַר. דאָס איז אָבער ניט געווען שווער, וויבאַלד עס האָט שוין עקזיסטירט די לערע פונעם „באַלאַנס אַף שפּעטער“.

וועגן דעם לעבן נאָכן טויט האָט מען אין ייִסראָעל און יעהודאָ געהאַט זייער פעסימיסטישע האַסאָגעס. נאָכן טויט ווערט מען אַריינגעוואָרפן אין דעם „באר“, אין אַ טיפן גרוב, אָדער גאָר אין דעם „שאול“ אין דער טיפסטער טיפעניש. און דאָרטן איז נאָך אַלעמען. „ניט די טויטע לויבן גאָט, און אויך ניט די, וואָס גייען אין גרוב אַריין“, — איז דער אויסרוף פון דער צייט. אָדער ווי עס הייסט אין דער קלאַסישער, דורך און דורך מאַטעריאַליסטישער פּאָרמולע, אַז אַ לעבעדיקער הונט איז בעסער ווי אַ טויטער לייב. האָט מען געמוזט אויפשטעלן אַ נייע לערע, וואָס זאָל זיין דער פּויעליוּצע פון דעם „באַלאַנס אַף שפּעטער“.

דידאָזיקע לערע איז דאָס תחית המתים (טכיאַס=האַמייסים), דאָס ווידער לעבעדיק ווערן פון דעם טויטן. דעמאָלט הייבט זיך ערשט אָן דאָס לעבן פאַר דעם אָרעמאַן. ער וועט שפּאַצירן אין גאַניידן און וועט נעמען נעקאָמע אָן יענע, וואָס האָבן אים פריער אויסגעזויגן און אויסגעפרעסט. און טאַקע דאָ, דערביי, נעבן יערושאָלאַים, וועט ער קאָנען זעען, וויאַזוי זיינע אַמאָליקע באַדריקער קומען אָפּ זייער שטראָף, ווייל דאָס וועט אַלצדינג זיין אין דעם טאָל פון הינום (אין דעם געהענעם), וואָס געפינט זיך אַרום יערושאָלאַים.

אָט אַזוי האָט געראַטעוועט דאָס „תחית המתים“ קוידעמקאָל דאָס לעבן פון דעם יידישן גאָט גופע.

## א. קירזשניץ

# „בונד" און רסדא"פּ ערעוו דעם צווייטן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר*

(ניט פּאַרעפנטלעכטע מאַטעריאַלן פונעם געוו. אויסלענדישן בונדישן ארכיוו און די קאָרעספּאָנדענץ פון דער „איסקרא" מיט אירע רוסלענדישע טוער)

דער געגעבענער אַרטיקל איז אַ טייל פון אַ גרעסערער אַרבעט, וועלכע נעמט אַרום די תּקופה פונעם ערשטן ביזן דריטן צוזאַמענפאָר פון רסדא"פּ (1898—1905).

די הויפּט־אויפגאַבע פון דערהיסטאָריקער אַרבעט איז, פון איין זייט, ברענגען צו דער עפנטלעכקייט די ביז גאָר אינטערעסאַנטע און ווערטפולע דאָקומענטן און מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אינעם געוו. אויסלענדישן בונדישן אַרכיוו, וועלכע זיינען ביז דער סאַמע לעצטער צייט געווען אינגאַנצן ניט צוטריטלעך פאַרן סאָוועטישן פאָרשער פון דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער ייִדישער סוויווע, און, פון דער צווייטער, — אַריינפירן אין אומזאַץ פון אָט־דער פאָרשערישער אַרבעט יענע טיילן פון דער ניט לאַנג פאַרעפנטלעכטער דורכן לענין־אינסטיטוט קאָרעספּאָנדענץ פון דער „איסקרא"־אָרגאַניזאַציע, און באַזונדער — פון כ' לענין, מיט די רוסלענדישע טוער, וועלכע (טיילן) זיינען דירעקט נויגייע דערהיסטאָריקער פראַגע.

אָט־די גרונט־אויפגאַבע באַשטימט שוין קלאָר דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דערהיסטאָריקער אַרבעט. זי מוז זיך דערווייל אָפּזאָגן פון אַנאַליזירן און אָפּשאַצן די נייע מאַטעריאַלן און מאַכן פון זיי די נויטיקע היסטאָרישע אויספירן. דאָס וועט זיין מעגלעך ערשט נאָך דעם, ווי דער גאַנצער נייער מאַטעריאַל וועט זיין פאַרעפנטלעכט, ווען מע וועט אים קאָנען צוזאַמענשטעלן און פאַרגלייכן מיט די ביז איצט באַוווּסטע מאַטעריאַלן.

וואָס איז שייעך דעם געגעבענעם אַרטיקל — צוליב אייניקע סיבעס האָט מען געמוזט אָנהויבן גראָד פון אָט־דעם טייל מאַטעריאַלן — באַגרענעצט ער זיך שטרענג מיט דער תּקופה, וועלכע ער האָט פאַר זיך אָנגעצייכנט, ד. ה. מיטן פעריאָד פון דירעקטן צוגרייטן דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון רסדא"פּ. אַלע פריערדיקע, ווי אויך די שפּעטערדיקע, עטאַפּן אין די באַציאונגען צווישן „בונד" און רסדא"פּ ווערן אין אים ניט באַרירט. זיי וועלן אויספירלעך באַלויכטן ווערן אין די איבעריקע טיילן פון דער אַרבעט.

אין אָט־דעם פעריאָד איז דער שטרייט צווישן „בונד" און דער רסדא"פּ געווען קאָנצענטרירט אויסשליסלעך אַרום דעם בונדישן אָרגאַניזיר־פּרינציפּ. דער אַרטיקל באַגרענעצט זיך דעריבער אויך דעריקער מיט אָט־דער פראַגע, ניט באַרירנדיק אינגאַנצן אייניקע אַנדערע פראַגן, האַגאַם זיי האָבן אַ נאָענטע שייכעס צום שטרייט (לעמאָשל, די דעבאַטן וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע אויפן 5־טן בונדישן צוזאַמענפאָר).

צוליב מאַנגל אין פּלאַץ, איז, צום באַדויערן, געווען ניט מעגלעך צו פאַרעפנטלעכן אינגאַנצן אַפילע די מער־וויכטיקע דאָקומענטן וועגן דער אָרגאַניזיר־פראַגע. פון אַזעלכע גרונט־מאַטעריאַלן, ווי די רעזאָלוציע פון דער בונדישער אויסלענדישער באַראַטונג (מיי 1903), דעבאַטן אויפן 5־טן בונדישן צוזאַמענפאָר א. א., האָט מען געקאָנט ברענגען נאָר קורצע אויסצוגן. דאָס איז אָן ספק אַ ביז גאָר וויכטיקער בלויז, וועלכן מע וועט ביי דער ערשטער געלעגנהייט אומבאַדינגט מוזן פאַרפילן.

---

* די רעדאַקציע האַלט פאַר נויטיק צו באַמערקן, אַז ניט מיט אַלע האַנאַכעס און אויספירן פונעם מעכאַבער איז זי מאַסקים. אין די קומענדיקע זאַמלביכער וועלן מיר זיך נאָך אומקערן צו דער באַהאַנדלונג פון דער פראַגע. רעדאַקציע.

# דער קאמף ארום דעם אָרגאניזיר־קאָמיטעט

דער פּרוּוו פון די אַנטי־איסקרישע אָרגאַניזאַציעס („בונד“ און דער „פּאַרבאַנד פון די רוסישע סאָצ.־דעמ. אין אויסלאַנד“) צונויפצורופן דעם צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אָן דער „איסקרא“ האָט זיך, ווי באַוווּסט, ניט איינגעגעבן. אַדאַנק דער אַנטשײדענער קאַמפּאַניע, וואָס די „איסקרא“ מיטן כ׳ לעניןבעראָש האָבן אין מעשעד פון עטלעכע כאַדאָשים אָנגעפירט קעגן דעם־אָזיקן פּרוּוו אין די רוסלענדישע אָרגאַניזאַציעס, האָבן זײַנע איניציאַטאָרן געמוזט איינגיין אַף דער פּאָדערונג פון דעם „איסקרא“־דעלעגאַט און דעם צוזאַמענפאָר פאַרוואַנדלען אין אַ קאָנפערענץ („ביאַליסטאָקער“), וועלכע האָט אויך קיין וויפל ניט איז מאַמאשעסדיקע רעזולטאַטן ניט געגעבן. זי האָט נאָר אָנגענומען אַן אופרוף צום 1־טן מאַי (1902) און אויסגע־ווילט אַן אָרגאַניזיר־קאָמיסיע אַף צוצוגרייטן דעם צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. העיוים אָבער קימאַט דער גאַנצער באַשטאַנד פון דעראָזיקער קאָמיסיע איז טייקעף נאָך דער קאָנ־פערענץ אַרעסטירט געוואָרן, איז זי זיך באַלד צעפאַלן, ניט צוטרעטנדיק אַפילע צו דער אַרבעט.

דער ביאַליסטאָקער פּרוּוו אַרונטערצורייסן די אָנשטרענגונגען פון דער „איסקרא“ מיטן כ׳ לעניןבעראָש צו ליקווידירן די צעשפּלימערטקייט פון די פּאַרטיי־קויכעס און שאַפן אַ צענט־ראַליזירטע פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי האָט זיך, אַזוי אַרום, ניט איינגעגעבן. אָבער דעראָזיקער פּרוּוו האָט פאַר דער „איסקרא“־אָרגאַניזאַציע, נאַטירלעך, געמוזט נאָך שאַרפער שטעלן די פראַגע וועגן דער נויטיקייט אריבערצונעמען די צוגרייטונג פונעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין די אייגענע הענט.

אין ווירקלעך, באַלד נאָך דער ביאַליסטאָקער קאָנפערענץ רוקט כ׳ לענין אַרויס דידאָזיקע פראַגע, ווי אײנע פון די וויכטיקסטע און אַקטועלסטע פּאַרטיי־אופגאַבן.

„איצט — האָט כ׳ לענין געשריבן אין זײַן בריוו צו ג. מ. קרזשיזשאַנאָווסקי פון 6־טן מיי 1902 — איז אונדזער הויפּט־אופגאַבע צוגרייטן דאָס... וואַרפט אונטער אַלע איניאַנים דער־דאָזיקער אופגאַבע, געדענקט וועגן דער וויכטיקסטער באַדייטונג פונעם צווייטן צוזאַמענ־פאָר!“ [1]

נאָך שאַרפער און קאָנקרעטער פאָרמולירט כ׳ לענין דידאָזיקע אופגאַבע אין זײַן צוּ־שריפט צו כ׳מע קרופּסקעס בריוו פון 22־טן מיי 1902 צום כ׳ לענגניק: „אַלזאָ, אייער אופגאַבע איז איצט באַשאַפן פון זיך אַ קאָמיטעט אַף צוצוגרייטן דעם צוזאַמענפאָר... אַרייַנפירן אייגענע מענטשן אין אַ מעגלעך גרעסערע צאָל קאָמיטעטן... דאָס אַליין איז אויסערסט וויכטיק! גע־דענקט דאָס“. [2]

פון דער צווייטער זייט אָבער, זײַנען די אָביעקטיווע באַדינגונגען געווען אַזעלכע, אַז אָפּן אין גראָ־ליניק דורכפירן אין לעבן דידאָזיקע דירעקטיוו איז דערווייל נאָך געווען ניט מעגלעך. פאָרמעל, לויט דער באַשטימונג פון דער ביאַליסטאָקער קאָנפערענץ, האָט מען באַם אופשטעלן דעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט ניט געקאָנט איגנאָרירן די איבעריקע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך אין איר באַטייליקט. עס איז אויך געווען דורכויס נויטיק פריער צו פאַרשטאַרקן די אידייִשע אין אָרגאַניזאַציאָנעלע ווירקונג פון דער „איסקרא“ אין די גרעסערע און וויכטיקערע רוסלענ־דישע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע עס איז נאָך געווען גאַנץ שטאַרק די האַשפּאָע פון די גרופּעס, וואָס האָבן זיך צו איר באַצויגן אויסגעשפּראָכן פיינטלעך, ווי „ראַבאָטשעדעלצעס“, אָדער מיט אַ געוויסן כשאַד, ווי „יוזשני ראַבאָטשי“.

כ׳ לענין האָט, ווי געוויינטלעך, ערנסט דיסקאָנטירט די קאָמפּליצירטקייט פון דער סיטוּ־אַציע, און דעריבער רעקאָמענדירט די אָרטיקע „איסקרא“־טוער אין זייערע באַציִונגען מיט די אַנטי־איסקרישע אָרגאַניזאַציעס צו זײַן דיפּלאָמאַטיש און האַלטן זיך זייער פּאָרזיכטיק, דערהויפּט אָבער — אָנשטרענגען אַלע קויכעס, קעדיי אַרײַנצופירן אין די אָרטיקע פּאַרטיי־

[1] „Ленинский сборник“. VIII. М-Л. 1928. стр. 232.
[2] דאָרט ז. 239.

קאָמיטעטן וואָס מער אייגענע מענטשן, זיכערע און איבערגעגעבענע אָנהענגער פון דער „איסקרא“.

די וויכטיקייט אָפּצוהיטן די שטרענגסטע פּאָרזיכטיקייט אין די באַציִונגען מיטן „בונד“, ווי מיט די איבעריקע אַנטי-איסקרישע אָרגאַניזאַציעס, האָט די אויסלענדישע „איסקרא“-אָרגאַניזאַציע קעסיידער און שאַרף אונטערגעשטראָכן אין די דירעקטיוו-בריוו צו אירע רוסלענדישע פאָרשטייער.

„פון די פּערזאָנען, וואָס זיינען געווען אויסגעוויילט אין דער קאָמיסיע אַף צוציגרייטן דעם צוזאַמענפאָר — האָט געשריבן כ'מע קרופּסקאַיאַ אינעם ציפירטן בריוו צו כ' לענינען — איז געבליבן גאַנץ בלויז דער בונדיסט [3]. מיר וועלן אים צו אייך צושיקן. אייך וועט אויסקומען צוזאַמען מיט אים צו פאַרנעמען זיך מיטן צוגרייטן, אָבער מע דאַרף מיט אים זיין דיפּלאָמאַטיש און נישט עפענען אַלע קאָרטן [4].

נאָך קלאָרער האָט די-דאָזיקע טאַקטישע ליניע בענויגייע צום „בונד“ פאָרמולירט כ' לענין אין זיין בריוו צו א. א. ראַדטשענקאָ פון 22-טן יוני 1902:

„מיר האָבן דעם בונדיסט געגעבן די „יאַווקע“ צו אייך פון טאַמאַרע קוראַסניקאָווא. דאָס איז מיקויעך דעם צוזאַמענפאָר. איר מיט אים (פּליוס די ביוראָ און נאָך-ווער) דאַרפט בילדן דעם רוסלענדישן קאָמיטעט אַף צוצוגרייטן דעם צוזאַמענפאָר. האַלט זיך סאָלידער און **פּאָרזיכטיק**. נעמט אַף זיך וואָס מער ראַיאָנען, אין וועלכע איר וועט צוגרייטן דעם צוזאַמענפאָר... מאַכט אַזוי, אַז דער גאַנצער איניען זאָל זיין **פולשטענדיק אין אייערע הענט**. דער „בונד“ זאָל דערווייל באַגרענעצן זיך נאָר מיטן (ראַיאָן פון) „בונד“... דערווייל מערקט אָן דעם באַשטאַנד פונעם „רוסלענדישן קאָמיטעט אַף צוצוגרייטן דעם צוזאַמענפאָר“, אַ מער גינסטיקן פאַר אונדז, עפּשער וועט זיין באַקוועם צו זאָגן, אַז איר האָט שוין אָרגאַניזירט דעם-דאָזיקן קאָמיטעט, און איר זייט זייער צופרידן פונעם „בונדס“ אָנטייל אין אים, אָדער עפּעס ענלעכעס. נעמט אַף זיך **אומבאַדינגט** די סעקרעטאַרסטווע אינעם קאָמיטעט... איך זאָג „מערקט-אָן“ דעם באַשטאַנד, קעדיי איר זאָלט האָבן וואָס מער פרייהייט: איר דאַרפט גלייך נישט זיין געבונדן בענויגייע צום „בונד“... אָבער דאָס אַלין וואָס מער פאָרזיכטיק, קעדיי נישט אַרויסצורופן קיין טיינעס“ [5].

אין אַ שפּעטערדיקן בריוו צום זעלביקן כאַווער באַטאָנט כ' לענין נאָך שאַרפער זיין אומצוטרוי צום „בונד“. „מיטן „בונד“ — שרייבט ער אינעם דאָזיקן בריוו — זייט אויסערסט פאָרזיכטיק און איינגעהאַלטן, נישט עפענענדיק די קאָרטן, לאָזן אים פירן די איניאָנים נאָר פונעם „בונד“ און **נישט לאָזן רוקן די נאָז** אין די רוסישע איניאָנים: געדענקט, אַז דאָס איז נישט קיין זיכערער פריינט **(און עפּשער אַ סוינע)** [6].

פּאָרמעל איז דער אָרגאַניזיר-קאָמיטעט אויסגעוויילט געוואָרן אַף דער קאָנפערענץ אין פּסקאָוו, וועלכע איז פאָרגעקומען אין מיטן נאָיאַבער 1902. אין דער-דאָזיקער קאָנפערענץ האָבן זיך געדאַרפט באַטייליקן: דער פּעטערבורגער קאָמיטעט, די רוסלענדישע אָרגאַניזאַציע פון „איסקרא“, די גרופּע „יוזשני ראַבאָטשי“, דער „בונד“, די שטעט באַ דער וואָלגע און די רעדאַקציע פון „איסקרא“. צוליב אומבאַוווּסטע סיבעס, איז אָבער דער פאָרשטייער פונעם „בונד“ צו דער קאָנפערענץ נישט געקומען, האַגאַם דער כ' קראַסיקאָוו האָט נאָך אין אָקטיאַבער צוגעפּגערעדט זיך מעקויעך דעם מיטן אויסלענדישן קאָמיטעט פונעם „בונד“; אייך דעם

[3] די רעדאַקציע פון די „לענין-זאַמלביכער“ האָט נישט פעסטגעשטעלט, ווער פון די בונדיסטן איז אַף דער ביאַליסטאָקער קאָנפערענץ געווען אויסגעוויילט אין אָ. ק.; אָ. יערמאַנסקי באַהויפּטעט אין זיינע זיכרוינעס („Из пережит.“ ГИЗ. 1927. с. 59) אַז דאָס איז געווען ב. ראָזענטאַל, דער לעצטער דערקלערט אָבער קאַטעגאָריש („רויטער פּנקס“, ערשטער זאַמלבוך. קיעוו. ז. 25), אַז דאָס איז געווען נויאַך (פּאָרטנאָי).

[4] „Ленинский сборник“, VIII. стр. 238.

[5] דאָרט ז"ז 244—245. דאָס אונטערגעשטראָכענע פון אָריגינאַל.

[6] אונטערגעשטראָכן אומעטום אינעם אָריגינאַל. דאָרט. ז. 258.

בונדישן צ"ק אין רוסלאַנד האָט מען באַציימנס מודיע געווען וועגן אָרט און צייט פון דער קאָנפערענץ.

ווי עס איז צו זעען פונעם בריוו פון כ' יע. לעווין („יוזשני ראַבאָטשי") צו דער רעדאַק־ציע פון „איסקרא" פון 6־טן דעקאַבער (23 נאָיאַבער) 1902, האָט די קאָנפערענץ, נאָך א געוויסן ווישעוו־האַראַס, באַשלאָסן: קאָנסטרוירן זיך אָן דעם פאַרשטייער פונעם „בונד", צו די אויבגעוויילטע דריי מיטגלידער פונעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט קאָאָפּטירן נאָך 5 און באַ־שטימען 2 קאַנדידאַטן, מיטיילן דעם „בונד" וועגן דעם און פאָרלייגן אים צושטיין און ערשט נאָכן באַקומען פון אים אַן ענטפער פובליקירן די „מיטיילונג" וועגן דער קאָנסטרוירונג און אויפגאַבן פונעם אָ"ק. אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך אָבער די לאַגע פלוצלונג ראַדיקאַל גע־ענדערט. דריי מיטגלידער פונעם אָ"ק — די כ"כ לעפּעשינסקי, ראַדטשענקאָ און קראַסנוכאַ — זיינען אַרעסטירט געוואָרן, און באַם אַרעסט איז צו די זשאַנדאַרמען אין די הענט אַריינגעפאַלן אַ בריוו צו דער „איסקרא", פון וועלכן זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן אָ"ק. פּאַרציען דאָס פּוב־ליקירן די „מיטיילונג" ביזן באַקומען דעם ענטפער פונעם „בונד" איז בא אַזעלכע באַדינגונגען געווען לאַכלומן אומעגלעך, און דער אָ"ק האָט דעריבער באַשטימט באַלד פאַרעפנטלעכן זי אין דער „איסקרא" און איינצייטיק אַרויסגעבן זי אויך אומלעגאַל אין רוסלאַנד [7].

דערעך־אַגעוו איז קעדיי צו פאַרצייכענען, אַז כ' לעניין, אײדער ער איז געווען גענוי אינ־פאָרמירט וועגן די אומשטענדן, בא וועלכע עס איז קאָנסטרוירט געוואָרן דער אָ"ק, האָט אין אַ בריוו צום כ' קראַסיקאָוו (פון 11 טן נאָיאַבער) אויסגעדריקט זיין פאַרוווּנדערונג, וואָס מע האָט אין אָ"ק קאָאָפּטירט אַ צאָל כאַווירים, אײדער עס איז צו אים צוגעשטאַנען דער „בונד", ווייל לעבאַטכילע איז געווען באַשטימט דורכפירן די קאָאָפּטאַציע ערשט נאָך זיין צושטיין עמעס, קיין גרויסע באַדייטונג האָט כ' לעניין דעמדאָזיקן פאַקט ניט צוגעגעבן, פונדעסטוועגן איז עס גאַנץ באַווייזלעך פאַר דעם, ווי ערנסט די „איסקרא"־אָרגאַניזאַציע האָט זיך באַצויגן צו די היסכייוועסן, וואָס זי האָט אַף זיך גענומען אַף דער ביאַליסטאָקער קאָנפערענץ. אַגעוו, דאָס באַשטעטיקט אויך דער פאַקט, וואָס צוליב דער אָפּוועזנהייט פונעם בונדישן פאָרשטייער, זיינען אַף דער פּסקאָווער קאָנפערענץ ניט באַהאַנדלט געוואָרן די מער וויכטיקע און פּרינצי־פּיעלע פראַגן וועגן די אָרגאַניזיר־יעסוידעס פונעם קומענדיקן צוזאַמענפּאָר [9].

אויך פונעם דערמאָנטן כ' לעפּעשינסקים בריוו, וועלכער איז געווען קאָנפיסקירט בעיסן אַרעסט, איז צוזעען, אַז לעבאַטכילע איז געווען באַשטימט פאַרעפנטלעכן די „מיטיילונג" וועגן אָ"ק ערשט נאָך דעם, ווי דער „בונד" וועט זי אונטערשרייבן, און אַז די פראַגע וועגן טאָג־סיידער פונעם צוזאַמענפּאָר איז אָפּגעלייגט געוואָרן ביז צו דער צווייטער זיצונג, ווען עס וועט קלאָר ווערן די באַציונג פונעם „בונד" צום אָ"ק.

ניט געקוקט אָבער אַף דעם, האָט דער „בונד" אויפגעהויבן אַ העפטיקע קאַמפּאַניע קעגן אָ"ק און דער „איסקרא"־אָרגאַניזאַציע ביכלאַל, שטרעבנדיק אַרונטערצורייסן זייער אַוטאָרי־טעט און מאָבילייזירן די קויכעס פון אַלע זייערע קעגנער.

טייקעף נאָך דער קאָנפערענץ האָט דער אָ"ק דעלעגירט דעם כ' קראַסיקאָוו צונויפצורעדן זיך מיטן צ"ק פון „בונד" וועגן פאַרייניקן זיך צו אירע באַשלוסן און אויסטיילן אַ פאָרשטייער אינעם אָ"ק. נאָך אַ ריי אונטערהאַנדלונגען האָט דער בונדישער צ"ק אַף דעם איינגעשטימט, נאָר דערביי האָט ער געפאָדערט, אַז די „מיטיילונג" וועגן אָ"ק זאָל ניט פאַרעפנטלעכט ווערן, ביז ער וועט זיך ניט באַקענען מיט איר טעקסט. כ' קראַסיקאָוו האָט פּרינציפּיעל קעגן דעם ניט דערווידערט, אויב דאָס וועט נאָר זיין טעכניש מעגלעך. דערביי האָט אָבער כ' קראַסיקאָוו אונטערגעשטראָכן, אַז אויב אַפילע דאָס זאָל זיך ניט איינגעבן, מאָר דאָס פאַר קיין פאַל ניט שטערן דער ווייטערדיקער געמיינזאַמער אַרבעט פונעם „בונד" מיטן אָ"ק פאַר דער צוגרייטונג.

[7] דאָרט ז"ז 293—297.

[8] דאָרט ז. 294.

[9] דאָרט ז. 296.

פונעם פאַרטיי־צוזאַמענפאָר[10]. די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון די געשעענישן האָט אָבער געמאַכט פאַר לאַכלוטן ניט מעגלעך אויסצופילן דידאָזיקע פאָדערונג פונעם „בונד“. צוליב דעם אויבנדערמאָנטן אַרעסט פון כ׳ לעפּעשינסקים בריוו צו דער „איסקרא“ האָט מען די „מיטיילונג“ וועגן אָ"ק געמוזט טייקעף פאַרעפנטלעכן. אַכוץ דעם, האָט כ׳ קראַסיקאָוו, צוליבן אַרעסט, פאַרלאָרן די פאַרבינדונג מיט דער אומלעגאַלער דרוקעריי, און ער האָט שוין דעריבער ניט געקאָנט אָפּשטעלן דאָס דרוקן פון דער „מיטיילונג“. אַזוי אַרום איז זי פאַרעפנטלעכט און פאַרשפּרייט געוואָרן איידער דער צ"ק פונעם „בונד“ האָט זיך מיט איר באַקענט.

קעדיי די אָפּוועזנהייט פונעם בונדישן פאָרשטייער אַף דער קאָנפערענץ זאָל ניט אויסגעטייטשט ווערן פאַלש, האָט דער אָ"ק אין זיין „מיטיילונג“ צו דער רעשומע פון די קאָנפערענץ־אָנטיילנעמער געמאַכט אַזאַ באַמערקונג: „דעם „בונד“ איז אויך געווען פאָרגעלייגט צו דעלעגירן זיינעם אַ פאָרשטייער אין אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, נאָר צוליב אונדז אומבאַוואוסטע סיבעס, האָט ער זיך ניט אָפּגערופן אַף דערדאָזיקער איינלאַדונג. מיר האָפן, אַז דידאָזיקע סיבעס זיינען ריין צופעליקע, און דער „בונד“ וועט ניט פאַרזאַמען צוצושיקן זיין פאָרשטייער"[11].

מיט דערדאָזיקער באַמערקונג, ווי עס האָט זי שפּעטער פאַרטייטשט כ׳ לענין, איז דער אָ"ק בלויז אויסן געווען עפנטלעך צו דערקלערן, אַז ער וויל בעפיירעש געמיינזאַם מיטן „בונד“ אַרבעטן איבער דער אָרגאַניזירונג פונעם צוזאַמענפאָר און דער אויפשטעלונג פון דער פאַרטיי[12]. גאָר אַנדערש אָבער האָט די „מיטיילונג“ פונעם אָ"ק, און באַזונדער די באַמערקונג צו איר, אויפגענומען דער „בונד“. ער האָט אַף דעם געענטפערט מיט אַ עפנטלעכער „מעלדונג“, וועלכע כ׳ לענין האָט קוואַליפיצירט, ווי אַ העכסט אומטאַקטישע און דעזאָרגאַניזאַטאָרישע.

אין דערדאָזיקער „מעלדונג“, וועלכע איז געווען פאַרעפנטלעכט אומלעגאַל אין רוסלאַנד און איבערגעדרוקט אינעם בונדישן אויסלענדישן ביולעטען „לעצטע נאַכריכטן“ (רוסיש), באַשולדיקט דער בונדישער צ"ק די איניציאַטאָרן פון דער פּסקאָווער קאָנפערענץ און דעם אָ"ק אין ניטאויסנוצן אַלע מעגלעכקייטן, וואָס זיינען געווען אין זייער רעשוס, קעדיי דער פאָרשטייער פונעם „בונד“ זאָל קאָנען בייזיין אַף דער קאָנפערענץ אָדער, לעפּאָכעס, שפּעטער באַטייליקן זיך אין רעדאַקטירן די „מיטיילונג“ פונעם אָ"ק. מיט זיין באַזונדער „מעלדונג“ — ווערט אין איר דערקלערט — איז דער בונד, הייסט דאָס, געצוווּנגען אַרויסצוטרעטן, קעדיי כאָטש טיילווייז צו פאַרפּילן אָט־דעם בלויז. האָגאָם די „מעלדונג“ אַנערקענט, אַז די סיבעס, צוליב וועלכע דער בונדישער פאָרשטייער איז ניט געווען אַף דער קאָנפערענץ, זיינען צופעליקע, פונדעסטוועגן קוואַליפיצירט זי די אויבנגעבראַכטע באַמערקונג צו דער „מיטיילונג“ פונעם אָ"ק, ווי אַ „צוויידייטיקע“.

דער אויסלענדישער קאָמיטעט פונעם „בונד“ גיט נאָך צו דעם צו, אַז דער אָ"ק האָט קלוימערשט געוווּסט, וועלכע סיבעס האָבן געשטערט דעם בונדישן פאָרשטייער קומען צו דער קאָנפערענץ. די „מעלדונג“ באַשולדיקט דעם אָ"ק אויך אין דעם, וואָס זיין דעלעגאַט (כ׳ קראַסיקאָוו) האָט ניט אויסגעפילט זיין צוזאָג וועגן צושיקן דעם „בונד“ די „מיטיילונג“ — אין מאַנוסקריפּט אָדער אַ געדרוקטע — אָבער אומבאַדינגט ביז איר פאַרשפּרייטונג.

דער שווערפּונקט פון דער בונדישער „מעלדונג“ איז אָבער זיכער געווען ניט אין אָט־די „קאָנסטיטוציאָנעלע פאָרמאַליטעטן“, וועלכע דער אָ"ק האָט קלוימערשט ניט אָפּגעהיט, און אַף אַזאַ אויפן אָנגערירט די „רעכט“ פונעם „בונד“, נאָר אינעם עפנטלעכן אונטערשטרייכן זיינע פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשיידנקייטן מיט דער „איסקרא“ און מיטן אָ"ק בענוגייע דעם כאַראַקטער און די אויפגאַבן פונעם פאָרשטייענדיקן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר. אין זיין מעלדונג דערקלערט דער בונדישער צ"ק אָפן און דייטלעך, אַז די רסדאַ"פּ עקזיסטירט פאַקטיש ניט, דער פאָרשטייענדיקער צוזאַמענפאָר דאַרף דעריבער אָנערקענט ווערן פאַר

[10] „Искра“, № 33. 1 февраля 1903.

[11] דאָרט. נומ. 32, 15־טן יאַנוואַר 1903.

[12] В. И. Ленин. Сочинения. Изд. второе. т. V. стр. 236.

אַ גרינדונגס־צוזאַמענפאָר, און באַטייליקן זיך אין אים האָבן דעריבער רעכט אַלע עקזיסטירנדיקע אין רוסלאַנד סאָצ.־דעמ. אָרגאַניזאַציעס — סיי רוסישע, סיי פון אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן [13].

מיט דערדאָזיקער אַרויסטרעטונג האָט דער „בונד", הייסט דאָס, געצילט אַסאַך ווייטער, איידער בלויז פאַרטיידיקן זיינע פאָרמעלע רעכט, וועלכע קיינעם איז אַגעוו נים איינגעפאַלן אַפילע צו באַשטרייטן. אין זיין ענטפער אַף דערדאָזיקער בונדישער „מעלדונג" האָט כ' לענין בוילעט און שאַרף אַנטפּלעקט איר עמעסן מיין [14].

וועגן דער פאַקטישער זייט פון דער בונדישער „מעלדונג" האָט פאַרעפנטלעכט אַ בריוו („איסקרא", נומ. 33) דער דעלעגאַט פונעם א"ק (כ' קראַסיקאָוו), וואָס האָט געפירט די אונטערהאַנדלונגען מיטן צ"ק פונעם „בונד". אין דעם בריוו ווערט דערציילט בעאַריכעס וועגן אַלע מאָסמיפלען, וואָס די איניציאַטאָרן פון דער פסקאָווער קאָנפערענץ האָבן אָנגעווענדעט, קעדיי דער בונדישער פאָרשטייער זאָל זיך אין איר קאָנען באַטייליקן, און עס ווערט קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט די באַהויפּטונג פון דער בונדישער „מעלדונג", אַז דערדאָזיקער דעלעגאַט האָט זיך קלוימערשט פאַרפליכטעט אומבאַדינגט צושטעלן דעם „בונד" דעם טעקסט פון דער „מיטיילונג", איידער זי וועט ווערן פאַרשפּרייט.

האַגאַם די אונטערהאַנדלונגען מיטן „בונד" וועגן צושטיין צום אָ"ק זיינען די גאַנצע צייט נים איבערגעריסן געוואָרן, פונדעסטוועגן האָט זיך די פאָלעמיק צווישן דער „איסקרא" און די בונדישע „נאַכריכטן" אַלץ מער און מער פאַרשאַרפט. אַפן דערמאָנטן אַרטיקל פונעם כ' לענין האָט דער „בונד" געענטפערט מיט אַ גרויסן אַרטיקל, פול מיט די פאַרשיידנסטע אָנפאַלן, וועלכער האָט פאַרנומען אַ גאַנצן נומער „לעצטע נאַכריכטן" (נומ. 109 פון 26 פעוורואַל 1903).

אַפן בריוו אין רעדאַקציע פונעם כ' קראַסיקאָוו האָט דער פאָרשטייער פונעם בונדישן צ"ק, וואָס האָט מיט אים געפירט די אונטערהאַנדלונגען (גויאַד—ק. פאָרטנאָי), צוגעשיקט אין דער רעדאַקציע פון „איסקרא" אַן ענטפער, אין וועלכן אַלע פאַקטן, וועלכע עס ברענגט דער בריוו, ווערן קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט און קוואַליפיצירט, ווי „פרוכט פון ריינער פאַנטאַזיע". דערדאָזיקער ענטפער איז אָבער נים פאַרעפנטלעכט געוואָרן. צו יענער צייט איז דער „בונד" שוין געווען פאַרטראָטן אינעם אָ"ק, און די רעדאַקציע פון „איסקרא" האָט געפונען פאַר צוועקמעסיקער, אַז דערדאָזיקער איניען זאָל פריער דאָרט פאַנאַנדערגעקליבן ווערן, זי האָט דעריבער דעם בריוו אַריבערגעשיקט צום א"ק [15].

אין פעוורואַל 1903 איז אין אָריאָל פאָרגעקומען אַ זיצונג פונעם אָ"ק, אַף וועלכער מע האָט זיך ענדלעך צונויפגערעדט מיט די פאָרשטייער פונעם בונדישן צ"ק ק. פאָרטנאָי (גויאַד) און אי. אייזענשטאַט (יודין). אַף דערדאָזיקער באַראַטונג זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן צוויי מעלדונגען אין דער רעדאַקציע פון „איסקרא": פונעם אָ"ק — וועגן אָפּשטעלן די פאָלעמיק מיטן „בונד" און פונעם בונדישן צ"ק — אַז ער זאָגט זיך אָפּ צו ענטפערן אַפן אויבנדערמאָנטן בריוו אין רעדאַקציע פונעם כ' קראַסיקאָוו וועגן גאַנג פון די אונטערהאַנדלונגען וועגן דער „מיטיילונג".

צו דערדאָזיקער זיצונג איז פון אויסלאַנד דעלעגירט געוואָרן דער כ' ב. אי. גאָלדמאַן (ב. איגאָרעוו). ער האָט אָבער פאַרשפּעטיקט. דערוווּסט זיך וועגן אָפּמאַך מיטן „בונד", האָט ער שריפטלעך געבעטן דעם כ' לענין נים פאַרעפנטלעכן זיין אַרטיקל וועגן דער בונדישער „מעלדונג". עס איז שוין אָבער געווען שפּעט. דער אַרטיקל איז שוין געווען פאַרעפנטלעכט. אין רוסלאַנד איז דער נומ. „איסקרא" מיט כ' לענינס אַרטיקל אָנגעקומען שוין נאָך דער אָריאָ־

---

[13] „Последние известия". № 106. 3 января 1903 г.

[14] „Искра" № 33 — В. И. Ленин: Сочинения т. V стр. 236—240.

[15] Институт Ленина. Рукописный отдел б. заграничного архива „Бунда". № 72 стр. 1-2 „Письмо в редакцию" און געכאַסמעט „Представитель Ц.К. Бунда" דאַטירט „февраль 1903" געכאַסמעט „по поручению ред. „Искра" секретарь. 7 און ז. „Письмо заграничному комитету Бунда. 18 марта 1903".

לער זיצונג. דער אַרטיקל האָט ווידער פאַרשאַרפט די באַציִונגען צווישן די בונדישע פאָרשטייער מיטן אָ“ק, און ערשט נאָך אַ ריי נייע אונטערהאַנדלונגען, איז באַשטימט געוואָרן אָפּצושטעלן די פּאָלעמיק און פאַרעפנטלעכן אין דער „איסקרא“ די אָנגעוויזענע מעלדונגען פונעם א“ק און פונעם „בונד“ [16].

ביידע מעלדונגען זיינען געווען פאַרעפנטלעכט אין „איסקרא“ נום. 37 פון 1=טן אַפּרעל 1903 יאָר.

דעם קאַמף אַרום דעם אָ“ק האָט דער „בונד“, אַף אַזאַ אופן, פאַרשפּילט. דערפילנדיק זיך איזאָלירט, איז דער „בונד“ געווען געצוווּנגען אונטערצוגעבן זיך און אַריינטרעטן אין אָ“ק אָן קיין שום באַדינגונגען. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז דער „בונד“ האָט אינגאַנצן אַוועקגעלייגט דאָס געווער און אָפּגעזאָגט זיך צו קעמפן פאַר זיין פּראָגראַם און פעדעראַטיווע אָרגאַניזירפּרינציפּ. פאַרקערט, ערשט נאָך דעם האָט דער „בונד“ גענומען פיבערהאַפט צוגרייטן זיך צום אַנטשיידענעם שטרייט מיט דער „איסקרא“ אַפן צוזאַמענפאָר גופע.

אויך די „איסקרא“ מיטן כ׳ לענין בעראָש האָט מיטן אָפּשטעלן די פּאָלעמיק לאַכלוטן ניט געמיינט אָפּצושטעלן דעם פּרינציפּיעלן קאַמף מיטן „בונד“. פאַרקערט, די פּאָלעמיק אַרום דעם אָ“ק האָט באַזונדער בוילעט באַוויזן, אַז מע מוז דעמדאָזיקן קאַמף פאַרשאַרפן, אַז מע מוז צו אים ענערגיש גרייטן די גאַנצע פּאַרטיי. דער כאַווער לענין האָט ניט אופגעהערט צו דערמאָנען וועגן דעם און שאַרף אונטערשטרייכן דאָס אין די בריוו צו די רוסלענדישע כאַוויירים.

אינעם צושריפט צו כ׳טע קרופּסקעם בריוו אין דער רעדאַקציע פון „יוזשני ראַבאָטשי“ פון 31 מאַרט שרייבט דער כ׳ לענין:

....„ווייטער (פּריוואַט) בעטן מיר אייך זייער גרייטן אומעטום און צווישן אַלעמען אַ באָדן פאַרן קאַמף מיטן „בונד“ אַפן צוזאַמענפאָר. אָן אַן אַקשאָנעסדיקן קאַמף וועט דער „בונד“ ניט אָפּטרעטן פון זיין פּאָזיציע. און מיר וועלן קיינמאָל ניט קאָנען אָנעמען זיינע פּאָזיציעס. נאָר אַ פעסטע אַנטשלאָסנהייט פון אונדזער זייט צו דערגיין ביזן סאָף, ביזן אַרויסטרייבן דעם „בונד“ פון דער פּאַרטיי, וועט אים בעליסאָפעק צווינגען צו גיין אַף האַנאָכעס“ [17].

אין זיין בריוו צום כ׳ קרזשיזשאַנאָווסקי פון 3=טן אַפּרעל קערט זיך כ׳ לענין ווידער אום צו דערדאָזיקער אופגאַבע:

....„ווייטער איז אויסערסט וויכטיק די פראַגע וועגן „בונד“. די פּאָלעמיק מיט אים וועגן אָ“ק האָבן מיר אָפּגעשטעלט, נאָר די פּרינציפּיעלע, נאַטירלעך, ניט. וועגן דעם קאָן אַפילע קיין רייד ניט זיין. און מע מוז מיט אַלעמען און יעדערן טיינען און אַריינטיינען (втолковывать до чертиков, до полного „внедрения в башку“) אַז קעגן „בונד“ האַרף מען גרייטן אַ מילכאָמע, אויב מע וויל מיט אים אַ שאָלעם. אַ מילכאָמע אַפן צוזאַמענפאָר, אַ מילכאָמע ביז אַ צעשפּאַלטונג—אום יעדן פּרייז. נאָר דענסטמאָל וועט ער זיך זיכער אונטערגעבן. וואָרום אָנעמען די לעפישע פעדעראַציע קאָנען מיר אַבסאָלוט ניט און וועלן זי קיינמאָל ניט אָנעמען. דאָס סאַמע גרעסטע: אַוטאָנאָמיע לויטן אַלטן סטאַטוט פון 1898 מיטן אָנטייל פון אַ באַשטימטן דורכן צ“ק דעלעגאַט אין צ“ק פונעם „בונד“, דאָס איז דאָס סאַמע גרעסטע. מע דאַרף גרייטן דעם אוילעם, דערקלערן די לעפּישקייט, דערהווייזן די ווילדקייט פון דער אַרויסטרעטונג קעגן יעקאַטערינאָסלאַוו [18], א. א. זייט אַזוי גוט, שרייבט אָן וואָס גיכער, ווי איז דער אוילעם געשטימט אין אָט=דער הינזיכט, ווי גייט אייער פּראָפּאַגאַנדע און צי איז פאַראַן אַ האָפענונג, אַז די מערהייט שטייט אַף אַ ריכטיקן שטאַנדפּונקט. מיר ווילן אַרויסלאָזן אַ בראָשור צו די יידישע אַרבעטער וועגן דער נויטיקייט פון אַן ענגער אייניקייט, וועגן דער לעפּישקייט פון פעדעראַציע און דער „נאַציאָנאַלער“ פּאָליטיק“ [19].

[16] Ленинский сборник“. VIII. стр. 292—293.
[17] דאָרט. ז. 337.
[18] זע ווייטער ז. 80.
[19] „Лен. сб.“ VIII. стр. 340.

# דער קאָמפּראָמיס־פּראָיעקט פונעם כ׳ גאָרעוו

פון די געבראַכטע בריוו=אויסצוגן איז גענוג קלאָר, ווי שאַרף כ׳ לענין האָט אין אָט דעם פּעריאָד געשטעלט די פראַגע וועגן „בונד“ (פאַרשטייט זיך, צוגלייך מיט די איבעריקע אנטי=איסקרישע אָרגאַניזאַציעס), ווי נויטיק ער האָט געהאַלטן צו באַקעמפן אַנטשיידן, ביזן סאָף, דעם בונדישן נאַציאָנאַליזם און פעדעראַליזם.

און פונדעסטוועגן איז גראָד אין אָט=דעם פּעריאָד, מיטן וויסן און אַפילע העסקעם פונעם כ׳ לענין, געמאַכט געוואָרן אַ פּרוּוו, עמעס אַף אַ האַלב=אָפיציעלן אויפן, צו געפינען אַ קאָמפּראָמיס=לייזונג פון די מער וויכטיקע שטרייט=פראַגן.

דער איניציאַטאָר פונעם דאָזיקן פּרוּוו איז געווען דער אויבנדערמאָנטער כ׳ גאָרעוו (ב. גאָלדמאַן), וועלכן די „איסקרא“=אָרגאַניזאַציע האָט אָנהויב 1903 דעלעגירט קיין רוסלאַנד אין רעשום פונעם א״ק.

וועגן אָט דעם פּרוּוו איז ביז איצט געווען זייער ווייניק באַוווּסט. אין זיינע זיכרוינעס („פאַרן צווייטן צוזאַמענפאָר“) דערמאָנט דאָס כ׳ גאָרעוו גאָר קורץ, ווי פאַרבייגייענדיק.

„...איך האָב אויסגעאַרבעט — דערציילט ער — אַ קאָמפּראָמיס=פּראָיעקט פון אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן אין דער פּאַרטיי=פּראָגראַם פון „איסקרא“ און „זאַריאַ“ ווערן אַריינגעפירט פונקטן וועגן שפּראַך־גלייכבארעכטיקונג און וועגן שוץ פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. און אַפן אָר=גאַניזאַציאָנעלן געביט איז די בונדיסטן פאָרגעלייגט געוואָרן יענע מאַקסימאַלע אַווטאָנאָמיע, אַף וועלכער עס האָט געקאָנט איינגיין דער גאַנץ צענטראַליסטיש=געשטימטער לענין. נאָך אַ ריי אונטערהאַנדלונגען איז דער דורך מיר צונויפגעשטעלטער שריפטלעכער פּראָיעקט באַהאַנדלט געוואָרן צוזאַמען מיט לענינען, וועלכער האָט, עמעס, סקעפּטיש באַצויגן זיך צו דער מעגלעכקייט פון אַן אָפּמאַך און דערוואַרט אַ צעשפּאַלטונג אַפן קומענדיקן צוזאַמענפאָר, פונדעסטוועגן האָט ער דערלויבט מיר פאָרצולייגן דעמ־אָזיקן פּראָיעקט די בונדיסטן, ווי אַ האַלב=אָפיציעלן“[20].

ווייטער דערציילט כ׳ גאָרעוו, אַז לענינס סקעפּטיציזם האָט זיך באַרעכטיקט. דער „בונד“ האָט דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן.

אינעם מאַנוסקריפּטן=אָפּטייל פונעם געוו. אויסלענדישן אַרכיוו פונעם „בונד“ זיינען פאַראַן עטלעכע דאָקומענטן, וועלכע באַלויכטן גענויער דעמדאָזיקן עפּיזאָד. האָס איז קוידעמ=קאָל דער עצעם פּראָיעקט פונעם אָפּמאַך, דערנאָך קריטישע באַמערקונגען צו אים פונעם אויס=לענדישן קאָמיטעט פונעם „בונד“ און אַ באַגלייטונג=בריוו, מיט וועלכן די ערשטע צוויי זיינען אַריבערגעשיקט געוואָרן צום בונדישן צ״ק אין רוסלאַנד.

דער באַגלייטונג=בריוו איז אַ ביז=גאָר קורצער און לייענט זיך אַזוי: „בא אונדז איז געווען ב. אי. גאָרעוו [21] און פאָרגעלייגט אונדז אַף אַ פּריוואַטן אויפן דעם פאָלגנדיקן פּראָיעקט, וועלכער, לויט זיינע רייד, ווערט באַוויליקט דורך „אייניקע איסקראָוועצעס“ (און אויך דורך אים). דער פּראָיעקט איז זייער כאַראַקטעריסטיש און עס לוינט זיך צו באַקענען מיט אים“.

דעם הויפּט=אינטערעס שטעלט מיט זיך, נאַטירלעך, פאָר דער עצעם=פּראָיעקט, וועלכער הייסט אָפיציעל: „פונקטן פון אַן אָפּמאַך מיטן „בונד“. דער פּראָיעקט באַשטייט פון צוויי טיילן: א. „די נאַציאָנאַלע פראַגע“ און ב. „די אָרגאַניזיר־פראַגע“.

די פאָרהאַנדלונגען, פון וועלכער עס גייט אַרויס דער אַוועקגעבן אויך פונעם פּראָיעקט באַם לייזן די ערשטע פראַגע, באַשטייט אין דעם, אַז אין טאָך ווידערשפּרעכט ניט די מערהייט קאָנקרעטע

„Каторга и ссылка“. 1924. № 1 (8). стр. 54—55. [20]

[21] דער פאַרוואַלטער פון בונדישן אויסלענדישן אַרכיוו קורסקי באַמערקט דאָ, אַז אינעם אָריגינאַל שטייט „מישעס ברודער“, ד. ה. דער ברודער פון מ. גאָלדמאַן (ליבער). העיווים עס איז געווען אין 1903, האָט דאָס געקאָנט זיין נאָר איגאָרעוו (ב. גאָלדמאַן) און ניט אַקים (לעאָן גאָלדמאַן). אַגעוו, דער דאָקו=מענט איז דאַטירט „יוני 1903“, נאָר דאָס איז זיכער אַ טאָעס. ווי עס איז צו זען פון כ׳ גאָרעווס זיכרוינעס און ווי ער האָט אונדז פּערזענלעך באַשטעטיקט, האָט ער דעמדאָזיקן פּראָיעקט איבערגעגעבן דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פונעם „בונד“ ניט שפּעטער ווי סאָף יאַנוואַר 1903.

פאָדערונגען פון דער בונדישער נאַציאָנאַלער פראָגראַם אַן עמעסער דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע. עס איז דעריבער גענוג אַנדערש צו רעדאַקטירן דעם 6־טן פונקט פון דער „איסקרא“־פראָגראַם, און אַלע גערעכטע פאָדערונגען פונעם „בונד“ זאָלן אין איר קאָנען געפינען אַ פינקטלעכע און גענויע פאָרמולירונג.

דער פראָיעקט לייגט פאָר אַזאַ רעדאַקציע פונעם דאָזיקן פונקט:

„פאַראַגראַף 6. די אָפשאַפונג פון שטאַנדן און די פולע גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע בירגער, אומאָפהענגיק פון געשלעכט, רעליגיע, ראַסע און שפראַך, מיט דער גאַראַנטיע פאַר דער מינדערהייט פון דער פאַרשיידנפעלקערלעכער באַפעלקערונג אין אַלע טיילן פון דער מעלוכע פון די זעלבע רעכט, וועלכע עס וועט האָבן די מערהייט“ (אונטערגעשטראָכן אינעם אָריגינאַל. א. ק.).

„אין אַזאַ רעדאַקציע — דערקלערט דער אַוטאָר פונעם פראָיעקט — וועט דער פאַראַגראַף 6 מאַכן פאַר איבעריק באַזונדערע נאַציאָנאַלע פראָגראַמעס פאַר יענע נאַציעס, וועלכע ווילן ניט אָפטיילן זיך פון רוסלאַנד. דער „בונד“ וועט, אַף אַזאַ אויפן, קאָנען באַגרענעצן זיך אין זיין אַגיטאַציע מיט אַן אויספירלעכער אויסטייטשונג פונעם דאָזיקן פונקט פון דער אַלרוסלענדישער פראָגראַם, צופאַסנדיק אים צו די באַדינגונגען פונעם יידישן פראָלעטאַריאַט“.

די אָרגאַניזיר־פראַגע פרוווט דער פראָיעקט לייזן, אַרויסגייענדיק פון דעם, אַז פאַר דער צייט, זינט דעם ערשטן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר, האָט דער „בונד“ פאַנאַנדערגעוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט און געשאַפן אַ פעסטע אָרגאַניזאַציע, וועלכער עס איז ענג אין די ראַמען פון דער אַוטאָנאָמיע, וואָס עס שטעלט איר פאָר דער „מאַניפעסט“ פון 1898. אין דערזעלביקער צייט מוז מען זיך אָבער אומבאַדינגט אָפזאָגן פון צו בויען די רסדא“פ אַף פעדעראַטיווע יעסוידעס, ווייל דאָס וואָלט אומפאַרמיידלעך געבראַכט צו דער פאַקטישער צעפאַלונג פון דער פאַרטיי. אויסמיידן די פעדעראַציע און אַמבעסטן פאַרהיטן די אינטערעסן פונעם „בונד“, מיינט דער אַוטאָר פונעם פראָיעקט, איז גאָר ניט שווער, ווען מע זאָל האָבן אַנטשפרעכנדיקע אָרט פונעם „מאַניפעסט“ ענדערן און דערפילן מיט בעערעך אַזעלכע פונקטן:

„1. דער „בונד“ גייט אַריין אין דער פאַרטיי, ווי אַן אַוטאָנאָמער טייל, וועלכער איז אומאָפהענגיק אין אַלע פראַגן, וואָס זיינען נויגייע דער אַגיטאַציע, פראָפאַגאַנדע און אָרגאַניזאַציע פונעם יידישן פראָלעטאַריאַט, אין יענע גרענעצן, וועלכע ער („בונד“) האָט דערגרייכט ביז צום איצטיקן מאָמענט.

2. באַם „בונד“ פאַרבלייבן זיין צ“ק און זיינע אָרגאַנען, און אויך זיינע צוזאַמענפאָרן — אין זייער איצטיקער פאָרם; די באַשלוסן פון די דאָזיקע צוזאַמענפאָרן קאָנען פראָטעסטירט ווערן נאָר דורך די אַלגעמיינע צוזאַמענפאָרן פון רסדא“פ, ביז דעם אָבער פאַרבלייבן זיי אין דער פולער קראַפט.

3. אינעם צ“ק פונעם „בונד“ גייט אַריין אַ פאָרשטייער פונעם אַלרוסלענדישן צ“ק, וועלכער ווערט באַשטימט מיטן הענסקעם פונעם „בונד“ [22].

[22] „באַ אַזאַ ברייטער אַוטאָנאָמיע — באַמערקט דאָ דער אַוטאָר פונעם פראָיעקט — נויטיקט זיך ניט דער „בונד“, לויט אונדזער מיינונג, אין אַ באַזונדער פאָרשטייערשאַפט אינעם אַלרוסלענדישן צ“ק. דער לעצטער ווערט אויסגעקליבן ניט פון פאָרשטייער פון וועלכע ניט איז אָרגאַניזאַציעס, נאָר פון די מער פעיִקע מיטגלידער פון דער פאַרטיי. מיטגלידער פונעם „בונד“ וועלן דעריבער, פאַרשטייט זיך, זיין אינעם צ“ק, אָבער ניט ווי פאָרשטייער פונעם „בונד“, וואָס עס וואָלט געווען אַ דערנענטערונג צו פעדעראַציע, נאָר ווי מיטגלידער פון דער פאַרטיי“. בענוגע דער פאַרטרעטונג פונעם אַלרוסלענדישן צ“ק אין בונדישן באַמערקט דער אַוטאָר פונעם פראָיעקט: „דאָס איז אין טאָך די איינציקע באַגרענעצונג פון דער פולער אַוטאָנאָמיע פונעם „בונד“, און דאָס בלויז אַ פרינציפיעלע, ווייל דערדאָזיקער פאָרשטייער פונעם צ“ק וועט, נאַטירלעך, קיין שום דרוק אַף די בונדישע איניאָנים ניט קאָנען מאַכן. ער וועט נאָר מיטווירקן דער פאַרפעסטיקונג פון די ענגע באַציִונגען צווישן „בונד“ און דער גאַנצער פאַרטיי און דער אויסאַרבעטונג פון אַן איינהייטלעכקייט אין די אָרגאַניזיר־פראַגן“.

4. אין די ערטער מיט אַ פּילצאָליקן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, ווו עס זיינען שוין פאַראַן אַלרוסלענדישע קאָמיטעטן, ווערן אָרגאַניזירט סוב־קאָמיטעטן פאַר דער ייִדישער אַרבעט (אָדער פאָשעט, אין די קאָמיטעטן דאַרפן אַריינגיין אויך ייִדן, וועלכע קאָנען פירן אַן אַגיטאַציע צווישן ייִדישע אַרבעטער). די מיטגלידער פון אָט־די סוב־קאָמיטעטן האָבן רעכט צו באַטייליקן זיך אין די בונדישע צוזאַמענפאָרן, פאַרטרעטנדיק אַף זיי די אינטערעסן פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט פון זייערע שטעט. דיזאָזיקע דעלעגאַטן איז געווונטשן צו באַשטימען לויט דער רעקאָמענדאַציע פונעם „בונד“.

5. דער אויסלענדישער קאָמיטעט פונעם „בונד“ גייט אַריין, ווי אַן אַווטאָנאָמער טייל, אין דער „אויסלענדישער ליגע פון דער רעוואָלוציאָנערער ס"ד“. קעדיי עס זאָל זיין מער איינהייטלעכקייט אין די ליטעראַרישע פראַגן, דאַרפן צווישן דער רעדאַקציע פונעם אויסלענדישן קאָמיטעט פונעם „בונד“ און דער רעדאַקציע פון „איסקרא“ פאָרקומען פעריאָדישע באַראַטונגען.

6. אין אַלע פראַגן און אונטערנעמונגען פון אַן אַלרוסלענדישן כאַראַקטער טרעטן אַרויס די מיטגלידער פונעם „בונד“, לויטן אופטראַג פון זייער צ"ק, ווי מיטגלידער פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי“ [23].

ניט אַריינלאָזנדיק זיך אין טיפע בקירעס וועגן יעדער פונקט באַזונדער, קאָן מען פונדעסטוועגן גאַנץ פעסט באַהויפּטן, אַז דער פּראָיעקט, גענומען אינגאַנצן, פאַרברייטערט ווירקלעך — און גאַנץ באַדייטנדיק — די אַווטאָנאָמיע פונעם „בונד“, אין פאַרגלייך מיט דעם, ווי זי איז פאָרמולירט אינעם „מאַניפעסט“ פונעם ערשטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. און דערמאָנענדיק זיך, אַז כ' לענין איז געשטאַנען פעסט אַפן שטאַנדפּונקט, אַז דאָס מאַקסימאַלסטע איז איבערלאָזן דעם „בונד“ די אַווטאָנאָמיע, אָבער נאָר אין די גרענעצן פונעם מאַניפעסט“ [24]. אַנטשטייען ביז גאָר ערנסטע ספייקעס, צי ער האָט טאַקע געגעבן זיין העסקעם אַפן דאָזיקן פּראָיעקט, צי ער האָט נאָר געוווּסט פון אים. מיר מיינען, אַז ריכטיקער איז דאָס לעצטע. ווייל דער פּראָיעקט ווידערשפּרעכט כ' לענינס גאַנצער קאָנצעפּציע וועגן דער אָרגאַניזיר־פראַגע. דאָס איז אָבער אַ פראַגע פאַר זיך, מיט וועלכער עס איז נייטיק צו פאַרנעמען זיך באַזונדער.

אינעם געגעבענעם מאָמענט אינטערעסירט אונדז איבערהויפּט די באַציונג פונעם „בונד“ צום דאָזיקן קאָמפּראָמיס־פּראָיעקט. עס איז, דוכט אונדז, גענוג קלאָר, אַז דערדאָזיקער פּראָיעקט גייט בעעמעס אַף אַ ריי וויכטיקע האַנאָכעס דעם „בונד“, וועלכע וואָלטן אים געגעבן די מעגלעכקייט צו פאַרברייטערן און פאַרטיפן זיין טעטיקייט צווישן די ייִדישע פּראָלעטאַרישע מאַסן פון ווייסרוסלאַנד, ליטע און פוילן, און איינצייטיק אויך ענגער צוזאַמענבינדן אים מיט דער אַלרוסלענדישער רעוואָלוציאָנערער סאָצ.־דעמאָקראַטיע. פון דער צווייטער זייט, האָט דער „בונד“ דענסטמאָל געקאָנט שוין ניכטער אָפּשאַצן די לאַגע, און פאַר אים איז בעליסאָפּעק געווען שוין פולשטענדיק קלאָר, אַז דאָס זיינען די מאַקסימאַלע האַנאָכעס מיצאַד דער רסדא"פּ און אַף קיין גרעסערע האָט ער לאַכלוטן ניט וואָס צו האָפן. דאָס באַווייזט דעריבער גענוג בוילעט, אַז אויב דער „בונד“ זאָל ווירקלעך און ערנסט באַמיען זיך צו בלייבן אין דער רסדא"פּ, ווי ער האָט די גאַנצע צייט — ביז און נאָכן צווייטן צוזאַמענפאָר — מינדלעך און שריפטלעך באַהויפּטעט, וואָלט ער מיט דעמדאָזיקן פּראָיעקט געדאַרפט, לעבאָלהאַפּאָכעס, ערנסט פאַרינטערעסירן זיך, אַלזייטיק באַהאַנדלען אים, פרוּוון אַריינטראָגן אין אים די אָדער יענע קאָנקרעטע אויסבעסערונגען א. א. וו.

אין דער ווירקלעכקייט אָבער האָט דער פּראָיעקט אין די אָנפירנדיקע בונדישע קרייזן באַגעגנט גאָר אַן אַנדער באַציונג צו זיך. די „קריטישע באַמערקונגען“, וואָס עס האָט צו אים געמאַכט דער אויסלענדישער קאָמיטעט פונעם „בונד“, פרוּוון אַפילע ניט אָפּשאַצן די פּראַקטישע באַדייטונג פון די פאָרגעלייגטע קאָנקרעטע האַנאָכעס פאַרן ווייטערדיקן וווּקס און אַנט־

---

[23] Институт Ленина. Рукописный отдел б. заграничного архива Бунда. Проект Игоря“. июнь 1903 г.

[24] זע די אויבנציטירטע לענינס בריוו, ז. 65.

ווייקלונג פונעם פּראָלעטאַרישן קאַמף אין דער ייִדישער סוויווע. שוין אָפּגערעדט, פאַרשטייט זיך, אַז די אינטערעסן פון דער אַלרוסלענדישער פּאַרטיי און דעם צוזאַמענבונד מיט איר פון די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן איגנאָרירן לאַכלומן דידאָזיקע „באַמערקונגען“. אין טאָך באַשטייט די גאַנצע קריטיק פונעם פּראָיעקט אין דעם, וואָס עס ווערט אין איר בעאַריכעס דערוויזן, אַז פון דער בונדישער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם און אָרגאַניזיר־פּרינציפּן איז ער ביז גאָר ווייט, און דעריבער קאָן ער, פאַרשטייט זיך, ניט אָנגענומען ווערן. דער רוסלענדישער צ״ק פונעם „בונד“ האָט, ווי עס דערציילט אין זיינע זיכרוינעס כ׳ גאָרעוו, אינגאַנצן מאַסקים געווען מיט דעררדאָ־זיקער עקספּערטיזע און אָפּגעוואָרפן דעם פּראָיעקט.

אַ געוויסע פּאָזיטיווע באַדייטונג האָט אָבער דעררדאָזיקער פּרווו פונעם כ׳ גאָרעוו פונ־דעסטוועגן געהאַט. ער האָט אָן סאָפּעק צעזייט די לעצטע ספייקעס און איליוזיעס, וואָס זיינען נאָך געווען בענויגייע צום „בונד“ באַ אייניקע, איבערהויפּט רוסלענדישע, טוער פון דער „איסקרא“. ער האָט אַן איבעריק מאָל באַשטעטיקט די ריכטיקייט פונעם כ׳ לעניגס טאַקטיק בענויגייע צום „בונד“. און בלויז פון דעם שטאַנדפּונקט עפשער, ניט צווייפלענדיק אינעם אויס־גאַנג פון דעם פּרווו, זאָל לענין האָבן געגעבן אַף אים זיין האַסקאָמע.

## וואקלונגען אין די רייען פונעם „בונד“

די אָפיציעלע בונדישע פּאָליטיק האָט געפירט צו דער זעלבסטאיזאָלירונג פונעם „בונד“, דאָס האָט געגוג קלאָר באַוויזן דעם „בונדהס“ באַציונג צו כ׳ גאָרעווס קאָמפּראָמיס־פּאָרשלאַג, דאָס האָט שפּעטער נאָך בוילעטער באַוויזן זיין גאַנצע טאַקטיק פאַר און אַפן צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר גופע.

עס איז אָבער אויך אַ באַוווסטער פאַקט, אַז קיין גאָר פעסטע אייגהייטלעכקייט אין דער פּראַגע וועגן דער באַציונג צו דער רסדרא״פּ, ווי אויך אין דער נאַציאָנאַלער פּראַגע, איז אין די רייען פונעם „בונד“ ניט געווען. פאַרקערט, מע קאָן זיכער באַהויפּטן, אַז אַ געוויסער טייל בונדישע אַרבעטער און אָרטיקע טוער זיינען געווען געשטימט פיינטלעך צו דער אָפיציעלער בונדישער פּאָליטיק. אַ טייל פון זיי האָט נאָכן צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אָפיציעל צעריסן מיטן „בונד“ און אַריינגעטראָטן אין דער רסדרא״פּ.

די אָנוועזנהייט פון אַזעלכע מיינונגען און שטימונגען אַף די ערטער האָט, נאַטירלעך, ניט געקאָנט באַאיינפלוסן אויך אייניקע צענטראַלע טוער פונעם „בונד“, וועלכע האָבן אינעם געגעבענעם פּעריאָד אַף אַט דעם באָדן אַרויסגעוויזן גאַנץ שטאַרקע וואַקלונגען און שאַרף פאַרורטיילט די אָפיציעלע בונדישע טאַקטיק.

אַפן 5־טן צוזאַמענפאָר פונעם „בונד“ (יוני 1903), אַף וועלכן עס זיינען ענדגילטיק פאָרמולירט געוואָרן די דירעקטיוון פאַר דער בונדישער דעלעגאַציע אַפן צווייטן פּאַרטיי־צוזאַ־מענפאָר, איז דידאָזיקע גרופּע „אומצופרידענע“ געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקע אין צאָל און אָנגעזעענע לויט איר ספּעציפישן געוויכט אינעם „בונד“, אָבער אויך פריער, אַפילע בעיסן קאַמף אַרום אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, האָבן זיך פון צייט צו צייט געלאָזט הערן גאַנץ אַנטשיידענע שטימען, וועלכע האָבן ערנסט געוואָרנט קעגן דער פאַרשאַרפונג פון די באַציונגען מיט דער רסדרא״פּ.

איבערשאַצן די באַדייטונג פון אָט־די אַרויסטרעטונגען טאָר מען, פאַרשטייט זיך, נים. אַף דער אָפיציעלער טאַקטיק פונעם „בונד“ האָבן זיי, ווי באַוווסט, קיין שום ווירקונג גיט גע־האַט. אָבער אַ געוויסן אינטערעס שטעלן זיי אָן סאָפּעק מיט זיך פאָר.

דער הויפּט־אינטערעס פון אָט־די אַרויסטרעטונגען באַשטייט אין דעם, וואָס זיי שפּיג־לען אין זיך גאַנץ בוילעט אָפּ דעם אָנוווקס פון אומצופרידנקייט מיט דער אָפיציעלער בונדי־שער טאַקטיק באַ באַשטימטע טיילן אַרבעטער און אָרטיקע טוער, און דעריקער — וואָס זיי באַשטעטיקן אַן איבעריק מאָל, אַז אין דער פאַרשאַרפונג פון די באַציונגען מיט דער „איסקרא“ איז שולדיק דער „בונד“.

פון אָט־דעם שטאַנדפּונקט שטעלט מיט זיך פאָר אַ באַזונדער אינטערעס דער בריוו צום בונדישן צ"ק פון טאַראַס (ד. קאַץ), פּאַוועל און אַנאַ ראָזענטאַל, צו די גרונט־געדאַנקען פון וועלכן עס האָט זיך פאַרייניקט אויך ס. זעלדאָוו (א. נעמאַנסקי) [25].

צוליבן באַדייטנדיקן אינטערעס פונעם דאָזיקן בריוו, וועלן מיר ברענגען עטלעכע גרעסערע אויסצוגן פון אים.

....„די נאַציאָנאַלע פראַגע — שרייבן די אַוטאָרן פונעם בריוו — הויבט אָן, צום גרויסן אומגליק, שפּילן אַ צו גרויסע ראָליע אינעם „בונד". עמעס, מע טאָר ניט אָפּלייקענען, אַז זי האָט באַקומען אַזאַ ניט פאַרדינטע באַדייטונג הויפּטזאַכלעך צוליב דעם ווידערשטאַנד, וואָס עס האָבן באַגעגנט די רעזאָלוציעס פונעם 4־טן צוזאַמענפאָר. אָבער אויך אָט־די עצעם רעזאָלוציעס זיינען אָנגענומען געוואָרן ניט גענוג דורכגעטראַכט, אין אַזאַ איילעניש, וועלכע עס פּאַסט זיך לאַכלוטן ניט פאַר אַזעלכע וויכטיקע פראַגן. קיין טעאָרעטישע באַגרינדונג פונעם פּרינציפּיעלן טייל פון דער רעזאָליוציע איז לאַכלוטן ניט געמאַכט געוואָרן, וואָס איז שייעך דער „פעדעראַציע", איז זי געווען באַשטימט פאָרויס און מאַמעש אָנגעבונדן. און איצט איז דער „בונד" געבונדן מיט דידאָזיקע רעזאָליוציעס".

....„די פראַגע וועגן פעדעראַציע דאַרף באַשטימט ווערן ניט פונעם שטאַנדפּונקט פון שמאָלער אָרגאַניזאַציאָנעלער זעלבסטמיינונג אָדער גייווע, נאָר פון שטאַנדפּונקט פון די רעאַלע ווירקלעכע אינטערעסן פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט (ווי אויך פון אַלע ייִדן—?! א. ק.) און פון דער גאַנצער באַוועגונג. און דידאָזיקע אינטערעסן, לויט אונדזער מיינונג, פאָדערן ניט איצט, באַ דער זעלבסטהערשונג, קיין פעדעראַציע... דעריבער האָט ניט דערדאָזיקער פאָרשלאַג קיין שום האָפענונג דורכצוגיין אַפן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר... מוירע האָבן, אַז די ייִדישע (אָדער פּוילישע) אָרגאַניזאַציע זאָל מאַיאָריזירט ווערן דורך די רוסישע, איז איצט לאַכלוטן ניטאָ קיין שום גרונט, ווייל עס זיינען ניטאָ — און עס קאָנען ניט זיין אויך אין דער צוקונפט — קיין שום טאַקטישע מיינונגס־פאַרשיידנקייטן אַפן נאַציאָנאַלן באָדן. באַ דער אַווטאָנאָמיע, מיט וועלכער עס באַנוצט זיך איצט דער „בונד", וועט אים די פעדעראַציע ברענגען אַ גאַנץ פּראָבלעמאַטישע פאַרברייטערונג פון איר. פאָדערן אָבער אַ גלייכע ווירקונג אַפן אַלגעמיינעם גאַנג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג מיט אַלע איבעריקע רוסישע ראַיאָנע אָרגאַניזאַציעס, איניינעם גענומען, האָט דער „בונד" קיין שום רעכט ניט, ווייל: 1) אַן עמעסער פאַבריק־פּראָלעטאַריאַט איז פאַראַן נאָר באַ די רוסן, 2) אין קאַמעם שטייגט ער אומגעהויער איבער דעם האַנטווערקערישן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, 3) דער אינדוסטריעלער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט ווייזט ניט אַרויס קיין שום טענדענץ צו פאַרגרעסערן זיך אין צאָל, נאָר גיכער פאַרקערט [26], 4) דער רעוואָליוציאָנערער באַוווסטזיין פונעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט וואַקסט גיך, אין די שטייגנדיקע באַדייטונג זיינע, אַלס רעוואָליוציאָנערער פאַקטאָר, רוקט אָפּ אַלץ מער אַף צוריק די ראָליע פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, 5) די אַרויסטרעטונג פונעם פויערטום און די גרויסע באַדייטונג באַ היינטיקן טאָג פון דער אַגראַר־פּראָגראַם רוקט אָפּ דעם „בונד" נאָך מער אַפן הינטערשטן פּלאַן, 6) דער „בונד" איז זייער ווייניק באַקאַנט מיט דער רוסישער באַוועגונג און איז ווייניק קאָמפּעטענט אין איר. אָט פאַרוואָס עס איז ניטאָ קיין שום גרונט צו פאָדערן, אַז דער „בונד" זאָל האָבן אַ גלייכע מיט דער רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע שטים אין די אַלרוסישע איניאָנים".

נאָך שאַרפער קוואַליפיצירט דער בריוו דעם בונדישן נאַציאָנאַליזם.

---

[25] אָפיציעל הייסט דער דאָקומענט „Письмо Тараса из ссылки" און איז דאַטירט „אָנהייב 1903". נאָר ווי עס האָט אונדז דערקלערט טאַראַס, האָט ער זיך אין אָט־דער צייט געפונען אין דער מאָסקווער בוטירקע־טורמע. דאָרט האָבן זיך דעמאָלט אויך געפונען (אַפן וועג קיין מיזרעך־סיביר) פּאַוועל און אַננאַ ראָזענטאַל און ס. זעלדאָוו.

[26] אינעם אָריגינאַל פונעם בריוו איז אָט דער גאַנצער פּונקט אויסגעמעקט. באַמערקונג פונעם איבערשרייבער

...„אַרויסטראָגנדיק זיין אַלגעמיינע פּרינציפּיעלע רעזאָלוציע (וועגן דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע. א. ק.), האָט דער „בונד“, ווי אַ דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, געדאַרפֿט אַזוי פֿאָרמולירן זי. אָבער, ווי אַ פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציע, איז ער בעיין אויפֿן ניט פֿאַרינטערעסירט אין דער אונטערשטיצונג און אַנטוויקלונג פֿון די עלעמענטן פֿון דער א. ג. „ייִדישער קולטור“, ד. ה. רעליגיע, טראַדיציעס, שטייגערישע באַזונדערקייטן און שפּראַך. קיין שום קאָמפּלאָט אַף זיי ווערט ניט געמאַכט אויך איצט, נאָך ווייניקער וועט עס זיין מענלעך שפּעטער. די העפּטיקע פֿאַרטיידיקונג אָבער און די פֿאַרשטאַרקטע באַטאָנונג פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע באַטייט שטעלן זיך, אין בעסטן פֿאַל אומבאַוווסטזיניק, ניט אַפֿן פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט, ד. ה. ניט אַפֿן שטאַנדפּונקט פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער סאָצ.־דעמאָקראַטיע, נאָר אַפֿן שטאַנדפּונקט פֿון דער נאַציאָנאַלער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. אַף וויפֿל דער „בונד“ טרעט אַרויס, ווי אַן עכטער נאַציאָנאַליסט, אַף אַזוי פֿיל נויגט ער זיך אומבאַוווסטזיניק אַליץ מער צום בורזשואַזן שטאַנדפּונקט. דאָס באַרופֿן זיך אַף דער נויטיקייט אין דער צוקונפֿטיקער קאָנסטיטוציאָנעלער מעלוכע פֿאַרטיידיקן די רעכט פֿון די ייִדישע אַרבעטער אַף באַזונדערע ייִדישע באַאַמטע איז צו נישטיק, אַז מיט דעם זאָל מען קאָנען איצט באַרעכטיקן דעם עכטן נאַציאָנאַליזם. די סימפּאַטיעס פֿון דער „געזעלשאַפֿט“ וועלן זיך, קאָן זיין, פֿאַרשטאַרקן, נאָר דעם „בונד“ וועט דראָען אַ געפֿאַר פֿאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע“.

פֿאַרן „בונד“ איז פּולקאָם גענוג, ער זאָל זיך באַגרענעצן מיט דער פֿאָדערונג פֿון בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג, און אַף וויפֿל די „איסקרא“ שטייט אַף אָט דעם שטאַנדפּונקט, איז זי אינגאַנצן גערעכט.

„אַף דעם באָדן — לייענען מיר ווייטער אינעם בריוו — מוזן און קאָנען דער „בונד“ און „איסקרא“ אויסגלייכן זיך. זיי מוזן זיך אויסגלייכן דערפֿאַר, ווייל עס איז שוין צייט צו מאַכן אַ סאָף צו דער דעזאָרגאַניזאַציע און צו די קעגנזייטיקע אָנפֿאַלן. די פֿאַרשטאַרקונג פֿון די סאָצ.־רעוואָליוציאָנערן צווינגט נאָך מער אונטערצווייל ן זיך מיט דעם“.

נאָכן אויסרעכענען אַלע קאָנקרעטע מאָסמיטלען, וואָס עס דאַרפֿן אָנגענומען ווערן, קעדיי צו ליקווידירן די עקזיסטירנדיקע פֿאַרפּלאָנטערטע און אָנגעשטרענגטע באַציִונגען מיט דער רסדא“פּ, ווערט אינעם בריוו נאָכאַמאָל באַטאָנט:

...„מיר אַלע אנערקענען, אַז מיר קאָנען באַנוגענען זיך מיט אַווטאָנאָמיע. מיין פּערזענלעכע מיינונג איז נאָר,—אַז וועגן אָפּזאָג פֿונעם פֿעדעראַטיוון געבוי (פֿון דער רסדא“פּ.—א. ק.) דאַרף מען ניט אָפֿיציעל מעלדן, נאָר אונטערוואַרפֿן זיך דער באַשטימונג פֿונעם פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר וועגן דערדאָזיקער פֿראַגע (איך צווייפֿל ניט, אַז דער לעצטער וועט זיך אַרויסזאָגן פֿאַר אַווטאָנאָמיע, און ניט פֿאַר פֿעדעראַציע)“‚ [27].

פֿאַרבייגייענדיק זאָל פֿאַרצייכנט ווערן, אַז די אַווטאָרן פֿונעם בריוו האָבן זיך באַציִיגן מיטן גרעסטן אומצוטרוי צו די אויסלענדישע אָנפֿירער פֿון דער „איסקרא“ און רעקאָמענדירט אָנשטרענגען אַפֿן פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר אַלע קוויכעס, אַז דער צוקונפֿטיקער צ“ק זאָל לוים זיין פּערזענלעכן באַשטאַנד בעשום אויפֿן ניט צוזאַמענפֿאַלן מיט דער „איסקרא“־רעדאַקציע; עס זאָל אומבאַדינגט געענדערט ווערן דער נאָמען פֿונעם צענטראַלן פּאַרטיי־אָרגאַן א. ד. גל.

אומקערנדיק זיך אָבער צום טאָך פֿונעם בריוו, דאַרף מען זאָגן, אַז אין אַלגעמיין ניט ער אַ גאַנץ ריכטיקע און בווילעטע אָפּשאַצונג פֿון דער בונדישער פּרינציפּיעלער פּאָזיציע. ער

[27] אונטערגעשטראָכן אומעטום אינעם אָריגינאַל. עס איז קעדײַ צו פֿאַרצייכענען, אַז די אַלע אַווטאָרן פֿונעם בריוו זיינען פֿאַרבליבן אינעם „בונד“ אויך נאָך דעם, ווי ער איז אַרויסגעטראָטן פֿון דער פּאַרטיי, האָבן זיך מער קיינמאָל ניט אָפּגעגרענעצט פֿון דער אָפֿיציעלער בונדישער פּאָליטיק און אַקטיוו באַטייליקט זיך אינעם קאַמף פֿונעם „בונד“ קעגן דער רסדא“פּ. פּ. ראָזענטאַל און ד. קאַץ (טאַראַס) זיינען נאָך דער אונטערדריקונג פֿון דער ערשטער רעוואָליוציע אינגאַנצן אָפּגעגאַנגען פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג. די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָבן זיי אַלע ניט אָנגענומען און זיינען פֿאַרבליבן בונדיסטן־מענשעוויקעס.

דערווייזט קלאָר די פּראַקטישע אומנוצלעכקייט און פּרינציפּיעלע שעדלעכקייט פונעם בונדישן פעדעראַליזם, וועלכער נעמט זיך פון איבערגעטריבענער אָרגאַניזאַציאָנעלער זעלבסטשטיינונג און קלייזלדיקער פּאַרטיי־גייוועג; ער דעקט שאַרף אויף דעם אומפאַרמיידלעכן און ניכן באַרג־אַראָפּ פונעם „בונד“ צו אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אויב ער וועט באַלד ניט מאַכן קיין ראַדיקאַלן קער אין זיין טאַקטיק און וועט זיך ניט אונטערוואַרפן די באַשלוסן פונעם פאַרשטייענדיקן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. דערדאָזיקער בריוו באַשטעטיקט, הייסט עס, די ריכטיקייט פון די הויפּט־באַשולדיקונגען, וואָס די „איסקרא“ האָט אין אָט־דעם פּעריאָד אַרויסגעשטעלט קעגן „בונד“, און וועלכע דער לעצטער האָט געוויינטלעך קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט.

## די אויסלענדישע באַראַטונג פונעם „בונד“

מיט דער דערנעענטערונג פונעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, האָט זיך די אומרויקייט אין די אָנפירנדיקע בונדישע קרייזן באַדייטנדיק פאַרשטאַרקט.

דער אַוטאָריטעט פונעם אָ״ק איז קעסיידער געשטיגן. איינע נאָך דער צווייטער האָבן אים אָפיציעל אנערקענט אַלע רוסלענדישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס (מיט ביז גאָר קליינע אויסנאַמען), וועלכע האָבן גלייכצייטיק אויך דערקלערט, אַז זיי פאַרייניקן זיך צו די אָרגאַניזיר־פּרינציפּן פון דער „איסקרא“ און אנערקענען זי פאַרן צענטראַלן פּאַרטיי־אָרגאַן.

די קרעפטן־פאַרהעלטעניש אַפן פאָרשטייענדיקן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר איז, אַף אַזאַ אויפן, געוועזן גאַנץ קלאָר נאָך אַ צייט לאַנג פאַר אים, און דאָס האָט, נאַטירלעך, ניט געקאָנט ניט באַאומרויקן שטאַרק דעם „בונד“, וועלכער האָט פריער געלייגט גרויסע האָפענונגען אַף די מיינונגס־פאַרשיידנקייטן אין די רוסלענדישע אָרגאַניזאַציעס.

באַזונדער האָבן דעם בונדישן צ״ק באַאומרויקט די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך איין צייט פאַרשטאַרקט, אַז די „איסקרא“ פירט אונטערהאַנדלונגען מיט דער פּוילישער און לעטישער סאָצ.־דעמ. פּאַרטייען וועגן זייער אָנטייל אינעם פאָרשטייענדיקן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, וואָס עס וואָלט, פאַרשטענדלעך, נאָך מער פאַרשוועכט די לאַגע פונעם „בונד“: ער וואָלט שוין אַפילע פאַרמעל ניט געקאָנט קוואַליפיצירן די רסדא״פּ, ווי אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע  ר ו ס י ש ע  פּ אַ ר ט י י, און זיין פאָדערונג פון פעדעראַציע פאַר אַ ל ע נאַציאָנאַלע ס״ד.־אָרגאַניזאַציעס וואָלט באַ אַזעלכע באַדינגונגען פאַרלירן איר גאַנצן זין.

די שטימונגען, וואָס האָבן אין אָט־דעם פּעריאָד געהערשט אין די אָנפירנדיקע בונדישע קרייזן, האָבן געפונען אַ בוילעטע אָפּשפּיגלונג אין די בריוו פון מ. ליבער (מ. גאָלדמאַן), וועלכער האָט זיך דענסטמאָל געפונען אין אויסלאַנד.

„דאָ געפינט זיך איצט צו־גאַסט — שרייבט ער אינעם ערשטן בריוו — מיין גוטער פריינט און כאַווער,[28] איינער פון די פירער פון דער פּוילישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, פעליקס הזיער־זשינסקי. איך האָב פון אים אַסאַך דערוווּסט זיך וועגן די פּס״ד. זיי זיינען שטאַרק קעגן „בונד“, און אַפן צוזאַמענפאָר וועלן זיי מינאַסטאַם אַרויסטרעטן קעגן פעדעראַציע (פאַרשטייט זיך, אויב מע וועט זיי איינלאַדן)... יאָ, שיר ניט פאַרגעסן, נאַדעזשין[29] האָט מיר געזאָגט, אַז ער ווייס זיכער, אַז דער אָ״ק האָט איינגעלאַדן צו באַטייליקן זיך אינעם צוזאַמענפאָר אויך

---

[28] נאָך זייענדיק אַ גימנאַזיסט, האָט ליבער אָנגעהייבן אַרבעטן אין איינעם פון די רעוואָלוציאָנערע שילער־קרייזן, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט כ׳ דזיערזשינסקי; שפּעטער זיינען זיי צוזאַמען געזעסן אין ווילנער טפּיסע, ווו זיי האָבן זיך באַפריינדעט; אינגיכן אָבער זיינען זיך זייערע וועגן שאַרף צעגאַנגען: כ׳ דזיערזשינסקי איז געוואָרן אַן אָנגעזעענער פירער פון דער רעוואָלוציאָנער־מאַרקסיסטישער פּס״ד, און דערנאָך איינער פון די איבערגעגעבנסטע און מוטיקסטע קעמפער און באַשיצער פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע; אין דערזעלביקער צייט האָט זיך ליבער אַלץ מער און מער גערוקט אַף רעכטס און נאָכן ניצאָכן פונעם אָקטיאַבער דערקייקלט זיך צו אָפענער קאָנטר־רעוואָלוציע.

[29] פּסעוודאָנים פון יע. א. זעלענסקי, פירער פון דער רעוואָלוציאָנערער גרופּע „סוואָבאָדאַ“, וועלכע האָט געפּרוווט פאַרייניקן די סאָצ.־דעמ. פּראָגראַם מיט דער טעראָריסטישער טאַקטיק; נאָכן צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר דערנעענטערט זיך צו די מענשעוויקעס.

די לעטן. דער טייוול ווייס אָבער, צו מע קאָן אים גלויבן. און דאָס איז אויסערסט אינטערעסאַנט קוריעזער פון אַלץ וועט זיין, אויב דער „איסקרא“ וועט זיך איינגעבן איינצולאדן אַפן צוזאַמענפאָר עטלעכע נאַציאָנאַלע סאָצ.-דעמ. גרופּעס, וועלכע וועלן זי אונטערהאַלטן און שטימען קעגן דעם „בונד“. אַזאַ, דאַרף מען רעכענען, וועט זיין די פּאָזיציע פון דער פּוילישער סאָצ.-דעמאָקראַטיע“ [30].

ניט קיין שטאַרק פּרייזלעכע יעדיעס האָט ליבער געקאָנט מיטיילן דעם אויסלענדישן קאָמיטעט אויך אין זיין צווייטן בריוו, פון 19-טן אַפּרעל, וועלכן ער האָט געשריבן נאָך דער באַגעגעניש מיט אַ ריי „איסקרא“-טוער.

זיין אַלטע באַקאַנטע לעמאַן [31] האָט אים קווידעמקאָל געפרעגט, ווי אַזוי ער באַציט זיך צו דער פּאָלעמיק מיטן „בונד“. ל. ד. טראָצקי האָט דערקלערט, אַז דער „בונד“ באַשטייט אַף אַ העלפט פון געוועזענע און אַ העלפט פון צוקונפטיקע ציאָניסטן. פּלעכאַנאָוו, ווי נאָר ליבער האָט אָנגערירט די פראַגע וועגן דער באַציונג פון „איסקרא“ צום „בונד“, האָט גלייך געענדערט זיין טאָן אַף אַ קריגערישן און אָנגעהויבן וואַרפן אַזעלכע פראַזן, ווי „מירן נאָך זען, ווער וועט מען עס וועט מענאַצייעד זיין“ א. א. וו. עמעס, פּרוווט זיך ליבער טרייסטן, קיין שטאַרקע איינהייטלעכקייט איז ניטאָ אויך אין די „איסקרא“-קרייזן, אָבער באַלד מוז ער צוגעבן: „עס פּאַרייניקט זיי אַלעמען בלויז — אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס — די פיינטלעכע באַציונג צום „בונד“.

דער הויפּט-אופּטו פון ליבערס קומען קיין אויסלאַנד ערעוו דעם פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר איז געווען די בונדישע באַראַטונג, אַף וועלכער עס איז צום ערשטן מאָל אומשטענדלעך פאָרמולירט און באַגרינדעט געוואָרן די אָרגאַניזיר-סכעמע, וועלכע עס האָט שפּעטער מיט קליינע ענדערונגען אָנגענומען דער 5-טער צוזאַמענפאָר פונעם „בונד“.

דידאָזיקע פראַגע האָט ליבער אופגעהויבן און באַגרינדעט אין איינעם פון זיינע בריוו צום אויסלענדישן קאָמיטעט פונעם „בונד“.

„...אונדז אַלעמען, מיין איך, — לייענען מיר אינעם דאָזיקן בריוו — איז גלייך פאַרשטענדלעך, וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלע, מע קאָן זאָגן, אַנטשיידענע באַדייטונג עס וועט פאַר אונדז האָבן אונדזער 5-טער צוזאַמענפאָר. צוזאַמען מיט דעם פאַרשטייט איר אויסגעצייכנט, אַז צוגרייטן זיך צו אים באַ די איצטיקע שטורמישע געשעענישן וועלן אונדזערע כאַווירים אין רוסלאַנד זיכער ניט קאָנען. איז אָט, וואָס איך וויל אייך פאָרלייגן, וואָס איך האַלט פאַר דורכויס נויטיק און וועגן וואָס איך האָב נאָך פאַרן אַוועקפאָרן גערעדט מיט נ. [32] (ער איז מיט מיר פאָלקאָם מאַסקים). עס איז נויטיק ביזן צוזאַמענפאָר אין רוסלאַנד, און וואָס גיכער איז אַלץ בעסער, אָרגאַניזירן אַ קליינעם צוזאַמענפאָר דאָ אין אויסלאַנד; אַכוץ די מיטגלידער פונעם אויסלענדישן קאָמיטעט, וועט איר אַף אים איינלאַדן, וועמען איר וועט געפינען פאַר נויטיק. אַפן דאָזיקן צוזאַמענפאָר וועט מען דאַרפן באַהאַנדלען בלויז אייניקע טעאָרעטישע פראַגן און ניט איילנדיק, נאָך אַ רויִקער און זאָרגזאַמער באַהאַנדלונג, אַרויסטראָגן באַשטימטע רעזאָלוציעס, וועלכע מע וועט דערנאָך קאָנען פאָרלייגן דעם צוזאַמענפאָר אָדער ביזן צוזאַמענפאָר — דעם צ“ק“ [33].

די נויטיקייט פון אַזאַ באַראַטונג, וועלכע מוז פאָרקומען אין אויסלאַנד, מאָטיווירט ליבער אויך מיט דעם, וואָס עס איז ניט גאָר זיכער אויסצואַרבעטן אַזעלכע וויכטיקע רעזאָליוציעס אין דער אָנגעשטרענגטער אַטמאָספער פון אַ צוזאַמענפאָר אין רוסלאַנד, באַ „אַן אַלגעמיינער אופרעגונג, ווען... מענטשן הערן אוף צו פאַרשטיין איינער דעם צווייטן“

[30] Институт Ленина. Рукописн. отдел б. загр. архива Бунда. „Письма Либера заграничному комитету Бунда (1903—1908)“.

[31] לעמאַן-סמידאָוויטש—אַן אָנגעזעענע סאָצ.-דעמ. טוערן, די ערשטע סעקרעטאַרן פון דער „איסקרא“-רעדאַקציע; נאָכן צווייטן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר געאַרבעט מיט די מענשעוויקעס.

[32] נויאַך—ק. פּאָרטנאָי.

[33] ליבערס בריוו, ז. 3—4.

עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז מיטן לעצטן מאָטיוו האָט ליבער געמיינט צו געבן אָנצוהערן, אַז מיט אַ טייל אָרטיקע בונדישע טוער, וועלכע וועלן זיין פּאַרטראָטן אַפן צוזאַמענפאָר, איז ער ניט אײַנגאַנצן זיכער, און אויב מע זאָל צום צוזאַמענפאָר ניט קומען מיט פאַרטיקע גרינטלעך־דורכגעאַרבעטע רעזאָלוציעס, איז מען ניט גאַראַנטירט פון פאַרשיידענע סיורפּריזן...

דער אויסלענדישער קאָמיטעט פונעם „בונד" האָט ליבערס פאָרשלאָג אָנגענומען, און אין מיי 1903 איז דידאָזיקע באַראַטונג פאָרגעקומען אין זשענעוו.

ווי עס דערציילט אין זיינע זיכרוינעס וולאַדימיר מעדעם, האָבן זיך אין אָט־דער באַראַטונג באַטייליקט: פון אויסלענדישן קאָמיטעט — דזשאָן מיל, טימאָפּיי (מ. קאָפּעלזאָן) און אַלעקסאַנדער (אַרקאַדי קרעמער), וו. מעדעם, ליבער, אַבראַמאָוויטש (ר. רײַן), באָריס פרומקין, זשעניע הורוויטש, לענסקי און מאַקס מאַזאָווער.

מעדעם האָט ווייניק וואָס צו דערציילן וועגן דערדאָזיקער באַראַטונג. זי האָט געדאַרפט צוגרייטן רעזאָלוציעס צום קומענדיקן צוזאַמענפאָר פונעם „בונד". אַף דער טאָג־אָרדענונג זיינען געשטאַנען צוויי הויפט־פראַגן: די נאַציאָנאַלע פראַגע, ווייל די רעזאָלוציע פונעם פערטן צוזאַמענפאָר איז געווען ניט אינגאַנצן באַפרידיקנדיק, און זי האָט אַרויסגערופן גאַנץ שטאַרקע בעלוקעדייעס, און די באַציִונג פונעם „בונד" צו דער רסדא"פּ, ווייל עס איז געווען ערעוו אַן אַלפּאַרטייִשן צוזאַמענפאָר, אַף וועלכן דידאָזיקע פראַגע האָט געדאַרפט באַקומען איר לייזונג. ביידע פראַגן זיינען אַף דער באַראַטונג גרינטלעך און אַלזייטיק באַהאַנדלט געוואָרן און וועגן ביידע זיינען אָנגענומען געוואָרן אויספירלעכע רעזאָליוציעס [34].

פון דער צווייטער רעזאָליוציע — וועגן דער אָרגאַניזיר־פראַגע — איז פאַראַן אַ גענויע קאָפּיע אין מאַנוסקריפּטן־אָפּטייל פונעם געוו. אויסלענדישן אַרכיוו פונעם „בונד" און מיט איר איז אָן סאַפּעק קעדיי צו באַקענען זיך אויספירלעכער.

די גרונט־האַנאָכעס פון דערדאָזיקער רעזאָליוציע קאָנען אין קורצן פאָרמולירט ווערן אַזוי:

לויט דער מיינונג פון דער באַראַטונג, איז אַן אומבאַשטרייטבאַרער עמעס, אַז די הויפּט־פאָרם פון דער נויטיקער ענגער פאַרבינדונג פון דער פאַרטיי מיטן פּראָלעטאַריאַט, וואָס זי פאַרטרעט, איז דער נאַציאָנאַלער מאָמענט. באַזונדער אָבער אומבאַשטרייטבאַר איז דאָס, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פּראָלעטאַריאַט פון אַזאַ נאַציע, וועלכע פאַרנעמט אַן אויסשליסלעכע לאַגע אין דער סאָציאַל־פּאָליטישער סטרוקטור פון דער מעלוכע, און וואָס אין איר גופע גייט דער היסטאָרישער פּראָצעס פון איבערבויען די מאָדערנע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג מיט אייגנאַרטיקע וועגן. אין אַזאַ פאַל דאַרף די פאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט פון דער געגעבענער נאַציע זיין אַפן ענגסטן אויפן צוזאַמענגעוואַקסן ניט נאָר מיט זיינע קולטור־פּסיכאָלאָגישע אייגנאַרטיקייטן, נאָר מיט זיין גאַנץ אַרט לעבן, ד. ה. זי דאַרף זיין נ אַ צ י אָ נ אַ ל. די היסטאָרישע נאַציאָנאַלע גרופּירונג פונעם פּראָלעטאַריאַט שטעלט זיך פאָר, אַף אַזאַ אויפן, ווי איינער פון די וויכטיקסטע מאָמענטן פון דער סאָצ.־דעמ. טעטיקייט, וועלכן ניט נאָר וואָס מע טאָר ניט איגנאָרירן, נאָר אַף וועלכן די ס"ד מוז זיך אָנשפּאַרן אין די עצעם סאָציאַליסטישע אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַריאַט.

פון אָט־דער גרונט־האַנאָכע דרינגען אַרויס אַ גאַנצע ריי פּראַקטישע באַדינגונגען, אָן וועלכע עס איז אומעגלעך די עקזיסטענץ, אַנטוויקלונג און רעוואָלוציאָנערער דערפאָלג פון די נאַציאָנאַלע ס"ד אָרגאַניזאַציעס. ערשטנס, דאַרפן זיי האָבן דאָס רעכט אַרויסצושטעלן אַן אייגענע פּ ר אָ ג ר אַ ם, וועלכע דאַרף זיך אונטערשיידן פון די פּראָגראַמען פון די איבעריקע ס"ד אָרגאַניזאַציעס נאָר אין יענע פונקטן, וועלכע עס באַשטימען די ספּעציפישע לאַגע פונעם פּראָלעטאַריאַט פון דער געגעבענער נאַציע. צווייטנס, אין די גרענעצן פון זייערע פּראָגראַמען דאַרף די נאַציאָנאַלע ס"ד אָרגאַניזאַציעס פאָרגעשטעלט ווערן די ברייטסטע פרייהייט און זעלבשטענדיקייט.

[34] וו. מעדעם: „פון מיין לעבן". צווייטער באַנד. 1923. ז"ז. 11, 14—15 און 16.

קאָנקרעט בענוגענדע צום „בונד“, וועלכער האָט אַ ספּעציעלע אויפגאַבע — באַפרייען דעם גאַנצן יידישן פּראָלעטאַריאַט, — דרינגען לאָגיש אַרויס: די אומעגלעכקייט צו באַגרע- נעצן זיין טעטיקייט מיט וועלכע ניט איז ראַיאָנע ראַמען, ווייל דאָס וואָלט באַ אים אָפּגענומען די מעגלעכקייט צו פאַרטרעטן דעם גאַנצן פאַראייניקטן יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דער איצטי- קער רוסלענדישער מעלוכע; ניט אנערקענען דאָס רעכט פון אַוועלכער ניט איז אַנדערער פּאַרטיי צו פאַרטרעטן די אינטערעסן פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, ווי אַזעלכן.

די אויפגאַבע פון דער רסדרא"פּ, ווי אַ פאַראייניקונג פון זעלבשטענדיקע נאַציאָנאַלע ס"ד אָרגאַניזאַציעס, דאַרף באַגרענעצט ווערן בלויז מיט קאָנטאַקטירן זייער טעטיקייט; נאָר אין די גרענעצן פון אָט-דעם קאָנטאַקט וואַרפן זיך די באַזונדערע טיילן אונטער די אָנפירנדיקע אָר- גאַנען פון דער אַלרוסלענדישער פּאַרטיי.

דיזאָזיקע האַנאָבע, וועלכע דרינגט אַרויס פון די אַלגעמיינע אנשויאונגען פון דער באַראַ- טונג אַף די אויפגאַבן פון דער אַלרוסלענדישער פּאַרטיי און אירע נאַציאָנאַלע באַשטאַנד-טיילן, באַגרינדעט די רעזאָליוציע אויספירלעך אַזוי:

„וואָס פאַר אַ פאָרם דאַרף אָנעמען די פאַראייניקונג פון דער רסדרא"פּ? און אויב די אָנ- געמערקטע דאָ פּרעראָגאַטיוון פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג זיינען ריכטיק, איז וואָס פאַר אַן אָרט דאַרף אין איר פאַרנעמען דער „בונד“?

„דאָ זיינען מעגלעך נאָר צוויי לאָגיש-קאָנסעקווענטע פּרינציפּן: אָדער דער פּרינציפּ פון זעלבשטענדיקייט און גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע באַשטאַנד-טיילן פון דער פּאַרטיי, אַפּן יעסאָד פון קעגנזייטיקער אונטערגעוואָרפנקייט אין די אַלגעמיינע פאַרטרעטונג-אנשטאַלטן, ד. ה. דער פּרינציפּ פון „פעדעראַציע“, אָדער דער דיאַמעטראַל-קעגנזעצלעכער פּרינציפּ פון פולשטענדיקער צעשמעלצונג פון אַלע באַשטאַנד-טיילן פון דער פּאַרטיי אין די צענטראַלע אנשטאַלטן, וועלכע זיינען געבויט ניט אַפּן יעסאָד פון פאַרטרעטונג אין זיי פון די באַשטאַנד- טיילן, ווי אַזעלכע, ד. ה. דער פּרינציפּ, וועלכן מע קאָן אָנרופן „אימפּעריאַליסטישער“.

„צווישן אָט-די צוויי עקסטעם, אָבער קאָנסעקווענטע, פאָרמען געפינט זיך די דריטע פאָרם — דער פּרינציפּ פון טיילווייזער צעשמעלצונג, ד. ה. די הערשאַפט פון דער פּאַרטיי איבער די אין באַשטימטע געביטן און גרענעצן אַווטאָנאָמע טיילן אירע. העיווים אָבער די- זאָזיקע מיטעלע פאָרם איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ געענדערטע און פאַרהווייכערטע פאָרם פון יענעם פּרינציפּ, וואָס אין זיין ריינעם, ד. ה. אידעאַלן, געשטאַלט קאָן ער אָנגערופן ווערן „אימפּעריאַליסטישער“, מוז די קריטישע נעגאַציע פונעם אַווטאָנאָמען פּרינציפּ צעשטערן דעם גאַנצן ציקל אידייען, וועלכע שפּייזן די „אימפּעריאַליסטישע“ אָנשויונגען אַף דער סטרוק- טור פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי.

„דער „בונד“, אָפּגעבנדיק די פּרינציפּיעלע בכוירע דער פעדעראַטיווער געבוי-פאָרם פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי און אנערקענענדיק פאַר זיך פאַר דאָס איינציק מעגלעכע צו זיין אין דער פּאַרטיי נאָר ווי אַ פעדעראַטיווער טייל, גייט דערביי אַרויס פון די פאָלגנדיקע האַנאָבעס:

„אויב אין רוסלאַנד איז, צוליב די היסטאָרישע באַדינגונגען, די סאָציאַל-פּאָליטישע לאַגע פונעם פּראָלעטאַריאַט פון פאַרשיידענע נאַציעס פאַרשיידן; אויב צוליב דעם האָבן זיך די סאָצ.-דעמ. אָרגאַניזאַציעס אויסגעפורעמט און פורמענען זיך אויס, ווי נאַציאָנאַלע פּאַרטייען, וועלכע האָבן, אַכוץ די אַלגעמיין-פּאַרטייִשע, נאָך ספּעציפישע אויפגאַבן, וועלכע דרינגען אַרויס פון דער אָנגעוויזענער היסטאָרישער זאַכלאַגע, — איז די סאַמע צוועקמעסיקע פאָרם אַף צו פאַראייניקן אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס אַזאַ, וועלכע, פאַרשטעלנדיק די פולשטענדיקע זעלבשטענ- דיקייט און גלייכבאַרעכטיקונג די באַזונדערע טיילן פון דער פּאַרטיי, זאָל אין דערזעלביקער צייט קאָנען קאָנטאַקטירן (און צונויפירן) די פּילאַרטיקע טעטיקייט פון די פאַרשיידענעריליי אָרגאַניזאַציעס אין אַן איינהייטלעכע סיסטעם פון קאַמף.

„קאָנטאַקטירן די טעטיקייט — אָט־דאָס איז די איינציקע אופגאַבע פון דער אַלרוסלענדישער פּאַרטיי; אין די צילן און גרענעצן פון אָט־דעם קאָנטאַקט שליסט זיך די אונטערגעוואָרפנקייט פון אַלע טיילן די אָנפירנדיקע אָרגאַנען פון דער רוסל. פּאַרטיי.

„ניט אָפּנעמען דעם אייגענעם פּאָנעם בײַ די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס, ניט די צעשמעלצונג פון אַלע ספּעציעלע פּאָדערונגען אין אַ קאָנצענטרירטן ציקל פון *נאָר אַלגעמיינע פּאָדערונגען*, נאָר פּאַרקערט, די פּאַרטיידיקונג פון אַלע פּאָדערונגען, וועלכע רופן אַרויס צום לעבן באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס — אָט־דאָס איז די אופגאַבע פון דער אַלרוסלענדישער פּאַרטיי.

„אויב אָבער דאָס איז די אופגאַבע פון דער רוסל. פּאַרטיי, קאָן זי ניט זיין געבויט ניט אַף פעדעראַטיווע יעסוידעס: קיינשום אַנדער אָרגאַניזיר־פאָרם איז ניט אימשטאַנד אַריינצונעמען אין זיך און באַהעפטן ביידע אָנגעוויזענע פּרינציפּן — זעלבשטענדיקייט און גלייכבאַרעכטיקונג פון די טיילן, פון איין זייט, און די קאָנטאַקטירטקייט און אייניקייט פון טאַט, פון דער צווייטער.

„אין דערעמעסן, אויב בײַ אַנדערע געבוי־פאָרמען פון דער פּאַרטיי — זאָל דאָס זיין די פאָרם פון ריינעם „אימפּעריאַליזם“, אָדער די פאָרם פון „אַווטאָנאָמער“ אונטערגעוואָרפנקייט — ווערט פולקאָם און מיט דערפאָלג פאַרווירקלעכט די צווייטע אופגאַבע, ד. ה. די קאָנטאַקטירטקייט, דערפאַר אָבער קאָן בײַ דיזאָזיקע פאָרמען ניט באַקומען קיין געהעריקע ליזונג די גלייכבאַרעכטיקונג.

„דער ערשטער טניי פאַר דער לעבנספעיִקייט פון אַ נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע — זיין פאָרגעשטעלט שטענדיק און אומעטום, ווי זי איז, מיטן גאַנצן סכום אופגאַבן און פּאָדערונגען אירע — ווערט באַלד געבראָכן מיטן עצעם אַריינטרעטן פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע אין דער פּאַרטיי ניט אַף פעדעראַטיווע יעסוידעס, וועלכע זיינען מעכאַיעוו די פאַרטרעטונג אין דער פּאַרטיי פון אַלע אירע טיילן, ווי אַזעלכע, נאָר אַף וועלכע־ניט־איז אַנדערע יעסוידעס, ווען דיזאָזיקע טיילן טרעטן אַריין אין דער פּאַרטיי שוין פאַרבלאָזע, באַרויבטע פון זייער ספּעציפישער שעליכעס.

„פאַר די נאַציאָנאַלע סאָצ.־דעמ. אָרגאַניזאַציעס, וואָס דער גאַנצער עקזיסטענץ־זין איז דאָס אַרויסרוקן, אַכוץ די אַלגעמיינע פּאָדערונגען, די ספּעציפישע פּאָדערונגען פונעם פּראָלעטאַריאַט פון דער געגעבענער נאַציע, איז דאָס אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיי ניט אַף פעדעראַטיווע יעסוידעס, אַף אַזאַ אויפן, אַן אַקט פון זעלבסטמאָרד: די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, ניט פאַרבלייבנדיק אַזאַ, הערט אוף צו זיין וואָס ניט איז, רייסט אַרונטער די יעסוידעס פון איר אייגענעם לעבן“...

אויספירלעך אַנאַליזירט די רעזאָליוציע די הריי מעגלעכע פאָרמען פון אַווטאָנאָמיע (ראַיאָניש־טעכנישע, פּראָגראַמאַטישע און טעריטאָריעלע) און קומט צום שלוס, אַז אין פּראַט פון הערשאַפט פון דער פּאַרטיי איבער די אַווטאָנאָמע טיילן און זייער אונטערדריקונג אין געוויסע געביטן אונטערשיידן זיי זיך ווייניק איינע פון דער אַנדערער. די ערשטע פאָרם אַנטשפּרעכט לאַכלוטן ניט דער גרונט־אידיי און די הויפּט־צילן, צוליב וועלכע עס עקזיסטירן די נאַצ. ס"ד אָרגאַניזאַציעס. די צווייטע פאָרם איז אי לאָגיש ווידערשפּרעכלעך, אי פּראַקטיש ניט־צוועקמעסיק: די ספּעציפישע לעבנס־באַדינגונגען פונעם פּראָלעטאַריאַט פון דער געגעבענער נאַציע זיינען אַזוי ענג און אָרגאַניש צוזאַמענגעבונדן מיט דער גאַנצער סאָציאַל־פּאָליטישער סטרוקטור פון דער מעלוכע, אַז ניט לאָגיש און ניט פּאַקטיש קאָן מען זיי ניט אָפּרייסן איינס פון דאָס אַנדערע. אַכוץ דעם, מוז אָט־די פאָרם פון אַווטאָנאָמיע אומפאַרמיידלעך אָפּשוואַכן די איינהייטלעכקייט פון דער פּאַרטיי: די אַווטאָנאָמע טיילן פּאַרטיפן זיך אין זייערע ספּעציפישע איניאָנים און ווערן אָפּגעפרעמדט פון די אַלגעמיין פּאַרטייִשע. די דריטע פאָרם, באַזיצנדיק אַלע כעסרוינעם פון דער צווייטער, פאַרשווערט נאָך מער די לאַגע, ווייל עס ווערן מער קאָמפּליצירט די קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן די נאַציאָנאַלע ס"ד אָרגאַניזאַציעס, וועלכע אַרבעטן אַף איין טעריטאָריע.

אַרויסגייענדיק פון די אַלע פאָרהאַנאָכעס, אנערקענט די באַראַטונג פאַרן איינציקן אָנעמבאַרן אָרגאַניזיר-פּרינציפּ, אַף וועלכן עס דאַרף זיין געבויט די רסדא״פּ, די פעדעראַציע. דערביי לייגט זי פאָר דיזאָזיקע פאָדערונג פאָרמולירן אין אַ באַזונדערן פונקט, פון וועלכן עס ווערן געגעבן דריי וואַריאַנטן, אָפּהענגיק פון באַשטאַנד און כאַראַקטער פון די אָרגאַניזאַציעס, וואָס וועלן אַריין אין דער פאַרטיי, און אויך פון דעם, אַף וויפל זיי וועלן זיין מאַסקים מיט דער בונדישער פּאָזיציע:

1. „די רסדא״פּ קאָנסטרויִרט זיך, ווי אַ פעדעראַטיווער פאַרבאַנד פון נאַציאָנאַלע סאָצ.-דעמ. אָרגאַניזאַציעס.

1. א. „די רסדא״פּ קאָנסטרויִרט זיך, ווי אַ פעדעראַטיווער פאַרבאַנד פון די נאַציאָנאַלע ס״ד אָרגאַניזאַציעס און די איבעריקע פאַרייניקטע ס״ד אָרגאַניזאַציעס, וואָס גייען אַריין אין דער פאַרטיי.

1. ב. „די רסדא״פּ איז אַ פעדעראַטיווער פאַרבאַנד פונעם „בונד“ און די איבעריקע ס״ד פאַרייניקטע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע עס גייען אַריין אין באַשטאַנד פון דער פאַרטיי“.

צום דאָזיקן פונקט דאַרפן צוגעגעבן ווערן צוויי באַמערקונגען:

„נאָכן שליסן דעם אָפּמאַך קאָנען נייע אָרגאַניזאַציעס אַריינגענומען ווערן אין דער פאַרטיי, ווי זעלבשטענדיקע טיילן, אויך אַף אַנדערע (ניט פעדעראַטיווע) יעסוידעס. אָרטיקע און ראַיאָנע אָרגאַניזאַציעס ווערן ניט אנערקענט פאַר זעלבשטענדיקע טיילן פון דער פאַרטיי“[53].

די באַראַטונג האָט אויך אויסגעאַרבעט אַן אויספירלעכן סטאַטוט פון 10 פונקטן, וועלכער רעגלאַמענטירט די קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן „בונד“ און רסדא״פּ און באַשטימט זיין אָרט אין דער לעצטער. מיט גאָר קליינע ענדערונגען איז דערדאָזיקער סטאַטוט שפּעטער באַשטעטיקט געוואָרן דורכן 5-טן בונדישן צוזאַמענפאָר, און נאָכדעם האָט אים די בונדישע דעלעגאַציע אַרויסגערוקט און געפּרוּווט פאַרטיידיקן אַפן צווייטן פאַרטיי-צוזאַמענפאָר.

## די צוגרייטונג פון די פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס צום קאַמף קעגן „בונד“

נאָך דעם, ווי דער „בונד“ איז אָפיציעל צוגעשטאַנען צום אָ״ק, איז די ענטלעכע פּאָלעמיק מיט אים, ווי עס איז שוין פריער געוויזן אָנגעוויזן, אָפּגעשטעלט געוואָרן. אָבער אינערלעך, אין אָ״ק גופא, און דערהויפּט אין דער קאָרעספּאָנדענץ פון דער „איסקרא“-אָרגאַניזאַציע מיט אירע רוסלענדישע פאָרשטייער, האָבן זיך די אָפּקלאַנגען פון אָט-דער פּאָלעמיק געלאָזט הערן נאָך אַ צייט לאַנג.

וואָס איז שייעך דעם פּרינציפּיעלן קאַמף, האָט אים די „איסקרא“ ניט נאָר גיט אָפּגעשטעלט, נאָר נאָך מער פאַרשאַרפט און פאַרטיפט. די בונדישע טאַקטיק אינעם קאַמף אַרום אָ״ק, די שטרעבונג צו פאַרוואַנדלען דעם צווייטן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין אַ גרינדונג-צוזאַמענפאָר און דאָס קאַטעגאָרישע אָפּזאָגן זיך צו גיין אַף די קלענסטע האַנאָכעס אין די אָרגאַניזיר-פאָדערונגען — דאָס אַלץ האָט קלאָר באַוויזן, אַז מיטן „בונד“, וועלכער איז געווען די גרעסטע און שטאַרקסטע אַנטי-איסקרישע אָרגאַניזאַציע, שטייט-פאָר אַ שאַרפער און אַנטשיידענער קאַמף, צו וועלכן מע מוז סיסטעמאַטיש גרייטן די גאַנצע פאַרטיי-פּעריפעריע.

ווי נויטיק און אַקטועל עס איז געווען דיזאָזיקע אויפגאַבע, האָבן די אויסלענדישע אָנפירער פון דער „איסקרא“ געקאָנט אַן איבעריק מאָל איבערצייגן זיך אויך פון דער קאָרעספּאָנדענץ מיט די רוסלענדישע טוער פונעם א״ק. אייניקע פון זיי האָבן בעפּיירעש ניט אָריענטירט זיך אין דער סיטואַציע און געהאַט טייגעס צו דער „איסקרא“ פאַר איר צו-שאַרפער שטעלונג בעוויגייע צום „בונד“:

---

35 Институт Ленина. Рукописный отдел б. загр. архива Бунда. № 184. „Проект резолюции совещания при заграничном комитете Бунда в мае 1903 г. (подготовительные материалы к пятому с'езду Бунда). К вопросу о структуре Р. С. Д. Р. П.“ стр. 1—13.

„באַ אָלגען (אָרגאַניזיר־קאָמיטעט) האָט געשריבן ב. אי. גאָלדמאַן דעם 7־טן מאַרט דער רעדאַקציע פון „איסקרא" — איז נאָך אַליץ ווייניק טאָלק, און דער פאַרשטייעגדיקער צוזאַמענשטוים מיטן „בונד" נאָך אייער אַרטיקל אין נומ. 33 וועט פאַרשאַפן ניט ווייניק שוועריקייטן. די אופרעגונג באַם „בונד" איז אַ שרעקלעכע" [36].

נאָך בוילעטער האָבן זיך דידאַזיקע פשאָרע־שטימונגען בענויגייע צום „בונד" אָפּגעשפיגלט אינעם בריוו (בעערעך פון 19־טן מאַי) פונעם ביוראָ־מיטגליד פונעם אָ"ק, יע. אַלעקסאַנדראָוואַ [37] צו די כ"ב לענין, קרופּסקאַיאַ און מאַרטאָוו.

„...איר שרייבט, אַז איר „האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אונדזער קאָוועד" [38], איך אָבער מיין, אַז איר האָט דאָס ניט געדאַרפט טאָן. מע האָט געדאַרפט איבערלאָזן דאָס טאָן אונדז זעלבסט... אונדזער קאָוועד וואָלט לאַכלוטן ניט געליטן, אויב מע זאָל אויסמיידן די פּאָלעמיק מיקויעך אונדזערע אָרגאַניזיר־איניאַנים. דאָס עפנטלעכע אונטערברעכן די אָרגאַניזיר־דיסציפּלין, דאָס אַרויסטראָגן אַף דער ליכטיקער שיין די אינערלעכע רייבונגען, ד. ה. די בריוו פון איגנאַטן (כ' קראַסיקאָוו) און פונעם בונדיסט — אָט דאָס איז אַ קאָוועד־באַליידיקונג פאַרן אָ"ק... איך פאַרשטיי לאַכלוטן ניט, צוליב וואָס, אַף אַזאַ אויפן, האָט מען אים (דעם „בונד") געדאַרפט שלעפן אין אָ"ק? קעדיי אָפּצוהיטן די פאָרמאַלימעטן? איך פאַרשטיי ניט. איך געפין, אַז, אָדער מע האָט גאָר ניט געדאַרפט רעכענען זיך מיט די פאָרמאַלימעטן, אָדער אָפּהיטן זיי ביזן סאַמע צוזאַמענפאָר. אַז ניט, באַקומט זיך אַ פּאָליטיק־טרייבעריי, וואָס אירע צילן פאַרשטיי איך ניט. דער „בונד" שטערט אונדז ניט. פאָרמעל, צום ביישפּיל, האָבן מיר אייגנטלעך ניט קיין רעכט אינעם נאָמען פונעם א"ק צו מאַכן אַ דרוק אַף די קאָמיטעטן אַפילע אין דער פראַגע וועגן זייער סאָלידאַריטעט מיט דער „איסקרא". מיר טוען דאָס, דער בונדיסט ווייס דאָס אויסגעצייכנט און שווייגט און וואָגט ניט צו עפענען אַ מויל" [39].

דידאָזיקע פשאָרע־שטימונגען בענויגייע צום „בונד" זיינען, פאַרשטייט זיך, ניט כאַראַקטעריסטיש פאַר די רוסלענדישע „איסקרא"־פירער ביכלאַל. פאַרקערט, די שפּעטערדיקע באָלשעוויקעס, ווי די כ"ב קראַסיקאָוו און קרזשיזשאַנאָווסקי, האָבן גלייך גענומען אַ ריכטיקן טאָן און אויסגעהאַלטן דורכגעפירט אַלע אָנווייזונגען און דירעקטיוון פונעם כ' לענין.

„בענויגייע צום „בונד" — האָט געשריבן כ' קרזשיזשאַנאָווסקי דער רעדאַקציע פון „איסקרא" דעם 24־טן מאַרט — איז די טאַקטיק געווען אַ ריכטיקע, און קיינשום האַנאָכעס האָט ער ניט באַקומען. ברוט (קרזשיזשאַנאָווסקי) האָט זיך דערשלאָגן, אַז ער (דער „בונד") האָט צוריק גענומען: 1) זיין פאָרשלאַג וועגן דערקלערן דעם צוזאַמענפאָר פאַר אַ קאָנסטיטוירנדיקן — וואָס אים האָט זיך זייער געוואָלט—און 2) די באַשולדיקונג אין באַוווּסטזיניקן איגנאָרירן אים אין הארבסט [40]. אַשאָך נאָר, וואָס עס איז ניט איינגעפאַלן צו פאָדערן באַ אים אַן אָפיציעלע מעלדונג וועגן דעם. (און דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען זייער וויכטיק צוליב דער אופירונג פונעם אויסלענדישן קאָמיטעט פונעם „בונד")".

מע דאַרף אָבער פאַרצייכענען, אַז אַפילע כ' קרזשיזשאַנאָווסקי איז געווען ניט אינגאַנצן מאַסקים מיטן שאַרפן טאָן, אין וועלכן די „איסקרא" האָט געפירט די פּאָלעמיק מיטן „בונד".

„ברוט בעט נאָך איבערגעבן — שרייבט ער אינעם זעלביקן בריוו — אַז אין נומער 33 „איסקרא" איז גענומען געוואָרן אַ ביסל אַ צו הויכער טאָן בענויגייע צו באָריסן („בונד")" [41].

---

[36] „Пролетарская Революция" 1928. № 6—7. стр. 130.

[37] אַף דער זיצונג פון א. ק. אין אָריאָל איז י. אַלעקסאַנדראָווא, וועלכע איז געווען קאָמאַנדירט פון אויסלאַנד, אַריינגעפירט געוואָרן אין זיין באַשטאַנד; פון סאָף מאַרט 1903 האָט זי געאַרבעט, ווי אַ ביוראָ־מיטגליד פון א. ק., אין קיעוו.

[38] עס ווערט געמיינט די פּאָלעמיק מיטן „בונד" אַרום א. ק.

[39] „Ленинский сб." VIII. стр. 350—351.

[40] באַם צונויפפאָר די פּסקאָווער קאָנפערענץ.

[41] „Пролетарская Революция". 1928. № 6—7. 173—174.

אָט די אַלע קאָנקרעטע טייגעס פון די אָנגערופענע כאַווירים האָט באַלד און געגוי, אינעם נאָמען פון דער „איסקרא“, פאַרענטפערט כ׳ קרופּסקאַיאַ. אין איר בריוו צו ב. גאָלדמאַנען פון 26-טן מאַרט האָט זי געשריבן:

„...וואָס איז שייעך דעם „בונד“, זייט איר צו סוביעקטיוו און געוויגט איבערצוטרייבן זיין גוטוויליקייט... שווין פון די ערשטע אָפּגעריסענע מיטיילונגען פון זשענען (יע. לעווין) זעען מיר, אַז דער בונדיסט האָט פאָרגעשטעלט די זאַך ניט גאָר אַזוי, ווי עס איז פאָרגעקומען. דער אויסלענדישער קאָמיטעט (פון „בונד“) איז ווייניק וואָס ער איז דערגאַנגען דער טייוול ווייס ביז וואָס אין זיינע באַשולדיקונגען — סטאַרעט ער זיך נאָך מיט אַלערליי מיטלען צעקריגן דעם צ"ק (פון „בונד“) מיטן א"ק, אויסטראַכטנדיק צוליב דעם פאַרשיידענע שטוסערייען, ווי, לעמאָשל, אַז דייטש באַלבעט וועגן אָרט, ווו עס געפינט זיך דער צ"ק אוכדוימע. ווייטער דער מיטגליד פון צ"ק, מיט וועלכן עס האָט גערעדט קלעאָן (פּ. קראַסיקאָוו), האָט צוגעשיקט אין „איסקרא“ אַ בריוו, אין וועלכן דער א"ק-מיטגליד ווערט באַשולדיקט אין ליגן זאָגן. צו-שיקן אַזאַ בריוו נאָך דעם, ווי דער מיטגליד פונעם צ"ק איז אַריינגעטראָטן אין א"ק, הייסט קלאָר וועלן דיסקרעדיטירן דעם א"ק“ [42].

דעם כ׳ קרזשיזשאַנאָווסקין, נאָך איידער די „איסקרא“ האָט באַקומען זיין בריוו, האָט כ׳טע קרופּסקאַיאַ געשריבן:

„...דער אָנפאַל פון באָריסן („בונד“) אַף אַלעקסאַנדערן (א"ק) האָט געמאַכט זייער ניט קיין גוטן איינדרוק. זאַכאַר (אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד“) איז געשטימט זייער פיינט-לעך, אָפּיציעל באַשולדיקט ער דער טייוול ווייס אין וואָס... אַבוץ דעם, זוכט ער, מאַשמאָעס, מיט אַלערליי מיטלען צעקריגן באָריסן מיט אַלעקסאַנדערן... ביכלאַל פון זאַכאַרן קאָן מען דערוואַרטן קאָלערליי מיעסע מייסים“ [43].

און שפּעטער, אינעם בריוו פון 20-טן אַפּרעל, דערמאָנט זי ווידער דעם „בונד“:

„...דער „בונד“ פירט זיך אויף עקלהאַפט, ער שטעלט קעסיידער אונטער הינטער-פיסלעך“ [44].

כ׳-טע אַלעקסאַנדראָווע האָט אַף אירע ספּייקעס באַקומען אַ ריי קאָנקרעטע דערקלערונגען און אָנווייזונגען פונעם כ׳ לענין.

„פּאָרמעל — האָט ער איר געשריבן אין אַ פּערזענלעכן בריוו פון נאָכן 22-טן מאַי — דאַרף מען מיטן „בונד“, לויט מיין מיינונג, זיין קאָרעקט און לאָיאַל (אין די ציין דירעקט ניט שלאָגן), איינצייטיק אָבער אויסערסט קאַלט, פאַרשפּיליעט אַף אַלע קנעפּ און אַפן געזעצלעכן באָדן צושפּאַרן אים צו דער וואַנט אומבעראַכמאָנעסדיק און אַלע שאָ, נייטיקייט אָן מייטע בייזן סאָף. זאָלן זיי אַוועקגיין, אויב זיי ווילן — מיר דאַרפן אָבער זיי ניט געבן אין די הענט דעם קלענסטן מאָטיוו, אַ שאָטן פון אַ מאָטיוו פאַר אַן איינרייס. אָפּהיטן די פאָרמאַליטעטן ביזן צוזאַמענפאָר דאַרף מען, פאַרשטייט זיך, אָבער עפענען די קאָרטן איז ניטאָ צוליב וואָס. איר שרייבט: דער בונדיסט אי ער ווייס, וואָס מיר סטאַרען זיך פאַר דער „איסקרא“, אי ער שווייגט, האַגאַם אינעם נאָמען פון א"ק האָבן מיר ניט קיין רעכט דאָס צו טאָן. לויט מיין מיינונג, דאַרף מען דאָס ניט טאָן אינעם נאָמען פון א"ק, נאָר פון יעדן מיטגליד פּערזענלעך און באַרופן זיך ניט אַפן א"ק, נאָר אַף די קאָמיטעטן, וועלכע האָבן אָנגער-קענט די „איסקרא“. דער רעזולטאַט איז דערזעלביקער און אַפילע נאָך אַסאַך שטאַר-קערער (קיין שום „אַגענטן“ זיינען ניטאָ) און די פאָרמעלע זייט איז פּאָרוורפלאָז. צוגרייטן די קאָמיטעטן קעגן „בונד“ — איז איינע פון די סאַמע וויכטיקע אויפגאַבן פונעם מאָמענט, און דאָס איז אויך פולקאָם מעגלעך, ניט אָנרירנדיק די פאָרמעלע זייט“ [45].

דערעד-אַגעוו איז קעדיי צו פאַרצייכענען, אַז כ׳ גאָלדמאַן האָט אינגיכן קימאַט אויסגע-

42 דאָרט ז. 132—133.
43 דאָרט ז. 175.
44 דאָרט ז. 178.
45 „Ленинск. сб.“ VIII. стр. 355—356.

לעבט זיינע וואַקלונגען בענויגייע צום „בונד“. אין זיין בריוו צו דער „איסקרא“ פון 5-טן אַפּרעל שרייבט ער שוין: „וואָס איז שייעך דעם „בונד“, בין איך שוין מיט אייך קימאַט אינגאַנצן מאַסקים. איבערהויפּט עקלהאַפט איז מיר געוואָרן דער אויסלענדישער קאָמיטעט. אונטער אייער אַרטיקל אין נומ. 34[46] שרייב איך זיך פּאָלקאָם אונטער“ [47].

כאַראַקטעריסטיש איז אויך, וואָס אַפילע אין איר אויבנציטירטן אומצופרידענעם בריוו האָט כ׳מע אַלעקסאַנדראָווע דערקלערט: „די קאָמיטעטן וועלן מיר צוגרייטן, מיטן „בונד“ וועלן מיר זיי באַקאַנט מאַכן, און אויב איר וואָלט איצט געגעבן א ריי אַרטיקלען וועגן די פראַגי פון נאַציאָנאַליזם, פעדעראַליזם און אַווטאָנאָמיע, — וואָלט דער „בונד“ גוט צוגעבראָטן ווערן צום צוזאַמענפאָר“ [48].

די וואַקלונגען און פשאָרע-שטימונגען צווישן אַ טייל רוסלענדישע „איסקרא“-טוער זיינען, אַף אַזאַ אויפן, ליקווידירט געוואָרן. אָבער דעם עצעם פאַקט פון זייער אַנטשטיין, צוזאַמען מיט די אַלע אויבנגעבראַכטע אומשטענדן, האָבן באַזונדער קלאָר און בוילעט באַוויזן, ווי נויטיק עס איז אופצוקלערן פאַר דער ברייטערער פאַרטיי-פעריפעריע די פּאָזיציע און טאַקטיק פונעם „בונד“.

קאָנקרעטן מאַטעריאַל פאַר דעם האָט דער „בונד“, הויפּטזאַכלעך דער אויסלענדישער קאָמיטעט, געגעבן גענוג.

קאָנקרעט האָט זיך דער פרינציפּיעלער קאַמף מיטן „בונד“ באַגייט אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין שאַרפן אָנפאַל אַפן יעקאַטערינאָסלאַווער פאַרטיי-קאָמיטעט. סאָף 1902 האָט דערדאָזיקער קאָמיטעט, וועלכער האָט די גאַנצע יאָרן געפירט אַ ברייטע אַרבעט אויך צווישן די אָרטיקע יידישע פּראָלעטאַרישע מאַסן, געווענדעט זיך צו זיי מיט אַן אופרוף, אין וועלכן ער האָט דערקלערט די באַציִונג פון דער ס״ד צום ציאָניזם און אַנטיסעמיטיזם און גערופן די אָרטיקע יידישע אַרבעטער קעמפן אונטער דער פאָן פון רסדא״פּ, אונטערשטרייכנדיק, אַז אין דעם זיינען זיי פאַרינטערעסירט אַפילע פונעם שטאַנדפונקט פון פאַרהיטן און אַנטוויקלען זייער נאַציאָנאַלע קולטור.

קיין בונדישע אָרגאַניזאַציע איז אין יעקאַטערינאָסלאַוו דענסטמאָל ניט געווען; נאָכמער, לויט דער באַשטימונג פונעם פערטן בונדישן צוזאַמענפאָר, האָט דאָרט אַזאַ אויך ניט געדאַרפט זיין, אַף וויפל די אָרטיקע יידישע אַרבעטער גייען אריין און ווערן באַדינט דורכן אַלגעמיינעם פאַרטיי-קאָמיטעט. ניט געקוקט אָבער אַף דעם, האָט די ווענדונג פונעם יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט צו די אָרטיקע יידישע אַרבעטער אַרויסגערופן אַ שאַרפן אָנפאַל מיצאַד דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פונעם „בונד“, וועלכער האָט דעם געווידמעט אַ ספּעציעלן אַרטיקל אינעם נומ. 105 פון די „לעצטע נאַכריכטן“. אינעם דאָזיקן אַרטיקל דערקלערט, ערשטנס, דער אויסלענדישער קאָמיטעט, אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט שוין אויסגעבילדעט אַ זעלבשטענדיקע פּאָליטישע פאַרטיי — דעם „בונד“, און דעריבער ווערט דער יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט באַפאַלן דערפאַר, וואָס אין זיין ווענדונג דערמאָנט ער ניט דעם „בונד“, פאַרשווייגט „די זעלבשטענדיקע יידישע אַרבעטער-באַוועגונג“; לעמיי ער האָט „נאָך אַלץ ניט איבערגעקאָכט דעם געדאַנק וועגן דער נויטיקייט פון אַ באַזונדער אָרגאַניזאַציע פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט“ און „טראָגט זיך נאָך אַלץ אַרום מיטן זינלאָזן טרוים, ווי-ניט-איז פּאָטער צו ווערן פון אים („בונד“)“. צווייטנס, ווערט דער יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט באַשולדיקט אין פאַרשפרייטן צווישן די יידישע אַרבעטער „ניט קיין ווייניקער שעדלעכע, איידער די ציאָניסטישע“, באָבע-מייסעס, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז פאַרבונדן מיט דער בורזשואַזיע, און ניט מיט די אַרבעטער-שיכטן און זייערע אינטערעסן, ווי עס באַמיט זיך צו דערווייזן דער אויסלענדישער קאָמיטעט פונעם „בונד“ [49].

[46] „Нужна-ли самостоятельная полит. партия евр. пролетариату?“ Соч. т. V стр. 247—249.

[47] „Пролетарская революция“. 1928. № 6—7. стр. 134.

[48] „Лен. сб.“ VIII. стр. 351—352.

[49] ציטירט לויט כ׳ לענינס אַרטיקל: „Нужна-ли самост. партия и т. д.?“

אַף אָט־דער אַרויסטרעטונג פונעם „בונד“, אין וועלכער עס ווערט שוין גאָר ניט צווײַדײַטיק אַרויסגערוקט די פאָדערונג פון „אייניציקער פּאָרשטייערשאַפט“, האָט געגעבן אַ געהעריקן ענטפער כ׳ לעניז, אין זײַן אַרטיקל: „צי דאַרף דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט אַ זעלבשטענדיקע פּאָליטישע פּאַרטײַ?“ („איסקרא“ נומ. 34). ער האָט זיך אָבער ניט באַנוגנט בלויז מיט אָפּפרעגן די בונדישע טײַנעם און באַשולדיקונגען און מיטן דערווײַזן, אַז די האַנדלונג און פּאָזיציע פונעם יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט זײַנען געווען פולקאָם ריכטיק און אויסגעהאַלטן. דעם שאַרף פון זײַן ענטפער האָט כ׳ לעניז קאָנצענטרירט דעריקער אַפן אַנאַליז פון דער אַלגעמײַנער פּאָזיציע פונעם „בונד“, וועלכע דידאָזיקע אַרויסטרעטונג האָט בוילעט אילוסטרירט, און אַף דער פאָרמולירונג פון זײַן אייגענעם קוק אַף דער פּאַרטיי־אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן.

אַכוץ אָט־דעם אַרטיקל פונעם כ׳ לעניז, האָט די „איסקרא“ אין די נאָענטסטע נומערן אָפּגעדרוקט נאָך אַ גרויסן אַרטיקל וועגן דער פּאָזיציע פונעם „בונד“ („די איינהייטלעכע רוסלענדישע סאָצ.־דעמ. און די אינטערעסן פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט“, נומ. 36) און אינעם נומ. 41 איבערגעדרוקט פונעם פּוילישן אָרגאַן פון דער פּס"ד. Przegląd Socialdemokra-«tyczny» ראָזע לוקסעמבורגס אַן אַרטיקל וועגן „בונד“. דערעדאַגעוו, האָט כ׳ לעניז אויך שפּעטער (אין נומ. 44) באַרירט די פּאָזיציע פונעם „בונד“ אין זײַן אַרטיקל „די נאַציאָנאַלע פראַגע אין אונדזער פּראָגראַם“.

אָט־די גרינטלעכע און אַלזײַטיקע אופקלערונג אַף די זײַטן פון דער פּאָפּולערער און צווישן פּאַרטייִשן אַקטיוו פאַרשפּרייטער „איסקרא“ האָט, נאַטירלעך, שטאַרק מיטגעהאָלפן דער ענדגילטיקער ליקווידירונג פון די וואַקלונגען אין דער באַציִונג צום „בונד“ מיצאַד אַ טייל „איסקרא“־טוער און צוגעגרייט די קאָמיטעטן און די צוקונפטיקע דעלעגאַטן צום אַנטשיידענעם קאַמף מיט אים אַפן און נאָכן צוזאַמענפאָר.

קעמפנדיק אַנטשיידן קעגן „בונד“, האָט אָבער די „איסקרא“, און איבערהויפּט כ׳ לעניז, זייער ערנסט געטראַכט וועגן געענטער צוגיין און בעסער באַדינען די פּראָלעטאַרישע מאַסן פון די ניט־רוסישע פעלקער. אינעם אויספירלעכן קאָנספּעקט פאַר די באַריכטן פון די אָרטיקע דעלעגאַטן אַפן פאָרשטייענדיקן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, וועלכן כ׳ לעניז האָט צונויפגעשטעלט, איז פאַראַן אַ ספּעציעלער פונקט (23־טער), וועלכער באַמיט זיך גענוי פעסטצושטעלן די באַדינגונגען פון דער אַרבעט צ ו ו י ש ן  ד י  נ י ט ־ ר ו ס י ש ע  אַ ר ב ע ט ע ר.

דערדאָזיקער פונקט אַנטהאַלט אַזעלכע פראַגעס: „צי זײַנען פאַראַן אַרבעטער פון אַנדערע נאַציעס און ראַסעס? די אַרבעט צווישן זיי? אָרגאַניזירטע און צופעליקע? אַף וועלכע שפּראַכן? די באַציִונג (פון די אָרטיקע פּאַרטיי־קאָמיטעטן—א. ק.) צו די סאָצ.־דעמ. גרופּעס, וועלכע אַרבעטן אַף אַן אַנדער שפּראַך? עס איז געווונטשן אַ פּינקטלעכע און אויספירלעכע כאַראַקטעריסטיק פון דידאָזיקע באַציִונגען. צי זײַנען פאַראַן מײַנונג־פאַרשיידנקייטן? מעקויעך דער פּרינציפּיעלער פראַגע וועגן די נאַציאָנאַליסטישע פּראָגראַמעס? פראַגן פון טאַקטיק? אָרגאַניזאַציאָנעלע? די געווונשענע באַציִונגען פאַר געמײַנזאַמער אַרבעט. די מעגלעכקייט פון א י י ן פּאַרטיי־אָרגאַן? פעדעראַציע — צי זי איז געווונטשן און וואָס פאַר אַ טיפּ?“ [50].

אינטערעסירנדיק זיך אַזוי גענוי מיט אַלע קאָנקרעטע אייניצלהייטן פון דער באַוועגונג צווישן די ניט־רוסישע אַרבעטער, האָט כ׳ לעניז זיכער געהאַט בעדייע ערנסט שטעלן פאַר דער פּאַרטיי די פראַגע וועגן דער אַרבעט צווישן די נאַצמינדישע פּראָלעטאַרישע מאַסן. ווײַזט אויס אָבער, אַז דער אָנגעשטרענגטער קאַמף מיט די מענשעוויקעס אַפן צוזאַמענפאָר גופע, די צעשפּאַלטונג פון דער פּאַרטיי נאָכן צוזאַמענפאָר און די טיפע אינערלעכע דעזאָרגאַניזאַציע, וואָס די לעצטע האָט אַרויסגערופן, האָט אַף אַ צײַט אָפּגערוקט דידאָזיקע אופגאַבע אַפן הינטער־פּלאַן.

[50] Соч. Ленина. т. V. стр. 217.

## די דיסקוסיע וועגן דער אָרגאַניזיר־פראגע אפן 5־טן בונדישן צוזאַמענפאָר

דער 5־טער בונדישער צוזאַמענפאָר, וועלכער איז פאָרגעקומען אין יוני 1903, איז געווען דער לעצטער און אַנטשיידנסטער עטאַפּ אין די פאָרבאַרייטונגען פונעם „בונד“ צום צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. אַפן 5־טן צוזאַמענפאָר זיינען ענדגילטיק באַשטימט געוואָרן די פּרינציפּיעלע יעסוידעס, אַף וועלכע דער „בונד“ האָט געוואָלט באַזירן זייגע באַציִונגען מיט דער רסדא“פּ, און עס איז פאָרמולירט געוואָרן דער אָרגאַניזיר־סטאַטוט, וועלכער האָט געדאַרפט קאָנקרעט פעסטשטעלן דאָס אָרט פונעם „בונד“ אין דער אַלרוסלענדישער פּאַרטיי. דאָ איז אויך אויסגעאַרבעט געוואָרן די בונדישע „סטראַטעגיע“ און עס זיינען אָנגעמערקט געוואָרן די דירעקטיוון פאַר דער דעלעגאַציע אַפן אַלפּאַרטייִשן צוזאַמענפאָר. די גאַנצע ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון די קעגנזייטיקע באַציִונגען מיט דער רסדא“פּ, ביז צום פאַרלאָזן דעם צווייטן צוזאַמענפאָר און דער אָפּשפּאַלטונג פון דער פּאַרטיי, זיינען, הייסט דאָס, פּאַקטיש געווען פאָרויסבאַשטימט דאָ, אַפן 5־טן בונדישן צוזאַמענפאָר.

וועגן אָט־דעם צוזאַמענפאָר איז אָבער ביז איצט געווען זייער ווייניק באַוווּסט. די אָפּיציעלע „מיטיילונג“ וועגן אים, וועלכע עס האָט אַרויסגעלאָזן דער אויסלענדישער קאָמיטעט פונעם „בונד“, האָט אַנטהאַלטן נאָר די אָנגענומענע באַשלוסן, און דאָס אויך ניט אַלע. דעם באַשלוס וועגן „אולטימאַטום“ און די אולטימאַטיווע פונקטן זיינען אין אָט־דער „מיטיילונג“ ניטאָ. דער מער אויספירלעכער אָפּיציעלער באַריכט, וועלכער איז דערשינען שוין נאָכן צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, האָט דעמדאָזיקן בלויז פאַרפילט. ער האָט אָבער דעם אינהאַלט און כאַראַקטער פון די דעבאַטן איבערגעגעבן טענדענציעז, און מישפּעטן לויט אים וועגן אינערלעכן קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען אַפן 5־טן בונדישן צוזאַמענפאָר, איז געווען לאַכלוטן ניט מעגלעך. דער באַריכט האָט זיך באַמיט שאַפן אַן איינדרוק, אַז קיין פּרינציפּיעלע קעגנער פון דער פעדעראַציע זיינען אַפן צוזאַמענפאָר ניט געווען, און אַלע דעבאַטן האָבן זיך אייגנטלעך געפירט אַרום רעדאַקציאָנעלע און פּראַקטישע „קלייניקייטן“. דער באַריכט פאַרשווייגט אינגאַנצן, אַז באַם באַהאַנדלען די נאַציאָנאַלע פראַגע האָבן זיך אַפן צוזאַמענפאָר אַרויסגעוויזן אַזעלכע טיפע מיינונגס־פאַרשיידנקייטן, אַז אָנעמען וועגן איר אַ באַשטימטע רעזאָלוציע איז געווען ניט מעגלעך, און דער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן די דעבאַטן אינגאַנצן אויסשטרייכן פון די פּראָטאָקאָלן און אינעם באַריכט אַפילע ניט דערמאָנען, אַז דידאָזיקע פראַגע איז געווען איינגעשלאָסן אינעם טאָג־סיידער פונעם צוזאַמענפאָר.

אַפילע אין די שפּעטערדיקע זיכרוינגעס זייערע האָבן די אָנטיילנעמער פונעם צוזאַמענפאָר ניט געפּרוּווט אופדעקן דעם טאָך פונעם אינערלעכן קאַמף, וועלכער איז אַף אים פאָרגעקומען. לעמאַשל, וו. מעדעם, וועלכער איז געווען איינער פון די פאָרטרעגער און האָט אַקטיוו באַטייליקט זיך אין די דעבאַטן וועגן אַלע פראַגן פונעם טאָג־סיידער, האָט צו דערציילן וועגן קאַמף אַרום דער אָרגאַניזיר־פראַגע נאָר אָט־וואָס:

„אַף וויפל איך געדענק, זיינען באַ אונדז ניט געווען קיין באַדייטנדיקע מיינונג־פאַרשיידנקייטן. שוין מיט צוויי יאָר פריער איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די אַלגעמיינע פּאַרטיי זאָל זיין אַ פעדעראַציע פון די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. באַ דער מיינונג איז געבליבן אויך דער פינפטער צוזאַמענפאָר.

„העיוים אָבער — דערציילט ווייטער וול. מעדעם — עס איז געווען גאַנץ באַשטימט, אַז דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר וועט דעם אָנגענומענעם סטאַטוט אָפּוואַרפן, האָט מען געדאַרפט אויסאַרבעטן אַ פּראָיעקט־מינימום, און אויב אויך ער וועט אָפּגעוואָרפן ווערן, זאָל דער „בונד“ אַרויסטרעטן פון דער פּאַרטיי.

„ניט קוקנדיק אַף דער פאַרביסענער פּאָלעמיק, וואָס די „איסקרא“ האָט אין מעשעך פון די צוויי יאָר געפירט קעגן דעם „בונד“, האָט אַ טייל פון אונדזער זייט נאָך אַלץ ניט אָנגעוואָרן אַ געוויסן צוטרוי צו די טוערס פון דער רוסישער באַוועגונג... אַ צווייטער טייל אָבער, — און קוידעמקאָל די, וואָס האָבן געלעבט אין אויסלאַנד און זיינען געווען נעענטער באַקאַנט מיט די

עמעסע קאוואָנעס פון דער „איסקרא“... האָבן אָנגעוויזן, אַז די „איסקרא“ האָט אונדז פיינט, ווי די גאַל, אַז זי שטרעבט צו פאַרניכטן דעם „בונד“ פאַר יעדן פּרייז. און אויב דער „בונד“ וויל פאַרבלייבן אין דער פּאַרטיי, דאַרף ער האָבן גאַנץ באַשטימטע און גאַנץ גענויע גאַראַנטיעס, אַז מע וועט אים מאַקע לאָזן לעבן. פאַרלאָזן זיך אַף יענעמס יווישער איז נאַיוו און ניט ווערלאָזבאַר“ [51].

די אָפיציעלע פּראָטאָקאָלן פונעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר, וועלכע געפינען זיך אין געוו. אויסלענדישן אַרכיוו פונעם „בונד“, באַשטעטיקן, ווי טענדענציעז די באַריכטן און מעמואַרן האָבן באַלויכטן דעם אינערלעכן שטרייט, וואָס איז אַף אים פאָרגעקומען.

ווי עס איז צו זעען פון די פּראָטאָקאָלן, האָט יעדער פּונקט פונעם אָרגאַניזיר־סטאַטוט אַרויסגערופן דויערהאַפטע און ליידנשאַפטלעכע דעבאַטן, אין וועלכע עס האָט זיך אָפּט באַטייליקט די מערהייט דעלעגאַטן. אַ ריי פּונקטן האָט מען נאָך די דעבאַטן געמוזט איבערגעבן אין אויסגלייך־קאָמיסיעס. דערביי האָט אַפילע פּאַסירט, אַז די מינדערהייט האָט זיך דעמאָנסטראַטיוו אָפּגעזאָגט צו שיקן אין דער קאָמיסיע אירע פאָרשטייער. צו אייניקע פּונקטן האָט די מינדערהייט אַריינגעטראָגן פאַרשיידענע אויסבעסערונגען, און צו אייניקע — אייגענע רעזאָליוציעס.

צו דער מינדערהייט, וועלכע האָט באַקעמפט די אָפיציעלע פּאָזיציע, האָבן געהערט אייניקע מיטגלידער פון צ״ק און נאָענטע צו אים טוער. ווי די מערהייט פונעם צוזאַמענפאָר, איז אויך די מינדערהייט שוין געשטאַנען פאַר דער זעלבשטענדיקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, זי איז אויך געווען דורכגעדרונגען מיט אַ באַשטימטן אומצוטרוי צו דער „איסקרא“. אָבער זי האָט נאָך מוירע געהאַט פאַר דער איזאָלירונג פונעם „בונד“ פון דער אַלרוסלענדישער ס״ד באַוועגונג, און דעריבער איז זי געווען גרייט צו גיין אַף באַדייטנדיקע האַנאָכעס.

עס וואָלט געווען ביז גאָר אינטערעסאַנט צו פאַרעפנטלעכן די גאַנצע דעבאַטן וועגן דער אָרגאַניזיר־פראַגע. דאָס וואָלט פאַר אונדז בוילעט אַנטפּלעקט ניט נאָר אַלע ניואַנסן און שאַטירונגען צווישן די קעגנער פון דער אָפיציעלער פּאָזיציע, נאָר — און דאָס איז בעלי־סאָפעק נאָך וויכטיקער — מיר וואָלטן פאַר זיך דערזעען אין איר עמעסן געשטאַלט די מערהייט פונעם צוזאַמענפאָר.

צום באַדויערן אָבער, איז דאָס צוליב מאַנגל אין פּלאַץ דערווייל לאַבלוטן ניט מעגלעך. דערווייל מוז מען זיך באַנוגענען מיט מער־ווייניקער גענויע אויסצוגן פון די דעבאַטן איבער די מער אַלגעמיינע פּרינציפּיעלע פראַגן, אין וועלכע די פּאָזיציעס פון ביידע טיילן ווערן אַנטפּלעקט אַמבוילעסטן.

אַזעלכע מאָמענטן זיינען באַם באַהאַנדלען די אָרגאַניזיר־פראַגע געווען צוויי. דאָס זיינען די דעבאַטן וועגן דעם, צי זאָל די בונדישע דעלעגאַציע אַפן אַלפּאַרטייישן צוזאַמענפאָר אָפּיציעל אַרויסשטעלן די פאָדערונג פון פעדעראַציע, און צי עס איז נויטיק צו קומען צום דאָזיקן צוזאַמענפאָר מיט אַן אולטימאַטום. די מער וויכטיקע אַרויסטרעטונגען וועגן אָט די ביידע פראַגן וועלן מיר ברענגען.

די ערשטע פראַגע איז אַנטשטאַנען נאָך דעם, ווי אַלע פּונקטן פונעם אָרגאַניזיר־סטאַטוט, אויסער דעם ערשטן, זיינען שוין געווען אָנגענומען [52]. לויטן טאָך זיינען זיי אַלע געווען דורכגעדרונגען מיט די פּרינציפּן פון פעדעראַציע. אָבער אָפיציעל האָט נאָך דערדאָזיקער טערמין אינעם סטאַטוט ניט פיגורירט, און עס האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויקלט שאַרפע דעבאַטן, זאָל מען דאָס קינד אָנרופן באַ זיין עמעסן נאָמען, צי ניט.

---

[51] וו. מעדעם: „פון מיין לעבן“. צווייטער באַנד. 1923. ז״ז 20—22.

[52] דערדאָזיקער סטאַטוט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורכן כ׳ ראַפעס אין זיין בוך: „Очерки по истории Бунда“ M. 1923. стр. 96-98 און צוליב מאַנגל אין פּלאַץ וועלן מיר אים ניט ברענגען.

די דעבאַטן האָט געעפנט וויטאַלי (אי. אייזנשטאַט—יודין) [53], וועלכער האָט פאָרגעלייגט, קעדיי אַפּן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר זאָל זיין גרינגער דורכצופירן די קאָנקרעטע פאָדערונגען, אָפּזאָגן זיך אָפיציעל צו פאָרמולירן די נייע באַציִונגען מיט דער רסדא״פּ, ווי פעדעראַטיווע. „עס זיינען פאַראַן אַסאַך „איסקראָוועצעס“ — האָט ער דערקלערט — וועלכע עס שרעקט דאָס וואָרט „פעדעראַציע“; זיי פאַרשטייען אונטער פעדעראַציע — אַן איינרייס און פולשטענדיקע אָפּטיילונג; קעדיי נים צו פאַרשווערן דאָס אָנעמען אונדזערע קאָנקרעטע פאָדערונגען, דאַרפן מיר נים אַרויסשטעלן די פאָדערונג פון פעדעראַציע“.

„גויאַך (ק. פּאָרטנאָי): מע זאָגט, אַז פאַר דער פּאַרטיי וועלן זיין אָנעמבאַר אַלע אונדזערע רעזאָליוציעס. נאָר אויב מע זאָל זיי אָנרופן, וועט זי אַף זיי נים איינשטימען. זייער פאַקטישער זין וועט זיך דאָך אָבער נים ענדערן פון דעם, צי מיר וועלן זיי אָנרופן אַזוי, צי אַנדערש. זינט דעם 4־טן צוזאַמענפאָר פירט זיך אַ דיסקוסיע וועגן אַווטאָנאָמיע און פעדעראַציע. מיר דאַרפן נים שפּילן אין זשמורקעס. מיר מוזן אָנרופן אונדזער סטאַטוס אַזוי אָדער אַנדערש. אויב מע קאָן נים זאָגן, אַז אונדזערע פאָדערונגען אַנטהאַלטן אין זיך דעם פּרינציפּ פון פעדעראַציע, איז ווי באַשטימט מען, וואָס איז אַזוינס אַווטאָנאָמיע?“.

„מ אַ ר ק (ליבער, מ. גאָלדמאַן):... מיר גייען אַפּן צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, קעדיי צו שליסן אַן אָפּמאַך; מיר דאַרפן האָבן אַ קאָנטראַהענט, נאָר אַזאַ איז נימאָ. דער זין פון אַלע באַשטימונגען, וואָס מיר האָבן אָנגענומען, איז אַזאַ, אַז קיין פּאַרטיי איז נאָך נימאָ, אַז אַזאַ דאַרף זיך ערשט בילדן, דאָס דאַרפן מיר זאָגן אַפּן צוזאַמענפאָר... אויב דער „בונד“ וועט נים אַריינגיין אין דער פּאַרטיי און אויב אין איר וועלן נים אַריינגיין די איבעריקע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, וועט זי זיך נים קאָנען אָנרופן ר ו ס ל ע נ ד י ש ע פּאַרטיי. מיר קאָנען דרייסט זאָגן, אַז מיר שטייען פאַרן פּרינציפּ פון פעדעראַציע“.

„ט אַ ר אַ ס (ד. קאַץ):... אונדזערע באַשטימונגען זיינען אַן אָרגאַניזיר־סטאַטוט פאַר אַ באַשטימטן טייל פון דער פּאַרטיי. דאָס איז אָבער נים קיין קאָנטראַקט. מיר, ווי אַ טייל פון דער פּאַרטיי, לייגן־פאָר אונדזער אָרגאַניזיר־סטאַטוט דעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. זאָל דער צוזאַמענפאָר באַשטימען אונדזערע באַציִונגען. מיר קאָנען אַליין נים אַרויסשטעלן נים דעם פּרינציפּ פון אַווטאָנאָמיע, נים פון פעדעראַציע, ווייל מיר קאָנען נים איינשטעלן קיין פּרינציפּן פאַר דער גאַנצער פּאַרטיי. און איינשטעלן אַ פּרינציפּ נאָר פאַר איין טייל איז נים מעגלעך... מיר האָבן נויטיק אַ צענטראַליזירטע פּאַרטיי. מע קאָן זיך נים פאָרשטעלן באַ אונדז אַ צ״ק, אין וועלכן עס זאָלן זיין פאָרשטייער פון פאַרשיידענע נאַציעס... אויב מיר זאָלן איצט אַרויסשטעלן אַ נייעם פּרינציפּ, וועלכער ווידערשפּרעכט דעם „מאַניפעסט“ פון 1898, וועלן מיר אים נים קאָנען דורכפירן, און עס קאָן זיין, אַז אונדז וועט אויסקומען אַרויסצוטרעטן פון דער פּאַרטיי. און דאָס אַרויסטרעטן פון דער פּאַרטיי וועט פאַר אונדז זיין זייער שעדלעך“...

„ו י נ י צ ק י (וול. מעדעם): דאָס, וואָס עס האָט געזאָגט טאַראַס, ווידערשפּרעכט די שוין אָנגענומענע רעזאָליוציעס. דידאָזיקע רעזאָליוציעס גייען אַרויס פון דעם, אַז עס איז פאַראַן אַ קאָנטראַהענט. מיר אָנערקענען, אַז עס איז פאַראַן אויך דער אַנדערער צאַד, די רוסלענדישע פּאַרטיי באַשטייט פון צוויי ווייניקסטנס כיבער־טיילן... די קאָנקרעטע פאָדערונגען, וועלכע דרינגען אַרויס פון אונדזערע באַשטימונגען, באַטייטן, אַז דער איבעריקער טייל פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי דאַרף זיך פאַרוואַנדלען אין אַ צווייטן כיבער־טייל, און אָט דאָס איז פעדעראַציע“.

---

[53] יודין—אייזנשטאַט האָט אין „בונד“ געהערט צו דער גרופּע אַסימיליאַטאָרן, ער האָט זיך אויך אַרויסגעזאָגט קעגן אָפיציעל אַרויסשטעלן די פאָדערונג פון פעדעראַציע; ער איז אָבער געבליבן אין בונדישן צ״ק אויך נאָך דעם, ווי דער „בונד“ איז אַרויסגעטראָטן פון דער פּאַרטיי; נאָכמער, באַלד נאָכן צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט ער לויטן אופטראַג פונעם בונדישן צ״ק צונויפגעשטעלט אַן אופרוף, וועלכער האָט שאַרף באַקעמפט די רסדא״פּ; נאָך דער צעשפּאַלטונג פונעם „בונד“ איז י.—א. געבליבן מיט די רעכטע און באַקעמפט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די ראַטנמאַכט.

„יונע (יאָנאָוו, פּ. קוינען[54]): די פראַגע ווערט דאָ געשטעלט בלויז פּאָרמעל. מע האָט דאָ אָנגעוויזן, אַז די אָנגענומענע פּונקטן אַנטהאַלטן אין זיך עלעמענטן אי פון פעדעראַציע, אי פון אַווטאָנאָמיע. די זאַך איז דאָך אָבער ניט אין די אָנגענומענע פּונקטן, נאָר אין דעם, וואָס אַ טייל פון אונדזערע דעלעגאַטן שטייען אַפן שטאַנדפּונקט פון פעדעראַציע, און דער צווייטער — פון אַווטאָנאָמיע. קעדיי צו באַשטימען, ווי אַזוי אָנצורופן אונדזער פּראָיעקט, דאַרף מען פריער באַשליסן, וואָס איז נוצלעכער פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט. דער וויטעבסקער דעלעגאַט האָט דערקלערט, אַז פאַר אונדז איז נויטיק אַ פעדעראַטיווער פאַרבאַנד, נאָר מע דאַרף נאָך דערווייזן, אַז דאָס וועט אונדז ברענגען מער נוצן, איידער אַ צענטראַליזירטע פּאַרטיי“.

„וויטאלי (אייזנשטאַט—יודין): די טענדענץ צו פעדעראַציע האָט זיך באַ אונדז אַנטפּלעקט קלאָר... אָבער מיר, וועלכע שטייען ניט אַף דעם שטאַנדפּונקט, גייען אַרויס פון די אינטערעסן פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, און ניט פון אַן אַבסטראַקטן פּרינציפּ. באַ די איצטיקע באַדינגונגען דאַרפן מיר שטרעבן אַרויסצוטרעטן ניט ווי אַ טייל, נאָר ווי אַן איינהייטלעכס גאַנצעס, און אין די אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַריאַט — איז אַ צענטראַליזירטע פּאַרטיי. אין די אינטערעסן סיי פונעם יידישן, סיי פונעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט דאַרפן מיר פאָדערן, אַז די רוסלענדישע פּאַרטיי זאָל זיך ניט צעפאַלן אַף טיילן. מע דאַרף שטרעבן צו איינקייט; נאָר, קעדיי צו זיכערן אונדזערע אינטערעסן, ריידן מיר פאַר זיך אויס געוויסע רעכט“...

„מאַרק (ליבער—גאָלדמאַן):... וויטאלי שטייט פעסט פאַר דעם, אַז מיר דאַרפן שטרעבן צו צענטראַליזאַציע. אָבער דער גרונט־יעסאָד פון דעמאָקראַטיע איז אַ גלייכע באַציִונג פונעם צענטראַלן אָרגאַן צו די באַשטאַנד־טיילן. נאָר מיר זעען, אַז די רוסישע קאָמיטעטן האָבן רעכט צו שיקן דעלעגאַטן אַפן פאָרשטייענדיקן צווייטן צוזאַמענפאָר, און די בונדישע קאָמיטעטן האָבן ניט דאָסזעלביקע רעכט... אַזאַ לאַגע איז אומנאָרמאַל... אויב מיר האָבן אָנגענומען אַ פּונקט, אַז דער „בונד“ איז דער איינציקער פאָרשטייער פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, פירט דאָס, נאַטירלעך, צו פעדעראַציע, איך פאַרטיידיק דעם פּרינציפּ פון פעדעראַציע ניט נאָר פאַרן „בונד“, נאָר אויך פאַר אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע גייען אַריין אין באַשטאַנד פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי. מיר אנערקענען, אַז דער פּראָלעטאַריאַט פון יעדער געגעבענער נאַציע האָט זיינע באַזונדערקייטן, און דעריבער זיינען נויטיק באַזונדערע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס; אַכוצדעם, איז אויך נויטיק אַ צענטראַליזירטע פּאַרטיי, און דעריבער איז יווישערדיק, אַז אַלע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס זאָלן אין איר אַריינגיין אַף גלייכע יעסוידעס. אין רוסלאַנד אָבער איז דאָס דערווייל נאָך ניט מעגלעך, און דעריבער פאָדערן מיר אָנווענדן דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ נאָר בענוגע צום „בונד“. די פראַגע האָבן מיר שוין געלייזט, די פעדעראַציע איז שוין אָנגענומען... וואָס פעסטער מיר וועלן פאַרטיידיקן דעמאָקראַטיקן פּרינציפּ, אַלץ גרינגער וועט אונדז זיין צו פאַרטיידיקן אונדזערע קאָנקרעטע פאָדערונגען“...

„ראַזע (לעוויט)[55]: מאַרק און דער וויטעבסקער דעלעגאַט האָבן געוואָלט דערווייזן, אַז דער פּרינציפּ פון פעדעראַציע איז נוצלעך פאַרן גאַנצן פּראָלעטאַריאַט. אָבער פאַר יער מערהייט פון אונדז איז דאָס ניט פולקאָם קלאָר; מיר דאַרפן איבערגעבן דידאָזיקע פראַגע אַף דער באַשטימונג פונעם אַלגעמיין־פּאַרטייִשן צוזאַמענפאָר. מיר קאָנען ניט אָנווייזן, ווי

[54] יונע—קויגען — איינער פון די עלטסטע און אָנגעזעענסטע פירער פונעם „בונד“; פון 1903 מיטגליד פון צ“ק; אינעם פעריאָד פונעם 5־טן צוזאַמענפאָר אַ פּרינציפּיעלער קעגנער פון דער בונדישער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם; אין די מילכאָמע־יאָרן פאַרנומען אַן אינטערנאַציאָנאַליסטישע פּאָזיציע; אין 1921 אַריינגעטראָטן אין אַלק“פּ(ב), שפּעטער געווען פאַרוואַלטער פון אַגיטפּראָפּ באַם וואַטישן געגנט־קאָמיטעט פון רק“פּ(ב); געשטאָרבן אין 1923.

[55] ראָזע—לעוויט — אַן אָנגעזעענע אָרטיקע טוערן; אַ קעגנערן פון די בונדישע נאַציאָנאַלע עקסטרעמען, איז זי פונדעסטוועגן די גאַנצע צייט געווען אַקטיוו אין „בונד“; נאָך דער צעשפּאַלטונג געבליבן מיט די רעכטע; אַן אויסגעשפּראָכענע קעגנערן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און דער ראַטנמאַכט.

אַזוי דאַרף זיין געבויט די גאַנצע פּאַרטיי. מיר דאַרפֿן נאָר באַשטימען, וועלכע פֿאָרם איז ניצלעכער פֿאַרן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט".

„וואַרשע:... אויב די פֿראַגע איז אין דעם, ווי אַזוי די בונדישע דעלעגאַציע זאָל זיך האַלטן אַפֿן צוזאַמענפֿאָר, דאַרפֿן מיר זאָגן, אַז פֿון אונדזער פּראַקטיק דרינגט אַרויס דער פֿעדעראַטיווער פּרינציפּ ניט נאָר פֿאַר אונדז, נאָר אויך פֿאַר אַלע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. אַכוץ דעם זיינען פֿאַר אונדז נויטיק די קאָנקרעטע פֿאָדערונגען, וועלכע זיינען אויסגעדריקט אין די אָנגענומענע פּונקטן פֿונעם סטאַטוט. ווי אַזוי איר וועט אָנרופֿן אונדזערע פֿאָדערונגען — פֿעדעראַציע אָדער אַווטאָנאָמיע — איז אין מאָך אַלציינס. פֿריער פֿון אַלץ איז אָבער נויטיק, אַז עס זאָל זיך אָרגאַניזירן די רוסלענדישע פּאַרטיי, און דאָס אנערקענען אַלע. פֿאַרן „בונד" איז נויטיק, אַז עס זאָל עקזיסטירן אַן איינהייטלעכע פּאַרטיי, און דעריבער דאַרפֿן מיר ניט שטיין פֿעסט פֿאַר די פֿאָרמאַליטעטן".

מיט דעם האָבן זיך די דעבאַטן געענדיקט, און דער צוזאַמענפֿאָר איז אַריבערגעגאַנגען צו די אָפּשטימונגען. פֿאַר דער פֿאָרמול: „דער „בונד" גייט אַריין אין דער פּאַרטיי, ווי אַ פֿעדעראַטיווער טייל" האָבן געשטימט 20 דעלעגאַטן, קעגן—7, אָפּגעהאַלטן זיך האָבן 2. פֿאַר יודינס פֿאָרמול: „בײַ דער עקזיסטענץ פֿון דער זעלבסטהערשנדיקער אָרדענונג גייט דער „בונד" אַריין אין דער פּאַרטיי ניט אַף פֿעדעראַטיווע יעסוידעס" האָבן געשטימט 5, קעגן—19, אָפּגעהאַלטן זיך 5. דורכגעגאַנגען איז די ערשטע פֿאָרמול, וועלכע איז צוגעגעבן געוואָרן צום אָרגאַניזיר-סטאַטוט, ווי זיין ערשטער פּונקט [56].

באַלד נאָך דעם איז דער צוזאַמענפֿאָר אַריבערגעגאַנגען צו באַהאַנדלען די פֿראַגע וועגן דעם, וועלכע פּונקטן פֿונעם אָנגענומענעם אָרגאַניזיר-סטאַטוט דאַרפֿן אנערקענט ווערן פֿאַר אולטימאַטיווע, ד. ה., אויב זיי וועלן ניט אָנגענומען ווערן דורכן פֿאַרשטייענדיקן פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר, זאָל דער „בונד" באַלד אַרויסטרעטן פֿון דער פּאַרטיי. איידער אָבער אַריבערצוגיין צו באַהאַנדלען פּונקט אָט דעם שטאַנדפּונקט דעם סטאַטוט פּונקטנווייז, האָט די מינדערהייט פֿונעם צוזאַמענפֿאָר געפּרוווט איינגאַנצן אָפּפֿרעגן דעם אולטימאַטום, מאָטיווירנדיק דאָס מיט דעם, וואָס אַן אולטימאַטום וועט אומפֿאַרמיידלעך ברענגען צו דער איזאָלירונג פֿונעם „בונד".

אופגעהויבן דידאָזיקע פֿראַגע האָט דער ב' יאָנאָוו—קויגען.

„יוינע: פֿאַר מיר עקזיסטירן צוויי פֿאָרמען. מע דאַרף איינשטעלן אַ באַשטימטן מינימום פֿאָדערונגען; אויב דער צוזאַמענפֿאָר פֿון רסדא"פּ וועט אים אָנעמען, בלייבט די דעלעגאַציע; אין קעגנפֿאַל: א) גייט די דעלעגאַציע אַוועק ביטניי — ביזן קומענדיקן פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר, ב) אָדער די דעלעגאַציע בלייבט ביטניי — ביזן קומענדיקן צוזאַמענפֿאָר און ענדגילטיק ווערט די פֿראַגע באַשטימט דורך אונדזערער אַ ספּעציעלער קאָנפֿערענץ, וועלכע דאַרף צונויפֿגערופֿן ווערן נאָכן אַלפּאַרטייִשן צוזאַמענפֿאָר"...

„מאַרק: עס איז מעגלעך נאָר איין פֿאָרם פֿון אַן אולטימאַטום, דער צוזאַמענפֿאָר (בונדישער) וועט קיינמאָל ניט אָנגעטרויען די לייזונג פֿון דערדאָזיקער פֿראַגע אַ קאָנפֿערענץ. אין אַ ביטניי-אולטימאַטום איז פֿאַראַן אַ געפֿאַר. עס איז מעגלעך, אַז אויך נאָך דער קאָנפֿערענץ וועט אונדז אויסקומען אַרויסצוטרעטן פֿון דער פּאַרטיי, אויב עס וועלן ניט אויסגעפֿילט ווערן אונדזערע פֿאָדערונגען... די פּאַרטיי אָרגאַניזירט זיך נאָך, מיר טרעטן אין איר ערשט אריין. אויב אָבער זי וועט שוין זיין אָרגאַניזירט, און מיר וועלן דענסטמאָל אַרויסטרעטן, וועט מען אונדז געווים באַשולדיקן אין סעפּאַראַטיזם. עס איז מעגלעך נאָר איין אולטימאַטום: אויב מע וועט ניט אָנעמען אונדזער מינימום, טרעטן מיר אַרויס פֿון דער פּאַרטיי. האַנדלענדיק אַנדערש, פֿאַרפֿירן מיר אַ געפֿערלעכע שפּיל".

„יוינע: מיר קאָנען ניט פֿאָרויסזען, וואָס וועט אונדז געבן דער צוזאַמענפֿאָר פֿון רסדא"פּ. דאָרט קאָנען אַרויסגעשטעלט ווערן אַזעלכע אַרגומענטן און פֿאָרשלאָגן, וועלכע זאָלן

[56] Институт Ленина. Рукописный отдел б. загр. архива Бунда. „Протоколы V с'езда Бунда". Стр. 25—31.

זיך אַרויסווייזן פאַר איבערצייגענדיקע. אויב עס זיינען פאַראַן אַזעלכע פּונקטן, אָן וועלכע אונדזער עקזיסטענץ איז ניט מעגלעך, איז נויטיק נאָכן אַלפּאַרטייאישן צוזאַמענפאָר צונויפרופן אונדזערע אַ קאָנפערענץ. און אונדזער צוזאַמעןפאָר קאָן שוין איצט באַשטימען דעם באַשטאַנד פון דערדאָזיקער קאָנפערענץ“...

„ר אַ ז ע: אונדזער פּאַרטיי-ווירדע פאָדערט פון אונדז אַזאַ צוגאַנג: מיר שטעלן באַדינגונגען, און אויב זיי ווערן אָנגענומען, טרעטן מיר אַריין אין דער פּאַרטיי. אויב אָבער צוגיין פונעם שטאַנדפּונקט פון די אַלגעמיינע פּאַרטייאישע אינטערעסן, טאָרן מיר קיין שום אולטימאַטומס ניט שטעלן. גרינגער וועט זיין אַרויסטרעטן דערנאָך, ווען די פּאַרטיי וועט שוין פאַקטיש זיין אָרגאַניזירט, ווייל, אַרויסטרעטנדיק איצט, קאָנען מיר שטערן דער אָרגאַניזירונג פון רסדא״פּ... נאָר אויב שוין שטעלן אַן אולטימאַטום, דאַרף ער זיין אַ ביטנאַקער, ווייל די אָרגאַניזירונג פון אַן איינהייטלעכער פּאַרטיי איז די וויכטיקסטע לעבנס-פראַגע פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט“.

„מ אַ ר ק: אויב באַ אונדזער דעלעגאַציע וועט זיין אַ ביטנעי-אולטימאַטום, וועט זי זיך קיין זאַך ניט דערשלאָגן. זאָל זיין כאָטש איין אולטימאַטיווער פּונקט אָדער צוויי, נאָר דער אולטימאַטום מוז זיין אַן עמעסער. די רוסישע פּאַרטיי איז פאַקטיש שוין אָרגאַניזירט, דעריבער וועט דער „בונד“ ניט שטערן דער אויסבילדונג פון דער רסדא״פּ. מיר גייען אַרויס פון דעם, אַז אונדז איז טייער די אַלגעמיינע פּאַרטיי, נאָר אויב אויך דער פּאַרטיי זיינען טייער אונדזערע אינטערעסן, דאַרף זי באַפרידיקן אונדזערע גרונט-פאָדערונגען. אויב מיר וועלן איצט אַרויסטרעטן פון דער רסדא״פּ, וועט דאָס באַטייטן, אַז די איצטיקע פירער פונעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט פאַרשטייען שלעכט זיינע אינטערעסן“...

„וו י נ י צ ק י: אַ ביטנעי-אולטימאַטום — איז אַן אומזין... אויב מיר נעמען אָן אַ ביטנעי-אולטימאַטום, הייסט דאָס, אַז דערווייל זאָגן מיר זיך אָפּ פון אונדזערע פאָדערונגען און בלייבן אין דער פּאַרטיי, און דערנאָך וועלן מיר באַשטימען דידאָזיקע פראַגע אַפן קומענדיקן בונדישן צוזאַמענפאָר... אַ קאָנפערענץ קאָן ניט לייזן די פראַגע וועגן דעם „בונדס“ זיין אין דער רסדא״פּ. און דעריבער איז אַ ביטנעי-אולטימאַטום איבעריק“.

„ר אַ ז ע:... עס איז דאָך מעגלעך אויך אַזאַ לייזונג: די פראַגע וועגן אולטימאַטום ווערט באַשטימט דערנאָך, דערווייל אָבער טרעטן מיר אַריין אין דער פּאַרטיי. אַ ביטנעי-אולטימאַטום איז אַ קאָמפּראָמיס, וועלכער גיט אונדז די מעגלעכקייט ניט צערייסן מיט דער פּאַרטיי“.

צו דער אָפּשטימונג וועגן אָט דער פראַגע זיינען געשטעלט געוואָרן דריי פאָרשלאַגן: 1) „איגנאָרירן ניט באַלאָטירן די פראַגע וועגן דער פאָרם פונעם אולטימאַטום, ווייל זי איז פאַר אַלעמען קלאָר“ — פאַר 11, קעגן 7; 2) „אנערקענען, אַז עס איז פאַראַן נאָר איין פאָרם פאַר אַן אולטימאַטום און באַשטימען, וועלכע פּונקטן ווערן אנערקענט פאַר אולטימאַטיווע“ — פאַר 19, קעגן 6, אָפּגעהאַלטן זיך 2; 3) „די פראַגע וועגן אַרויסטרעטן פון דער פּאַרטיי ווערט באַשטימט אַף אַ בונדישער קאָנפערענץ נאָכן צוזאַמענפאָר פון רסדא״פּ. קיין אולטימאַטומס פאַר קיין פאַל ניט אַרויסשטעלן“ — פאַר 1, קעגן 19, אָפּגעהאַלטן זיך 5. פ אַ ר האָט, ווייזט אויס, געשטימט בלויז דער כ׳ ווינע—קויגען, וועלכער האָט דעמדאָזיקן פאָרשלאַג אַריינגעטראָגן.

באַשטימט אין פּרינציפּ אַרויסצושטעלן אַן אולטימאַטום און טייקעף אַרויסטרעטן פון דער פּאַרטיי, אויב ער וועט ניט אָנגענומען ווערן, איז דער צוזאַמענפאָר אַריבערגעגאַנגען צום קאָנקרעטן אויסוואַל און פאָרמולירונג פון די פּונקטן, וועלכע דאַרפן אַנערקענט ווערן פאַר אולטימאַטיווע. אַרום דעם האָבן זיך ווידער פאַנאַנדערגעוויקלט דעבאַטן. דער סאָף איז אָבער געווען, אַז אין אולטימאַטום זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן 10 פּונקטן, וועלכע אנטהאַלטן די הויפּט-יעסוידעס פון דער בונדישער אָרגאַניזיר-סכעמע, האַגאַם אָפיציעל ווערט אין זיי דער פעדעראַטיווער פּרינציפּ ניט דערמאָנט[57].

[57] דאָרט, ז״ז 31—34.

אַבוצדעם, האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען נאָך צוויי אולטימאַטיווע פּונקטן, וועלכע זיינען אָפיציעל אין „סטאַטוס־מינימום" ניט אַריין. דער ערשטער האָט געפאָדערט, אַז עס זאָלן אומבאַדינגט אַנולירט ווערן די אַווטאָנאָמע יעסוידעס, אַף וועלכע דער „בונד" איז ביז איצט געווען פאַרבונדן מיט דער רסדא"פּ. דער צווייטער איז אָנגענומען געוואָרן ביטנײַ: אויב דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר וועט באַשטימען, אַז דער „בונד" האָט רעכט צו ווענדן זיך צום פּראָלעטאַריאַט פון אַנדערע נאַציעס נאָר מיטן העסקעם פון די אַנטשפּרעכנדיקע טיילן פון דער פּאַרטיי, זאָל די בונדישע דעלעגאַציע אולטימאַטיוו פּאָדערן, אַז אַנדערע טיילן פון דער פּאַרטיי קאָנען זיך ווענדן צום יידישן פּראָלעטאַריאַט נאָר מיטן העסקעם פונעם בונדישן צ"ק.

אינעם גייסט פון אָט־די באַשטימונגען האָט דער צוזאַמענפאָר געלייזט אויך די פּראַגע וועגן דער בונדישער אַרבעט אין דאָרעם־רוסלאַנד. דער 4־טער בונדישער צוזאַמענפאָר (1901) האָט, ווי באַוווּסט, באַשטימט, אַז אין יענע שטעט פון דאָרעם־רוסלאַנד, וווּ די קאָמיטעטן פון רסדא"פּ באַדינען באַפרידיקנדיק די יידישע אַרבעטער, דאַרפן קיין בונדישע קאָמיטעטן ניט אָרגאַניזירט ווערן, ווייל דאָס וואָלט געקאָנט שעדלער אָפּרופן זיך אַף דער אַלגעמיינער אַר־בעטער־באַוועגונג. דער 5־טער בונדישער צוזאַמענפאָר, וועלכער האָט אַרויסגעשטעלט, ווי אולטימאַטיווע פּאָדערונגען, די „איינציקע פאָרשטייערשאַפט" און די אומבאַגרענעצטקייט מיט ראַיאָנע ראַמען, האָט, נאַטירלעך, ניט געקאָנט איבערלאָזן דידאָזיקע באַשטימונג, וועלכע ווידערשפּרעכט זיי אין גרונט. דער צוזאַמענפאָר האָט דעריבער באַשלאָסן דידאָזיקע באַשטי־מונג אָפּשאַפן [58].

## „איסקרא" וועגן 5־טן צוזאַמענפאָר פונעם „בונד"

די ערשטע אינפאָרמאַציע וועגן 5־טן צוזאַמענפאָר איז געווען די אָפיציעלע „מיטיילונג" פונעם אויסלענדישן קאָמיטעט פונעם „בונד". דידאָזיקע „מיטיילונג", וועלכע איז פאַרעפנט־לעכט געוואָרן פאַרן צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, האָט, נאַטירלעך, באַמיט זיך צו זיין וואָס איינגעהאַלטענער. וועגן אינהאַלט פון די דעבאַטן, מיינונגס־פאַרשיידנקייטן, וואַקלונגען, — וועגן דעם אַליין איז אין דער „מיטיילונג" אַפילע קיין רעמעז ניט געווען. נאָכמער, די „מיטיילונג" האָט אינגאַנצן פאַרשוויגן איינציקע ביז גאָר וויכטיקע באַשלוסן פונעם צוזאַמענפאָר, ווי למשל, אַז אַ טייל פּונקטן פונעם אָרגאַניזיר־סטאַטוס זיינען אַנערקענט געוואָרן פאַר מינימאַלע, און זיי וועלן אַרויסגעשטעלט ווערן אַפן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, ווי אַן אולטימאַטום. אין זיין „מיטיילונג" האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט פאַרעפנטלעכט נאָר דעם אַלגעמיינעם סטאַ־טוס, וועלכן ער האָט דערצו נאָך אָנגערופן „פּראָיעקט־סטאַטוס", ד. ה., אַז מיקוועד איינצלנע פּונקטן זיינען לאָזט זיך נאָך ריידן און אונטערהאַנדלען.

ביזן סאַמע פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר איז די „איסקרא", אַף אַזאַ אופן, געווען ווייט ניט גענוג אינפאָרמירט וועגן די באַשלוסן פון 5־טן בונדישן צוזאַמענפאָר. נאָר שוין אָט דער „פּראָיעקט־סטאַטוס" אַליין איז געווען פאָלקאָם גענוג, קעדיי די „איסקרא" זאָל קאָנען ריכטיק אָפּשאַצן די טיף־פּרינציפּיעלע באַדייטונג און אומפאַרמיידלעכע פאָלגן פון די פּאָדערונגען, וועלכע דער „בונד" קלייבט זיך אַרויסצושטעלן דער פּאַרטיי.

דעם אַנאַליז פונעם „פּראָיעקט־סטאַטוס" האָט די „איסקרא" געווידמעט אַ באַזונדער אַרטיקל „דאָס לעצטע וואָרט פונעם בונדישן נאַציאָנאַליזם", אין וועלכן עס ווערט בוילעט אַנט־פּלעקט דער מעהוס פון דער בונדישער פּאָזיציע.

„דער אויסלענדישער קאָמיטעט פונעם „בונד" — לייענען מיר אינעם דאָזיקן אַרטיקל— האָט אָקאָרשט אַרויסגעלאָזן אַ בלעטל מיט אַ באַריכט וועגן 5־טן בונדישן צוזאַמענפאָר... צווישן זיינע באַשלוסן פאַרנעמט דאָס הויפּט־אָרט דער „פּראָיעקט־סטאַטוס" וועגן דער לאַגע פונעם „בונד" אין דער פּאַרטיי. דעראָזיקער פּראָיעקט איז אויסערסט באַלערנדיק און פונעם שטאַנדפּונקט פון באַשטימטקייט און אַנטשיידנקייט פון זיין אינהאַלט איז בעסערס ניט צו פאַרלאַנגען.

[58] דאָרט, ז"ז 39—42.

...„דער „בונד“ — לויטעט דער ערשטער פּאַראַגראַף — איז אַ פעדעראַטיווער טייל פון רסדא״פּ. פעדעראַציע באַטייט אַף אָפּמאַך צווישן באַזונדערע, אינגאַנצן זעלבשטענדיקע איינסן, וועלכע באַשטימען זייערע קעגנזייטיקע באַציִונגען ניט אַנדערש, ווי לויט אַ קעגנזייטיקן פריי־וויליקן אויסגלייך. עס איז דעריבער ניט צו באַוואונדערן, וואָס אַפּן סמאַך פון אָט־דעם פּראָיעקט ווערט דעם צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי ניט געגעבן דאָס רעכט צו ענדערן, דערפילן אָדער אָפּשאַפן דעם ס ט אַ ט ו ט, וועלכער איז נויגייע אַ ט י י ל פון דער פּאַרטיי. עס איז ניט צו באַוואונדערן, וואָס דער „בונד“ רעדט פאַר זיך אויס אַ פּאָרשטייערשאַפט אין צ״ק פון דער פּאַרטיי און דערלויבט דעמדאָזיקן צ״ק וועגדן זיך צום יידישן פּראָלעטאַריאַט און האָבן באַציִונגען מיט באַזונדערע טיילן פונעם „בונד“ „נ אָ ר מ י ט ן ה ע ס ק ע ם פונעם בונדישן צ״ק“. דאָס אַלץ דרינגט אַרויס לאָגיש און אומפאַרמיידלעך פונעם באַגריף „פעדעראַציע“, פונעם באַגריף אונטערהאַנדלענדיקע צדאָדים“.

אַנאַליזירנדיק ווייטער דעם פּראָיעקט פּונקטנווייז, דערווייזט די „איסקרא“, אַז די בונדישע פּאָזיציע, וועלכע איז אין זיי פאָרמולירט, איז דער לאָגישער און אומפאַרמיידלעכער פּויעליוציע, צו וועלכן דער „בונד“ האָט געמוזט קומען, שטעלנדיק זיך אין 1901 (אַף זיין פערטן צוזאַמענפאָר) אַפּן גליטשיקן וועג פון פּראָגראַמאַטישן נאַציאָנאַליזם און אָרגאַניזאַציאָנעלן סעפּאַראַטיזם. דער לעצטער פּונקט פונעם דאָזיקן וועג, וועלכן דער „בונד“ האָט שוין דערגרייכט, איז זיין פּאַקטישע פאַרוואַנדלונג אין אַ זעלבשטענדיקער נאַציאָנאַלער פּאָליטישער פּאַרטיי. די פולשטענדיקע פאַנאַנדערטיילונג און פאַנאַנדערגרענעצונג פונעם יידישן און נים יידישן פּראָלעטאַריאַט איז אין בונדישן פּראָיעקט דערפירט געוואָרן ביזן סאָף, דאָס ווערט אַפילע אָפיציעל פאַרפיקסירט דורך אַ באַזונדער אָפּמאַך, דורך אַ מין גרונט־געזעץ.

די שטרעבונג פונעם „בונד“ וואָס מער צו דערווייטערן זיך פון דער רוסישער באַוועגונג האָט געפונען אַ בוילעטן אויסדריק אויך אין דער באַשטימונג וועגן דער אַרבעט אין דאָרעם-רוסלאַנד. די אָפּשאַפונג פון דער רעזאָליוציע פונעם פערטן צוזאַמענפאָר שאַצט די „איסקרא“ מיט רעכט אָפּ, ווי אַ וויכטיקן טריט צו דער ווייטערדיקער אָפּזונדערונג, ווי „אַ דירעקטן אַרויסרוף די כאַוויירים פון דאָרעם, וועלכע אַרבעטן צווישן יידישן פּראָלעטאַריאַט, בלייבנדיק ענג פאַרבונדן מיטן גאַנצן אָרטיקן פּראָלעטאַריאַט“.

„ווער עס האָט געזאָגט „א“, דאַרף זאָגן אויך „ב“ — פאַרענדיקט די „איסקרא“ דעם אַרטיקל — ווער עס האָט זיך געשטעלט אַפּן נאַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט, בא דעם מוז, נאַטירלעך, אַנטשטיין אַ ווילן אַרומצורינגלען מיט אַ כינעזישער וואַנט זיין נאַציע, זיין נאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג, יענעם קימערט ניט אַפילע דאָס, וואָס מיט זיין צעייניקונג און צעברעקלונג מאַכט ער צו גאָרניט דעם גרויסן געבאָט וועגן דערנעענטערן און אייניקן די פּראָלעטאַריער פון אַלע נאַציעס, ראַסעס און שפּראַכן“[59] ...

די „איסקרא“־רעהאַקציע, מיטן כ לענין בעראָש, האָט זיך אָבער ניט באַנוגנט בלויז מיטן ליטעראַרישן אַנאַליז פונעם בונדישן אָרגאַניזיר־סטאַטוט. אין דער ברייטער צוגרייטונגס-אַרבעט, וואָס זי האָט דורכגעפירט צווישן די דעלעגאַטן אין אויסלאַנד הארט ערעוו דעם צוזאַמענפאָר, האָט די פראַגע וועגן דער באַציִונג צום „בונד“ און צו זיינע פאָדערונגען, ווי עס דערציילט אין אירע זיכרוינעס כ׳טע קרופּסקאַיאַ[60], פאַרנומען ווייט ניט דאָס לעצטע אָרט.

און אָט־די אַרבעט, צוזאַמען, נאַטירלעך, מיט דער גאַנצער פריערדיקער אופקלער־קאַמפּאַניע, וועלכע די „איסקרא“ און אירע רוסלענדישע טוער, אונטער דער אָנפירונג פון כ׳ לענין, האָבן דורכגעפירט, האָבן דאָס צוגעגרייט און אָרגאַניזירט יענעם איינמוטיקן און אַנטשלאָסענעם ווידערשטאַנד, וועלכן די בונדישע דעלעגאַציע האָט באַגעגנט אַפּן צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. אַכוץ אַ קליין נישטיק הייפל אויסגעשפּראָכענע אָפּאָרטוניסטן („ראַבאָטשעדעלצעס“), האָט דער גאַנצער צוזאַמענפאָר אַנטשיידן אָפּגעוואָרפן דעם בונדישן סטאַטוט.

פעוורואַל 1929.

[59] „Искра“ № 46. 15 августа 1903 г.
[60] „Лен. сб.“ III.

ש. איינזאפּט

# דער עקאָנאָמישער קאַמף פון די האָלצאַרבעטער ביזן 1905-טן יאָר *

I

האָלצאַרבעטעריי איז געווען איינער פון די פּראָדוקציע=צווייגן, אין וועלכע די ייִדישע באַפעלקערונג פונעם געוועזענעם תּחום האָט גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל.

לויט די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, וואָס די „יעקאָ“ האָט צונויפגעזאַמלט אין 1898—99 יאָרן, זיינען אין די 25 גובערניעס פון געוועזענעם ייִדישן תּחום געווען פאַרנומען ביז 50 טויזנט (פּינקטלעך — 49.588) ייִדן, פון זיי אין ראַיאָן פון ליטע און ווייסרוסלאַנד — 19.791, אין דאָרעם=מייִרעוו קאַנט — 16.382, אין דאָרעם=ראַיאָן — 5.276 און אין פּוילן — 8.139. צווישן אַנדערע פּראָדוקטיווע פּראָפעסיעס, אין וועלכע עס זיינען געווען פאַרנומען באַדייטנדיקע מאַסן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, פאַרנעמט די האָלצאַרבעטעריי דאָס 4=טע אָרט.

דערדאָזיקער פּראָדוקציע=צווייג, ווי דער גרעסטער טייל פּראָפעסיעס, אין וועלכע עס זיינען געווען פאַריומען גרעסערע מאַסן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, האָט געהערט צו דער קליינפּראָדוקציע. ער איז איבערהויפּט באַשטאַנען פון קליינע האַנטווערקער=וואַרשטאַטן. דאָס איז צו זען שוין דערפון, וואָס פון 49.588 מענטשן, וואָס זיינען געווען פאַרנומען אין דער האָלצאַרבעטעריי, זיינען 25.653 געווען זעלבשטענדיקע באַלמעלאָכעס, און נאָר 14.119 דערוואַקסענע לוין=אַרבעטער און 9.816 לערניִנגלעך.

פאַרשטייט זיך, אַז עס וואָלט געווען אַ טאָעס, ווען מיר זאָלן אָננעמען, אַז אין דער מערהייט וואַרשטאַטן האָט געאַרבעט ניט מער ווי איין אַרבעטער אָדער לערניִנגל. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז צווישן דער אָנגעוויזענער צאָל זעלבשטענדיקע באַלמעלאָכעס איז מינעסטאַם געווען אַ גרויסע צאָל אַזעלכע, וואָס האָבן איינגאַנצן געאַרבעט אָן געדונגענע אַרבעטער און לערניִנגלעך. די אויבנאָנגעוויזענע צאָל אַרבעטער און לערניִנגלעך זיינען געווען פאַרנומען באַ אַסאַך אַ קלענערער צאָל באַלעבאַטים, ווי עס קאָן זיך אַפן ערשטן קוק דוכטן אַפן גרונט פון די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן פון „יעקאָ“. אַלנפאַלס דאַרף מען רעכענען, אַז די דורכשניטלעכע צאָל אַרבעטער אַף איין האָלצאַרבעטערשן וואַרשטאַט מיט גדונגענער אַרבעטס=קראַפט איז געווען מער, ווי איין אַרבעטער אָדער לערניִנגל.

אַ געוויסע פאָרשטעלונג וועגן דערווירקלעכער גרויס פון די האָלצאַרבעטערשע אונטערנעמונגען קאָנען מיר באַקומען פון די מאַטעריאַלן, וועלכע זיינען צונויפגעזאַמלט געוואָרן דורך א. קאַסטעליאַנסקין באַ דער אויספאָרשונג פון דער מעבל=סטאָליערישער פּראָדוקציע, וואָס איז

* דערדאָזיקער אַרטיקל איז צונויפגעבונדן געוואָרן אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אַפן גרונט פון די פאַקטישע מאַטעריאַלן, וועלכע עס אַנטהאַלטן אין זיך די קאָרעספּאָנדענצן פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך אין די פאָלגנדיקע אומלעגאַלע פּעריאָדישע אויסגאַבן פון סאָף נײַנציקער און אָנהויב נײַנהונדערטער יאָרן: „אַרבעטער=שטימע“, „דער ייִדישער אַרבעטער“, „וואַרשעווער אַרבעטער“, „קלאַסנקאַמף“ (ווילנא) „Искра“ און „Последние Известия“. ווייל אין אַרטיקל קומט אויס צו אָפּערירן מיט אַ גרויסער צאָל איינצלנע פאַקטן, איז אומעגלעך יעדעס מאָל קאָנקרעט אָנצוּווייזן די קוואַלן, פון וועלכע יעדער פאַקט איז גענומען. די בייגעלייגטע רעשימע פון די שטרייקן איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַפן גרונט פון דיזעלביקע קוואַלן.

פּאַרגענומען געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון „אָרט“ סאָף 1910־טן און אָנהויב 1911־טן יאָר *.

די ווירקלעכע גרייס פון די מעבל־סטאָליערשע אונטערנעמונגען אין אַ ריי שטעט איז צו זעען פון דער פאָלגנדיקער טאַבעלע:

## די צאָל וואַרשטאַטן מיט:

| | 1 אַרב. | 2 אַרב. | 3 אַרב. | 4 אַרב. | 5 אַרב. | 7—6 אַרב. | 10—8 אַרב. | העכער 10 אַרב. | דורכשניטלעך אין יעדן וואַרשטאַט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קאַטערינאָסלאַוו . . . | 1 | 1 | 12 | 4 | 4 | 10 | 2 | — | 4,46 |
| קעשעניעוו . . . . | 17 | 16 | 4 | — | — | 6 | — | 1 | 2,50 |
| זשיטאָמיר . . . . . | 4 | 16 | 10 | 8 | 2 | 7 | — | — | 3,32 |
| האָמעל . . . . . . | 10 | — | 10 | 3 | 2 | — | — | — | 2,37 |
| ווילנע . . . . . . . | 9 | 7 | 5 | 2 | 2 | — | 3 | 3 | 3,15 |
| סאַכאַקל . . | 41 | 40 | 41 | 17 | 10 | 23 | 5 | 4 | 3,14 ** |

שוין די געבראַכטע טאַבעלע באַווייזט, אַז די צאָל וואַרשטאַטן מיט איין אַרבעטער איז נים קיין גרויסע און אַז אין דער גרעסטער צאָל מעבל־סטאָלערשע אונטערנעמונגען האָבן געאַרבעט פון 3 ביז 8 אַרבעטער.

נאָר די געבראַכטע טאַבעלע גיט אונדז נאָר די גרופּירונג פון דער צאָל אונטערנע־מונגען לויט זייער גרויס, זי גיט אָבער נים קיין מעגלעכקייט פעסטצושטעלן די אַלגעמיינע צאָל אַרבעטער, וואָס זיינען פאַרנומען אין קלענערע אָדער גרעסערע וואַרשטאַטן. גאַנץ מעגלעך, אַז ווען מיר זאָלן פאַרמאָגן אַזוינע ציפערן, וואָלט זיך באַקומען, אַז אין אַ קליינער צאָל גרעסערע וואַרשטאַטן איז געווען פאַרנומען די מערהייט אַרבעטער.

אויסער דעם דאַרף מען געדענקען, אַז לויט קאַסטעליאַנסקיס אָנווייזונגען זיינען אין די אָנגעוויזענע פינף שטעט געווען ייִדישע מעבל־סטאָליערעס.

| | אַרבעטער | לערנייִנגלעך |
|---|---|---|
| קאַטערינאָסלאַוו . . . . . . . . . . . | 115 | 29 |
| קעשעניעוו . . . . . . . . . . . . . | 85 | 55 |
| זשיטאָמיר . . . . . . . . . . . . . | 131 | 69 |
| האָמעל . . . . . . . . . . . . . . | 58 | 33 |
| ווילנע . . . . . . . . . . . . . . | 65 | 25 |
| | 454 | 211 |

* דער רעזולטאַט פון דערדאָזיקער אויספאָרשונג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַ ספּעציעלן בוך אונטערן נאָמען Материалы и исследования о еврейской ремесленной промышленности, т. I.—Столярно-мебельное производство“. СПБ. 1911 г.

** קאַסטעליאַנסקי אין זיין בוך, פון וועלכן מיר האָבן גענומען דעם מאַטעריאַל פאַר דער געבראַכ־טער טאַבעלע, ברענגט אָנווייזונגען וועגן דער גרייס פון די מעבלסטאָליערישע וואַרשטאַטן אין נאָך איניקע שטעט. לויט זיינע אָנווייזונגען, זיינען אין דער גרעסטער מערהייט אָדעסער מעבל־סטאָליערישע אונטער־נעמונגען געווען פאַרנומען פון 1 ביז 4 אַרבעטער, נאָר אין 30 וואַרשטאַטן פון דער אַלגעמיינער צאָל (170) זיינען געווען פאַרנומען פון 5 ביז 10 אַרבעטער. גרויסע פאַבריקן (100—150 אַרב.) זיינען געווען 3, נאָר קיין ייִדישע אַרבעטער זיינען דאָרט קימאַט נים געווען.

אין דעמזעלביקן בוך, אין וועלכן ס'איז אָפּגעדרוקט קאַסטעליאַנסקיס אויספאָרשונג, איז אויך אָפּגעדרוקט בוקשפּאַנס אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג פון דער מעבל־סטאָליערשער פּראָדוקציע אין וואַרשע, פון וועלכער עס איז צו זעען, אַז אין וואַרשע זיינען די מעבל־סטאָליערשע וואַרשטאַטן געווען עטוואָס גרעסער, ווי אין די אויבנאָנגעוויזענע שטעט. אַזוי איז די דורכשניטלעכע צאָל אַרבעטער אין איין וואַרשטאַט פון פאַנירטן מעבל פון העכערן סאָרט — 5,1; אין איין וואַרשטאַט פון גאַלאַנטעריי־מעבל (סאַמאָוואַר־טישלעך, גראַמאַפאָן־טישלעך, טישלעך פאַר בלומען א. ד. גל.) — 8,2.

די לערנייִנגלעך האָבן אַזוי אַרום פֿאַרגעשטעלט מיט זיך באַ 50 פּראָצ. פֿון די דרעוואַק־סענע אַרבעטער, און אַף וויפֿל זיי זיינען פ אַ ק ט י ש געווען אַ טייל פֿון דער אַרבעטס־קראַפֿט, מיט וועלכער עס האָבן זיך באַנוצט די סטאָלערשע אונטערנעמונגען, אַף אַזויפֿיל זיינען די לעצטע פֿאַקטיש געווען גרעסער, ווי עס קאָן זיך דוכטן פֿון דער געבראַכטער (ערשטער) טאַבעלע.

מע דאַרף אויך געדענקען, אַז די אויספֿאָרשונג פֿון „אָרט" איז פֿאָרגענומען געוואָרן אָנהויב 1911־טן יאָר, נאָך דעם, ווי רוסלאַנד האָט איבערגעלעבט אַ באַדייטנדיקן עקאָנאָמישן קריזיס, אין רעזולטאַט פֿון וועלכן עס האָבן זיך ליקווידירט אַסאַך קליינע אונטערנעמונגען, און אַסאַך ייִדישע אַרבעטער זיינען געגנויט געווען צו עמיגרירן קיין אַמעריקע. מעגלעך, אַז דאָס האָט געבראַכט צו אַ געוויסער דעגראַדאַציע פֿון דער מעבל־פּראָדוקציע אין די מכום־גובערניעס.

אַ צווייטע אויספֿאָרשונג, וועלכע איז פֿאָרגענומען געוואָרן דורך ס. מאַרגאָלין אין מאָ־לעוו (ווייסרוסלאַנד) אין 1902־טן יאָר, האָט געגעבן אין אַלגעמיין דיזעלביקע רעזולטאַטן. לויט דערדאָזיקער אויספֿאָרשונג זיינען פֿון 14 וואַרשטאַטן פֿון דער אַזויגערופֿענער „ווייסער סטאָלעריי" (סטאָליאַרעס, וועלכע אַרבעטן מאַטעריאַלן פֿאַר געביידעס: פֿענצטער, טירן א. ד. גל. און אויך מעבל פֿאַר שולן, שפּיטאָלן א. א. וו.) געווען ניין, אין וועלכע עס האָבן געאַרבעט מער ווי צו 5 אַרבעטער, און 2—פֿון 3 ביז 5 אַרבעטער, און אין 3 ווייניקער ווי צו 3 אַרבעטער. אויסער דעם, זיינען אין די־דאָזיקע 14 וואַרשטאַטן נאָך געווען פֿאַרנומען 20 לערנייִנגלעך.

קלענער זיינען געווען די מאָלעווער מעבל־סטאָלערישע אונטערנעמונגען: אין 6 וואַרשטאַטן האָבן געאַרבעט 6 אַרבעטער און 5 לערנייִנגלעך. אין אַלגעמיין דאַרף מען רעכענען, אַז אין דער „ווייסער סטאָלעריי" זיינען די אונטערנעמונגען געווען עטוואָס גרעסערע, ווי אין דער מעבל־סטאָלעריי *.

די געבראַכטע יעדיעס זיינען, פֿאַרשטייט זיך, ניט גענוג דערויף, אַז אַף זייער גרונט זאָל מען קאָנען מאַכן גענויע און פּינקטלעכע אויספֿירן וועגן דער גאַנצער האָלצאַרבעטעריי־פּראָ־דוקציע, נאָר אין אַלגעמיין קאָן מען פֿונדעסטוועגן פֿעסטשטעלן, אַז די וווייט גרעסערע מער־הייט האָלצאַרבעטערישע אונטערנעמונגען זיינען געווען אַזעלכע, אין וועלכע עס זיינען געווען פֿאַרנומען אַמווייניקסטן צו 2—3 און אַמערסטן צו 8—10 אַרבעטער אין יעדערער. אונטערנע־מונגען מיט אַ גרעסערער צאָל אַרבעטער זיינען געווען אַ מער אָדער ווייניקער זעלטענער אויסנאַם.

עס זיינען אין דער האָלצאַרבעטעריי אויך געווען אייניקע גאַנצע פֿאַכן, וועלכע האָבן אין דער היגזיכט פֿאָרגעשטעלט אַן אויסנאַם, לעמאָשל, די אַזויגערופֿענע „בייִנקלמאַכעריי" (דאָס אויסאַרבעטן געבויגן מעבל, דעריקער שטולן), דער הויפּט־צענטער פֿון וועלכער עס האָט זיך געפֿונען אין זשיטאָמיר, טיילוויז אין בערדיטשעוו, און אויך אין אייניקע קלענערע שטעטלעך פֿון די געוו. וואָלינער און קיעווער גובערניעס. אין דעמדאָזיקן פֿאַך האָבן אין די קלענסטע וואַרשטאַטן געאַרבעט צו 6—8 אַרבעטער, אין די גרעסטע — צו 30—40 אַרבעטער. דאָס זיינען שוין געווען ניט קיין גרויסע פֿאַבריקן.

האַגאַס אין דער האָלצאַרבעטעריי האָט אין אַלגעמיין געהערשט די קליין־פּראָדוקציע, דאָך וואָלט געווען אַ גרויסער טאָעס, ווען מע זאָל מאַכן אַן אויספֿיר, אַז מיר האָבן דאָ צוטאָן מיט אַזאַ פּראָדוקציע, וועלכע געפֿינט זיך נאָך אַף דער שטופֿע פֿון מיטלאַלטערלעכער קליינער האַנטווערקעריי.

די האָלצאַרבעטעריי אין די מכום־גובערניעס האָט אין סאָף פֿון ניינצנטן און אָנהויב פֿון 20־טן יאָרהונדערט שוין געטראָגן אַ קאַפּיטאַליסטישן כאַראַקטער. די ביז־קאַפּיטאַליסטישע

* די געבראַכטע ציפֿערן זיינען פֿון ס. מאַרגאָלינס אַרטיקל:
„Условия труда в ремесленной и домашней промышленности". „Вестник фабричного законодательства", 1905 г. № 2.

מעלאָכע-פּראָדוקציע כאַראַקטעריזירט זיך דערמיט, וואָס דער באַלמעלאָכע אַרבעט אַף באַשטעלונגען, באַדינט דירעקט דעם געברויכער. די ווייט גרעסטע מערהייט מעבל-סטאָלערישע וואַרשטאַטן האָבן אָבער אין דער געגעבענער צייט שוין געאַרבעט פאַרן „מ אַ ג אַ ז י ן“. צווישן דעם געברויכער און דעם פּראָדוצירער איז געשטאַנען דער אייגנטימער פונעם „מאַגאַזין“, וועלכער האָט, אויספילנדיק רייןֿקאַפּיטאַליסטישע פונקציעס, דער פּראָדוקציע אַליין אויך צוגעגעבן אַ קאַפּיטאַליסטישן כאַראַקטער.

דער באַלעבאָס פון קליינעם סטאָלערשן וואַרשטאַט, ניט פאַרמאָגנדיק קיין גענוגן אומזאַץ-קאַפּיטאַל, איז געווען פאַרינטערעסירט אין דעם, אַז די אויסגעאַרבעטע סכוירע זאָל וואָס גיכער אָפּגעזעצט ווערן, און דאָס האָט אים געמאַכט פולקום אָפּהענגיק פונעם „מאַגאַזינשטשיק“. דער לעצטער האָט פאַרשטייט זיך, אַף וויפל עס איז נאָר מעגלעך געווען, אויסגענוצט די לאַגע און דיקטירט דעם באַלמעלאָכע זיינע באַדינגונגען אין פראַט פון איינשטעלן פרייזן אַף דער אויסגעאַרבעטער סכוירע. די אָפּהענגיקייט פונעם „מאַגאַזינשטשיק“ האָט זיך נאָך אָפט פאַרגרעסערט צוליב דעם, וואָס דער לעצטער האָט טיילווייז פינאַנסירט די באַלעבאַטים פון די וואַרשטאַטן.

דעם דרוק מיצאַד די „מאַגאַזינשטשיקעס“ האָבן די באַלעבאַטים-סטאָלערס מיט אַלע קויכעס זיך געפּלייסט אַריבערצולייגן אַף די פּלייצעס פון די אַרבעטער. אַף דער פאַרקלענערונג פון די פרייזן פאַר דער אויסגעאַרבעטער סכוירע האָבן די באַלעבאַטים געענטפערט מיט פאַרלענגערן ביז צום מאַקסימום דעם אַרבעטס-טאָג און מיט פאַרקלענערן ביזן מינימום דעם אַרבעטס-לוין.

דער אַרבעטס-טאָג פון די האָלצאַרבעטער אין די מכום-גובערניעס איז סאָף 19-טן יאָרהונדערט ווירקלעך געווען אַן אומגעהויער לאַנגער. לויט קאַסטעליאַנסקיס אָנווייזונגען, איז „ביזן 1904—1905 יאָרן דער אַרבעטס-טאָג (אין די סטאָלערשע וואַרשטאַטן) אין אַלגעמיין ניט געווען נאָרמירט. די אַרבעטער האָבן געאַרבעט אַזויפיל, וויפל עס האָבן געפאָדערט די לויפנדיקע באַדערפענישן פונעם וואַרשטאַט, אַלנפאַלס ניט ווייניקער, ווי 13—14 שאָ אין טאָג *.

אַז קאַסטעליאַנסקי שטעלט אין דעם פאַל די זאַך פאַר ניט ערגער, ווי עס איז געווען אין דער ווירקלעכקייט, באַווייזן אַ גאַנצע ריי פאַקטן, וועלכע מיר האָבן געפונען אין דער אומלעגאַלער פּרעסע פון יענער צייט. אין וואַרשע האָבן די סטאָליאַרעס אין 1902 יאָר, ניט געקוקט דערויף, וואָס צו יענער צייט איז באַ זיי שוין פאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי שטרייקן, נאָך געאַרבעט אין דער מערהייט וואַרשטאַטן 14—15 שאָ אין טאָג. אין לאָדז האָט איז 1900 יאָר באַ די טאָקאַרעס נאָך עקזיסטירט אַ 16-שאָעדיקער אַרבעטס-טאָג. אין ווילנע האָבן די „ווייסע סטאָלערס“ ביזן שטרייק פון 1897-טן יאָר געאַרבעט 14—15 שאָ, אין האָמעל האָבן די „ווייסע סטאָלערס“ ביזן 1898-טן יאָר געאַרבעט 16 שאָ אַ טאָג, אין מינסק האָט סאָף נייַנציקער יאָרן באַ די סטאָלערס עקזיסטירט אַ 14—16-שאָעדיקער אַרבעטס-טאָג. ביז 1904-טן יאָר האָט דער אַרבעטס-טאָג פון די זשיטאָמירער סטאָלערס דערגרייכט 16 שאָ אַ טאָג. די זשיטאָמירער בענקל-מאַכערס (ביז 900 מאַן) האָבן ביזן 1905-טן יאָר אויך געאַרבעט 14—15 שאָ אַ טאָג.

דער געבראַכטער פאַקטישער מאַטעריאַל איז גאַנץ גענוג דערויף, אַז אַף זיין גרונט זאָל מען קאָנען מאַכן אַן אויספיר, אַז דער אַרבעטס-טאָג פון די ייִדישע האָלצאַרבעטער איז סאָף 19-טן און אָנהויב 20-טן יאָרהונדערט געווען אַ שרעקלעך לאַנגער, דערגרייכנדיק אין דורכשניט 14—15 שאָ אַ טאָג.

וואָס איז שייעך דער גרייס פון אַרבעטס-לוין, איז לויט די מאַטעריאַלן, וואָס עס ברענגט קאַסטעליאַנסקי אין אויבנדערמאָנטן בוך, קאָן מען פעסטשטעלן, אַז ביז 1905-טן יאָר עק-

* זע דעם אויבנאָנגעוויזענעם קאַסטעליאַנסקיס בוך, ז. 184.

זיסטירט אזא דורכשניטלעכער אַרבעטס־לוין באַ די מעבל־סטאָלערס פון די אָנגערופענע 5 שטעט *.

| | סעזאָן-צײַט | ניט סעזאָן-צײַט |
|---|---|---|
| ווילנע . . . . | 6 ר. 4 ק. — 6 ר. 44 ק. | 5 ר. 76 ק. — 6 ר. 14 ק. |
| האָמעל . . . . | 4 ר. 2 ק. — 4 ר. 77 ק. | 3 ר. 79 ק. — 4 ר. 3 ק. |
| זשיטאָמיר . . . | 5 ר. — — 5 ר. 36 ק. | 4 ר. 73 ק. 5 ר. 7 ק. |
| קעשעניעוו . . . | 4 ר. 64 ק. — 5 ר. 1 ק. | 4 ר. 45 ק. — 4 ר. 79 ק. |
| קאַטערינאָסלאַוו | 6 ר. 50 ק. — 6 ר. 94 ק. | 5 ר. 84 ק. — 6 ר. 23 ק. |

פון די געבראַכטע ציפער איז צו זעען, אַז דער מיטעלער פאַרדינסט פון אַ קוואַליפיצירטן מעבל־סטאָלער איז געווען אַן ערך 5—6 רובל אַ וואָך אָדער 20—25 רובל אַ כוידעש.

דערדאָזיקער אַלגעמיינער אויספיר ווערט באַשטעטיקט דורך אַ באַדייטנדיקער צאָל איינצלנע פאַקטן, וועלכע ווערן געבראַכט אין דער אומלעגאַלער ליטעראַטור פון יענער צייט. די ביאַליסטאָקער מעבל־סטאָליערעס האָבן אין 1899־טן יאָר פאַרדינט צו 5 רובל אַ וואָך. אין דווינסק איז דער אַרבעטס־לוין פון סטאָליערעס אין 1902־טן יאָר געווען 7—8 רובל אַ וואָך. אין ווילנע פלעגן די „ווייסע סטאָליערעס“ אין 1901־טן יאָר זומער פאַרדינען פון 6 ביז 9 רובל אַ וואָך, ווינטער — מיט 2—3 רובל אַ וואָך ווייניקער. ביזן שטרייק פון 1897־טן יאָר איז דער פאַרדינסט פון די ווילנער „ווייסע סטאָליערעס“ געווען אַף 2—3 רובל אַ וואָך נידעריקער. אין האָמעל פלעגן די „ווייסע סטאָליערעס“ ביזן 1898־טן יאָר פאַרדינען 4 רובל אַ וואָך.

די געבראַכטע פאַקטן באַשטעטיקן דעם אויספיר, אַז דער דורכשניטלעכער פאַרדינסט פון אַ קוואַליפיצירטן האַלצאַרבעטער איז געווען 5—6 רובל אַ וואָך. אין די גרעסערע צענטערן איז ער עפּשער געשטאַנען העכער אַף אַ רובל אַ וואָך, אין די קלענערע שטעטלעך נידעריקער אַף אַ רובל אַ וואָך.

די שרעקלעכע עקספּלואַטאַציע פון די האָלצאַרבעטער סאַף ניינצנטן און אָנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט זיך אויסגעדריקט ניט נאָר אינעם לאַנגן אַרבעטס־טאָג און נידעריקן אַרבעטס־לוין. אַ וויכטיקער מאָמענט פון עקספּלואַטאַציע איז געווען אויך דאָס ניט רעגולערע אויסצאָלן דעם פאַרדינסט. לויט קאַסטעליאַנסקיס אָנווייזונג, איז ביזן 1905־טן יאָר געווען איינגעפירט, אַז די אַרבעטער פלעגן באַקומען זייער לוין אין דער מאָס, אין וועלכער די באַלעבאַטים פלעגן באַקומען פון די „מאַגאַזינשטשיקעס“ געלט פאַר דער צוגעשטעלטער סכוירע.

ווי עס ווערט אָנגעוויזן אין אומלעגאַלן „וואַרשעווער אַרבעטער“, האָט אין די וואַרשעווער סטאָליערישע וואַרשטאַטן עקזיסטירט אַ „מינהעג“, לויט וועלכן אַן ענדגילטיקער בעשבן צווישן באַלעבאָס און די אַרבעטער קומט פאָר נאָר צוויי מאָל אין יאָר. די גאַנצע צייט פלעגן די אַרבעטער באַקומען קליינגעלט אַף דער הויצאָע, שטענדיק ווייניקער, ווי זיי פלעגן אויסאַרבעטן. באַם ענדגילטיקן אָפּרעכענען זיך ערעוו יאָנטעוו פלעגן די באַלעבאַטים אַראָפּרייסן באַ די אַרבעטער אַ טייל פון זייער פאַרדינסט.

דערדאָזיקער פאַקט איז, ווי עס ווייזט אויס, ניט געווען קיין אויסנאַם. ווי קאַסטעליאַנסקי ווייזט אָן אין זיין בוך, האָט נאָך אין 1911־טן יאָר זיך פּראַקטיקירט, אַז די אַרבעטער, וואָס פלעגן אַרבעטן פון שטיק אַ פּאַרטיע מעבל עטלעכע וואָכן, פלעגן די גאַנצע צייט באַקומען געלט אַף דער הויצאָע און זיך צערעכענען נאָר איין מאָל אין 6 וואָכן.

אויב דאָס האָט זיך פּראַקטיקירט נאָך אין 1911־טן יאָר, איז קלאָר, אַז ביזן 1905־טן יאָר זיינען געווען אַסאַך פאַלן, ווען די באַלעבאַטים פלעגן זיך צערעכענען מיט די אַרבעטער זייער זעלטן.

* קאַסטעליאַנסקי ברענגט אין זיין בוך (זייט 151) ציפערן וועגן דער גרייס פון אַרבעטס־לוין אין 1910־טן יאָר און ווייזט דערביי אָן, אַז ביזן 1905־טן יאָר איז דער אַרבעטס־לוין געווען קלענער אין ווילנע און קאַטערינאָסלאַוו אַף 20—25 פּראָצ., אין זשיטאָמיר — אַף 25—30 פּראָצ., אין קעשעניעוו — אַף 30—35 פּראָצ., אין האָמעל — אַף 15—20 פּראָצ. די ציפערן, וואָס מיר ברענגען, האָבן מיר באַקומען, פאַרקלענערנדיק אַף דעם געהעריקן פּראָצ. דעם פאַרדינסט פון 1910־טן יאָר.

דאָס, וואָס די אַרבעטער פלעגן ניט באַקומען רעגולער זייער פאַרדינסט, האָט באַדייטנדיק פאַרשווערט זייער לאַגע. דאָס האָט זיי גענויט אָנצוקומען צו די קלייטניקעס, בײַ וועלכע זיי האָבן גענומען אַף באָרג פּראָדוקטן ביזן ענדגילטיקן צעכעשבענען זיך מיטן באַלעבאָס. דאָס „נעמען אַף באָרג" האָט, פאַרשטייט זיך, אויך עפּעס געקאָסט. די קלייטניקעס פלעגן דערפאַר אַרופרעכענען אַ געוויסן פּראָצענט אַף דער פּרייז פון די פּראָדוקטן און דערבײַ נאָך עפּעס צורעכענען צום כעשבן. דער רעאַלער פאַרדינסט פון די אַרבעטער האָט זיך אַף אַזאַ אויפן צוליב דעם ניט רעגולערן אויסצאָלן דעם לוין אין אַ געוויסער מאָס פאַרקלענערט.

צוליב מאַנגל אין פּלאַץ וועלן מיר זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויספירלעך אַף די איבעריקע זייטן פון דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע פון די האָלצאַרבעטער סאָף נײַנצנטן און אָנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. מיר וועלן נאָר אין קורצן אָנווייזן, אַז די סאַניטאַר-היגיענישע באַדינגונגען אין די וואַרשטאַטן זײַנען געווען אויסערסט שווערע. די אַרבעטס-צימערן פלעגן קימאַט קיינמאָל ניט גערייניקט און געוואַשן ווערן. אין וואַרשטאַט איז שטענדיק געווען אַ רויך און טשאַד פון צוגעברענטן קליי און עס האָבן זיך שטענדיק געטראָגן וואָלקנס האָלץ-שטויב. די באַהאַנדלונג פון די באַלעבאַטים מיט די אַרבעטער איז אויך געווען זייער אַ גראָבע. פון באַליידיקונגען און זידלערייען, וואָס די אַרבעטער איז אויסגעקומען אויסצושטיין, איז שוין אָפּגערעדט. אין געוויסע פאַלן פלעגן זיי נאָך אויך כאַפּן קלעפּ פון די באַלעבאַטים. אָט וואָס מיר לייענען אין אַ באַשרייבונג פון דער לאַגע פון די וואַרשעווער סטאָליערעס אין אומלעגאַלן „וואַרשעווער אַרבעטער":

„סטאָליערעס, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס בײַ זיי איז שוין פאָרגעקומען פיל שטרייקן, אַרבעטן נאָך איצט מערסטנטייל 14—15 שאָ. די באַהאַנדלונגען פון די מייסטערס זײַנען זייער שלעכטע. זידלען אַן אַרבעטער איז אַ געוויינלעכע זאַך, מע דערלויבט זיך אַפילע צו שלאָגן אויך. אויסער דעם איז בײַ די סטאָליערעס איינגעפירט, אַז אַ רעכענונג מאַכט מען סאָף זמאַן, פאַר פייסעך און פאַר סוקעס. אַ גאַנצן זמאַן נעמט דער אַרבעטער ביסלעכוויז געלט, געוויינלעך, שטענדיק ווייניקער, איידער עס קומט. און אַף אַזאַ אויפן קלייבט זיך צום רעכענונג צונויף אַ היפּשע סומע געלט. בײַם רעכענונג רייסט יעדער מייסטער אַראָפּ בײַ זײַנע אַרבעטער צו עטלעכע רובל..." *.

ווייטער ווערט געבראַכט אַ ריי פאַקטן וועגן דעם, ווי בײַם צערעכענען זיך האָבן די באַלעבאַטים אַראָפּגעריסן די פּרייזן און אין אייניקע פאַלן נאָך געשלאָגן די אַרבעטער.

צום סאָף וועלן מיר זיך אין קורצן אָפּשטעלן באַזונדער אַף דער לאַגע פון די לערנייִנגלעך אין די סטאָליערעשע אונטערנעמונגען.

לויט די אויבנגעבראַכטע ציפערן פון „יעקאָ" פאַר די יאָרן 1898—99, זײַנען אַף 14.119 אַרבעטער אין די האָלצאַרבעטערשע אונטערנעמונגען פון די 25 טכום-גובערניעס געווען בײַ 10 טויזנט (9816) לערנייִנגלעך. בענויגייע צו דער אַלגעמיינער צאָל דערוואַקסענע אַרבעטער האָט דאָס באַטראָפן בײַ 69 פּראָצ.

די לאַגע פון די לערנייִנגלעך איז געווען אַן אויסערסט שווערע. אָנהויבן דערפון, וואָס מע פלעגט זיי אָפּגעבן לערנען זיך אַף אַן אומגעהויער לאַנגן טערמין. לויט דעם מאַטעריאַל וואָס קאַסטעליאַנסקי האָט געזאַמלט דורך אויספרעגן די באַלעבאַטים פון פאַרשיידענע סטאָליערשע אונטערנעמונגען (קימאַט אַלע באַלעבאַטים זײַנען אַמאָל אַליין געווען אַרבעטער און זייער „לער סטאַזש" זײַנען זיי דורכגעגאַנגען אין די 90-קער יאָרן) איז 22 פּראָצ. פון זיי זײַנען געווען אין דער לערע 2—3 יאָר, 26,5 פּראָצ. — 3—4 יאָר, 6,73 פּראָצ. — 4—5 יאָר, 9,68 פּראָצ. מער ווי 5 יאָר. פון אַ יאָר ביז 2 זײַנען געווען אין דער לערע אינגאַנצן 5,10 פּראָצ. פון זיי.

פון דאַנעט קאָנען מיר מאַכן אַן אויספיר, אַז מערסטנטייל האָט זיך די לערע געצויגן 3—4 יאָר. אַף דיראָזיקע 3—4 יאָר פלעגט דאָס לערנייִנגל אינגאַנצן זײַן פאַרקויפט בײַם באַלע-

---

* „וואַרשעווער אַרבעטער", נומ. 13, יוני 1903.

באַס, פלעגט זײַן באַ אים אַף קעסט. וואָס פאַר אַ „קעסט“ דאָס איז געווען, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן. לויט קאַסטעליאַנסקיס אָנווייזונגען, „פלעגן נאָך די לערנײַנגלעך אין די 90-קער יאָרן באַם אָנקומען אין דער לערע דאַרפן אַרײַנטראָגן דעם באַלעבאָס אַ געוויסע סומע לערן-געלט“.

אָנגעקומען אין דער לערע, פלעגט דאָס לערנײַנגל דעם גאַנצן לערן-טערמין זיך פאַרנעמען דעריקער ניט מיט לערנען זיך די מעלאָכע, נאָר מיט באַדינען דעם באַלעבאָס און זײַן פאַמיליע. אָט וואָס עס דערציילט וועגן דעם קאַסטעליאַנסקי: „דער באַלעבאָס זעט אין דעם לערנײַנגל ניט מער, ווי אַן אַרבעטס-געצייג... עס איז אַלעמען באַוווּסט, אַז דאָס לערנײַנגל געפינט זיך אין שטענדיקע שליכעס באַ דער באַלעבאָסטע, באַ די דערוואַקסענע אַרבעטער, רווּמט דעם וואַרשטאַט, קאָכט קליי א. ד. גל. דאָס לערנײַנגל שפּילט די גאַנצע צייט די ראָלע פון אַ הילף-אַרבעטער. ער שאַרפט דאָס געצייג, דערלאַנגט צו די הענט מאַטעריאַל, גרייט צו פּאָליטור, ערפּ לט די סאַמע גראָבע אַרבעטן“ *.

אויב עס איז די לאַגע געווען אַזעלכע נאָך אין 1910-טן יאָר, איז שוין אָפּגערעדט, אַז אין די נײַנציקער און אָנהויב נײַנהונדערטער יאָרן איז די זאַך באַשטאַנען ניט בעסער, אויב ניט ערגער. עס איז אויך קלאָר, אַז אַלע נעגאַטיווע זײַטן פונעם לעבן פון די אַרבעטער האָבן זיך אַף די לערנײַנגלעך אָפּגעשפּיגלט אַסאַך שטאַרקער.

דער דערוואַקסענער אַרבעטער פלעגט נאָך צייטנווייז זײַן אימשטאַנד געבן אַ ווידערשטאַנד דעם באַלעבאָס, די לערנײַנגלעך זײַנען אינגאַנצן געווען אומבאַהאָלפן, און זיי איז אויסגעקומען איבערטראָגן באַלײדיקונגען און דערנידערונגען פון אַלע זײַטן. אויב בענויגייע צו דערוואַקסענע אַרבעטער זײַנען אַזעלכע דערשיינונגען, ווי פעטש, פאָרט געווען אַ זעלטענע זאַך, איז די לערנײַנגלעך אויסגעקומען כאַפּן קלעפּ זייער אָפּט. און וועגן דעם, אַז די לערנײַנגלעך, זייענדיק באַ די באַלעבאַטים אַף קעסט, פלעגן זיך געפינען אין אויסערסט אַנטיסאַניטאַרע וווינונגס-באַדינגונגען, האָבן זיך שטענדיק באַנאַכט געוואַלגערט אַף דער ערד, אַף סטרוזשקעס, אין שמוץ און אומרייניקייט, וועגן דעם אַלעם איז שוין אָפּגערעדט.

## II

פון דעם אויבנגעזאָגטן איז צו זעען, אַז כאָטש די האָלצאַרבעטעריי האָט איבערהויפּט געהערט צו דער קליין-פּראָדוקציע, דאָך איז זי אין דערזעלביקער צייט געווען אַ פולקום קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע-צווייג.

פון די אַלטע פּאַטריאַרכאַלע באַציִונגען פון דער ביז-קאַפּיטאַליסטישער מעלאָכע, ווען דער אַרבעטער איז ניט מער, ווי אַ „געהילף“ באַם באַלמעלאָכע ביז אַ געוויסן מאָמענט, ווען ער דערגרייכט עקאָנאָמישע זעלבשטענדיקייט, און ווען צווישן דעם באַלמעלאָכע און זײַנע „געזעלן“ עקזיסטירן פּאַטריאַרכאַלע פּאַמיליען-באַציִונגען, — פון דעם אַלעם איז שוין קיין זייבער ניט געבליבן. די קלאַסן-קעגנזאַצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע האָבן זיך שוין פאַרקליבן אויך אין דער מעלאָכע ביכלאַל און אין דער האָלצאַרבעטעריי ביפּראַט און באַשאַפן אַ טיפן אַנטאַגאָניזם צווישן דעם סטאָליער—באַלעבאָס און דעם סטאָליער—אַרבעטער. קורץ, אין דער האָלצאַרבעטעריי איז אין די לעצטע צענדליקער יאָרן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט פולקום צוגעגרייט געוואָרן אַ באָדן פאַר דער אַנטשטייונג פון דער מאָדערנער אַרבעטער-באַוועגונג.

אײַנצלנע שטרייקן זײַנען פאָרגעקומען נאָך אין די 80-קער יאָרן, נאָר אַ מאַסאָווע שטרייק-באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן צווישן די ייִדישע האָלצאַרבעטער פון מיירעוו-קאַנט ערשט אין דער צווייטער העלפט פון די נײַנציקער יאָרן. איידער אָבער מיר וועלן אַריבערגיין צו כאַראַקטעריזירן די שטרייק-באַוועגונג פון די האָלצאַרבעטער פון יענער צייט, איז נויטיק זיך אָפּ-

* זע דעם ציטירטן קאַסטעליאַנסקיס בוך, זייט 164.

שטעלן אַף אַ געוויסער דערשיינונג, וואָס האָט אַ שייכעס נ׳ט נאָר צו די האָלצאַרבעטער, נאָר צו דער גאַנצער שטרייק=באַוועגונג פון די ייִדישע אַרבעטער פון יענער צייט.

אַרבעטער אין דער קליין=פּראָדוקציע (סטאָליער, שניידער, שוסטער, בעקער א. א. וו.) זיינען געווען נים נאָר אין די שטעט פון מיירעווו=קאַנט, נאָר אויך אין צענטראַל=רוסלאַנד און אַנדערע ראַיאָנען. נאָר אומעטום איז צווישן די אַרבעטער פון די קליינע אונטערנעמונגען קימאַט נים געווען קיין שטרייק־באַוועגונג ביזן 1905=טן יאָר. צווישן די ייִדישע אַרבעטער פון די קליינע אונטערנעמונגען פון מיירעווו=קאַנט באַגעגענען מיר אַ מער אָדער ווייניקער ברייטע שטרייקבאַוועגונג נאָך אין די נײַנציקער יאָרן. די דאָזיקע דערשיינונג דערקלערט זיך מיט אַ גאַנצער ריי סיבעס.

דער וויכטיקסטער פאַקטאָר, וועלכער האָט געבראַכט צו דעם, אַז צווישן די ייִדישע אַרבעטער פון די קליינע אונטערנעמונגען זאָל זיך אָנהויבן אַ ברייטע אַרבעטער=באַוועגונג פריער, ווי צווישן די אַרבעטער פון די קליינע אונטערנעמונגען פון אַנדערע ראַיאָנען, האָט געהאַט זיינע וואָרצלען אין דער פּאָליטישער רעכטלאָזיקייט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. די ייִדישע באַפעלקערונג איז געווען איינגעשלאָסן אין די שטעט און שטעטלעך פון די 25 גובערניעס פונעם געוועזענעם ייִדישן טכום. דער צוטריט פון ייִדן אין די הויכשולן איז געווען אויסערסט פאַרשווערט. די ייִדישע שטאָטישע באַפעלקערונג האָט אויסגעטיילט פון זיך באַדייטנדיקע קאַדרען פון אינטעליגענטער יוגנט, וועלכע האָט נים געהאַט די מעגלעכקייט, נים אַוועקפאָרן אין די גרעסערע אינדוסטריעלע צענטרען, נים אָנקומען אין די הויכשולן. די פּאָליטישע רעכטלאָזיקייט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג האָט באַשאַפן אויסערסט גינסטיקע אומשטענדן פאַר דער רעוואָלוציאָניזירונג פון דערדאָזיקער יוגנט. אויב די רעוואָלוציאָנערע יוגנט פון צענטראַל=רוסלאַנד האָט געווענדעט איר הויפּט=אויפמערקזאַמקייט אַף דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט צווישן די אַרבעטער פון דער גרויסער פאַבריק=אינדוסטריע און האָט פאַרהעלטניסמעסיק ווייניק קויכעס אַוועקגעלייגט אַף דער אַרבעט צווישן די אַרבעטער פון די קליינע אונטערנעמונגען, איז די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ פון מיירעווו=קאַנט גענויט געווען קימאַט איר גאַנצע ענערגיע אָפּגעבן דער אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער פון די קליינע האַנטווערקער=אונטערנעמונגען, ווייל קיין גרויסע אינדוסטריע איז דאָרט קימאַט ווי נים געווען. אַפילע דאָרט, וווּ אַזאַ אינדוסטריע איז געווען, איז בײַ דער נאַציאָנאַלער אָפּגעפרעמדקייט, וועלכע האָט דעמאָלט עקזיסטירט אין מיירעווו=קאַנט, קימאַט אומעגלעך געווען פאַר דער ייִדישער אינטעליגענץ צו האָבן אַ באַדייטנדיקע ווירקונג אַף די פאַבריק=אַרבעטער, וועלכע זיינען קימאַט דורכויס געווען נים ייִדישע.

מים דעם לעצטן פאַקט, — וואָס אין מיירעווו=קאַנט האָט די אַרבעט פון באַדייטנדיקע קאַדרען פון רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ זיך געפירט קימאַט אויסשליסלעך צווישן די אַרבעטער פון די קליינע אונטערנעמונגען,—דערקלערט זיך אין אַ באַדייטנדיקער מאָס דער פאַקט, וואָס צווישן די אַרבעטער פון די קליינע אונטערנעמונגען פון מיירעווו=קאַנט האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטרייק=באַוועגונג באַדייטנדיק פריער, ווי אין אַנדערע ראַיאָנען.

אַ געוויסע באַדייטונג האָט דאָ געהאַט אויך די אָפּגעפרעמדקייט, וואָס עס האָט עקזיסטירט אין מיירעווו=קאַנט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג און די אָרטיקע רעגירונגס=אָרגאַנען. די אָרטיקע מאַכט=אָרגאַנען האָבן זיך באַצויגן צו דער רעכטלאָזיקער ייִדישער באַפעלקערונג, ווי צו אַ נידעריקער קאַסטע, זיי האָבן דעריבער געקוקט צווישן די פינגער דערויף, וואָס בײַ די ייִדישע באַלעבאַטים „בונטעווען“ זיך זייערע אַרבעטער. נים יעדער קליין ייִדיש „באַלעבעסל“ האָט גאָר געהאַט די „האָזע“ צו באַאומרויִקן „נאַטשאַלסטווע“ מיט זיינע פערזענלעכע איניאָנים.

די ייִדישע אַרבעטער, באַזונדערס פון די קליינע אונטערנעמונגען, איז רערים אַסאַך ווייניקער אויסגעקומען זיך אָנשטויסן אַף פּאָליציייִשע שטערונגען אין זייער עקאָנאָמישן קאַמף, ווי די אַרבעטער פון אַנדערע ראַיאָנען.

די אַרבעטער פון די קלײנע האָלצאַרבעטערישע אונטערנעמונגען זײנען אַרײנגעטראָטן אין דער שטרײק־באַװעגונג ניט אין מאָמענט פון איר אַנטשטײונג אין מײרעװ־קאַנט, נאָר דערנאָכדעם, װען זי האָט שױן ברײט זיך צעװאַקסן. די ערשטע באַדײטנדיקע שטרײקן זײנען פאָרגעקומען אין װילנע נאָך אין 1893 יאָר. אין 1894 יאָר פאַרשטאַרקט זיך די שטרײק־באַװעגונג אין װילנע און הױבט זיך אָן אױך אין מינסק. עס הױבן זיך אױך אָן שטרײקן צװישן די ייִדישע אַרבעטער אין װאַרשע. אין 1895—96 צעגיסט זיך ברײט די שטרײק־באַװעגונג איבערן גאַנצן ראַיאָן, פאַרכאַפנדיק נײע פּאַכן אין די אַנגעװיזענע שטעט און אַרומכאַפּנדיק נײע שטעט: ביאַליסטאָק, גראָדנע, בריסק־ליטאָװסק און אַ גאַנצע רײ קלײנע שטעטלעך. װו עס איז געװען אַנטװיקלט די בערשטעריי און גאַרבעריי. אין צענטר פון קאַמף שטײט די פאָדערונג פון אַ 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג.

די ערשטע גרעסערע אַרױסטרעטונגען פון די האָלצאַרבעטער הױבן זיך אָן ערשט אין 1897 יאָר. נאָך אין 1896־טן יאָר איז פאָרגעקומען אַ באַדײטנדיקע שטרײק־באַװעגונג צװישן די ייִדישע אַרבעטער פון די קלײנע קאַסטנמאַכערישע װאַרשטאַטן אין װאַרשע פאַר אַ 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג. אין 1897־טן יאָר קומען שױן פאָר אַלגעמײנע שטרײקן פון סטאָליאַרעס אין װילנע, װאַרשע, ביאַליסטאָק, בריסק־ליטאָװסק, גראָדנע און נאָך אײניקע שטעט.

אין װילנע איז נאָך אָנהױב 1897 פאָרגעקומען אַ שטרײק פון סטאָליאַרעס, נאָר עס איז ניט באַװוסט, צי אַן אַלגעמײנער, צי אַ טײלװײזער. אין אױגוסט פון דעמזעלביקן יאָר איז אין װילנע שױן פאָרגעקומען אַן אַלגעמײנער שטרײק פון װײסע סטאָליערעס (ביז 300 מאַן), אין רעזולטאַט פון װעלכן האָבן די אַרבעטער זיך דערהשלאָגן אַ פאַרקירצונג פון אַרבעטס־טאָג: פון 14—15 ביז 12 שאָ און אַ העכערונג פון אַרבעטס־לױן אױף 2—3 רובל אַ װאָך.

אין װאַרשע איז אין אָנהױב 1897־טן יאָר פאָרגעקומען אַ שטרײק פון 200 סטאָליערעס פאַר פאַרקירצן דעם אַרבעטס־טאָג. אין יוני פון דעמזעלביקן יאָר איז אין װאַרשע דערשינען אַ ספּעציעל בלעטל צו די אַרבעטער מיט אַן אױפרוף צו קעמפן פאַר אַ 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג.

אין ביאַלעסטאָק איז אָנהױב 1897־טן יאָר פאָרגעקומען אַ שטרײק פון 50 מעבל־סטאָליעס פאַר אַריבערגײן פון שטיק־אַרבעט צו װאָך־אַרבעט. און מיט פון 1897־טן יאָר האָבן אין דערזעלביקער שטאָט געשטרײקט 200 װײסע סטאָליערעס, װעלכע האָבן אױסגעקעמפט אַ 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג און װאָך־אַרבעט אָנשטאָט שטיק־אַרבעט. אַן ערפאָלגרײכן אַלגעמײנעם שטרײק פאַר אַ 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג האָבן אין דעמזעלביקן יאָר דורכגעפירט די גראָד־נער סטאָליערעס (250 מאַן) *. אַן אַלגעמײנער שטרײק פון סטאָליערעס איז אין 1897־טן יאָר פאָרגעקומען אױך אין האָמעל און אַ טײלװײזער שטרײק אין בריסק־ליטאָװסק.

אין די נאָענטע יאָרן זײנען אַזעלכע אַלגעמײנע שטרײקן פון סטאָליערעס פאָרגעקומען אין װיטעבסק, מינסק, דװינסק, בריסק־ליטאָװסק, סעדלעץ, קאָװנע און אין אײניקע אַנדערע שטעט.

פון די 900־טער יאָרן הױבן זיך אָן שטרײקן אױך צװישן די ייִדישע האָלצאַרבעטער פון דאָרעם־ראַיאָן. ביזן 1901־טן יאָר זײנען באַװוסט נאָר אַ שטרײק פון 25 מעבל־אָבאָישטשיקעס אין קיעװ אין 1896־טן יאָר און אַ שטרײק פון 15 מאָקערס אין 1900־טן יאָר אין בערדיטשעװ. אין 1901 יאָר קומט פאָר אין בערדיטשעװ אַ שטרײק־באַװעגונג צװישן די אַרבעטער פון די קלײנע בענקלמאַכערישע װאַרשטאַטן, װעלכע כאַפּט אַרום ביז 100 מאַן. אין 1902 יאָר איז אין דערזעלביקער שטאָט פאָרגעקומען אַן אַלגעמײנער פאַרטײדיקונגס־שטרײק פון די מעבל־סטאָליערעס קעגן דעם פרוװ פון די באַלעבאַטים צו פאַרלענגערן דעם אַרבעטס־טאָג **.

---

* אין אַ צװײטער קאָרעספּאָנדענץ װערט אָנגעװיזן, אַז דער לעצטער שטרײק איז פאָרגעקומען אין 1898 יאָר.

** מאַשמאָעס, אַז נאָך ביז דעמאָלט איז אין בערדיטשעװ פאָרגעקומען אַ שטרײק פון די סטאָליעס, װעלכע האָבן אױסגעקעמפט אַ 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג, נאָר װען דער שטרײק איז פאָרגעקומען איז ניט פעסטגעשטעלט געװאָרן.

פון די איבעריקע גרעסערע שטרייקן פון די האָלצאַרבעטער אין דאָרעם־רוסלאַנד וועלן מיר נאָך אָנווייזן אַף אַ שטרייק (אַן אַלגעמיינעם) פון 150 מעבל־סטאָליערעס און 70 ווייסע סטאָליערעס אין קעשעניעוו אין 1902־טן יאָר, אַ שטרייק פון 50 סטאָליערעס אין ס מפעראָפאָל אין 1901־טן יאָר, 70 סטאָליערעס אין מעשרגיגאָוו אין 1903־טן יאָר און 120 סטאָליערעס אין זשיטאָמיר אין 1904־טן יאָר. אין 1902־טן יאָר זיינען פאָרגעקומען אַ ריי שטרייקן אין די קעסטלמאַכערישע וואַרשטאַטן אין אָדעס.

פון די געבראַכטע פאַקטן איז צו זען, אַז אין מעשעך פון דעם לעצטן יאָרצענדליק פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905־טן יאָר איז צווישן די האָלצאַרבעטער פון די קליינע האָלצאַרבעטערישע אונטערנעמונגען פאָרגעקומען אַ גאַנץ אינטענסיווע שטרייק־באַוועגונג. בעסאַכאַקל — זיינען לויט אונדזערע אויסרעכענונגען פאַר דער צייט פאָרגעקומען 63 שטרייקן, פון וועלכע 21 זיינען געווען אַלגעמיינע, 30 גרופן־שטרייקן (שטרייקן פון עטלעכע אונטערנעמונגען מיטאַמאָל) און 10 — פון איינצלנע אונטערנעמונגען *. אין 47 שטרייקן האָבן אָנטיילגענומען 4.755 אַרבעטער (די צאָל אָנטיילנעמער פון די איבעריקע 16 שטרייקן איז ניט באַוווסט) **.

אויב מיר וועלן געמען אין אַכט, אַז לויט די מאַטעריאַלן פון דער פאַבריק־אינספעקציע זיינען פאַר דיזעלביקע 10 יאָר (1895—1904) אַף די גרעסערע האָלצאַרבעטערישע פאַבריק־אונטערנעמונגען פון גאַנץ רוסלאַנד פאָרגעקומען אינגאַנצן 89 שטרייקן מיט 7040 אָנטיילנעמער, וועלן מיר קומען צום אויספיר, אַז די אויבנגעבראַכטע ציפער פון שטרייקן און שטרייקער פאַר די אַרבעטער פון די קליינע האָלצאַרבעטערישע אונטערנעמונגען בלויז פון מיירעוו־ און דאָרעם־ראַיאָנען איז אַ גאַנץ הויכע און אַז צווישן די יִדישע האָלצאַרבעטער פון מיירעוו־ און דאָרעם־ראַיאָנען איז אין דידאָזיקע יאָרן פאָרגעקומען אַ פאַרהעלטנישמעסיק אינטענסיווערע שטרייק־באַוועגונג, איידער צווישן די אַרבעטער פון די גרעסערע האָלצאַרבעטערישע אונטערנעמונגען אין רוסלאַנד ביכלאַל.

פונעם געבראַכטן פאַקטישן מאַטעריאַל איז אויך צו זען, אַז דער הויפט־לאָזונג פון דער שטרייק־באַוועגונג פון די יִדישע האָלצאַרבעטער איז געווען דער קאַמף פאַר אַ 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג. קאָנקרעט האָט זיך דער קאַמף פאַר אַ 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג אויסגעדריקט ניט נאָר אין דעם, וואָס די אַרבעטער פון דער אָדער יענער שטאָט האָבן פריער אָדער שפּעטער דורכגעפירט אַן אַלגעמיינעם שטרייק, אין רעזולטאַט פון וועלכן זיי האָבן מיט אַמאָל זיך דערשלאָגן אַ 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג. פאַקטיש האָט זיך דער קאַמף פאַר אַ 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג אין דער מערהייט שטעט צעצויגן אַף אַ גאַנצער ריי יאָרן.

מע דאַרף אויך פאַרצייכענען, אַז ניט אומעטום האָבן אַלע האָלצאַרבעטער מיטאַמאָל זיך דערשלאָגן אַ 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג. אין אַזאַ גרויסן אינדוסטריעלן צענטר, ווי וואַרשע, האָט זיך ניט איינגעגעבן דורכצופירן קיין אַלגעמיינעם שטרייק. דערפאַר איז דאָרט פאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי גרויסע גרופן־שטרייקן (200—300 אַרבעטער) אין 1897, 1899, 1901 און 1903 יאָרן. אין אַנדערע שטעט איז צו באַמערקן אַן אַנדער דערשיינונג. דורך אַן אַלגעמיינעם שטרייק האָבן זיך געוויינטלעך דערשלאָגן אַ 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג די הויפט־מאַסע פון די האָלצאַרבעטער — די סטאָליערעס. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן פאַר דערזעלביקער פאָדערונג געפירט אַ קאַמף אַנדערע, ווייניקער באַדייטנדיקע קאַטעגאָריעס האָלצאַרבעטער: קעסטלמאַכערס, טאָקערס, שניצערס, ביינקלמאַכערס א. ד. גל.

דער צווייטער מאָמענט, וועלכער האָט געפירט דערצו, אַז דער קאַמף פאַר אַ 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג זאָל זיך צעציען אַף אַ ריי יאָרן, איז געווען אַזאַ. די באַלעבאַטים, זייענדיק גענויט אונטערן דראַנג פון די אַרבעטער גיין אַף האַנאָכעס אין דעמדאָזיקן פונקט, האָבן ניט געקאָנט באַרויִקן זיך און געפלייסט זיך אויסנוצן די קלענסטע מעגלעכקייט, קעדיי אָפּצונעמען באַ די אַרבעטער דידאָזיקע דעראָבערונג. די אַרבעטער האָבן געוויינטלעך געשטרייקט אין סעזאָן־

* וועגן צוויי שטרייקן איז אומבאַוווּסט זייער כאַראַקטער.

** מע דאַרף האָבן אין זינען, אַז אונדזערע ציפערן זיינען ניט קיין פולע, ווייל זיי באַזירן זיך אַף די מאַטעריאַלן פון דער אומלעגאַלער פרעסע, אין וועלכער עס זיינען מינעסטאַם אַריינגעפאַלן ניט אַלע ידיעות וועגן די פאָרגעקומענע שטרייקן.

צייט. ווען דער סעזאָן האָט זיך געענדיקט, האָבן די באַלעבאַטים געוויינטלעך געמאַכט פּרוון פאַרלענגערן דעם אַרבעטס-טאָג, און די אַרבעטער איז אויסגעקומען צו פירן אַ פּאַרטיידי-קונגס-קאַמף.

אַזוי האָבן די סטאָליאַרעס אין ווילנע אין אַווגוסט 1897 זיך דערקעמפט אַ 12-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג, נאָר אין אָקטיאַבר פון דעמזעלביקן יאָר איז אין ווילנע פאָרגעקומען אַ שטרייק אין איין וואַרשטאַט (18 מאַן) קעגן דעם, וואָס דער באַלעבאָס האָט זיך געפּרווט פאַרלענגערן דעם אַרבעטס-טאָג ביז 15 שאָ. אין וואַרשע האָבן די באַלעבאַטים אין 1903-טן יאָר געפּרווט פאַרלענגערן דעם אַרבעטס-טאָג, נאָר זיי האָבן באַגעגנט אַן ענערגישן און איינמוטיקן ווידער-שטאַנד מיצאַד די אַרבעטער און האָבן גאָרניט געפּויעלט. אין גראָדנע האָבן די סטאָליערעס אין 1897 זיך דערשלאָגן דורך אַ שטריק אַ 12-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג, נאָר ווען דער סעזאָן האָט זיך געענדיקט, האָבן די באַלעבאַטים געפּרווט פאַרלענגערן דעם אַרבעטס-טאָג, און, ווי עס ווייזט אויס, האָט זיך דאָס זיי אויך איינגעגעבן. אין 1899 קומט דאָרט ווידער פאָר אַ שטרייק פון 25 מעבל-סטאָליערעס פאַר אַ 12-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג און זומער 1902 שטרייקן דאָרט נאָך אַמאָל 53 סטאָליערעס פאַר דערזעלביקער פאָדערונג. ענלעכע פאַקטן זיינען באַוווסט אויך פון ביאַלעסטאָק. אין אַלגעמיין קאָן מען זאָגן, אַז דער קאַמף פאַרן 12-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג האָט זיך געצויגן אין מעשעך פונעם גאַנצן לעצטן יאָרצענדליק פאַר דער רעוואָליוציע פון 1905-טן יאָר.

די פאָדערונג פון אַ 12-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג איז געשטאַנען אין צענטער פון קאַמף פון די האָלצאַרבעטער, אַכוץ איר אָבער האָבן פאַרגומען אַ באַדייטנדיק אָרט אויך אַנדערע פאָדע-רונגען, דעריקער — וועגן פאַרגרעסערן דעם אַרבעטס-לוין, אָפט אויך וועגן איבערגיין פון שטיק-אַרבעט צו וואָך-אַרבעט.

די פאָדערונג וועגן פאַרגרעסערן דעם אַרבעטס-לוין איז אין אַסאַך פאַלן (אין וואַרשע, ווילנע, וויטעבסק, האָמעל, מאָלעוו און אייניקע אַנדערע שטעט) אַרויסגעשטעלט געוואָרן צו-זאַמען מיט דער פאָדערונג וועגן פאַרקירצן דעם אַרבעטס-טאָג. אין אַ גאַנצער ריי אַנדערע פאַלן זיינען פאָרגעקומען ספּעציעלע שטרייקן פאַר העכערן דעם אַרבעטס-לוין *.

שטרייקן פאַר אַריבערגיין פון שטיק-אַרבעט צו וואָך-אַרבעט זיינען פאָרגעקומען אין 1897 אין ביאַלעסטאָק, אין 1903 אין וואַרשע און מאָלעוו, אין 1904-טן אין ראַדאָמיסל (קיעווער גוב.) און אין נאָך אייניקע פונקטן.

פּינקטלעכע ידיעות וועגן דער דויערהאַפטיקייט פון די שטרייקן פון די האָלצאַרבעטער פאַרמאָגן מיר ניט, נאָר אין אַלגעמיין קאָן מען באַהויפּטן, אַז די מערהייט שטרייקן האָבן גע-דויערט ניט מער ווי צוויי—דריי טעג. עס איז געווען אַ געווויסע צאָל (ניט מער, ווי 20—25 פּראָצ.) מער פאַרצויגענע שטרייקן: עס זיינען אויך געווען אייניקע שטרייקן, וואָס האָבן זיך שטאַרק פאַרצויגן. אַזוי איז אין וויטעבסק אין 1899 יאָר פאָרגעקומען אַ שטרייק פון סטאָליע-רעס, וועלכער האָט זיך, לויט די זיכרוינגעס פון אַן אַקטיוון אָנטיילנעמער — כאַוו. שנייוויס **, געצויגן גאַנצע דריי כאַדאָשים. דער אַלגעמיינער שטרייק פון די סטאָליערעס אין האָמעל אין 1897 האָט זיך אויך געצויגן אַ גאַנצן כוידעש.

באַם באַלויכטן די שטרייק-באַוועגונג פון די ייִדישע האָלצאַרבעטער פון מיירעוו-און ראָרעמס-קאַנטן איז נויטיק באַזונדערס אָפּצושטעלן זיך אַף דער פראַגע וועגן די אָרגאַניזיר-קעמערלעך, וועלכע זיינען אַנטשטאַנען אין די רייען פון די אַרבעטער אין גאַנג פון עקאָנאָמישן קאַמף. אויב אין די גרויסע פאַבריקן און אונטערנעמונגען האָבן געקאָנט פאָרקומען שטרייקן אַפילע באַ דער אָפוועזנהייט פון וועלכע עס איז אָרגאַניזיר-צענטרען, אַף וויפל די פאַבריק אַליין האָט פאַראייניקט און צוזאַמענגעבונדן אַ באַדייטנדיקע צאָל אַרבעטער, — איז אין דער קליין-פּראָדוקציע די זאַך באַשטאַנען אַנדערש. די אַרבעטער זיינען געווען צעוואָרפן גרופּנווייז

* זע די בייגעלייגטע (ז. 105 פלג.) רעשימע פון שטרייקן.

** כאַוו. שנייוויסעס ניט פאַרעפנטלעכטע זיכרוינעס געפינען זיך אין אַרכיוו פון צענטראַל-קאָמי-טעט פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די האָלצאַרבעטער.

צו עטלעכע מענטשן איבער אַ באַדייטנדיקער צאָל קליינע וואַרשטאַטן. קעדיי עס זאָל מעגלעך זײַן זייערע אַן אַלגעמיינע אַרויסטרעטונג, איז געווען נויטיק, אַז עס זאָל דורכגעפירט ווערן אַ גרויסע צוגרייטונגס־אַרבעט. אין גאַנג פון שטרייק אַליין איז אויך נויטיק געווען אַן אָרגאַן, וועלכער זאָל אונטערהאַלטן די פאַרבינדונגען צווישן די אַרבעטער פון פאַרשיידענע וואַר־שטאַטן, אַכטונג געבן דערויף, אַז עס זאָלן ניט זײַן קיין שטרייקברעכערס א. ד. גל. אַכוץ דעם האָבן די באַשטענדיקע פרווון מיצאַד די באַלעבאַטים צוריק אָפּצונעמען באַ די אַרבעטער די ערָאבערונגען, וועלכע זיי האָבן זיך דערשלאָגן אין רעזולטאַט פון די שטרייקן, אויך געמאַכט פאַר דרינגנדיק נויטיק די עקזיסטענץ פון אַן אָרגאַן, וועלכער זאָל שטיין אַף דער וואַך פון די אויסגעקעמפטע ערָאבערונגען.

מיט איין וואָרט — אַ ברייטער און ערפאָלגרייכער קאַמף פון די אַרבעטער פון די קליינע אונטערנעמונגען איז אומעגלעך געווען באַ דער אָפּוועזנהייט פון די אָדער יענע אָרגאַניזיר־קעמערלעך, וואָס זאָלן אָנפירן הען מיט דער צוגרייטונג און דורכפירונג פון שטרייק, הען מיט דער פאַרטיידיקונג פון די אויסגעקעמפטע פאַרבעסערונגען.

אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסבילדן צווישן די אַרבעטער פון די קליינע אונטערנעמונגען פון מיירעוו־קאַנט נאָך פון העלפט ניינציקער יאָרן. נאָך אין 1894־טן יאָר האָבן אין ווילנע עקזיסטירט 12 שטרייק־קאַסעס אין פאַרשיידענע פאַכן, אין מינסק — 4 קאַסעס מיט 220 אָנטיילנעמער, עטלעכע קאַסעס אין וואַרשע. אין 1895—96 ווערן באַשאַפן שטרייק־קאַסעס אין דער מערהייט שטעט און שטעטלעך פון צאָפן־מיירעוו־קאַנט און אין אַסאַך שטעט פון פוילן.

די שטרייק־קאַסעס זײַנען אין אַסאַך הינזיכטן געווען ענלעך אַף פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. זיי האָבן געשטעלט פאַר זיך דיזעלביקע אַלגעמיינע אויפגאַבע, וואָס די פּראָפעסיאָנעלע פאַריי־נען: אָנפירן מיטן קאַמף פון די אַרבעטער פאַר פאַרבעסערן זייער לאַגע. פון די שפּעטערדיקע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָבן זיי זיך אונטערגעשיידט דערמיט, וואָס זיי האָבן געמוזט זײַן אונטערערדישע קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציעס, און האָבן דעריבער ניט געקאָנט זײַן געבויט אַף דער זעלבסטעטיקייט פון דער מאַסע. די קאַסעס קאָנען באַטראַכט ווערן נאָר ווי פאָרגייער פון די קומענדיקע פאַריינען.

אויך צווישן די האָלצאַרבעטער האָבן עקזיסטירט שטרייק־קאַסעס אין אַ גאַנצער ריי שטעט. פון דער אומלעגאַלער ליטעראַטור פון יענער צייט און די זיכרוינעס פון די אָנטיילנעמער אין דער באַוועגונג איז באַוווסט, אַז שטרייק־קאַסעס פון האָלצאַרבעטער האָבן סאַך ניינציקער און אָנהויב ניינהונדערטער יאָרן עקזיסטירט אין די פאָלגנדיקע שטעט: מינסק, וויטעבסק, האָמעל, גראָדנע און באָברויסק. אין מינסק האָט די קאַסע פון די סטאָליערעס נאָך אין 1895 יאָר געציילט 200 מיטגלידער. אין האָמעל איז די שטרייק־קאַסע פון די סטאָליערעס געגרינדעט געוואָרן אין 1896־טן יאָר, ווי עס ווייזט אויס אין פּעריאָד פון צוגרייטן דעם ערשטן סטאָליע־רעס־שטרייק, וועלכער איז פאָרגעקומען אין 1897 יאָר. אין גראָדנע און אין באָברויסק זײַנען די שטרייק־קאַסעס פון די סטאָליערעס געשאַפן געוואָרן אין 1898־טן יאָר. אויך אין אָדעס האָט שוין אין 1898־טן יאָר עקזיסטירט אַן אָרגאַניזירטע גרופּע סטאָליערעס, וועלכע האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע קאַסע.

די געבראַכטע פאַקטן פרעטענדירן, נאַטירלעך, ניט דערויף, אַז זיי זאָלן געבן אַ אויס־שעפּנדיקע פאָרשטעלונג, אַף וויפל די שטרייק־קאַסעס זײַנען געווען פאַרשפּרייט צווישן די יידישע האָלצאַרבעטער ביזן 1905־טן יאָר. אָבער אַף וויפל די שטרייק־קאַסעס זײַנען סאַך ניינצי־קער יאָרן געווען פאַרשפּרייט קימאַט איבער אַלע שטעט פון מיירעוו־קאַנט, אַף אַזויפיל קאָנען מיר זיכער דערלאָזן, אַז זיי האָבן עקזיסטירט אויך באַ די האָלצאַרבעטער אין אַ גאַנצער ריי נאָך אַנדערע שטעט, אַכוץ די פריער אָנגערופענע. באַזונדערס קאָן מען זיכער זײַן, אַז עס זײַנען געווען שטרייק־קאַסעס פון האָלצאַרבעטער אין אַזעלכע שטעט, ווי ווילנע, וואַרשע און ביאַ־לעסטאָק.

די שטרייק־קאַסעס האָבן עקזיסטירט אַ גאַנץ לאַנגע צייט. אַנטשטאַנען סאָף נײַנציקער יאָרן, האָבן אַסאַך פון זיי דערצויגן קימאַט ביזן 1905־טן יאָר. אַזוי האָבן די האָמלער, באָברויסקער און גראָדנער קאַסעס פון די סטאָליערעס אין 1902־טן יאָר געפייערט זייער יובילײ— די ערשטע — דעם פינף־יאָריקן, די לעצטע צוויי — דעם 4־יאָריקן. די אומלעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע קעמערלעך האָבן, הייסט דאָס, דערלעבט צו 4—5 יאָריקע יובילייען.

רעדענדיק וועגן די אָרגאַניריז־קעמערלעך, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין עקאָנאָמישן קאַמף פון די האָלצאַרבעטער, איז נויטיק כאָטש אין קורצן אָפּשטעלן זיך אַף דער ראָלע, וואָס עס האָבן געשפּילט די זובאַטאָווצעס אין דער באַוועגונג פון די מינסקער סטאָליערעס.

אין אַלע דריי שטעט, ווו די זובאַטאָווּשטשינע האָט זיך מער אָדער ווייניקער ברייט צעוואַקסן — אין מאָסקווע, אָדעס און מינסק — האָבן די זובאַטאָווצעס געפירט אַ געוויסע אַרבעט אויך צווישן די האָלצאַרבעטער. אין מאָסקווע האָבן די זובאַטאָווצעס געשאַפן אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער פון קנעפּ־פאַבריקן און האָבן געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין די אַרויסטרעטונגען פון די אַרבעטער פאַר פאַרבעסערן זייער לאַגע. אַ געוויסע ראָלע האָבן די זובאַטאָווצעס געשפּילט אויך אין דעם עקאָנאָמישן קאַמף פון די מאָסקווער סטאָליערעס אין 1902—1903. אין אָדעס האָבן די זובאַטאָווצעס אויך געפירט אַן אַרבעט צווישן די סטאָליערעס. צווישן די אָדעסער זובאַטאָווישע פאַרייניגן איז געווען אויך אַ פאַריין פון האָלצאַרבעטער. אויך אין מינסק זיינען די סטאָליערעס געווען איינע פון די ערשטע פאַכן, אַף וועלכע די „אומאָפּהענגיקע" * האָבן געווענדעט זייער אויפמערקזאַמקייט.

אַ באַוועגונג צווישן די מינסקער סטאָליערעס האָט זיך אָנגעהויבן זייער פרי. ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, האָט נאָך אין 1895־טן יאָר אין מינסק עקזיסטירט אַ אומלעגאַלע קאַסע פון סטאָליערעס, וועלכע האָט געציילט ביז 200 אָרגאַניזירטע מיטגלידער. נאָר עס איז ניט באַוווּסט, צי האָבן די מינסקער סטאָליערעס סאָף נײַנציקער יאָרן דורכגעפירט אַן אַלגעמיינעם שטרייק. גיכער פאַר אַלץ, אַז ניט. עס איז נאָר באַוווּסט, אַז ערעוו דעם 1־טן מאַי 1900־טן יאָר איז צווישן די מינסקער סטאָליערעס פאַרשפּרייט געוואָרן אַ בלעטל מיטן אונטערשריפט „אייערע ברידער" מיט אַן אופרוף צו אַ שטרייק פאַר פאַרקירצן דעם אַרבעטס־טאָג פון 14—15 ביז 12 שאָ.

ווי עס ווייזט אויס, האָט זיך פון דעמדאָזיקן מאָמענט אָן אָנגעהויבן פירן אַ צוגרייטונגס־אַרבעט צום אַלגעמיינעם שטרייק פון די סטאָליערעס, וועלכער איז פאָרגעקומען זומער 1901.

לויט די זיכרוינעס פון איינעם פון די אַקטיווע אָנטיילנעמער פון דער באַוועגונג, ל. וואַנזעל **, האָט די צוגרייטונג צום שטרייק געדויערט ניט ווייניקער, ווי אַ יאָר צייט. אין 1901־טן יאָר האָבן די זובאַטאָווצעס נאָרוואָס אָנגעהויבן פירן אַן אַרבעט אין מינסק און האָבן באַשטימט באַנוצן זיך דערמיט, וואָס באַ די סטאָלערעס איז די זאַך געגאַנגען צו אַ שטרייק, קעדיי פרוּוון דורכצופירן אים מיט זייערע מיטלען. אין איינעם פון זיינע ראַפּאָרטן אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט פון 27־טן יוני 1901־טן יאָר האָט זובאַטאָוו וועגן דעם געשריבן:

„אַף דעם 24־טן (יוני) איז באַשטימט (אין מינסק) אַ שטרייק פון סטאָליערעס אין צאָל פון טויזנט מאַן. נאָכדעם, ווי די שלאָסערס האָבן געוווּנען (באַ זיי איז אין מאַי פאָרגעקומען אַ שטרייק, וועלכן זיי האָבן געוווּנען מיט דער מיטהילף פון די זובאַטאָווצעס און זשאַנדאַרמעריע. ש. א.), האָט זיך צווישן די סטאָליערעס אָנגעהויבן אַ באַוועגונג. שאַבעס און אַפילע אין וואָכעדיקע טעג קומען פאַר פאַרזאַמלונגען אין וואַלד, דערביי פאָדערט דער ניט־אָרגאַניזירטער טייל, מע זאָל דערקלערן אַ שטרייק. דער אָרגאַניזירטער טייל, צוליבן מאַנגל אין געלט־מיטלען, האַלט אָפּ די מאַסע פון שטרייקן... אַף דער פראַגע, ווי וועלן די פאָרשטייער פון דער אָרגאַ־

---

* די זובאַטאָווצעס אין מינסק האָבן געשאַפן, ווי אַ קעגנגעוויכט די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען, אַן „אומאָפּהענגיקע יידישע אַרבעטער־פאַרטיי".

** ל. וואַנזעלס ניט פאַרעפנטלעכטע זיכרוינעס געפינען זיך אין אַרכיוו פון צענטראַלן קאָמיטעט פון פראָפעסיאָנעלן פאַריין פון האָלצאַרבעטער.

ניזאַציע * זיך האַלטן, אויב אין דער זאַך וועט זיך אַריינמישן פּאָלקאָווניק וואַסיליעוו **, זיינען זיי פון אָנהויב געווען שרעקלעך אופגערעגט, וואָס אַזעלכעס קאָן פּאָרקומען... סאָפּקאָלסאָף אָבער האָבן די אָרגאַניזירטע סטאָליערעס באַשטימט, אַז אויב פּאָלקאָווניק וואַסיליעוו וועט זיך אַריינמישן אין שטרייק, וועט זיי אַרויסרופן און פאָדערן דערקלערונגען, זאָלן צו אים גיין די בעסטע אָרגאַניזירטע אַרבעטער און פאָרמולירן פאַר אים זייערע פאָדערונגען. אויב פּאָלקאָווניק וואַסיליעוו וועט וועלן נעמען אַף זיך די ראָלע פון אַ בוירער צווישן זיי מיט די באַלעבאַטים, וועלן די אַרבעטער זיך רעכענען מיט זיין רעזאָלוציע נאָר אין דעם פאַל, אויב זי וועט באַפרידיקן די פאָדערונג פון די אַרבעטער, אויב ניט — פאָרזעצן דעם שטרייק" ***.

אין אַזעלכע ווערטער באַשרייבט זובאַטאָוו דאָס אַריינמישן זיך פון די מינסקער זובאַטאָווצעס אין דער באַוועגונג פון די סטאָליערעס. דעם פאַקט, אַז די זובאַטאָווצעס האָבן זיך אַריינגעמישט אין דער צוגרייטונג פון דעמדאָזיקן שטרייק, באַשטעטיקט אויך אין זיינע זיכרוינעס דער שוין דערמאָנטער ל. ווענזעל.

לויט זיין באַשרייבונג האָבן די ערשטע צוזאַמענשטויסן מיט די „אומאָפּהענגיקע" זיך אָנגעהויבן אַף אַ פאַרזאַמלונג פון מער אַקטיווע אַרבעטער סטאָליערעס (150 מאַן), וועלכע איז צונויפגערופן געוואָרן עטלעכע טעג פאַרן שטרייק. לויט זיינע רייד, זיינען די בונדאָווצעס געשטאַנען פאַר אַ פּאָליטישער באַוועגונג און אייניקע מיט מ. ווילבושעוויטש **** בעראָש זיינען געשטאַנען פאַר אַ ריין עקאָנאָמישער באַוועגונג. אַפן צווייטן טאָג, זונטיק, איז פאָרגעקומען אַ צווייטע, שוין אַ מאַסאָווע פאַרזאַמלונג, אַף וועלכער עס איז באַשטימט געוואָרן פונעם מאָרגנדיקן טאָג אָן דערקלערן אַ שטרייק פון די סטאָליערעס פאַר אַ 12-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג.

אין ערשטן טאָג פון שטרייק איז אין וואַלד פאָרגעקומען אַ גרויסע מאַסן-פאַרזאַמלונג פון די שטרייקנדיקע סטאָליערעס (ביז 1000 מאַן), אַף וועלכער די „אומאָפּהענגיקע" האָבן ווידער אָנגעהויבן זינגען זייער לידל. „אַף דער פאַרזאַמלונג — דערציילט ווענזעל — האָט ווילבושעוויטש אַגיטירט דערפאַר, אַז מיר דאַרפן זיך דערשלאָגן אונדזערע עקאָנאָמישע רעכט: איינפירן אַ 12-שאָעדיקן ארבעטס-טאָג דורך אַ שטרייק, און אויב מיר וועלן ניט באַרירן קיין פּאָליטישע פראַגן, וועט זיך דאָס אונדז נאָך צוגעבן, — „מע דאַרף נאָך אונדז אייננעבן"... — דערציילט ער ווייטער,—אַז די זשאַנדאַרמעריע, וועלכע איז דורך ווילבושעוויטש באַקאַנט געווען מיט אונדזער באַוועגונג, האָט ניט געשטערט אונדז דורכפירן דעם שטרייק. דידאָזיקע באַווילינג פון שטרייק דורך דער זשאַנדאַרמען-פאַרוואַלטונג האָט אונדז געהאָלפן געווינען דעם שטרייק, וועלכער האָט זיך געצויגן אינגאַנצן איין טאָג. אַפן צווייטן טאָג האָבן מיר אַלע שוין געאַרבעט 12 שאָ".

מיר זעען אַזוי אַרום, אַז אין מאָמענט פון שטרייק איז די איניציאַטיוו פאַקטיש אַריבערגעגאַנגען אין די הענט פון די זובאַטאָווצעס.

נאָכדעם, ווי דער שטרייק האָט זיך געענדיקט מיטן ניצאָכן פון די אַרבעטער, האָבן די „אומאָפּהענגיקע" געשטרעבט אָרגאַניזאַציאָנעל צו פאַרפעסטיקן זייער ווירקונג אַף די סטאָליערעס. זיי האָבן אָנגעהויבן צונויפרופן אָפטע פאַרזאַמלונגען פון סטאָליערעס, וועלכע פלעגן „דורכגיין זייער גוט", ווי זיי האָבן געשריבן זובאַטאָוון אין מאָסקווע. אין דעמזעלביקן בריוו (געשריבן אין אָקטיאַבר 1901-טן יאָר) ווערט אָנגעוויזן, אַז אַף דער זייט פון די „אומאָפּהענגיקע" זיינען אַ העלפט פון די מינסקער סטאָליערעס *****.

* דער „בונד"; די סטאָליערעס אין מינסק האָבן אין יענער צייט זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון „בונד", וועלכער האָט אין דעם פאַך, ווי אין אַנדערע פאַכן, געהאַט אַ פראָפעסיאָנעלע „סכאָדקע".

** דער נאַטשאַלניק פון מינסקער זשאַנדאַרמען-פאַרוואַלטונג — דער הויפּט-באַשיצער פון די זובאַטאָווצעס אין מינסק.

*** זע דעם זשורנאַל „Красная Летопись" 1922, נום. 2—3, זייט 217—218.

**** די הויפּט-אָנפירערן פון די מינסקער „אומאָפּהענגיקע".

***** זע דעם זשורנאַל „Красная Летопись" 1922 נום. 2—3, זייט 219.

גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז דער הויפּט־קעגנער פון די „אומאָפּהענגיקע“ אין מינסק — דער „בונד“ — האָט אויך ניט געשוויגן און אין דעם סטאָלערישן פאַך איז פאָרגעקומען אַ אינטענסיווער קאַמף צווישן די בונדאָווצעס און אומאָפּהענגיקע. לויט ווענזעלס אָנווייזונגען, האָט זיך דערדאָזיקער קאַמף געצויגן בּאַ אַ יאָר צייט און האָט זיך געענדיקט דערמיט, וואָס די „אומאָפּהענגיקע“ זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דערדאָזיקער פּראָפעסיע.

פון די געבראַכטע פאַקטן זעען מיר, אַז נאָך ביזן 1905־טן יאָר האָבן די ייִדישע האָלצ־אַרבעטער דורכגעמאַכט אַ באַשטימטן עטאַפּ אַפן וועג פון זייער קלאַסן־זעלבסטבאַשטימונג.

אין מעשעך פון די לעצטע 7—8 יאָר פאַר דער ערשטע רעוואָלוציע זיינען קימאַט אין אַלע באַדייטנדיקע שטעט און שטעטלעך פון געוועזענעם טכום פאָרגעקומען מאַסאָווע (לויטן מאַסשטאַב פונעם דאָזיקן פאַך) אַרויסטרעטונגען פון די האָלצאַרבעטער פאַר פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע. אין רעזולטאַט פון דידאָזיקע אַרויסטרעטונגען האָט זיך די האָלצאַרבעטער איינגעגעבן אַביסל צו פאַרקלענערן די עקספּלואַטאַציע, וואָס האָט געהערשט אין דעמדאָזיקן פאַך: זיי האָבן זיך דערשלאָגן אין ס'ראָוו פונקטן אַ פאַרקירצטן 12־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג, אַן עטוואָס העכערן אַרבעטס־לוין, מענטשלעכערע באַהאַנדלונג א. א. וו.

אין פּראָצעס פון עקאָנאָמישן קאַמף האָבן די האָלצאַרבעטער באַקומען אַ ריי פּראַקטישע לעקציעס אַפן געביט פון קלאַסנקאַמף און געמאַכט די ערשטע טריט אַפן וועג צו אַנטוויקלען זייער קלאַסנבאַוווסטזיין. די פאַרקירצונג פונעם אַרבעטס־טאָג און העכערונג פונעם אַרבעטס־לוין האָבן געשאַפן גינסטיקע באַדינגונגען פאַר דעם, אַז בּאַ די מער פאָרגעשריטענע טיילן פון די אַרבעטער זאָל זיך פאַרשטאַרקן די שטרעבונג צו פּאָליטישער אַנטוויקלונג. די האָלצאַרבעטער זיינען אַזוי אַרום געקומען צו דער רעוואָליוציע פון 1905 ניט ווי אַ רויע מאַסע, נאָר ווי אַ פּראָלעטאַרישע מאַכנע, וועלכע האָט שוין דורכגעמאַכט אַ געוויסע פּראַקטישע שול פון קלאַסנקאַמף.

ביילאַגע צום אַרטיקל: „דער עקאָנאָמישער קאַמף פון די האָלצאַרבעטער ביז 1905“

# אַלגעמיינער סאַכאַקל

## די צאָל שטרייקן און אנטיילנעמער

| י אָ ר ן | שטרייקן מיט אן אומבאַוווסטער צאָל אָנטיילנעמער | שטרייקן מיט אַ באַוווסטער צאָל אָנטיילנעמער | |
|---|---|---|---|
| | | שטרייקן | אָנטיילנעמער |
| 1896 | 1 | — | — |
| 1897 | 2 | 8 | 1168 |
| 1899 | 3 | 2 | 37 |
| 1900 | — | 10 | 533 |
| 1901 | 4 | 6 | 1414 |
| 1902 | 2 | 12 | 735 |
| 1903 | 2 | 5 | 507 |
| 1904 | 1 | 4 | 381 |
| סאַכאַקל | 15 | 47 | 4775 |

# רעשימע פון שטרייַקן בײַ די האָלצאַרבעטער ביזן 1905-טן יאָר

| נומער | שטאָט | יאָר | צאָל שטרייַ־קער | פּראָפעסיע | אַלגעמיינע, גרופּן אָדער איינצלנע שטרייקן | די הויפּט-פאָדערונגען |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | אָרשע (וויטעבסק. גוב.) | 1903 | 37 | סטאָליערס | גרופּן-שטרייַק | פאַרקירצן דעם אַרבעטסטאָג, צונעמען די אָפּגעזאָגטע אַר-בעטער |
| 2 | בּיאַליסטאָק | 1897 | 50 | מעבל-סטאָליערס | גרופּן-שטרייַק | איבערגייַן פון שטיק-אַרבעט צו וואָך-אַרבעט |
| 3 | " | " | 200 | ווייַסע סטאָליערס | אַלגעמיינער שטרייַק | אַ 12-שאָעדיקן אַרבעטסטאָג און וואָך-אַרבעט |
| 4 | " | 1899 | 12 | טאָקערס | איינצל-שטרייַק | קעגן פאַרלייַנגערן דעם אַר-בעטסטאָג ביז 14 שאָ |
| 5 | " | 1900 | 10 | סטאָליערס | " | קעגן פאַרלייַנגערן דעם אַר-בעטסטאָג |
| 6 | " | 1902 | ? | " | " | פאַר העכערן דעם אַרבעטסלוין |
| 7 | באַרדיטשעוו | 1900 | 15 | טאָקערס | גרופּן-שטרייַק | פאַר העכערן דעם אַרבעטסלוין |
| 8 | " | 1901 | 108 | ביינקלמאַכערס | אַלגעמיינער שטרייַק | פאַר העכערן די פּרייַזן אַף שטיק-אַרבעט און אָפּשאַפן פאַרמיטלערייַ |
| 9 | " | 1902 | 20 | טאָקערס | גרופּן-שטרייַק | פאַרקירצן דעם אַרבעטסטאָג פון 17 ביז 12 שאָ, פאַרגרע-סערן דעם אַרבעטסלוין אַף 75—1, 50—1 אַ וואָך און אָפּשאַפן שטיק-אַרבעט |
| 10 | " | 1902 | 26 | שניצערס | " | פאַרקירצן דעם אַרבעטסטאָג פון 17 ביז 12 שאָ |
| 11 | " | 1902 | 20 | מעבל-סטאָליערס | " | קעגן פאַרלייַנגערן דעם אַר-בעטסטאָג פון 12 ביז 14—13 שאָ |
| 12 | " | 1902 | 40 | ביינקלמאַכערס | " | פאַר העכערן די פּרייַזן אַף שטיק-אַרבעט |
| 13 | בּרעסט-ליטאָווסק | 1897 | 50 | סטאָליערס | גרופּן-שטרייַק | פאַר אַ 12-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג |
| 14 | " | 1901 | 150 | " | אַלגעמיינער שטרייַק | פאַר אַ קורצערן אַרבעטסטאָג |
| 15 | באָריסאָוו (מינסק. גוב.) | 1904 | 40 | " | איינצל-שטרייַק | קעגן אָפּזאָגן באַוווסטזיניקע אַרבעטער |
| 16 | באָבּרויסק (מינסק. גוב.) | 1902 | ? | " | גרופּן-שטרייַק | פאַר העכערן דעם אַר-בעטסלוין |
| 17 | וואַרשע | 1896 | ? | קעסטלמאַכערס | " | פאַר אַ 12-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג און העכערן דעם אַר-בעטס-לוין |
| 18 | " | 1897 | 200 | סטאָליערס | גרופּן שטרייַק | פאַרקירצן דעם אַרבעטסטאָג |
| 19 | " | 1899 | ? | " | " | א 12-שאָעדיקן אַרבעטסטאָג |

| נומער | שטאָט | יאָר | די צאָל שטריי־קער | פּראָפעסיע | אלגעמיינע, גרופּן-אָדער איינצל: שטרייק | די הויפּט-פאָדערונגען |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 20 | ווארשע | 1902 | 200 | סטאָליערעס | גרופּן-שטרייַק | א 12-שאָעדיקן ארבעטסטאָג |
| 21 | „ | 1903 | ? | ווייסע סטאָליערעס | „ | קעגן דעם פּרווו פון די באַלעבאָטים צו פארלייגערן דעם ארבעטסטאָג |
| 22 | „ | 1903 | ? | מעבל-סטאָליערס | „ | קעגן שטיק-ארבעט |
| 23 | „ | 1903 | 220 | סטאָליערעס | „ | פאר א 12-שאָעדיקן ארבעטס-טאָג |
| 24 | ווילנע | 1897 | ? | סטאָליערס | ? | ? |
| 25 | „ | 1897 | 300 | ווײַסע סטאָליערעס | אַלגעמיינער שטרייַק | פּאַרקירצן דעם ארבעטסטאָג פון 14—15 ביז 12 שאָ און העכערן דעם ארבעטסלוין |
| 26 | „ | 1897 | 18 | סטאָליערעס | איינצל-שטרייַק | קעגן פאַרלייגערן דעם אר־בעטסטאָג |
| 27 | „ | 1900 | 50 | ביינקל-מאכערס | איינצל-שטרייַק | פאַר אַ 12-שאָעדיקן ארבעטס-טאָג |
| 28 | „ | 1900 | 12 | קעסטלמאַכערס | „ | פאר אַ 12-שעאָדיקן ארבעטס-טאָג |
| 29 | „ | 1900 | 30 | טאָקערעס | גרופּן-שטרייַק | פאַר העכערן דעם אַרבעטסלוין |
| 30 | „ | 1902 | 10 | שניצערס | איינצל-שטרייַק | פּאַרבעסערן די לאַגע פון די לערנייַנגלעך און רעגולערער אויסצאָלן דעם פּארדינסט |
| 31 | „ | 1903 | 60 | „ | גרופּן-שטרייַק | פאַר העכערן דעם ארבעטס-לוין |
| 32 | ווילייקע (ווילנ. גוב.) | 1904 | 21 | סטאָליערעס | אַלגעמ. שטרייַק | פאַר א 12-שאָעדיקן ארבעטס-טאָג |
| 33 | וויטעבסק | 1899 | ? | „ | „ | מינעסטאַם פאַר אַ 12-שאָעדיקן ארבעטס-טאָג |
| 34 | „ | 1900 | 50 | מעבל-סטאָליערעס | גרופּן-שטרייַק | פאַר א 12-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג און פאַר העכערן דעם ארבעטס-לוין |
| 35 | „ | 1902 | 41 | סטאָליערעס | „ | פאַר העכערן דעם ארבעטסלוין |
| 36 | גראָדנע | 1897 | 250 | „ | אַלגעמיינער שטרייַק | פאַר א 12-שאָעדיקן ארבעטס-טאָג |
| 37 | „ | „ | ? | „ | איינצל-שטרייַק | קעגן דעם פאַרלענגערן דעם אַרבעטסטאָג |
| 38 | „ | 1900 | 81 | קעסטלמאַכערס | גרופּן-שטרייַק | פאַר העכערן דעם ארבעטסלוין |
| 39 | „ | 1899 | 25 | מעבל-סטאָליערעס | „ | פאַר א 12-שאָעדיקן ארבעטס-טאָג |
| | „ | 1902 | 53 | סטאָליערעס | „ | פאר א 12-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג |
| 40 | דווינסק | 1900 | 225 | סטאָליערעס | אַלגעמיינער שטרייַק | פאַר א 10-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג |
| 41 | האָמעל | 1897 | ? | „ | „ | פאַר פאַרקירצערן דעם אַר־בעטסטאָג פון 16 ביז 14 שאָ און פאַר העכערן דעם ארבעטסלוין |

| נומער | שטאָט | יאָר | די צאָל שטרייקער | פּראָפעסיע | אַלגעמיינע, גרופּן - אָדער איינצלנע שטרייקן | די הויפּט-פאָדערונגען |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 42 | האָמעל | 1899 | ? | סטאָליערעס | אַלגעמיינער שטרייק | פאַר פאַרקירצערן דעם אַרבעטס-טאָג פון 14 ביז 12 שאָ |
| 43 | „ | 1900 | 5 | „ | איינצל-שטרייק | קעגן דער באַליידיקונג פו אַן אַרבעטער דורך דעם באַלעבאָס |
| 44 | „ | 1901 | ? | „ | אַלגעמיינער שטרייק | פאַר אַ 11-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג און פאַר העכערן דעם אַרבעטס-לוין |
| 45 | זשיטאָמיר | 1904 | 120 | „ | „ | פאַר אַ 12-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג און אָפּשאַפן שטיק-אַרבעט |
| 46 | טשערניגאָוו | 1903 | 70 | „ | „ | פאַר אַ 10-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג |
| 47 | קעשעניעוו | 1901 | 26 | שניצער | גרופּן-שטרייק | פאַר אַ 12-שאָעדיקן אַרב.-טאָג |
| 48 | „ | 1902 | 70 | ווייַסע סטאָליערעס | „ | „ |
| 49 | „ | 1902 | 150 | מעבל-סטאָליערעס | אַלגעמיינער שטרייק | פאַר פאַרקירצערן דעם אַרבעטסטאָג |
| 50 | לאָדז | 1900 | 35 | טאָקערעס | גרופּן-שטרייק | פאַר העכערן דעם אַרבעטסלוין |
| 51 | מינסק | 1901 | 1000 | סטאָליערעס | אַלגעמיינער שטרייק | פאַר אַ 12-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג |
| 52 | מאָלעוו (גוב.) | 1903 | 120 | „ | „ | פאַר פאַרקירצערן דעם אַרבעטסטאָג, פאַר העכערן דעם אַרבעטסלוין און אָפּשאַפן שטיק-אַרבעט |
| 53 | נעוועל (וויטעבסק. גוב.) | 1901 | ? | „ | „ | פאַר פאַרקירצערן דעם אַרבעטסטאָג און פאַר העכערן דעם אַרבעטסלוין |
| 54 | סעדלעץ | 1901 | 80 | „ | אַלגעמ. שטרייק | ? |
| 55 | „ | 1902 | 80 | „ | „ | פאַר אַ 12-שאָעדיקן אַרב.-טאָג |
| 56 | סלאָנים | 1897 | 100 | „ | „ | פאַר פאַרקירצערן דעם אַרבעטסטאָג |
| 57 | סימפעראָפּאָל | 1901 | 50 | „ | גרופּן-שטרייק | פאַר אַ 12-שאָעדיקן אַרב.-טאָג |
| 58 | סקידל (גראָדנ. גוב.) | 1901 | ? | „ | ? | פאַר פאַרקירצן דעם אַרבעטסטאָג און פאַר העכערן דעם אַרבעטסלוין |
| 59 | פּינסק | 1904 | 200 | „ | אַלגעמיינער שטרייק | פאַר אַ 12-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג, רעגולערן אויסצאָלן פון פאַרדינסט און איידעלער באַהאַנדלונג |
| 60 | פּאָנעוועזש (קאָוונער גוב.) | 1901 | ? | „ | גרופּן-שטרייק | פאַר פאַרקירצן דעם אַרבעטס-טאָג און פאַר העכערן דעם אַרבעטסלוין |
| 61 | ראַדאָמיסל (קיעווער גוב.) | 1904 | ? | „ | „ | אָפּשאַפן שטיק-אַרבעט |
| 62 | ראָהאַטשעוו (מאָלעווער גוב.) | 1902 | 25 | „ | „ | פאַר פאַרקירצן דעם אַרבעטס-טאָג ביז 13 שאָ |

אבע לעוו

# די יידישע ארבעטער-באַוועגונג אין מינסק ביזן יאָר 1900

(אפן יעסאָד פון ניט פארעפנטלעכטע ארכיוו-מאַטעריאַלן)

די אַלגעמיינע באַדייטונג, וואָס די אינערלעכע קאָרעספּאָנדענץ פון די צאַרישע אָכראַנקעס און זשאַנדאַרמישע פאַרוואַלטונגען קאָן האָבן פאַר שטודירן די געשיכטע פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, איז באַוווּסט. אַף אָט דעם מאַטעריאַל ליגט דער קאַין-שטעמפּל פון דעם אנשטאַלט, פאַר וועמען ער איז באַשטימט געוואָרן. ער איז פול מיט גראָבער אַמעראַצעס, ווילדסטע גרייזן, סטאַם ישטוּסן, — באַזונדערס, ווען אַ פּאָליציייִשע בריע נעמט זיך „פילאָזאָפירן“ און איבערגעבן לויט איר באַנעם דעם זין פון דער געשיכטע פון דער רעוואָליוציע. לייענענדיק די פּאָליצייִשע באַשרייבונג פון אַ געשעעניש, וועלכע מיר ווייסן גוט פון אַנדערע קוועלן, ווילט זיך זי פּאָשעט אָפּאַטערן מיט דער כאַראַקטעריסטיק „ריכטיק 13“... בויען אַסאַך אַפן סמאַך פון אַזאַ מאַטעריאַל קאָן מען ניט, און מאַכן אים פאַר אַ פונדאַמענט פון דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, ווי דאָס טוט, לעמאָשל, נ. בוכבינדער, איז לאַכלוטן ניט דערלאָזבאַר. אינגאַנצן איגנאָרירן אָבער דאַרף מען אַפילע אָט דעם מאַטעריאַל אויך ניט. ער אַנטהאַלט אָפּטמאָל ריין אויסערלעכע אָנגאַבן, וועלכע עס איז שווער צו געפינען ערגעץ וואַנדערש — ביאָגראַפישע דאַטן, נעמען פון ערטער און פערזאָנען, פאַרשיידענע פּראָטים, וואָס קענען אַמאָל פאַרפילן אַ מער-ווייניקער וויכטיקן בלויז אין דער געשיכטע פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין אונדזער לאַנד.

אַ באַזונדערע אופמערקזאַמקייט פאַרדינען די „איניאָנים“ פון דער מאָסקווער אָכראַנקע. אינעם קאַמף מיט דער רעוואָליוציע האָט די מאָסקווער אָכראַנקע געשפּילט אַן אויסערגעווייגלעכע ראָליע. גראָד איר איז עס אויסגעקומען צו באַקעמפן די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג. געווען איז עס פאַר איר אַ שווערע האַלאָכע: אָט די „געהיימע אָרגאַניזאַציעס“, נאָך וועלכע עס איז געוואָרן אָרגאַניזירט אַ ווילדער געיעג, האָבן זיך אינעם געוועזענעם יידישן טכום, אַדאַנק די אייגנאַרטיקע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען זיינע, צעבליט, צעצווייגט און געלאָזן טיפע וואָרצלען, און דער גאַנצער לעבנשטייגער פון אָט דעם ניט רוסישן קאַנט, די גאַנצע סוויווע, וועלכע האָט געפילט אַ טיפן אומצוטרוי צו דער צאַרישער מאַכט, האָט צוגעגעבן דער רעוואָליוציע אַ כאַראַקטער פון אַ „רואה ואינו נראה“.

אין זיין בוך „די אָכראַנקע און די רעוואָליוציע“ דערציילט ל. מענשטשיקאָוו: „...זייענדיק פרילינג 1897 אין מאָסקווע, האָבנדיק נאָרוואָס געקומען אין דער אָכראַנקע פון טיעסטאָוון (דעמאָלט אַ באַוווּסטער רעסטאָראַן), ווו די פּאָרויסזיכטיקע זובאַטאָוו און מעדניקאָוו האָבן אים אונטערגעקאָרמעט „מיט פרישן רויג און מיט אַ כאַזערל אין סמעטענע“ איז סעמיאַקין [1] פּלוצעם געוואָרן אָפנהאַרציק און דערקלערט: „אָט ווי איך בין אַ קאַפּצן, גיב איך דאָך 25 רובל דעם, ווער עס וועט מיר זאָגן, וואָס דאָס איז אַזוינס דער „בונד“. פון אָט די שויטים [2] ווייסן מיר גאָרניט“ [3].

די אויסערסט שווערע אופגאַבע האָט געצווּנגען די מאָסקווער אָכראַנקע אָנצוקומען צו אויסערגעווייגלעכע מיטלען: עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ טייוולאָנישער פּלאַן צו דעמאָראַ-

[1] דער וויצע-דירעקטאָר פון פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט.

[2] די אָרטיקע זשאַנדאַרמען.

[3] Л. П. Меньщиков. „Охранка и революция“ (к истории тайных политических организаций в России), ч. II, вып. I. Москва, 1928, стр. 12—13.

(די דאַטע „פּרילינג 1897“ איז, נאַטירלעך, פאַלש, אָבער דער שמועס גופע איז העכסט וואַרשיינלעך).

ליזירן די יִדישע אַרבעטער=באַוועגונג, אופּצורייסן זי פון אינעווייניק, אַרופירנדיק איין טייל אירן אַפן וועג פון לאָיאַליטעט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער „פלוג=אַטריאַד פון פילערס[4]; עס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין נעץ פון שפּיאָנאַזש און פּראָוואָקאַציע אייניקע ווערטפולע פּראַקטישע טוער. טויטן די באַוועגונג, אָפּשטעלן זי אָדער לענקען אַף אַן אַנדער וועג — דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען ניט נאָך די קויכעס פון דער אָכראַנקע, אָבער דעזאָרגאַניזאַציע אין דער באַוועגונג האָבן אָט די אַלע נייע מיטלען זיכער אַריינגעבראַכט, און דער צאַריזם האָט באַקומען וועגן „די געהיימע יִדישע אָרגאַניזאַציעס פון מיירעוו=רוס=לאַנד“ אַזאַ באַגריף, ווי ער האָט פריער בעשום אויפן ניט געקאָנט פאַרמאָגן. נאָך זובאַטאָוון און זיין אַרבעט זיינען „אָט די שויטים“ אויך געוווּר געוואָרן, „וואָס דאָס איז אַזוינס דער בונד“ (און ניט דער „בונד“ אַליין), און האָבן ביכלאַל באַקומען אַ גאַנץ אויספירלעכע אינפאָרמאַציע וועגן דער באַוועגונג אין מיירעוו=קאַנט.

דער פאָלגנדיקער עטיוד גיט איבער די געשיכטע פון דער יִדישער אַרבעטער=באַוועגונג אין מינסק ביזן יאָר 1900 אין דער באַלייכטונג פון דער מאָסקווער אָכראַנקע. ווי מע קאָן איינזעען פון אָט די פּאָליצייִשע מיטיילונגען, וועלכע מיר האָבן אויסגענוצט, האָט די אָכראַנקע צונויפגעזאַמלט אַ לעפּיערעך רייכן מאַטעריאַל וועגן דער באַוועגונג אין מינסק. די בלויזן און די טאָעסן אין דעם מאַטעריאַל לאָזן זיך דערקלערן — אַכוץ די אַלגעמיינע סיבעס, וואָס פלעגן פאַרשווערן די גענויערע באַקאַנטשאַפט פון דער פּאָליציי מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ביכלאַל און מיט דער יִדישער אַרבעטער=באַוועגונג ביפראַט — אויך דערמיט, וואָס אייניקע אינפאָרמאַטאָרן פון דער אָכראַנקע פלעגן בעקיוון מיטיילן זייער „נאַטשאַלסטווע“ אַ ביז גאָר נישטיקן בייגלעק דערפון, וואָס זיי האָבן געוווּסט; זיי האָבן אָפּטמאָל אַזוי ווייט געפירט די אָכראַנקע פאַר דער נאָז, אַז זייער האַנדלונג האָט צומאָל געמוזט האָבן אַ פּאָנעם פון כוויזעק מאַכן[5]; אַנדערע האָבן אַליין ניט פיל געקאָנט וויסן באַ דער געוואַלטיקער פאַרקאָנספּירירטקייט פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט אינעם ראַיאָן פונעם יִדישן טכום.

מיר נוצן דאָ אויס אַ ניט=פאַרעפנטלעכטן אַקט פון דער מאָסקווער אָכראַנקע. דער דאָקומענט טראָגט דעם נאָמען „אַגענטור=יעדיעס וועגן דער געשיכטע פונעם „בונד“[6]. באַם אויספאָרשן די געשיכטע פון דער ס“ד=ישער באַוועגונג אין מינסק קאָן מען אים ניט פאַרבייגיין.

[4] דאָרטן, ז. 13.

[5] אַזוי, לעמאָשל, זאָל קלוימערשט האָבן געהאַנדלט קאַפּלינסקי. זע מענשטשיקאָוו, ז. 118—114.

[6] דאָס, וואָס עס ווערט דערציילט אין אָט דעם דאָקומענט וועגן דעם „בונד“ און זיין גרינדונג, איז אַ מעשונעדיקער געמיש פון פאַקטישע יעדיעס און פּאָליצייִשער פאַנטאַזיע. לויט די „אַגענטור=יעדיעס“ געהערט די איניציאַטיוו צו גרינדן דעם „בונד“ אינגאַנצן קרעמערן. ...„ער האָט פאַרטראַכט אַ ברייטן פּלאַן: פאַראייניקן די גאַנצע יִדישע באַוועגונג, צענטראַליזירן זי, שאַפן דעם אַזויגערופענעם יִדישן „בונד“. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד, באַזוכט בערלין, ווין, לאָנדאָן, פּאַריז, זשענעווע, ציוריך, אומעטום אָנגעקניפּט פאַרבינדונגען, פאַרזאָרגט דאָס סיסטעמאַטישע צושטעלן אומלעגאַלע ליטעראַטור און געקומען צוריק. דאָ האָט ער געוואָרפן אַ לאָזונג („кликнул клич“) און אָקטיאַבער 1897 איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר“... וועגן קרעמערס פאַרבינדונגען מיט דער „גרופּע צו באַפרייען די אַרבעט“ ווייסט דער דאָקומענט ניט, און דאָס, וואָס דאָ ווערט דערציילט וועגן דעם צוזאַמענפאָר, שטימט לאַכלוטן ניט דערמיט, וואָס מיר ווייסן וועגן אים. דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון „בונד“ איז פאָרגעקומען אין מעשעך פונעם 8=טן ביזן 10=טן אָקטיאַבער נייעם סטיל — הייסט עס אין סענטיאַבר אַלטן (דער אָכראַניק מיינט אין אָקטיאַבר אַלטן); באַטייליקט זיך אין אים האָבן דעלעגאַטן פון ווילנע, וואַרשע, ביאַליסטאָק, מינסק, וויטעבסק און פון דער גרופּע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די „אַרבעטער שטימע“ (זע דעם זאַמלבוך „25 יאָר“. פאַרלאַג „די וועלט“ וואַרשע, 1922 ז. 31). לויט די „אַגענטור=יעדיעס“, האָבן אָבער אין צוזאַמענפאָר גענומען אַן אָנטייל „פאָרשטייער פון 15 שטעט, צווישן וועלכע עס פיגורירן ניט בלויז פונקטן פון צאָפן=מיירעוו=קאַנט, נאָר אויך לאָדז און אָדעס“... וועגן אָט דער פלוידערייִ וואָלט זיכער ניט געלוינט קיין סאַך צו רעדן, ווען ניט דאָס, וואָס זי אַנטהאַלט אין זיך אַ גאַנץ טשיקאַווע פּראַט: צווישן די באַשלוסן פונעם צוזאַמענפאָר ווערט דאָ אויך פאַרצייכנט דער באַשלוס, אַז „פאַר דער קאָרעספּאָנדענץ מיטן צ“ק נעמען אַלע אָרטיקע קאָמיטעטן אָן איין שיפער=שליסל — דאָס זייטל 23 פון העגעלס ביאָגראַפיע: דאָס איז געטאָן געוואָרן, קעדיי אויסצולערנען זיך לייענען אַן דעם שליסל“...

אין דיראַזיקע „יעדיעס“, געשריבענע פֿאַרן פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, איז אינטערעסאַנט ניט בלויז דאָס, וויאַזוי די באַוועגונג פֿון די ייִדישע אַרבעטער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אינעם באַנעם פֿון די אויסשפּיר־אָרגאַנען. מיר געפֿינען דאָ פֿראַטים, האַלב אָדער גאַנץ פֿאַרגעסענע נעמען פֿון טוער, וואָס די וועמעראַנען פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג געדענקען נאָך, אָבער וועגן וועלכע עס ווערט אין ערגעץ ניט דערמאָנט, און — צולעצט — איינציקע זייער וויכטיקע יעדיעס וועגן די ערשטע ייִדישע אומלעגאַלע אויסגאַבן אין רוסלאַנד.

קעדיי ניט צו באַשווערן דעם לייענער, גיבן מיר אין טעקסט די ציטאַטן פֿון אָט דעם דאָקומענט, ניט אָנווייזנדיק איטלעך מאָל דעם מאָקער (אין אַלע אַנדערע פֿאַלן ווערט דער קוואַל געניי אָנגעוויזן אין אַ ספּעציעלער אָנמערקונג).

דער „היסטאָריקער“ פֿון דער אָכראַנקע האָט געמאַכט זיין עקספּאָזע אַפּאָנעם לויט זובאַטאָווס אינסטרוקציעס: געבענדיק דעם איינגנטלעך פּראַקטישן מאַטעריאַל גאַנץ שפּאָרעוודיק,— גיכער אַ רעזיומע, טאַמצים פֿונעם מאַטעריאַל, איידער דעם מאַטעריאַל גופֿא, — ניט ברעכנדיק זיך דעם קאָפּ אַף באַשטימען געגויע דאַטן און באַנוגענענדיק זיך מיט אַזעלכע אָנווייזונגען, ווי „נאָכדעם“, „ווייטער“, פֿלייסט ער זיך דערפֿאַר אַריינצוטראָגן פֿראַגמאַטיזם אינעם עצעם סיפּעראַמאַיסע און געבן פֿון זיין שטאַנדפּונקט פֿולע כאַראַקטעריסטיקעס פֿון דער באַוועגונג (אין די פֿאַרשיידענע מאָדרייגעס פֿון איר אַנטוויקלונג ביז יאָר 1900) און פֿון אירע איינצלנע טוער.

די „אַגענטור־יעדיעס“ הויבן אָן די געשיכטע פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין מינסק ערשט פֿונעם יאָר 1887. אַפּאָנעם מאַכטעם דעם, וואָס דעמאָלט איז אין מינסק פֿאַרגעקומען דער ערשטער קענטיקער אַרעסט [7]: אַרעסטירט געוואָרן איז דער דרוקער־אַרבעטער יויסעף רעזניק, און דאָס האָט אופֿגערודערט די אָרטיקע זשאַנדאַרמעריע. די כראָנאָלאָגיע פֿון די „יעדיעס“ הינקט אָבער שטאַרק אונטער. אונדזער היסטאָרישע ליטעראַטור ווייסט צו דערציילן אַסאַך מער און פֿיל גענויער וועגן דעם אָנהויב פֿון דער רעוו.־באַוועגונג אין מינסק. איצכאָק אייזיק האַלייווי הורוויטש שרייבט אין זיינע זיכרוינעס:

„די איינצלנע פּרוּוון פֿון פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אַרבעטער אין מינסק פֿאַלן צונויף מיטן אָנהויב פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד. אינעם יאָר 1875 איז קיין מינסק געקומען צו פֿאָרן שוואַרץ (געוווינט אונטערן נאָמען ראַבינאָוויטש) און האָט אָנגעהויבן— מיט פּראָפּאַגאַנדע־קאַוואָנעס — אַרבעטן אין אַ שמידעריי... שוואַרצס נאָכפֿאָלגער איז געווען דער סטודענט פֿון קיעווער אוניווערסיטעט מאָיסיי וועלער, וועלכער האָט באַוויזן צו פֿאַנאַנדערפּראָפּאַגאַנדירן עטלעכע סטאָליערעס“...[8]

וועלערס פֿאָרזעצער איז געווען ראָגאַלער א. א. וו., א. א. וו. די פּרוּוון פֿון פּראָפּאַגאַנדע זיינען ניט געווען קיין דויערנדיקע, קיין גרויסן ערפֿאָלג האָבן זיי ניט געקאָנט האָבן, אָבער זיי האָבן געפֿאָלגט איינער נאָכן צווייטן און האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פֿאַר דער שפּעטערדיקער ברייטערער אַרבעט צווישן דער פּראָלעטאַרישער באַפֿעלקערונג פֿון מינסק.

„אַ סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די ייִדישע אַרבעטער אין מינסק האָט אָנגעהויבן אינעם יאָר 1883 צי 1884 יעפּים (מאָיסיי) כורגין...“ [9]

הייסט עס, אַז די געשיכטע פֿון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין מינסק דאַרף מען אָנהויבן אַסאַך פֿריער פֿאַרן יאָר 1887. אָבער האַגאַם דער אינפֿאָרמאַטאָר פֿון דער אָכראַנקע ווייזט אָן אַ דורכוים פֿאַלשע דאַטע וועגן דעם אָנהויב פֿון דער באַוועגונג, ווייזט ער אָבער אַרויס אַ ניט אַן ערעך גרעסערע באַהאַוונטקייט בענוגייע די טוער פֿון דער דעמאָלטיקער באַוועגונג, ווי מע קאָן דאָס זעען פֿון זיין ווייטערדיקער דערציילונג:

---

[7] И. Гурвич. „Первые еврейские рабочие кружки“. „Былое“, 1907, № 6 (18)

[8] דאָרטן.

[9] דאָרטן.

„די באַוועגונג האָט די ערשטע צייט געטראָגן אַן עכטן קלוב-כאַראַקטער. די פאָרשטייער פון אָט דער באַוועגונג זיינען געווען: יעפים כורגין[10], פראָטאַס[11], סליעפיאַן[12], באָגדאַנאָוויטש[13], מערלינסקי[14] און נאָך צוויי—דריי סטודענטן. אָט די פערזאָנען האָבן געהאַט פאַרבריינגען אין פעטערבורג[15], פון וואַנען זיי פלעגן באַקומען די „נאַראָדאָוואָלטשעסקע" ליטעראַטור"...

.. „בעערך אין יאָר 1890 האָט די זשאַנדאַרמעריע געפאַקט „накрыла" דעם סאָציאַליסטישן קלוב פון די „נאַראָדאָוואָלצעס"...

אָט דעם אַרעסט פון די מינסקער אָנהענגער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" דאַרף מען, מיסטאָמע, שטעלן אין דער פאַרבינדונג מיט דעם, וואָס איצכאָק אייזיק הורוויטש דערציילט[16]: „דער אַרעסט פון אַן אַרבעטער, וואָס באַ אונדז האָט מען אים געקאָנט מיטן צונעמעניש לאַפּאַס (די פאַמיליע זיינע געדענק איך ניט), האָט זיי (די זשאַנדאַרמען—א. ל.) ערשט אין סאָף 1889 געגעבן אין די הענט אַ שוואַכן באָכער, פון וועמען זיי זיינען עפּעס דערגאַנגען וועגן אונדזערע קרייזלעך".

דער „סאָציאַליסטישער קלוב פון די נאַראָדאָוואָלצעס" איז גיכער פאַר אַלץ אַ פּראָדוקט פון דער פּאָליציייִשער פאַנטאַסטיק: קיין שום אָרגאַניזאַציע אָדער גרופּע מיט אַזאַ נאָמען האָט אין מינסק ניט עקזיסטירט און ווערט אין ערגעץ ניט דערמאָנט.

נאָך דער ליקווידאַציע פונעם „קלוב" זאָל זיין אַרבעט האָבן איבערגענומען יעפים הייל־פּערין. „ער — דערציילן די „יעדיעס" — האָט געפּריידיקט אַטעיזם, טעראָר, פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט"...

אין יאָר 1895 האָבן די יעפימאָוועצעס (פון יעפים היילפּערנס כיידער) געבילדעט אַ „נאַראָדאָוואָלטשעסקן קאָמיטעט" מיט פיליאַלע אָפּטיילונגען אין אַנדערע שטעט.

„אין דערזעלביקער ריכטונג האָט געאַרבעט גאָר זעלבשטענדיק, אַף דער אייגענער אַכריעס, איינער אַ דאָקטער אַבראַמאָוויטש מיטן צונעמעניש „דער ווייסער שוסטער". קיין רייכע האָט ער ניט געהיילט אַלפּי פּרינציפּ, באַ די אָרעמע האָט ער ניט גענומען קיין געלט, פאַרדינען פלעגט ער פון עפּעס אַ מעלאָכע קנאַפּע גראָשנס, געלעבט האָט ער האַלב הונגעריק און פלעגט זיך אינגאַנצן אָפּגעבן דער פּראָפּאַגאַנדע. אים האָט מען געהאַלטן פאַר אַ הייליקן"...

עמיל אַבראַמאָוויטש (געבאָרן אין 1863 אין גראָדנע) איז פאַרבליבן אי אין דער רעוואָליוציאָנערער סוויווע, אי באַ דער צאַרישער געהיים-פּאָליציי, ווי „דאָקטער אַבראַמאָוויטש". אָבער גראָד צו דער צייט, ווען ער האָט געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע-אַרבעט אין מינסק, איז ער נאָך קיין דאָקטער ניט געווען: דעם דאָקטער-טיטל האָט ער באַקומען ערשט אין 1888. קיין מינסק איז אַבראַמאָוויטש געקומען אינעם יאָר 1884 און פלעגט דאָרטן פאַרברענגען די קאַניקולן איטלעכן זומער ביזן 1888. אַלץ, וואָס מיר ווייסן וועגן אים, זאָגט איידעס, אַז ער האָט געאַרבעט גאָר ניט „אין דערזעלביקער ריכטונג", ווי יעפים היילפּערין. פאַרייניקנדיק אין זיין אופירונג און אין זיין גאַנצן כאַראַקטער די בעסטע שטריכן, מיט וועלכע עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די רעוואָלוציאָנערן פון די 70-קער יאָרן, אַ קולטור-טרעגער אינעם בעסטן זין פון וואָרט, איז ע. אַבראַמאָוויטש אָבער געווען אַן איבערצייגטער מאַרקסיסט. שפּעטער, ווען די פּאָליציי האָט זיך מיט אים „באַקאַנט" (אַרעסטירט אין 1889), איז ער זיכער געווען אַ ס"ד. פאַרעכענען אים פאַר אַ „נאַראָדניק" פון יעפים היילפּערינס שניט האָט מען געקאָנט סיידן

---

10 איצט אין פּאַלעסטינע.

11 אינעם יאָר 1889 אָדער 1890 געווען אַרויסגעשיקט פון בערלין קיין רוסלאַנד.

12 סליעפּיאַן וולאַדימיר — איצט אין לענינגראַד. קעגן אים איז געווען דערוועקט אַן „איניען" אין יאָר 1888.

13 אַ לערער פון אַ פאָלק-שול.

13 מערלינסקי סאַלאָמאָן, געווען פאַרשיקט אין וואָלאָגדער גובערניע אין די יאָרן 1890—92.

15 מע קאָן רעכענען, אז גיכער אין מאָסקווע.

16 זע דעם שוין ציטירטן אַרטיקל אין „Былое"

נאָר דערפאַר, וואָס „וועגן מאַרקסן האָט מען נאָך דעמאָלט אין מינסק זייער ווייניק געוווּסט“. עפשער איז דאָ טײלווייז אויך שולדיק אַבראַמאָוויטשעס עקסטער אידעאַליזם און ראָמאַנטיזם, וועלכע האָבן געקאָנט פאַרטושן דעם עמעסן כאַראַקטער פון זיין אַרבעט און אָנשויונגען[17]...

...„וועגן מאַרקסן האָט מען דעמאָלט אין מינסק נאָך געוווּסט ווייניק, נאָך אַ קנאַפּערע פאָרשטעלונג האָט מען געהאַט וועגן די קאָנקרעטע פאָדערונגען פון די אַרבעטער“. „נאָר אָט זיינען קיין מינסק געקומען די ערשטע סאָציאַל-דעמאָקראַטן: איסאַק הורוויטש[18] און טשערניכאָוו“ [19]... זיי „געהערט דער פאַרדינסט פאַר דער רעוואָליוציע, וואָס זיי זיינען צום ערשטן מאָל אַוועקגעגאַנגען צו דער אַרבעטער-מאַסע און האָבן זיך גענומען צו דער פּראָפּאַגאַנדע“...

די אָרגאַניזאַציע פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן איז זיך אַלץ מער פאַנאַנדערגעוואַקסן. אין די 90-קער יאָרן „איז אויסגעוואקסן (оперилась) די יוגנט. די קעפּ אירע זיינען געווען: טעאומין, פרומקין באָרוך, זאַק, אָסטראָגאָווין, שמועל בערנשטיין, זיין פרוי [20], פרענקל, טשערניכאָוו, קאָנטאָראָוויטש[21], סליפּיאַן [22]. זיי האָבן געהאַט אַ פיינע לעגאַלע ביבליאָטעק[23], פאַרשטייט זיך, אַ רוסישע... ווי אַ פּראָדוקט פון זייער אימפּעטפולער פּראָפּאַגאַנדע זיינען געקומען די טאַלענטפולע אַגיטאַטאָרן... דער שלאָסער איטשקע וואָלין [24], דער שוסטער כייפּעץ[25], דער בייגער“... „זיי האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין פאַרשיידענע פאַכן גאָר זעלבשטענדיק פאַריינען און קאַסעס“... „דאָס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, דער העראָישער פעריאָד פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין מינסק, עפּעס קעמוי ווי אַ מיקראָסקאָפּישער טשאַרטיזם“... דער אָכראַניק האָט, אַפּאָנעט, ניט געוווּסט, אַז טשאַרטיזם איז ניט געווען קיין עקאָנאָמישע באַוועגונג...

אין יאָר 1894 איז קיין מינסק געקומען צו פאָרן פאַוול בערמאַן[26]. „ער האָט ניט פאַרמאָגט ניט קיין באַזונדערן סייכל, ניט קיין באַזונדערע פעיִקייטן, דערפאַר האָט ער אָבער פאַרמאָגט אַזאַ אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלענט, אַז ער האָט בעעמעס געקאָנט אופטאָן וואונדער“... „די אָן אַן אָרדענונג אָרגאַניזירטע פאַריינען און קאַסעס פלעגן באַקומען האַרמאָניע, סיסטעמאַטיק און אָרדענונג. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן עכטע אַרבעטער-באַוועגונג. ווי אַ גרויסער שטויס האָט געדינט דער ניט לאַנג פאַר דעם פאָרגעקומענער שטרייק פון די אייזנבאַנער (400 מאן); האַנאַם די אופּטוער האָבן אַפילע געכאַפּט אַ פּסאַק, אָבער זיי האָבן אויסגעפירט זייערס“ [27].

ביז גאָר טשיקאַווע איז דאָס, וואָס די „אַגענטור-יעדיעס“ טײלן מיט וועגן דער מינסקער „אָפּאָזיציע“ פון יאָר 1896:

---

[17] וועגן ע. אַבראַמאָוויטש זע דעם שוין ציטירטן אַרטיקל פון איצכאָק אייזיק הורוויטש און זיכ-רוינעס וועגן אים אינעם זשורנאַל „Каторга и ссылка“ פאַרן יאָר 1928, נום. 40.

[18] געקומען קיין מינסק פון סיביר זומער 1885.

[19] טשערניכאָוו איז טעטיק געווען ערשט אין די 90-ער יאָרן. פאַרוואָס ער איז פאַרעכנט געוואָרן צו די „ערשטע ס"ד“, איז שווער צו זאָגן.

[20] די שרייבערן יעהודיס (ראָכל בערנשטיין).

[21] שפּעטער פאַוול בערמאַנס פרוי.

[22] דעם אויבן דערמאָנטן וולאַדימיר סליעפּיאַנס שוועסטער.

[23] אייגנטלעך פון ביכער, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן לעגאַל, נאָר שפּעטער אויסגעשלאָסן געוואָרן פונעם אומגאַנג. באַם מעכאַבער פון די „יעדיעס“ איז, ווי געוויינלעך, ניטאָ קיין מוקדם ומאוחר: בעעמעס איז די ביבליאָטעק געווען אין די 80-ער יאָרן.

[24] „די טאַלענטפולע אַגיטאַטאָרן“, וועגן וועלכע די „יעדיעס“ דערציילן, זיינען אַלפּיראָוו קיין אַגיטאַטאָרן ניט געווען. דער שלאָסער וואָלין האָט קיין שום שייכעס צו אַגיטאַציע ניט געהאַט.

[25] אַריין אין דער באַוועגונג נאָך אין די 80-ער יאָרן.

[26] פאַרוואָס נ. בוכבינדער (זע זיין אַרטיקל „די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג אין מינסק“ אין „Красная летопись“ נום. 5, 1922) רעכנט אים פאַר אַן אַרבעטער, איז ניט צו פאַרשטיין. צו יענער צייט האָט ער געהאַט געענדיקט די רעאַל-שול, שפּעטער געשטודירט אין אויסלאַנד.

[27] וועגן אָט דעם שטרייק איז מיר ניט געלונגען צו דערגיין וואָסערע עס איז פּראַטים, און אין דער ליטעראַטור ווערט וועגן אים אין ערגעץ ניט דערמאָנט.

„קיין מינסק איז געקומען צו פאָרן וואַלט[27a]. דער לעצטער איז געווען אַ מענטש מיט גרויסע פעיִקייטן, מיט אַ מעשונעדיקן ערגייץ און אַ צעדרייטן קאָפּ. זייענדיק לויט דער אידייע אַ „נאַראָדוואָלעץ“, האָט ער דאָך ניט געקאָנט צושטיין צו קיין באַוועגונג, ווייל ער האָט אומעטום געוואָלט שטיין בעראָש. ער האָט געפּריידיקט אַסקעטיזם, אָנויפהערלעכן פּראָטעסט, טעראָר. די יוגנט מיט אַ הייסן, שטורמישן טעמפּעראַמענט איז צוגעשטאַנען צו אים, און עס האָבן זיך אויסגעבילדעט די אַזויגערופענע „וואַלטאָווצעם“.

דאָס איז אַלץ, וואָס די „אַגענטור=יעדיעס“ קאָנען דערציילן. וועגן די סיבעס, וועלכע האָבן אַרויסגערופן די „אָפּאָזיציע“, געפינען מיר דאָ קיין איין וואָרט ניט. געוויינלעך ווערט די דעמאָלטיקע „אָפּאָזיציע“ באַטראַכט ווי אַ רעאַקציע אַפן איבערגאַנג פון פּראָפּאַגאַנדע צו אַגיטאַציע. אַן אויספירלעכע באַהאַנדלונג וועגן דעם אַנטשטיין און דער אַנטוויקלונג פון דער אָפּאָזיציע גיט אין זיינע „עטיודן וועגן דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער=באַוועגונג“ דער שוין אויבן דערמאָנטער ב. פרומקין, וועלכער האָט צו יענער צייט אַליין געאַרבעט אין מינסק. נאָך זיין מיינונג האָט זיך אין דער דעמאָלטיקער מינסקער (און ניט בלויז מינסקער) „אָפּאָזיציע“ אָפּגעשפּיגלט דער דראַנג דערצו, וואָס מיר רופן היינט אָן „אינערלעכע פּאַרטייִשע דעמאָקראַטיע“:

„די ערשטע צייט פון אומגעשטערטער און ערפאָלגרייכער טעטיקייט זיינען די ווינציקע איינריכטונגען געווען נעענטער צו די מאַסן, די אַרבעט איז געווען אָפן, אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פלעגן פאָרקומען אָפט, און אַף זיי פלעגט מען באַהאַנדלען קימאַט אַלע פּרימיטיווע פראַגן פון דער באַוועגונג. מיט דער צייט זיינען די פונקציעס פון די איינריכטונגען געוואָרן קאָמפּליצירטער, פיל פון אָט די פונקציעס (ווי דערהיינע די באַציונגען מיט די אַנדערע שטעט, די זאָרג וועגן דער אומלעגאַלער ליטעראַטור אוקעדוימע) האָבן זיך קאָנצענטרירט אין די הענט באַ די יעכידים, וועלכע האָבן געבילדעט די אָרטיקע קאָמיטעטן. צוזאַמען מיט די אַגיטאַטאָרישע סכאָדקעס האָבן אָט די קאָמיטעטן, אַדאַנק די אַנדערש געוואָרענע באַדינגונגען, ביסלעכווייז אָנגעהויבן אָנצובינדן דער מאַסע פּאַרטיקע דירעקטיוון, פאַנאַנדערטיילן לויטן אייגענעם איינזעען די אַגיטאַטאָרן א. א. וו. באַ דער אומטעטיקייט פון דער מאַסע[28] האָט זיך דאָס שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן, און די גאַנצע ענערגיע, וועלכע פלעגט פריער אַוועקגיין אַף שטרייקן און קאַסע=איניאָנים, איז איצטער אַוועק אַף קריטיק. די פאָדערונג וועגן דעם וואַל=פּרינציפּ אין אַלע איינריכטונגען, וועגן באַריכטאָפּגעבונג פאַר דער אָרגאַניזירטער מאַסע און וועגן אַראָפּוואַרפן די מאַכט פון די אינטעליגענטן און פּראָפעסיאָנאַלן—אַגיטאַטאָרן זיינען געוואָרן טאָג=לאָזונגען“[29].

ספּעציעל וועגן דער מינסקער „אָפּאָזיציע“ שרייבט דערזעלביקער ב. פרומקין, אַז זי האָט געהאַט אַ „נאַציאָנאַליסטישע שאַטירונג“: „בעראָש פון איר איז געשטאַנען דער טאַלענטפולער פּאָעט וו.[29a] ווען מע האָט אַרויסגעטריבן פון וואָלאָזשינער יעשיווע פאַר אַפּיקאָרסעס, אַ מענטש אַ העכסט עקספּאַנסיווער, וועלכער האָט ניט אַנערקענט קיין שום אָרגאַניזאַציע און קיין שום אַווטאָריטעטן. אָט די אייגנשאַפטן זיינע, צוזאַמען מיט אַ ניטדורכשניטלעכן טאַלענט פון אַ סאַטיריקער, האָבן צו אים צוגעצויגן די אַנטשפּרעכנדיק געשטימטע מאַסע. וו. האָט אינגאַנצן אָנגענומען אַלע לאָזונגען פון דער „אָפּאָזיציע“, ...אָבער ער האָט צום ערשטן מאָל אַרויסגערוקט אַ באַשולדיקונג אין קאָסמאָפּאָליטיזם, ער האָט אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג, אַז די באַוועגונג זאָל זיך נאַציאָנאַליזירן, ד. ה. עס זאָלן שטענדיק דיסקאָנטירט ווערן די

[27a] דער דיכטער א. ליעסין.

[28] דער עקאָנאָמישער קאַמף איז גראַד אין 1896 יאָר געווען שטילער, ווי אין די פאָריקע יאָרן. די רעפּרעסיעס האָבן שטרענגער געמאַכט די קאָנספּיראַציע און שטאַרק באַגרענעצט די קרייזן. א. ל.

[29a] Б. Фрумкин. Очерки по истории евр. рабочего движения. „Еврейская Старина“. 1912.

[29] וואלט.

לעבנס-באַדינגונגען פון דער ייִדישער מאַסע: קיין פּאָזיטיוו נאַציאָנאַלע פּראָגראַם איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט געווען, — געווען איז די אידעאַליסטישע פאָדערונג, אַז די טעטיקייט זאָל זיין דורכגעדרונגען מיטן ייִדישן גייסט“ [30].

פון אָט דער דורכויס אָביעקטיווער כאַראַקטעריסטיק, וואָס ב. פרומקין האָט געגעבן אי וואַלטן, אי דער „וואַלטעריי“, זעען מיר אַן איבעריקס מאָל איין, אַז די צאַרישע אויסשפּיר-אָרגאַנען זיינען געווען ווייט פון האָבן אַ באַגריף וועגן דעם עמעסן כאַראַקטער פון דער באַוועגונג, נאָך וועלכער זיי האָבן נאָכגעשפּירט. די „אָפּאָזיציע“ אין דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג פאַר דער גרינדונג פונעם „בונד“ איז געווען אַ דערשיינונג, וואָס האָט זיך געלאָזט גוט מערקן. נעמט מען אָן פרומקינס דערקלערונג, — און זי איז העכסט וואַרשיינלעך — דעמאָלט מוז מען זאָגן, אַז אין אַ היפּשער מאָס האָט די פּאָליציייִשע פּראַקטיק גופא גוירעם געווען דאָס אַנטשטיין פון דער „אָפּאָזיציע“: די רעפּרעסיעס און די נויטווענדיקייט צו קאָנספּירירן האָבן אומפאַרמיידלעך געמוזט פאַרשמעלערן די רעכט פון דער מאַסע אין דער אָרגאַניזאַציע, און אויך געמוזט אַרויסרופן ווי אַ רעאַקציע קעגן דעם אָפּאָזיציאָנעלע שטימונגען. די מינסקער „אָפּאָזיציע“ איז נאָך דערצו געווען באַפאַרבט נאַציאָנאַליסטיש, אָנגעפילט מיטן „ייִדישן גייסט“. דער רעפערענט פון דער אָכראַנקע פלוידערט דעריבער, ווען ער פאַרזיכערט, אַז וואַלט „האָט געפּריידיקט אַסקעטיזם, אָנויפהערלעכן פּראָטעסט, טעראָר“...

אין אַפּריל 1919, ווען מע האָט אין אַמעריקע געפייערט דעם 25-יאָריקן יובילײ פון א. ליעסינס (וואַלטס) ליטעראַרישער טעטיקייט, און די „צוקונפט“ האָט געווידמעט דעם יובילײאַר אַ ספּעציעלן נומער, האָבן וואַלטס כאַווײרים פון „פאָרווערטס“ אַרויסגעשלעפּט פונעם אַרכיוו די מייסע מיט דער מינסקער „אָפּאָזיציע“ און האָבן זי צעלייגט אַף טעלערלעך.

זיי ווילן דאַפקע האָבן, אַז די מינסקער „אָפּאָזיציע“ האָט אין איר צייט געפּריידיקט זייערע איצטיקע אידעאַלן, זייער איצטיקע „ייִדישקייט“. מ. איוווענסקי, ש. ראַבינאָוויטש און ד. קאַפּלאַן באַלייכטן אָט דעם מאָמענט פון ליעסינס אָוואַר אין ספּעציעלע אַרטיקלען. דאָס-זעלביקע סמאַקעוועט אויך מענדל ראָזנבוים אין זיינע ערינערונגען און דער פאַרשטאָרבענער איצכאָק אייזיק הורוויטש. אַז די לויב-געזאַנגען דער „אָפּאָזיציע“, וואָס וואַלט האָט אָנגעפירט קעגן בערמאַן, ב. פרומקין און אַנד., זיינען מעסוגל נאָר צו באַקרעפטיקן די ציאָניסטישע אויסטייטשונג פון דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, איז זיכער. אָבער וואָס קאָנען זיי זאָגן רעכטס וועגן דעם עצעם טאָך פון וואַלטס דעמאָלטיקער פּראָפּאַגאַנדע?

„די סטאַטשקעס“ — האָט ליעסין אַרגומענטירט — זיינען באַ אונדז אָפּט אַ קאַמף פון קאַפּצן קעגן דעם דאַלפן. מיר דאַרפן געווינען פאַר אונדזער אידעאַל די גאַנצע ייִדישע בעדנאָטאַ, ניט נאָר דעם לוין-אַרבעטער. מיר דאַרפן באַשאַפן אַ ברייטע מאַסן-באַוועגונג, און אַ מאַסן-באַוועגונג — האָט ליעסין דערצו צוגעגעבן — מוז אויך זיין אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג“ [31].

„עס איז אַ קאַמף אייגנטלעך פון קאַפּצן קעגן דאַלפן“ — פלעגט וואַלט טיינען. אונדזער כוויוו איז צו זען, אַז די אַרבעטער זאָלן ניט האָבן אין זינען נאָר זייערע אייגענע עקאָנאָמישע אינטערעסן אַליין. דאָס ייִדישע פאָלק, פון וועלכן די אָרעמע מענטשן זיינען דער גרעסטער טייל, ליידט מער ווי אַלע פעלקער אין דער וועלט. ער וועט נאָך פיל מער ליידן פון זיין רעוואָלוציאָנערער באַטייליקונג, זאָל מען ווייניקסטנס זען, אַז דאָס מאַרטירער-פאָלק זאָל ווערן באַפרייט“ [32].

די מעמואַריסטן טראָגן אַריבער פיל פון זייערע איצטיקע שטימונגען אין די 90-קער יאָרן און גיבן עס אַרויס פאַרן אינהאַלט פון ליעסינס דעמאָלטיקער פּראָפּאַגאַנדע. אָבער דער זאַץ, וועלכן מיר שטרייכן אונטער, קלינגט גלייך באַ ביידע מעמואַריסטן — באַ מ. ראָזענבוימען און באַ מ. איוווענסקין; דעמזעלביקן מאָמענט באַטאָנט שטאַרק אין זיין אַרטיקל אויך ש. ראַבינאָ-

30 דאָרטן.

31 „צוקונפט“, אַפּריל 1919. מ. ראָזנבוים—„א. וואלט אין די אַלטע גוטע צייטן“.

32 דאָרטן. מ. איוווענסקי—„א. וואלט, דער אָנפירער פון דער 1-ער ייִד. נאַצ-סאָצ. באַוועגונג“.

זויטש [33], און מיר שײנט, אַז גראָד אין אָט דעם מאָמענט שטעקט דער עמעסער טאַמצעס פון וואַלטס דעמאָלטיקע דראָשעס. די מינסקער אָפּאָזיציע האָט געקעמפט קעגן דעם „שטריק=אַזאַרט“, די „בעדנאַטאַ“ און דער „יִדישער גײַסט“ האָבן ניט מער ווי באַלײַגט — און מאַסקירט — אָט דעם גרונט=מאָטיוו...

די „אַגענטור=יעדיעס“ טײלן אויך מיט וועגן די ערשטע שריט פון דער פאַרלעגערישער טעטיקײט פון די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פון די יִדישע אַרבעטער. העיויס ווי אין דער ליטעראַטור קאָן מען קנאַפּ וואָס געפינען וועגן דעם אָנהויב פון דער יִדישער אומלעגאַלער פאַרלעגעריי, און דער עפּיזאָד, וועלכן מיר ברענגען אונטן, ווערט אין ערגעץ ניט דערמאָנט, גיבן מיר איבער דאָס באַטרעפנדיקע אָרט פון די „אַגענטור=יעדיעס“ אָן שום פאַרקירצונגען.

„אָנהויב 1897 איז פון בערן געקומען אַהיים אַף קאַניקולן טעומין. זײַנע געוועזענע טאַלמידים, די אַגיטאַטאָרן, האָבן אים קלאָר געמאַכט די לאַגע און דערקלערט, אַז די באַוועגונג קאָן ניט גײן פאָרויס און מוז פאַרבלײַבן אַף דער פּרימיטיווער אַנטוויקלונג=שטופע, ווײַל די מאַסע פאַרשטײט ניט קײן ליטעראַטור אַף רוסיש, און אַף זשאַרגאָן איז גאָרניט ניטאָ. זײ האָבן פאַרלאַנגט, מע זאָל שאַפן אומלעגאַלע זשאַרגאָנישע ליטעראַטור. אָט די פראַגע האָט זיך געמײנזאַם באַהאַנדלט, און אַף טעומינען האָט מען אַרופגעלײגט אַ היסכײַוועס צו פאַרנעמען זיך מיט אָט דער אַרבעט, נאָכדעם ווי ער וועט זיך אומקערן קײן בערן. קומענדיק צופאָרן קײן אויסלאַנד, האָט טעומין געבילדעט אַ קרײַזל ליטעראַטן פון 6 מאַן: ער, זשיטלאָווסקי, רײַנים און נאָך דרײַ סאָציאַל=דעמאָקראַטן. נאָך לאַנגע כעלוקעדײַעס און שטרײַטן זײַנען זײ צוגעטראָטן צו איבערזעצונגען. פון די ערשטע אַרבעטן זײַנען געווען מאַרקס „מאַניפעסט“, „אַ מײַסע פון פיר ברידער“, „סאָציאַלע עטיק“. נאָכדעם האָט טעומין מיט דער הילף פון זײַן פרײַנט, דעם דרוקער ראָזענבליום, אין זשענעווע געגרינדעט אַ דרוקערײַ, מיט וועלכער ראָזענבליום האָט פאַרוואַלטעט און ווו ס'פלעגן זיך דרוקן די איבערזעצונגען. אַלע גרײטע אויסגאַבן פלעגן אָפּגעשיקט ווערן פון זשענעווע קײן בערלין צום יִדן (!—א. ל.) בוכהאָלצן, וועלכער פלעגט זײ ווידער טראַנספּאָרטירן קײן רוסלאַנד“...

דער כ' י. טעומין, צו וועמען מיר האָבן זיך געווענדט נאָך גענויערער אינפאָרמאַציע, באַשטעטיקט, אַז לעהײַפּעך דערצו, וואָס מע האָט געקאָנט דערוואַרטן, ווערן דאָסמאָל אין „די אַגענטור=יעדיעס“ מער ווייניקער ריכטיק באַלויכטן דער עצעם פאַקט און די אומשטאַנדן, בײַ וועלכע עס זײַנען אַנטשטאַנען די ערשטע יִדישע אומלעגאַלע אויסגאַבעס. ווי ער דערצײלט, האָט ער, טעומין, קומענדיק קײן בערן, זיך געווענדעט מיט דער אידײע װעגן אַרויסגעבן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אַף יִדיש צו די סאָציאַל=דעמאָקראַטן שוועץ [34], אַבעסהויז [35] און בלומשטײן [36], וועלכע האָבן זי גאַנץ וואַרעם אויפגענומען. אַזוי אַרום איז געבילדעט געוואָרן די „גרופּע יִד. סאָציאַליסטן“ (גיס).

העיויס אָבער, ווי קײנער פון די דערמאָנטע כאַווײרים האָט צו יענער צײַט קײן ליטעראַרישע דערפאַרונג ניט געהאַט, האָבן זײ זיך געווענדט צו זשיטלאָווסקין און צו אַנסקין ווי צו מענטשן, וועלכע האָבן שוין דעמאָלט געהאַט אַ געוויסן נאָמען און האָבן זיכער געדאַרפט מיטפילן דער אידײע צו שאַפן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אַף יִדיש. דאָס צוציען אָט די צוויי וויכטיקע ליטעראַרישע קויכעס האָט אָבער געהאַט אַ כעסאָרן: זשיטלאָווסקי און אַנסקי זײַנען געווען „נאַראָדניקעס“, דער פראָיעקטירטער פאַרלאַג האָט שוין מאַכמעס דעם ניט געקאָנט זײַן קײן סאָציאַל=דעמאָקראַטישער און האָט געמוזט ווערן אַ סתם „סאָציאַליסטישער“. אַזאַ געמישטן כאַראַקטער האָט בעמײלע אויך געמוזט טראָגן די גאַנצע „גרופּע יִדישע סאָציאַליסטן“ (גיס), וואָס טעומין און זײַנע כאַווײרים האָבן געבילדעט. אין דער גרופּע זײַנען אַרײַנגעגאַנגען:

---

[33] דאָרטן. ש. ראַבינאָוויטש—„א. וואַלט (ליעסין) און זײַן קאַמף קעגן קאָסמאָפּאָליטיזם, עקאָנאָמיזם און בראָשוריזם“.

[34] אין אָנהויב פון די 90=ער יאָרן געווען טעטיק אין ווילנע, איצט אַ פּראָפעסאָר אין דער שווײץ.

[35] איצט אַ דאָקטאָר אין סמאָלענסק.

[36] ק. פרומקין, איצט אין באַקו.

פון די ס"ד — טעומין, שוועץ, אַבעסהויז, בלומשטיין און גירשקאָוו, פון די „נאַראָדניקעס"— זשיטלאָווסקי, אַנסקי און רייניס (מאַרוסיע). אַף איינער אַ זיצונג פון דער „גרופּע" זאָל אויך האָבן בייגעווען מענדל ראָזנבוים, וועלכער האָט קיין באַזונדער אינטערעס צו דער געפּלאַנטער אַרבעט ניט אַרויסגעוויזן. אַנסקי האָט זיך אויך פאַרהאַלטן געגנוג פּאַסיוו. גאָר ענערגיש צום איניען האָט זיך גענומען זשיטלאָווסקי, אָבער גראָד זיין איטפּעט האָט עטוואָס געשראָקן די מאַרקסיסטישע מערהייט פון דער „גרופּע". קעדיי צו באַוואָרענען זיך פון קאָלערליי מעגלעכע סיורפּריזן, האָבן זיך די ס"ד מיטגלידער פון דער גרופּע געבונדן מיט אינערלעכער פּראַקטיקאַנעלער דיסציפּלין. מיט דעמזעלביקן צוועק האָבן זיי דורכגעפירט אין די טאַקאָנעס פון דער „גרופּע" אַ גאַנץ ריזיקאַלישן פּונקט, וועלכער האָט זיי גופּע געקאָנט ברענגען שאָדן. לויט אָט דעם פּונקט האָט איטלעכער מיטגליד דאָס רעכט פון וועטאָ אַף די אויסגאַבן פון דער גרופּע (בעמיילע קאָן מען דורכפירן נאָר אַזאַ אויסגאַבע, וועלכע ווערט אָנגענומען איינשטימיק).

דער ערשטער פּרווו אַרויסצוגיין מיט אַן עפנטלעכער דערקלערונג וועגן די צילן פון דער „גרופּע" איז ניט געלונגען. זשיטלאָווסקי האָט געהאַט אופגעשריבן אַ פּראָיעקט פון אַ דעקלאַראַציע (אונטערן נאָמען „פּאַרוואָס יידיש"), נאָר איר אינהאַלט האָט די מאַרקסיסטישע מיטגלידער פון דער גרופּע ניט באַפרידיקט, און די „גרופּע" האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט אָן אַ פּרינציפּיעלער דערקלערונג.

די איבערזעצונג פונעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" האָבן געמאַכט י. טעומין און בלומשטיין. זשיטלאָווסקין געהערט נאָר די רעדאַקציע פון אָט דער ערשטער אויסגאַבע פון דער „גרופּע". „אַ מייסע פון פיר ברידער" האָט איבערגעזעצט בלומשטיין. י. טעומין האָט אויך געהאַט איבערגעזעצט פּראָפעסאָר גזשיצקיס „סאָציאַלע עטיק", נאָר דער מאַנוסקריפּט איז פאַרלאָרן געוואָרן, און די איבערזעצונג איז ניט אַרויסגעגאַנגען.

די געלט=מיטלען פון דער „גרופּע" זיינען געווען זייער באַשיידענע. באַם בערנער אוניווערסיטעט האָט עקזיסטירט אַ יידישער סטודענטישער פאַריין אַף מוישע העס נאָמען. אין אָט דעם פאַריין זיינען עס אַריינגעטראָטן די מיטגלידער פון דער „גרופּע" און האָבן דאָרטן באַקומען אַ מערהייט. אַזוי אַרום האָט די „גים" באַקומען אין אירע הענט די ביבליאָטעק און די קאַסע פונעם פאַריין (באַ 100 פראַנק). צו אָט דער גאָר ווינציקער סומע זיינען שפּעטער צוגעקומען 300 רובל, וואָס כ' טעומין האָט באַקומען באַ איינער הוואָירעס.

וועגן דער טעכנישער זייט פונעם אַוועקשטעלן אַ יידישע דרוקעריי איז אויך אויסגעקומען היפּש צו קלערן. כ' טעומין האָט זיך געווענדט צו פלעכאַנאָוון און דערציילט אים, ווי גרויס עס איז אין דער צאָפן=מייערעווודיקער געגנט די באַדערפעניש אין סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אַף יידיש. אַדאַנק פלעכאַנאָווס רעקאָמענדאַציע איז זיך טעומין צונויפגעקומען מיט ראָזענבליומען, וועלכער האָט דעמאָלט געאַרבעט אין דער דרוקעריי פון דער „גרופּע צו באַפרייען די אַרבעט". אין אָט דער דרוקעריי איז עס אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער יידישער שריפט און אַ פּרעס, און אַזוי אַרום זיינען אַרויסגעגאַנגען די שוין אויבנדערמאָנטע בראָשורן, אַף וועלכע מען האָט אַזוי געוואַרט אין מינסק, סמאָרגאָן, ווילנע און אַנדערע ערטער פונעם שפּעטערדיקן בונדישן ראַיאָן.[37]

שפּעטער, ווען קרעמער איז געקומען קיין שווייץ און האָט מיטגעטיילט טעומינען וועגן די פּרווון, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין ווילנע צו דרוקן יידישע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור, האָבן די סאָציאַל=דעמאָקראַטישע מיטגלידער פון דער גרופּע באַשלאָסן איבערגעבן זייער דרוקעריי אין רעשוס פונעם „בונד".

בוכהאָלץ, וועמען די „אַגענטור=יעדיעס" דערמאָנען, האָט בעעמעס פיל מיטגעהאָלפן באַם טראַנספּאָרטירן די אומלעגאַלע ליטעראַטור פון אויסלאַנד קיין רוסלאַנד. פאַר אַ „יידן" האָט

[37] אַגעוו, אין מינסק זיינען שוין דעמאָלט געווען אין אומגאַנג אומלעגאַלע העקטאָגראַפישע בראָשורן אין יידיש („די אַרבעטער=רעוואָליוציאָן" און אַנד.), און אויך אַ יידישער העקטאָגראַפישער אָרגאַן („אַרבעטער בלעטל", אַרויס באַ 7 נומערן).

אים אָבער געמאַכט נאָר דער אינפאָרמאַטאָר פון דער אָכראַנקע (עפשער מאַכמעס דעם, וואָס בוכהאָלצס פרוי איז געווען אַ ייִדישקע?) [38].

דאָס אַוועקשטעלן דעם טראַנספּאָרט פון דער ליטעראַטור האָט צוגעצויגן די ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט פון דער אָכראַנקע, און ניט אומזיסט שטעלן זיך „די אַגענטור-יעדיעס“ דערויף אַזוי אויספירלעך אָפּ:

„אַלע אומלעגאַלע אויסגאַבן סיי די אויסלענדישע, סיי די רוסישע פלעגן צוגעשיקט ווערן קיין מינסק און פלעגן נאָכדעם פון דאָרטן איבערטראַנספּאָרטירט ווערן אין אַנדערע שטעט“... „אין מאַרט 1898 איז פון דער שווייץ צוריקגעקומען קיין מינסק טעומין און האָט מיט זיך מיט-געבראַכט פון בערלין פון בוכהאָלצן אַ טראַנספּאָרט אומלעגאַלע ליטעראַטור, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר סאָלידער קוואַליטעט“... „צום 1 מאַי 1898 האָבן דעם בונדס דרוקע-רייען ניט געערוט ניט באַטאָג, ניט באַנאַכט. מע האָט צוגעגרייט 35.000 פּראָקלאַמאַציעס פונעם „בונד“ און אַ גוואַלדיקע צאָל בראָשורן... אין מינסק אַליין איז פאַנאַנדערגעוואָרפן געוואָרן 500 פּראָקלאַמאַציעס פונעם „בונד“, 800 אָרטיקע, אַ גוואַלדיקע צאָל בראָשורן „אַ כאָלעם ערעוו יאָנטעוו דעם 1 מאַי“ און עס זיינען פאַנאַנדערגעקלעפּט געוואָרן אַף אַלע ראָגן און לאַמ-טערן-סלופּעס די אַזוי גערופענע „פּאָדערונגען“ [39]... „די פּראָקלאַמאַציעס האָבן מיט זייער אומגעריכטקייט אויפגערעגט אַלע מויכעס. דער עפעקט האָט זיך באַקומען אַן אויסערגעוויינ-לעכער, האַגאַם ער האָט אַרויסגערופן אַ ביטערן טאַדל מיצאַד די ליבעראַלע ציאָניסטן... דער רעדאַקטאָר פון אַלע קימאַט אומלעגאַלע אויסגאַבן פאַר די פיר כאַדאָשים פון מאַרט ביז יולי איז געווען טעומין“...

* * *

מיר האָבן איבערגעגעבן אַלדאָס וויכטיקע, וואָס עס אַנטהאַלטן אין זיך די „אַגענטור-יעדיעס“. אַף די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אָט דעם דאָקומענט האָבן מיר שוין אָנ-געוויזן. די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג אינעם ייִדישן טכום איז פאַר דער אָכראַנקע געווען אַ האַרטער גוס, ניט איינצובייסן. דעם אינערלעכן מעהוס פון דער באַוועגונג האָבן די אויסשפּיר-אָרגאַנען, נאַטירלעך, ניט געקאָנט באַנעמען, און אין זייערע בקירעס, ווען איר קאָנקורירט דער שעקער מיט אַמעראַצעס, מיט גראָבן ניט וויסן „מאַי דקאמרי רעבעצן“. אָבער אַ געווויסע אינ-פאָרמאַציע האָבן די אויסשפּיר-אָרגאַנען פאַרמאָגט. עמעס, זי איז פול מיט גראָבע פעלערן און גרייזן (אַזוי, לעמאָשל, דערציילן די „אַגענטור-יעדיעס“, אַז דער 1-טער צוזאַמענפאָר פון דער רסדא“פּ איז פאָרגעקומען... זומער 1898. ווי באַוווסט, איז מאַרט ווייט פון זומער...).

דער דאָקומענט, וואָס זיין אינהאַלט האָבן מיר דאָ איבערגעגעבן, האַלט קעסיידער אין איין מישן און פאַרבייטן די יאָצרעס. אָבער מיר שטויסן זיך אין אים אָן אַף רעטאַלן, וועלכע זיינען אַדהייעם אין דער ספּעציעלער ליטעראַטור ניט דערמאָנט געוואָרן. די פאָרשונגס-אַרבעט אַפן געביט פון דערלערנען די פאַרגאַנגענהייט פון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג דאַרף אויסנוצן אויך אָט דעם מאַטעריאַל, ווי איינעם פון אירע קוואַלן, אָבער זיין דערביי זייער פאָר-זיכטיק און שטרענג קאָנטראָלירן איטלעכן פאַקט. דאָס איז אַפילע אַן עלעמענטאַרער קלאַל, ליידער אָבער איגנאָרירן אים אייניקע, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, און דעריבער האָבן מיר געהאַלטן פאַר נויטיק אַן איבעריק מאָל דאָס אונטערצושטרייכן.

[38] גענויער וועגן אים זע: מ. מ. ראָזענבאַום. ערינערונגען פון אַ סאָצ. רעוואָלוציאָנער. וואַרשע 1924. 1 באַנד, זייט 194—199.

[39] דער מעכאַבער פון די „יעדיעס“ גיט דאָ צו מיט האַרץ-קלעמעניש:... „און קרעסטינסקי (דער שעף פון דער מינסקער זשאַנדאַרמעריע—א. ל.) האָט בעיס מייסע געפילט זיך געמיטלעך (благоду-шествовал“) און האָט נאַיִוו געמיינט, אַז באַ אים איז אַלץ רוּיִק“...

מייער הער

# א. ליבערמאַן, פּ. אַקסעלראָד און ל. מאַרטאָוו וועגן דער „יידן-פראגע"

מיר פּרובירן דאָ איבערגעבן און דורכאַנאַליזירן ליבערמאַנס, אַקסעלראָדס און מאַרטאָווס אָנשויונגען וועגן דער ייִדן=פּראָבלעם.

ליבערמאַן, אַקסעלראָד, מאַרטאָוו סימבאָליזירן באַשטימטע קאַפּיטלעך געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ אין דער ייִדישער סוויווע: דער ערשטער באַצייכנט דעם דאָרניקן וועג פון ליבעראַליזם („האַסקאָלע") צום סאָציאַליזם („נאַראָדנימשעסטווא", „פּאָלקיזם"), דער צווייטער — דעם וועג פון „פּאָלקיזם" צום מאַרקסיזם, מאַרטאָוו ברענגט אַריין אין דער מאַרקסיסטישער ייִדישער אַרבעטער=באַוועגונג דעם נאַציאָנאַליזם, דעם כאַראַקטעריסטישן באַגלייטער פונעם רעפאָרמיזם.

אין די 70=ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט איז אַרן ליבערמאַן געווען איינער פון די ווייניקע, פאַר וועמען די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג האָט געהאַט אַ געוויסן זעלבשטענדיקן ווערט, און דערביי האָט ער זיך געפּרוווט אַוועקשטעלן די רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע גופא בעהעסקעם מיט זיין קוק אַף דער ייִדן=פּראָבלעם.

נאָך די פּאָגראָמען פונעם יאָר 1881, וועלכע האָבן באַ אַ גרויסן טייל ייִדישער יוגנט אַרויסגערופן נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען, איז פּ. אַקסעלראָד, אַף וויפל מיר ווייסן, געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך באַמיט אויסאַרבעטן אַ זעלבשטענדיקע סאָציאַליסטישע אופירונגליניע אין דער ייִדן=פראַגע.

צולעצט, אין די 90=ער יאָרן פון 19=טן יאָרהונדערט, צוויי יאָר פאַר דער אָפּיציעלער גרינדונג פון „בונד" און היפּש לאַנג פאַרן אַנטשטיין פון די אַנדערע ייִדישע נאַציאָנאַל=סאָציאַליסטישע גרופּירונגען, האָט ל. מאַרטאָוו דער ערשטער „באַגרינדעט" די נויטווענדיקייט פון אַ זעלבשטענדיקער ייִדישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, אַרויסגייענדיק דערביי פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַזאַ אָרגאַניזאַציע דאַרף געשאַפן ווערן טאַקע ספּעציעל מיטן ציל מיטצוהעלפן פאַרענטפערן די ייִדן=פראַגע אין רוסלאַנד.

אַרן ליבערמאַן, פּ. אַקסעלראָד, ל. מאַרטאָוו זיינען — איטלעכער אין דער צייט פון זיין טעטיקייט—אויסערסט=פאַרביקע פיגורן. זייער קוק אַף דער ייִדן־פראַגע דרינגט אַרויס פון זייער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער וועלטאָנשויונג, אָבער ער טראָגט אויך אַף זיך דעם שטעמפּל פון זייער אייגענער גייסטיקער אינדיווידואַליטעט. דער געהעריקער אַנאַליז פון זייערע אָנשויונגען אין דער ייִדן=פראַגע פאַרלאַנגט צו דיסקאָנטירן אָט דיביידע מאָמענטן — די אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע באַלייכטונג פון דער ייִדן=פראַגע און דאָס אייגנס, וואָס איטלעכער פון זיי האָט אַריינגעטראָגן באַם באַהאַנדלען די פראַגע. אין יעסאָד פון אונדזער אַרבעט לייגן מיר די וויכטיקסטע פּראָגראַמאַטישע דאָקומענטן, וואָס די דערמאָנטע סאָציאַליסטישע טוער האָבן איבערגעלאָזן: ליבערמאַנס „שאלת היהודים", אַקסעלראָדס „וועגן די אויפגאַבן פון דער ייִדישסאָציאַליסטישער אינטעליגענץ" און מאַרטאָווס „קערפּונקט אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער=באַוועגונג". צום אופדעקן דעם אידעיִש=פּאָליטישן אינהאַלט פון אָט די דאָקומענטן באַלייכטן מיר די אַלגעמיינע פּאָליטישע פיזיאָנאָמיע פון זייערע אַווטאָרן, די אַלגעמיינע אַטמאָספער, אין וועלכער זיי האָבן געאַרבעט און געווירקט. אַף וויפל מיר האָבן צו טאָן מיט ליטעראַרישע דאָקומענטן, זיינען מיר ערטערווייז געצוווּנגען אָנצוקומען צו ספּעציעלע ליטעראַר=היסטאָרישע באַמערקונגען, און מאַכמעס דערזעלבער סיבע באַקומט אַמאָל די בעצעם היסטאָרישע אָפּהאַנדלונג דעם כאַראַקטער פון סאָציאַל=פּסיכאָלאָגישע שטודיען.

ערשטער קאַפּיטל

# אַרן ליבערמאַן

## 1

אַרן ליבערמאַן האָט געאַרבעט און געווירקט אין די 70=ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין דער יִדישער סוויווע דאַרף צוגעפּאַסט ווערן צו די באַזונדערהייטן פון אָט דער סוויווע: אַ רייע — זיין בראָשור „Об организации Социально-Революционного Союза среди евреев России“ [1]. ער האָט געמאָן זייער פיל פאַר דער יִדישער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, אָבער זיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע טאַלענטן זיינען געווען גאַנץ שוואַכע און זיינע פאַרבינדונגען—גאַנץ קליינגע. פאַר אַ ברייטער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג צווישן יִדן זיינען ניט רייף געווען די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון זיין עפּאָכע, און זיינע אַזוי אויך באַשרענקטע מעגלעכקייטן האָט ליבערמאַן נאָך אַליין פאַרקלענערט, אויסקלייבנדיק פאַר דער שפּראַך פון זיין פּראָפּאַגאַנדע העברעיִש. אָט=די שפּראַך האָט זיכער געמוזט דערווייטערן פון זיין אונטערנעמונג דעם טייל יִדישע אינטעליגענץ, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער רוסישער שפּראַך, און האָט אויך ניט געקאָנט צוציען די יעבידים, וואָס האָבן שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון יִדיש (ווי די ברידער ליפּשיץ). די אָרגאַניזאַציאָנעלע דערפאָלגן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צווישן יִדן האָט ליבערמאַן פאַרהעלטענישמעסיק ווייניק מיטגעהאָלפן, און דער היסטאָריקער וועט זיך אָפּשטעלן מיט אַ באַזונדערער ליבע ניט אַזוי אויף זיין קורציאָריקער טעטיקייט, ווי אויף זיין ליטעראַרישער יערושע — אָט דעם בעסטן באַווייז פון די שווערִיקייטן, וואָס אים איז אויסגעקומען בייצוקומען, פון זיינע גרויסע פעִיקייטן, פון זיין אופריכטיקער איבערגעגעבנקייט דעם אַרבעטער=קלאַס.

## 2

ליבערמאַן איז געקומען צום סאָציאַליזם נאָכדעם, ווי ער האָט דורכגעמאַכט אַ געוויסע גייסטיקע עוואָלוציע: זיינע קינדער=יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין דער אַטמאָספער פון דער יִדישער פּאַטריאַרכאַלישקייט, זיין יוגנט איז פאַרבונדן מיט דער איינגאַרטיקער יִדישער קולטור=באַוועגונג פונעם פאַריקן יאָרהונדערט, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען „האַסקאָלע“ [2]. די לאַסט פון אָט=דער יערושע האָט ליבערמאַן געטראָגן אין מעשעך פון זיין גאַנצן לעבן. דער איניציאַטאָר פונעם „קרייזל פון יִדישע סאָציאַליסטן“ אין לאָנדאָן האָט נאָך געזוכט אַ העטער אויף טישעבעאָוו, און דער רעדאַקטאָר פונעם סאָציאַליסטישן „האמת“ האָט געשטעקט טיף אינעם אידייען-קרייז פון דער ליבעראַלער אופקלערונג.

---

[1] אָנגעשריבן אין יאָר 1876. איבערגעדרוקט אין Историко-Революционный сборник под ред. В. Невского. Ленинград 1924. Стр. 44-51.

[2] די האַסקאָלע איז דער יִדישער ליבעראַליזם, דער „פרייזין“ פון דער יִדישער בורזשואַזיע אין איר בעסטן — פּראָגרעסיוון — פעריאָד.

די האַסקאָלע איז אוניווערסאַליסטיש: ענציקלאָפּעדיסטיש איז ביכלאַל די אידייען=שאַפונג פון דער בורזשואַזיע אין איר רעוואָליוציאָנערן פעריאָד. אָבער אויב די אַלזייטיקייט פונעם יִדישן קולטור=קאַמף דריקט אויס דעם ברייטן פאַרמעסטן זיך פון דער בורזשואַזיע, דאַרף די ד י ל ע ט אַ נ ט י ש ק י י ט און מעשונעדיקע כאַאָטישקייט פון אָטאָ דעם ענציקלאָפּעדיזם צוגעשריבן ווערן דעם ק ל י י נ ב י ר ג ע ר ט ו ם. באַטלאָניש איז ניט אַזוי די האַסקאָלע, ווי איר „העברעיִשער“ שטראָם. די אומדיסציפּלינירטקייט פונעם אינטעלעקט, וואָס לאָזט זיך אַזוי גרויזאַם פילן אין דער העברעיִשער האַסקאָלע=ליטעראַטור, איז כאַראַקטעריסטיש נאָר פאַרן יִדישן לופט=מענטש און זיין „אָרים=באַכער“.

קעגן דעם יִדישן פּאַטריאַרכאַלן לעבנשטייגער, ווי קעגן אַ פאַרגליווערטער פאַרקערפּערונג פון מיטלאַלטער, וועלכע האָט אַנטהאַלטן אין זיך פאַרשימלטע רודימענטן פון נאָך פריערע היסטאָרישע תקופעס, איז געווענדעט געווען אי די טעאָריע, אי די פּראַקטיק פון דער האַסקאָלע. אָבער די פּראַקטיקער

ליבערמאַן איז געווען אייגנגעטונקט און אויסגעטונקט אין דער „יִדישקייט“, וואָס איז פאַרבונדן מיט העברעיִש. ער האָט שיר ניט דער ערשטער באַמערקט די פאָרקומענדיקע דיפערענצירונג צווישן דער יִדישער אינטעליגענץ און איז אַנטשיידן צוגעשטאַנען צום קליינבירגערלעכן, מער „יִדישלעכן“ (העברעיִסטישן) אונטערשיכט. אין זיין פּראָקלאַמאַציע „אל שלומי בחורי ישראל“ וואָרנט ער די יִדישע יוגנט פון דעם, וואָס עס צייכנט אויס די בורזשואַזע אינטעליגענץ, — פון קאַריעריזם. דעמאָלט און שפּעטער בויט ער זיינע האָפענונגען אַף די אידעאַליסטיש-געשטימטע און אָפּערוויליקע יעשיווע-באָכערים.

ליבערמאַן האָט געמעגט ביטמימעם מיינען, אַז ער גיט אָפּ די בכוירע דעם האַלב-אינטע-ליגענט בלויז מאַכמעם צוועקמעסיקייט, — ווייל אָט-דער האַלב-אינטעליגענט איז דער סאַמע פּאַסיקער קאַנדידאַט צום בילדן אַ קאַדער יִדישע פּראָפּאַגאַנדיסטן, — אינדערעמעסן האָט דאָ אין ליבערמאַנען גערעדט זיין סאָציאַלע נאָענטקייט צום קליינבירגערטום.

פּונקט אַזוי איז אויך ליבערמאַנס העברעיִזם אַ בוילעטער אויסדריק פון צובונד צו דער קולטור-וועלט פונעם יִדישן באַלאַבעסל, צום פאַרהייליקטן רעזערוואַר פון זיינע צווייפלהאַפטע קולטור-ווערטן. ערשט ניט לאַנג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן י. מ. ליפשיצעס אַ בריוו צו ליבערמאַנען, געשריבן אין יאָר 1877 [3]. ליבערמאַן האָט אויסגעהערט פון ליפשיצן שניידיקע, איבערצייגנדיקע טיינעם קעגן אויסנוצן העברעיִש, ווי אַ קלייזייען פון סאָציאַליסטישער פּראָ-פּאַגאַנדע — און איז געבליבן באַ זיינס... איצט מעג מען צווייפלען, צי האָבן בעעמעס בלויז די מאָטיוון פון צוועקמעסיקייט (זאָל זיין אַפילע פאַלש פאַרשטאַנענער) געטריבן ליבערמאַנען אויסקלייבן דאַפקע העברעיִש פאַר דער שפּראַך פון זיין זשורנאַל. טיפע אטאַוויסטישע גע-פילן האָבן זיך דאָ אַנטפּלעקט, — דאָס ערגסטע פון דער האַסקאָלע, דער פעטישיזם פון „דער שיינער אוניקום-שפּראַך“...

די האַסקאָלע אין איר סאַמע „יִדישלעכן“ העברעיִשן לע-וווש איז ליבערמאַנס גייסטיק פאָטערלאַנד, און נאָר אינעם סאָציאַלן מעהוס פון דער האַסקאָלע קאָנען מיר געפינען אַ דערקלערונג פאַר פילע שטריכן פון ליבערמאַנס גייסטיקער פיזיאָגנאָמיע.

ליבערמאַן שטייט מיט ביידע פיס אין דער האַסקאָלע-וועלט.

פון דער האַסקאָלע-וועלט קומט עס צו ליבערמאַנען די איבערגעטריבענע אַרבעט איבער דער שפּראַך, דאָס צערטלען דאָס וואָרט, — דער אייגנאַרטיקער פּוריזם.

---

זיינען געווען די דירעקטע פאַרשטייער פון קאַפּיטאַל (דער אַקציזניק, דער ליפעראַנט, דער „פּאָדריאַטשיק“ א. אַז. וו.), און די אידעאָלאָגן און טעאָרעטיקער פון דער האסקאָלע האָבן געשטאַמט ניט פונעם פינאַנ-ציעלן, נאָר פון לאַמדישן יִכעס, — פון דער מעשונעדיקער יִדישער „בורסע“, פון די יעשיווע-באָכערים.

העברעיִש איז קיינמאָל און אין קיין פאַל ניט געווען די שפּראַך פון יִדישן קאַפּיטאַל: די לאַגע און שטעלונג פון דער יִדישער בורזשואַזיע איז אזאַ, אַז אירע סאָציאַלע און פּאָליטישע פאַרלאַנגען מוזן קומען צום אויסדרוק אין דער לאַנדשפּראַך. העברעיִש איז געווען נאָר די קולטור-שפּראַך פון דעם — לויט זיין פאַרמעגן-לאַגע גאָר שאָפלדיקן — יִדישן קלער און פון דער לאָמדישער באָהעמע, פון די קלייקוידעש און די יעשיווע-באָכערים.

אין דער אופקומענדיקער יִדישער אינטעליגענץ האָבן זיך גאַנץ פרי אָנגעמערקט צוויי שיִכטן: די קוואַליפיצירטע דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ, אין אַ היפּשער מאָס אַ בורזשואַזע אַפילע לויט איר אָפּשטאַמונג, האָט זיך קנאַפּ וואָס אָפּגעגעבן מיט די אינערלעכע יִדישע קולטור-מאַכלויקעסן; די האַלב-אינטעליגענץ האָט פאָרגעזעצט דעם קאַמף מיט דער אַלטפרענקישקייט אַף לאָשן-קוידעש, שטייענדיק אָפּט אַליין אַפן באָדן פון דערזעלביקער אַלטפרענקישקייט.

אַ קאַפּיטל פאַר זיך בילדעט די טעטיקייט פון די שריפטשטעלער פון דער „האסקאָלע“-עפּאָכע, וואָס איז פאַרבונדן מיט יִדיש (מענדעלע, די ברידער ליפשיץ). פון איר ציען זיך פיל פעדים צום „פאָלקיזם“.

[3] זע „היינט“, יובליי-בוך. וואַרשע 1928. זייט 195. מ. בערקאָוויטש „צוריק מיט 50 יאָר (אַרן ליבערמאַן אין זיין „האמת“)“.

די מאַניר פון דענקען און שרייבן איז באַ ליבערמאַנען דיזעלביקע, ווי באַ אַ דורכשניטלעכן מאַסקיל אַן אווטאָדידאַקט. אַ מאָדנע פּאַרערונג פון דער פאָרמעלער, שול־לאָגיק...

בייגעקומען די האַסקאָלע איז ליבערמאַן נאָר *פּאָליטיש*, — אַף וויפל ער איז אַריבער פונעם ליבעראַליזם צום סאָציאַליזם.

3

ליבערמאַנס קאָרעספּאָנדענציעס אין לאַווראָווס „Вперед“[4] ווייזן אַרויס אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר די אינערלעכע פאַרהעלטענישן אינעם ליטוויש־יִדישן שטעטל. די עצעם באַשרייבונג פונעם לעבן אין זאַמוטער שטעטל איז נאָך היינט פול אינטערעס, ווי אַ שטיינערבילד. מיר מערקן אין איר עפּעס מער, איידער די אַבסטראַקטע „ליבע צום פאָלק“, וועלכע מע קאָן באַמראַכטן פאַר אַ קלאַל־אייגנטום באַ די סטאַם־סאָציאַליסטן אין די 70־ער יאָרן: אינעם, דאַכט זיך, אמאָרפן יִדישן שטעטל זעט ער ניט בלויז קאַפּצאַנסק, ער זעט דאָרט איין אַ *סאָציאַלע דיפערענציאַציע*, אַפילע אַ סאָציאַלע *היעראַרכיע*.

מערקווערטיק איז אויך דאָס, וואָס ל. גיט זיך קימאַט גאָרניט אָפּ מיטן *פּויערטום* (לעהייפּעך צום גרעסטן טייל פון זיינע צייט־כאַווירים). דער אָביעקט פון זיין פּראָפּאַגאַנדיסטישער אופוירקונג איז אומעטום און איבעראַל דער *אַרבעטער*.

די יעדיִעס, וועלכע ליבערמאַן גיט איבער וועגן די יִדישע טאַבאַק־אַרבעטער, זיינען עפּשער ביקלאַל די ערשטע מיטיילונג וועגן זיי. און דאָ זעען מיר ווידער אַ מאָל ניט קיין סטאַם וויי־געשריי קעגן דער עקספּלואַטאַציע, נאָר אַן אופמערקזאַמע באַשרייבונג פון די אַרבעטער און זייערע אַרויסטרעטונגען. ל—ס *אָביעקטיוויטעט*, זיין נייגונג צו זוכן אַ סאָציאַלן אַנאַליז דאָרטן, וו אַן אַנדערער בען־דאָר זיינער וואָלט זיך באַנוגנט מיטן פּראָטעסט־געפיל, לאָזט זיך ניט צונויפּאָרן מיט אונדזער באַגריף וועגן אַ „נאַראָדניק“ ביקלאַל און וועגן אַ „נאַראָדניק“ פון די 70־ער יאָרן ביפראַט.

איך וואָלט זאָגן, אַז דאָס פאָלגנדיקע אָרט אינעם אַרטיקל „שאלת היהודים“, וועגן וועלכן אונדז וועט נאָך אויסקומען צו ריידן שפּעטער באַריכעס, וואַרפט אַ נאָך העלערן שיין אַף דער פראַגע וועגן ליבערמאַנס וועלטאָנשויאונג: „די קעשענע־פראַגע אָדער די עקאָנאָמישע פראַגע איז בעעצעם דער איינציקער פאַקטאָר פונעם גאַנצן לעבנס־פּראָצעס אין יעדן אָרט און צייט, מערניט וואָס זי נעמט אָן אַן אַנדער פאָרמע נאָך דער מאַדריינע פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג אין געגעבענעם אָרט און צייט“... אַנטוויקלענדיק ווייטער דעמזעלביקן געדאַנק, באַהויפּטעט ליבערמאַן, אַז דער ראַסן־האַס, די רעליגיעזע סינע און די נאַציאָנאַלע פיינטשאַפט זיינען אַלץ אַנטפּלעקונג־פאָרמען פון דער איינענער פראַגע.

מיילע, ליבערמאַנס טעזיס פאַלט ניט צונויף מיט דער דעפיניציע פונעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, וועלכע עס גיט אַ מאָדערנער לערנבוך פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, און דער אויסדריק „די קעשענע־פראַגע *אָדער* די עקאָנאָמישע פראַגע“ איז אַוואַדע ווייט פון וויסנשאַפטלעכער מאַרקסיסטישער גענויקייט. קיין צופעליקער איז אָבער אָט־דער טעזיס נעוויס ניט.

*דאָס אָביעקטיוויסטישע אין ליבערמאַנס שרייבן, דאָס פּאָזיטיוויסטישע אין זיינע באַהויפּטונגען דערנענטערט ליבערמאַנס אָנשויונגען צום מאַרקסיזם.*

---

[4] די ווייטערדיקע באַהויפּטונגען בלייבן ריכטיק אַפילע ווען די אָנגעהעריקייט פון די קאָרעספּאָנדענציעס צו ליבערמאַנען זאָל אָפּגעפרעגט ווערן. די קאָרעספּאָנדענציעס שטאַמען יעדנפאַלס פון די מיטגלידער פון ווילנער קרייזל, ל—אַנס נאָענטע כאַווירים, און איבערגעגעבן זיי דער רעדאַקציע פון „Вперед“ האָט ליבערמאַן. פאַרשטייט זיך, אַז ער טראָגט אויך די אַכרייעס פאַר זיי.

4

די „ייִדן-פראַגע“ פלייסט זיך ליבערמאַן פאַרענטפערן, ווי אַ סאָציאַליסט. אָבער הגיוים ווי ער איז אַ סאָציאַליסט מיט אַ נאָך גיט קיין אויסגעלעבטער מאַסקילישער פאַרגאַנגענהייט, באַקומט זיך זיין קאָנצעפּציע אויך גיט גאָר קיין אויסגעהאַלטענע: דאָס אָביעקטיוויסטישע אינעם פראַט פון מעטאָד, דאָס אָביעקטיווע אינעם איבערגעבן די פאַקטישע זייט פון דער פראַגע געהערט דעם סאָציאַליסט, די גאַוווע וכקירעס און פרומע אייצעס—דעם מאַסקיל. דעם מאַסקיל געהערט אויך די קאַוואָנע פונעם לייטאַרטיקל אין „האמת“, וועלכן מיר לייגן אין יעסאָד פון באַהאַנדלען ליבערמאַנס קאָנצעפּציע. אָט-די קאַוואָנע איז ניט אויפקלערונג, ניט סאָציאַלער אַנאַליז, נאָר „דע מה שתשיב“. דער אַרטיקל איז געווענדעט „כלפּי חוץ“. ס'איז אַ פּאָלעמישער אַרטיקל קעגן דער „Новое Время“, אַן אַרטיקל פון דעם מין, וואָס איז געווען אַ מוז פאַרן שפּעטערדיקן „Восход“. פון די „וואָסכאָדישע“ אַרטיקלען צייכנט אים אויס — אַכוץ זיין שפּראַך — נאָר דער מער ווירדיקער טאָן און דער פרווו פון מעטאָדאָלאָגיש-אָביעקטיוון שטעלן די פראַגע.

די עצעם קאָנצעפּציע איז ביז גאָר פּאָשעט.

די ייִדן-פראַגע „ווי עפּעס אַזוינס וואָס שטייט אויסער דער סאָציאַלער פראַגע ביקלאַל“, האָט נאָך קיין אָרט ניט אין די מיזרעך-לענדער, ווייל די ווילדע פעלקער איז נאָך גיט איינגעפאַלן אין זינען „צו רעכענען פאַר אַ מענטשן דעם, וואָס ס'איז ניט פון זייער שטאַם אָדער פון זייער רעליגיע“. „ווידער איז אָט-די פראַגע שוין לאַנג אַרויס פון זינען אין אַלע לענדער פון אַמעריקע און מיירעוו-אייראָפּע, ווייל דאָרטן האָט מען שוין אויפגעהערט צו רעכענען זיך מיט דער אָפּשטאַמונג אָדער מיט דער עמונע“. אויפגעקומען איז די ייִדן-פראַגע „נאָר אין די לענדער אַפּן גרענעץ פון מיזרעך און מיירעוו, ווו ס'וווינען די סלאַווישע שטאַמען“. „וואָס מער די ייִדן קלאַפּן אין די טירן פון דער עמאַנציפּאַציע“, אַלץ גרעסער ווערן די כלוקעדייעס וועגן דער ייִדן-פראַגע און אַלץ שטאַרקער ווערט „דער פּעדער- און וואָרט-קריג צווישן די ייִדן און זייערע פאַרטיידיקער פון איין זייט און צווישן זייערע סאָנים פון דער אַנדערער זייט“. די צייטונגען און די טרייבער „פון יענער הייליקער מאַכנע, וואָס קאָן פון צופיל „גערעכטיקייט“ ניט צוזעען קיין אַוולע באַ ייִדן“, באַווייזן, אַז „ווו נאָר דער „זשיד“ באַווייזט זיך, דאָרטן ווערט דער פּויער פאַראָרעמט, דער באַלמעלאָכע ווערט אָן זיין פּאַרנאָסע, די אינדוסטריע זינקט און די ייִדישע סאָכרים שטויסן אַרויס די סאָכרים פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג; דעם ייִדנס שענק אין דאָרף פרעסט אויף דעם פּויערס מי... און די פּויערים קענען ניט באַצאָלן דעם ייִדן דאָס, וואָס ער מאָנט באַ זיי, אַפילע מיט דער גערעטעניש פון עטלעכע יאָר“. די ייִדן פאַרטיידיקן זיך, מיען זיך אָפּצושלאָגן די טייגעס פון זייערע קעגנער אָדער צו פאַרדעקן די פעלערן פון זייערע ברידער, ווו נאָר זיי קענען, „מאַכמעס כילעלאשעם“. „ביידע צדאָדים זיינען גלייך גערעכט אין די פּראָטים און אומגערעכט ביקלאַל“, ווייל ביידע שטיצן זיך אַף סאָפיזמען qui pro quo. די עמעסע סיבע פונעם ייִדן-האָס איז די קאָנקורענץ. „ניט יענע לייט דאַרפן שרייען אַפּן ייִדן, וואָס ער איז אַ „זשיד“, ווייל זיי שטרעבן אויך צו זיין „זשידעס“ און צו צושאַרן צו זיך דעם רויב, וואָס די ייִדישע זשידעס האָבן“. די עקספּלואַטאַטאָרן צווישן ייִדן וועלן פאַרשווינדן ערשט דעמאָלט, ווען עס וועט פאַרשווינדן די עקספּלואַטאַציע אין דער גאַנצער וועלט . איבעריקנס, טראָגט דער קלאַל ייִדן איבערהויפּט ניט קיין אַכרייעס פאַר ייִדן עקספּלואַטאָרן. „די אָרדענונג פון דער גאַנצער וועלט האָט פאַנאַנדערגעשטעלט די מענטשן אַף פאַרשיידענע שטאַפּלען פונעם סאָציאַלן לייטער, און איטלעכער פירט כאַוורוסע נאָר מיט זיין גלייכן, פון וואָסער אַ פאָלק זיי זאָלן ניט זיין, און ניט מיט די מענטשן פון זיין פאָלק, וועלכע זיינען ניט מיט אים אין איין (סאָציאַלער — מ. ה.) מעכיצע“. „און די סאָכרים צי די איגטעלינגעטן אָדער די באַלמעלאָכעס פון פאַרשיידענע פעלקער אין אייראָפּע און אין אַמעריקע זיינען נעענטער איינער דעם אַנדערן פיל מער, איידער צוויי שכיינים פון איין פאָלק, וועלכע שטייען אַף פאַרשיידענע סאָציאַלע שטופן“. וויל מען בעעמעס „אויפשטעלן די גערעכטיקייט אָן גאַציאָ-

נאָלן האָט, ניט שאַנעווענדיק קיין „זשיד“ נאָך זיין אָפּשטאַמונג“, מוז מען באַקעמפן און פאַרמיליקן די עקספּלואַטאַציע ביקלאַל. „דעמאָלט וועט פאַרענטפערט ווערן די יִדן⸗פראַגע אַף אייביק, דעמאָלט וועט די יִדן⸗פראַגע דערטרונקען ווערן אין דער פראַגע וועגן דער גאַנצער מענטשהייט“...

ליבערמאַנס מיינונג איז דאָ איבערגעגעבן געוואָרן, ווי ווייט מעגלעך, מיט זיינע אייגענע ווערטער. מע מוז נעמען אין אַכט, אַז גאָר פריי אין זיין אַרויסזאָגן זיך איז ליבערמאַן ניט געווען. דער רעדאַקטאָר פון „האמת“ האָט דורכויס געוואָלט, אַז זיין זשורנאַל זאָל זיך פאַרשפּרייטן אין רוסלאַנד, און די מוירע פאַרן צענזאָר האָט אָפטמאָל דיקטירט ניט בלויז דעם אויפן פון אויסדריקן זיך, נאָר אַפילע דאָס אויסוויילן דעם צי יענעם אויסדריק[5]. אָבער אין ליבערמאַנס אויפן אַוועקשטעלן און פאַרענטפערן די יִדן⸗פראַגע לאָזט זיך אָן אַן ערעך מער פילן נאָך אַן אַנדער פאַקטאָר: דאָס, וואָס ל. פאַרענטפערט די פראַגע ניט פאַר זיך, נאָר „פאַר דער וועלט“, וואָס ער וויל פאַרענטפערן ניט די נאַטירלעכע און אופריכטיקע פראַגן און ספּייקעס פון זיינע לעזער, נאָר די בייזוויליקע טיינעס פון די שרייבער פון אַ „Новое Время“. פון דאַנען נעמט זיך דער מאָראַליזירנדיקער טאָן, דאָס קעגנשטעלן „רשעים“ — „צדיקים“ א. א. וו., וואָס פאַרטונקלט די פראַגע, אָנשטאָט אופצוקלערן זי. דעם לעזער פון „האמת“ האָט מען זיכער ניט באַדאַרפט דערווייזן, אַז יִדן פאַרמאָגן ניט ניט קיין אָרטיקן, ניט קיין אַלוועלטלעכן „קאַהאַל“...

ליבערמאַן האָט, אַפּאָנים, אַליין געפילט, אַז אויב ער איז מיט זיין ענטפער פולקום יויצע קעגן די „צאַדיקים“ פונעם אַנטיסעמיטישן לאַגער, איז ער אָבער גאָר און גאָר ניט יויצע פאַר זיין אייגענעם אינטעלעקטועלן געווויסן. פאַר די „צוררי היהודים“ קאָן גילטן אַזאַ ענטפער: „איר האָט ניט קיין רעכט צו מאַכן קוילעס קעגן אונדזערע עקספּלואַטאַטאָרן. באַ אייך איז דער מין אויך פאַראַן איבערגענוג. און ווידער זיינען מיר, ווי אַ קלאַל, פונקט אַזוי ווייניק פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אונדזערע „רשעים“, ווי איר פאַר אייערע“. זיך האָט אַזאַ ענטפער בעשום אויפן ניט געקאָנט צופרידנשטעלן. ניט האַפּקע די יודאָפּאָבן, וואָס „די קאָנקורענץ רעדט פון זייער האַלדז“, נאָר די פאַרשקלאַפטע מאַסן פון אַנדערע פעלקער מעגן אָן שום פניעס פרעגן: פאַרוואָס איז באַ די יִדן אַזוי גרויס דער ספּעציפישער געוויכט פונעם האַנדל, פון דער פאַראַזיטאַרישער פאַרמיטלעריי? די ראָליע פונעם יִדישן קרעמער (אָדער שענקער) אינעם רוסישן (ליטווישן, פּוילישן) דאָרף איז דאָך לעכאָלאַדייעס ניט קיין פיינע, און זאָל זיין, אַז די פראַגע וועגן מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער גאַנצער יִדישער באַפעלקערונג פאַר די מייסים פון דעם צי יענעם בלוטזויגער קאָן אופהויבן נאָר אַן אַנטיסעמיט, — די סיבעס פון אַזאַ דערשיינונג, ווי די געוואַלטיקע צאָל יִדישע הענדלער און פאַרמיטלער, דאַרף מען זוכן, און דעם אויסוועג פון אַזאַ לאַגע מוז מען געפינען. און פאַרקערעווענדיק אָן אַ זייט פון זיין גאַנצן געדאַנקען⸗גאַנג, וואָס איז אינגאַנצן געווענדעט נאָך אויסן, ווייזט ליבערמאַן אָן אַזאַ אויסוועג — אַ פּאָזיטיוון, „ביז וואַנען פילע וועלן געלייטערט ווערן“.

„...צום אַלעם ערשטן איז אונדזער פליכט אַכטונג געבן אַף די יוגנטלעכע, זיי זאָלן ווערן מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט פּראָדוקטיווער — פיזישער אָדער אינטעלעקטועלער — אַרבעט, און ניט קיין באַטלאָנים אָדער עקספּלואַטאַטאָרן. מיר מוזן פאַרגרעסערן באַ אונדז די צאָל מענטשן, וואָס ברענגען אַ קאָנקרעטן נוצן דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן ביקלאַל און לאַנד, ווו מיר וווינען, ביפראַט, און אונדזער אַלעמענס כוייוו איז דערנענטערן זיך און באַהעפטן זיך מיט די פעלקער פון די לענדער, ווו מיר וווינען, און ווערן מיט זיי ברידער. איטלעכער פון אונדז דאַרף צושטיין צו יעדן מענטשן פון זיין גלייכן און זיין שטאַנד, אָן אונטער⸗

---

[5] אין אָריגינאַל שטייט: „ועוד מועדים. לא יתמו הרשעים מקרב היהודים, כאשר לא יתמו חטאים מן העמים כלם, עדי יתבררו ויתלבנו ויצרפו רבים“. ליבערמאַן ווענדעט דאָ אָן די עסכאַטאָלאָגישע מאַגיר. די ווערטער, וועלכע מיר האָבן דאָ אונטערגעשטריכט, דערמאָנען בעפיירעש דאַניעלן; די צייט, ווען „פילע וועלן געלייטערט ווערן“, איז די סאָציאַליסטישע אָרדענונג...

שייד פון פאָלק און רעליגיע, און דעמאָלט װעלן מיר קאָנען ענטפערן: „מיר, ייִדן, האָבן ניט קיין שום קולטור, װאָס אונטערשיידט זיך פון דער קולטור פון די פעלקער, צװישן װעלכע מיר װױנען“...

דער גענעזיס פון דער ייִדן־פראַגע װערט דאָ דירעקט ניט אָנגעװיזן, נאָר נאָך דער גענע־בענער רעפּוע קאָן מען זיך אָנשטויסן אָן דער מאַקע. אויב די אופגאַבע באַשטייט אין פאַר־גרעסערן די צאָל מענטשן, „װאָס פאַרנעמען זיך מיט פּראָדוקטיװער אַרבעט“, הייסט עס, אַז דער אומגליק שטעקט אין דער צו גרויסער צאָל אומפּראָדוקטיװע עלעמענטן — „באַטלאָנים“־לײדיקגײער אָדער עקספּלואַטאַטאָרן־פּאַרמיטלער. פאַר דער פּראַקטישער פּאָליטיק אינעװייניק אין דער ייִדישער באַפעלקערונג װערן דאָ אַרויסגערוקט צװײ אופגאַבן: 1) פּראָדוקטיװיזירונג און 2) דערנענטערונג „צו די פעלקער פון די לענדער, אין װעלכע מיר װױנען“. נאָכן דורכפירן אָט די צװײ אופגאַבן „װעלן מיר קאָנען ענטפערן“, אַז „מיר ייִדן האָבן ניט קיין ספּעציפישע קולטור“...

ליבערמאַן — דער מאַסקיל בלײבט געטריי זיך: אַפילו דאָ, באַם אָנמערקן די פּראָגראַם פאַר אַרבעט אינעװייניק אין די ייִדישע מאַסן, האָט ער אין זינען מער דעם „למה יאמרו“, אײדער די אָביעקטיװע לאַגע. דער שװאַרצער מײע ענטפערט ער װי אַ סאָציאַליסט: „די ייִדישע עקספּלואַטאַציע װעט באַטל װערן צוזאַמען מיט דער עקספּלואַטאַציע ביקלאַל“, און די פּראָ־גראַם פון פּראַקטישער פּאָליטיק בױט ער װי אַ מאַסקיל. „אימלעכער פון אונדז דאַרף צושטײן צו זײן גלײכן און צו זײן שטאַנד“ — דאָס איז, פאַרשטײט זיך, אַ מאַסקילס פּראָגראַם, און דערצו נאָך אַ גאַנץ נאַיװע. ניט באַ די אַנטיסעמיטן אַלײן „רעדט די קאָנקורענץ פון האָלדז“, — דיזעלביקע קאָנקורענץ, די עקאָנאָמישע לאַגע באַװעגט דעם ייִדישן מיטלשטאַנד, אַ היפּשן טײל ייִדישן קלײנביר־געמום ניט „באַהעפטן זיך מיט די פעלקער פון די לענדער, װו מיר װױנען“, נאָר, פאַרקערט, קולטיװירן אַ װילדן ייִדישן שאָװיניזם, אַזאַ האָס צום „גוי“, װאָס איז ניט אַף אַ האָר בעסער פאַרן אַנטיסעמיטיזם.

דער אױספיר ליבערמאַנס איז דאָ אויך אַן עכט־מאַסקילישער. אויב דערקלערן, אַז „מיר, ייִדן, האָבן ניט קיין ספּעציפישע קולטור“, קאָן מען ערשט נאָכן דורכפירן די פּראָדוקטיװיזירונג און דאָס באַהעפטן זיך מיטן אַרום, — מוז מען זאָגן, אַז דאָס ספּעציפישע אין דער ייִדישער קולטור צײט איר יעניקע פון די דעפעקטן פון דער ייִדישער עקאָנאָמיק און באַשטײט אין אָפּ־געזונדערטקייט פון דער אַרומיקער װעלט; דאָס צוציען די ייִדישע מאַסן צו נוצלעכער אַרבעט באַזײטיקט די אַנאָמאַליעס אינעם ייִדישן װירטשאַפטלעכן לעבן און ליקװידירט אי דעם ייִדישן סעפּאַראַטיזם, אי די ייִדישע קולטור.

ליבערמאַן שטעלט די ייִדן־פראַגע, װי אַ רײן פּאָליטישע, װי אַ פראַגע פון עמאַנ־ציפּאַציע, אָבער זײן פּראַקטישע פּראָגראַם איז אַ פּראָגראַם פון עקאָנאָמישער און קולטורעלער אַרבעט. װי אַ מאַסקיל—פאַרבינדט ער געװיסע האָפענונגען מיט אַלעקסאַנדער דעם 2־טן [6]. אָט דעם קײסערס „גרויסע רעפאָרמען“ זײנען געװען גינסטיק פאַרן ייִדישן קאַפּי־טאַל, און די אַדמיניסטראַטיװע פּראַקטיק פון זײן רעגירונג איז געװען פאַרהעלטענישמעסיק טאָלעראַנט צו די פאַרמעגלעכע עלעמענטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג,—פּאָלעמיזירט ער, װײסט ער צו דערצײלן װעגן אַ סאָציאַלער דיפערענצירונג באַ ייִדן; בױט ער אַ פּאָזיטיװע פּראָגראַם, אָריענטירט ער זיך אַפן סטאָט־ייִדן („אימלעכער פון אונדז דאַרף צושטײן צו זײן גלײכן און זײן שטאַנד“)...

* * *

אַזוי האָט געשטעלט די ייִדן־פראַגע אַ סאָציאַליסט מיט אַ מאַסקילישן אונטערשלאַק — פאַרן יאָר 1881.

---

[6] זע „האמת“ נומער 1, דעם אַרטיקל „שאלת היהודים“:
„װאָס נענטער ס'װערט די צײט פון גלײכבאַרעכטיקן די ייִדן... װאָס מער די רעגירונג װערט צו זײ אויך פרײנטלעכער און אופמערקזאַמער“...

צווייטער קאַפּיטל

# פּ. אַקסעלראָד

## 1. די יִדן־פֿראַגע און פּ. אַקסעלראָדס פּאָליטישע זעלבסטבאַשטימונג

צווישן דער רוסלענדישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, וואָס איז אַרויסגעטראָטן אַף דער געזעלשאַפֿטלעכער אַרענע אין די 70־ער יאָרן פֿון פֿאָריקן יאָרהונדערט, איז פּ. אַקסעלראָד געווען איינער פֿון די פֿלעבייען, און צווישן די דעמאָלטיקע יִדישע רעוואָלוציאָנערן איז ער געווען אַן עמעס־האַמוינישע פֿיגור.

אַקסעלראָד איז אויך געווען אַ מאַסקיל. אָבער ווי ווייט איז ער פֿון די קלאַסישע מאַסקילים־טיפּן! זיין מאַמע־לאָשן און די אומגאַנג־שפּראַך פֿון זיינע עלטערן איז יִדיש. דערצויגן האָט אים ניט די העברעִישע האַסקאָלע־ליטעראַטור, נאָר די יִדישע עלעמענטאַר־שול און די רוסישע פּראָווינציעלע גימנאַזיע. קיין שום אינערלעכע יעסורים באַם אָוועקגיין פֿון דער יִדישער אַלטפֿרענקישקייט האָט ער ניט באַדאַרפֿט אויסשטיין: די יִדישע קולטור־טראַדיציע איז אים געווען אַזוי גוט ווי פֿרעמד. און ווען ער איז אַריבערגעגאַנגען צו רוסיש, איז אַפֿילע אָט־דער אַריבערגאַנג באַ אים פֿאָרגעקומען עפּעס ניט אַזוי, ווי באַ די באַלעבאַטישע קינדער. באַ די לעצטע האָט עס געהייסן איבערגיין פֿון אַן אָפּגעשטאַנענער פּאַטריאַרכאַליש־מיטלאַלטערלעכער קולטור־וועלט צו אַ מאָדערנער, אייראָפּעִישער, אָבער אין דערזעלביקער צייט אויך איבערגיין פֿון אַ געזעלשאַפֿטלעך־נידערגעשטעלטער גייסטיקער וועלט צו אַ מעלוכישער קולטור; באַ אַקסעלראָדן — פֿון פּולער קולטורלאָזיקייט צו בילדונג און וויסן.

אַקסעלראָד איז עפּעשער דער סאַמע אַקטיווסטער צווישן די מאַסקילים. זיינע גימנאַזיע־יאָרן גייען דורך אין הוילן „באַקערן“ די מאָהילעווער יונגנט צו דער האַסקאָלע, אָבער ער פּראָפּאַגאַנדירט ניט קיין אָנשווינגען, קיין טעאָריעס, ער „פֿירט ניט אַראָפּ פֿון וועג“, ער קעמפֿט ניט מיט די „מורדי אור“, — ער מיט זיך נאָר מיט אַלע מיטלען צו פֿאַרשפּרייטן פּאָזיטיווע קענטעניש: די רוסישע שפּראַך, רעשבן א. א. וו.

די ערשטע ליטעראַרישע אַרויסטרעטונג אַקסעלראָדס אין יאָר 1870 איז פֿאַרבונדן מיט זיין אַריינמישן זיך אינעם אינערלעכן קאַמף, וואָס איז דעמאָלט פֿאָרגעקומען אין דער שקלאָווער קעהילע, — אינעם קאַמף פֿון די באַלמעלאָכעס קעגן די „פּניי“. דער קאַמף אין די ראַמען פֿון דער דעמאָלטיקער קעהילע האָט ניט געהאַט קיין פּערספּעקטיוו און האָט פֿאַרמאָגט אַ ביז גאָר קנאַפּן סאָציאַלן אינהאַלט, אָבער ער איז העכסט כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַזאַ האַמוינישן מאַסקיל, ווי אַקסעלראָד.

ערעוו זיין אָנקומען אין אוניווערסיטעט, באַשטימענדיק זיין אייגענעם ווייטערדיקן גורל, שטעלט זיך אַקסעלראָד די פֿראַגע:

„גרייטן זיך צו דער טעטיקייט ספּעציעל לעטויוועס דעם יִדישן פֿאָלק, אויסצוואָרצלען אין אים אַלע פֿאָרורטיילן, בילדן די ברייטע מאַסן, באַזייטיקן זייער קלעגלעכע לאַגע און גלייכבאַרעכטיקן זיי מיט דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג פֿון רוסלאַנד אָדער אָפּגעבן זיך דער אַרבעט לעטויוועס דעם גאַנצן רוסישן פֿאָלק“? [7].

די פֿראַגע איז פֿאָרמולירט ווייט ניט גלאַט („אַלע פֿאָרורטיילן“, „לעטויוועס דעם יִדישן פֿאָלק ...אָדער — לעטויוועס דעם גאַנצן רוסישן פֿאָלק“), אָבער זי האָט שטאַרק שוין, אַפּאָנים, פֿון דער אַלגעמיינער שווערוואָגיקייט פֿון אַקסעלראָדס שרייב־מאַניר.

אַף וויפֿל אַקסעלראָד האָט פֿאַר זיך ניט געזען קיין אַנדער ציל, אַכוץ קולטורטרעגעריי, האָט ער אויך די פֿראַגע געשטעלט, ווי אַ ליבעראַל אַ מאַסקיל: וואָסער סוויווע דאַרף מען זיך אויסקלייבן. וויבאַלד ער איז געקומען צום סאָציאַליזם, צו דער

---

[7] П. Б. Аксельрод. Пережитое и передуманное. Кн. 1. Изд. Гржебина. Берлин, 1923. стр. 69—70.

אידיי וועגן פּאָליטישער איבערקערעניש אין לאַנד, איז די פראַגע אַזוי, ווי זי איז געשטעלט געוואָרן פריער, בעמיילע באַטל געוואָרן.

צום סאָציאַליזם איז אַקסלראָד געקומען דורך לאַסאַלן, דורך די ענטוזיאַסטישע הערעס לאַסאַלס. וועגן דעם פּראָלעטאַריאַט האָט ער דעמאָלט געהאַט אַ גאַנץ פּרימיטיווע פאָרשטעלונג: נים וועגן לוין-אַרבעטער, נאָר וועגן באַזיצלאָזע, אָרעמע מענטשן האָט ער געטראַכט, לייענענ-דיק לאַסאַלס באַהויפּטונג, אַז דער פערטער שטאַנד איז „דער פעלז, אויף וועלכן עס שטיצט זיך דער צוקונפטס-טעמפּל". און דער סאָציאַליזם גופא פונעם דעמאָלטיקן אַקסלראָדן — אַ געמיש פון מאַסקילישע-ליבעראַלער קולטורטרעגעריי, פון שלעכט פאַרדייטן לאַסאַל און אַבסטראַקט-רעוואָלוציאָנערע אימפּולסן, פאַרשטאַרקטע דורך לייענען קאַרל גוצקאָוון — אַט דער סאָציאַ-ליזם איז נאָך אויך געווען גענוג פּרימיטיוו, אָבער אַט דער יוגנטלעכער סאָציאַליזם האָט שוין געקאָנט באַשטימען אַקסלראָדס לעבנס-וועג. דער סאָציאַליזם האָט אַראָפּגענומען די אַלטע ליבעראַל-מאַסקילישע פראַגע. „פאַר דער גראַנדיעזער פּערספּעקטיוו — דער פערטער שטאַנד, ד. ה. די אָרעמסטע און סאַמע אונטערדריקטע מאַסן זאָלן איינפירן אין דער וועלט גלייכהייט און ברידערלעכקייט — איז די ספּעציעל-יידישע פראַגע געוואָרן בלאַס און גאָר קליין"[8]...

אין יאָר 1882 האָט זיך אַקסלראָד אומגעקערט צו דעם, וואָס ער האָט איבערגעלעבט מיט 10 יאָר צוריק, בעשאַס ער האָט געטראַכט וועגן באַשטימען זיינע אייגענע אויפגאַבן. „איך געדענק נאָך איצט" — האָט ער געשריבן — ווי איך האָב דערפילט, איבערלייענענדיק לאַסאַלס בוך, עפּעס ווי אַ שאַנדע פאַר מיין אָפּגעבן זיך די אינטערעסן פון יידישן פאָלק. וואָס פאַר אַ באַדיי-טונג — האָט זיך מיר געטראַכט — קאָנען האָבן די אינטערעסן פון אַ הייפל יידן אין פאַרגלייך מיט די אַלוועלטלעכע אינטערעסן, וועלכע עס נעמט אַרום דער סאָציאַליזם און „די אידיי פונעם אַרבעטער-שטאַנד"! אייגנטלעכער גערעדט, עקסיסטירט דאָך קיין יידישע פראַגע ניט, ס'איז נאָר דאָ אַ פראַגע וועגן באַפרייען די אַרבעטער-מאַסן פון אַלע נאַציעס, דערין אויך פון דער יידישער. צוזאַמען מיט דעם, ווי ס'וועט אָנקומען דער ניצחון פון סאָציאַליזם, וועט אויך די אַזוי גערופענע יידן-פראַגע פאַרענטפערט ווערן. איז דען ניט זינלאָז און זינדיק אָפּגעבן די קויכעס דעם יידנטום, וואָס איז ניט מער ווי אייגער פון די באַשטאַנד-עלעמענטן פון דער ברייטער באַפעלקערונג אין דער רוסישער אימפּעריע?"[9]... אין יאָר 1882 האָט אַקסלראָד געמיינט, אַז ער איז אין דעם פראַט ניט געווען דער איינציקער: „וואָרשיינלעך, האָבן פילע פון די רו-סישע יידן-סאָציאַליסטן, איידער זיי זיינען אַרופגעטראָטן אָפן וועג פון רעוואָלוציאָנערער טע-טיקייט, זיך אַרומגעטראָגן מיט טרוימען וועגן ווידמען זייערע קויכעס דעם סאָציאַלן און אינטע-לעקטועלן אויפלעבן פון יידישן פאָלק. אָבער, ווי ס'איז באַוווסט, האָבן זיי קימאַט אַלע — אָדער לעכאָלאַפּאָכעס די אַלע, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אויף דער רוסישער ליטעראַטור, — אַוועק-געוואָרפן זייערע רייוינעס וועגן דער יידישער מאַסע, ווי נאָר ס'איז דורכגעדרונגען אין זייער סייכל דער בלענדנדיקער שיין פון די סאָציאַליסטישע אידייען"[10].

אַלץ, וואָס מיר ווייסן, ברענגט אונדז ניכער צו אַ פונקט פאַרקערטן אויספיר: די מער-הייט — „לעכאָלאַפּאָכעס, די אַלע, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אויף דער רוסישער ליטעראַטור" — האָט די פראַגע ווייט ניט גענומען אַזוי ערנסט, ווי דאָס האָט געטאָן אַקסלראָד. די סאָציאַלע לאַגע פונעם יידישן אינטעליגענט האָט אים אָפּגעשטויסן פון דער יידישער מאַסע, ניט געטריבן צו איר. דער יידישער אינטעליגענט איז ניט נאָר געשטאַנען אויף אַ העכערער קולטור-מאַדרייגע, איידער די יידישע מאַסע, — ער איז אויך געווען אַן אָנהענגער און אַ טרעגער פון אַן אַ נ ד ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר ק ו ל ט ו ר. זיין שפּראַך איז דער יידישער מאַסע געווען אומפאַרשטענדלעך,

[8] דאָרטן. אינטערעסאַנט איז, אַז לאַסאַל גופא האָט זיך אויך געהאַט אַרומגעטראָגן מיט „טרוימען וועגן ווידמען די קויכעס דעם סאָציאַלן און אינטעלעקטועלן אויפלעבן דאָס יידישע פאָלק". זע F. Lassale. Tagebuch. Herausg. Hertneck. Berlin. S. 31.

[9] Из архива П. Б. Аксельрода, стр. 217

[10] Из архива П. Б. Аксельрода. Берлин 1924. стр. 217

צו איר שפּראַך װידער האָט ער זיך באַצױגן מיט האָס אָדער מיט ביטל, װי צו אַ „זשאַרגאָן". װי איטלעכער נאַציאָנאַלער אינטעליגענט, אַזױ האָט אױך דער יִדישער אינטעליגענט געהאַט אַ ברײרע, און באַ די געװאַלטיקע פאַר־רעכט פונעם הערשנדיקן פאָלק, פון דער הערשנדיקער שפּראַך און קולטור האָט די עצעם מעגלעכקײט אױסצוװײלן („לעטױװעס דעם יִדישן פאָלק אָדער לעטױװעס דעם גאַנצן רוסישן פאָלק") באַשטימט דעם אױסװאַל. די מערהײט יִדישע אינטעליגענץ האָט ניט געהאַט קײן „ראַיױנעס װעגן דער יִדישער מאַסע", װעלכע זי זאָל דאַרפן אָװעקװאַרפן. באַ דער מערהײט איז דער אױסװאַל — ניט „לעטױװעס דעם יִדישן פאָלק" — געקומען, װי אַ נאַטירלעכער פּױעליױיצע פון איר געזעלשאַפטלעכער שטעלונג.

באַ אַקסעלראָדן איז זײן אױסװאַל געקומען, װי אַ רעזולטאַט פון אַ טאָעס אין אידעאָלאָגישן כעשבן, און אָט דעם טאָעס אין פשאַט פון סאָציאַליזם האָט אַקסעלראָד דערזען ערשט אין יאָר 1881.

## 2. די יִדן-פּראַגע אין יאָר 1881

אין יאָר 1881, גאָר אײגיכן נאָכן 1 מאַרט און קעמוי װי אַ ענטפער אַפן 1 מאַרט, איז אָװעק אַ סעדרע פּאָגראָמען, װאָס האָט זיך פאַרצױגן אַף היפשע עטלעכע יאָר, — די גאַנצע ערשטע העלפט 80-ער יאָרן. צו די פּאָגראָמען זײנען באַלד צוגעקומען אײנגאַטיעװס „צײט-װײליקע קלאָלים", װאָס האָבן פאַרפיקסירט און פאַרפעסטיקט די יִדישע רעכטלאָזיקײט.

פון די דעמאָקראַטישע רעװאָלוציאָנערע אָרגאַנען איז די „Зерно" (דער אָרגאַן פון דער ריכטונג „Черный передел") אַנטשײדן אַרױסגעטראָטן קעגן די פּאָגראָמען. אַ פּראָקלאַמאַציע קעגן די פּאָגראָמען האָט אױך אַרױסגעלאָזט דער דאָרעם-רוסישער אַר-בעטער-פאַרײן אין קיעװ (פ. אָרלאָװ, יע. סאָלנצעװא און אַנד.), אָבער די אָנפירנדיקע אָרגאַנען פון דער באַװעגונג („Черный передел", „Листок Нар. Воли", „Нар. Воля") האָבן זיך גאָר אַנדערש באַצױגן צו די פּאָגראָמען. אונטער דער װירקונג פון באַקונינס בונטאַ-רישע אידײען האָבן די דעמאָקראַטיקע רעװאָלוציאָנערן באַטראַכט די פּאָגראָם-כװאַליע, װי יעדע מאַסן-אַרױסטרעטונג, פאַר אַ פּראָגרעסיװע רעװאָלוציאָנערע דערשײנונג.

אין די ראַדיקאַלע און רעװאָלוציאָנערע קרײזן איז אַזאַ באַציִונג צו די פּאָגראָמען געװען מער װי אַלץ אַ פּראָדוקט פון דער קימאַט אַבסאָלוטער ניט-אינפאָרמירטקײט װעגן דער װירק-לעכער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער יִדישער באַפעלקערונג. ניט אַנטיסעמיטיזם, נאָר אַמעראַצעס האָט דיקטירט די אױפירונג-ליניע פון די נאַ-ראָדאָװאָלצעס אין דער יִדן-פּראַגע אין יאָר 1881. די רוסלענדישע רעװאָלוציאָנערע באַװעגונג האָט קײן אַנונג ניט געהאַט װעגן דער היפשער סאָציאַלער דיפערענ-צירונג צװישן דעם רוסלענדישן יִדנטום, און נאָר מאַכמעס דעם האָט באַ סאָציאַליסטן געקאָנט האָבן דערפאָלג דער שװאַרצמײעדיקער פּיזמען, אַז די גאַנצע יִדישע באַפעלקערונג פון רוסלאַנד איז אײן עקספּלואַטאַטאָרישע מאַכנע[11].

די יִדישע סאָציאַליסטן זײנען אין דער יִדן-פּראַגע געװען פולקום דעזאָריִענטירט.

באַם אָנהױב פּאָגראָם-קאַמפּאַניע האָט באַ די אָנהענגער פון די בײדע פראַקציעס („Черный передел", „Народная Воля") דאָמינירט די מײנונג, װאָס איז געװען אָנגענומען אין דער רוסישער לעגאַלער פּרעסע, אָבער אַפילע שפּעטער, װען ס'איז שױן אינגאַנצן

11 ראָמאַנענקאָס יִדנפּרעסערישע פּראָקלאַמאַציע, די באַרימטע „מעלדונג („Об'явление") דעם אוקראַיִנישן פאָלק" איז אַרױסגעגאַנגען אין נאָמען פונעם אױספיר-קאָמיטעט פון דער „Нар. Воля"; זי איז אָבער דאָך ניט געװען די אַרבעט פון אָט-דער פּאַרטײ. ראָמאַנענקאָ איז געשטאָרבן פאַראַיאָרן אין קישענעװ. ס. װאַלק, װעלכער האָט געװידמעט ראָמאַנענקאָ אַ גרױסן אײנהאַלטרײכן אַר-טיקל, װו ער האָט צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט אין אָריגינאַל דעם פולן טעקסט פון דער „מעלדונג", שרײבט אױך: „אין דער ליטעראַטור זײנען שױן פאַראַן געננוג אָנװײזונגען אַף ניט צו האַלטן אָט די פּראָ-קלאַמאַציע פאַר דער אַרבעט פון דער „Нар. Воля". זע „Каторга и Ссылка" 1928 г. № 11(48).
С. Валк, Г. Г. Романенко (Из истории „Народной Воли").

קלאָר געװאָרן דער כאַראַקטער פון דער פּאָגראָם=באַװעגונג, איז צו קײן אײנהײטלעכער מײנונג ניט געקומען. און װי טאָמיד, װען עס פעלט די געזעלשאַפטלעכע מײנונג פון װאָסער עס איז גרופּע, זײנען אַף דער סצענע אַרױסגעטראָטן די פּערזענלעכע נײגונגען,— אַמאָל אַ קלאָרער, אַמאָל אַ פאַרשטיקטער עכאָ פון דער סאָציאַלער אָפּשטאַמונג.

ל. דײטש האָט אַפילע געפּרוּװט מאַכן אָט די פּערזענלעכע נײגונגען פאַר אַן אױסגאַנגס=פּונקט צום באַטראַכטן די פראַגע. דעם 14=טן אַפּריל 1882 שרײבט ער אַקסלראָדן:

„די ייִדן=פראַגע איז איצט פאַר די רעװאָליוציאָנערן װירקלעך, אין דער פּראַקטיק, קימאַט ניט צום פאַרענטפערן. נו, װאָס זאָלן זײ, לעמאָשל, טאָן איצט אין באַלטע, װוּ מען שלאָגט די ייִדן? אָנעמען זיך פאַר זײ הײסט, װי רעקלו זאָגט, „אַרױסרופן די סינע בײַ די פּױערים קעגן די רעװאָלוציאָנערן, װאָס לױ=דאַי װאָס זײ האָבן אָװעקגעהאַרגעט דעם קײסער, נאָר זײ שטיצן אױך די זשידעס“. און זײ קומט אױס זײן צװײ צװישן צװײ סטירעס. דאָס איז אין דער פּראַקטיק, אין דער טאַט פּאָשעט אַ לאַגע אָן אַן אױסװעג סײ פאַר די ייִדן, סײ פאַר די רעװאָלוציאָנערן. אָװאַדע מוזן די לעצטע דערשלאָגן זיך פאַר די ערשטע גלײכבאַרעכטיקונג, מע זאָל דערלױבן זײ באַזעצן זיך אומעטום, נאָר דאָס איז, אַזױ צו זאָגן, די טעטיקײט אין די העכערע ספערן, און פירן אַ רױדעפשאָלעמדיקע אַגיטאַציע צװישן פאָלק איז דער פּאַרטײ איצט זײער, זײער שװער. מײן ניט, אַז מיך, לעמאָשל, פאַרדריסט עס ניט, שטעלט עס ניט אין פאַרלעגנהײט; אָבער דאָך װעל איך שטענדיק בלײבן אַ מיטגליד פון דער רוסישער רעװאָלוציאָנערער פּאַרטײ און איך װעל קײן אײן טאָג ניט דערװײטערן זיך פון איר, װײל אָט דער װידערשפּרוך, װי אײניקע אַנדערע, האָט זיכער געשאַפן ניט זי, די פּאַרטײ“[12]...

גריגאָרי גורעװיטשן האָט דאָס יאָר 1881 געבראַכט צום נאַציאָנאַליזם, אַפילע צום „ציאָניזם“. די באַציִונג פון דער „נאַראָדנאַיאַ װאָליאַ“ צו די פּאָגראָמען האָט אים טאַמעש געקרענקט, און זײן גאַנץ ביטער האַרץ האָט ער אױסגעגאָסן אין אַ האַלב=בעלעטריסטישן עמיוד אין די „Книжки Восхода“, אין אָט דעם „ייִדישקײט“=זשורנאַל פונעם מאַקיפן ייִדישן בורזשואַ האָט דער פאַרצװײפלטער ראַדיקאַל פאָלעמיזירט מיט ראָמאַנענקאָן, מיט דער „נאַר. װאָליא“[13].

די פלענער פון „בילו“ און — עפּשער נאָך מער — פון „אַם=אױלאָם“ זײנען אױך דער רעװאָלוציאָנערער ייִדישער אינטעליגענץ ניט געװען פרעמד. די אידײ װעגן קאָמוניסטישע קאָלאָניעס אין אַמעריקע איז אין די ראַדיקאַלע קרײזן קײן נײַס ניט געװען[14], און װען די פראַגע װעגן אױסװאַנדערונג קײן אַמעריקע איז געװאָרן אַקטועל פאַרן רוסישן ייִדנטום, איז זי, נאַטירלעך, װידער אַרױפגעשװומען. אָבער אַפילע צו דער אידײ װעגן קאָלאָניזירן פּאַלעסטינע האָט מען זיך באַצױגן אַסאַך ערנסטער, װי מען האָט געקאָנט מײנען. קײן באַזונדערע היספּײלעס פאַרן „הײליקן לאַנד“ איז ניט געװען, אָבער די מעגלעכקײט פון אַ מאַסן=קאָלאָניזאַציע דאָרטן איז ניט אָפּגעװאָרפן געװאָרן a priori. פּ. אַקסלראָד און זײנע כאַװײרים האָבן זיך אינפאָרמירט בײַ עליזע רעקליו װעגן די נאַטור=באַדינגונגען פון פּאַלעסטינע און האָבן אינגאַנצן אופגעגעבן די עצעם אידײ װעגן קאָלאָניזירן ייִדן אין ערעציסראָעל ערשט דעמאָלט, װען דער באַרימטער געאָגראַף האָט געענטפערט, אַז פּאַלעסטינע איז לאַכלוטן ניט קײן פּאַסיק אָרט פאַר מאַסן=קאָלאָניזאַציע...

*   *
*

אין אָט דער אַטמאָספער פונעם קרײץ=צוג, װאָס דער אַבסאָלוטיזם האָט אונטערגענומען קעגן דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג פון דער אימפּעריע, בײַ דער פולער דעזאָרגאַניזירטקײט און גײסטיקער הילפלאָזיקײט פונעם רוסלענדישן ייִדנטום, באַם אידעישן כאַאָס, װאָס

[12] Из Архива П. Б. Аксельрода. стр. 31.
[13] „Восход“. 1884 г. Г. Гуревич.
[14] П. Б. Аксельрод. Пережитое и передуманное. Стр. 114

האָט געהערשט אַפילו צווישן די ייִדישע סאָציאַליסטן, האָט זיך אַקסלראָד געשעמט פאַר אַ אופנאַבע באַלייכטן די ייִדן-פּראַגע פון סאָציאַליסטישן שטאַנדפונקט, אָנמערקן די ראָליע פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ.

## 3. אקסעלראָדס בראָשור „די אופגאַבן פון דער ייִדיש-סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ"

שרייבנדיק זיין בראָשור, וואָס איז איצט באַ אונדז באַוווסט אונטערן נאָמען „וועגן די אופגאַבן פון דער ייִדיש-סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ", האָט אַקסלראָד געהאַט אין זינען אַ „ליטעראַרישע באַאַרבעטונג פון דער ייִדן-פּראַגע" [15], וואָס וואָלט געקאָנט באַקומען די באַדייטונג ניט בלויז פון אַ ליטעראַרישער, נאָר אויך פון אַ פּאָליטישער אַרויסטרעטונג וועגן אָט דער פראַגע. אָבער העיוּים ווי זיינע גאָענטע כאַווירים האָבן ניט מיטגעפילט זיין פּלאַן, האָט ער זיך פון אים אָפּגעזאָגט, און די בראָשור איז געבליבן ניט פאַרענדיקט און אָן אַ קעפּל [16].

אַקסלראָדס בראָשור איז זיין רעאַקציע אַף דער פּאָגראָם-קאַמפּאַניע פון די 80-ער יאָרן, אָבער האַגאַם זי איז אָנגעשריבן מיט אַ ספּעציעלער קאַוואָנע, — אָנמערקן די ראָליע פון דער ייִדיש-סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ אינעם קאַמף מיט די פּאָגראָמען, מיט זייערע סיבעס און פאָלגן, — האָט זי דאָך אַ גרעסערן, מער אַלגעמיינעם ווערט.

אַקסלראָד הויבט אָן פון רעווידירן זיין אַמאָליקן ענטפער אַף דער פראַגע, אין וואָסער סוויווע („לעטויווועס ווענמען") צו אַרבעטן. ער אָנערקענט, אַז יענער ענטפער איז געווען אַ טאָעס, און דערקלערט, ווי אַזוי ס'איז געקומען צו אַזאַ טאָעס און צו וואָס אָט דער טאָעס האָט געבראַכט. פאַרופנדיק זיך אַף זיינע אייגענע אַמאָליקע איבערלעבונגען, באַהויפּטעט אַקסלראָד, אַז דער טאָעס איז אַ ריין-לאָגישער (מע האָט געמיינט, אַז דער סאָציאַליזם וועט שוין „בעמיילע" פאַרענטפערן די ייִדן-פראַגע, אָן ספּעציעלער מי און אַרבעט) און די אָפּגעפרעמדטקייט פון דעם ייִדישן האַמוין איז געקומען ערשט ווי אַ רעזולטאַט פון אָט דעם טאָעס (אינעמעסן איז זי גיכער די סיבע, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט אַזאַ פעלער): די ווייטערדיקע עוואָלוציע פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ איז, נאָך זיין מיינונג, שוין געווען אַן אומפאַרמיידלעכער העמשעך פון דעם איינמאָל אָנגענומענעם פאַלשן שטאַנדפונקט. „ווידער, די פּאַקטישע אָפּגעריסנקייט באַ דער יונגער ייִדישער אינטעליגענץ פון דער ייִדישער מאַסע, דאָס אויסשליסלעכע אָפּגעבן זיך פון דער ערשטער, אין איר גאַנצן באַשטאַנד, די אַלגעמיין-רוסישע רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך און אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן ניט געהאַט און האָבן דעמאָלט ניט געקאָנט האָבן אין זין די ייִדישע סוויווע, די נאָכדעם אָנגעקומענע רעדיפעס אַף די בעסטע פאָרשטייער פון אָט די רעוואָלוציאָנערע גרופּן, די ריי העלדן-מאַרטירער, וואָס די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט אַרויסגערוקט, — דאָס אַלץ האָט ניט בלויז פאַרפעסטיקט די מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע (умственную) פאַרבינדונג פון די ייִדישע סאָציאַליסטישע עלעמענטן מיט די איבעריקע סאָציאַליסטישע עלעמענטן פון רוסלאַנד, האָט ניט בלויז ענדגילטיק צוזאַמענגעגאָסן די ערשטע מיט די לעצטע, — דאָס האָט אויך אויסגעלאָשן אין אונדז די לעצטע פונקען פון מיטפיל און אינטערעס צום גוירל פון דער אָרעמער מאַסע שטאַמברידער אונדזערע,

[15] פ. לאַווראָווס אויסדרוק אין זיין בריוו צו אַקסעלראָדן פון 14 אַפּרעל 1882.

[16] דאָס קעפּל „וועגן די אופגאַבן פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ" האָט צוגעגעבן די רעדאַקציע פונעם בוך „Из архива П. Б. Аксельрода" ווו די בראָשור איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן. דער אינהאַלט פון דער בראָשור איז אָבער אין דער רעוואָליוציאָנערער עמיגראַציע מאַשמאָעס געווען באַוווסט. אַזוי, לעמאָשל, ווען מע לייענט: „Мещанство и весь мелкий „торгово-кулацкий мир „коренного" (а греки и немцы!) населения естественно должен ненавидеть всю массу еврейских"...

א. אַז. וו., — זעט מען איין אָן איבעריקער מי, אַז די אין קלאַמערן גענומענע ווערטער (а греки и немцы) געהערן ניט אַקסעלראָדן, נאָר דאָס איז אַ העאָרע פון אַ לעזער, וואָס האָט זיך צוליב דער נאָכלעסיקייט פון דער רעדאַקציע אַריינגעגאַנוועט אין טעקסט.

וועלכע האָט זיך פּונקט אַזוי געגוויטיקט אין דער הילף פון דער אינטעליגענץ“, ווי די אַנדערע נידעריקע קלאַסן פון דער אימפּעריע“[17]... „אין דאָך, באַ אַ מער רעאַלער באַציִונג צו די לעבנס-דערשיינונגען, איז פון דער קאָסמאָפּאָליטישער אידיי פון סאָציאַליזם לאַכלוטן ניט אַרויסגעדרונגען די פאַרניכטיקייט פון פולן אינדערפערענטיזם צו די לעבנס-באַדינגונגען און צו דער אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג פון די ייִדישע מאַסן“[18]...

„די מער רעאַלע באַציִונג צו די לעבנס-באַדינגונגען“ איז אָנגעקומען ערשט אין יאָר 1881. „האָבנדיק צונויפגעלעבט זיך מיטן געדאַנק, אַז די ייִדן, ווי אַ באַזונדערע נאַציע, זיינען אין דער ווירקלעכקייט ניטאָ, אַז בילדנדיק איצט אַ טייל רוסישע אונטערטאַנער און שפּעטער אַהינצו — רוסישע בירגער, רעכענען זיך די ייִדן, לויט זייערע שטאַנד- און קולטור-איינטיילונגען, פאַר אַ טייל ניט אָפּצוטיילן פון די אַנטשפּרעכנדיקע עלעמענטן פון דער „איינגעבאָרענער“ באַפעלקערונג, האָט די ייִדישע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ פּלוצים דערזען, אַז די געוואַלטיקע מערהייט פון פאָלק און פון דער „רוסישער געזעלשאַפט“ האַלט די ייִדן גראָד פאַר אַ באַזונדער נאַציע, וואָס אַלע אירע עלעמענטן — דער ייִד דער פּראָלעטאַריער מיט די לאַנגע פּאָלעס, דער קליינבירגער, דער פּראָצענטניק, דער רוסיפיצירטער אַדוואָקאַט און דער סאָציאַליסט, וואָס גרייט זיך צו קאַטאָרגע אָדער צום פאַרשיקט ווערן, — זיינען אַלע אָן אונטערשייד „זשידעס“, דורכויס שעדלעכע פאַר רוסלאַנד, וואָס מוז פון זיי פּאָטער ווערן אום יעדן פּרייז און מיט וואָסערע מיטלען דאָס זאָל ניט זיין“[19]...

„אַזוי אַרום, אַדאַנק די „אַנטי-ייִדישע פּאָגראָמען“, איז פאַר דער ייִדיש-סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ קלאָר געוואָרן, ערשטנס, אַז די ייִדן אין רוסלאַנד געפינען זיך אין ווי אַ נאַציע אין אַ פולקומער אויסנאַם-לאַגע, און זיי האַסט די געוואַלטיקע מערהייט סאַמע פאַרשיידענע שיכטן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, צווייטנס, אַז אַרויסגייענדיק פון דער פולקום ריכטיקער האַנאָכע וועגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון סאָציאַליזם און קלאַסן-קאַמף, זיינען זיי דאָך באַגאַנגען אַ פעלער, ווען זיי האָבן אַרויסגעלאָזן פון זינען די רעאַלע לאַגע פון די ייִדן אין רוסלאַנד, ווי אַ נאַציע, וואָס ווערט קעגנגעשטעלט דער איבעריקער באַפעלקערונג, דריטנס, אַז דעריבער... האָבן די רוסיש-ייִדישע סאָציאַליסטן בעשום-אויפן ניט געטאָרט אַזוי איגנאָרירן אין זייער טעטיקייט די ספּעציעל ייִדישע מאַסן — אָפּן סמאַך פון קאָסמאָפּאָליטישע טייִמים — און טאַקע דערפאַר, וואָס די מאַסע „איינגעבאָרענע“ באַפעלקערונג איז נאָך זייער ווייט ניט וואָס פון קאָסמאָפּאָליטישע געפילן און אָנשויונגען, נאָר אַפילע פון באַגריפן וועגן סאָלידאַריטעט פון די נידעריקע קלאַסן באַ פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן אין די ראַמען פון דער אימפּעריע גופע“[20]...

הייסט עס, אַז דער סאָציאַליזם איז ניט מעכאַיעוו צו קיין גלייכגילטיקייט צום לעבן און לעבנשטייגער פון דעם ייִדישן האַמוין. „אַרויסגייענדיק פון די אינטערעסן פון סאָציאַליזם, וואָלט מען נאָר באַדאַרפט — אָנשטאָט מער אָדער ווייניקער אַלגעמיינע הומאַניטאַרע אידייען וועגן אידעאַלן פון אַ ליבעראַלן שניט מיט נאַציאָנאַלער באַפאַרבונג — אַרויסטרעטן פאַר דער ייִדישער מאַסע מיט דער פּראָפּאַגאַנדע פון קלאַסן-אַנטאַגאָניזם און ענגער אינטערעסן-סאָלידאַריטעט פון די אַרבעטער און אונטערדריקטע מאַסן אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט און גלויבן“[21]. אַקסלראָד האַלט, אַז ליבערמאַנס פּרווו פון פּראָפּאַגאַנדע צווישן די ייִדן האָט ניט געבראַכט צו קיין ערנסטע רעזולטאַטן דערפאַר, וואָס די אַקטיווע ייִדישע סאָציאַליסטן האָבן אים ניט אונטערגעשטיצט. ביקלאַל אָבער גיט ער צו אָט דער פּראָפּאַגאַנדע אַ גרויסע באַדייטונג. ער איז אַפילע מעשאַער, „אַז אַ צעניאָריקע סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די ייִדן און די ענגע דערנעענטערונג פון די ייִדישע סאָציאַליסטישע קרייזלעך מיט די ריין-רוסישע אַרבעטער-

[17] דאָרטן, זייט 218—217.
[18] דאָרטן. ז. 218.
[19] דאָרטן, זייט 220.
[20] דאָרטן, זייט 221.
[21] דאָרטן, זייט 218.

קרייזלעך וואָלטן מעגלעך געמאַכט קענטיק אַפּצושוואַכן דעם איינזייטיקן, מיעס-נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון די „אַנטי-יִדישע אומאָרדענונגען“, צוגרייטנדיק עלעמענטן, וועלכע וואָלטן געקאָנט — כאָטש אין געוויסע פאַלן — אָפּנויגן דעם האַמוין פון אָנפאַלן אַף די דאַלפאָנים און אַ קער טאָן אים אויב ניט ביקלאַל קעגן די צענטרען פון דער פאָלקס-עקספּלואַטאַציע, איז לעכאָלאַפאָכעס קעגן די יִדישע גווירים“, „בלויז אַף די רייכע יִדישע דירעס און הויפּטזאַכלעך אַף אַזוינע גווירים, ווי די בראָדסקעס, די פּאָליאַקאָווס, גינצבורגס א. א. וו.“ [22].

אָט דער געדאַנק — וועגן ענדערן דעם עצם כאַראַקטער פון דער פּאָגראָם-באַוועגונג דורכן באַהערשן זי און פאַרוואַנדלען אין אַ באַוועגונג, וואָס איז געווענדט „אויב ניט קעגן די צענטרען פון דער עקספּלואַטאַציע ביקלאַל“, איז לעכאָלאַפאָכעס קעגן די יִדישע פאַרמעגלעכע קלאַסן— אָט דער געדאַנק האָט אַקסלראָדן שטאַרק אינטערעסירט, און ניט אומזיסט כאַזערט ער אים איבער נאָכאַמאָל שוין באַם אָנמערקן אַ פּאָזיטיווע פּראָגראַם פון סאָציאַליסטישער אַרבעט צווישן יִדן. אין דער טעאָריע אינעם איינגנטלעכן זין פון וואָרט איז אַקסלראָד קיינמאָל ניט געווען אי-בעריק שטאַרק, און אין יאָר 1882, אינעם מאָמענט פון איבערגאַנג פון באַקוניזם צום מאַרק-סיזם, האָט ער געמעגט טעאָרעטיש דערלאָזן, אַז אַ באַוועגונג, וואָס איר טרעגער איז דער דעקלאַסירטער און דעזאָרגאַניזירטער לומפּן-פּראָלעטאַריאַט, זאָל קאָנען, אַראַנק דער סאָציאַ-ליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, אָפּגעווענדט ווערן קעגן דער עקספּלואַטאַציע, און זאָל עס זיין אַפילע בלויז קעגן די יִדישע עקספּלואַטאַטאָרן. משיקאַווע איז אָבער דאָס, וואָס אַקסלראָד באַטראַכט אָט די אידיי זיינע ניט ווי אַ ווייטע טעאָרעטישע מעגלעכקייט, נאָר ווי אַ גאַנץ קאָנקרעטן איניען. אַפּאָנים, אַז דעמאָלט האָט זיך נאָך באַ אים געבאָמבלט דער באַקוניסטישער פּרינציפּ, וואָס, פון איין זייט, פּעטישיזירט ער יעדע מאַסן-אַרויסטרעטונג, אומאָפּהענגיק פון איר אָביעקטיוון ציל, און פון דער אַנדערער זייט, דערלאָזט ער, אַז רעוואָליוציאָנערן קאָנען מיטן בלויזן „שם המפורש“ פון פּראָפּאַגאַנדע אַ קערעווע טאָן, וווּהין זיי ווילן, אַ מאַסן-באַוועגונג, וואָס ניט זיי האָבן זי אַרויסגערופן. און דער כידעש ווערט נאָך גרעסער, ווען מיר נעמען אין אַכט, אַז אַקסלראָד האָט גאַנץ רעאַליסטיש באַנומען די סיבעס פון דער פּאָגראָם-קאַמפּאַניע.

די גרונט-סיבע פון די רעדיפעס אַף יִדן אין רוסלאַנד“ — שרייבט ער — „באַשטייט דירעקט אין זייער צוזאַמענשטויסן זיך מיט דער איינגעבאָרענער באַפעלקערונג אַפן באָדן פון קאַמף פאַר מאַטעריעלע אינטערעסן. אַנדערש גערעדט, דער שליסל צו פאַרשטיין די אומגאָר-מאַלע באַציִונג צו די יִדן מיצאַד דער קריסטלעכער מאַסע באַשטייט אין די באַזונדערהייטן פון זייער עקאָנאָמישער ראָליע אין רוסלאַנד“ [23].

אויסערדעם ניכטער — ניט באַקוניסטיש, נאָר מאַרקסיסטיש — באַטראַכט אַקסלראָד אויך די פראַגע: „וואָס שטעלן מיט זיך פאַר די יִדן, ווי אַן עקאָנאָמישער קויעך?“ „מיצאַד די הע-כערע און מיטעלע קלאַסן ווערן די יִדן געהאַסט, ווי קאָנקורענטן אינעם פראַט פון קאָלערליי מינים עקספּלואַטאַציע פון דער פאָלקס-אַרבעט. מיצאַד די פאָלקסמאַסן, ווידער, ווערן זיי געהאַסט, ווי איינער פון די סאַמע נאָענטע קאָנקרעטע עקאָנאָמיש-פיינטלעכע קויכעס. די צאָרעס און דער עלנט פון דער יִדישער מאַסע מעגן זיין ווי גרויס, אירע קליינבירגערלעכע שיכטן מעגן זיין ווי נאָענט צום קלאַס פּראָלעטאַריאַט, — דורכשניטלעך, שיר ניט אַף אַ העלפט פונקציאָנירט זי דאָך, אין דער ראָליע פון אַן אומפּראָדוקטיוון עלעמענט, וואָס זיצט אַפן האַלדז פון רוסלאַנדס נידעריקע קלאַסן“ [24].

לעהייפּעך צו דער גאַנצער יִדישער אינטעליגענץ, וואָס האָט אַפילע אינעם מאָמענט פון טויט-שרעק ניט געקאָנט פאַרהוילן, אַז ציטערן ציטערט זי נאָר פאַר זיך און פאַר איר בור-זשואַז-באַלעבאַטיש וועלטל, שרייבט אַקסלראָד אין יאָר 1882: „אַרויסגייענדיק פונעם פּאַקט פון דעם קלאַסן-אַנטאַגאַניזם, וואָס עקזיסטירט צווישן די יִדן אין ניט קיין קלענערן גראַד, ווי באַ די אַנדערע פעלקער, קאָנען זיך די סאָציאַליסטן באַטייליקן אין דער אַזוי גערופענער „יִדן-

[22] דאָרטן, ז. 218.
[23] דאָרטן, זייט 227.
[24] דאָרטן, זייט 224.

פראַגע" גאָר אַף אַזויפיל, אַף וויפל זי באַרירט דירעקט די אינטערעסן פון די נידעריקע שיכטן פון יִדנטום. קוים וועלן די לעצטע באַוואָרנט ווערן פון רעדיפעס און פאַרפאָלגונגען מיצאַד דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, גייט די יִדן-סאָציאַליסטן גאָר ניט אָן דער גוירל פון זייערע שטאַם-ברידער די קאַפיטאַליסטן, וועלכע בילדן איינעם פון די עלעמענטן פונעם בורזשואַזן קלאַס אין רוסלאַנד. צי וועלן זיי זיין בעשאָלעם מיט זייערע קריסטלעכע קאָנקורענטן אינעב פראַט פון באַראַבעווען דאָס פאָלק, אָדער זיי וועלן געהאַסט ווערן, — דאָס איז פאַר אונדז קיין נאַפקעמינע ניט, ווי אַ היימישער שטרייט פון פאַרמעגלעכע קלאַסן, — אַבי גאָר דער אָרעמער טייל יִדן זאָל אין די אויגן פון די אַרבעטער-מאַסן אופהערן צו גערעכנט ווערן ווי פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער עקספלואַטאַטאָרישער ראָליע פון די רייכע"[25].

האָבנדיק אין זינען דעם אָרעמען טייל יִדן, פרעגט זיך אַקסלראָד: „קאָנען די רוסיש-יִדישע סאָציאַליסטן העלפן דער יִדישער מאַסע אַרויסגיין פון דער אויסוועגסלאָזער לאַגע? און אויב יאָ, איז אין וואָסערע וועגן קאָנען זיי דאָס טאָן?" אָפוואַרפנדיק די אַבסטראַקט געשטעלטע פראַגע „וועגן דער נאַציאָנאַלער אופלעבונג פונעם יִדנטום" אָדער די אומגעלומפערטע אוטאָפיע „וועגן אופשטעלן די יִדישע מעלוכע", האַלט אָבער אַקסלראָד פאַר נעזעצלעך דעם אימפולס, וואָס טרייבט צו שאַפן אַזעלכע פיקציעס — דעם ליידנשאַפטלעכן באַגער פון דער יִדישער מאַסע צו זען איר אייגן לעבן נאָרמאַליזירט, לייטנגלייך. אין דעם פראַט רעדט אַקסלראָד גאָר קלאָרע דיבורים: „די יִדן-סאָציאַליסטן דאַרפן אין דער „יִדן-פראַגע" זיך שטעלן אַפן באָדן פון די קלאַסן-אינטערעסן, — און טאַקע פון די אינטערעסן פון די יִדן-קאַפצאָנים. פון אָט דעם שטאַנדפונקט באַשטייט די סאַמע ראַדיקאַלע לייזונג פון דער „יִדן-פראַגע", ערשטנס, אין פאַרוואַנדלען די יִדישע מאַסן פראָלעטאַריער אין שלייער פון קליין-בירגער אין סטאַם פראָלעטאַריער, פון אַ פאַרמיטלערישן און אומפראָדוקטיוון עלעמענט אין אַ קלאַס פאָרשטייער פון פאַרשיידנאַרטיקע צווייגן פון פיזישער אַרבעט; צווייטנס, — אין ווי מעגלעך פולן צונויפגיסן אָט די מאַסע מיט די אַנטשפרעכיקע שיכטן „איינגעבאָרענער" באַפעלקערונג"... „אָט די צוויי פונקטן דאַרפן בילדן דעם הויפט-צוועק און דעם לייטפאָדעם אין דער טעטיקייט פון די סאָציאַליסטן אין דער יִדישער סוויווע"[26]... אָבער „קעדיי די יִדן זאָלן פאַשעט קאָנען צוטרעטן צום פראָצעס פון זעלבסטרעפאָרמען אין זייער לעבנשטייגער", מוז מען קוידעמקאָל „אַראָפוואַרפן דעם אַבסאָלוטיסטישן רעזשים און דעם מיט אים פאַרבונדענעם כאַאָס (безурядица) אין רוסלאַנד", און ביז דעם דאַרף מען „אַרבעטן צווישן אָט דער מאַסע און צוזאַמען מיט די רוסישע רעוואָלוציאָנערן מאַכן וואָס גיכער די פאָליטישע און סאָציאַלע ענדערונג"... די אופגאַבע איז באַצייכנט קלאָר, ווי אַן אופגאַבע פון פראָדוקטיוויזירונג; ווי אַ טניי, אָן וועלכן מע קאָן זיך פון אָרט ניט רירן, ווערט אַרויסגערוקט די ענדערונג פונעם פאָליטישן רעזשים אין רוסלאַנד — דאָס פאַלן פון דער זעלבסטהערשונג.

אַקסלראָד האָט געשריבן זיין מערקווערדיקע בראָשור, שטייענדיק, אַזוי צו זאָגן, אַפן וועג פונעם באַקוניזם צום מאַרקסיזם. און דאָך שיינט זיין בראָשור צו זיין דאָס ערשטע מאַרקסיסטישע וואָרט וועגן דער יִדן-פראַגע אין רוסלאַנד. אַן ערנסטער אַנאַליז פון די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן אינעם יִדישן פאָלק, פון דער ראָליע, וואָס די יִדישע באַפעלקערונג שפילט אינעם ווירטשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד, פון די קעגנזייטיקע באַציונגען, וואָס שטעלן זיך איין צווישן איר און דער אַרומיקער באַפעלקערונג. די וואָרצלען פון דער יִדן-פראָבלעם זוכט אַקסלראָד אין דער ווירטשאַפטלעכער אָפגעשטאַנענקייט, אין דער אומנאָרמאַלער סאָציאַלער סטרוקטור, צולעצט, אין די עקאָנאָמישע פונקציעס פון דער יִדישער באַפעלקערונג. זיין ענטפער אַף דער פראַגע איז *פראָדוקטיוויזירונג*, ווי אַ *פערספעקטיוו*, קאַמף מיט דער פאַרעלטערטער פאָליטישער און סאָציאַלער אָרדענונג פון לאַנד, ווי אַ מיטל צו פאַרווירקלעכן אָט די פערספעקטיוו. און דערביי קלאָרע דיבורים: „פאַר יִדן-סאָציאַליסטן דאַרפן שטיין אַפן

25 דאָרטן, זייט 225.
26 דאָרטן, זייט 226.

ערשטן פּלאַן די אינטערעסן פון די נידעריקסטע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, און בעשום אויפן ניט די פראַגן וועגן דער נאַציאָנאַלער אופלעבונג פונעם ייִדנטום“. אַקסלראָדס רעפאָרמיסטישער עלטער צווינגט אָפּט ניט-ווילנדיק פאַרגעסן זיין רעוואָלוציאָנערע יוגנט, אָבער אויסמעקן אָט די יוגנט-יאָרן זיינע קאָן מען ניט און מען דאַרף ניט. די ניט-דערענדיקטע בראָשור „וועגן די אופגאַבן פון דער ייִדיש-סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ“ איז זיכער אַ רעוואָלוציאָנערער מאָמענט אין אַקסלראָדס פּאָליטישער ביאָגראַפיע. ווען-ווען, — אין 1882, ווען די בראָשור איז געשריבן געוואָרן, איז אַקסלראָד געשטאַנען אַף דער הויך פון זיין אופגאַבע — געבן דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ אַ ריכטיקע אָריענטיר-ליניע אין דער ייִדן-פראַגע.

דריטער קאַפּיטל

# ל. מאַרטאָוו

## 1. מאַרטאָוו און די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג האָט ביז די 90-ער יאָרן עפּשער ניט געזען אין אירע רייען אַן אינטעליגענט פון אַזאַ קאַליבער, ווי מאַרטאָוו. מאַרטאָוו איז ניט אויסגעקומען שטעלן זיך די פראַגע, וואָס אַקסלראָד האָט זיך געשטעלט אין אָנהויב 70-ער יאָרן: אין וואָסער סוויווע („לעטוויוועס וועמען“) אַרבעטן?

מיט דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט און מיט דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג איז ער זיך צונויפגעקומען אינעם עצעם פּראָצעס פון זיין טעטיקייט לעטוויוועס דעם „פּערטן שטאַנד“.

אַרויסגעשיקט אין יאָר 1893 פון פּעטערבורג, האָט זיך מאַרטאָוו באַזעצט אין ווילנע און האָט דאָרטן פאַרבראַכט—מיט קליינע האַפּסאָקעס—צוויי יאָר צייט. באַלד נאָך זיין אָנקומען אַהין איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער דאָרטיקער באַוועגונג פון די ייִדישע אַרבעטער, און העיווים ווי ער איז געשטאַנען מיט אַ קאָפּ העכער פאַר די אָרטיקע טוער, — איז ער אינגיכן אַריינגעגאַנגען אויך אין אָנפירנדיקן צענטער פון אָט דער באַוועגונג.

אַ פּאָר יאָר פאַר זיין טויט, אין 1920, האָט מאַרטאָוו אין זיינע זיכרוינעס געגוי און אויספירלעך דערציילט, וואָס ער האָט געטאָן און וואָס ער האָט געזען אין ווילנע, אָבער די פּאָליטישע סאַכאַקלען פון דער באַוועגונג פון די ווילנער ייִדישע אַרבעטער אין די יאָרן 1893—95 האָט ער געמאַכט שוין דעמאָלט אין אַ רעדע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן צום 1-טן מיי 1895.

## 2. די ייִדישע אַרבעטערשאַפט אין די 90-ער יאָרן פון XIX יאָרהונדערט

די דעמאָלטיקע ווילנע כאַראַקטעריזירט מאַרטאָוו, ווי „אַ קימאַט שטייענדיקע אינדוסטריעלע סאַזשעלקע (пруд), וואָס איז קימאַט ניט פאַרבונדן מיטן אַלגעמיינעם שטראָם פון דער קאַפּיטאַליסטישערווירטשאַפט אין לאַנד און, יעדנפאַלס, מיטן אַלגעמיינעם מעלוכישן אַרבעטס-מאַרק“[27]. די שטאָט איז געווען איבערפולט מיטן קלענסטן קליינבירגערטום, און דער צושטאַנד פון דער שטאָטישער האַנטווערקעריי איז געווען קלעגלער. די לאַגע פון אַ האַנטווערקער-געזעל פלעגט באַטראַכט ווערן ווי אַ צייטווייליקע. מיט די קאַפּצאָנישע פאַרדינסטן האָט קוים-קוים געקאָנט זיך דורכלעבן נאָר אַ ניט-באַווייבטער, „און אַן אַרבעטערן — נאָר ווען איר פאַרדינסט פלעגט אינעם ביודזשעט פון איר פאַמיליע זיין אַ ביי-האַכנאָסע“. בעדערער-קלאַל פלעגט אַן אַרבעטער אָפּאַרבעטן עטלעכע יאָר, ווי אַ געזעל; נאָכדעם, כאַסענע האָבנדיק, פלעגט ער צונויפשלאָגן עטלעכע רובל פונעם „נאַדאַן“ און פון אייגענע „אָפּשפּאָרונגען“ און פלעגט איינאָרדענען אַן אייגענעם וואַרשטאַט. די אַרבעטערנס פלעגן נאָך דער כאַסענע ווערן

[27] Ю. Мартов. Записки социалдемократа. М. 1924. стр. 190.

שטוב=באַלעבאָסטעס. שפּעטער, ווען די קאָנצענטראַציע פון דער האַנטווערקעריי איז געוואָרן עטוואָס גרעסער און דאָס אויסשטאַטן אַן אייגענעם וואַרשטאַט — עטוואָס שווערער, איז געקומען די אויסוואַנדערונג קיין אַמעריקע. ווערן אַ זעלבשטענדיק באַלאַבעסל איז געווען בערעך גרינג דעם מער ענערגישן, מער פעיִקן, מער אַנטוויקלטן. האָט זיך באקומען אַ פּאַראַדאָקסאַלע לאַגע: גראָד די, וואָס פלעגן אין די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע=קרייזלעך דורכמאַכן אַ געוויסע שול און פלעגן זיך באַקענען מיט דער רוסישער שפּראַך — גראָד אָט די אַרבעטער האָבן געהאַט די גרעסטע שאַנסן צו ווערן באַלאַבעסלעך, און גאַנץ אָפט פלעגט זיך עס אויך טרעפן.

מאַרטאָוו האָט געמיינט, אַז די טעאָריע קאָן פאַרדייען אָט דעם פּאַראַדאָקס, וועלכן עס רופט אַרויס די דיאַלעקטיק פון באַציִונגען צווישן קלאַסן, עלע וואָס אין דער ווילנער פּראַקטיק „פלעגט עס אַרויסקומען ניט גאָר גלאַט, ווייל דאָ איז ניט געווען קיין פעסטע לויט איר אינערלעכער נאַטור פּראָלעטאַרישע קלאַסן=באַוועגונג, וועלכע זאָל מעכטיק דריקן אַף דער פּסיכאָלאָגיע פון די יעכידים, וואָס די אומשטענדן וואַרפן זיי אַריבער אין אַ שכיינעסדיקער סאָציאַלער סוויווע: באַ דער צעקראָכנקייט פונעם סאָציאַלן גרונט-באָדן פלעגן אונדזערע „גליקלעכע“, וואָס זיינען פאָטער געוואָרן פון דער לאַגע פון לוין=קנעכט, בעדערעך=קלאַל, זיך גיך קייקלען צום לאַגער, וואָס איז פיינטלעך צו דעם, פון וועלכן זיי זיינען געקומען“[28]. בעעמעס איז עס אָבער געווען „ניט גאָר גלאַט“ אויך פון ריין=טעאָרעטישן שטאַנדפּונקט. דער געצוווּנגענער אַריבערגאַנג פון פּראָלעטאַריאַט אַרויס אין דער שכייִנישער קליינבירגערלעכער סוויווע איז טאַקע אַ שטענדיקע דערשיינונג אויך אין מייִרעווּ=אייראָפּע, נאָר די, וואָס מאַכן האָרטן דורך אָט דעם איבערגאַנג, זיינען טאָמיד יעכידים, אויסנאַמען. אָבער אין ווילנע פון די 90=ער יאָרן איז דאָך די לאַגע געווען פונקט דער הייפּעך. דער אַריבערגאַנג פונעם פּראָלעטאַריאַט אַרויס צום קליינבירגערטום איז דאָך געווען די אַלגעמיינע שטרעבונג פון די יידישע האַנטווערקערארבעטער, און סיי זיי אַליין, סיי די אַרומיקע וועלט פלעגט האַלטן זייער „פּועלים“=לאַגע פאַר אַ צייטווייליקע. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך דערצו אויך צוגעפּאַסט און אויסגעאַרבעט אַ טאַקטיק, וואָס האָט פולקום אַנטשפּראָכן אי די אומשטענדן, אי די פאָדערונגען פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אָבער דאָ האָט זיך דאָך פאַר דער טעאָריע געמוזט שטעלן אַ פראַגע: וואָס-איז דאָס פאַר אַ פּראָלעטאַריאַט?

מאַרטאָוו האָט זיך אָנגעשטויסן אַף דעם ריין עמפּיריש, אינעם גאַנג פון די לימודים אין דעם קרייזל שניידערנס, מיט וועלכן ער האָט אָנגעפירט און ווי ער האָט געלייענט דעם „קאָם. מאַניפעסט“. אָט ווי ער דערציילט וועגן דעם: „מיינע צוהערערנס, ווי די געוואַלטיקע מערהייט יידישע האַנטווערקער=אַרבעטער אין ווילנע, האָבן געלעבט אין צו אָפּגעשטאַנענע סאָציאַלע באַדינגונגען, זיי זאָלן קאָנען דערזען אין די כאַראַקטעריסטיקעס פונעם „מאַניפעסט“ אַ בילד פון אַ געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס איז זיי ווייל עס איז באַקאַנט... און דאָס, וואָס דער „מאַניפעסט“ דערציילט וועגן די קעגנזייטיקע באַציִונגען פון די פאַרשיידענע קלאַסן און זייער סאָציאַלן כאַראַקטער האָט באַ מיינע צוהערערנס ניט אַרויסגערופן קיין ווייל עס אַז באַקאַנטע אַסאָציאַציעס“... „פונעם שמועס איז קלאָר געוואָרן, אַז קיין אַנדער „בורזשואַ“, אויסער זייער באַלעבאָסטע, וואָס איז, לויט איר לעבנשטייגער, אַן אינטעליגענטקע אָדער אָפּטמאָל אַ געוועזענע אַרבעטערן, האָבן מיינע שניידערנס ניט געקאָנט פאָרשטעלן זיך אָט די קליינבורזשואַזיע ווי אַ קלאַס, וואָס האָט דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן אונטערגעוואָרפן זיך און הערשט איבערן פאָלק, האָבן זיי ניט געקאָנט“[29].

מאַרטאָוו איז ווי עס איז בייגעקומען די טעכנישע—פּעדאַגאָגישע—שוועריקייטן באַם דערקלערן דעם „קאָמ. מאַניפעסט“, אָבער אָט די שוועריקייטן האָבן אים געמעגט באַוועגן צו פאַרטראַכטן זיך וועגן דעם כאַראַקטער פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז דער טרעגער פון סאָציאַליזם אין אַזאַ אָפּגעשטאַנענער סוויווע.

---

[28] Ю. Мартов. Записки социалдемократа, стр. 191-2

[29] דאָרטן, זייט 188-187

באַם איבערגאַנג פון דער פּראָפּאַגאַנדע צו אַגיטאַציע, בעשאַס די פאַרביטערטע דיסקוסיעס וועגן אָט דעם איבערגאַנג, האָט, אַפּאָגים, די „אָפּאָזיציע“ באַרירט אָט דעם מאָמענט, ווייל די בראָשור „וועגן אַגיטאַציע“, וואָס האָט באַדאַרפט באַגרינדן די נייע טאַקטיק, שטעלט זיך ספּעציעל דערויף אָפּ. דער אַווטאָר פון דער בראָשור „לייקנט אָפּ די אַלטע מיינונג (?—מ. ה.), אַז אַן אַגיטאַציע קאָן מען פירן נאָר אין די גרויסע פאַבריק-צענטרען. ער באַווייזט, אַז עס איז ניט נאָר מעגלעך, נאָר אויך זייער נויטיק צו אַרבעטן צווישן האַנטווערקער-אַרבעטער און באַזונדערס דערפאַר, ווייל די האַנטווערקעריי גייט ביסלעכווייז איבער אין פאַבריק-אינדוסטריע. און עס קאָן פיל שאַדן ברענגען די אַרבעטער, ווען זיי וועלן זיך פריער ניט צוגרייטן צום קאַמף“[30].

אינעם בונדישן באַריכט צום פּאַריזער קאָנגרעס פונעם אינטערנאַציאָנאַל ווערט אָט דאָס אָרט פון דער בראָשור פאַרטייטשט אַזוי, אַז עס קומט ניט אויס צו צווייפלען, ווען מע מיינט דאָ: „מיט דעם פּונקט מיינט דער פאַרפאַסער באַזונדערס די ייִדישע אַרבעטער-מאַסע, וועלכע באַשטייט, ווי מיר ווייסן, ס'רובֿ פון האַנטווערקער-אַרבעטער“[31].

מיט דערזעלביקער פראַגע פאַרנעמט זיך אויך דער „בריוו צו די אַגיטאַטאָרן“, באַטראַכטנדיק זי, עמעס, גאָר פון אַן אַנדער זייט. „אויב“ — זאָגט ער — „סאָציאַל-דעמאָקראַטן איז איבערהויפּט נויטיק צו אַרבעטן צווישן דער האַנטווערקער-מאַסע פון רוסלאַנד, איז צווישן דער ייִדישער האַנטווערקער-מאַסע אַוואַדע נויטיק צו אַרבעטן“. מאָטיווירט ווערט עס מיט דער נויטיקייט צו פאַרשטאַרקן די קראַפט פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט, *כדי זי זאָל זיך קענען דערשלאָגן מער רעכט בײַ אַ נייער פּאָליטישער אָרדענונג אין רוסלאַנד*.

די פראַגע איז דעמאָלט אויפגעקומען צום ערשטן מאָל, און ווען אַף די דעמאָלטיקע פירער פון דער באַוועגונג (מיט מאַרטאָוון אין קלאַל) זאָל ניט דריקן, ווי אַ באַרג, די שטיקנדיקע ווירקונג פון דער „קימאַט שטייעדיקער אינדוסטריעלער סאַזשעלקע, וואָס איז קימאַט ניט פאַרבונדן מיטן אַלגעמיינעם שטראָם פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט אין לאַנד“, וואָלטן זיי זיך זיכער מער אָפּגעגעבן מיט איר. געהאַנדלט האָט זיך דאָך בעמעס וועגן דער *סאָציאַלער פיזיאָנאָמיע* פון דער באַוועגונג.

## 3. די באַוועגונג פון די ווילנער ייִדישע אַרבעטער אין די 90־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט

באַם קליין- (און מיטל-) אינדוסטריעלן כאַראַקטער פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, באַם בעערעך קליינעם ספּעציפישן געוויכט פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אין דער ייִדישער סוויווע, בײַ דער צו גרויסער נאָענטקייט פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט צום קליינבירגערטום קאָן די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג איינהאַלטן איר רעוואָלוציאָנערן קלאַסן-כאַראַקטער נאָר בײַ איין טנײַ: אויב *זי אָריענטירט זיך אַף אַ שטאַרקערן פּראָלעטאַרישן קאָלעקטיוו, — אַף דער באַוועגונג פונעם פּראָלעטאַריאַט אין די אינדוסטריעלע צענטרען פון לאַנד*. אָט דער גרונט-עמעס האָט געזאָלט ווערן דער לייטפאָדעם פון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, ער האָט געזאָלט באַשטימען די באַציִונג פון דער אָרגאַניזירטער ייִדישער אַרבעטערשאַפט צו די פאַרשיידענערליי דערשיינונגען אין און אויסער דער ייִדישער אַרבעטער-וועלט. אָט דער גרונט-עמעס האָט מעכייעוו געווען די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג בעדערעך קלאַל ניט בלויז איינצושטעלן די ענגסטע פאַרבינדונגען, נאָר אויך אונטערצוואַרפן זיך דער אָרגאַניזאַציאָנעלער און אידעיִשער אָנפירונג פון דער גאַנצער אַרבעטער-באַוועגונג פון לאַנד. אין איטלעכן ערנסטן מאָמענט פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין לאַנד פלעגן זיך די ייִדישע אַרבעטער מאַקע סטיכיש ציען צו דער באַוועגונג פון

[30] „די געשיכטע פון דער ייִד. אַרב. באַוו.“, אַרויסגעגעבן פונעם צ"ק פון „בונד“. זשענעוו 1900.
[31] דאָרטן.

די גרעסטע אינדוסטריעלע צענטרען, און די קאָלערליי אָרגאַניזאַציאָנעלע מעכיצעס, וואָס זײַנען געשאַפן געוואָרן פאַרן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, צוליב זײַנע „ספּעציפישע באַדערפענישן", פלעגן דעמאָלט קנאַפּ וואָס העלפן...

אין די 90-ער יאָרן איז די ייִדישע ארבעטער-באַוועגונג אין ליטע און ווײַסרוסלאַנד געווען די סאַמע פאָרגעשריטענע, די באַוועגונג פון די ניט-ייִדישע אַרבעטער איז געווען אַסאַך שוואַכער. אָבער די דעמאָלטיקע ווילנער אָרגאַניזירטע ייִדישע אַרבעטער האָבן זייער באַוועגונג קלאָר ניט באַטראַכט פאַר אַ ספּעציעל ייִדישע.

די אָרגאַניזאַציע פון די ווילנער ייִדישע אַרבעטער איז נאָר איבער ריין-אויסערלעכע סיבעס געווען אַ ייִדישע (לויטן באַשטאַנד פון אירע מיטגלידער). אין דעם קאָן מען זיך איבערצייגן פון מאַרטאָווס זיכרונות: „אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט געאַרבעט אויסשליסלעך צווישן דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז אין ווילנע, אַכוץ זעלטענע אויסנאַמען, געווען אָפּגעטיילט פון די רוסישע, ליטווישע און פּוילישע אַרבעטער, אַזוי צו זאָגן, טעריטאָריאַל: אין איין און די זעלביקע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען פלעגן אַרבעטן אָדער קריסטן, אָדער ייִדן"... „דערצו האָט נאָך מיטגעהאָלפן די פולע לעבנשטייגערישע אָפּגעזונדערטקייט פונעם ייִדישן און קריסטלעכן פּראָלעטאַריאַט אין ליטע, ווי אויך דער אומשטאַנד, וואָס די פּוילישע רעוואָלוציאָנערן און די פּוילישע רעוואָלוציאָנערע סוויווע האָט זיך — צום אונטערשייד פון אונדז — אײַנגעפונען אונטער דער וואַכזאַמער השגחה פון דער אָרטיקער זשאַנדאַרמעריע, און אַ צו ענגע פאַרבינדונג האָט אונדז געדראָט מיט די אָפּטע, האַגאַס קלײנע, „דורכפאַלן", וועלכע זײַנען געווען אַ געוויינלעכע זאַך צווישן די פּוילישע קרײַזלעך"... *„אין אָט דעם באַשרענקען די אַרבעט מיט נאַציאָנאַלע ראַמען איז ניט געווען קיין שום אָפּריאָרע נאַציאָנאַלע אידיי"*.[32]

אין די אונדז באַוווּסטע „רעדעס פון ייִדישע אַרבעטער" פון יענער צייט געפינען מיר ניט קיין מינדסטן רעמעז אַף דעם, אַז די דעמאָלטיקע פאָרגעשריטענע ייִדישע אַרבעטער זאָלן פילן אַ וואָסער עס איז באַדערפעניש אין צוגעבן אַ נאַציאָנאַלן שטעמפּל זייער אָרגאַניזאַציע. אַז דאָס איז ווירקלעך אַזוי, באַשטעטיקט אויך דעדושקין. אין זײַן רעדע אַפן 3-טן צוזאַמענפאָר פון דער רסדא"פּ דערציילט דעדושקין וועגן די דעמאָלטיקע שטימונגען אין מכום: „ווען איך דערמאָן זיך די ייִדישע יונגט, דעם אָנהויב פון דעם „בונדס" מעטיקייט, נאָך איידער ער האָט זיך אויסגעבילדעט, — סיי אינטעליגענטן, סיי ייִדן-אַרבעטער, ווי נאָר זיי פלעגן פאָטער ווערן פון די טראַדיציעס פון אַן אַלטן ייִדן, פלעגן זיי שוין דערקלערן אַן אַנטשיידענעם קאַמף קעגן דעם נאַציאָנאַליזם. איך דערמאָן זיך די ערשטע בונדאָוועס. דאָס זײַנען געווען מענטשן, וואָס פאַרדינען באַוווּנדערונג. זיי פלעגן זיך בעשום אויפן ניט פאַרשליסן אין די ענגע ראַמען פון זייער פּאַראַפיע. זיי זײַנען געווען מעסירעסנעפּעשדיקע קעמפער קעגן דער זעלבסטהערשונג *און דורכויס ניט בלויז קעדיי אויסצודינגען מער רעכט פאַר ייִדן"*.[33]

הייסט עס, „אין דעם באַשרענקען די אַרבעט מיט נאַציאָנאַלע ראַמען איז קיין שום אַפּריאָרע נאַציאָנאַלע אידיי ניט געווען", — קיין ייִדישע נאַציאָנאַלע אידיי אַוואַדע ניט. נאָר ווען די באַוועגונג האָט זיך אויסקריסטאַליזירט, און עס זײַנען אופגעקומען באַדייטנדיקע אָרגאַניזאַציעס, איז אויך אופגעקומען די „נאַציאָנאַלע אידיי", און די אָרגאַניזאַציעס, נאַציאָנאַלע בלויז לויט זייער באַשטאַנד, זײַנען דערקלערט געוואָרן, ווי פּרינציפּיעל-נאַציאָנאַלע, פּרינציפּיעל-ייִדישע.

ווי אַזוי איז געקומען דערצו?

אַפּאָנים, מאַרטאָווס געווויסן האָט געמוזט זײַן גיט גאָר ריין, אויב ער האָט אין 25 יאָר אַרום געפונען פאַר נויטיק אומצוקערן זיך צו אָט דעם מאָמענט און באַלייכטן אים.

32 Мартов, l. c., стр. 213

33 Прот. III с'езда РСДРП. Речь Дедушкина

„אין מיי 1895 — דערציילט מאַרטאָוו — האָט אָט די אידיי (וועגן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער „זעלבשטענדיקייט“ פון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג—מ. ה.) אין אונדזערע קרייזן נעבלאַנדזשעט אין דער לופט; מיר פלעגן זיך דערויף אָנשטויסן ריין-עמפּיריש, — פּאַשעט דערפאַר, ווייל אונדזערע פרווון אָנצוקניפּן אַן ענגערע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג מיט די ס"ד פון מאָסקווע, פּעטערבורג, קיעוו א. א. וו. פלעגן זיך אָנשטויסן אַף דער שוואַכקייט פון די אָרטיקע באַוועגונגען, אַפן קרייזל-כאַראַקטער פון די מאַרקסיסטישע גרופּן, אַף דעם, וואָס אין זייער טעטיקייט דאָמינירן ריין-אָרטיקע אינטערעסן, בעשאַס די עלעמענטן פאַר פּאַרטייִיש-אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַרייניקונג פון די גרופּן, וואָס האָבן געאַרבעט צווישן דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, האָבן זיך שוין פאָרמירט פון זיך, אָרגאַניש, אַפן באָדן פונעם פּאַראַלעליזם אין די אופגאַבן און דער אייןהייטלעכקייט פון די מעטאָדן, און נאָך מער — אַפן באָדן פון דער איינאָרטיקער פּראָפעסיאָנעל-עקאָנאָמישער מאַסן-באַוועגונג“.

אָט די, פון אויבנוף קוקנדיק, גאַנץ גלאַטע און וואַרשיינלעכע דערקלערונג דערקלערט, אייגנטלעך גערעדט, נאָר דאָס, פאַרוואָס „די גרופּן, וואָס האָבן געאַרבעט צווישן דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט“, האָבן זיך פאַרייניקט פריער פאַר דער גאַנצער ס"ד באַוועגונג פון לאַנד, ד. ה. אַזוי גוט ווי גאָרנישט. און ווי פילנדיק די פעלערהאַפטיקייט פון זיין דערקלערונג, ווענדעט מאַרטאָוו אָן אַן אַנדער מיטל — האָט מיטל פון ליטעראַרישן „אַוועקשרייבן“. ער פלייסט זיך צו פאַרוואַנדלען די גאַנצע פראַגע אין עפּעס אַ ביאָגראַפישע דעטאַל, אין אַ פראַגע פון אַ נעלונגענער אָדער ניט געראָטענער אַרויסטרעטונג: „איך וואָלט גיט געווען ווערט מיינע 22 יאָר און די רעפּוטאַציע פון אַ מענטשן מיט אַ קאַמף-טעמפּעראַמענט, פון אַ מענטשן, וואָס שטרעבט צו קאָנסעקווענטן דענקען, ווען איך וואָלט זיך ניט צוגעיילט טעאָרעטיש „פאַרקיילעכיקן“ אָט דעם פאַקט (די פאָרמירונג פון אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַרייניקונג פון די ייִדישע גרופּן—מ. ה.) און אַף גיך צונויפשלאָגן און באַגרינדן אַ טעאָריע וועגן דער נויטווענדיקייט אָפּצוזונדערן אָרגאַניזאַציאָנעל די פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע באַוועגונגען אין איין לאַנד. אָבער העיוים ווי אין אונדזער סוויווע איז ניט געווען קיין שום נייגונג צו אַפּעלירן צו וואָסער עס איז קולטורעל - נאַציאָנאַלער אָריגינאַליטעט(самобытность), האָב איך פאַר דער באַגרינדונג פון דער אופגאַבע צו בילדן אַן אַלגעמיין-ייִדישע סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע געקאָנט אָנקומען נאָר צום גאַנץ וווּלגאַרן אַרגומענט, אַז די ספּעציפישע ייִדישע רעכטלאָזיקייט, פון וועלכער עס ליידט מער פאַר אַלעמען דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט, וועט אין דער אַלרוסלענדישער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג ניט געפינען קיין גענוג שטאַנדהאַפטיקן קעמפער“... „באַמערקנדיק, ווי מיין אַרגומענטאַציע ווערט וווּלגאַריזירט און קאָמענטירט אין די דיסקוסיעס אַף פאַרשיידענע פאַרזאַמלונגען, האָב איך באַלד אין טיפן האַרצן אַ צווייפל געטאָן אין דעם, צי ס'איז ריכטיק די נאָטע, וואָס איך האָב גענומען. ווען מיר האָט זיך געמאַכט אַ פּאַסיקע געלעגנהייט, האָב איך זיך דעריבער באַנוצט מיט איר, קעדיי אָנצושטעלן מיין לירע אַף אַן אַנדער טאָן“ [34].

אָט דאָס ליטעראַרישע אַרויסדרייען זיך פון אַ פּאָליטישער פראַגע האָט איין קאַוואָנע מאַכן דעם גאַנצן איניען צונישט: אַן אומגעלונגענע אַרויסטרעטונג פון אַ היציקן 22-יאָריקן באָכער, וואָס אירע פּאָלגן זיינען באַלד פאַריכט געוואָרן אין אַ צווייטער, מער געראָטענער אַרויסטרעטונג...

מאַרטאָווס „קערפּונקט“ איז אָבער, בעליסאָפּעק, עטוואָס מער ווי אַ דעטאַל אין מאַרטאָווס פּאָליטישער ביאָגראַפיע. ער איז אין זיין צייט אָנערקענט געוואָרן פאַרן אָפיציעלן אויסדרוק פון די אָנשויונגען פון דער דעמאָלטיקער ווילנער אָנפירנדיקער גרופּע. שפּעטער אַהינצו איז ער געוואָרן דער פּאָליטישער קרעדאָ פון „בונד“, און אַפילע ווען דער „בונד“ האָט אופגענומען דעם אַוטאָנאָמיזם, האָט מען אין די בונדישע קרייזן נאָך אַלץ געהאַלטן דעם „קערפּונקט“ פאַר אַ קאַשערע טעאָרעטישע באַגרינדונג פון דעם „בונדס“ אָרגאַניזאַציאָנעלע פּרינציפּן. און פונקט אַזוי ווי מיר באַטראַכטן דעם „קערפּונקט“ ניט בלויז ווי אַן אינטערעסאַנטן מענטשלעכן דאָקו-

[34] Ю. Мартов. Записки с.-дем-та, стр. 247—8.

מענט, וואָס באַלייכט מאַרטאָװס אידייִשע עוואָלוציע, נאָר ווי אַ דאָקומענט, וואָס באַצייכנט בעעמעס דעם אָנהויב פון אַ גאַנצער טקופע אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער=באַוועגונג, פונקט אַזוי קאָנען מיר אויך די צענטראַלע אידיי פונעם „קערפונקט" — דעם סעפּאַראַטיזם ניט באַהאַנדלען ווי אַ פּאָשעטן פּעדערשפּריץ פון אַ טעמפּעראַמענטפולן פּובליציסט. און טאַקע דערפאַר, ווייל מיר באַטראַכטן דעם סעפּאַראַטיזם ניט ווי מאַרטאָװס אַ צופעליקן לאַפּסוס, נאָר ווי אַ גאַנצע סיסטעם, וועלכע מאַרטאָװ האָט נאָר טעאָרעטיש באַגרינדעט, — מוזן מיר זאָרגזאַם אַנאַליזירן דעם אידייִיש=פּאָליטישן אינהאַלט פונעם „קערפונקט".

ווי אַקסלראָדס בראָשור, אַזוי הויבט זיך אויך דער „קערפונקט" אָן פון כאַראָטע, פון אנערקענען אַ טאָעס. דעם טאָעס גופע האָט מאַרטאָװ געהאַלטן — פונקט ווי אקסלראָד — פאַר אַ ריין=לאָגישן: ער האָט אים באַטראַכט, ווי אַ „יערושע פון דער בורזשואַזיע" („די אָנשווינגען פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ האָבן געשפּילט מאַמעש אַ שעדלעכע ראָליע אין אונדזער באַוועגונג").

דעם מעהוס פונעם טאָעס פאָרמולירט מאַרטאָװ דראַסטיש: די פאָרמול כאַזערט ער איבער עטלעכע מאָל, און קימאַט אין איינע און דיזעלביקע ווערטער:

„...אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער באַוועגונג האָבן מיר אונדזער רעטונג געוואַרט נאָר פונעם רוסישן אַרבעטער=קלאַס: אַף זיך אַליין האָבן מיר דאַן געקוקט ווי אַף אַ צונאָב צו דער רוסישער אַרבעטער=באַוועגונג"...

„...אַפן ערשטן פּלאַן איז בײַ אונדז געווען די אידעאַלע רוסישע באַוועגונג, און איבער איר האָבן מיר ניט געזען די געבורט פון דער פּאַקטישער ייִדישער באַוועגונג"...

„אַוועקשטעלנדיק די באַוועגונג פונעם ייִדישן אַרבעטער=קלאַס אַפן צווייטן פּלאַן, האָבן מיר זיך באַצויגן מיט ביטל צו איר פּאַקטישן צושטאַנד"...

אָט די דריי ציטאַטן גייען אינעם טעקסט פונעם „קערפונקט" קימאַט איינע נאָך דער אַנדערער און מאַכן דעם איינדרוק פון אַן עמעסער טשוווע=דערקלערונג.

מאַרטאָװ זאָגט ניט, וועמעס טאָעס דאָס איז געווען, צי דאָס איז בלויז אַ טאָעס פון דער אָנפירונג אָדער אַן אומפאַרמיידלעכער, האַגאַם אַ פּאַרדריסלעכער מאָמענט אין דער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג גופע. באַהויפּטנדיק, אַז די אָנשווינגען פון דער ייִדישער בורזשואַזער אינטעליגענץ האָבן שעדלעך געווירקט אַף דער ייִדישער אַרבעטער=באַוועגונג, דערקלערט ער אָבער ניט, ווי אַזוי ס'איז געקומען דערצו, און פאַרוואָס אָט די שעדלעכע ווירקונג האָט זיך געלאָזט פילן גראָד אין דעם פּראַט.

הייסט עס, אַז דעם געגעזים פון דעם טאָעס וועט אונדז אַליין אויסקומען זוכן. דערפאַר באַלייכט מאַרטאָװ גוט שלעכט דעם טיקן=טאָעס — די ענדערונג צו גוטן, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער ווילנער באַוועגונג אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַריבערגאַנג פון פּראָפּאַגאַנדע צו אַגיטאַציע:

„דאָס לעבן האָט אונדז געצוווּנגען ענדערן אונדזער טאַקטיק, און, ווי עס שיינט, איז די הויפּט=סיבע געווען דאָס, וואָס בעשאַס מיר האָבן אַלע אונדזערע האָפּעונגען פאַרבונדן מיט דער אַלרוסישער באַוועגונג, האָבן מיר אומבאַמערקטערהייט פאַר זיך אַליין אופגעהויבן די ייִדישע באַוועגונג אַף אַזאַ הייך, וואָס די רוסישע באַוועגונג האָט נאָך ניט דערגרייכט"...

„מיט אונדזער טעטיקייט האָבן מיר באַשאַפן אַ באַוועגונג, וואָס פאַרנעמט אין דער איצטיקער באַוועגונג פונעם פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד דאָס 2=טע אָרט".

דאָס איז איין זייט פון דער מאַטבייע. און אָט איז די אַנדערע:

„מיר דאַרפן זיך שטעלן אַף דעם שטאַנדפונקט, אַז זייענדיק שטענדיק פאַרבונדן מיט דער רוסישער באַוועגונג, דאַרפן מיר פונדעסטוועגן ניט צומאַכן די אויגן, אַזוי אַז מיר זאָלן ניט באַמערקן, אַז זי אַליין איז נאָך זייער שוואַך"...

„דער ייִדישער אַרבעטער־קלאַס“ — דעקלאַרירט מאַרטאָוו — „איז אַ גענוג שטייפע מאַסע, אַז ער זאָל, זייענדיק אָרגאַניזירט, קאָנען באַווייזן אַ גאַנץ אימפּאָזאַנטע קראַפט“.

דעם געדאַנק וועגן דעם, אַז די אָרגאַניזירטע ייִדישע אַרבעטערשאַפט קאָן מיט זיך פאָרשטעלן אַן „אימפּאָזאַנטע קראַפט“, וואָס קאָן זיך באַ אַ קאָנסטיטוציאָנעלער אָרדענונג דערשלאָגן מער רעכט, אָט דעם געדאַנק געפינען מיר שוין אינעם „בריוו צו די אַגיטאַטאָרן“. מאַרטאָוו האָט נאָר געמאַכט פון דעם געדאַנק אַן אויסערסט ווייטגייענדיקן אויספיר: אָט די אימפּאָנירנדיקע קראַפט דאַרף מען אָפּזונדערן, אָרגאַניזאַציאָנעל אָפּטיילן פון די איבעריקע אַרבעטער־קויכעס, וואָס ווירקן אין לאַנד.

מאָטיווירט ווערט עס אַף אַזאַ אויפן:

דער ייִדישער אַרבעטער־קלאַס, ווען ער זאָל זיין אָרגאַניזירט, איז אַ גאַנץ אימפּאָנירנדיקע קראַפט. „אָט די קראַפט איז געוויינלעך ניט גענוג, אַז דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט זאָל מיט איר אַליין זיך קאָנען דערשלאָגן די באַפרייונג, און אין דעם באַשטייט טאַקע די אורזאַך, וואָס פאַרבינדט אונדז פעסט מיט דער רוסישער און פּוילישער באַוועגונג“. אָבער „מיר דאַרפן פאַרשטיין, אַז דער רוסישער אַרבעטער־קלאַס וועט אַפן וועג פון זיין קלאַסן־אַנטוויקלונג אָנטרעפן אַזעלכע שטערונגען, אַז יעדער קלענסטער זיג וועט אים קאָסטן שרעקלעכע אָנשטרענגונגען, דעריבער וועט ער נאָר דורך אַ שטענדיקן פעסטן קאַמף זיך קאָנען דערשלאָגן איין פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאַרבעסערונג נאָך דער אַנדערער; און אויב אַזוי, איז קלאָר, אַז ווען דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט וועט אויסקומען אָפּפערן וועלכע עס איז פון זיינע פאָדערונגען, קעדיי צו דערגרייכן כאָטש וועלכע עס איז פאַרבעסערונגען, וועט ער אין אַזאַ פאַל געוויינלעך בעסער אָפּפערן די פאָדערונגען, וועלכע זיינען נויטיקע נאָר ספּעציעל דעם ייִדן, ווי, צום ביישפּיל, פרייהייט פון רעליגיע, אָדער גלייכע רעכט פאַר ייִדן“ [35].

באַ אַזאַ בוילעט נאַציאָנאַליסטישן אויסגאַנג־פּונקט האָט שוין מאַרטאָוו געמוזט קומען צום „אָפענעם און דייטלעכן“ סעפּאַראַטיסטישן אויספיר: „באַשאַפן אַ ספּעציעלע ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע“.

דער מאַרקסיזם פאַרלאַנגט דורכויס, אַז די אידייִשע פאַראייניקונג פונעם פּראָלעטאַריאַט אַפן באָדן פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם זאָל פאַרשטאַרקט ווערן דורך דער מאַטעריעל־איינהייט פון זיין אָרגאַניזאַציע. דער „קערפּונקט“ זאָגט זיך ניט אָפּ פון דער אידייִשער פאַראייניקונג מיטן גאַנצן פּראָלעטאַריאַט פון לאַנד („אָן דער רוסישער און פּוילישער באַוועגונג וועט

[35] אַפילע דער אַווטאָר פונעם בונדישן באַריכט צום פּאַריזער קאָנגרעס פונעם אינטערנאַציאָנאַל (אין 1900) האָט שוין איינגעפונען, אַז מאַרטאָוו האָט זיך דאָ אויסגעדריקט „צו שאַרף און האַרט“ און האָט זיך געמיט ווי עס איז פאַרגלעטן די שאַרפקייט פון מאַרטאָווס מעלדונג. ער וויל האָבן, אַז מאַרטאָוו האָט געהאַט אין זינען ניט די סאָציאַלדעמאָקראַטיע, נאָר די גאַנצע רוסישע אַרבעטער־מאַסע, און אויב אַזוי איז עס שוין ניט „צו שאַרף און האַרט“, ווייל „גלייכע רעכט פאַר ייִדן זיינען פאַר דער רוסישער אַרבעטער־מאַסע מער ניט ווי אַ פּרינציפּיעלע פּראַגע“, אָבער „די אַרבעטער־מאַסע קעמפט פאַר פּרינציפּן נאָר דעמאָלט, ווען די פּרינציפּן האָבן אַ שייכעס צו אירע אייגענע באַוווסטע באַדערפענישן“, און אויב אַזוי, פרעגט זיך, „צי קאָנען מיר וואַרטן פון דער גאַנצער רוסישער אַרבעטער־מאַסע, זי זאָל שטיין אינגיכן אַף אַזאַ הויכער מאַדרייגע פון קלאַסן־באַוווּסטזיין, אַז זי זאָל קעמפן פאַר גלייכע רעכט פאַר ייִדן, זאָל קעמפן פאַר אַזאַ זאַך, וואָס איז, אייגענטלעך, נאָר גאָר ווייט צוזאַמענגעבונדן מיט אירע איצטיקע באַדערפענישן? צי קאָנען מיר וואַרטן, אַז זי זאָל דערפאַר קעמפן מיט דערזעלבער ענערגיע, ווי פאַר אירע אייגענע רעכט?“ („די געשיכטע פון דער ייִד. אַרב. באַוו.“ זייט 23—22). אָט די בקירע איז לענגער פאַר מאַרטאָווס און, בעמיילע, אויך טעמפּער און וויכער, אָבער בעצעם איז עס די זעלבע זאַך, און דערצו מוז מען נאָך צוגעבן, אַז אָט־דעם פּרווו מעטאַהער צו זיין דעם נאַציאָנאַליסטישן שערעץ מאַכט מאַרטאָוו אַליין צונישט. ער זאָגט בעפּיירעש, אַז ער האָט אַרויסגערוקט דעם אַרגומענט, אַז „די ספּעציפישע ייִדישע רעכטלאָזיקייט... וועט ניט געפינען קיין גענוג שטאַנדהאַפטיקן קעמפער אין דער אַלגעמיין־רוסלענדישער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג“. (זע Записки социалдемократа стр. 248).

אונדזער זיג קיין גרויסער ניט זיין"), אָבער ער צעשטערט די מאַטעריעלע אייגהייט פון דער פּראָלעטאַרישער קלאַסן=אָרגאַניזאַציע, דערלאָזנדיק, אַז די באַוועגונג פונעם גאַנצן רוסלענדישן אַרבעטער=קלאַס זאָל צעשטויבט ווערן אין אַ ריי נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. דער סעפּאַראַטיזם אינעם בויען די אָרגאַניזאַציע, די „זעלבשטענדיקע" אָרגאַניזאַציאָנעלע עקזיסטענץ האָט שוין צוגעגרייט דעם באָדן אי פאַר פעדעראַליזם, אי פאַרן אַווטאָנאָמיזם.

דער סעפּעראַטיזם — אָט די צענטראַלע אידיי פונעם „קערפּונקט" — איז בײַ מאַרטאָוון זיכער געווען פאַרבונדן מיט אַ ריי אַנדערע דעפעקטן אין זיין דעמאָלטיקער וועלטאָנשויונג: מע קאָן ניט זינדיקן קעגן מאַרקסיזם אין איין פּונקט, בלייבנדיק אים טריי אין אַלע איבעריקע פּונקטן. בײַ דער נעענטערער באַקאַנטשאַפט מיטן „קערפּונקט" זעט מען עס קלאָר איין. ווען מאַרטאָוו שרייבט, אַז דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט „וועט נאָר דורך אַ שטענדיקן פעסטן קאַמף זיך קאָנען דערשלאָגן איין און עקאָנאָמישע פאַרבעסערונגען אָך דער אַנדערער", לאָזט ער אַרויס פון אויגן די פּערספּעקטיוו פון דער רעוואָלוציע: אָט די ראַדיקאַלע „פּאָליטישע פאַרבעסערונג" ברענגט מיט זיך מיטאַמאָל אַ גאַנצע ריי פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאַרבעסערונגען... און ווען ער שרייבט, אַז קאָלזמאַן עס עקזיסטירט די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט איז די קאַטעגאָרישע אויפגאַבע פון איטלעכער נאַציאָנאַליטעט „דעראָבערן אויב ניט די פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט, איז יעדנפאַלס פולע גלייכבאַרעכטיקונג", פאַטערט ער אָפּ מיט אַ ליטעראַריש קיילעכדיקער פראַזע די פּאָליטישע שטעלונג פון דער פראַגע, וואָס דער מאַרקסיזם גיט: איין אַלגעמיינע פּראָגראַם=פאָדערונג „פרייהייט פון זעלבסטבאַשטימונג" און פאַרשיידענע טאַקטישע אויפגאַבן: פאַר די רעוואָלוציאָנערן פון דער הערשנדיקער נאַציאָנאַליטעט ליגט דער שווערפּונקט אינעם פאַרטיידיקן די רעכט פון די אונטערגעדריקטע פעלקער אַף זעלבסטבאַשטימונג, פאַר די רעוואָלוציאָנערן פון די פאַרשקלאַפטע נאַציעס — אינעם פאַרטיידיקן אין זייער סוויווע די געמיינזאַמקייט פון זייערע אינטערעסן מיט די אינטערעסן פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט פון לאַנד בכלל און פון דער הערשנדיקער נאַציאָנאַליטעט בפרט.

אינעם „קערפּונקט" האָט זיך מאַרטאָוו אָפּגעקערט פונעם מאַרקסיזם, — פונעם מאַרקסיסטישן אָרגאַניזיר=פּרינציפּ, פון דעם מאַרקסיסטישן אויפן שטעלן די יידן=פראַגע. פאַרשטעמפּלענדיק די פאַלשע רוסיפיקאַטאָרישע אָריענטאַציע פון דער פּראָפּאַגאַנדע=אַרבעט ביזן איבערגאַנג צו דער נייער אַגיטאַציע=טאַקטיק, האָט ער אַליין אונטערגעפירט אַ טעאָרעטישן באַזיס אונטער דער פאַלשער יידיש=נאַציאָנאַליסטישער אָריענטאַציע, אונטער דעם פאַטאַלן טאָעס, וואָס האָט אין פאַרלויף פון 25 יאָר געבראַכט אומגעהייערן שאָדן דער יידישער אַרבעטער=באַוועגונג.

ווו זיינען געלעגן די אָביעקטיווע סיבעס און ווער איז געווען דער טרעגער פון אָט דעם טאָעס? וועמען האָט ער געלוינט?

ווען מאַרטאָוו האָט זיך געקלאָגט, אַז „אפן ערשטן פּלאַן איז בײַ אונדז געווען די אידעאַלע רוסישע באַוועגונג, און איבערדעם האָבן מיר ניט געזען די געבורט פון דער פאַקטישער יידישער באַוועגונג", האָט ער זיכער געהאַט אין זינען ניט די ווילנער יידישע אַרבעטער. זיי האָבן דאָך „די אידעאַלע רוסישע באַוועגונג" ניט געקענט און בעמיילע האָבן זיי אויך ניט געקענט קוקן אַף זיך, ווי אַף אַ „צוגאָב" צו איר (שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז עס שיקט זיך בכלל ניט, מאַסן=אַרבעטער זאָלן זיך אַליין באַטראַכטן ווי אַ צוגאָב צו עפּעס). ריכטיק איז מאַרטאָווס באַהויפּטונג געווען נאָר בנוגע דער דעמאָלטיקער אָנפירנדיקער אינטעליגענץ (בכלל, און בנוגע אים גופא בפרט).

די באַגעגעניש פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ מיט דער יידישער אַרבעטערשאַפט איז פאָרגעקומען סאָף 80=ער יאָרן אין ליטע און ווייסרוסלאַנד, אַדאַנק אַ ריי גינסטיקע אָרטיקע באַדינגונגען. אין ווייסרוסלאַנד (אין דער „ליטע") איז צו יענער צייט קימאַט ניט געווען קיין רוסישער פּראָלעטאַריאַט. די שטאָ=

מישע אַרבעטערשאַפט איז אין איר איבערוועגנדיקער מערהייט געווען אַ נאַצמינדערייִשע, און דערצו נאָך ניט פון איין נאַציאָנאַליטעט, נאָר פון עטלעכע (ייִדן, ווייסרוסן, ליטווינער, פּאָליאַקן, ערטערווייז לעטן). די גאַנצע באַפעלקערונג פונעם אַמאָליקן צאָפן-מייִרעוודיקן קאַנט איז באַשטאַנען — אויב מע רעכנט אַראָפּ די פּאָליאַקן — פון פּלעבייִשע, ניט מעיוכעסדיקע פעלקער, וועלכע פאַרמאָגן ניט קיין אייגענע הערשנדיקע קלאַסן און קיין אייגענע אָנערקענטע קולטור. די פּוילישע קולטור האָט דאָ אויך ניט געשפּילט די הערשנדיקע ראָליע, וואָס זי האָט געשפּילט אין פּוילן. די אַלטע פראַגע „לעטוויוועס וועמען“ האָט דאָ די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ ניט געקאָנט שטעלן אין אקסעלראָדס פאָרמולירונג („לעטוויוועס דעם ייִדישן פאָלק — אָדער לעטוויוועס דעם גאַנצן רוסישן פאָלק“); דאָ האָט מען געמוזט אויסוויילן צווישן איין נאַצמינדערהייט און דער אַנדערער, און די ייִדן זיינען דערביי געווען בילכער, ווייל זיי האָבן קיין נאַציאָנאַל-רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס ניט פאַרמאָגט און זיינען אַזוי אַרום געווען נעענטער צום „גאַנצן רוסישן פאָלק“. די „רוסישע מאַרקסיסטן“ à la מאַרטאָוו האָבן אין ווייסרוסלאַנד געאַרבעט בלויז צווישן דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, ווייל אַפן וועג צו זייער דערנעענטערונג מיטן פּוילישן פּראָלעטאַריאַט און מיט דער פּויליש-ליטווישער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ איז געשטאַנען די נאַציאָנאַלע רוסישע קולטור: אין דער באַציונג צו דער רוסישער קולטור איז די פּוילישע אַרבעטערשאַפט געווען אַ פיינטלעכער עלעמענט, די ייִדישע — אַ נייטראַלער אָדער גאָר אַ פריינטלעכער.

אין ווייסרוסלאַנד האָט דער רוסישער נאַציאָנאַליזם געשטויסן די ייִדישע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ צום ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.

די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ האָט בעעמעס געקאָנט באַטראַכטן די רעאַלע ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג ווי „אַ צוגאָב“ צו דער אידעאַלער רוסישער (אָדער ריכטיקער, ווי אַ סוראָגאַט פון איר), אָבער די באַוועגונג האָט געהאַט איר אייגענע לאָגיק. די אָרטיקע באַדינגונגען, די אַרבעט צווישן דעם ייִדישן האַנטווערקער-פּראָלעטאַריאַט, דער עקאָנאָמישער קאַמף אין די באַדינגונגען פון אַן אָפּגעשטאַנענעם ראַנד-געביט, די בעערעכדיקע שוואַכקייט פון דער באַוועגונג אין די אינדוסטריעלע צענטרען, — דאָס אַלץ האָט וואָס ווייטער, אַלץ מער געצווונגען שטיצן זיך אַף דער אייגענער דערפאַרונג.

גראָד די אָפּגעשטאַנענקייט פונעם שפּעטערדיקן ראַיאָן פון „בונד“ האָט פריער ווי אומעטום אַרויסגערוקט די פראַגע וועגן קריזיס פון דער פּראָפּאַגאַנדע, וועגן אַריבערגיין צו נייע מעטאָדן פון אויפווירקונג אַף די מאַסן.

דער סאָציאַליסט דעם אינטעליגענט, וואָס האָט געלעכצט צו זען דירעקטע דערפאָלגן, האָט די אַגיטאַציע צווישן באַדייטנדיקע קרייזן ווילנער אַרבעטער און זייער פּראָפעסיאָנעל-עקאָנאָמישער קאַמף אימפּאָנירט מער איידער די פּראָפּאַגאַנדיסטישע מילבן-אַרבעט פון די פּעטערבורגער קרייזלעך. אַזוי אַרום איז פאַרלאָרן געגאַנגען די פּערספּעקטיוו: ווילנע האָט פאַרשטעלט פּעטערבורג.

און דאָך איז די ווילנער באַוועגונג געווען אַ באַוועגונג פון אַ האַנטווערקער-פּראָלעטאַריאַט, און אַלע אָרגאַנישע פעלערן אירע, וואָס זיינען קענטיק געוואָרן שפּעטער, האָבן בעעמעס שוין געשטעקט אין איר העראָישן פּעריאָד. די ענגע גרענעצן און דער קנאַפּער סאָציאַלער אינהאַלט פון עקאָנאָמישן קאַמף אין דער „קימאַט שטייעדיקער אינדוסטריעלער סאַזשעלקע“ האָט געמוזט אָנווייזן „עקאָנאָמיזם“, און די נאַציאָנאַלע פאָרמען פון דעם אַרבעטערס לעבנשטייגער האָבן געמוזט שפּייזן דעם נאַציאָנאַליזם פון זיינע פירער. און אַזוי איז עס אויך געשען: ווי נאָר די ווילנער אָנפירנדיקע גרופּע האָט אַ פּרווו געטאָן באַגרינדן די נויטווענדיקייט איבערצוגיין צו אַגיטאַציע אַפן באָדן פון עקאָנאָמישן קאַמף האָט זי אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין אַראָפּגעקייקלט זיך צום „עקאָנאָמיזם“,

און ווי נאָר זי האָט פּרובירט צו באַגרינדן דעם איבערגאַנג פון רוסיש צו ייִדיש, האָט זי זיך דערעדט צו סעפּאַראַטיזם.

אין ביידע פאַלן איז געקומען צום אויסדרוק די אָביעקטיווע אַנטוויקלונגס-לאָגיק פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, נים די סוביעקטיווע שטימונג פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט. דער דעמאָלטיקער אָרגאַניזירטער ייִדישער אַרבעטער איז געווען געשטימט רעוואָלוציאָנעריש, און זיין אָרגאַניזאַציע איז פאַר אים געווען דער אָרגאַן פון קאַמף פאַר די באַדערפעניש פון זיין קלאַס, די איינציקע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע ער האָט געקענט און געוווּסט. נאָר פאַר דער אינטעליגענץ איז די אָרגאַניזאַציע געוואָרן די ייִדישע אָרגאַניזאַציע, — אַן ענטפער אַף דער „לעטוויוועס וועמען“-פראַגע, אַ באַרעכטיקונג פון איר נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג.

די רעוואָליוציאָנערע ייִדישע אינטעליגענץ האָט געמעגט קומען צום ייִדישן פּראָלעטאַריאַט בעאַלקאָרכע, אָבער נאָך צען יאָר פּראָפּאַגאַנדע איז די אָרגאַניזירטע ייִדישע אַרבעטערשאַפט געוואָרן אַ קויער, וועלכן ס'האָט געלוינט צו פאָרשטעלן, רעפּרעזענטירן.

דער נאַטירלעכער גאַנג פון דער באַוועגונג האָט געפירט די סאָציאַלדעמאָקראַטישע גרופּן, וואָס האָבן געאַרבעט צווישן דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, צום אָרגאַניזירן זיך, ווי אַן אָרטיקע ראַיאָנע פאַרייניקונג פון ס"ד גרופּן מיט אַ ייִדישער מיטגלידערשאַפט. צוגעבן אָט דער פאַרייניקונג אַ פּרינציפּיעל-נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, פאַרוואַנדלען זי אין אַ נאַציאָנאַל-פּאַרטעישע גרופּירונג, דאָס האָט מען באַדאַרפט נאָר צוליב פאָרשטייערשאַפט.

צוליב אָט דער ספּעציעלער פאָרשטייערשאַפט האָט מען נאָכדעם פּיקסירט די אויפמערקזאַמקייט פון מויזנטער ייִדישע אַרבעטער אַף די ספּעציפישע קליינינקייטן פון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָפּווענדנדיק זיי פון די וויכטיקסטע שטרייט-פראַגן וועגן דער פּאָליטישער ווירקלעכקייט פון לאַנד. אין דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אַף דער פּלאַטפאָרם פונעם „קערפּונקט“, האָבן זיך אַדאַנק דעם געקאָנט צונויפלעבן רעכטע און לינקע, „באָלשעוויקעס“ און מענשעוויקעס. די „זעלבשטענדיקייט“ האָט דאָמינירט איבער אַלעס. איין אָרגאַניזאַציאָנעלער דאַך פאַר אַלע ייִדישע מאַרקסיסטן האָט געפירט אומפאַרמיידלעך צו אָפּאָרטוניזם, צו פּאָליטיק פון פּרינציפּיעלע קאָמפּראָמיסן, צום נים האָבן קיין שטאַנדפּונקט אין קאַרדינאַלע פראַגן, אָבער דערפאַר איז געווען גרויס די „אימפּאָזאַנטע קראַפט“ פון דער פירמע.

מאַרטאָוו איז געווען אומגערעכט, ווען ער האָט דער ייִדישער בורזשואַזיע פאָרגעוואָרפן נאַציאָנאַלע אַפּאַטיע און פּאַסיוויטעט. די ייִדישע בורזשואַזיע איז נאַציאָנאַליסטיש, עלע וואָס איר נאַציאָנאַליזם איז נים קיין ייִדישער, נאָר אַ רוסישער (דייטשישער, פּוילישער); דער ייִדישער מיטלשטאַנד שפּייזט אַפילע צוויי נאַציאָנאַליזמען: דער באַרימטער לאָזונג „עברית או רוסית“ פאַראייניקט די פראַזעאָלאָגיע פון ייִדישן שאָוויניזם מיטן פּאַקטישן דינען דעם רוסישן. און פונקט אַזוי אומגערעכט איז ער געווען, ווען ער האָט געמיינט, אַז זיינע אייגענע דראָשעס וועגן „נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווּסטזיין“ שפּיגלען אָפּ די אָביעקטיווע אינטערעסן פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט. די ייִדישע רעוואָליוציאָנערע אינטעליגענץ, וואָס דער רוסישער נאַציאָנאַליזם האָט זי אַמאָל געבראַכט צום ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, האָט אינעם „קערפּונקט“ מאַניפעסטירט איר איבערגאַנג צום ייִדישן נאַציאָנאַליזם, און אָט דער דעמאָלט נייער נאַציאָנאַליזם מיט ייִדיש (שפּעטער „ייִדישיזם“) האָט אויפגעבויט אַן אייזערנעם בריק צווישן דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג און דעם קליינבירגערטום *.

* דעם כ' הערס סכעמע באַזירט זיך דאָ דעריקער אַף נאַציאָנאַל-פּסיכאָלאָגישע האַשאָרעס, און דער אופקום פון נאַציאָנאַליזם אין דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין ווילנע, וואָס איר ערשטער בוילעט-פאָרמולירטער אויסדרוק אַנטהאַלט זיך אין מאַרטאָווס אַרויסטרעטונג, באַקומט זיך דאָ ווי אינגאַנצן אָפּגעריסן פון די פאַקטאָרן, וואָס האָבן געווירקט אַפן אופקום פון אָפּאָרטוניזם און אַנדערע קליינבירגערלעכע אייגנשאַפטן אין דער אַלגעמיין-רוסלענדישער אַרבעטער-באַוועגונג. רעדאַקציע.

דער „קערפונקט“ באַטראַכט די יִדן־פראַגע, ווי אַ פראַגע פון גלייכבאַרעכטיקונג, די פאָדערונג פון גלייכע רעכט — ווי אַ קאָל=יזיסראָעל=פאָדערונג און די „ספּעציעלע יִדישע אַרבעטער=אָרגאַניזאַציע“, וועלכע ער פּראָיעקטירט, — ווי אַ ספּעציעלן „דערגרייכער“=פאַריין. מאַרטאָוו מאַכט ניט דעם מינדסטן פּרוּוו אָנצופילן דעם אַלגעמיינעם לאָזונג וועגן גלייכבאַרעכטיקונג מיט אַ פּראָלעטאַרישן קלאַסן=אינהאַלט.

דער „קערפונקט“ האָט געגעבן אַ דורכויס פאַלשע ריכטונג די אַלע, וועלכע האָבן געוואָלט אַף זיין יעסאָד געבן אַ סאָציאַליסטישע באַלייכטונג פון דער יִדן=פראַגע. איינע פון די וויכטיקסטע סאָציאַלע פראַגן, וועלכע ווערט אומגעהויער פאַרשאַרפט בא דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, ווערט צוגעשפּיצט — מאַמעש ווי באַם „Восход“ — צו אַ פראַגע פון גלייכבאַרעכטיקונג, שיר ניט צו אַ פראַגע פון וווין=רעכט און פּראָצענט=נאָרמע. אין דעם פּראַט איז דער „קערפונקט“ אַ פּראָדוקט פון זיין צייט — אַ ווערק, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן באַם רעזשים פון איגנאַטיעווס „צייטווייליקע קלאָלים“.

די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג האָט פאַר מאַרטאָוון פאַרשטעלט די אָביעקטיוו אומגינסטיקע לאַגע, וואָס דער קאַפּיטאַליזם שאַפט פאַר דער ווירטשאַפטלעך=אָפּגעשטאַנענער יִדישער באַפעלקערונג. די יִדן=פראַגע איז פאַר מאַרטאָוון בלויז אַ פּאָליטישע פראַגע, און אָט די בלויז פּאָליטיש=רעכטלעכע באַהאַנדלונג פון דער יִדן=פראַגע אָן שום אַנאַליז פון דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער יִד. באַפעלקערונג איז אַ טריט צוריק אי לעגאַבע אַקסעלראָדס בראָשור, אי לעגאַבע ליבערמאַנס אַרטיקל [37].

מאַרטאָווס „קערפונקט“ וועלן מיר פאַרשטעמפּלען ווי אַ פרעמדן, אונדז פיינטלעכן דאָקומענט, ווי די סאַמע בוילעטע אַנטפּלעקונג פון טעמפּער נאַציאָנאַלער באַשרענקטקייט און נאַציאָנאַליסטישער דעמאַגאָגיע. דער „קערפונקט“ איז דער ערשטער מאַניפעסט פונעם יִדישן נאַציאָנאַל=סאָציאַליזם. פונעם יאָר 1895 אָן רייסט זיך אַריין דער שפּאָגל=נייער יִדישער נאַציאָנאַליזם פון דער אָנפירנדיקער אינטעליגענץ אין דעם אינטערנאַציאָנאַליזם פון דער יִדישער אַרבעטער=באַוועגונג. און העיווים, ווי „זעלבשטענדיקייט“ פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פאָרט זיך שלעכט מיט דער טרייהייט צום אינטערנאַציאָנאַלן מאַרקסיזם, באַקומט די גרעסטע אָרגאַניזאַציע פון די יִדישע אַרבעטער אין ליטע און ווייסרוסלאַנד אַ צווילינג אין בויך: די יִדישע אַרבעטער, מיטגלידער פון „בונד“, האָבן געדינט דער רעוואָליוציע, ווי זייערע כאַוויירים פון רסדא"פּ, און זייערע פירער האָבן געהיט דעם נאַציאָנאַלן אָרגאַניזאַציאָנעלן דאַך איבער זייערע קעפּ. און ווי אַ שילד אַף אָט דעם דאַך איז געשטאַנען מאַרטאָווס „קערפונקט“.

36 שפּעטער האָט מען אין „בונד“, אַפּאָנים, דערפילט אָט=דעם דעפעקט פונעם „קערפונקט“. אינעם בונדישן באַריכט צום פאַריזער קאָנגרעס פון אינטערנאַציאָנאַל געפינען מיר שוין יאָ אַזאַ פּרוּוו: „...און אָט=די שווערע אויסנאַם=לאַגע פון יִדישן פאָלק אין רוסלאַנד דריקט ערגער ווי אַלעמען דעם יִדישן פּראָלעטאַריאַט: זי פאַרייִנגט און באַגרעניצט זיין גייסטיקן האָריזאָנט, פאַרשטעלט אים דעם וועג צו זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג, מאַכט קליין דעם מאַרק, וווּ ער קאָן פאַרקויפן זיין אַרבעטס=קראַפט“... זע „די געשיכטע פון יִד. אַרב. באַוועגונג“ זייט 76.

37 אַפילע אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פראַגע איז דער „קערפונקט“ אַ טריט צוריק. ליבערמאַן שרייבט וועגן דערזעלבער פראַגע באַזעהאַלאָשן: „די אונטערשיידן פון די נאַציאָנאַלע און קולטורעלע באַדינגונגען מאָדיפיצירן נאָר די סוויווע, וווּ זיי קומט אויס צו ווירקן, און אָט=דער איינציקער אונטערשייד — נאַטירלעך, אַ צייטווייליקער — רופט איצט אַרויס אַ געוויסן כילעק אינעם אויפן פון ווירקן, לויטן אָרט און לויט דער נאַציאָנאַליטעט. אָט דאָס באַוועגט אונדז טאַקי אָנצונעמען דעם נאָמען „די יִדישע סעקציע פון דער רוסישער סאָציאַל=רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי“.. „איטלעכער פון אונדז, אייגנגעפינענדיק זיך אויסערן מיירעוו=קאַנט, וועט אָפּגעבן זיינע קויכעס צום ווירקן צווישן די רוסן און צוזאַמען מיט זיי צוליב דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד; אָבער קאָלזמאַן מיר געפינען זיך איין דאָ, איז צוליב דער נויטיקייט צו פּראָפּאַגאַנדירן און אַגיטירן צווישן די יִדן אַף אַ באַזונדערן דיאַלעקט (наречии) בא ספּעציפישע קולטור=באַדינגונגען, האָבן מיר בעדייע צו מאַכן אַן אָנהויב פון אָרגאַניזירן די קויכעס, וואָס באַשטימען זיך ספּעציעל צום ווירקן אין אָט דער ספּעציפישער סוויווע“... זע Ист. Рев. Сборник под ред. В. Невского. стр. 47

י. דאָבּרושין

# צוויי גרונט-אויסגאַבן פון שאָלעם-אַלייכעמס „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס“

(צו דער שאָלעם-אַלייכעם-פאָרשונג)

## I

אין 1900—901 יאָר הויבט אָן שאָלעמאַלייכעם זיין עכטע און וויכטיקסטע אַרבעט אַפן געביט פון דער יידישער ליטעראַטור. צוויי און פערציק יאָר איז שוין דעמאָלט שאָלעמאַלייכעם אַלט געווען, געהאַט שוין אַ ליטעראַרישע פאַרגאַנגענהייט פון אַ וואָסערע אַכצן יאָר און דאָך פאַרמאָגט נאָך זייער אַ קליינעם, לעערעד, ליטעראַרישן פאַרמעגן. פון ווערק, וואָס גייען אַריין אין דעם פעסטן, אַזוי צו זאָגן, שאָלעמאַלייכעם-אַקטיוו, זיינען פאַר די אַלע יאָרן געווען אָנגעשריבן ניט מער, ווי אַ פאָר דערציילונגען: „דאָס מעסערל“, „לאַגבוימער“, אייניקע פּיעסן, די ערשטע דערציילונגען פון די סעריעס „טעוויע דער מילכיקער“ און „מענאַכעמענדל“ און די ראָמאַנען: „סטעמפּעניו“, „יאָסעלע סאָלאָוויי“ און „סענדער בלאַנק“, וואָס שטעלן, אַלקאָלפּאָנעם, מיט זיך ניט פאָר דעם מאָך און יאָדער פון שאָלעמאַלייכעמס רייפן שאַפן *.

די גאָר גרויסע קינסטלערישע שאָלעמאַלייכעם-ירושע, וואָס מיר האָבן באַקומען, איז, הייסט עס, באַשאַפן געוואָרן פאַר די לעצטע 16 יאָר פון שאָלעמאַלייכעמס לעבן, אָנהויבנדיק טאַקע פון 1900 יאָר, — דאָס יאָר, ווען שאָלעמאַלייכעם האָט זיך אָפּגעגעבן אינגאַנצן און מיט אַלעמען דער יידישער ליטעראַטור, דאָס יאָר, ווען אונטער דער ווירקונג פון די אופגעבליטע רעוואָלוציע-האָפענונגען האָבן אָנגעהויבן אַרויסגיין יידישע צייטונגען און זשורנאַלן. די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג איז דעמאָלט געוואַקסן, האָט מיטגעהאָלפן דעם וווּקס פון דער יידישער פאָלקס-שפּראַך, באַווירקט אַפילע די דעמאָלטיקע באַלעבאַטישע מיטלויפער און געהאָלפן, אַפּאָנעם, אַזאַ שרייבער, ווי שאָלעמאַלייכעם, פאַרענדיקן מיט זיין פאַרלענגערטן ליטעראַרישן צוגרייטונגס-פּעריאָד און אַריבערגיין צו רייפע מאַסנטימלעכע און לעבנספולע קונסט-ווערק.

אין 1900 יאָר האָט שאָלעמאַלייכעם, — ווי ער דערציילט אַליין אין זיין אַווטאָביאָגראַפיע — „אינגאַנצן אַוועקגעוואָרפן אַלע געשעפטן און אָפּגעגעבן זיך אויסשליסלעך צו דער ליטעראַטור. און די ליטעראַטור די יידישע, דערהויפּט די פאָלקס-ליטעראַטור אַף דעם אַזוי גערופענעם זשאַרגאָן האָט אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערוואַקסן און צעבליען. עס האָבן זיך גענומען באַווייזן צייטונגען און זשורנאַלן און פאַרשיידענע בוך-פאַרלאַגן. אַפּאָנעם, ס'איז אויסגעוואַקסן אַ לעזער און עס האָט זיך באַוויזן אַ נאָכפרעג אַפן בוך, דערהויפּט פון בעלעטריסטישן אינהאַלט“ **.

און אין די יאָרן 1901—1902 און ווייטער האָט שוין שאָלעמאַלייכעם מיט אַ מין זעלטענער פרוכטבאַרקייט איינס נאָך איינס געשאַפן די ווערק, וואָס האָבן פאַרפעסטיקט זיין מייסטערשאַפט אַפן געביט פון דעם עכט-שאָלעמאַלייכעמישן מאָנאָלאָג און דיאַלאָג. און אָט אין די יאָרן 1901—902 האָט שאָלעמאַלייכעם אויך פאַרפאַסט איינע פון זיינע שענסטע סעריעס, אַ ריי דערציילונגען פון איין שניט, וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבן: „די קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס“.

---

* דער אַזוי גערופענער יוגנטלעכער שאָלעמאַלייכעם קאָן דאָך דאָ נישט גיין אין כעשבן באַ אַכצנעיאָריקער ליטעראַרישער אַרבעט.

** „דאָס שאָלעמאַלייכעם-בוך“ זייט 5.

זיי פאַרנעמען, דאַכט זיך, גאָר אַ באַזונדער אָרט באַ שאָלעמאַלייכעמען, אָט די זעלטענע קאַסרילאָווקער בילדער, וואָס צייכענען זיך בעפיירעש אויס מיט אַ באַזונדער ארט פאַרטיפטער גאָגאָלישער * גראָטעסקישקייט, מיט אַ מין אינטערעסאַנטן הינטערגרונט, וואָס שטאַמט פון עפּעס אַ מיטלאַלטער, אין וועלכן שאָלעמאַלייכעם האָט פאַרוקט די אַלע פאַרשוינען פון דערדאָזיקער סעריע. ווי פון גאָר אַן אַנדערן ווייטן כאָלעם־לאַנד, פון עפּעס אַ יענוועלטישער בעלעמער מעדינע קוקן זיי אַרויס די שאָלעמאַלייכעמישע קאַסריליקעס, גיט קיין מענטשן, נאָר עמעסע עכטע „קליינע מענטשעלעך“, אַנדערשדיקע ווי אַלע באַשעפענישן, אויסערגעוויינלעכע פאַרשוינען, וואָס ווייסן גיט פון צייט, ווייסן ניט פון אייגענער צייט אַפילע און וווּנדערן זיך דעריבער, כידעשן זיך אַף זייער אייגענעם קליינמענטשלדיקן אויפן, ווען ס'טרעפט זיך עפּעס אַ געשעעניש, ווען ס'טוט אַף זיי אַן אָטעם דאָס נייע אומעטום שוין איבערגעאַנדערשטע לעבן.

זיינען דאָך די אַלע טיפּן פון אַלע אַנדערע און פילע שאָלעמאַלייכעמס מאָנאָלאָגן און דערציילונגען — מענאַכעמענדל, טעוויע דער מילכיקער, די יידן פון „די פעקלעך“, די יידן פון „גאַנץ באַרדיטשעוו“ אַפילע — זיינען זיי דאָך אַלע איצטערדיקע, שוין צופיל איצטערדיקע. באַ דער גאַנצער אָפּגעשטאַנענקייט, אַלטמאָדישקייט זייערער ווילן זיי גראָד מיט אַלע קויכעס דורכשפּאַרן זיך איגעם הייגט, טומלדיקע יאָגנדיקע ווילן זיי אַדרעאַבע גוויוער זיין אָט דעם נייעם הייגט, זיך קליגן איבער אים און אים אויסנוצן...

די קאַסרילעווקער אָבער, די „קליינע מענטשעלעך“ שלעפּן דעם הייגט אין זייער אידילישער רו אריין. מענאַכעמענדל פאָרט, שמייעט מיט דער באַן, און קאַסרילעווקע גלויבט ניט, אַז דער באַן איז בעגימצע, גלויבט ניט, אַז מע האָט פאַרמישפּעט דרייפוסן, קאַסרילעווקע האַנדלט נאָך ניט און וואַנדלט ניט, קאַסרילעווקע האָט דעריבער צייט אויסהערן רעב יאָזעפּלס לאַנגע באַנומענע דראָשעס, האָט צייט קריגן זיך פאַר שאַלעכמאָנעס און פאַר אַן אָרט אין מיזרעד־וואַנט.

קאַסרילעווקע פון „די קליינע מענטשעלעך“ איז נאָך, צו גלויבן, אַ מעגדעלע־שטאָט אין טאָך, אַ טונעיאַדעווקע, אַ קאַבצאַנסק, אַ פּאַטריאַרכאַלער געמייזעכץ, וווּהין שאָלעמאַלייכעם האָט אַראָפּגעבראַכט די ערשטע ווייטע מעשונע־פרעמדע וועלט־נייסן. פון קאַסרילעווקע פאָרט מען שוין קיין אַמעריקע („אַן אָנגעלייגטער ברים“), אין קאַסרילעווקע איז שוין פאַראַנען דער יונגערמאַן, וואָס עסט אום יאָמקיפּער („אויסגעטרייסלט“), קאַסרילעווקע איז שוין געצוווּנגען ברעכן די טראַדיציע פון ייכעסדיקע איידעמס („נאַכעס פון קינדער“), קאַסרילעווקע באַקומט אַ צייטונג און ווייסט פון פאַריז און לאָנדאָן („פאַרבענקט אַהיים“ און „דרייפוס אין קאַסרילעווקע“), קאַסרילעווקע פאַרמאָגט שוין אירע אייגענע אייגנאַרטיקע אָנשוירונגען וועגן סאָציאַלן יוישער („נישט פאַר קיין יידן געדאַכט“, „ווען איך בין ראָטשילד“). אָבער פון דעם אַלעמען האָט קאַסרילעווקע באַ שאָלעמאַלייכעמען פון אָרט ניט גערירט זיך, קאַסרילעווקער — דערוף זיינען זיי דאָך קאַסריליקעס — גייען פאַרביי דעם אַלעם, נעמען דאָס אַלץ אויף אַף זייערע אייגענע קיילים און בלייבן, ווי געווען — בעלעמער איינוווינער, מיגע „קליינמענטשלעך“, וואָס פירן זיך איגעם אונטערערד פון לעבן, האָבן אייגענעם שטייגער און דעריקער אייגענע מידעס, אייגענעם אַרט דענקען, אייגענע „קליינע האַסאָגעס“.

אין דער ערשטער אויסגאַבע פון שאָלעמאַלייכעמס אַלע ווערק אין יאָר 1903, ווי אויך אין דער שפּעטערדיקער „אויסגאַבע פון שאָלעמאַלייכעמס יובילעאום־קאָמיטעט“ פון 1909 יאָר, זיינען אין דער סעריע „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס“ אַריין פאָלגנדיקע דערציילונגען און מאָנאָלאָגן: „די שטאָט קאַסרילעווקע“, „אַן אָנגעלייגטער ברים“, „נאַכעס פון קינדער“, „אַ פאַרשטערטע כאַסענע“, „נישט פאַר קיין יידן געדאַכט“, „דרייפוס אין קאַסרילעווקע“, „קיין איינהאָרע ניט“, „אים מעג מען מעקאַנע זיין“, „צוויי שאַלעכמאָנעסן“, „נישטאָ קיין מייסים“, „פאַרבענקט אַהיים“, „ווען איך בין ראָטשילד“. און אין דער „שאָלעמאַלייכעם פאָלקס־פאָנד אויסגאַבע, ניויאָרק, 1923“ זיינען אויסער אָט די אויסגעכעשבנטע ווערק אַריין

* וועגן גאָגאָלס ווירקונג אַף שאָלעמאַלייכעמס דראַמאַטורגיע זע מיין אַרטיקל אין „צייטשריפט“, באַנד 2—3 מינסק, 1928.

אין דעם באַנד פון די „קליינע מענטשעלעך“ נאָך פינף דערציילונגען: „די יאָרשים“, „די גרויסע בעהאָלע פון די קליינע מענטשעלעך“, „אויסגעטרייסלט“, „די גאָלדשפינערס“ און „בערל אייזיק“.

איז אָט. אויב אַרויסגיין פון שטאַנדפונקט פון קינסטלערישער שליימעס בענוגייע צו ווערק פון איין גוסט און גייסט, וואָלט, צו גלויבן, פון די פינף שפּעטער צוגעגעבענע צו דער סעריע דערציילונגען באַדאַרפט אַריין אין „די קליינע מענטשעלעך“ בלויז צוויי: „די יאָרשים“ און „אויסגעטרייסלט“, די ביידע זיינען געשריבן טאַקע אין יאָר 1902 און זיינען געווים באַהויכט מיט דעם קינסטלערישן אָטעם, מיט וועלכן ס'זיינען באַוויט די אַלע דערציילונגען פון דעם זעלביקן יאָר, וואָס זיינען אַריין אין די ערשטע צוויי אויסגאַבן. וואָס איז שייעך אָבער „די גרויסע בעהאָלע“, „גאָלדשפינערס“ און „בערל אייזיקס“, געהערן זיי עפשער מער צו דער סעריע „אַלט־ניי־קאַסרילעווקע“, צו דער ריי דערציילונגען, וועלכע זיינען אין דער ניויאָרקער אויסגאַבע איינגעטיילט אין אַ באַזונדער באַנד. געשריבן זיינען זיי שפּעטער: „די גרויסע בעהאָלע“ אין 1904 יאָר, „גאָלדשפינערס“ אין 1909 און „בערל אייזיק“ אין 1915, און זיי אַלע, אַפילו די טעמאַטיש מער נאָענטע „גרויסע בעהאָלע“ פאַרמאָגן שוין ניט אָט אַ יענע אַלטפרענקישקייט, אָט די פּערספּעקטיוו, וואָס דערוויטערט די „קאַסריליקעס“ פונעם היינט און פאַרוקט זיי אין אַ מין מייסעדיקן, ווי געזאָגט, לאַנג שוין פאַרגאַנגענעם לעבן־סיידער. רעב יאָזעפל דער קאַסרילעווקער ראָוו איז אין דער „גרויסער בעהאָלע“ אין אַ באַוווסטן פּראָט [illegible] שוואַכער איידער דערזעלבער רעב יאָזעפל, וואָס פיגורירט אין „פאַרבענקט אַהיים“, אין „אים מעג מען מעקאַנע זיין“, צי אין „יאָרשים“ און „אויסגעטרייסלט“. אין דער „גרויסער בעהאָלע“ איז רעב יאָזעפל דידאַקטיש אַנטפּלעקט, אָט ווי אין „קאַסרילעווקער ניסראָפים“, וואָס געהערט דער סעריע „אַלט־ניי־קאַסרילעווקע“ — אין די ביידע איז ער אַן אונדזעריק באַגרענעצט רעוול און ניט קיין באַזונדער „מענטשל“, עפּעס גאָר, ווי פון אַן אַנדער פּלאַנעט, אַן אייגנאַרטיקער „דענקער“, — דער געבוירענער ראָש פון די אַלע „קליינע מענטשעלעך“, וואָס הערן און פאָלגן אים.

אויך אין זין פון פאָרם, פון געבוי איז „די גרויסע בעהאָלע“ נאָענט צו די „קאַסרילעווקער ניסראָפים“ — אין די ביידע גייט די צעטיילונג אף קאַפּיטלען מיט אונטערקעפּלעך, און די דערציילונגען גופא פאַרמאָגן מער באַשרייבערישקייט און ווייניקער טאַט, בעשאַס די איקערדיקע סעריע „קליינע מענטשעלעך“ צייכנט זיך אויס מיט שטרענגער איינגעהאַלטן־שילדערישער און טאַטפּולער פאַרפורעמונג. די גרעסערע דערציילונגען: „דרייפוס אין קאַסרילעווקע“, „פאַרבענקט אַהיים“ און דערהויפּט „צוויי שאַלעכמאָנעסן“ זיינען בעפיירעשע מוסטערן פון דער שאָלעמאַליכעמישער נאָוועלע. אין קורצע לאַקאָנישע קאַפּיטלען וואַקסט דאָ אויס די אַנטוויקלונג פון דער טעמע, ס'פירט זיך אַזוי אינטערעסאַנט אַריבער די האַנדלונג פון איין אָרט אַפן צווייטן, ס'וואַקסט אויס אַ מענטשן־רומל, אַ שטאָט טיפּן און ביי־טיפּן און אַלץ מיט אַלעמען איז אונטערגעוואָרפן איינער און דערזעלבער קינסטלערישער קאַוואָנע — מיט יעדן גליד פון דער דערציילונג, מיט יעדער שילדערישער שורע אָנמאָלן דאָס לעבן און האַנדלונג פון די־דאָזיקע עכטע אַזוי גערעכטן אָנגערופענע „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס“...

און דעריבער דאַרפן עפשער פון אָט דער סעריע אַרויספאַלן אויך די דערציילונגען „גאָלדשפינערס“ און „בערל אייזיק“. „גאָלדשפינערס“ איז אַ שיינע דערציילונג, אָבער ערשטנס לויט אירע באַטיטלטע קאַפּיטלען געהערט זי שוין אויך דער סטיל־שטימונג פון „דער גרויסער בעהאָלע“ און „קאַסרילעווקער ניסראָפים“ און צווייטנס, זיינען אירע כאַראַקטער־שטריכן שוין ניט פאַרשאַרפט אַפן געביט פון געדאַנקען און זינען, און דאָס איז דאָך דער עיקר פאַר שאָלעמאַליכעמס „קליינע מענטשעלעך“. און וואָס איז שייעך דער דערציילונג „בערל אייזיק, דערציילט וווּנדיירים פון אַמעריקע“, געהערט זי שוין בעכלל אויפן צו דער סעריע „אַלט־ניי־קאַסרילעווקע“, לויט איר אינהאַלט און צייט־גייסט געהערט זי אַהין אינגאַנצן.

הייסט עס, אַז פון איין גוס, פון איין שניט, פון איין קינסטלערישן אָטעם זיינען פאַרפאַסט בלויז די דערציילונגען פון דער סעריע „קליינע מענטשעלעך“, וואָס שאָלעמאַליכעם האָט גע־

שריבן אין די יאָרן 1901—1902. אין זיי אַלע ליגט אין הינטערגרונט עפּעס אַ מין קרוווע־שאַפט צו מענדעלע מויכער ספאָרים, צום מייסטעריקן גייסט פון מענדעלעס „מאַסאָעס ביניאָמין האַשלישי“. אויסער דער אָרעמקייט פון די קאַסרילעווקער „באַלעבאַטים“, ווי שאָלעמאַלייכעם רופט זיי אָן, אויסער דער דאַלפאָנעס, וואָס שאָלעמאַלייכעם שטרייכט אונטער אַף טריט און שריט — ציען זיך דאָך פון זיי, פון די קאַסריליקעס, אַזוינע מינע צאַרטע טרוים־פעדעמלעך צו מענדעלעס רייזע־העלדן מיט זייערע רויטע ייִדעלעך. ס'איז אַ טקופע, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין קינדהייט — דיראָזיקע אָפּשאַצונג, וואָס איז אַזוי, קאָן מען זאָגן, פּאַסיק פאַר מענדעלעס „מאַסאָעס“, האָט אויך שאָלעמאַלייכעם געלייגט אין יעסאָד פון זיינע בעסטע קאַסרילעווקער בילדער. און אַף אַזאַ אויפן זיינען בא שאָלעמאַלייכעמען אויסגעוואָקסן די „ביניאָמינס“ און „סענדערלעך“ אין זייער נייעם נאָך־מענדעלישן סאָציאַלן גילגל — סאָציאַל פאַרמישפּעטע פאַרשווינען פונעם שטעטלשן מיטלשיכט, וואָס זיינען קאָמיש בא שאָלעמאַלייכעמען אין זייערע כעסרוינעס און נאָך מער קאָמישער אין זייערע מיילעס...

די אויבן אויסגערעכנטע צוועלף דערציילונגען פון די אויסגאַבן פון 1903 און 1909 און די צוויי — „יאָרשים“ און „אויסגעטרייסלט“, וואָס זיינען אַריין אין דער ניוויאָרקער אויסגאַבע פון 1923 — אָט די פערצן דערציילונגען און מאָנאָלאָגן דריקן אויס אַמשטאַרקסטן דעם סאָציאַלן באַרוף פון שאָלעמאַלייכעמס קאַסרילעווקער בילדער, זיי שטעלן מיט זיך פאָר דעם טאָך און יאָדער פון שאָלעמאַלייכעמס קינסטלערישער קאַוואָנע און אָט פון זיי און בלויז פון זיי דאַרף גיין אַ רייד בעשאַס ס'האַנדלט זיך וועגן דער קאַסרילעווקער סעריע, וואָס שאָלעמאַלייכעם האָט אַ נאָמען געגעבן: „די קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס“ *.

## II

וועדליק די פאַראַנענע באַקאַנטע דאָ בא אונדז אויסגאַבן האָט שאָלעמאַלייכעם צוויי מאָל איבערגעשריבן, צוויי מאָל איבערגעאַרבעט די טעקסטן פון די דערציילונגען, וואָס געהערן צו דער סעריע „די קליינע מענטשעלעך“.

גאָר דאָס ערשטע מאָל האָט שאָלעמאַלייכעם די דערציילונגען פון דער סעריע געדרוקט אין „יוד“ 1901—1902 יאָר. און באַלד אינגיכן, אין 1903 יאָר, זיינען זיי אַרויס אין אַ בוך־פאָרם צווישן די פיר בענדער פון שאָלעמאַלייכעמס ווערק, וואָס דער „פאַרלאַג פאָלקס־בילדונג, וואַרשע“ האָט אַרויסגעגעבן. „איבערגעאַרבעט און רעכט אויסגעבעסערט און צום ערשטן מאָל אַרויסגעגעבן“ — אַזוי שטייט געשריבן אַפן שאַר־בלאַט פון דערדאָזיקער אויסגאַבע. פונקט מיט די זעלבע אויסבעסערונגען האָבן זיך „די קליינע מענטשעלעך“ איבערגעדרוקט — פון מאַטריצן אַפּאָנעם — אין דער „אויסגאַבע פון שאָלעמאַלייכעמס יובילעום־קאָמיטעט“ פון 1909 יאָר. אין דיראָזיקע ביידע בוך־אויסגאַבן זיינען טאַקע די „קליינע מענטשעלעך“ „רעכט איבערגעאַרבעט“ לעגאַבע דעם ערשטן וואַריאַנט פון „יוד“ 1901—1902 יאָר. און דאָך טראָגן דיראָזיקע אויסבעסערונגען בלויז אַ סטיליסטישן כאַראַקטער, ס'האַנדלט זיך וועגן גרעסערע און קלענערע איבערשטעלונגען, וועגן אַרויסגעוואָרפענע און אַריינגעשטעלטע שורעס, וועגן אויסגעפאַריכטע אויסדריקן און ווערטער, וואָס בייטן אָבער בעשום אויפן ניט דעם קינסטלערישן גייסט און כאַראַקטער פון יעדער דערציילונג באַזונדער און פון דער סעריע אינגאַנצן גענומען.

גרעסערע אָבער און איקערדיקע ענדערונגען האָט שאָלעמאַלייכעם אַריינגעטראָגן אין דערדאָזיקער סעריע שפּעטער, ווי ס'איז צו זען פון דער ניו־יאָרקער שאָלעמאַלייכעמס פאָלקס־

* צו דערדאָזיקער סעריע האָט געהערט לעכאַטכילע אויך די שיינע דערציילונג „פאַר מיינע אָרעמע לייט“, וואָס שאָלעמאַלייכעם האָט אויך געדרוקט אין „יוד“ אין 1902 און אַריינגעשלאָסן מיט רעכט אין „די קליינע מענשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס“. אָבער שפּעטער אין 1910 האָט שאָלעמאַלייכעם דידאָזיקע דערציילונג אַ נאָמען געגעבן „קאַסרילעווקער מוישעוו זקיינים“ און איבערגעאַרבעט אַזוי, אַז זי האָט מעמיילע געמוזט אַרויס פון „די קליינע מענטשעלעך“ און אַריין אין דער אויבנדערמאָנטער סעריע „אַלט־ניי־קאַסרילעווקע“.

פאַנד אויסגאַבע פון 1923 יאָר. אין דער שאָלעמאַלייכעם פאָלקס-פאַנד אויסגאַבע — ניו-יאָרק, 1923 — געפינען מיר שוין ערטערווייז אַ היפּשע איבעראַרבעטונג פון אייניקע דערציי-לונגען און מאָנאָלאָגן, באַדייטנדע שינוים, פאַרמינדערונגען און הויסאָפּעס, וואָס בייטן אָפּ-מאָל דעם קינסטלערישן טאָך פון דידאָזיקע קאַסרילעווקער מייסעס און מוזן זיין אויסגעפאָרשט ניט בלויז צוליב ווּיסנשאַפטלעכע צילן פון באַקאָנען זיך מיט שאָלעמאַלייכעמס שאַפונגס-פּראָצעסן, נאָר אויך ביכדיי צו מאַכן פון דעם אייניקע גאַנץ וויכטיקע, ווי מיר דאַכט, אידעאָ-לאָגיש-קינסטלערישע אויספירן אַפן געביט פון דער שאָלעמאַלייכעם-פאָרשונג.

איז אָט וועגן די צוויי גרונט-וואַריאַנטן, ווי איך מיין, פון שאָלעמאַלייכעמס „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס“, וועגן די צוויי גרונט-אויסגאַבן פון 1903—1909 פון איין זייט און 1923 פון דער צווייטער זייט וועט דאָ גיין אַ רייד.

צום אַלעם ערשטן וועגן די טעקסטועלע ענדערונג, וואָס שאָלעמאַלייכעם האָט אַריינגע-טראָגן אין דער ערשטער דערציילונג פון דער סעריע „די שטאָט קאַסרילעווקע“ אָדער, ווי שאָלעמאַלייכעם האָט זי שפּעטער אין דער לעצטער אויסגאַבע אָנגערופן, „די שטאָט פון די קליינע מענטשעלעך“, האָבנדיק טאַקע אין זינען, אַפּאָנעם, אָפּגרענעצן דערמיט דידאָזיקע דער-ציילונג פון דער סעריע דערציילונגען, וועלכע ער האָט פאַריניקט אונטערן נאָמען „אַלט-ניי-קאַסרילעווקע“.

דער אָנהויב פון דערדאָזיקער דערציילונג אין דער „יובי-לעאום-אויסגאַבע פון 1909“*:

„פאַראַן אַלערליי שטעט אַף דער וועלט, פאַראַן אויך אַזאַ שטאָט, וואָס מען רופט זי „קאַסרילעווקע“.

עס געפעלט אייך ניט דער נאָמען? מיט וואָס איז קאַסרילעווקע ערגער, ווי מאַזעפּעווקע, זלאָדייעווקע, הולייפּאָליע, מאַלאָפּערטשעפּענע, וועסיליקוט, קאָזאָדאָיעווקע?

איטלעכער נאָמען האָט זיך זיין שוירעש, איטלעכע שטאָט האָט זיך איר היסטאָריע.

איר ווילט וויסן די היסטאָריע פון קאַסרילעווקע? זי איז לעסאַטע נאָך ניט אָפּגעדרוקט אין ערגעץ און אָפּזוכן זי אַפן „לאַנדקאַרט“ איז אויך ניט אַזוי גרינג.

זעט איר, דעם נאָמען קאַסרילעווקע, אויב איר ווילט וויסן, פון וואַנען ער שטאַמט — דאָס קאָן איך אייך דאַפקע יאָ זאָגן“.

דער אָנהויב פון דערזעלבער דערציילונג אין דער ניו-יאָרקער אויסגאַבע פון 1923:

„די שטאָט פון די קליינע מענטשעלעך, וואָס איך פיר דיך אַהין אַריין, פריינט לעזער, געפינט זיך פונקט אין מיטן פונעם געבענטשטן תּחום, וווּ מען האָט אַוועקגעזעצט ייִדן קאָפּ אַף קאָפּ, ווי הערינג אין פעסל, און אָנגעזאָגט, זיי זאָלן זיך פּרוכפּערן און מערן — און דער נאָמען פון דערדאָזיקער באַרימטער שטאָט איז קאַסרילעווקע.

פון וואַנען נעמט זיך דער נאָמען קאַסרילעווקע? אָט פון וואַנען“.

אָט אַזוי האָט שאָלעמאַלייכעם אין דער לעצטער אויסגאַבע פאַרענדערט דעם פריער געבראַכטן אָנהויב, און באַלד דערנאָכדעם קומט אין דער ניויאָרקער אויסגאַבע נאָך אַ שטעל, וועלכע פעלט אויך לעגאַמרע אין די אַלע פריערדיקע אויסגאַבן:

„פאַרשטעקט אין אַ ווינקעלע העט ווייט, אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער אַרומיקער וועלט, שטייט זיך אָט די שטאָט עפּעס, ווי פאַר'אָסעמט, פאַרכאָלעמט, פאַרקישעפט און פאַרטיפט אין זיך זעלבסט, גלייך ווי מיט איר געהער זיך ניט אָן אָט דער גאַנצער טאַרעראַם מיטן האַר-מידער, מיט דער לויפעניש, יאָגעניש, העצעניש, פרעסעניש אייגנס האָס אַנדערע מיט די אַלע איבעריקע גוטע זאַכן, וואָס מענטשן האָבן זיך מאַטריאַך געווען צו באַשאַפן און צוגעטראַכט צו דעם פאַרשיידענע נעמען, ווי קולטור, פּראָגרעס, ציוויליזאַציע אוכעדוימע. אַזעלכע שיינע ווער-

---

* איך דערמאָן מערסטנטייל דידאָזיקע אויסגאַבע, ווייל זי איז מער בענימצע איידער די ענלעכע פריערדיקע אויסגאַבע פון 1903 יאָר.

מער, פֿאַר וועלכע אַ רעכטער מענטש נעמט אַראָפּ דאָס היטל מיט גרויס דרעכעבעריצ. קליינע, קליינע מענטשעלעך"...

פֿון דידאַקטישע אַלע געענדערטע און צוגעקומענע שטעלן איז שוין גלייך צו זעען, אַז איבעראַרבעטנדיק לעצטנס אָט די אַריינפֿיר־דערציילונג האָט שאָלעמאַליכעם פֿאַרלאָזן דעם פֿריערדיקן שילדעריש־נאַוועליסטישן אָביעקטיוון נוסח און אַליין גענומען זיך דאָ דידאַקטיש אויסטייטשן דעם מיין פֿון זיינע דערציילונגען וועגן די קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס. צוליב דעם אַרויסגעוואָרפֿן אַפֿילו איינציקע ביז גאָר בילדערישע פֿאַרצייכענונגען, אַרויסגעוואָרפֿן אַפֿילו די באַ אונדז שוין לאַנג קלאַסיש געוואָרענע מייסע מיט די קאַסרילעווקער, וואָס גלויבן ניט אין אַ באַן און באַשליסן, אַז „עס וועט ניט אויסגעהאַלטן ווערן". שאָלעמאַליכעם האָט אַרויסגעוואָרפֿן דידאַקטישע זעלטענע כאַראַקטער־געשיכטע און אַריינגעשטעלט אַ מער מאָדערניזירטע און, דאַכט זיך, שוואַכערע מייסע מיט אַ קאַסרילעווקער, וואָס איז געפֿאָרן קיין מאָסקווע...

דאָס מאָדערניזירן איז ביכלאַל איינער פֿון די הויפּט־מאָטיוון, אַפּאָנעם, וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט שאָלעמאַליכעמס פּען, בעשאַס ער האָט גענומען צום לעצטן מאָל איבעראַרבעטן זיינע „קליינע מענטשעלעך" און דערין אויך די אַריינפֿיר־דערציילונג „די שטאָט פֿון די קליינע מענטשעלעך". און אָט איז ווידער אַ פֿאַרגלייך־ביישפּיל.

אין דער יובילעום־אויסגאַבע פֿון 1909:

„וואָס איז זייער מועכיצ, זייער פֿאַרנאָסע און פֿונוואַנען לעבן די דאָרטיקע לייט.

ערשטנס לעבן זיי ניט און צווייטנס, ווי אַזוי לעבן באַ אונדז אַלע ייִדן אין די קליינע שטעטלעך? אַביסל איינס פֿון אַנדערן און אַביסל שטאַרבט מען פֿון הונגער, מען שלאָגט זיך דורך מיט צאָרעס.

מען קאָן זאָגן, אַז די גאַנצע שטאָט שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנט אַ גאַנצע וואָך נאָר צוליב דעם איינציקן טאָג שאַבעס — און קומט שאַבעס, איז אַ קאַפּאָרע יעהופּעצ, אַ קאַפּאָרע אָדעס, אַ קאַפּאָרע אַפֿילו פּאַריז — ס'איז פֿיין און שיין און שטיל און רויִק, ס'איז גוט און אַן עק!

מען זאָגט, אַז זינט קאַסרילעווקע איז אַ שטאָט האָט זיך נאָך ניט געטראָפֿן, אַז אַ ייִד זאָל דאָרט כאָלילע ניט האָבן אַף שאַבעס: האָט ער ניט קיין פֿיש, האָט ער כאַלע, האָט ער ניט קיין כאַלע, האָט ער ברויט, האָט ער ניט קיין ברויט, לייט ער באַ יענעם, שפּעטער וועט דערפֿאַר יענער לייען באַ אים — ס'איז ניט מער, ווי אַ גמילעסכעסעד *, היינט איך באַ דיר, מאָרגן דו באַ מיר, צום סאָף יאָר וועלן מיר זיך אויסגלייכן אַלע...

אַזוי זאָגן די קאַסרילעווקער לייט, וואָס צו די צאָרעס זיינען זיי נאָך ווערטל־זאָגערס, גרויסע באַלהאַמצאָעס, פֿאַר אַ גלייכווערטל וועלן זיי אייך אַוועקגעבן, ווי מען זאָגט, דעם טאַטן מיט דער מאַמען".

די אַנטשפּרעכנדיקע טעקסטן פֿון דער ניויאָרקער אויסגאַבע:

„אָט אַזוי ווי איר זעט זיינען זיי אַלע, די קליינע מענטשעלעך, ניט קיין באַלעמאָרעשכוירע, קיין פֿאַרזאָרגטע באַלעבעסלעך, אַדראַבע, זיי האָבן אַ שעם אַף דער וועלט פֿאַר גרויסע באַלהאַמצאָעס, ווערטלזאָגערס, לעבעדיקע פֿריילעכע נעשאָמעס, אָרעמע נאָר פֿריילעכע. עס איז שווער צו זאָגן, וואָס איז מיט זיי, אייגנטלעך, די גדולע? גאָר ניט. כיי געלעבט! געלעבט? אַגו

* אין דעם „יוד"־טעקסט גייט דאָ אַזאַ זאַץ: „ווי מיינער אַ באַקאַנטער זאָגט, בעשאַס ס'גייט אים ניט אין די קאָרטן און ער האַלט באַ פֿאַרשפּילן די לעצטע עטלעכע גילדנס". אינעם וואַריאַנט פֿון 1903 האָט שאָלעמאַליכעם דאָסדאָזיקע מיט רעכט אַרויסגעוואָרפֿן. אויסער דעם איז אין דעם „יוד"־וואַריאַנט געווען נאָך אַ ביישפּיל מיט אַ ציג מיט ייִדישע ווינטשענישן, וואָס דערמאָנט אָן מענדעלעס שטעל פֿון „ווינשפֿינגערל". די מייסע מיט רויטשילדן גייט אין דעם „יוד"־וואַריאַנט פֿאַר דער באַן־מייסע — און פֿון דער גאַנצער איבעראַרבעטונג אין דער אויסגאַבע פֿון 1903 לעגאַבע דעם „יוד" זעט זיך ביכלאַל דער וווּקס פֿון שאָלעמאַליכעמס קינסטלערישן געשמאַק און פֿאַרשטאַנד פֿאַר עכטער נאָוועליסטישער פֿאָרם.

פרעגט זיי, לעמאָשל, פון וואַנען לעבט איר? וועלן זיי אייך ענטפערן: „פון וואַנען מיר לעבן? אָט זעט איר האָד, כאַ, כאַ, כאַ, מען לעבט“. און מערקווירדיק! ווען איר זאָלט זיי ניט באַגעגנען, לויפן זיי, ווי די פאַרסאַמטע מייז, דער אַהער, דער אַהין און האָבן קיינמאָל קיין צייט ניט. ווהין לויפט איר? ווהין מיר לויפן? אָט זעט איר דאָך, כאַ-כאַ-כאַ, מען לויפט, מען מיינט מאָמער וועט מען עפּעס כאַפּן פאַרדינען אַף שאַבעס.

פאַרדינען אַף שאַבעס — דאָס איז זייער אידעאַל*. אַ גאַנצע וואָך וועלן זיי אייך אַרבעטן מיט בלוטיקן שוויס, האָרעווען, פאַרשוואַרצט ווערן, קייען די ערד, עסן מאַקעס, טרינקען קאַדאָכעס, אַבי ס'זאָל זיין אַף שאַבעס. און בעעמעס קומט דער ליבער שאַבעס — איז אַ קאַפּאָרע יעהופּעץ, אַ קאַפּאָרע אָדעס, אַ קאַפּאָרע אַפילע פּאַריז! מען זאָגט — און דאָס זאָל זיין אַ פּאַקט, — אַז זינט קאַסרילעווקע איז אַ שטאָט, האָט זיך נאָך ניט געטראָפן, אַז אַ ייִד זאָל דאָרטן שאַבעס כאָלילע דאַרפן הונגערן, וואָרעם, ווי געשיקט זיך עס, אַז אַ ייִד זאָל ניט האָבן קיין פיש אַף שאַבעס? האָט ער גיט קיין פיש, האָט ער פלייש, האָט ער ניט קיין פלייש, האָט ער העריגג, האָט ער ניט קיין העריגג, האָט ער כאַלע, האָט ער ניט קיין כאַלע, האָט ער ברויט מיט ציבעלע, האָט ער ניט קיין ברויט מיט ציבעלע, לייט ער באַם שאָכן, איבעראַכטאָג שאַבעס וועט דער שאָכן לייען באַ אים — „די וועלט איז אַ רעדל און עס דרייט זיך“... אַזוי זאָגט ער זיך אַ גלייכווערטל און באַווייזט מיט דער האַנט, ווי דאָס רעדל דרייט זיך.. באַ די קליינע מענטשעלעך, אַז עס קומט צו אַ גלייכווערטל, איז גאָר ניט שייעך, פאַר אַ גלייכווערטל וועלן זיי אייך אַוועקגעבן דעם טאַטן מיט דער מאַמען. די וועלט דערציילט זיך אָן פון זיי אַזעלכע מייסעס, וואָס זעען אויס, ווי אַנעקדאָטן, נאָר מען קאָן זיכער זיין, אַז דאָס זיינען לויטער פּאַקטן“.

פאַרגלייכנדיק די ביידע טעקסטן זעט מען שוין, אַז אויב שאָלעמאַלייכעם האָט אין דעם לעצטן וואַריאַנט, דערציילנדיק ווי די ייִדן לייען איינער באַם צווייטן, אויסגעמיטן די ווערטער „ס'איז ניט מער ווי אַ גמילעסכעסעד“, ביכדיי צו ניט קאָפּירן, אַפּאָנעם, מענדעלע מויכער-ספאָרים — אַגעוו פון „ביניאָמין האַשלישי“ טאַקע, וואָס וועגן זיין ווירקונג איז פריער גערעדט געוואָרן — איז אָבער צוזאַמען דערמיט זעט מען בעכוש, ווהין שאָלעמאַלייכעם האָט אין זיין לעצטער באַאַרבעטונג אַ צי געטאָן ביכלאַל דאָסדאָזיקע ווערק. אָנשטאָט אַ מאָנאָלאָג פון אַ קאַסרילעווקער איז עס געוואָרן מייסטנס אַ מאָנאָלאָג וועגן אַ קאַסרילעווקער, אַ אויס-טייטשערישער מאָנאָלאָג, וואָס האָט אָנגעוואָרן דעם כיין פון אַ נאַיוון פרימיטיוו און פאַרשוומען דעריבער מיט מעכאַבערשע פרעמדאַרטיקייטן, ווי: אידעאַל, פּאַקט, אַנעקדאָט, קולטור, פּראָגרעס, ציוויליזאַציע...

און אַפילע די באַוווּסטע מייסע מיטן ייִדן, וואָס פאָרט צו ראָטשילדן קיין פּאַריז, האָט שאָלעמאַלייכעם דאָ אין דער לעצטער אויסגאַבע איבערגעשריבן אַזוי, אַז ס'איז געוואָרן אויס מייסע פון אַ ייִדן, נאָר אַ מייסע וועגן אַ ייִדן. דער כילעק פון דעם ערשטן וואַריאַנט ביז דעם לעצטן וואַרפט זיך אין די אויגן.

אין דער אויסגאַבע פון יובילעום-קאָמיטעט 1909:

„מען דערציילט אַ האַמצאָע פון אַ קאַסרילעווקער, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַף דער וועלט און האָט זיך פאַרשלעפּט צו ראָטשילדן קיין פּאַריז. האָט מען דאָך אים מיסטאָמע ניט צוגעלאָזט, ווי דער שטייגער איז פון די גרויסע נעגידים: „דאָמאַ ניעט“ — ניטאָ מיך אין דער היים — און גיי הייסט עס לאָד מיך“. אַ קאַסרילעווקער אָבער שרעקט זיך ניט איבער פאַר אַזעלכע זאַכן, איז ער זיך מעיאַשעוו און מאַכט צום שוימער, וואָס באַ דער טיר:

— וואָס טויג מיר אייער „דאָמאַ ניעט“? איר גייט זאָגט רויטשילדן, אַז איך האָב אים געבראַכט דאָס אייביקע לעבן“.

* אונטערגעשטראָכן אומעטום פון מיר י. ד.

אין דער גיוויאָרקער אויסגאַבע:

„לעמאָשל, מען דערציילט פון איינעם אַ קאַסרילעווקער באַלעבאָס, וואָס ס'איז אים נימעס געוואָרן צו הונגערן אין קאַסרילעווקע, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט וואַנדערן איבער דער וועלט זוכן גליק, געוואָרן אַיין עמיגראַנט און האָט פאַרבלאָנדזעט אַזש קיין פאַריז. האָט ער מיסטאַמע זייער כיישעק געהאַט דערשלאָגן זיך צו רויטשילדן, וואָרעם, ווי איז דאָס אַ ייִד אין פאַריז און מען זעט זיך ניט מיט רויטשילדן? איז אָבער אַ כיסאָרן — מען לאָזט ניט צו. וואָס איז די מייסע? „אַ צעריסענע קאַפּאָטע“. כאַכאָמים איר זייט? — טייַנעט דער ייִד, איך זאָל האָבן אַ גאַנצע קאַפּאָטע, וועלכע גוטע יאָר וואָלט איך געפאָרן קיין פאַריז? האַקיצער — ס'איז ניט גוט. אַ קאַסרילעווקער ייִד אָבער פאַלט באַ זיך ניט אַראָפּ און גיט זיך אַן אייצע. ער איז זיך מעיאַשעוו און רופט זיך אָן צום שווימער, וואָס באַ דער טיר: גיי זאָג דעם פאָרעץ, אַז צו אים איז געקומען כאָלילע ניט קיין שנאָרער, נאָר אַ ייִד אַ סויכער, וואָס האָט אים געבראַכט צו פירן אַזאַ מין אַרטיקל, וואָס מען קריגט דאָס ניט דאָ אין פאַריז פאַר כל הון דעלמאַ“.

אָנשטאָט דעם „קאַסרילעווקער“ פונעם ערשטן וואַריאַנט — סטאַם אַ ייִד, איינער פון דער קאַסרילעווקער אוילעמהאַטויע־וועלט, „וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַף דער וועלט און האָט זיך פאַרשלעפּט צו רויטשילדן קיין פאַריז“ — טייטשט שוין אויס שאָלעמאַליכעם אין זיין לעצטן וואַריאַנט, אַז ס'איז געווען אַ קאַסרילעווקער באַלעבאָס, אַן עמיגראַנט אַפילע, אַ ייִד אַ סויכער, וואָס האָט דאָס אייביקע לעבן „געבראַכט צו פירן אַף צו פאַרקויפן“. און אַרויסוואַרפנדיק דערביי דעם גראָטענעם „דאָמאַ ניעט — ניטאָ מיך אין דער היים“, וואָס כאַראַקטעריזירט אַזוי זעלטן די באַציונג פונעם קאַסרילעווקער צום נעגידישן רוסיש ריידן, איז שאָלעמאַלייכעם דאָ פאָרט אויסן געווען מאָדערניזירן אָט דעם גאַנצן עפּיזאָד, דערלאַנגען אים דעם „אייראָפּעיִשן“ לייענער, און ווילנדיק ניט ווילנדיק איז ער טאַקע באַ אים געוואָרן מער אַנעקדאָט אײדער שיינער קינסטלערישער געדאַכט, וואָס שפּיגלט אָפּ אַ קליינהאַסאָגעדיקע אויסקומעניש פון אַ שיכט, וועלכער לעבט מיט דער אויסגעליידיקטער מיטלאַלטער־לעכער יערושע פון אַ פּשעטל און האַמצאָע.

„מען דערציילט אַ האַמצאָע פון אַ קאַסרילעווקער“ — און אַזוי האָט טאַקע שאָלעמאַלייכעם אָנגעהויבן די געבראַכטע שטעל פונעם ערשטן וואַריאַט, און אינעם לעצטן וואַריאַנט האָט ער דאָסדאָזיקע צוליב עפּעס אַרויסגעוואָרפן און אָנגעהויבן אַפילע דעם זאַץ מיטן פּובליציסטישן „לעמאָשל“...

צום סאָף פון דער דערציילונג האָט שאָלעמאַלייכעם אין דער לעצטער אויסגאַבע צוגעשריבן גאַנצע צוויי זייטלעך וועגן קאַסרילעווקער בייסאַלמען, — שיינע, אָבער זייטיקע צוויי זייטלעך, וואָס מאַכן נאָך מער דעמדאָזיקן אַריינפיר צו די קליינע מענטשעלעך פאַר אויס נאָוועלע, ס'ווערט אַ מין מעכאַבערשע אופקלערערישע האַקדאָמע מיט אַ ווענדונג אַפילע באַם ענדע, אַ ווענדונג צום לעזער מיט אַ נאַציאָנאַלן, קאָן מען זאָגן, בייגעשמאַק.

„אויב איר זייט נאָך ניט געווען (אַפן קאַסרילעווקער בייסאַלמען, הייסט עס) טוט צוליב און גייט זיך דורך צו זיי „אַפן פעלד“, לייענט איבער די אַלטע שטאַרק אָפּגעריבענע אופשריפטן אַף די האַלב איינגעפאַלענע מאַצייוועס, וועט איר געפינען אין זיי אַ שטיק געשיכטע פון אַ גאַנצן פאָלק“...

אַזוי ווייט איז דאָס בעכאָל אויפן פון דער ערשטער עכט קאַסרילעווקער האַקדאָמע, וואָס איז בעצעם אויך אַ דערציילונג, אַ מאָנאָלאָג פון אַ קאַסרילעווקער טאַקע. איז דאָך קלאָר, אַז אין דעם ערעך, וואָס שאָלעמאַלייכעם האָט דידאָזיקע דערציילונג צוליב דער לעצטער אויסגאַבע איבערגעאַרבעט מיט גאָר נייע, אַפּאָנעם, קינסטלערישע קאַוואָנעס, האָבן מיר און מיר מוזן זיך רעכענען מיט דעם פאַקט פון צוויי גאָר באַזונדערע וואַריאַנטן אַף דערזעלבער טעמע, מיר פאַרמאָגן, הייסט עס, צוויי באַזונדערע אַריינפיר־דערציילונגען צו דער סעריע „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס“.

פון די איבעריקע דערציילונגען, וואָס געהערן צו דער סעריע, זיינען אויך אייניקע רעכט איבערגעאַרבעט, האַגאַם ניט אַזוי גרינטלעך, אָבער דאָך — אין דער ערשטער ריי — די דערציילונג „פאַרבענקט אַהיים“ און דער מאָנאָלאָג „ווען איך בין ראָטשילד“ האָבן אין דער לעצטער אויסגאַבע באַקומען די ענדערונגען, וואָס שמאָמען אויך, ווי מיר האַלטן, פון שאָלעמאַלייכעמס אַ נייעם גיט בלויז סטיליסטישן צוגאַנג צו זיינע אייגענע ווערק.

## III

ווענן „פאַרבענקט אַהיים“. אין דערהאָזיקער דערציילונג האָט שאָלעמאַלייכעם, ווי ס'איז צו זען פון דער ניויאָרקער אויסגאַבע, געמאַכט גראַד היפּשע אויסשניטן. ס'איז דאָ אַרויסגעפאַלן קווידעמקאָל אַ שטיק פונעם אָנהויב, די שטעל, ווו שאָלעמאַלייכעם דערקלערט, פאַרוואָס האָבן די קאַסרילעווקער שפּעט דערוווסט זיך פון ציאָניזם, אַ שטעל, וואָס פאַרנעמט אַ דרייסיק שורעס אין דער פריערדיקער וואַרשעווער אויסגאַבע פון 1909. און האַגאַם שאָלעמאַלייכעם איז דאָ אויסן געווען, צו גלויבן, בלויז אַ רעדאַקציאָנעלע אויסבעסערונג, אָבער דאָך זיינען דערביי אַרויסגעפאַלן עטלעכע שיינע כאַראַקטעריסטישע פאַרצייכענונגען. אַשטייגער:

„מכילעס האָט ניט יעדערער פאַרשטאַנען, וואָס איז דער טייטש „ציאָניזם“. ציאָניזם, ציאָניזם, קאַרג ווערטער פאַראַן באַ אונדז, וואָס ווערן ניט איבערגעזעצט אין אונדזער לאָשן און פונדעסטוועגן — גאָרנישט? לעמאָשל, נעמט אונדזער כומעש, ווי מען לערנט באַ אונדז אין בײדער: קרבן — אַ קאָרבן, מזבח — מיזבייאַך, משפט — אַ מישפּעט, גנב — אַ גאַנעוו, זונה — אַ זוינע, בהמה — אַ בעהיימע“ *.

אָדער:

„די קאַסרילעווקער יִדן ווייסן באָרעכאַשעם קיינמאָל ניט, ווו זיי זיינען אין דער וועלט. ווען ניט דער לואַך, וואָס האַלט זיי אָף די פּיס, וואָלטן זיי לאַנג אָנגעשפּאַרט גאָט ווייסט ווו“...

שאָלעמאַלייכעמס שער איז, ווי איך מיין, צו שטרענג באַגאַנגען זיך מיט אָט די אַלע ערטער, וואָס גרייטן צו דעם לעזער צו דער קאַסרילעווקער אוילעמהאַטויע-וועלט, צו דעם ארט דענקען און באַנעמען, וואָס שטייט בעעצעם אויסער צייט און רוים און איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר קאַסרילעווקער באַציִונג צום ציאָניזם, אַ אידייע, וואָס צים איר כיונע אין מאָך פון דער גרויסער באַלעבעסלדיקער וועלט-קאַסרילעווקע...

נאָך שטרענגער איז זיך שאָלעמאַלייכעם באַגאַנגען מיט דער זעלטענער קלאַסישער רעדע פון גויעך רעב יאָסלם, דעם פּרעזידענט פון די קאַסרילעווקער ציאָניסטן. פון דערהאָזיקער גרעסערער רעדע איז אין דער ניויאָרקער אויסגאַבע געבליבן בלויז אַ שטיקל פונעם אָנהויב און פונעם סאָף, געבליבן קימאַט ניט מער, ווי אַ דריטל. און אין דער רעדע איז דאָך יעדער זאַץ בעפּיירעש אַ שטיק קונסט, יעדער זאַץ שפּיגלט אָפּ זעלטן די באַלעבעסלדיק-ציאָניסטישע האָמילעטיק, די רעדע-קונסט, וואָס באַשטייט אַדהייעם נאָך פון אַ געדאַנקלעכן מיש-מאַש, ווו ס'באַהעפטן זיך ביבל-פּסוקים מיט „וויסנשאַפט“, ס'פּאָרן זיך „אַפּאָלאָן, סאָקראַטעס און די היינטיקע ספּינאָזע, באָקל, ספּענסער, שלאָסער אוכעדוימע“... און פון יעדער שורע קוקט אַרויס די נאַיווע באַמלאָנעס פון דער ציאָניסטישער „אינטעליגענטישער“ קאַסרילעווקע, וואָס בלעטערט געשיכטע, זוכט „אַלטע און נייע ספּאָרים און ברענגט רייעס פאַר ציאָניזם פון דרעפערן און פון די אומעס, וואָס זיינען „פאַראַן אין דאַווענען, די קיי און שפּיי, די פּלאָטוויצע האמורי והחוי והפּריזי והגרגשי“...

---

* אין דעם „יוד“-וואַריאַנט קומט דאָ ווייטער אַן אַריינשטעל: „ווי מיין רעבע רעב נאָיאַך פלעגט זאָגן און מאַכן כוויזעק פון די היינטיקע מיט זייער שפּראַך: „ציבעלאַזאַציע, קרנצעפּאַליע מיט שמאַלץ“... אָנקוקן האָט ער ניט געקאָנט די היינטיקע ווערטער: „ברונעטקע“, „דעפּיציט“ און „קאַזיאָנער ראַבינער“ א. א. וו. דאַסדאָזיקע און אויך אַ לאַנגן זייטיקן סיפּערהאַמייסע וועגן דעם, ווי שמייע דער סעקרעטאַר האָט אַוועקגעשיקט אַ קאָרעספּאָנדענציע אין אַ רעדאַקציע — דאָס אַלץ האָט שאָלעמאַלייכעם אַרויסגעוואָרפן אין דער ערשטער אויסגעבעסערטער אויסגאַבע פון 1903 יאָר, און מיט רעכט אַרויסגעוואָרפן.

איז אַט דידאָזיקע דענקמאָלערישע, קאָן מען זאָגן, מוסטער־רעדע האָט שאָלעמאַלייכעם אין דער לעצטער אויסגאַבע אַרויסגעוואָרפן אַף דריי פערטל, בעקיוון אַפּאָגעם, פאַרקירצט דאָס ספּעציפישע קליינשטעטלדיקע אַלמוואַרג, געוואָלט, ווי ס'ווייזט אויס, מאָדערניזירן זיינע „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס“, געוואָלט דערלאַנגען זיי אַף אַ צוגענגלעכן אויפן פאַרן נייעם „אייראָפּעיזשן“ לייענער. אָבער ס'איז אָן שום ספק אַ שאָד, וואָס פאַר אונדזער לייענער וועט אין דער לעצטער אויסגאַבע פעלן אַ שטיק געשאַפענע קאַסרילעווקע פון שענסטן קינסטלערישן און אידעאָלאָגישן באַטייט, וואָס שאָלעמאַלייכעם האָט באַשאַפן.

די מאָדערניזירונג האָט באַשיינפערלעך אויך געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אין די ענדערונגען, וואָס שאָלעמאַלייכעם האָט לויט דער ניו־יאָרקער אויסגאַבע אַריינגעטראָגן אין דעם באַרימטן מאָנאָלאָג „ווען איך בין ראָטשילד“, דאָ איז אַפילע צו זעען די ווירקונג, וואָס שאָלעמאַלייכעם דער פאַרלייענער פון זיינע אייגענע ווערק האָט געהאַט אַף שאָלעמאַלייכעמען דעם שרייבער.

„ווען איך בין רויטשילד“ האָט אין דער ניויאָרקער אויסגאַבע באַקומען אַן אונטערקעפּל — „אַ מאָנאָלאָג פון אַ קאַסרילעווקער מעלאַמעד“ — און באַקומען אויך צוויי טעאַטראַלע רעמאַרקעס. אין איין אָרט: „ער שטעלט זיך אָפּ“ און אין אַ צווייטן: „פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע“*. מאַשמאָעס, אַז שאָלעמאַלייכעם האָט לעצטנס געהאַט אין זינען די סצענישע אויספירונג פונעם דאָזיקן מאָנאָלאָג און דערביי צוליבן נייעם צוהערער באַגייט און אָפּגעפרישט, אַזוי צו זאָגן, די טעקסטן, אומגעביטן דעריקער די שטעלן, ווו ס'ווערן באַשריבן לעבנספּראַטים, עטנאָגראַפישע אַזוינע שילדערונגען, וואָס שפּיגלען אָפּ ספּעציפישע אָרט און צייט, ווען דאָס ווערק איז באַשאַפן געוואָרן.

צום ביישפּיל.

אין דער וואַרשעווער אויסגאַבע פון 1909:

„די מילכאָמע דאָס איז, הערט איר, גאָר אַ שכיטע פאַר דער וועלט! ווען איך בין רויטשילד, מאַך איך אויס מילכאָמע, אָבער מאַקע לאַכלוטן אויס!

וועט איר דאָך פרעגן, ווי אַזוי? נאָר מיט געלט. איך וועל אייך געבן צו פאַרשטיין, וועט איר פאַרשטיין. לעמאָשל, אָט דער האָט דער ענגלענדער זיך גענומען צו די בוירערן, פאַרוואָס? פאַר וועמען? ער וויל צונעמען באַ זיי דאָס גאָלד... צי אַשטייגער, אָט דערציילט מען, אַז די דייטשן מיט די פראַנצויזן מיט די איבעריקע דאָרט האָבן זיך צוגעזעצט צו קיסרי מיט אַ קאָנטשיק אין האַנט און ווילן אים לערנען דערעכבערעץ, ער זאָל זיך אָפּשערן דאָס צעפּל און אָנטאָן הויזן,— וואָס אַרט דאָס אייך? יענער וויל זיך דאַפקע גיין מיט אַ קליידל און דאַפקע מיט אַ צעפּל, לאָז ער זיך גיין געזונטערהייט אַפילע מיטן קאָפּ אַראָפּ מיט די פיס אַרויף. וועמענס אייסעק איז דאָס? צי אַשטייגער נעמט דעם טערק מיט דער רויטער יאַרמעלקע, וואָס האָט מען צו אים, וואָס מע וויל זיך מיט אים צעטיילן?...

און וויבאַלד מען שמועסט לאָשן טיילן זיך, וויל דאָך איטלעכער דאָס בעסטע שטיקל, דער זאָגט: „נעמט אייך סטאַמבול און גיט מיר באָספּאָר“ און דער זאָגט: „נעמט אייך סטאַמבול און גיט מיר באָספּאָר“, קומט צו גיין אַ דריטער און זאָגט: ווייסט איר וואָס? שלאָגט אייך ביידע קאָפּ אָן וואַנט מיטן סטאַמבול און מיטן באָספּאָר, אַבי לאָס איך מיר פאַרנעמען די דאַרדאַנעלן?... ווערט אַ וואַזצאַקו — דאַרדאַנעלן? וואָס הייסט, מ'יר וועלן אייך לאָזן פאַרנעמען די דאַרדאַנעלן? די דאַרדאַנעלן זיינען אַ „רעשוס הארבים“, אַלעמענס דאַרדאַנעלן... בעקיצער, דאַרדאַנעלן אַהער, דאַרדאַנעלן אַהין — מען דאַרדאַנעלט אַזוי לאַנג, ביז מען הויבט

---

* און האַגאָס אין „יוד“־וואַריאַנט זיינען אויך פאַראַן אייניקע ענלעכע שורעס, וואָס זיינען גענומען אין קלאַמערן, אָבער אין „יוד“ טראָגן זיי ניט קיין כאַראַקטער פון רעמאַרקעס, נאָר פון געוויינלעכע פאַרקלאַמערטע באַמערקונגען. און דערפאַר האָט זיי שאָלעמאַלייכעם אַרויסגעוואָרפן, בעשאַס ער האָט אין דער אויסגעבעסערטער אויסגאַבע פון 1903 צוגעגעבן דעם מאָנאָלאָג אַ מער שליימעסדיקן, ווי געזאָגט, נאָוועליסטישן כאַראַקטער.

אָן שיסן פון האַרמאַטן, און מענטשנס בלוט גיסט זיך, ווי וואַסער און רינט טייכנווייס אין יאַם אַריין, אָט האָט איר אייך דאַרדאַנעלן...

אָבער, אַז איך קום צו זיי און זאָג: שאַ, ברידערלעך, לאָזט אייך דינען, אין וואָס גייט דאָ באַ אייך, אייגנטלעך, דער גאַנצער סיכסעך? איר מיינט דען די האַגאָדע? איר מיינט דאָך די פּאַלירטשיקעס! אַ מער נאַט אייך אַ מיליאַרד, נאַט אייך אַ מיליאַרד! נאַט אייך צוויי מיליאַרד! גאָט וועט אייך העלפן, וועט איר מיר אויסצאָלן“!..

אין צום פאַרגלייך — דאָסזעלבע אין דער ניויאָרקער אויסגאַבע פון 1923:

„אָי די מילכאָמעס, די מילכאָמעס! דאָס איז, הערט איר, גאָר אַ שכיטע אַף דער וועלט! ווען איך בין רויטשילד, מאַך איך אויס מילכאָמעס, אָבער טאַקע לאַכלוטן אויס!

וועט איר דאָך פרעגן: ווי אַזוי? גאָר מיט געלט. דעהיינע: איך וועל עס אייך געבן צו פאַרשטיין מיט אַ סייכל. לעמאָשל, צוויי מעלוכעס צעאַמפּערן זיך איבער אַ נארישקייט דאָרט, אַ שטיקל ערד, וואָס איז ווערט אַ שמעק טאַבעק, טעריטאָריע, הייסט עס באַ זיי. די מעלוכע זאָגט, אַז די טעריטאָריע איז איר טעריטאָריע, און די מעלוכע זאָגט: „ניין, ס'איז מיין טעריטאָריע“. מששת ימי בריישית, הייסט עס, האָט גאָט באַשאַפן אָט דאָס שטיקל ערד פון איר קאָוועד וועגן. קומט צו גיין אַ דריטע און זאָגט, איר זייט בעהיימעס, די טעריטאָריע איז אַלעמענס טעריטאָריע, אַ רשות הרבים, הייסט עס, האַקיצער, טעריטאָריע אַהין, טעריטאָריע אַהער, מען טעריטאָריעט אַזוי לאַנג, ביז מען הויבט אָן שיסן פון האַרמאַטן און מענטשן קוילן זיך איינס דאָס אַנדערע, ווי די שאָף, און בלוט גיסט זיך אַזוי, ווי וואַסער.

אָבער, אַז איך קום צו זיי לעכאַטכילע און זאָג: שאַט, ברידערלעך, לאָזט אייך דינען, — אין וואָס גייט דאָ באַ אייך אייגנטלעך דער סיכסעך? מען פאַרשטייט דען ניט אייער מיין? איר מיינט ניט אַזוי די האַגאָדע, ווי די קניידלעך. טעריטאָריע איז דאָך באַ אייך נאָר אַן אויסרייד. דעריקער איז דאָך באַ אייך יענע מייסע פעטי, מעטי, קאָנטריבוציע — און וויבאַלד לאָשן קאָנטריבוציע, צו ווען קומט מען מיט אַ האַלוואָע? צו מיר, צו רויטשילדן, הייסט עס. אַ מער, ווייסט איר וואָס? נאַ דיר, ענגלענדער מיט די לאַנגע פּיס און מיט די קעסטלדיקע הויזן, אַ מיליאַרד! נאַ דיר, נאַרישער טערק מיט דער רויטער יאַרמעלקע, אַ מיליאַרד! נאַ דיר, מומע רייזל, אויך אַ מיליאַרד, מימאָנאַפשעך וועט אייך גאָט העלפן, וועט איר מיר אָפּגעבן מיט פּראָצענטן, ניט כאָלילע קיין גרויסן פּראָצענט, פיר אָדער פינף לשנה, איך וויל אַף אייך ניט רייך ווערן“.

פון דעמדאָזיקן פאַרגלייך פון די ביידע טעקסטן, ווערט מער אָדער ווייניקער קלאָר דער גרונט=אויפן פון שאָלעמאַלייכעמס איבעראַרבעטונג. ס'ווערט קלאָר, אַז שאָלעמאַלייכעם איז אויסן געווען אַריבערפירן דעם מאָנאָלאָג אַף אַ מער נייעם און אַלגעמיינעם פלאַך, אַזוי צו זאָגן. אָנשטאָט דעם קאָנקרעטן עטנאָגראַפישן פּראַט, אָנשטאָט די „דאַרדאַנעלן“, פון וועלכע דער קאַסרילעווקער האָט בעשייטעוי געהערט און געוווּסט, האָט אים שאָלעמאַלייכעם אינעם נייעם וואַריאַנט באַפוילן ריידן וועגן טעריטאָריע סטאַם, און אַפילע וועגן קאָנטריבוציע. צוליבן, אַז צוליב דער מאָדערנער אַודיטאָריע, פאַר וועלכער שאָלעמאַלייכעם האָט שפּעטער אַזוי אָפּט געלייענט דאָסדאָזיקע ווערק, צוליב די מאָדערנע צוהערער האָט ער בעפיירעש מאַקריוו געווען די קינסטלערישע שליימעס פונעם דאָזיקן קאַסרילעווקער מעלאַמעד, וואָס דאַרף און קאָן נאָר גיין פון פּראַט צום קלאַל און ניט פאַרקערט. דער צו=קלוגער מעלאַמעד פונעם לעצטן וואַריאַנט איז שוין אַדעראַבע צו לעקשעוואַטע אָדער צו בעקיוונדיק און רעדט דערפון, וואָס דער מעכאַבער שאָלעמאַלייכעם ווייסט. בעשאַס אָבער ווען ער רעדט וועגן די כיינעוודיק פאַרהיימישטע דאַרדאַנעלן, גייט ער אַרויס פון אַ פאַקט, וואָס האָט געוויס אין זיין צייט אופגערודערט די קאַסרילעווקער „פּאָליטיקער“ און דערין אויך דעמדאָזיקן מעלאַמעד, וואָס איז דערפון געקומען צו די זייניקע, פאַרגראָטעסקירטע דורך שאָלעמאַלייכעמען, נאַיִווע אַנטימיליטאַריסטישע אויספירן.

אָבער ס'האָט עפּעס געצויגן שאָלעמאַליכעמען, אַפּאָנעם, מאַכן אים פֿאַר אַ היינטוועל־טיקן, אָט דעם קאַסרילעווקער מעלאַמעד, פֿאַרבייטן אים דאָס וואָרט „וווּבער“ אַף „פּראָצענט“ און אַריינלייגן אים אין מויל אַפּילע אַ ווונטש וועגן „אַ ייִדישער אַקאַדעמיע“, בעשאַס ער טרוימט, אַז אַף זיינע געלט וועט ער מאַכן: „מען זאָל לערנען כומעש מיט ראַשי מיט געמאָרע, מיט טויספעס, מיט מאַרשאָ, מיט אַלע שעוווע כאַכמעס, מיט אַלע שיווים לאָשן. און אַף אַלע יעשי־וועס זאָל זיין איין יעשיווע אַ גרויסע, אַ ייִדישע אַקאַדעמיע, אין דער ווילנע געווייני־לעך“. ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די „ייִדישע אַקאַדעמיע“ איז צוגעשריבן בלויז אין דער לעצטער אויסגאַבע, אין די פריערדיקע צוויי וואַריאַנטן פֿון „יוד“ און פֿון 1909—1903 אויס־גאַבן איז ניט בענימצע אָט די בעפּייִרעשדיקע פרעמדאַרטיקייט.

„ווען איך בין רויטשילד, אַי ווען איך בין רויטשילד, טרעפֿט וואָס איך טו?“ — אַזוי הויבט זיך אָן דער מאָנאָלאָג אין דער וואַרשעווער יובילעום־אויסגאַבע, און אינעם לעצטן ניו־יאָרקער וואַריאַנט ווערט אָט דער אָנהויב פֿאַרלענגערט:

„ווען איך בין רויטשילד — האָט זיך צעלאָזט אַ קאַסרילעווקער מעלאַמעד איינמאָל אין אַ דאָנערשטיק, בעיים די רעבעצן האָט אים געמאָנט אַף שאַבעס און ער האָט ניט געהאַט — אַי ווען איך בין רויטשילד, טרעפֿט, וואָס איך טו“.

און אינטערעסאַנט איז, וואָס אָט דער זעלבער אַריינשטעל, נאָך אַ לענגערער, איז פֿאַראַ־נען אין דעם ערשטן „יוד“־וואַריאַנט, אָבער דאָס, וואָס שאָלעמאַליכעם האָט אים אַרויסגע־וואָרפֿן אין דעם צווייטן „רעכט אויסגעבעסערטן“, וואַרשעווער וואַריאַנט, איז אַ סימען, אַז ער האָט אים דערפילט איבעריק, בעשאַס ער איז אויסן געווען צוגעבן די קאַסרילעווקער מאָנאָלאָגן אַ ריין נאָוועליסטישן כאַראַקטער. אויפגעשטעלט האָט ער דעמהאָזיקן אַריינשטעל ווידער אין דעם דריטן ניו־יאָרקער וואַריאַנט, אָבער דאָ טראָגט ער שוין דעם כאַראַקטער פֿון אַ מין אינעווייניקסטער סצענישער רעמאַרקע, וואָס גיט שוין, ווי מיר דאַכט, די פֿאָרלייענערישע צייל־וועגדונג פֿאַר די אַלע ווייטערדיקע ענדערונגען אין דעמהאָזיקן וואַריאַנט.

דאָסזעלבע איז אויך מיטן מאָנאָלאָג „קיין איינהאָרע ניט“, דערדאָזיקער מאָנאָלאָג הויבט זיך אָן —

אין דעם „יוד“ פון 1902, נומער 4:

„ווי איר זעט מיך אָטאָ — דערציילט אונדז אַ קאַסרילעווקער באַלעגאָלע, זיצנדיק אַף דער קעלניע מיטן פּאָנעם צו אונדז אין בויד אַריין און די פערדלעך טיאָפּקען אין דער בלאָטע — ווי איר זעט מיך אָטאָ בין איך מיר קיינײנהאָרע אַ באַלעגאָלע מיט קיינײנהאָרע צוויי פערדלעך“.

אין די אויסגאַבן פון 909—1903:

„ווי איר זעט מיך אָטאָ בין איך קיינײנהאָרע אַ ייִד אַ באַלעגאָלע מיט קיינײנהאָרע צוויי פערדלעך אייגענע“...

אין דער ניו־יאָרקער אויסגאַבע:

„ווי איר זעט מיך אָטאָ — מאַכט צו אונדז אַ קאַסרילעווקער באַלעגאָלע, וואָס האָט זיך אויסגעדרייט צו אונדז אין דער בויד אַריין, און די פערדלעך מיטן וואָגן האָט ער געלאָזט אַף גאָטס באַראָט — ווי איר זעט מיך אָטאָ בין איך מיר אַ ייִד מיט קיינײנהאָרע צוויי פערדלעך אייגענע“...

הייסט עס, אַז שאָלעמאַליכעם האָט זיך דאָ אויך אומגעקערט ווידער צום נוסעך פונעם ערשטן וואַריאַנט, ביכדיי דער אָנהויב זאָל גלייך אַריינפירן אין קאָן דעם פּאָרלייענער פונעם מאָנאָלאָג. זיינען טאַקע אין דער לעצטער אויסגאַבע אַריינגעבראַכט אייניקע אַזוינע לענגערע אויסטיימשערישע צוגאַבן, מינע רעמאַרקעס, וואָס שטרייכן אינגאַנצן אונטער, אַז דער מאָנאָ־לאָג „קיינײנהאָרע ניט“ ווערט שוין באַשטימט פֿאַר סצענישע פּאָרלעזונגען, דער מאָנאָלאָגיסט ווערט דאָ, דעריקער, דער פּאָרלייענער, וועלכער דערציילט אין נאָמען פונעם באַלעגאָלע, און ניט דער קאַסרילעווקער באַלעגאָלע גופע, ווי אין דעם צווייטן נאָוועליסטישן, ווי איך מיין, וואַריאַנט.

אין דער לעצטער אויסגאַבע פונעם „קיינגיינהאָרע ניט“ האָט שאָלעמאַלייכעם אַריינגעבראַכט אַפילע אַן אינטערעסאַנטן, שוין ריין טעאַטראַלן צוגאָב, דאָרטן, ווו דער באַלעגאָלע דערציילט וועגן זיין טילים-זאָגן:

„און אַז מען טרינקט אויס אַ קוואָרט עפּלקוואַס קיינגיינהאָרע און מען פאַרבייסט מיט באַרלעך-צימעס, נעמט מען זיך צום טילים און מען רייבט קיינגיינהאָרע געשמאַק איין קאַפּיטל נאָכן אַנדערן: זיי פליען קיינגיינהאָרע די קאַפּיטלעך, ווי די ווערסטן אַפן גרויסן טראַקט איינס נאָך דאָס אַנדערע, איינס נאָך האָס אַנדערע... מפררו! — מאַכט דער קאַסרילעווקער באַלעגאָלע“ א. א. וו.

אַזוי איז אין די ערשטע וואַריאַנטן, און אין דעם לעצטן וואַריאַנט ווערט אָט דער איבערגאַנג צום „מפררו“ פאַרלענגערט אַף אַזאַ אויפן:

„...איינס נאָך דאָס אַנדערע אָן אַ פּאָפּאַס, וואַרעם, ווי איר זעט מיך, כאָטש אַ באַלעגאָלע, גיט באַ מיר קיינגיינהאָרע דער טילים, ווי אַ מיזמער, האַלעוויי וואָלטן אַזוי מיינע מאַמזיירים געקאָנט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר נאָך טאַטע-מאַמע אַ רועך אין זייער פאָטער און מוטער אַריין... „מפררו, איינגעזונקען זאָלט איר ווערן“ — אַזוי האָט אויסגעלאָזט פלוצים דער קאַסרילעווקער באַלעגאָלע... א. א. וו.

אָט דער גאַנצער אַריינשטעל איז דאָ קלאָר געמאַכט צוליבן „אַ רועך אין זייער פאָטער און מוטער אַריין“, וואָס דאַרף טעאַטראַל אויסגעפירט ווערן באַם לייענען, אַזוי אַז דאָס זאָל זיך באַציען סיי צו די קינדער, סיי צו די פערד — אַ גוט שפּילעוודיק לייען-מיטל. און דאָך — דערמיט אַליין, קאָן זיין, וואָס שאָלעמאַלייכעם האָט בוילעט געמאַכט דאָס סצעניש פאָנעם פון איינציקע מאָנאָלאָגן, דערמיט אַליין האָט ער אין אַ באַוווּסטן פראַט פאַרטונקלט דעם נויטיקן מעהאַלעך, וואָס טיילט אונדז אָפּ פון דידאָזיקע קאַסרילעווקער פאַרשוינען. און סיי דער באַלעגאָלע פונעם „קיינגיינהאָרע ניט“, סיי דער מעלאַמעד פון „ווען איך בין רויטשילד“ גייען שוין דערמיט גופע אַרויס פון זייער ווייט-ווייטער פערספּעקטיוו, איצט *שפּילן* זיי שוין *פאַר אונדז* — פריער אָבער האָבן זיי בלויז *צוליב זיך און פאַר זיך* גערעדט און דערציילט...

קימאַט אָן ענדערונג אין דעם פראַט איז געבליבן דער מאָנאָלאָג „אויסגעטרייסלט“, דערפאַר, אַפּאָנעם, ווייל דאָרט איז פון לעכאַטכילע אָן פאַראַנען אַ דערציילער, וועלכער איז גראַד אַליין אַ קאַסרילעווקער ייִד, וואָס פאַרהיט דעריבער דעם גאַנצן אייגנאַרט פון דער קאַסרילעווקער וואָרט-אַטמאָספער. אָבער אויך אין „אויסגעטרייסלט“ האָט שאָלעמאַלייכעם אינעם לעצטן וואַריאַנט צוגעגעבן איינציקע פאָרלייענערישע זאַצן און געלאָזט דעם ייִדן דעם מאָנאָלאָגיסט ריידן פון „עקספּראָפּריאַציעס“, בעשאַס עקספּראָפּריאַציעס זיינען אין שטעטל פאָרגעקומען שפּעטער, בעכאָל אויפן ניט אין די „קאַסרילעווקער“ ציטן, צו וועלכע די שיינע דערציילונג „אויסגעטרייסלט“ געהערט מיט איר טאָך און קינסטלערישן אינהאַלט.

די דערציילונג „יאָרשים“ האָט שאָלעמאַלייכעם גרינטלעך איבערגעאַרבעט נאָך אין 1910 יאָר (פריער אין „יוד“ האָט זי געהייסן „אַן אייגענע שטאָט“), צוגעגעבן אַ ריי עפּיזאָדן און שילדערונגען. און די איבעראַרבעטונג איז אויך געמאַכט געוואָרן לויטן שפּעטערדיקן מוסטער פון דער סעריע אַלט-ניי-קאַסרילעווקע“—מיט אַסאַך לאַנגקייטן און מאָדערניזמען. אין דער ערשטער „יוד“-רעדאַקציע איז דידאָזיקע דערציילונג בעפיירעש געווען מער אויסגעהאַלטן אין פראַט פון נאָוועליסטישער פאָרם, — מיט וויניקער דידאַקטישע אַריינפלעכטונגען און טאַקע מיט מער פולשטענדיקער קינסטלערישער שליימעס.

גאָר אָן קיין שום ענדערונגען זיינען אין דער לעצטער אויסגאַבע אַריין די דערציילונג „צוויי שאַלאַכמאָנעסן“, „אַן אָנגעלייגטער ברים“ * און „ניט פאַר קיין ייִדן געדאַכט“ **. אין

* דער וואַריאַנט, וואָס אין „יוד“, איז גראַד אַן אַנדערער, אַ שוואַכערער, און דערפון איז ערשט צו זעען, ווי גלענצנד שאָלעמאַלייכעם האָט אים אויסגעבעסערט פאַר דער אויסגאַבע פון 1903 יאָר.

** דאָ איז אין דעם „יוד“-וואַריאַנט ניטאָ דער איינפאַלדיקער „לא קבלתי און לא נתתי“ אין דעם באַוווּסטן כעשבן פון רעב שייע, זיידלס טאַטע.

„נישטאָ קיין מייסים“ איז אויסער דער שורע „ווער זייט איר און צו וועמען דאַרפט איר“, וועלכע שאָלעמאַלייכעם האָט איבערגעמאַכט אַף „דו“, ווייל „רעב אַריע איז אַזוי אַלט, אַז ער מעג יעדערן זאָגן דו“ — איז אויסער אָט די אַריינגעשריבענע שורעס האָט נאָך שאָלעמאַלייכעם אַריינגעשטעלט אַ שורע אין קלאַמערן, אַ מין רעמאַרקע, וואָס באַציט זיך אַפן שאַמעס: „ער טוט מיר אַ וויזן מיט דער אויסגעטריקנטער האַנט אַף די וויינענדיקע ווייבער“, האַגאַם אַזאַ מין שורע אין קלאַמערן, אַביסל פריער אין טעקסט, איז אויך פאַראַן אין די ביידע פריערדיקע וואַריאַנטן און איז אויך פאַרבליבן אינעם לעצטן.

אין דער דערציילונג „אַ פאַרשטערטע כאַסענע“ האָט שאָלעמאַלייכעם לויט דער ניו־יאָרקער אויסגאַבע פאַרקירצט צוליב עפּעס די פאָלגנדיקע גאַנץ כאַראַקטעריסטישע שורעס:

„קאַסרילעווקער יידן — די זיינען גאָר די קאַפּאָרע! לאָז קומען קיין קאַסרילעווקע אַ כאַזן אַ רעכטער, דאַווענען אַ שאַבעס מעוואָרכים, וועט מען פאַרזעצן אַ מאַשקן און מען וועט גיין הערכן דעם כאַזן.

נויאַך צעלניקער איז געווען, קאָן מען זאָגן, צווישן קאַסרילעווקער אַ קאַסרילעווקער“.

דערצו האָט שאָלעמאַלייכעם פאַרביטן די סמילער קלעזמער אַף יעהופּעצער — פאַרגרעסערט אַף אַזאַ אופן די „קלייניגע האַסאָגעס“ פונעם קאַסרילעווקער „קליינעם מענטשעלע“ און ווידער רעטושירט די לאָקאַלע באַפאַרבונג, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די פריערדיקע וואַריאַנטן *.

מערערע צוגאָבן האָט שאָלעמאַלייכעם לויט דער לעצטער אויסגאַבע אַריינגעפירט אין „נאַכעס פון קינדער“. דאָ האָט ער גלייך פון אָנהויב אָט ווי געענדערט —

אין די ערשטע אויסגאַבן:

„קיין נאָגיד, הערט איר, בין איך ניט, ווייט פון אַ נאָגיד, נאָר נאַכעס פון קינדער קאָן איך מיך באַרימען“ א. א. וו.

און אין דער ניו־יאָרקער אויסגאַבע:

„קיין נאָגיד, הערט איר, בין איך ניט, ווייט פון אַ נאָגיד. גאָר נישט. אַ באַלעבאָס מיט אַ דירע אַן אייגענע, כאָטש וואָס האָט מען, מישטיינס געזאָגט, באַ אונדז פון אַ דירע! מאַקעס! — נאָר נאַכעס פון קינדער“... א. אַ. וו. **.

און אין העסקעם מיט אָט דעם צוגאָב, אַז דער מאָנאָלאָג־ייִד איז אַ באַלעבאָס מיט אַן אייגענער דירע, ווערן שפּעטער אַריינגעפירט אַנטשפּרעכנדיקע הויסאָפעס אין דעם פראַט, אַז יעדערן פון די „פיינע“ זין און איידעמס נעמט ער, דער מאָנאָלאָג־ייִד, צו זיך אין שטוב. אין די פריערדיקע וואַריאַנטן ווערט עס אויסגעשפּראָכן געזאָגט נאָר בענויגייע צו איין איידעם, דעם וואָס פון ייכעס, די איבעריקע אָבער האַלט דער ייִד אויס ביכלאַל אַף זיינע פלייצעס, ווי ער דערציילט, און ס'ווערט ניט געזאָגט, אַז ער נעמט זיי צו זיך אין דירע.

אויסער דעם איז אין דער דערציילונג אין דער לעצטער אויסגאַבע פאַרענדערט געוואָרן דער זאַץ מיקויעך דעם שלימאַזלדיקן איידעם דאָרטן, ווו ס'רעדט זיך וועגן דעם, אַז ווען „ער קויפט טווּע איז אַ זאָל, האַנדלט ער אין אָקסן, פייגערן זיי, רירט ער זיך צו צו וואַלד איז אַ וואַרעמער ווינטער — אַ באַרמאַזל. טאָמער, זאָג איך, וואָלסטו געהאַנדלט מיט טאַכריכים, וואָלט מען אופגעהערט שטאַרבן“. איז אָט דער סאָף זאַץ איז געענדערט אַף: „אַ באַרמאַזל, ער זאָל אַ קוק טאָן אין טייך, וואָלטן געפייגערט אַלע פיש“. געוואָלט האָט, אַפּאָנעם, שאָלעמאַלייכעם

---

* אין דעם „יוד“־וואַריאַנט — ניט „סמילער“ נאָר „כאַפּלאַפּאָוויטשער“ קלעזמער.

** דער „יוד“־וואַריאַנט הויבט זיך אָן: „אַנקעגן דעם, וואָס איר זאָגט: קינדער. קיין נאָגיד, הערט איר, בין איך ניט“ — און אַזוי ווייטער, ווי אין דעם וואַרשעווער וואַריאַנט. אין דעם „יוד“־וואַריאַנט איז ניט פאַראַנען די מייסע מיטן עלטערן זון, די פראַטיעסן, ווי מע האָט אים אַרויסגעשיקט פון דאָרף.

דאָס באַקאַנטע ווערטל, וואָס שטאַמט פונעם העברעישן אבן-עזרא, פאַרבייטן מיט אַ יידישן פאָלקסטימלעכן שפּריכוואָרט.

אין דער דערציילונג „אים מעג מען מעקאַנע זיין" זיינען אין דער לעצטער אויסגאַבע אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ פּאָר שינוים. אָנשטאָט:

„רעב מייִלעך דער כאַזן איז געווען אַ ייד אַן אָרעמאַן, אַז אַני וועעוויען גלייך מיט אַלע קאַסרילעווקער באַלעבאַטים און האָט פּאַרדינט אַזאַ לעווייע נאָר דערפאַר, וואָס ער איז געשטאָרבן, ווי אַ צאַדיק, ווי אַ גרויסער צאַדיק. דאָס איז געווען יאָמקיפּער צו נ־לע", —

אָנשטאָט דעם איז דער סאָף פון דעם זאַץ אין דער לעצטער אויסגאַבע איבערגעאַנדערשט:

„...האָט פאַרדינט אַזאַ לעווייע נאָר דערפאַר, וואָס ער איז געשטאָרבן יאָמקיפּער צו נילע. אַזוי שטאַרבט אַ צאַדיק, אַ גרויסער צאַדיק".

אין דערדאָזיקער אויסבעסערונג איז עפּשער שאָלעמאַלייכעם אויסן געווען פּאָשעט אויס־מיידן דעם סטיליסטיש ניט טאָמעד אָנגענומען „דאָס איז געווען", אָבער דערביי האָט ער אַרי־בערגעטראָגן דעם טראָפּ אַפן „אַ צאַדיק, אַ גרויסער צאַדיק", האַגאַם דאָס פּריערדיקע: „דאָס איז געווען יאָמקיפּער צו נילע" בינדט זיך מער מיט דעם טעקסט, וואָס קומט ווייטער אין דער דערציילונג. הייסט עס, אַז שאָלעמאַלייכעם האָט דערמ־ט אונטערגעשטרייכט דאָס פּאָזיטיווע אינעם דאָזיקן מויט, פאַרפיינערט, אַזוי צו זאָגן, זיין אייגענע באַציִונג צו מייִלעכן דעם כאַזן, אָט ווי ער האָט עס געטאָן ווייטער, בעיים ער האָט אַרויסגעוואָרפן דאָס וואָרט „שיטערער", מאָלגנדיק דעם אויסזעען פון מייִלעכס באָרד, אַזוי אַז ס'איז אויסגעקומען: „אַ שיינער ייד מיט אַ לאַנגער באָרד" אנשטאָט „אַ לאַנגער, שיטערער באָרד" ווי ס'איז געשריבן אין די ערשטע וואַריאַנטן.

אין דער גרעסערער דערציילונג „דרייפוס אין קאַסרילעווקע" * האָט שאָלעמאַלייכעם, ווי ס'איז צו זעען פון דער ניויאָרקער אויסגאַבע, איבערגעאַנדערשט נאָר איין שורע לעגאַבע דער אויסגאַבע פון 1909, ער האָט איבערגעאַנדערשט די שלום־שורע פון דער דערציילונג. אנשטאָט:

„און אַזוי איז געבליבן אַדהייעם האַזע" שטייט אינעם לעצטן וואַריאַנט: „אַ סימען—ווער איז געווען גערעכט". ס'האַנדלט זיך דאָ וועגן דעם, וואָס קאַסרילעווקע האָט ניט געגלויבט, אַז מע האָט דרייפוסן פאַרמישפּעט. די איבעראַנדערשונג האָט דאָ געוויס שפּילעוודיק אויסגענוצט דעם שפּעטער געשעענעם פאַקט פון דרייפוסעס באַפרייונג. אָבער די אומ־טלבאַרקייט פונעם קאַסרילעווקער אייביקן ניט גלויבן — עפּשער האָט טאַקע קאַסרילעווקע געהאַט רעכט ניט צו גלויבן שפּעטער אין דער באַפרייונג, ווי פריער אין דער ניט באַפרייונג — אָט די אומיטל־באַרקייט, מיין איך, איז דאָך פּאָרט געבליבן פאַרקערפּערט אינעם „אַדהייעם האַזע", וואָס האָט זיך דעמאָלט אויך אומיטלבאַר אַרויסגעריסן פון שאָלעמאַלייכעמס פען...

---

פון דעם אַלעם איז בעכאַל אויפן צו זעען, אַז שאָלעמאַלייכעמס אַלע קלענערע, גרעסערע און גאָר גרויסע ענדערונגען, וואָס ער האָט, לויט דער לעצטער ניויאָרקער אויסגאַבע, אַריינגע־טראָגן אין די קאַסרילעווקער דערציילונגען פון „די קליינע מענטשעלעך"—די אַלע שינוים און צוגאָבן האָבן אַ שייכעס ניט צו געבוי, וואָרט און סטיל, נאָר צום עצעם אינהאַלט. דאָ האָט זיך מייסטענס שטאַרק און בוילעט אויסגעדריקט שאָלעמאַלייכעמס דעם שרייבערס נייע באַציִונג צו זיינע אייגענע פריערדיקע ווערק. די לעצטע ניויאָרקער שאָלעמאַלייכעם־אויסגאַבע פון „די קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס" שטעלט מיט זיך פאָר ניט קיין אויסבעסערונג, נאָר איבער־אַרבעטונג און בענויגייע צו אייניקע דערציילונגען אַ היפּשע איבעראַנדערשונג, וואָס דריקט אויס ערטערווייס שאָלעמאַלייכעמס „נייע" באַלעבאַטיש־מאָדערניזירטע אידייען־ווענדונג.

---

* אין „יוד" הייסט די דערציילונג: „ס'קאָן ניט זיין". אויסער דאָס ענדערן דעם נאָמען איז די דערציילונג אין דער אויסגאַבע פון 1903 פיין אויסגעבעסערט אַדאַנק אייניקע אויסשניטן און אַריינ־שטעלונגען.

אין דער לעצטער, שוין גאָר לעצטער אויסגאַבע פון שאָלעמאַלייכעמס ווערק, וואָס זיינען דערשינען אין ווילנע—וואַרשע 1925 יאָר אין ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין, שטייט געשריבן: „צוליב דעם פאַרלאַנג פון שאָלעמאַלייכעמס יאָרשים איז די אויסגאַבע געדרוקט לויט דער אַמעריקאַנער אויסגאַבע“. דערדאָזיקער פאַרלאַנג איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַ געזעצלעכער און וויכטיקער. און דאָך — אַף וויפל מיר האָבן דעם פאַקט פון צוויי באַזונדערע און אָפּטמאָל, ווי איך מיין, זעלבשטענדיקע וואַריאַנטן פון אייניקע דערציילונגען, מוזן מיר באַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן נעמען אין אַכט די טעקסטן פון דער „יובילעום אויסגאַבע 1909“. מיר מוזן גריי־לעך נעמען אין אַכט אָט די טעקסטן, וואָס דריקן אויס אומיטלבאַר שאָלעמאַלייכעמס ערשטע קינסטלערישע קאַוואָנע, ווען מיר דאַכט, ווי מיר דאַכט, גראָד איצט אונז נעענטער, אַרויסגייענ־דיק פון שטאַנדפּונקט פון אונדזערע אידעאָלאָגיש־קינסטלערישע פאָדערונגען און אָפּשאַצונגען.

די פראַגע וועגן די צוויי גרונט־אויסגאַבן פון שאָלעמאַלייכעמס „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס“ דאַרף בעכאָל אויפן אַוועקגעשטעלט ווערן פאַר אונדזער ערנסטער און וויסנשאַפטלעכער שאָלעמאַלייכעם־פאָרשונג.

# שאָלעם-אלייכעמס בריוו צו דער רעדאקציע פון „פריינד“

שאָלעם-אַלייכעמס בריוו צו דער רעדאַקציע פון „פריינד“, וואָס ווערן דאָ בײַ אונדז פאַרעפנטלעכט, ווערן געדרוקט פון אָריגינאַלן, וואָס עס האָט אונדז איבערגעגעבן דער כ׳ ישׂראל כאַאיט (אָדעס) *. מיר דריקן דערפאַר אויס דעם כ׳ כאַאיט אונדזער גרעסטן דאַנק.

די גאַנצע סעריע בריוו (בוץ איינעם **, וואָס הייסט „נאָך אַ בריעף צו אַ גוטען פריינד“ און איז אייגנטלעך געווען באַשטימט צום פאַרעפנטלעכן אין פאָרם פון אַ פעליעטאָן) איז געשריבן אין רוסיש. מיר ברענגען דאָ די בריוו אין זייער לעכאַטבילעדיקן רוסישן טעקסט, געבנדיק צוגלייך אַ יידישע איבערזעצונג. מע באַדאַרף נאָר אונטערשטרייכן, אַז די דאָזיקע איבערזעצונג (זי געהערט דעם כ׳ י. דאָברושין) שטעלט זיך ניט קיינע סטיליסטישע צוועקן נאָכצומאַכן דעם יידישן שאָלעם-אַלייכעם און שטרעבט נאָר איבערצוגעבן אין יידיש דעם אַנטשפּרעכיקן רוסישן טעקסט. דעם רוסישן טעקסט גיבן מיר לויט דער מאָדערנער אָרטאָגראַפיע, די אָרטאָגראַפיע פונעם איינציקן יידישן בריוו (ריכטיקער—„פעליעטאָן“) פאַרהיטן מיר.

פאַרן טעקסט פון די בריוו גייט כ׳ י. נוסינאָווס אַן אַרטיקל, וואָס אַנטהאַלט אַ געניויערע כאַראַקטעריסטיק פונעם מאַטעריאַל. צום סאָף גייען „אָנמערקונגען“, וווּ עס ווערט געגעבן דער נויטיקער פאַקטישער קאָמענטאַר צו די בריוו, צונויפגעשטעלט פון כ׳ ש. ניעפּאָמניאשטשי.

**רעדאקציע**

---

* אַצינד זיינען די אָריגינאַלן איבערגעגעבן דעם אַלאוקראַינישן מוזיי פאַר יידישער קולטור אַף מענדעלעס נאָמען אין אָדעס.

** זע בריוו נום. 22.

י. נוסינאָוו

# אַ בלעטל שאָלעם-אַלייכעם און אַ קאַפּיטל פּיטערבאַרגער ליטעראַרישער האַנדל

## I

אַ בלאַט שאָלעם=אַלייכעם־ביאָגראַפיע, וואָס האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט דורך אַ גליקלעכן צופאַל, אָבער דורך אַזאַ צופאַל, וואָס איז מעגלעך געוואָרן נאָר אַדאַנק דער אָקטיאָבער=רעוואָליוציע.

אַ רויטער מאַטראָס פון אונדזער שוואַרציאַמישן פלאָט האָט אַף זיין רייזע אין יאַפּע זיך אָנגעשטויסן באַ אַ יאַפער ייִדן אַף אַ פּעקל שאָלעם=אַלייכעם=בריוו, האָט באַצאָלט יענעם ייִדן עטלעכע רובל, מיטגעבראַכט די בריוו מיט זיך קיין אָדעס, און זיי דאָרט גלייך אַוועקגעטראָגן אין דער רעדאַקציע פון די אָדעסער „איזוועסטיאַ“.

אַלץ איז דאָ מערקווירדיק — א יאַפער ייִד, וואָס האַנדלט מיט אַלץ, אַפילע מיט שאָלעם=אַלייכעמס בריוו.

די יאַפער ייִדישע געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס איז אָנגעפילט מיט אַזאַ ביטל צו ייִדישע קולטור=ווערטן, אַז אין יאַפע גופע, ווייסט אָט דער יאַפער קרעמער, וואָס אַלץ איז באַ אים בלויז סכוירע, וועט ער פאַר דעם פּעקל נאָרגיט אָפּלייזן.

און פון דער צווייטער זייט, — אַ רויטער מאַטראָס, וואָס גיט אַוועק פון זיין באַשיידענעם אַרבעטסלוין די לעצטע עטלעכע רובל, קעדיי אויסצולייזן פון קרעמערשער געפאַר אַ בלעטל שאָלעם=אַלייכעם.

אויב ער — אָט דער רויטער מאַטראָס אונדזערער — האָט אַליין אַפילע קיינמאָל קיין וייטל שאָלעם=אַלייכעם ניט איבערגעלייענט, — ווייסט ער, ווי אין זיין ראַטן=היים שעצט מען די קולטור פון אַלע פעלקער, האָט ער געוויס געזען, געהערט, ווי עס איז דורכגעפירט געוואָרן טאַקע אין זיין אָדעס דער צענטער שאָלעם=אַלייכעם=יאָרצייט.

ער גיט מיט פרייד זיין גאָב, קעדיי פאַרייביקן דעם שאָלעם=אַלייכעם=געשטאַלט.

צוויי וועלטן:

יאַפער ציאָניסטישע קרעמער, וואָס זיינען גרייט איינוויקלען הערינג אין אָריגינאַלן פון שאָלעם=אַלייכעם=בריוו;

רויטע הימער און באַשיצער פון ערשטן לאַנד פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, וואָס שיצן שאָלעם=אַלייכעמען קעגן אַזאַ קרעמערישן וואַנדאַליזם.

הענריך היינע, וואָס גאָרע וועלט קרעמער האָט אים אַזוי פאַרומערט זיין דיכטערישן געמיט, אַז ער האָט לויט דעם קרעמער־געשטאַלט די סאָציאַלע צוקונפט זיך פאָרגעשטעלט, האָט מוירע געהאַט, אַז די סאָציאַליסטישע דעמאָקראַטיע וועט אין זיין „לידער=בוך“ הערינג איינוויקלען.

אונדזער רויטער מאַטראָס האָט היינעס היסטאָרישן שרעק צעטריבן:

רויטע קעמפער וועלן אויסלייזן גאָרע וועלט=קולטור פון קרעמערישן שמוץ, ווי אונדזער אָדעסער רויטער מאַטראָס האָט געראַטעוועט אַ בלעטל שאָלעם=אַלייכעם פון ציאָניסטיש=קרעמערשער וואָגשאָל אין יאַפע.

II

אונדזער רויטער מאַטראָס איז גליקלעכער, ווי שאָלעם=אַלייכעם איז געווען. ער איז דורך אַ שליכעם פון זיין סאָציאַליסטישער היים בלויז אַף איינציקע טעג אַריינגעפאַלן אין דער קרעמערשער וועלט. שאָלעם=אַלייכעם האָט דאָרט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט.

און דאָס פּעקל בריוו ווייזט אונדז טאַקע דעם געראַנגל פון שאָלעם=אַלייכעמען מיטן קרעמער, מיטן קרעמער, וואָס איז אין רעדאַקציעס געזעסן, האָט איבער שאָלעם-אַלייכעמס שעפעריש וואָרט באַלעבאַטעוועט, און האָט שאָלעם=אַלייכעמס לעבן פאַרקרעמערט.

אין אונדזער רעשוס געפינען זיך פינף און צוואַנציק בריוו פון שאָלעם=אַלייכעמען פאַרזענלעך צו די רעדאַקטאָרן פון „פריינד“ ש. ראַפּאָפּאָרט, ש. גינזבורג און ש. ראָזענפעלד און אין רעדאַקציע פון „פריינד“, צוויי בריוו פון י. ד. בערקאָוויטשן און איין בריוו פון שאָלעם=אַלייכעמס פרוי אָלגא ראַבינאָוויטש צו ש. ראַפּאָפּאָרטן *.

די בריוו נעמען אַרום די צייט פון דעקאַבער 1907 ביז יולי 1909. — 18 כאַדאָשים זייער קריטישע און זייער באַדייטנדיקע אין שאָלעם=אַלייכעמס לעבן. דאָס איז די צייט, ווען שאָלעם=אַלייכעם איז פּלוצלונג שווער קראַנק געוואָרן, די ערשטע כאַדאָשים פון זיין לעבן אין נערווי (איטאַליע), די יובילײ=פייערונג פון 1908 און די קאַמפּאַניע פאַר אויסקויפן זיינע ווערק בא די פאַרלעגער.

אָט די בריוו גיבן אונדז זייער באַלערנדיקן מאַטעריאַל וועגן דער ליטעראַריש=פאַרלעגערישער אַטמאָספער, אין וועלכער שאָלעם-אַלייכעם האָט געלעבט.

III

אין אַ בריוו פונעם 2=טן יולי 1909 יאָר פון דער סאַנאַטאָריע סענט=בלאזיען שרייבט ש.=א. צו ראַפּאָפּאָרטן:

„ווען איר ווייסט, ליבער פריינט, וואָס פאַראַ באַליידיקונגען מיט וואָרט און טאַט מיר איז אויסגעקומען אַריבערטראָגן פון מענטשן, ווי מען האָט מיך באַליידיקט אין די צייטן שוין פון מיין אַזוי גערופענעם רום! און אַלץ צוליב דעם אָרעמען שטיקל ברויט“.

און ש.=א.'ס פינף און צוואַנציק בריוו, ווי די מערקווירדיקע בריוו פון י. ד. בערקאָוויטש און אָלגא ראַבינאָוויטש, זייגן די שוידערלעכסטע דעמאָנסטראַציע פון אָט די אַוולעס און באַליידיקונגען, וואָס עס זיינען בענויגייע צו שאָלעם=אַלייכעמען באַגאַנגען די יידישע פאַרלעגער און רעדאַקטאָרן, דערין טאַקע דער „ליבער פריינט“ ש. ראַפּאָפּאָרט.

ש. ראָזענפעלד, איינער פון די עלטסטע און נאָענטסטע מיטאַרבעטער, איינער פון די דעמאָלטיקע אָנפירער פון „פריינד“, וואָס האָט געהאַלטן אין איין בלאָזן פון זיך, אַז ער איז ניט ערגער יאַצקאַן אָדער האָכבערג (די רעדאַקטאָרן פון די דעמאָלטיקע געלע וואַרשעווער צייטונגען), לאָדט איין ש.=אַ.'ן אין דעם הומאָריסטישן זשורנאַל „דער בעזים“.

ער שטעלט דערביי ש.=א.'ן דריי פאָדערונגען:

„1) געבן משופרא דשופרא (דאָס בעסטע. — י. נ.); 2) ניט מער פון הונדערט שורעס אַ פעליעטאָן און 3) האָנאָראַר פאַר שאָלעם=אַלייכעמס אַ פעליעטאָן משופרא דשופרא זעקס פאַר „שופרא דשופרא“, דאָס הייסט, פאַר מייסטער=ווערק, און דאַפקע אין הונדערט שורעס — 6 קאַרבן!... דער איידעלער ש. ראָזענפעלד!..

און אַזוי סאָכריש אויסגערעדט דאַן, ווען ער האָט געוווסט, אַז שאָלעם=אַלייכעם אין בערלין, שאָלעם=אַלייכעמס מישפּאָכע אין דער שווייץ געפינען זיך אין אַ אויסערסט שווערער לאַגע.

ש.=א. ענטפערט די אָנפירער פונעם „בעזים“, גינזבורגן און ראָזענפעלדן, גוטמוטיק, אַז אַזאַ מאַטבייע גיט מען אין פעטערבורג דעם עלטסטן הוואָרניק ביי=יאָר=טרינק=געלט. אָבער

* מיר גיבן דאָ בא אונדז דעם פולן טעקסט בלויז פון ש.=אַלייכעמס בריוו, און פון די בריוו פון י. ד. בערקאָוויטשן און אָלגא ראַבינאָוויטש ווערן נאָר געבראַכט איינציקע אויסצוגן אין כ' י. נוסינאָווס אַרטיקל. רעדאַקציע.

איך אָט דעם קיצווע־האָנאָראַר, ווי מיר וועלן געוואָר פון די בריוו, האָלט מען אין איין שולדיק זיין שאָלעם־אַלייכעמען, ניט געקוקט דערויף, וואָס שאָלעם־אַלייכעם בעט זיך ראַכמים: „איך גויסיק זיך, כ'מוז ביז צום לעבן — до зарезу די בריוו זיינען אין רוסיש. — י. ג.) האָבן אַ פּאָר הונדערט רובל".

שאָלעם־אַלייכעם האָלט אין דרוקן אין „פריינד" זיינע שעדעוורען — „בריוו פון מענאַ־כעם־מענדלען", „שיר־האַשירים", „מעוויע פאָרט קיין ערעץ־יסראָעל". פאַר אָט די ווערק באַקומט שאָלעם־אַלייכעם צו 5 קאָפּ. אַ שורע — איז מיילע, עפּשער האָבן די געשעפטן פון „פריינד" ניט געטראָגן אַף מער — נאָר די קרעמערשע רעדאַקטאָרן פעלשן דערביי דעם כעשבן און פאַרדרייען שאָלעם־אַלייכעמען שורעס.

אין זיין גוממוטיק־וויציקן טאָן שרייבט שאָלעם־אַלייכעם ראַפּאָפּאָרטן:

„יאָ, איר זייט גערעכט, איך בין אַ קראַנקער מענטש... נאָר איר זייט אַ געזונטער, און דאָך איז די בוכהאַלטעריע בּאַ אייך אַ שוואַכע", און ווייטער דערווייזט שאָלעם־אַלייכעם, אַז פון 4826 שורעס האָט מען אים דורך פאַרשיידענע פאַרלעגערישע קאָמבינאַציעס געמאַכט 3747, און אים באַצאָלט אַף 1083 שורעס.

און שאָלעם־אַלייכעם קלאָגט: מיילע, מע צאָלט אים קיין געלט ניט, נאָר דער כעשבן זאָל כאָטש זיין אַן ערלעכער.

קרעמעריש באַהאַנדלט מען שאָלעם־אַלייכעמען, קרעמעריש ספּעקולירט מען און מע קאָנקורירט צווישן זיך מיט שאָלעם־אַלייכעמס שאַפן.

אין פּעטערבורג גייט אַרויס כוץ דעם „פריינד" אַ זשורנאַל «Еврейский мир». אין דער שפּיץ פונעם זשורנאַל שטייען ש. דובנאָוו און ש. אַנ־סקי. שאָלעם־אַלייכעם גיט גלייכצייטיק פאַרן „פריינד" און פאַרן זשורנאַל זיינע ווערק: „שמואל שמעלקעס" און „מעוויע פאָרט קיין ערעץ־יסראָעל". — די רעדאַקטאָרן, דובנאָוו און אַנ־סקי פון איין זייט, ראַפּאָפּאָרט און ש. ראָזענפעלד, פון דער צווייטער זייט, רעדן אויס, אַז „דער פריינד" דרוקט אָפּ בּאַ זיך „שמועל שמעלקים" דעם טאָג, ווען דער זשורנאַל וועט האָבן אַרויס פון דרוק.

די קרעמער פון „פריינד" האַלטן ניט קיין וואָרט און דרוקן אָפּ, איידער דער זשורנאַל גייט אַרויס, די סאָכרים פונעם זשורנאַל זאָגן זיך דאַן אָפּ צו דרוקן „שמועל שמעלקים" און פאָדערן בּאַ שאָלעם-אַלייכעמען, אַז ער זאָל אומקערן זיי דעם שאָדן פאַר דער איבערזעצונג. און דיזעלבע קרעמערשע דינגעניש כאַזערט זיך איבער מיט „מעוויען": אַנ־סקי פאָדערט, דער „פריינד" זאָל דרוקן ערשט אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דעם, ווי דער זשורנאַל וועט אַרויס. די רעדאַקטאָרן פון „פריינד" באַשטייען, אַז זיי ווילן אָפּדרוקן מיט עטלעכע טעג, איידער דער זשורנאַל וועט אַרויס. און שאָלעם־אַלייכעם שטייט צווישן ביידן און בעט זיך ראַכמים: זאָל זיין גלייכצייטיק.

דער צומאָל סטעמפּעניש־נאַיווער און טאָמער גוממוטיקער שאָלעם־אַלייכעם איז גענויגט זוכן אַ זכוס אַף זיינע רעדאַקטאָרן — עפּשער האַנדלט זיך ניט אין געשעפט, נאָר אין „פּער־זענלעכן ניצאָכן". דער זכוס איז אַפּילע אַ גאַנץ צווייפלהאַפטער: פירן פערזענלעכע ניצכוינעס דורך שאָלעם־אַלייכעמס שאַפן. נאָר בערקאָוויטש און אָלגאַ ראַבינאָוויטש באַווייזן מיט זייערע בריוו, אַז די זאַך איז נאָך ערגער. פּאָשעטע קרעמערישע באַלעבאַטישע גענג, וואָס ווערן פּראַק־טיצירט אַפּילע דאַן, ווען עס שטייט אין קאָן דער גוירל פון אַזאַ וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער אַקציע, ווי שאָלעם־אַלייכעמס יובילייַ, אַפּילע ווען עס האַנדלט זיך וועגן ראַטעווען דעם קראַנקן שאָלעם־אַלייכעמען גופע.

עס איז סאָף 1908. שאָלעם-אַלייכעם ליגט אין נערווי געפערלעך קראַנק. דאָקטוירים פאַרבאָטן אים שרייבן. די איינציקע מאַטעריעלע האָפענונג זיינע איז איצט, אַז אַדאַנק דער יובילייַ־קאָמפּאַניע וועט זיך איינגעבן צונויפזאַמלען מיטלען, וואָס זיינען נויטיק אַף אויסקויפן בּאַ די פאַרלעגער זיינע ווערק.

נאָר די וואַרשעווער צייטונגען „אונזער לעבן" און דער „הייגט" פאַרשווייגן דעם יובילייַ.

„זיי — שרייבט בערקאָוויטש ראַפּאָפּאָרטן — זיינען זיך נויקעם אָן שאָלעם־אַלייכעמען דער־פאַר, וואָס ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דעם „פריינד" — און זיי פאַרשווייגן דעם יובילייַ.

נאָר דעם יובילײ פאַרשווייגט אויך דער „פריינד“. ער האָט דאַן אָנגעהויבן אַרויסגיין אונטער אַ באַנייטער רעדאַקציע, וואָס לויט בערקאָוויטשעס אויסדריק „צייכנט זי זיך אויס דערמיט, וואָס זי איז אַ „פאָרשריטלעכע“, „האַלט ניט“ פון שאָלעם=אַלייכעמען און איגנאָרירט אים, ווי נאָר מעגלעך“.

מיר האָבן ניט ראַפּאָפּאָרטס ענטפער בערקאָוויטשן — געווים האָט ער זיך אייגנגעהיט באַ בערקאָוויטשן. נאָר דערפון, וואָס אָלגאַ ראַבינאָוויטש שרייבט ראַפּאָפּאָרטן, איינשטעלנדיק זיך פאַר בערקאָוויטשן, איז קלאָר דער טאָן און נוסעך פון אָט דעם ראַפּאָפּאָרטס ענטפער: „איר ווייסט אויסגעצייכנט, — שרייבט זי, — וואָס פאַר אַ באַדייטונג עס האָט, וואָס אין „פריינד“, ווו שאָלעם=אַלייכעם דרוקט זיך (און אַף „זשאַרגאָן“ — שרייבט זי — דרוקט ער זיך נאָר אין „פריינד“), איז ניטאָ קיין איין באַריכט וועגן דעם יובילײ, קיין איין וואָרט, קיין רעמעז — נאַטירלעך, ווירקט דאָס שלעכט אַף דעם יובילײ=איניען. און דערפאַר האָט בערקאָוויטש זיך אויסגעדריקט, — און איז לויט מיין מיינונג געווען גערעכט, — אַז איר שטעלט מיין מאַן אין אַ לעכערלעכער און שלעכטער לאַגע. איר וועט זאָגן, אַז די צייטונג צאָלט אירע מיטאַרבעטער מיט האָנאָראַר, און ניט מיט יובילייען. איר זייט גערעכט. קיינער גויט אייך ניט, און עס איז לעכערלעך צו פאָדערן. נאָר די זאַך גייט אין דעם, וואָס קיינער וועט דאָס ניט פאַרשטיין. דער אוילעם טראַכט אַזוי: שאָלעם-אַלייכעם שרייבט פאַרן „פריינד“, מיסטאָמע צאָלט אים גוט דער „פריינד“, נאָר דער „פריינד“ פילט ניט מיט דעם יובילײ און דערפאַר שווייגט ער. דער אוילעם קאָן ניט גלויבן, אַז איר טוט דאָס פון דזשענטעלמענעריי, ווי דער אוילעם וועט קיינמאָל ניט גלויבן, אַז שאָלעם=אַלייכעם שרייבט פאַרן „פריינד“ קלאַל ניט צוליב גוט געצאָלטס“.

געכאַפּט אַ פּסאַק פון בערקאָוויטשן, האָט זיך אָפּאָנעם ראַפּאָפּאָרט פאַרענטפערט, אַז דער „פריינד“ שווייגט, ווייל עס פּאַסט ניט ער זאָל שרייבן וועגן זיינעם אַ מיטאַרבעטער. די „פריינד“=רעדאַקטאָרן זיינען, הייסט עס, דזשענטעלמענס.

מע האָט זיך ניט געזאָרגט וועגן שאָלעם=אַלייכעמס מאַטעריעלער לאַגע אַפילע דאַן, ווען עס איז געשטאַנען קימאַט אין שאָלעם=אַלייכעמס לעבן. מע איז גלייכגילטיק געווען צו שאָלעם=אַלייכעמס קאָוועד: סאַי שאָלעם=אַלייכעמס פרוי, סאַי בערקאָוויטש באַשטייען, אַז דער „פריינד“ האָט געשטעלט שאָלעם=אַלייכעמען „אין אַ לעכערלעכער און אומעגלעכער לאַגע“; מע האָט אַזאַ ליטעראַריש=היסטאָרישן פאַקט, ווי שאָלעם=אַלייכעמס יובילײ, באַטראַכט פריער פאַר אַלץ פון שטאַנדפונקט פון היימישע רעדאַקציע־אַמביציעס. מע האָט אַזוי אַלעמאָל גענאַרט שאָלעם=אַלייכעמען, אַז פירנדיק אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ נייעם איניען, בעט ער זיך פּאָשעט: „ביכלאַל בעט איך אייך, שרייבט מיר אָן מיסטיפיקאַציעס“. און לעצטנס, מע האָט טרעטירט ש.=א.'ס שרייבערישע פאָדערונגען.

שאָלעם=אַלייכעם אַרבעט איבערן „אויצער“. דער „פריינד“ בעט באַ אים די דראַמע פאַרן „פריינד“. דעם 8=טן מאַרט 1908 יאָר מעלדעט שאָלעם=אַלייכעם ראַפּאָפּאָרטן, אַז ער גיט אין „פריינד“ „דעם אויצער“. אין מעשעך פון זעקס וואָכן גייט אַ בריוו=אויסטויש, וואָס גרייט די פאַרעפנטלעכונג פונעם „אויצער“ אין „פריינד“. און מיטאַמאָל מעלדעט מען שאָלעם=אַלייכעמען, אַז מע וועט פריער אָפּדרוקן ד. פינסקיס „אויצער“.

שאָלעם=אַלייכעם טיינעט, אַז מע האָט זיך מיט אים פריער צונויפגערעדט, אַז מע צווינגט אים דערמיט ענדערן דעם נאָמען פון דער דראַמע. ער שיקט איין בריוו נאָכן צווייטן, איין טעלעגראַמע נאָך דער צווייטער, ער איז שרעקלעך אופגעבראַכט: „ניטאָ קיין ווערטער, וואָס זאָלן זיין ביעכוילעס אויסדריקן דעם גייסט=צושטאַנד, פאַרביטערונג, באַליידיקונג... עמעס אַ קאַטאַסטראָפע!“...

אין מעשעך פון צוויי וואָכן קלאָגט ער, בעט ער זיך, רעדט פאַרביטערט, פאָדערט און, לעצנטס, ווי ער דריקט זיך אַליין אויס „אין אַ טאַכנונים=טאָן“. עס העלפט ניט: די „פריינד“=לייט ענטפערן אים אַפילע ניט.

עמעס, וואָס איז זיך דאָ וואָס צו קימערן וועגן שאָלעם-אַלייכעמס מאָראַלישן צושטאַנד, וועגן דעם, וואָס מע האָט אָפּגערעדט מיט שאָלעם-אַלייכעמען, וועגן דעם, אַז דאָס ניט האַלטן וואָרט בענויגייע צו שאָלעם-אַלייכעמען צוויִנגט אים בייטן דעם נאָמען פון אַ ווערק, וואָס ער אַליין גיט דעם צו אַ גרויסן באַדייט. די פירמע — „ראַפּאָפּאָרט, ראָזענפעלד און קאָ" באַגייט זיך באַ זיך אין געשעפט, ווי מע האַלט פאַרן געשעפט בעסער. אַף אַלע אַוולעס, וואָס מע באַגייט צו שאָלעם-אַלייכעמען, אַף אַלע זיינע טיינעס ענטפערט מען מיט אַ ניכטערער סאָכרים-אייצע: „מער געשעפטלעך און וויניקער סאַנטימענטן" (בריוו פון 26 (13-טן) יולי 1909 י.).

דער „פריינד" האָט דעמאָלט גייוועדיק קעגנגעשטעלט זיין ליטעראַרישע ריינקייט, זיינע געזעלשאַפטלעכע מידעס-טויוועס דעם גאַסן-כאַראַקטער, דער געלקייט פון דער וואַרשעווער פּרעסע.

ווען שפּעטער מיט יאָרן איז ש. ראָזענפעלד, דער היטער פון „פריינד"-ישער ריינקייט, אָנגעקומען פאַר אַ הילעל צייטלין אין „היינט", האָבן נאַיווע מענטשן באַדויערט זיין ירידע. איצט איז קלאָר, אַז באַזונדערס אַראָפּלאָזן זיך איז אים ניט אויסגעקומען: דאָ און דאָרט זיינען געזעסן קליינניקעס. אויב עס איז געווען צווישן זיי וועלכער עס איז אונטערשייד, איז ווי צווישן אַ „פיינעם" קרעמער און אַ קרעמער אַ שווינדלער. דער אונטערשייד איז שוין דאָ ניט אַזוי גרויס.

## IV

די „פּייטערבאַרגער" לייט זיינען דאָך ניט געווען קיין אויסנאַם. דאָס איז געווען דער קלאַל. לייענסט דו בריוו און שטוינסט:

ווי האָט דאָ אַ שרייבער געקאָנט אַרבעטן, אַז ס'איז געווען אַן אַרום ס'כיעס ניט זיכער. אין איין בריוו קלאָגט ש. א.: וואָס טוט מען קעגן אַ צייטונג, וואָס האָט אַליין אָן זיין דערלויבעניש אָפּגעדרוקט אין אַ באַזונדערער אויסגאַבע זיינע פעליעטאָנען, וואָס זיינען געווען פאַרעפנטלעכט אין אָט-דער צייטונג (בריוו פון 24/I 1908). אַ צווייט מאָל זוכט ער אייצעס, „ווי באַוואָרנט מען זיך קעגן די פאַרשיידענע פישזאָנגס און קאָ, זיי זאָלן ניט וואַגן שטעלן דעם „אויצער" אָן דעם מעכאַבערס דערלויבעניש" (בריוו פון 8/III 1908). און וואָס איז דער כידעש: אין די יאָרן פון רעאַקציע איז דאָך דער איינציקער טאָגגעבער געווען דער באַלעבאָס, דער סויכער. אַ רעדאַקציע, אַ טעאַטער איז געווען — ווי זיי זיינען, דערעכאַגעוו, אויך איצט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער — אַ געשעפט. איז מען זיך באַגאַנגען מיט אַ שרייבער, מיט אַ דראַמאַטורג — זאָל עס זיין אַפּילע מיט דעם גרויסן פאָלק-שרייבער, מיט שאָלעם-אַלייכעמען, — מייסע-סויכער.

דאָס האָט געקאָנט באַווירקן דעם שרייבער, אים פאַרדאַרבן מיט קרעמערישקייט. אין די בריוו זיינען קיינע סימאָנים פון אַזעלכע קרענק ניטאָ.

פון בריוו וואַקסט אָבער אויס און אַנטפּלעקט זיך ש. א.'ס טעוויִעשע נאַטור...

טעוויע איז דער באַלעבאַטישער פאָלקס-מענטש. זיינע בעסטע אייגנשאַפטן, די אייגנשאַפטן פון אַ פאָלקס-מענטש מיט באַלעבאַטישע האַסאָגעס, ווייזט אויך ש. א. אַרויס.

טעוויע איז טאָמעד מעלאַמעד-זכוס אַף יענעם, ווייסט טאָמעד צו באַהערשן אין זיך קאַעס און אויפגעבראַכטקייט אַף דעם, וואָס טוט אים בייז... און אָט-די טעוויע-אייגנשאַפט אַנטפּלעקט זיך אין די בריוו ווי אַ שאָלעם-אַלייכעם-נאַטור.

מע האָט ניט געהאַלטן וואָרט בענויגייע צו זיין „אויצער". ער טיינעט, ער קלאָגט אַף זיין ביטערן מאַזל, נאָר ער איז ניט אין קאַעס, וועט קיין סימאָנים פון ווערן אַ סוינע יענעם ניט אַרויסווייזן. באַם גאַנצן ווייטאָק, וואָס מע האָט פריער געדרוקט ד. פּינסקין, ענדיקט ער:

„ניין, איך וואַרף אייך ניט אויף, איך באַשולדיק ניט קיינעם. כ'בין אַליין שולדיק"...

ראַפּאָפּאָרטן האָט עמיצער געזאָגט, אַז ש. א. קלייבט זיך אָנהייבן צו דרוקן אין אַ נייער אויסגאַבע. ער שרייבט אָן ש. א., ווי ש. א. דריקט זיך אויס — „אַ פאַרדראָסיקן, מאַמעש באַליידיקנדיקן בריוו" און זאָגט זיך נאָך דערצו אָפּ צו דרוקן ש. א.'ס „אַ בריוו צו אַ פריינט".

ש. א. פאַרענטפערט זיך, שווערט זיך מיט זיין געזונט („און איר ווייסט — שרייבט ער— וואָס הייסט באַר אַ קראַנקן מענטשן זיך שווערן מיט זיין געזונט“), אַז ס'איז ליגן, נאָר ער ענטפערט ניט מיט קיין איין אָנגרייפנדיק וואָרט ניט אַף ראַפּאָפּאָרטס באַליידיקונגען, ניט דערוף, וואָס מע האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן זיין בריוו. ער זאָרגט בלויז, יענער זאָל אַליין פאַרשטיין זיין אַוולע, און ענדיקט אַפּילע: „אייער פריינט ווי טאָמעד“, און נאָך דעם אונטערשריפט אַ מאַכנונימדיקער צושריפט: „קאָן איך בעטן צוריק „מיין בריוו צו אַ פריינט“. אויב אין דעם אַלגעמיינעם פאַרגעבונג-טאָן איז די טעוויעשע אייגנשאַפט מעלאַמעד-זכות צו זיין, איז אין דעם אַרגומענטירן זיין אופירונג, אין באַרעכטיקן זיין גענויטקייט איבערצוגיין אין אַ צווייטער צייטונג האָט טעוויעש-באַלעבאַטישע:

„ספּעקטאָר איז אַליין געקומען צו מיר ספּעציעל און האָט מיר פאָרגעלייגט אַזאַ האָנאָראַר (איך גלויב—צווישן אונדז וועט דאָס בלייבן)—אַז איך זאָג אייך, ווי אַן אייגענעם ברודער — ס'וועט ניט שיין זיין, ס'וועט אַ זינד זיין פאַר מיין פאַמיליע אָנצושרייבן וואָס ס“ניט איז פאַר אַ צווייטער אויסגאַבע... געדענקט, אַז מיין מישפּאָכע באַשטייט פון צען מענטשן, און איך אַליין הייל זיך און דאַרף זיך נאָך היילן, און עס ווילט זיך ניט לעבן אַף קאָהאָלשן כעשבן. ס'ווילט זיך אַליין פאַרדינען“. (1909 2/VII).

דיזעלבע האַסאָגעס פון באַלעבאַטישן גוטן פאַמיליען-מענטשן זיינען אין זיינע גוטפריינטישע אייצעס ראַפּאָפּאָרטן:

„איר שרייבט, אַז איר אַרבעט 18 שאָ אין מעסלעס. איך האָב אויך אַזויפיל געאַרבעט. און צו וואָס בין איך געקומען? אונטערהאַלטן דעם ערשטן און בעסטן פרעסע-אָרגאַן פון ייִדישן פאָלק — איז אַוואַדע זייער אַ וויכטיקער איניען. נאָר זיין אַ מאַן דעם ווייב און אַ טאַטע די קינדער איז אויך ניט קיין לעצטע זאַך“. (1909 7/I).

אויך אַזוי באַלעבאַטיש זיינען זיינע האַסאָגעס וועגן אַ ליטעראַרישער אונטערנעמונג. ש. אַ. גארט די גאַנצע צייט, דער „פריינד“ זאָל אַריבערפאָרן פון דעמאָלסדיקן פעטערבורג קיין וואַרשע — די וואַרשעווער צייטונגען גייען דאָך אַזוי גוט. ער אייצעט ראַפּאָפּאָרטן אַריבערפירן די צייטונג קיין וואַרשע און שרייבט אים דערביי: „איר ווייסט — איך האָב זיך שוין אַמאָל געקליבן אייך פאָרלייגן עפענען אין וואַרשע אַן אָפּטיילונג פונעם „פריינד“ — ד. ה. דרוקן דאָרט אַ צווייטע אויסגאַבע, איבערגעבנדיק דאָסדאָזיקע געשעפט טאַקע ספּעקטאָרן, אָט-דעם ספּעקטאָרן, וואָס אונדזער גאַנצער ליטעראַרישער אוילעם לאַכט פון אים אַזוי געמיטלעך. אַפּילע אונדזער שטילער דינעזאָן — וועט אויך ניט דורכלאָזן די מעגלעכקייט אַן איבעריק מאָל אַ שפּאַס צו טאָן פונעם פראַסטאַקישן ספּעקטאָרן“.

איז אויב אַלע שרייבער שפּאַסן פון ספּעקטאָרן, אויב ער איז אַ פּראָסטאַקישער, — איז פאַרוואָס-זשע זאָל מען אים אָנטרויען די וואַרשעווער אויסגאַבע פון „פריינד“? — ווייל — טאַכט ש. א. קלאָר — „ווייל וואָס פאַר אַ מייגונג איר זאָלט ניט זיין וועגן ספּעקטאָרן, ווי וועגן אַ שרייבער, נאָר ער איז אַ צייטונג-מענטש — איר וועט עס גיך זען. ער קאָן וואַרשע, ווי זיינע פינף פינגער“.

וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָבן ספּעקטאָרס ליטעראַרישע פעיִקייטן, געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן און עסטעטישע פּרינציפּן — ער איז אַ צייטונג-מענטש, קען גוט וואַרשע, — איז וואָס דאַרף מען נאָך! און געוויס איז ש. א. מיט אַזאַ שטעלונג פון דער פראַגע ניט אַראָפּגעפאַלן אין ראַפּאָפּאָרטס אויגן, ווייל ראַפּאָפּאָרט האָט זיך געהאַט זיינע, אָבער אויך אַזעלכע באַלעבאַטישע פאָרשטעלונגען וועגן אַ צייטונג. אָבער בעיים ראַפּאָפּאָרט איז אַ סויכער, די וואַרשעווער רעדאַקטאָרן — קרעמער, איז ש. א. — דער ערלעכער און נאַיִווער טעוויע, וואָס האָט טיפן צוטרוי צו יעדן מענטשן און וויל נאָר מענטשן זאָלן לעבן גוט צווישן זיך.

ס'איז טעוויעשע האַסאָגעס, וואָס ווערן אָנגעווענדעט צו ליטעראַרישער געזעלשאַפטלעכקייט.

אַזאַ לייטישקייט זעען מיר נאָך אין אייניקע פאַלן. אָט שרייבט ער, אַז ער וואָלט קיינמאָל ניט מאַסקים זיין, אַז זיינע אַ דערציילונג, וואָס ער האָט געשאַפן אין ייִדיש, זאָל זיך פריער

דרוקן אין אַן איבערזעצונג (בריוו פון 6/19 XII 08). דאָס איז אַ ייִדיש-באַלעבאַטישער צוגאַנג. אָדער די באַלעבאַטישע באַמערקונג וועגן דעם, ווי ער האָט פאַרקירצט דעם „אויצער“: „אין זין פון שורעם האָב איך געהאַט דערפון פיל שאָדן — איז עס דען ניט קיין מעשוגאַס“ (28 IV 15 08). „דער ווערט פונעם ווערק — מאָטיווירט ער אין אַן אַנדער אָרט — איז וויכטיקער פאַר מיר פון האָנאָראַר און שרייבערישער זעלבסטליבע“ (בריוו פון 6/V 08). און אין אַ צווייטן בריוו אין צוויי טעג אַרום, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן דרוקן זיין „אויצער“ און ד. פּינסקיס „אויצער“, שרייבט ער:

„ס'פּאַסט פאַר מיר אין קיין אויפן ניט דרוקן אַ ווערק מיט דעם זעלבן נאָמען און, ווייזט אויס, אַף דעם זעלבן סיוזשעט נאָך וועמען ס'ניט איז“.

און ס'קומט דאָ צומאָל אויך דער מענאַכעם-מענדעליזם.

ער האָוועט וועגן איבערזעצן דעם „אויצער“ אַף דייטש און שטעלן אים אַף דער דייטשישער בינע: „צוליב דעם איבערזעצן און אופירן מיין פּיעסע בין איך מוירעדיק ווייט פאַרקראָכן אין די וועלדער פון דער דייטשישער זשורנאַליסטיק און גאָט ווייס, ווען איך וועל אַרויס פון דערדאָזיקער אַנגענעמער בלאָטע“. (15 II. 08).

איז מיילע, עפּשער האָט זיך געקאָנט רעדן וועגן עפּעס אַ דייטשישן טעאַטער, וואָס זאָל דעם „אויצער“ אופירן? אַף וויפל אונדז איז באַוואוסט, האָט זיך אַזאַ ניט געפונען.

נאָך אין בריוו פון 28.IV 1908 שרייבט ש. א.:

„דער אויצער“ איז באַ מיר באַשטימט פאַר אייך (פאַרן „פריינד“ י. נ.) און די רוסישע איבערזעצונג — פאַרן „שיפּאָווניק“.

און ער בעט זיך, דער „פריינד“ זאָל אים אָרגאַניזירן אין פּעטערבורג אַ ליטעראַרישן אָוונט, וועט דאָס אים געבן אַ מעגלעכקייט צו זיכערן אָט-דעם איניען אין „שיפּאָווניק“.

מיינען, אַז דער גאָטזוכערישער, סימבאָליסטיש-עסטעטישער „שיפּאָווניק“ וועט דרוקן דעם „אויצער“, האָט, נאַטירלעך, באַדייט, אַז מע קלייבט זיך זייער קנאַפּ פאַנאַנדער אין דער אַרומיקער ליטעראַרישער ווירקלעכקייט.

אין העסקעם מיט אָט-דעם מענאַכעם-מענדעליזם גייט זיין נאַיווע זעלבסט-רעקלאַמע, וואָס איז אַ פּאָסטסקריפּטום צום בריוו פון 8/III 1908:

„ס'וואָלט, דוכט זיך, ניט שאַדן לאָזן אין כראָניק פון „פריינד“ אַ נאָטיץ, אַז דעם 5-טן מאַרט האָט אין זשענעווע פאַר אַ גרויסן אוילעם שטודירנדיקע שאָלעם-אַלייכעם געלייענט אַף זשאַרגאָן זיין נייע פּיעסע „דער אויצער“ (אַ קאָמעדיע אין 4 אַקטן און 5 בילדער), באַם גרעסטן ענטוזיאַזם פונעם פּובליקום. וואָס האָט געמאַכט דעם מעכאַבער רוישנדיקע אָוואַציעס. ווי מע גיט אונדז איבער, איז עס נאָך אַ ריי דראַמען די ערשטע ייִדישע לעבנס-קאָמעדיע, וואָס פאַרייניקט אין זיך אינעווייניקסטן אינהאַלט, אידייע, מיט זעלטענער סצענישקייט. די פּיעסע ווערט איבערגעזעצט אַף רוסיש, דייטש און פּויליש“.

מיר ווייסן איצט, אַז אין שאָלעם-אַלייכעמס דראַמאַטורגישער יערושע פאַרנעמט „דער אויצער“ איינס פון די לעצטע ערטער, אַז אין דער אינטערנאַציאָנאַלער ליטעראַטור איז ש. א. אַריין קלאָל ניט מיטן „אויצער“. ש. א. רעכנט אויס אַלע מיילעס, וואָס מע קאָן נאָר זאָגן אַף דער פּיעסע, און דערין, אַז זי ווערט איבערגעזעצט אין אַלע שפּראַכן. ש. א. ווייזט דאָ געוויס אַרויס באַשטימטן מאַנגל אין קריטישער באַציִונג צום אייגענעם שאַפן, געוויסע נייגונג צו רעקלאַמירן זיך אַליין און קעגנשטעלן זיך דער איבעריקער ליטעראַטור. אָט די נאָטיץ האָט אָבער אויך געשטאַמט פונעם גאַנצן ליטעראַרישן אַרום. דער „פריינד“ האָט אַפּאָנעם ניט געהאַלטן פאַר וויכטיק זיך אָפּצושטעלן אַף אַזאַ פאַקט, ווי ש. א.-ס פּאָרלעזן זיינס אַ ניי ווערק.

און פון אָט-דעם ליטעראַרישן אַרום האָבן סאָפּקאָלסאָף געשטאַמט די אַלע מאָמענטן אין ש. א.-ס בריוו, וואָס וואָלטן, לאָמיר עס זאָגן, אונדזער אַסאָוועטישן שרייבער איצט שאָקירט.

פון אַרום איז אויך געקומען, וואָס ש. א. האָט אין דעם גאַנצן איניען „אויצער“ ניט געהאַלטן פאַר נויטיק זיך צו פּרוּוון פאַרבינדן אומיטלבאַר מיט ד. פּינסקין. ד. פּינסקי פון זיין זייט האָט, ווייזט אויס, אויך ניט געהאַלטן פאַר נויטיק זיך ווענדן וועגן דעם צו ש. א.-ן.

דער פּאַקט רעדט וועגן דעם ווייט ניט קאָלעגיאַלן גייסט, וואָס האָט געהערשט ביקלאַל אין דער ליטעראַטור.

פון דער צווייטער זייט, דערציילט דאָס אויך וועגן ליטעראַרישע האַסאָגעס: אַ גאַנצע ריי שרייבער אונדזערע אין דער שפּיץ מיט אַזעלכע צוויי גרויסע קינסטלערישע פיגורן, ווי לייוויק און קושנירא‌װו, האָבן ניט מוירע גלייכצייטיק אַרבעטן איבער איין טעמע: „הירש לעקערט“ און שטעלן ניט די פראַגע, וואָס מע וועט דרוקן אָדער שטעלן אין טעאַטער אַ צווייטנס ווערק אַף דער אייגענער טעמע. ווייל זיי ווייסן, אַז ווינציק איז באַ דער אָפּשאַצונג, ווי די טעמע איז געלייזט, און ניט דאָס, וואָס דער עצעם סיוזשעט כאַזערט זיך איבער.

אָט דער באַוווסטזיין האָט אָבער אינגאַנצן געפעלט אין דעם איניען „אויצער“.

די פאַרבינדונג פון דער ליטעראַטור מיטן קליינבירגערטום האָט באַזונדערס אין די יאָרן פון רעאַקציע געווירקט ניט בלויז אַפן אידעאָלאָגישן צושטאַנד, זי האָט געמוזט די שרייבער גופע אין אַ געוויסער מאָס פאַרדאַרבן מיט באַלעבאַטישע זיטן און האַסאָגעס.

V

די בריוו גיבן אויך אייניקע מאַטעריאַלן פאַר דער פראַגע, ווי ש. א. האָט געאַרבעט איבער אַ ווערק און ווי ער האָט געשאַצט די אָדער יענע שאַפונג זיינע. די יעדיעס זיינען קנאַפּ פאַר אַלגעמיינע אויספירן. זיי דאַרפן אָבער פאַרצייכנט ווערן. זיי צושטערן נאָך אַמאָל די רייד, אַז ש. א. האָט לייכט געשריבן און האָט געדרוקט גלייך, ווי ס'האָט זיך אָנגעשריבן.

ש. א. לייקנט דאָס אַפּ קאַטעגאָריש:

„און דאָס ווילט איר ניט ווייסן, אַז שרייבער זיינען מעשוגענע מענטשן, און ש. א. אַוואַדע. איידער איך לאָז עפּעס אַרויס פון האַנט, דאַרף איך לעכאָלהאַפּאָכעס פינף מאָל דאָס צושניידן, און דערנאָך הויבט זיך אָן דאָס ארומאַרבעטן, דאָס פּאָלירן — אַן אומגליק! דאָס האָט זיך אויך געטראָפן מיטן „אויצער“ — פון אַ פיר-אַקטיקער קאָמעדיע איז ער איצט געוואָרן אַן איינאַקטיקע טראַגיקאָמעדיע מיט אַ פּראָלאָג“ (28.IV 1908).

אָבער ווייטער לאָזט זיך אויס, אַז ער האָט דעם „אויצער“ נאָך איבערגעאַרבעט און ער האָט געמאַכט גייע צוויי וואַריאַנטן: איינעם אין פינף אַקטן, דעם צווייטן אין דריי אַקטן (בריוו פון 8.V 1908).

אָבער באַ אַזאַ אופמערקזאַמער אַרבעט איבער איין ווערק טרעפן מיר אויך סימאָנים פון באַלמעלאָכישן זשורנאַליזם בענוגייע צו אַ צווייטער אַרבעט: „פּאַרוואָס — טייגעט ער אין אַ בריוו — שרייבט איר מיר ניט וועגן „מענאַכעם-מענדלס בריוו“? איך געדענק ניט, כאָטש האַרגעט מיך, צו האָט איר זיי אַסאַך, אָדער ניט? איך דאַרף דאָך ווייסן ווו איך האַלט“ (30.I 1909).

אָט. די באַמערקונג ווייזט דאָס, ווי לייכט ש. א. פלעגט אַמאָל אַרבעטן. ס'האָט געהייסן, אַז אויב סע וועט זיך אויסשעפן אין דער רעדאַקציע דער רעזערוו, וועט ער צושרייבן נאָך, עס ווייזט אויך, אַז די קינסטלערישע קאָנסטרוקציע איז דאָ ניט גענוג געווען דורכגעטראַכט.

דאָס זיינען אָבער געווען גענג פון דעם צייטונג-מענטשן. ווען ער האָט טאַקע פאַר דער יובליי-אויסגאַבע איבערגעאַרבעט „מענאַכעם-מענדלען“, האָט ער אַלץ, וואָס איז געווען איבעריק פון שטאַנדפּונקט פונעם ווערקס גאַנצקייט, אַרויסגעוואָרפן און האָט זיך שוין דאָ געהאַלטן באַם פרינציפּ צו מאַכן פון אַ קוואָרט אַ וואָרט. אָבער אַלס זשורנאַליסט, אַלס צייטונגס-מיטאַרבעטער, האָט ער זיך אָפּט דערלויבט מאַכן פון אַ וואָרט אַ קוואָרט. ער האָט, ווי באַוווסט, אַפילע אין דער פאָרעדע צו יענער אויסגאַבע געוואָרנט, אַז אין די ווייטערדיקע אויסגאַבעס וועט ער ווייטער קירצן, ביז ס'וועט קומען צו דער עמעסער קינסטלערישער מאַדרייגע: „צו ניט זאָגן קומט דאָס ניט“.

אָט-דעם ציגס דעם צייטונגס-מענטשן מוז מען באַזונדער פאַרגעדענקען באַ דער פראַגע וועגן „גאַנץ שאָלעם-אַלייכעם“, קעדיי ניט קומען צו פאַרייביקן „שיימעס“, און קעדיי — ווי ש. א. אַליין דריקט זיך אויס — „ווייסן ווו מע האַלט“.

אין די בריוו ווערט דערמאָנט אַ ריי וויכטיקסטע ש. א. ווערק. לײדער, רעדט זיך ס'ראָזו וועגן זייער פאַרלעגערישער פאַרזאָרגונג. און בלויז וועגן צוויי רייסן זיך דורך ש. א.־ס באַמערקונגען. דאָס איז וועגן „שמועל שמעלקים" און „שיר־האַשירים".

„שמועל־שמעלקים" — שרייבט ער — האָב איך אָנגעשריבן אַף צוויי שפּראַכן (זשאַרגאָן און העברעיִש), אַ קאָפּיע האָב איך געשיקט קיין פּעטערבורג ס. מ. דובנאָוון, ער זאָל איבערזעצן אַף רוסיש. דער ציל פונעם ביכל איז אַן אַגיטאַציאָנעלער".

אין וואָס איז באַשטאַנען דער אַגיטאַציאָנעלער מיין, וואָס צוליב אים האָט ש. א. אַליין אָנגעשריבן די זאַך ניט נאָר אַף „זשאַרגאָן" (ס'איז ביכלאַל כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קולטור־אַטמאָספער, וואָס נאָך אין 1908—1909 שרייבט ש. א. וועגן יידיש אַלעמאָל זשאַרגאָן, ווי ביכלאַל וואָס ער, דער גרעסטער פאָלק־שרייבער, פירט זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט דער רעדאַקציע פון דער ערשטער טעגלעכער יידישער צייטונג אין רוסלאַנד אַף רוסיש), איז אָט צוליב וואָס האָט ש. א. געשריבן „שמועל־שמעלקעס" גלייך אין צוויי שפּראַכן און האָט נאָך באַזאָרגט באַלד אַ רוסישע איבערזעצונג?

דער אַגיטאַציע־מיין איז געווען די קאַמפּאַניע אַף אויסקויפן זיינע ווערק. מע מאַכט אַ יובילײ שמועל־שמעלקים, און קיינער קוקט זיך ניט אום דערויף, וואָס מע וואַרפט דעם יובילאַר אַרויס פון שטוב פאַר כוויזעס. כאַזערט ניט איבער מיט ש. א. דאָסזעלבע, וואָס קאָסדילעווקע מיט איר יובילאַר. פאַרזאָרגט ש. א.־ן!...

וויכטיקער האָבן געקאָנט זיין ש. א. באַמערקונגען וועגן „שיר־האַשירים", נאָר אויך דאָ האָט זיך אַריינגעמישט דער פאַרלעגער און האָט מיט זיינע קרעמערישע גענג איבערגעריסן דעם שרייבערישן ווידע:

„שיר־האַשירים" — דאָס איז ווירקלעך מיין „שיר־האַשירים". אָט־דער ראָמאַן, וואָס האָט באַדאַרפט לויט מיין מיינונג קרוינען אַלץ, וואָס איך האָב אָנגעשריבן פאַר 25 יאָר, שרייב איך קאַפּיטלווייס, ווייל דאָס געזונט דערלויבט מיר ניט אָנשרייבן מיטאַמאָל. איך האָב אים באַשטימט פאַרן „פריינד", אַזוי, אַז אַף טישעבאָוו האָט באַדאַרפט גיין דאָס דריטע קאַפּיטל „מיר פאַסטן", דאָס פערטע קאַפּיטל ראָשכוידעש עלול אונטערן קעפּל „אַף קיווער־אָוועס", און דערנאָך דאָס פינפטע אַף סוקעס, דאָס זעקסטע אַף כאַנוקע, דאָס זיבעטע אַף פורים, און דאָס לעצטע, ווי אַ שלום־אַקאָרד, אַף פּייסעך. אין דעם ראָמאַן האָב איך געוואָלט אַריינלייגן די גאַנצע קראַפט פון מיין קליינעם טאַלאַנט, וואָס דער שיקזאַל האָט מיר געגעבן, דעם גאַנצן סכום פון מיין פּאָעזיע, דעם גאַנצן שווונג פון מיין פאַנטאַזיע. געבונדן האָב איך אים גראָד מיט די הויפּט־מאָמענטן פון אונדזערע יאָנטויווים, ווייל נאָר אין זיי ליגט דער קוואַל פון באַגייסטערונג פאַר דער יידישער נעשאָמע".

„נאָר איך — זעצט ש. א. וויימער פאַר זיין בריוו צו ראַפּאַפּאָרטן—זייט דאַך מער אַ געשעפט־מענטש, ווי אַ סאַנטימענטאַלער מענטש, האָט איר זיך ניט געשעמט שמעלן ש־א־ן פאַר „שיר־השירים" 3 דרייפערטל קאָפּ. אַ שורע".

און פאַרלעגערישע קרעמערישע אויסגערעכנטקייט האָט אַראָפּגעריסן די פאַרווירקלעכונג פון איינעם פון ש. א־ס הויפּט־ווערק.

ניט דאָס איז אונדז דאָ אָבער וויכטיק. דער קרעמעריש־סאָכרישער אַרום איז אונדז שוין גענוג קלאָר. דאָס מאָל איז וויכטיק בלויז צו פאַרצייכענען, ווי ש. א. האָט קאָנסטרויִרט דאָס ווערק. באַ ש. א. האָט זיך אַלעמאָל ענג צונויפגעגאָסן די טעמע: קינדער און יאָנטויווים. אין זיי ביידע האָט געפינען דעם אויסדרוק זיין פאַרגאַנגענהייט־ראָמאַנטיק. „שיר־השירים" האָט געזאָלט ווערן דער אָרגאַנישער סינטעז פון אָט די צוויי מאָטיוון. פון דער צווייטער זייט, איז ש. א.־ס אָנווייזונג, אַז דער קוואַל פון זיין באַגייסטערונג ליגט אין די יאָנטויווים, נאָך אַמאָל אַ דערמאָנונג פאַר די, וואָס זייבען גענויגט צו מיינען, אַז ש. א. איז געווען אַ אידייעלאָזער שרייבער.

# שאָלעם-אלייכעמס בריוו

1.

Берлин „Централотель 196“ 21. XII. 07

Многоуважаемые друзья,

Саул Моисеевич [1]) и С. Розенфельд [2]).

Часа 2 тому назад я получил любезное приглашение от г. Розенфельда участвовать в „Венике“ [3]). При этом г. Розенфельд ставит мне 3 условия: 1) дать משופרא דשופרא, 2) не больше 100 строк фельетон и 3) гонорар за фельетон Ш. Алейхема שופרא דשופרא — шесть рублей серебром! Помните, в Питере у Вас такую монету дают старшему дворнику в день Нового Года. Будем откровенны, господа. В 1-ю минуту я был возмущен. Поймите, после моей вопиющей телеграммы из Берлина, после полученных из Швейцарии печальных писем: „от Фрайнда ничего“[,] после обещания С. М. [4])[,] что 1-го дек. будет выслано, — я вдруг получаю подобное приглашение. Чем можно отомстить за подобную злую насмешку? А вот чем. Я исполнил желание Ваше. Сел и написал Вам фельетончик для 1-го №а “בעזעם„, который при сем прилагаю и—клянусь Вам—пожелай я от какого-нибудь Крынского [5]), кабцана из кабцанов, 100 рублей за него, он жену заложит в ломбард и пришлет мне, п. ч. Крынский за нечто подобное דער פעטער פיני מיט די מומע רייזי попробовал заработать тысячи [6]). (Я не преувеличиваю). Я хочу, чтобы этим фельетоном Ваш „Безем“ прогремел от одного конца евр. мира до другого и чтобы Вы помнили (и кстати поняли)[,] что у Вас был сотрудник, которого зовут Ш. Алейхем. Что же касается до гонорара, то если Вы стоите на этой цене, о которой пишет г. Розенфельд, то будьте любезны отдать его в кассу взаимопомощи нуждающимся студентам—евреям в П-Бурге. Я бы был грубияном, если бы я сказал, что я дарю Вам этакой гонорар. Разумеется, что только в 1-м номере בעזעם, а не в другом №-е Вы можете дать эту историйку. Что касается рекламы и пр., то не мое дело вмешиваться в Ваши бызнес. В знак того, что я не сержусь (обида слишком велика, чтобы сердиться) я жму обоим Вам руку совершенно подружески.

*Ш. Алейхем.*

[איבערזעצונג:

בערלין „צענטראל-האָטעל 196“ 21. XII. 07

פילנעערטע פריינט, סאַול מאָיסיעיעוויטש און ש. ראָזענפעלד.

מיט אַ צוויי שאָ צוריק האָב איך באַקומען פונעם ה׳ ראָזענפעלד אַ ליבעסווירדיקע איינ־לאַדונג נעמען אָנטייל אין „בעזעם“. דערביי שטעלט מיר דער ה׳ ראָזענפעלד הריי טנאָים:

1) געבן משופרא דשופרא, 2) ניט מער פון 100 שורעס אַ פעליעטאָן און 3) האָנאָראַר פאַר שאָלעם-אַלייכעמס אַ פעליעטאָן שופרא דשופרא — זעקס זילבערנע קאַרבן! איר געדענקט, באַ אייך אין פעטערבורג שענקט מען אַזאַ מאַטבייע דעם עלטסטן הויף-שוימער אין טאָג פון ניי-יאָר. לאָמיר ריידן אָפן, מיינע הערן. אין דער ערשטער רעגע בין איך געווען אופגעבראַכט. שטעלט אייך פאָר, נאָך מיין הימל-שרייענדיקער טעלעגראַם פון בערלין, נאָכדעם, ווי איך האָב באַקומען פון דער שווייץ די אומעטיקע בריוו: „פון „פריינד" גאָרנישט", ניט געקוקט אַף דער תּאַווטאָכע פון ס. מ., אַז דעם ערשטן דעקאַבער וועט מען אַרויסשיקן, — נאָך דעם אַלעם באַקום איך פּלוצלונג אַזאַ מין איינלאַדונג. איז ווי קאָן מען זיך נויקעם זיין פאַר אַזאַ בייזן שפּאַס? אָט-ווי. כ'האָב געטאָן, וואָס איר פאַרלאַנגט. געזעצט זיך און אָנגעשריבן אייך פאַרן 1-טן נומער „בעזעם" אַ פעליעטאָנדל, וואָס איך האָב דאָ בייגעלייגט, און כ'שווער אייך, אַז ווען איך פאַרלאַנג פאַר אים 100 רובל באַ אַ קרינסקי, אַ קאַבצן שעבעקאַבצן, וואָלט ער פאַרלייגט דאָס ווייב אין לאָמבאַרד און וואָלט מיר אַרויסגעשיקט דאָס געלט, ווייל מיט אַזאַ מין ווערק, ווי „דער פעטער פיני מיט די מומע רייזי", האָט קרינסקי געפּרואווט פאַרדינען טויזנטער. (איך בין ניט מע-גאַזעם). מיט דעמדאָזיקן פעליעטאָן וואָלט איך וועלן, „דער בעזעם" זאָל מאַריש אוילאָמעס זיין און איר זאָלט פאַרגעדענקען (און אַגעוו אויך פאַרשטיין), אַז איר האָט געהאַט אַ מיטאַר-בעטער, וועלכער הייסט שאָלעם-אַלייכעם. וואָס איז שייעך דעם האָנאָראַר, איז אויב איר באַ-שטייט אַפן פּרייז, וועגן וועלכן דער ה' ראָזענפעלד שרייבט, טאָ זייט אַזוי גוט און גיט איבער דאָס געלט אין דער הילפס-קאַסע פאַר די נויטבאַדערפטיקע סטודענטן-יידן אין פעטערבורג. כ'וואָלט געווען אַ גראָבער יונג, ווען איך זאָג, אַז איך שענק אייך אַוועק אַזאַ מין האָנאָראַר. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיין פעליעטאָנדל קאָנט איר דרוקן בלויז אינעם ערשטן נומער „בעזעם" און ניט אין קיין אַנדערן. וואָס איז שייעך רעקלאַם א. א. וו. איז ניט מיין אייסעק מישן זיך אין אייערע ביזנעס. אַ באַווייז, אַז איך בין ניט בערויגעז (די באַליידיקונג איז צו גרויס אַף צו זיין בערויגעז), דריק איך אייך ביידן די הענט ביז גאָר פריינטלעך.

ש.—אַלייכעם.

2. [7])

Berlin (אָן א דאַטע)

Многоуважаемый Израиль Моисеевич! [8])

Ну, что за счеты? Вы бы на минутку вошли в положение человека, незнающего истинного положения вещей, и Вы бы тогда отказались от всяких обвинений. Отказываюсь и я от них. Будем друзьями. Сомневаетесь-ли в том, что я буду участвовать в дальнейших „Беземах"? Я чертовски занят здесь — вот беда. Но урвем минутку и для „Бейзима", которому я симпатизирую уже до его рождения. Что до „Фрайнда", то я выслал сегодня зак. бандеролью дальнейших „Эмигрантов" [9]). — Итак, кто старое вспомянет, тому глаз вон. В конце декабря Вы сведете счеты—посылайте же деньги в Женеву по адресу моей жены, прошу Вас: *Genève (Швейцария) M-me O. Rabinowitz. Avenue du Mail, 21.* Приобщите к счету и тот материял, который я Вам выслал сегодня приблизительно и то, что будет выслано мною до заключения счета. А еще лучше было бы, если бы взяли сейчас, да отправили моей супруге просимую сумму. Ваш старый друг Ш. Алейхем.

С. М. и Розенфельду мой привет. Отчего они не пишут сами? Боятся они меня? Не съем...

[איבערזעצונג:

בערלין [אָן א דאַטע]

פילגעערטער איזראַיל מאָיסיעיעוויטש!

נו, וואָס פאַראַ כעשבוינעס? איר וואָלט אַף אַ רעגעלע אַריין אין דער לאַגע פון אַ מענטש, וואָס ווייס ניט די עמעסע זאַכלאַגע, וואָלט איר דעמאָלט אָפּגעזאָגט זיך פון יעטווידער באַשולדיקונג. איך זאָג זיך אויך אָפּ. לאָמיר זיין גוטע פריינט. איר צווייפלט, צי וועל איך נעמען אָנטייל אין די ווייטערדיקע „בעזעמער“? כ'בין מעסוקן פאַרגומען דאָ — ס'אַן אומגליק. אָבער כ'וועל אָפּרייסן אַ צייט אויך פאַרן „בעזעם“, וועלכן איך סימפּאַטיזיר נאָך איידער ער איז געבוירן געוואָרן. וואָס איז שייעך דעם „פריינד“, האָב איך היינט אין אַ סטראַכירטער באַנדעראָל אַרויסגעשיקט די ווייטערדיקע „עמיגראַנטן“. בעכיין, ווער ס'וועט פאַרגעדענקען דאָס אַלטע, זאָלן אים די אויגן אַרויס. סאָף-דעקאַבער וועט איר אונטערפירן די כעשבוינעס — שיקט זשע ארויס דאָס געלט קיין זשענעווע אַפן אַדרעס פון מיין פרוי, כ'בעט אייך: Genève (Швейцария) M-me O. Rabinowitz. Avenue du Mail, 21. רעכנט אַריין אין כעשבן אויך דעם מאַטעריאַל, וועלכן כ'האָב אייך היינט אַרויסגעשיקט, און אויך לעערעד דאָס, וואָס כ'וועל אייך אַרויסשיקן ביז איר וועט שליסן דעם כעשבן. און נאָך בעסער וואָלט געווען, ווען איר נעמט באַלד און שיקט אַרויס מיין פרוי דעם סכום, וואָס איך בעט. אייער אַלטער פריינט ש.-אַלייכעם.

מיין גרוס ס. מ. און ראָזענפעלדן. פאַרוואָס שרייבן זיי ניט אַליין? זיי האָבן מוירע פאַר מיר? כ'וועל ניט אופעסן...]

3.[10])

[Берлин] 20. I. 08

Многоуважаемый г. Рапопорт![11])

Получил Ваше еврейское письмо, на которое я отвечаю Вам по русски. Когда Вы будете писать мне по древнееврейски, тогда я Вам отвечу на жаргоне. Получил жалобу из дому (Женевы), что с 1-го января перестали высылать мне „Фрайнд“ (по адресу: *Genève Avenue du Mail, 21. S. Rabinowitz).* Я здесь также его не получаю и не вижу. И, вообразите, встречаю людей здесь, которые благодарят за фельетон в „Бейзиме“, а я „Бейзема“ и не видал. Психология писателя—он должен видеть, иметь пред глазами свое детище, для того, чтобы производить дальше. Просил бы, помимо экз.[,] высылаемого в Женеву (надеюсь, что возобновите высылку) распорядиться о высылке Фрайнда с „Бейзимом“ сюда в Берлин в течение этого января месяца (начиная с 1-го числа.)

За дружеское письмо благодарю.

Ваш *Ш. Алейхем.*

С. М. и Розенфельду поклон.

[איבערזעצונג

בערלין, 20, I. 08.

פילגעערטער ה' ראַפּאָפּאָרט!

באַקומען אייער יידיש בריוו, אַף וועלכן כ'ענטפער אייך אַף רוסיש. אַז איר וועט מיר שרייבן אַף העברעיש, וועל איך אייך ענטפערן אַף זשאַרגאָן. פון דערהיים (זשענעוו) קלאָגט

מען זיך, אַז פון ערשטן יאַנוואַר האָט מען מיר אופגעהערט אַרויסשיקן דעם „פריינד“ (לויטן אַדרעס: (Genève Avenue du Mail, 21. S. Rabinowitz איך דאַ באַקום אים אויך ניט און זע אים ניט. און שטעלט אייך פאָר, איך באַגעגן דאָ מענטשן, וואָס דאַנקען פאַרן פעליעטאָן אין „בעזעם“, און איך האָב דעם „בעזעם“ ניט געזעען אַפילע. די פּסי-כאָלאָגיע פונעם שרייבער — ער דאַרף זעען און האָבן פאַר די אויגן זיין קינד, ביכדיי ער זאָל קאָנען ווייטער אַרבעטן. כ'וואָלט געבעטן, אַז אויסער דעם עקז., וואָס איר שיקט קיין זשענעוו (כ'גלויב, אַז איר וועט באַנייען דאָס אַרויסשיקן), זאָלט איר פאַראָרדנען, מע זאָל מיר אַרויסשיקן דעם „פריינד“ מיטן „בעזעם“ אַהער קיין בערלין אין מעשעד פון יאַנוואַר-כוידעש (אָנהויבנדיק פונעם ערשטן).

אַ דאַנק פאַר אַ פריינטלעכן בריוו.

אייער ש.-אַלייכעם.

ס. מ. און ראָזענפעלדן אַ גרוס.]

4. 12)

[Берлин] 24. I. 08.

Многоуважаемый Израиль Александрович! 13)

Получил не подписанное письмо и чек на г. Ривкеса[14]) (Берлин) на 75 марок. Спасибо. Но почему уже не прислали мне счета? Или счет отдельно пришлют? — „Бейзима“ не видел. Теперь я к Вам с вопросом (мыт а шайлэ.) Имеет-ли право газета выпустить отдельным изданием напечатанный у нее фельетон или фельетоны без ведома и разрешения их автора? Что может автор предпринять в случае, если бы газета позволила себе такой поступок? Какие существуют законы в ограждение авторских прав в этом случае? Не существуют ли особые законы об этом для Царства Польского? 15) Вы меня премного обяжете, если поручите кому нибудь из знающих написать мне подробное письмо об этом. Заранее выражаю Вам мою благодарность

Ваш *Ш. Алейхем.*

Привет С. М. и Розенфельду.

[איבערזעצונג:

24 I. 08. [בערלין]

פילגעערטער איזראַיל אַלעקסאַנדראָוויטש

באַקומען אַ בריוו אָן אַ אונטערשריפט און אַ טשעק אַף ה' ריווקעסן (בערלין) אַף 75 מאַרק. אַ דאַנק. אָבער פאַרוואָס האָט מען מיר שוין ניט געשיקט קיין כעשבן? דעם כעשבן וועט מען עפשער שיקן באַזונדער? — דעם „בעזעם“ ניט געזעען. און איצט קום איך צו אייך מיט אַ שיילע. צי האָט רעכט אַ צייטונג אָנעם וויסן און אָן דער דערלויבעניש פונעם מעכאַבער אַרויסגעבן אין אַ באַזונדער אויסגאַבע דעם פעליעטאָן אָדער פעליעטאָנען, וועלכע זי האָט בא זיך אָפּגעדרוקט? וואָס קאָן דער מעכאַבער פירנעמען אין פאַל אויב די צייטונג האָט זיך דער-לויבט אַזאַ זאַך? וואָס פאַראַ געזעצן זיינען פאַראַנען אין דעם פאַל אַף צו באַוואָרענען די רעכט פונעם מעכאַבער? זיינען ניט פאַראַנען אין דעם פראַט קיין באַזונדערע געזעצן פאַר

קרוין=פוילן? איר וועט מיך זייער פאַרפליכטן בעזים איר וועט באַופטראָגן עמיצן פון די, וואָס וויסן, מע זאָל מיר אָנשרייבן אַ ביפּראָטיעסדיקן בריוו וועגן דעם איניען. איך דאַנק אייך פאָרויס.

אייער ש.=אַלייכעם.

אַ גרוס ס. מ. און ראָזענפעלדן.]

5. [15a])

15. II. 08
Berlin

Мой адрес:
*Genève (Suisse)*
*21 Avenue du Mail*

Сегодня я узнал, что г. Ривкес *(Kaiserstr. 35*[III]*)* писал Вам, между прочим, что денег он не шлет Вам, имея в виду меня, (מיט אַ קוועטש) 1) т. к. я живу в одном доме с ним, 2) т. к. я состою Вашим сотрудником, 3) т. к. мне будут причитаться с Вас деньги, 4) т. к. и т. д.—, поэтому и т. д. Покорнейше прошу это объяснение, данное Вам помимо меня, записать в Дебет его собственной благоглупости.

Что касается моих дальнейших работ, то, вследствие перевода и постановки моей пиесы,[16]) я залез ужасно далеко в какие-то дебри немецкой журналистики и бог весть, когда я выпутаюсь из этого приятного болота. Бог не без милости. Кланяюсь.

Ваш *Ш. Алейхем.*

[איבערזעצונג:

15. II. 08
Berlin

מיין אַדרעס:
Genève (Suisse)
21 Avenue du Mail

היינט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער ה' ריווקעס (Kaiserstr. 35 [III]) האָט אייך געשריבן, אַגעוו, אַז קיין געלט שיקט ער אייך ניט, האָבנדיק מיך אין זינען, (מיט אַ קוועטש) 1) דערפאַר ווייל איך וווין מיט אים אין איין הויז, 2) דערפאַר ווייל איך בין אייערער אַ מיטאַרבעטער, 3) דערפאַר ווייל פון אייך וועט מיר קומען געלט, 4) דערפאַר ווייל א. א. וו., — דעריבער א. א. וו. כ'בעט זייער די דאָזיקע דערקלערונג, וואָס איר האָט באַקומען אויסער מיר, פאַרשרייבן אָפּ כעשבן פון זיין אייגענער נאַרישקייט.

וואָס איז שייעך מיינע ווייטערדיקע אַרבעטן, איז צוליב דער איבערזעצונג און דער אופפירונג פון מיין פּיעסע בין איך מוירעדיק ווייט פאַרקראָכן אין די וועלדער פון דער דייטשישער זשורנאַליסטיק און גאָט ווייס, ווען וועל איך מיך אַרויספּלאָנטערן פון אָט דער אָנגענעמער בלאָטע. גאָט איז אַ אַנוּל=ראַכום. איך גריס אייך.

אייער ש.=אַלייכעם.]

6. [17]

[Женева] 5. III. 08.

Многоуважаемый Александр Израилевич.

Посылаю Вам одновременно с сим שלח מנות [18])

(אַ מעשה לכבוד פורים
דערצעהלט פון אַ כתרילעווקער אידען
חאַפּענדיג אויף איין פוס און
איבערגעגעבען טאַקי מיט זיין לשון פון
שלום־עליכם)

---

Дадите Вы его в „Фрайнде", или в „Безиме", если, ради праздника издадите в более роскошном виде, на лучшей бумаге.

---

Имею к Вам просьбу, которую изложу просто, в 2-х словах: нуждаюсь в деньгах. До зарезу мне нужна пара сот рублей. Хотя по счету Вашему Вам еще причтется рублей 50 или 60, но Вы не обратите на это внимания и поступите со мною по джентельменски, кк поступали до ныне. Обещаю Вам целый ряд фельетонов и не буду к Вам обращаться за деньгами впредь до того, когда Вы сами раскошелитесь. Еще более любезно поступили бы Вы, если бы распорядились эти деньги выслать мне сюда, в Женеву, т е л е г р а ф н о так чтобы я их имел здесь не позже 1/13-го марта.—

Преданный Вам *Ш. Алейхем.*

[איבערזעצונג:

5. III. 08 [זשענעוו]

פילנערמער אַלעקסאַנדער איזראַליעוויטש!

איינצייטיק דערמיט שיק איך אייך שלח מנות

(אַ מייסע לעקאָוועד פורים דערציילט פון אַ קאַסרילעווקער יִידן
כאַפּנדיק אַף איין פוס און איבערגעגעבן טאַקע מיט זיין לאָשן
פון שאָלעם־אַלייכעם)

איר וועט עס געבן אין „פריינד" אָדער אין „בעזעם", אויב איר וועט לעקאָוועד יאָנטעוו אַרויסגעבן דעם „בעזעם" אין מער פּראַכטפולן אויסזען, אַף בעסערן פּאַפּיר.

כ'האָב צו אייך אַ באַקאָשע, וועלכע כ'לייג אוים פּראָסט אין צוויי ווערטער: כ'נויטיק זיך אין געלט. כ'מוז ביז אין ביין אַריין האָבן אַ פּאָר הונדערט רובל. הגם לויט אייער כעשבן וועט אייך נאָך אַרויסקומען אַ 50 אָדער 60 רובל, וועט איר אָבער ניט לייגן אַף דעם קיין אַכט און וועט זיך באַגיין מיט מיר מייסע דזשענטלמען, ווי איר זייט זיך אַדאַיעם באַגאַנגען. כ'זאָג אייך צו אַ צאָל פעליעטאָנען און וועל מיך ניט ווענדן צו אייך נאָך געלט ביז איר אַליין וועט ניט אופעפענען אייער טייסטער. נאָך שענער וואָלט געווען פון אייער זייט, ווען איר גיט אַ פאַראָרדענונג, מע זאָל דאָס געלט אַרויסשיקן מיר אַהער קיין זשענעוו ט ע ל ע ג ר אַ פ י ש, ביכדיי איך זאָל עס האָבן דאָ ניט שפּעטער פון 1/13 מאַרט. —

אייער איבערגעגעבענער ש.־אַלייכעם.]

7. [19])

[Женева] 8. III. 08.

Многоуважаемый Александр Израилевич!

Ваше письмо от 21 февраля получил. Вы угадали: мой пуримский фельетон [20]) был уже в пути (теперь он у Вас.) Жалею, что не

ответил Вам телеграммой на телеграмму. Но теперь все равно. Вы уже получили и мою телеграмму и мои два письма, где была выражена моя покорнейшая просьба об авансе двухсот рублей по телеграфу[,] и я жду с минуты на минуту Вашего телеграфного перевода.

Что касается Вашего предложения насчет „Клада“ [21]), то я его принимаю. Для него нет лучшего места, как „Фрайнд“, читаемый всеми классами нашего общества. Но тут есть заковыка и от Вас зависит сие уладить, а именно: т. к. теперь можно в театр. цензуру провести пиесу и на евр. языке, то Вы возьмете на себя этот труд. Это одно. Второе,—как оградить себя от нашествия г.г. Фишзонов [22]) и К⁰, дабы они не смели поставить ее на сцене без разрешения автора? Будет ли театр. цензура гарантией от этого, или это еще недостаточно? Возможно ли путем огласки это сделать при печатании самой пиесы, что, мол, все права представления, перевода и пр. сохраняются за автором? Имеет-ли подобное מימיני מיכאל ומשמאלי גבריאל какое-нибудь практическое значение? Как я Вам уже писал, пиеса переводится, на нем., русский и польский языки, ведутся переговоры с разными театрами о постановке пиесы на нем., русской и польской сценах,—и вот какой-нибудь театральщик Фишзон может мне натворить беду. Выищите какой-нибудь способ раньше, чем приступить к обнародованию пиесы и напишите мне пожалуйста. Во всяком случае пиеса Ваша. Жду исполнения просьбы телеграфно.

Ваш *Ш. Алейхем.*

*P. S.* Не мешало бы, кажется, в хронике „Фрайнда“ провести маленькую заметку о том, что 5-го марта [23]) в Женеве пред большой публикой учащихся и толпы евреев была Ш. Ал.-мом прочитана на жаргоне его новая пиеса דער אוצר (комедия в 4-х актах и 5 картинах) при общем энтузиазме публики, устроившей автору шумную овацию. Как нам передают, это, после целого ряда драм первая жизненная еврейская комедия, соединившая в себе внутреннее содержание, идею, с редкою сценичностью. Пиеса переводится на русский, немецкий и польский языки.—

איבערזעצונג:]

8. III. 08 [זשענעוו]

פילגעערטער אַלעקסאַנדער איזראַיִליעוויטש!

אייער בריוו פון 21 פעווראַל געקריגן. איר האָט געטראָפן: מיין פורעמדיקער פעליעטאָן איז שוין געווען אין וועג (איצט איז ער ביי אייך). ס'פאַרדריסט מיך, וואָס כ'האָב ניט געענטפערט אייך מיט אַ טעלעגראַם אַף אייער טעלעגראַם. נאָר איצט איז שוין קיין נאַפקעמינע ניט. איר האָט שוין באַקומען אי מיין טעלעגראַם, אי מיינע צוויי בריוו, ווו איך האָב אויסגעדריקט מיין גרויסע באַקאָשע וועגן אַן אַוואַנס פון 200 רובל ט ע ל ע ג ר אַ פ י ש, און איך וואַרט פון מינוט אַף מינוט אַף אייער טעלעגראַפישע אָנווייזונג.

וואָס איז שייעך אייער פאָרשלאַג וועגן „אויצער“, בין איך מ אַ ס ק י ם. קיין בעסערן אָרט, ווי דער „פריינד“, וואָס ווערט געלעזן פון אַ ל ע קלאַסן פון אונדזער געזעלשאַפט,

דאַרף מען ניט. אָבער ס׳איז דאָ אַ מענ׳ע און ס׳איז אָן אייך געווענדעט איינאָרדענען דעם איניען, דעהיינע: אַזוי ווי איצט איז דאָ אַ מעגלעכקייט דורכצופירן דורך דער טעאַטער-צענזור אַ פּיעסע אויך אַף יידיש, וועט איר נעמען אַף זיך די דיזאָזיקע אַרבעט. דאָס איז איינמאָל אַוועק. צווייטנס — ווי קאָן מען באַשיצן זיך פון די פאַרשיידענע פּישזאָנס און קאָמפּ., ביכדיי זיי זאָלן ניט האָבן די האָזע אופירן די פּיעסע אַף דער בינע אָן דעם מעכאַבערס דערלויבעניש? ציי וועט די טעאַטער-צענזור זיין אַ גאַראַנטיע, אָדער דאָס איז נאָך ניט גענוג? צי קאָן מען דאָס ניט טאָן דורך אַן עפנטלעכער מעלדונג באַם דרוקן גופע די פּיעסע, אַז אַשטייגער אַלע רעכט פון אופירונג, איבערזעצונג און אַנד. פאַרהיט דער מעכאַבער פאַר זיך? צי האָט אַזאַ מימיני מיכאל ומשמאלי גבריאל אַ ווערכן ס׳איז פּראַקטישן באַדייט? ווי כ׳האָב אייך שוין געשריבן, ווערט די פּיעסע איבערגעזעצט אַף דייטש, רוסיש און פּויליש, ס׳פירן זיך אונטערהאַנדלונגען מיט פאַרשיידענע טעאַטערן, אַז די פּיעסע זאָל ווערן אופגעפירט אַף דער דייטשישער, רוסישער און פּוילישער בינעס, — און אָט אַ מין טעאַטער-מאַכער פּישזאָן קען מיר אָנטאָן צאָרעס. זוכט אויס אַ ווערכן ס׳גיט איז מיטל איידער איר וועט נעמען און פאַרעפנטלעכן די פּיעסע, און שרייבט מיר אָן—כ׳בעט אייך. די פּיעסע איז בעכאָלאויפן אייערע. כ׳וואַרט אַף מיין באַקאָשע אַ טעלעגראַפישע יעדיע.

אייער ש.-אַלייכעם.

P. S. ס׳וואָלט ניט געשאַדט, דאַכט זיך, אָפּדרוקן אין כראָניק פון „פריינד" אַ קליינע נאָטיץ, אַז דעם 5-טן מאַרט האָט שאָלעם-אַלייכעם אין זשענעוו פאַר אַ גרויסן אוילעם סטודענטן און אַ מאַכנע יידן געלייענט אַף זשאַרגאָן זיין נייע פּיעסע „דער אויצער" (אַ קאָמעדיע אין פיר אַקטן און 5 בילדער) באַם אַלגעמיינעם ענטוזיאַזם פון פּובליקום, וואָס האָט געמאַכט דעם אַווטאָר אַ רוישנדיקע אָוואַציע. ווי מע גיט אונדז איבער, איז דאָס נאָך אַ גאַנצער ריי דראַמען די ערשטע יידישע לעבנס-קאָמעדיע, וואָס פאַרייניקט אין זיך אינווענקסטן אינהאַלט, אידייע, מיט זעלטענער סצענישקייט. די פּיעסע ווערט איבערגעזעצט אַף רוסיש, דייטש און פּויליש. —]

8.[24])

[Женева]. 15/8. IV. 08

Многоуважаемый Александр Израилевич!

Вы, вероятно, в душе ругаете меня, что так опоздал присылкою моего „Клада“, который предназначен у меня для Вас, а рус. перевод его для „Шиповника“ [25]). Но того Вы и знать не хотите, что писатели вообще народ сумасшедший, а Ш. Алейхем — подавно. Прежде, чем я выпускаю что-нибудь из рук, я должен по меньшей мере 5 раз перекроить, а потом начинается отделка, полировка — беда! То же случилось и с „Кладом“. Из 4-х актной комедии она превратилась у меня теперь в одноактную трагикомедию с прологом (в смысле строчек я понес большие убытки—разве это не сумашествие?) Итак, на днях Вы получите трагикомедию „Дэр Ойцер“. Но вот что, голубчики мои: мне смерть хотелось бы обес‘печить право собственности для театра. А это возможно провести через цензуру, особенно по-русски, в „Шиповнике“. И вот что: 3 или 4-го мая (н. с.) меня вызывают на гастроли в Варшаву [26]) (הזמיר) [27]) где я буду читать вообще и „Ойцер“ в частности. Числа около 10-го меня вызывают в Одессу с тою же целью. Мне думается, что

если бы „Фрайнд“ захотел, он сумел бы организовать хотя бы только один лит. вечер в Питере[28]), большой конечно, на котором Ш. А. прочтет свои новые произведения, в том числе и свою пиесу „Дэр Ойцер“. Помимо других выгод, я бы побывал в некот. сферах в П. Б., полезных для меня в смысле устройства моих театр. пиес. Здесь, в Европе, да еще в прекрасной Швейцарии, я задыхаюсь: нет переводчика! Нет!

---

Сию минуту получил письмо из Нью-Иорка (Америка). Мне пишут следующее от имени Любарского[29]): Д. Пинский также написал драму „Ойцер“[30]). Читал ее Адлеру[31]). Адлер не принял. Но Пинский печатает ее в „Фрайнде“, который сторговался с Пинским за 500 руб. *(sic!)*

Просил бы Вас немедленно сообщить мне, правда ли это, т. е. что Пинский прислал Вам драму под этим названием и что Вы печатаете ее во „Фрайнде“?

Преданный Вам *Ш. Алейхем.*

[איבערזעצונג:

15/28. IV. 08 [זשענעוו]

פיל־געערטער אַלעקסאַנדער איזראַעליעוויטש!

אין האַרצן אַוואַדע זידלט איר מיך, וואָס כ׳האָב אַזוי פאַרשפּעטיקט און ניט אַרויסגעשיקט מיין „אויצער“, וועלכער איז בײַ מיר באַשטימט פאַר אייך און די רוסישע איבערזעצונג פאַרן „שיפּאָווניק“. אָבער דאָס ווילט איר גאָר ניט וויסן, אַז שרייבער זיינען ביכלאַל אַ מעשוגן פאָלק און אפשיטע שוין שאָלעם־אַלייכעם. איידער איך לאָז עפּעס אַרויס פון די הענט, מוז איך לעפּאָכעס פינף מאָל צושניידן, און דערנאָכדעם הויבט זיך אָן האָס פּוצן, דאָס שלייפן — אַן אומגליק! דאָסזעלבע האָט געטראָפן מיטן „אויצער“. פון אַ פּראַקטיקער קאָמעדיע איז ער בײַ מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן איצט אין אַ איינאַקטיקער טראַגיקאָמעדיע מיט אַ פּראָלאָג (אין פּראַט פון שורעם האָב איך געהאַט אַ גרויסן שאָדן — איז דאָס דען ניט קיין מעשוגאַעס?) בעכיין, די טעג וועט איר באַקומען אַ טראַגיקאָמעדיע „דער אויצער“. אָבער אָט וואָס, טייערינקע מיינע: איך וואָלט מעסוקן געוואָלט באַוואָרענען מיין אַוטאָר־רעכט פאַרן טעאַטער. און דאָסדאָזיקע איז מעגלעך דורכצופירן דורך דער צענזור, באַזונדער אַף רוסיש, אין „שיפּאָווניק“. איז אָט: דעם 3־טן אָדער 4־טן מיי (נ. ס.) רופט מען מיך אַרויס אַף גאַסטראָלן קיין וואַרשע (הזמיר), ווו כ׳וועל לייענען ביכלאַל און דעם „אויצער“ ביפּראַט. דעם צענטן לעערער רופט מען מיך אַרויס קיין אָדעס מיט דעמזעלבן צוועק. דענק איך, אַז ווען דער „פריינד“ וואָלט געוואָלט, וואָלט ער געקאָנט אָרגאַניזירן פאַר מיר כאָטש איין ליט. אָוונט אין פּעטערבורג, אַ גרויסן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווו ש. א. וועט לייענען זיינע נייע ווערק, בעסויכעם אויך זיין פּיעסע „דער אויצער“. אויסער אַלע אַנדערע נוצן, וואָלט איך באַזוכט אייניקע ספערן אין פּ.־ב., אַזוינע, וואָס וואָלטן מיר צונוץ געקומען אין פּראַט פון איינאָרדענען מיינע טעאַטער־פּיעסן. דאָ, אין אייראָפּע, ביפּראַט אין דער שיינער שווייץ, ווער איך דערשטיקט: ניטאָ קיין איבערזעצער! ניטאָ!

---

נאָר־וואָס באַקומען אַ בריוו פון ניו־יאָרק (אַמעריקע). מען שרייבט מיר פאָלגענדעס אין ליובאַרסקיס נאָמען: ד. פּינסקי האָט אויך אָנגעשריבן אַ דראַמע „דער אויצער“. ער האָט זי געלייענט אַדלערן, אַדלער האָט זי ניט אָנגענומען, אָבער פּינסקי דרוקט זי אין „פריינד“, וועלכער איז דורכגעקומען מיט פּינסקין אַף 500 רוב. (sic!)

כ׳וואָלט אייך געבעטן טייקעף געבן מיר צו וויסן, צי איז דאָס אַן עמעס, דאָס הייסט, וואָס פּינסקי האָט אייך געשיקט אַ דראַמע, וואָס טראָגט דעמדאָזיקן נאָמען, און איר דרוקט זי אין „פריינד“?

אייער איבערגעגעבענער ש.=אַלייכעם.]

9. [32]

[Женева] $\frac{6.\ V.}{23\ IV}$ 08.

Многоуважаемый Александр Израилевич!

Обещанную пиесу „Дэр Ойцер“ я выслал г-ну Розенфельду с тем, чтобы он потрудился провести ее через театральную цензуру, а затем уже передать „Фрайнду“ для напечатания. К тому же я выслал два варианта, которые, быть может, прийдется либо соединить, либо сделать выбор. Прошу разрешите мне сделать именно так, ибо достоинство произведения важнее для меня гонорара и авторского самолюбия. Вопрос еще в некоторой зависимости от сцены евр. театра, так что спешить печатанием нельзя. Надеюсь, это займет не более недели времени.

Г-ну Розенфельду пишу особо. А где Саул Моисеевич?

Преданный Вам *Ш. Алейхем.*

На мое письмо я ответа еще не получил.

[איבערזעצונג:

$\frac{6.\ V}{23.IV}$ 08. [זשענעוו]

פילגעערטער אַלעקסאַנדער איזראַליעוויטש!

די פּיעסע „דער אויצער“, וואָס כ׳האָב אייך מאַוומיעד געווען, האָב איך אַרויסגעשיקט דעם ה׳ ראָזענפעלדן מיט דעם טנאי, אַז ער זאָל זיך באַמיען דורכפירן זי דורך דער טעאַטראַלער צענזור און דערנאָכדעם שוין אָפּגעבן זי אין „פריינד“ צום דרוק. דערביי האָב איך געשיקט צוויי וואַריאַנטן, וועלכע ס׳וועט עפשער אויסקומען אָדער פאַראייניקן אָדער מאַכן פון זיי אַן אויסוואַל. כ׳בעט דערלויבן מיר עס טאָן, ווייל דער ווערט פונעם ווערק איז באַ מיר בילכער איידער דער האָנאָראַר און מעכאַבערישע אייגנליבע. די פראַגע הענגט נאָך אָפּ אין אַ געוויסן פראַט פון דער יידישער טעאַטער=בינע, אַזוי אַז מע טאָר ניט איילן מיטן אָפּגעבן אין דרוק. כ׳האָף, אַז דאָס וועט געדויערן ניט מער פון אַ וואָך צייט.

דעם ה׳ ראָזענפעלד שרייב איך באַזונדער. און וווּ איז סאָול מאיסיעיעוויטש?

אייער איבערגעגעבענער ש.=אַלייכעם.

אַף מיין בריוו האָב איך קיין ענטפער נאָך ניט באַקומען.]

10. [33]

[Женева] 25/8 $\frac{IV}{V}$ . 08

Многоуважаемый Александр Израилевич!

После того, как я Вам выслал обе пиесы („Ойцер“ 5-ти-актный и „Ойцер“ 3-х-актный) я получил Ваше письмо от 22-го и вынужден был Вам телеграфировать

Вчера „Ойцер“ выслал. Прошу
драмой Пинского подождать.
Мою раньше безусловно.

Надеюсь, Вы поняли и приняли к сведению. Теперь мотивы. Вы пишете, что не Ш. Алейхему конкурировать с Пинским. Вот именно потому то я и требую напечатать раньше мою пиесу, на что я бы предъявил даже свои права: 1) Мы вели с Вами переговоры куда раньше. 2) Я, кажется, имею основание считать себя более, нежели П., Вашим постоянным сотрудником. 3) Никоим образом мне не идет печатать произведение после кого-бы то ни было под тем же заглавием и тем же, повидимому, сюжетом. А посему, представив на Ваш суд оба варианта, прошу один из них напечатать в „Фрайнде“ по Вашему усмотрению.

Что же касается до срока, то я, принимая во внимание осложнившиеся обстоятельства, разрешаю Вам приступить к печатанию даже сейчас.

В случае же, если бы Вы, не взирая на все мои доводы, все-таки решили бы печатать раньше пиесу другого автора, тогда я на печатание моей пиесы во „Фрайнде“ никоим образом согласиться не могу — и тогда, само собою разумеется, просил бы рукописи обратно.

В ожидании удовлетворительного Вашего ответа и благоприятных известий вообще

остаюсь

неизменно Ваш *Ш. Алейхем.*

[איבערזעצונג:

[זשענעוו] 25/8 IV./V. 08

פילגעערטער אַלעקסאַנדער איזראַ:ליעוויטש!

נאָכדעם, ווי איך האָב אייך אָפּגעשיקט ביידע פּיעסן („אויצער“ אין פינף אַקטן און „אויצער“ אין דריי אַקטן), האָב איך באַקומען אייער בריוו פון 22-טן און בין געצוווּנגען געווען טעלעגראַפירן אייך: „נעכטן אַרויסגעשיקט „אויצער“. כ'בעט פּינסקיס דראַמע אָפּוואַרטן. מיינע אומבאַדינגט פריער“.

כ'פאַרהאָף, אַז איר האָט פאַרשטאַנען און גענומען אין אַכט. איצט די מאָטיוון. איר שרייבט, אַז שאָלעם-אַליכעם האָט ניט וואָס צו קאָנקורירן מיט פּינסקין. טאַקע דערפאַר פאָדער איך, אַז מיין פּיעסע זאָל פריער געדרוקט ווערן, און כ'וואָלט אַפילו געמאָלדן מיינע רעכט אַף דעם: 1) מיר האָבן מיט אייך געפירט אונטערהאַנדלונגען אַ סך פריער. 2) איך האָב, דאַכט זיך, אַ גרונט רעכענען זיך פאַר אייער שטענדיקן מיטאַרבעטער מער פון פּ. 3) בעשום אויפן פּאַסט מיר ניט דרוקן אַ ווערק נאָך וועמען ס'זאָל ניט זיין, מיט דעם זעלבן נאָמען און, אַפּאָנעם, מיט דעם זעלבן סיוזשעט. דעריבער האָב איך געשיקט אייך אַף אייער מישפּעט די ביידע וואַריאַנטן, און כ'בעט איינעם פון זיי, וועלכן איר וועט איינזעען פאַר בעסער, אָפּדרוקן אין „פריינד“.

וואָס איז שייעך צום טערמין, איז נעמענדיק אין אַכט די פאַרקאָמפּליצירטע אומשטענדן, דערלויב איך אייך צוטרעטן צום דרוקן אַפילו באַלד.

אין פאַל אָבער, אויב איר וואָלט, גיט געקוקט אַף אַלע מיינע טיימים, דאַך באַשלאָסן דרוקן פריער די פיעסע פון אַן אַנדער מעכאַבער, דאַן קאָן איך בעשום אויפן ניט מאַסקים זיין, אַז מיין פיעסע זאָל געדרוקט ווערן אין „פריינד“ — און דאַן וואָלט איך זעלבסטפאַרשטענדלעך געבעטן אָפּשיקן מיר צוריק מיין קסאַוויאַד.

וואַרטנדיק אַף אייער באַפרידיקנדיקן ענטפער און גוטע יעדיעס ביכלאַל, פאַרבלייב איך טאָמעד אייערער

ש.=אַלייכעם.]

11.[34])

[Женева] 9. V. 08

Многоуважаемый Александр Израилевич!

Свершилось!....

Нет слов, которые могли бы выразить состояние духа, горечь, обиду и.... (я видел „Фрайнд“ № 91.)[35]) Поистине катастрофа! Отчего Вы не предупредили меня за неделю раньше? Ваше письмо было уже тогда, когда набор был готов. Но... нет, я Вас не упрекаю, никого не обвиняю. Сам виноват.

Итак, что теперь?

Вот что. Вы еще можете помочь беде, если захотите выручить сотрудника.

1) Приостановить печатание драмы П., с объяснением, каким Вы найдете для себя лучшим, или же без всякого объяснения, и немедленно приступить к печатанию моей 3-х-актной трагикомедии, но под другим названием „Золотоискатели“ די גאָלדגרעבער אַ טראַגיקאָמעדיע אין דריי בילדער פון שלום עליכם. А когда моя пиеса окончится, Вы приступите к продолжению прерванной.—

Если же Вы этого сделать не можете, то немедленно телеграфируйте мне одно слово: „Нельзя“. Тогда я напечатаю свою пиесу в другой газете. Это письмо Вы получите во вторник. Я же буду ждать до среды и, если в среду не получу телеграммы, я буду считать все равно, что нельзя, тогда я приступаю к печатанию в другой газете. Вы бы меня премного обязали, если бы, в случае Вы согласились на мое предложение приостановить драму П. и печатать мою, дали мне депешу „согласны“, которую также жду во вторник или среду.—

Итак—во всяком случае телеграфируйте. Не получение от Вас депеши до среды буду считать за отказ, разумеется.—

Ну, решайте же! Больше писать не могу, да и не нужно...

Ваш Ш. Алейхем.

[איבערזעצונג:

9. V. 08 [זשענעוו]

פילגעערטער אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש!

ס'איז געשעען!...

ניטאָ קיין ווערטער, וואָס זאָלן זיין ביעכוילעס אויסצודריקן דעם גייסט-צושטאַנד, פאַר-ביטערטקייט, באַליידיקונג און... (כ'האָב געזען „פריינד“ נומ. 91). בעעמעס אַ קאַטאַסטראָפע!

פאַרוואָס האָט איר מיך ניט געוואָרנט מיט אַ וואָך פאַרדעם? אייער בריוו איז געווען שוין דעמאָלט, ווען דער זאַץ איז שוין פאַרטיק געווען. אָבער... ניין, איך וואַרף אייך ניט אויף, איך באַשולדיק ניט קיינעם. כ'בין אַליין שולדיק.

בעכיין, וואָס טוט מען איצט?

אָט-וואָס. איר קאָנט נאָך העלפן פאַריכטן דעם אומגליק, אויב איר וועט וועלן אויסהעלפן אַ מיטאַרבעטער.

1) אָפּשטעלן דאָס דרוקן פון פּ-ס דראַמע מיט אַ דערקלערונג, וועלכע איר וועט געפינען פאַר בעסער, אָדער גאָר אָן קיין שום דערקלערונג, און טייקעף נעמען זיך דרוקן מיין דריי-אַקטיקע טראַגיקאָמעדיע, נאָר אונטער אַן אַנדער נאָמען „די גאָלדגרעבער“, אַ טראַגיקאָמעדיע אין דריי בילדער פון שלום עליכעם, און ווען מיין פּיעסע וועט זיך פאַרענדיקן, — וועט איר נעמען פאָרזעצן די איבערגעריסענע. —

ווען איר קאָנט דאָס ניט טאָן, טעלעגראַפירט מיר טייקעף בלויז איין וואָרט: „אומעגלעך“. דאַן וועל איך מיין פּיעסע אָפּדרוקן אין אַן אַנדער צייטונג. דעמדאָזיקן בריוו וועט איר באַקומען דינסטיק. איך וועל וואַרטן ביז מיטוואָך און בעים איך וועל מיטוואָך ניט באַקומען קיין טעלעגראַם, וועל איך אַלציינס רעכענען, אַז ס'איז אומעגלעך, און וועל דעמאָלט נעמען דרוקן אין אַן אַנדער צייטונג. איר וואָלט מיך זייער פאַרפליכטעט, ווען איר גיט מיר אַ דעפּעש „מאַסקים“, אין פאַל, ווען איר זייט מאַסקים מיט מיין פאָרשלאַג אָפּשטעלן אין דרוק די דראַמע פון פּ. און דרוקן מיינע; אַף דערדאָזיקער דעפּעש ריכט איך זיך אויך דינסטיק אָדער מיטוואָך. —

אַלזאָ — טעלעגראַפירט בעכאָל-אויפן. בעים איך באַקום ניט פון אייך קיין דעפּעש ביז מיטוואָך וועל איך עס זעלבסטפאַרשטענדלעך רעכענען פאַר אַן אָפּזאָג. —

באַשליסט זשע! מער קאָן איך ניט שרייבן, און ס'איז טאַקע ניט נויטיק...

אייער ש.-אַלייכעם.]

12.[36])

[Женева] 9/10. V. 08

Многоуважаемый Александр Израилевич!

Не знаю, услышана ли моя молитва, я делаю свое: прилагаю при сем необходимое предисловие[37]) к моей пиесе[38]). Думаю, что Вы еще успеете пристегнуть его к произведению. Повторяю мою покорнейшую просьбу напечатать сейчас мою 3-х-актную трагикомедию в „Фрайнде“, или немедленно отослать мне рукопись вместе с настоящим предисловием обратно, о чем телеграфно уведомить меня. Равным образом, если моя молитва дошла до Вас и Вы, в удовлетворение Вашего сотрудника, согласились поступить против редакционной этики, то прошу также уведомить меня телеграммой: согласны. Не получение таковой до среды буду считать за отказ. Говорю с Вами теперь в тоне תחנונים, хотя мог бы основываться на правах: 1) Вы со мною вели переговоры об „Ойцере“ раньше, нежели с П. 2) Я Вам выслал его на три дня раньше, чем я знал о том, что П. Вам прислал свою пиесу и 3)... Я не желаю настаивать; я прошу и надеюсь, что Вы вырвете себе здоровый кусок мяса, лишь бы показать, что дорог Вам Ваш

*Ш. Алейхем.*

[איבערזעצונג:

[זשענעוו] 9/10. V. 08

פילגעערטער אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש!

כ'וויים ניט, צי איז דערגאַנגען צו אייך מיין שפּילע, איך מו מיינס: כ'שיק דערביי דאָ דעם נויטיקן פאָרוואָרט צו מיין פּיעסע. כ'דענק, אַז איר וועט נאָך באַווייזן אים צושפּיליען צום ווערק. איך כאַזער איבער מיין גרויסע באַקאָשע טייקעף אָפּדרוקן אין „פריינד“ מיין דרייאַקטיקע טראַגיקאָמעדיע, אָדער באַלד אָפּשיקן מיר מיין קסאַוויאַד צוזאַמען מיט דעמדאָזיקן פאָרוואָרט און געבן מיר אַ יעדיע טעלעגראַפיש. און אויב מיין שפּילע האָט דערגרייכט צו אייך און איר האָט, באַפרידיקנדיק אייער מיטאַרבעטער, מאַסקים געווען אויוועך זיין אַף דער רעדאַקציאָנעלער עטיק, דאַן בעט איך אייך געבן מיר צו וויסן מיט אַ טעלעגראַם: מ אַ ס ק י ם. בעים איך וועל ביז מיטוואָך אַזוינס ניט באַקומען, וועל איך רעכענען, אַז איר האָט מיר אָפּגעזאָגט. כ'רייד מיט אייך אַצינד אין אַ טאָן פון תחנונים, האַגאַם כ'וואָלט געקאָנט זיך סוימעד זיין אַף מיינע רעכט: 1) איר האָט מיט מיר געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן „אויצער“ פריער איידער מיט פּ. 2) כ'האָב אייך מיין פּיעסע אַרויסגעשיקט מיט דריי טעג פריער איידער כ'האָב דערוווּסט זיך, אַז פּ. האָט אייך געשיקט זיין פּיעסע, און 3) ... איך וועל ניט באַשטיין אַף מיין פאָדערונג; איך בעט און האָף, אַז איר וועט אויסרייסן באַ זיך אַ געזונטן שטיק פלייש ביכדיי צו דערווייזן, אַז אייך איז טייער אייער

ש.—אַלייכעם.]

13.[39])

[Женева] 9/22. V. 08.

[*В редакцию „Дэр Фрайнд“*]

Если гора не идет к Магомету, то Магомет идет к горе. Я жду вот уж дней 10, если не больше, Вашего ответа и все дождаться не могу. А праздник שבועות на носу. А время идет вперед. Чему приписать подобное молчание, к которому я не привык? К тому же я готовлюсь в путь дорогу в Россию (на время) и не знаю, право, как быть. Да, или нет, но ответ же должен быть когда-нибудь. Я его жду каждой почтой.

Жду и жду.

*Ш. Алейхем.*

[איבערזעצונג:

9/22. V. 08. [זשענעוו]

[אין רעדאַקציע „דער פריינד“]

ווען דער באַרג גייט ניט צו מאַכאַמעדן, גייט מאַכאַמעד צו דעם באַרג. שוין צען טעג, אויב ניט מער, אַז איך וואַרט אַף אייער ענטפער און קאָן זיך ניט דערוואַרטן. און דער יאָנטעוו שוווּעס איז שוין אַף דער נאָז. און די צייט גייט. וואָס זאָל איך טראַכטן וועגן אַזאַ מין שווייגן, צו וועלכן איך בין ניט געוווינט? דערצו גרייט איך זיך אין וועג אַריין קיין רוסלאַנד (אַף אַ קורצער צייט) און וויים ניט בעעמעס, ווי צו באַגיין זיך. יאָ אָדער ניין, אָבער אַן ענטפער מוז איך דאָך ווען עס איז האָבן. איך וואַרט מיט יעדער פּאָסט.

איך וואַרט און וואַרט.

ש.—אַלייכעם.]

14.[40])

[Нерви] 26. XI. / 9. XII. 08.

Заказное.
С. И. Рапопорту
СПБург
Фонтанка 147

Дорогой Александр Израилевич!

Получил Ваше письмо и спешу Вас поздравить[41]). Я буду на сей раз очень краток. Во 1-х, я ведь пациент, хотя и не совсем послушный. Во 2-х, я завален работою. Пишу и диктую одну крупную вещь для английского издания[42]), которое, кроме славы, может еще и хорошо заплатить. Но нет ничего священнее данного слова, а „Фрайнд" прежде всего. И вот перехожу прямо к цели.

„Шмуль Шмелькис"[43]) написан мною на 2-х языках (жарг. и др.-евр.), а копия его отправлена в П-Бург С. М. Дубнову для перевода на русский язык. Цель книжки агитационная. Оригинал находится в Варшаве и тамошний комитет[44]) (Д-р Левин[45]), Я. Динесзон и др.) имеют издать книжку для распространения и т. д. Сегодня-завтра я жду от них извещения о получении рукописи и о готовности приступить к изданию. Получилось вдруг Ваше письмо. Я сейчас же написал Динесзону, просил его взвесить все обстоятельства, и, в случае чего, зателеграфировать мне; тогда немедленно даю телеграмму Дубнову о выдаче манускрипта Вам. Варшавскому же Комитету я предложил пряничек такого свойства, что они, члены Комитета, я думаю, согласятся. Я им обещал, что „Фрайнд" раньше всего отпечатает рассказ в виде фельетона, а затем, по окончании, отпечатает со стереотипа тысяч пять или десять (я же не могу знать сколько экземпляров Комитету понадобится) в виде особой брошюры со всеми онерами, кк предполагалось в Комитете (предисловие, портрет, факсимиле и пр.) Это—что касается „Шмуль Шмелькеса", отчасти вышедшего уже из сферы моего влияния (хотя я надеюсь, что после моего письма к Динесзону „Шмуль Шмелькис" должен скорее перейти к Вам.) На всякий же случай я оставляю все начатые дела и берусь писать для „Фрайнда" целую серию коротеньких рассказов, созревших у меня во время моей тяжкой болезни в Барановичах[46]). Все, что успею написать, моментально будет отослано Вам. Успею ли к 1-му декабря (через 4 дня)—весьма сомнительно. Да и необходимости в этом нет. Будьте хоть в отношении рекламы американцем. Сперва звоните во все колокола:

שאַט! דער חתן געהט!
שאַט! אַט געהט ער!
שאַט! אַט איז ער!
שאַט! דער חתן! דער חתן!
דער חתן איז שוין דאָ!

Что же касается до условий, о которых Вы говорите, чтобы я поставил сегодня, то я их не выставлю ни сегодня, ни завтра, ни

послезавтра, а буду терпеливо ждать, пока Вы их не выставите сами. А до того времени прошу не беспокоиться и помнить и верить, что я весь Ваш

*Ш. Алейхем.*

*P. S.* Вчера получил любезное приглашение от г. А—нского писать для журнала (рус.) „Евр. Мир" [47]) новые, оригинальные, коротенькие рассказцы. Обещают хороший, высший гонорар. Желательно ему, чтобы таковые раньше всего появлялись в „Евр. Мире". Мне же желательно, чтобы они раньше появлялись на стр. „Фрайнда". Как бы скомбинировать так, чтобы одновременно? Или Вы против такой комбинации? Подумайте и напишите. А каков состав нынешней редакции, если это не секрет?—Беркович [48]) также собирается писать для „Фрайнда".

*N. B.* Понятно, что в газете не может быть объявлено о „Шмуль Шмелькисе, а лишь глухо, до получения моей телеграммы.

[איבערזעצונג:

[נערווי] 26. XI / 9. XII. 08

רעקאָמענדירט.
ס. אי. ראַפּאָפּאָרטן
ס.-פּעטערבורג, פאָנטאַנקע 147

טייערער אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש!

באַקומען אייער בריוו און אייל אָפּגעבן אייך מאַזלטאָוו. כ׳וועל זיין דאָס מאָל זייער קורץ. ערשטנס, איך בין דאָך אַ פּאַציענט, האַגאַם ניט גאָר קיין פּאָלגעוודיקער. צווייטנס בין איך פאַרוואָרפן מיט אַרבעט. איך שרייב און דיקטיר אַ גרויס ווערק פאַר אַן ענגלישן פאַרלאַג, וועלכער קאָן אויסער קאָוועד אויך פיין באַצאָלן. אָבער ס׳איז גישטאָ קיין הייליקערע זאַך, ווי אַ געגעבן וואָרט, און „דער פריינד" איז פאַר אַלעם. איז אָט, כ׳גיי גלייך אַריבער צום איניען.

„שמועל שמעלקעס" האָב איך געשריבן אין צוויי שפּראַכן (זשאַרגאָן און העברעיש) און אַ קאָפּיע געשיקט קיין פעטערבורג ס. מ. דובנאָוון, מען זאָל איבערזעצן אַף רוסיש. דער צוועק פונעם ביכל איז אַגיטאַציע. דער אָריגינאַל געפינט זיך אין וואַרשע, און דער דאָרטיקער קאָמיטעט (ד"ר לעווין, י. דינעזאָן א. א.) וויל אַרויסגעבן דאָס ביכל אַף צו פאַרשפּרייטן א. א. וו. היינט־מאָרגן וואַרט איך פון זיי אַ ידיעה, אַז מיין קסאַוויאַד האָבן זיי באַקומען און זיינען גרייט צוטרעטן צום אַרויסגעבן. פּלוצלונג באַקומען אייער בריוו. כ׳האָב טייקעף אָנגעשריבן דינעזאָנען, געבעטן אים ער זאָל נעמען אין אַכט אַלע אומשטענדן און טאָמער וואָס — טעלעגראַפירן מיר; דאַן טעלעגראַפיר איך טייקעף דובנאָוון ער זאָל אייך אַרויסגעבן דעם מאַנוסקריפּט. און דעם וואַרשעווער קאָמיטעט האָב איך פאָרגעלייגט אַזאַ מין לעקעכל, אַז זיי, די מיטגלידער פון קאָמיטעט, וועלן, גלויב איך, מאַסקים זיין. כ׳האָב זיי מאָטיוויאַד געווען, אַז „דער פריינד" וועט קוידעמקאָל אָפּדרוקן די דערציילונג אין פאָרם פון אַ פעליעטאָן און דערנאָך, ענדיקנדיק, וועט ער אָפּדרוקן פונעם סטערעאָטיפּ אַ פינף אָדער צען טויזנט (איך קאָן דאָך ניט וויסן, וויפל עקזעמפּליאַרן וועט דער קאָמיטעט דאַרפן האָבן) אין פאָרם פון אַ באַזונדער בראָשור מיט אַלע קונצן, ווי דער קאָמיטעט האָט געמיינט (פאָרוואָרט, פּאָרטרעט, פאַקסימיליע און אַנד.). דאָסדאָזיקע האָט שייכעס צו „שמועל שמעלקעס", וועלכער איז טיילווייס אַרויס פון מיין רעשוס (האַגאַם איך האָף, אַז נאָך מיין בריוו צו דינעזאָנען דאַרף „שמועל שמעלקעס" גיכער אַריבער צו אייך). אָבער ווי ס׳זאָל ניט זיין לייג איך אַוועק אַלע מיינע אָנגעהויבענע גע־

שעפּטן און נעם זיך שרייבן פֿאַרן „פֿריינד“ אַ גאַנצע סעריע קורצע דערציילונגען, וואָס זיינען באַ מיר רייף געווען בעיים איך בין שווער קראַנק געווען אין באַראַנאָוויטש. אַליץ וואָס איך וועל באַווייזן אָנשרייבן וועל איך מאָמענטאַל אייך אָפּשיקן. צי וועל איך באַווייזן צום 1-טן דעקאַבער (אין פֿיר טעג אַרום) ס'איז אַ גרויסער סאָפּעק. און ס'איז אויך נים גאָר נויטיק. זייט כאָטש בענויגייע צו רעקלאַם אַ אַמעריקאַנער. אַפּריער קלינגט אין אַלע גלעקער:

שאַט! דער חתן געהט!
שאַט! אָט געהט ער!
שאַט! אָט איז ער!
שאַט! דער חתן! דער חתן!
דער חתן איז שוין דאָ!

וואָס איז שייער די באַדינגונגען, וועגן וועלכע איר שרייבט, אַז איך זאָל זיי היינט שטעלן, וועל איך נים שטעלן נים היינט, נים מאָרגן, נים איבערמאָרגן, איך וועל געדולדיק וואַרטן ביז איר אַליין וועט זיי שטעלן. און ביז דאַן בעט איך נים באַאומרואיקן זיך און געדענקען און גלויבן, אַז איך בין אינגאַנצן אייערער

ש. אַלייכעם.

P. S. נעכטן באַקומען אַ ליבנסווירדיקע איינלאַדונג פֿון ה' אַנ—סקין שרייבן פֿאַרן זשורנאַל (רוס.) „יעווריסקי מיר“ נייע, אָריגינעלע, קורצע דערציילונגלעך. זאָגן צו גוטן, העכסטן האָנאָראַר. ער וואָלט געוואָלט, אַז די דערציילונגען זאָלן צום ערשטן דערשיינען אין „יעוור. מיר“. און איך וואָלט געוואָלט, אַז זיי זאָלן צום ערשטן דערשיינען אַף די שפּאַלטן פֿונעם „פֿריינד“. ווי אַזוי וואָלט מען געקאָנט אויסקאָמבינירן, אַז זיי זאָלן דערשיינען איינצייטיק? און עפּשער זייט איר קעגן אַזאַ אַרט קאָמבינאַציע? טוט אַ טראַכט און שרייבט אָן. און פֿון וועמען באַשטייט די איצטיקע רעדאַקציע, אויב ס'איז נים קיין סאָד? בערקאָוויטש קלייבט זיך אויך שרייבן פֿאַרן „פֿריינד“.

N. B. ס'פֿאַרשטייט זיך, אַז אין צייטונג קאָן נים זיין געמאָלדן וועגן „שמועל שמעלקעס“, בלויז מיט אַן אָנצוהערעניש ביז איר באַקומט מיין טעלעגראַם.]

15.[49])

Nervi 6/19. XII. 08.

Дорогой Александр Израилевич!

Из письма Динесзона я узнаю, что желание мое исполнено и „Шмуль Шмелькес“, вероятно, уже не только у вас в портфеле, но в наборе. Я также жалею, что опоздал к 1-му номеру обновленного[50]) „Фрайнда“, и потому то я и просил Вас, по кр. мере, объявить о моем отношении к газете. Вы же скептически отнеслись к моим самым торжественным обещаниям. Как нельзя заставить любить, так нельзя заставить верить. Вслед за „Ш. Шмелькесом“ пойдет у Вас заканчиваемый мною новый рассказ „Тевеля Молочного“ [51]). Что же касается до комбинации с „Евр. Миром“, то вряд ли она выгорит. Никогда я не мог бы согласиться, чтобы рассказ мой, созданный по-еврейски, печатался раньше в переводе. На уступки прийдется пойти не „Фрайнду“, а „Евр. Миру“. 2-й рассказ мой, который я пишу для „Фрайнда“ носит следующее название:

טביה דער מילכינער פֿאָהרט קיין ארץ-ישראל

Черновка готова вся. Скоро получится копия и сейчас пошлю Вам ее. Жду Ваших более веселых писем.

Всегда Ваш *Ш. Алейхем.*

На „Пурим“ готов для Вас рассказ„ Два мертвеца“ “צוויי טויטע„ [52])

*P. S.* Будьте так любезны сообщить мне, пишет ли Вам Динезон об оттисках с рассказа „Ш. Ш.“ и сколько, или вовсе нет?

[איבערזעצונג:

Nervi 6/19. XII. 08

טייערער אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש!

פון דינעזאָנס בריוו דערוויס איך מיך, אַז מיין פאַרלאַנג איז מעקוים געוואָרן און „שמועל שמעלקעס“ איז מיסטאָמע שוין באַ אייך ניט נאָר אין פּאָרטפעל, נאָר אויך אין זאַץ. ס'פאַר-דריסט מיך אויך וואָס איך האָב פאַרשפּעטיקט צום ערשטן נומער פון באַנייטן „פריינד“ און דעריבער מאַקע האָב איך אייך געבעטן מעלדן לעפאָכעס וועגן מיין שייכעס צו דער צייטונג. איר אָבער האָט זיך סקעפּטיש באַצויגן צו מיינע סאַמע פייערלעכע האַווטאָכעס. אָט אַזוי ווי מען קאָן ניט צווינגען ליב האָבן קאָן מען אויך ניט צווינגען גלויבן. נאָך ש. שמעלקעס וועט באַ אייך גיין אַ נייע מייסע פון טעוויע דעם מילכיקן, וועלכע איך האַלט אין פאַרענדיקן. וואָס איז שייעך דער קאָמבינאַציע מיט „יעוור. מיר“ בין איך מעסופּעק, פון דעם זאָל עפּעס אַרויס. כ'וואָלט קיינמאָל ניט געקאָנט מאַסקים זיין, אַז מיינע אַ דערציילונג, וואָס איז באַשאַפן אַף יידיש, זאָל זיין געדרוקט אַפריער אין איבערזעצונג. ניט דער „פריינד“, נאָר דער „יעוור. מיר“ וועט דאַרפן גיין אַף האַנאָכעס. מיין צווייטע דערציילונג, וואָס איך שרייב פאַרן „פריינד“, טראָגט פאָלגנדיקן נאָמען: „טעוויע דער מילכיקער פאָרט קיין ערעץ-יִסראָעל“.

אַף שוואַרץ איז שוין אינגאַנצן גרייט. אינגיכן וועל איך האָבן די קאָפּיע און שיק זי אייך טייקעף אַרויס. איך וואַרט אַף אייערע פריילעכערע בריוו.

טאָמיד אייערער ש. אַלייכעם.

אַף פורים האָב איך פאַר אייך גרייט אַ דערציילונג „צוויי טויטע“.

P. S. זייט אַזוי גוט און זייט מיר מוידיע, צי שרייבט אייך דינעזאָן וועגן די אָפּצוגן פון דער דערציילונג ש. ש. און וויפל, אָדער גאָר ניט?]

16.

7. I. 09
25. XII. 08

Конфидецияльно

Дорогой Александр Израилевич!

Опять уложила меня инфлуэнца и, вот, сегодня лишь встал и взялся за перо. На первой очереди Ваше загадочное письмо, где Вы пишете, что решили ответить мне через „Фрайнд“. Искал я во „Фрайнде“ и ничего не нашел, кроме фельетона Баал Махшовеса, который, кстати очень талантливо и оригинально написан. Но где же ответ на мои письма? Неужели мистификация, в декабре перво-апрельская утка?

От загадочного к положительному. טביה דער מילכיגער готов, но он не может представиться публике в оригинале раньше января.

Вы, конечно, знаете, что́ я имел с Ш. Шмелкисем? Перевели его по русски в ПБурге на мой счет для „Евр. Мысли“[53]) [„Евр. Мира“? *Ред.*]. Но, увидев сего горемыку во „Фрайнде“, г.г. „Мировцы“[54]) отшатнулись от него, да еще с претензиями ко мне, что, вот мол, они готовились дать его в 1-й книжке „Мира“, что он им как раз пришелся по вкусу и вдруг такой скандал! Им, мировцам, ходить позади „Фрайнда“! Дабы загладить вину пред моим другом Дубновым (который, действительно имел этот рассказ в своих руках раньше возобновления „Фрайнда“) я им дал „Тевеля“[55]) для 1-й книжки с тем, что „Фрайнд“ его не перехватит по дороге в Питер. Т. е. я бы хотел так, чтобы „Тевель“ появился одновременно и в оригинале и в переводе. Нынче он переводится Анским и, как только я получу от Дубнова точные сведения когда перевод набирается, я направлю оригинал к Вам. Думаю, что это обстоятельство Вам не повредит. Если же Ш. Шмелькис мне повредил тем, что, во 1-х, он выскочил из „Евр. Мира“ и, во 2-х, что прийдется мне из кармана заплатить рублей 30 или 40 за перевод — то это не большая беда. Жил бы только „Фрайнд“ и стоял бы на прочном фундаменте. Я пока держусь героем за Ваши фалды, хотя, признаться, был бы истинным героем я, если бы Вы последовали моим советам перекочевать на Юг. Я отлично понимаю, что Вы этого не сделали потому, что не любите Юга, а потому, что по пословице

אַז מע האָט ניט קיין גראָבען פינגער קאָן מען קיין פייג ניט שטעלען

Есть ли резон в ПБурге конкуррировать—Вам лучше знать. Если Вы ринулись в бой после столь горького опыта, то у Вас, верно, есть свои резоны и мотивы. Не мое дело вникать в подробности. Только я Вас должен предупредить насчет того, в чем я считаю себя наиболее авторитетным. А именно: насчет здоровья. Вы пишете, что работаете 18 ч. в сутки. Столько же работал и я. А чем я кончил? Поддержать 1-й и лучший орган печати во Израиле — вещь весьма похвальная. Но быть мужем своей жены и отцом своих детей также не последняя вещь. Вот, что пишет мне мой дедушка Абрамович из Одессы от 17/30 декабря[56]):

לעבען איז דאָך אַ גאַנץ גוטע זאַך. מעגען זיך יענע פילָיסיפען<br>ניט צופרידען זיין בלומרשט מיט דער וועלט — דאָס איז זיך גלאַט<br>אַזוי געדברט, משוגענע העויות. אָבער באחת אַ ראָסעלפליישיל מיט אַ<br>קניש און אַ גלעזעלע ראָזינקעסוויין דערצו איז טאַקי מחיה נפשות. אָט הלעבען,<br>לאָמיר טאַקי זיין פריש און געזונד, — און משוגע לאָזען זיין אַנדערע...

Возвращаюсь к Ш. Шмелькису. Он доставил мне неприятности и из Варшавы. Один редактор одной газеты пишет мне, что тот факт, что Ш. Алейхем выступил своим первым произвед. после болезни во „Фрайнде“, служит доказательством, что он не признает никого, кроме „Фрайнда“, и, следовательно, он этим дал пощечину другим газетам, и пр. А потому пошлите нам скорее фельетончик! Потеха! (Прошу об этом факте в газете отнюдь не промолвиться. Я разумею г. Логоса[57])...)

Уже письмо было готово для подписи, кк мне принесли телеграмму из Вильны срочно. Газманцы [58]) издают с 1-го января газету. Просят убедительно к 1-му номеру фельетон.

Надо полагать, что фельетона этого они не прочь бы получить по телеграфу. Разумеется, они его, к сожалению, и по почте не получат. Если суждено „Фрайнду“ (не дай бог!) погибать, то погибнем вместе. А все таки... не сделаете ли Вы сверхчеловеческое усилие и не попытаетесь ли перекочевать с „Фрайндом“ хотя бы пешком на юг, на юг, на юг!?... Ах, если бы этот сон осуществился!!!

Однако, баснями соловья не кормят. Вы хотите видеть фельетоны Ш. Ал. Увидите, увидите. Дайте оправиться от болезни. Не забудьте, что мне строго воспрещено писать, и лишь $2^1/_2$ часа в день мне дано право диктовать (во время прогулки на берегу моря под палящими лучами южного солнца.) Положим, что я краду у них еще часика 3-4 на работу. Есть ли это для Вас утешение, что то, что я пишу, я пишу для „Фрайнда“, а не для других? Другого утешения я Вам дать не могу. А вот Вы дайте мне хоть какое нибудь утешение, что „Фрайнд“ подает надежды на жизнь. А Виленская газета[59]) много-ли может вредить „Фрайнду“?

---

Кстати, вспомнил об оттисках. Пишу целую серию маленьких рассказов[60]) и хочу, во что бы то ни стало, сейчас за появлением в газете, чтобы они появились в форме брошюры (одной для всех 10 рассказов.) Т. к. с „Шм. Шмелькисом“ вышел прецедент [61]), то можно ли надеяться, что это не повторится с этими 10 мелк. рассказами? Вообще попрошу Вас написать мне без мистификаций.

Всего наилучшего. Ваш *Ш. Алейхем.*

[איבערזעצונג:

7. I. 09
25. XII. 08

קאָנפידענציעל

טייערער אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש!

די אינפלוענץ האָט מיך ווידער אָוועקגעלייגט און היינט אָקאָרשט בין איך אויפגעשטאַנען און גענומען זיך פאַר דער פען. קוידעמקאָל אייער רעטזועלהאַפטיקער בריוו, וווּ איר שרייבט, אַז איר האָט באַשלאָסן ענטפערן מיר דורכן „פריינד“. כ'האָב געזוכט אין „פריינד“ און גאָרניט ניט געפונען, אויסער באַלמאַכשאָוועסעס פעליעטאָן, וועלכער איז, אַגעוו, זייער טאַלענטפול און אָריגינעל געשריבן. אָבער וווּ זשע איז דער ענטפער אַף מיין בריוו? שוין־זשע אַ מיסטיפי־קאַציע, אין דעקאַבער אַן ערשט־אַפּריליקער שפּאַס?

פון רעטזועלהאַפטן צו פאָזיטיוון. „טעוויע דער מילכיקער“ איז פאַרטיק. אָבער ער קאָן זיך ניט פאָרשטעלן פאַרן אוילעם אין אָריגינאַל פריער פאַר יאַנוואַר. אַוואַדע ווייסט איר, וואָס איך האָב געהאַט צו טאָן מיט שמועל שמעלקעס? מען האָט אים אין פעטערבורג איבערגע־זעצט אין רוסיש אַף מיין כעשבן פאַר „יעוור. מיר“ („יעוור. מיסל“? רעד.). אָבער דערזעענדיק דעם שלימאַזל אין „פריינד“, האָבן די הערן פון „מיר זיך אָפּגעטרייסלט פון אים און נאָך גע־קומען צו מיר מיט פרעטענזיעס, אַז אָט האָבן זיי געגרייט זיך דרוקן אים אין ערשטן ביכל

„מיר“ און אַז ער איז זיי גראָד געפעלן און נאַ דיר אַזאַ סקאַנדאַל! זיי, די „מיר“-לייט, זאָלן נאָכגיין נאָכן „פריינד“! ביכדיי צו פאַרגלעטן די שולד פאַר מיין פריינט דובנאָוון (ער האָט ווירקלעך געהאַט אין האַנט די דערציילונג, נאָך איידער דער „פריינד“ האָט זיך באַגיים), האָב איך זיי געגעבן „טעוויען“ פאַרן ערשטן ביכל, מיט דעם טנאי, אַז „דער פריינד“ וועט אים ניט איבערכאַפּן אַפן וועג קיין פעטערבורג. דאָס הייסט, איך וואָלט געוואָלט, אַז „טעוויע“ זאָל דערשיינען איינציטיק אין אָריגינאַל און אין איבערזעצונג. אַנסקי זעצט אים איצט איבער און וויבאַלד כ'וועל באַקומען פון דובנאָוון פּינקטלעכע יעדיעס, ווען די איבערזעצונג נייט אין זאַץ, וועל איך איבערשיקן אייך דעם אָריגינאַל. כ'דענק, אַז דאָס וועט אייך ניט שאַטן. און אויב ש. שמעלקעס האָט מיר געבראַכט שאָדן, ווייל ערשטנס, איז ער אַרויסגעשפּרונגען פון דעם „יעוור. מיר“, און צווייטנס דאָס, וואָס מיר וועט אויסקומען צו באַצאָלן פון קעשענע אַ 30 צי 40 רובל פאַר דער איבערזעצונג — איז ניט קיין גרויסער אומגליק. אַבי דער „פריינד“ זאָל לעבן און זאָל שטיין אַף אַ פעסטן פונדאַמענט. דערווייל האַלט איר זיך העלדיש פאַר אייערע פאַלדן, האַגאַם כ'בין זיך מוידע, אַז דער עמעסער העלד וואָלט איר געווען, ווען איר פאָלגט מיינע אייצעס און וואַנדערט אַריבער קיין דאָרעם. כ'פאַרשטיי גאַנץ גוט, אַז איר האָט עס ניט געטאָן ניט דערפאַר, ווייל איר האָט ניט ליב דאָרעם, נאָר דערפאַר, ווייל ווי זאָגט דאָס ווערטל: אַז מע האָט ניט קיין גראָבן פינגער קאָן מען קיין פייג ניט שטעלן.

צי האָט אַ זין אין פעטערבורג צו קאָנקורירן — איר דאַרפט עס בעסער וויסן. וויבאַלד איר האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין שלאַכט נאָך אַזאַ ביטערער דערפאַרונג, פאַרמאָגט איר אַוואַדע אייגענע טיימים און מאָטיוון. ס'איז ניט מיין זאַך אַריינצודרינגען אין פּראָטים. אָבער איך דאַרף אייך וואָרענען וועגן אַזוינס, אין וואָס איך האַלט זיך פאַרן סאַמע אַוטאָריטעטן. דע-היינע: וועגן געזונט. איר שרייבט, אַז איר אַרבעט 18 שאָ אין מעסלעס. כ'האָב אויך אַזויפיל געאַרבעט. און מיט וואָס האָב איך געענדיקט? אונטערהאַלטן דעם ערשטן און בעסטן פּרעסע-אָרגאַן „בעיסראָעל“ — איז אַוואַדע זייער אַ גוטע זאַך. אָבער זיין אַ מאַן דער אייגענער ווייב און אַ פאָטער די אייגענע קינדער איז אויך ניט פון די לעצטע זאַכן. אָט-וואָס עס שרייבט מיר מיין זיידע אבראַמאָוויטש פון אָדעס דעם 17/30 דעקאַבער:

לעבן איז דאָך אַ גאַנץ גוטע זאַך. מעגען זיך יענע פילסיפען ניט צופרידען זיין כלומערשט מיט דער וועלט — דאָס איז זיך גלאַט אַזוי געדברט, משוגענע העוית. אָבער באחת ראָסעלפליישיל מיט אַ קניש אונ אַ גלעזעלע ראָזינקעסוויין דערצו איז מאַקי מחיה נפשות. אָט חלעבן, לאָמיר מאַקי זיין פריש אונ געזונד, — אונ משוגע לאָזען זיין אַנדערע...

כ'קער מיך אום צו ש. שמעלקעסן. ער האָט מיר פאַרשאַפט אומאַנגענעמקייטן אויך פון וואַרשע. אַ ר ע ד אַ ק ט ע ר פ ו ן אַ צ ײ ט ו נ ג שרייבט מיר, אַז דער פאַקט, וואָס ש. אַלייכעם איז נאָך זיין קראַנקייט מיט זיין ערשטן ווערק אַרויסגעטראָטן אין „פריינד“, איז אַ באַווייז, אַז ער אַנערקענט ניט קיינעם אויסערן „פריינד“, און דאָס הייסט, אַז ער האָט געגעבן אַ פאַטש די איבעריקע צייטונגען א. א. וו. און דערום שיקט אונדז וואָס גיכער אַ פעליעטאָנדל! אַ געלעכטער! (כ'בעט וועגן דעם פאַקט בעשום אויפן ניט אויסריידן זיך אין צייטונג. כ'בין אויסן ד ע ם ה' ל אָ ג אָ ס...)

---

כ'האָב שוין געהאַלטן באַם כאַסמענען דעם בריוו, האָט מען מיר געבראַכט אַ טעלעגראַם פון ווילנע ד ר י נ ג ע נ ד. די „האַזמאַן“-לייט גיבן אַרויס פון ערשטן יאַנוואַר אַ צייטונג. מען בעט זייער אַ פעליעטאָן צום ערשטן נומער.

מע דאַרף זיך מעשאַער זיין, אַז דעמדאָזיקן פעליעטאָן וואָלט זיי ניט געאַרט באַקומען טעלעגראַפיש. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז זיי וועלן אים, צום באַדויערן, אַפילע דורך פאָסט ניט באַקומען. אויב ס'איז באַשערט דעם „פריינד“ (גאָט באַהיט!) אומקומען, וועלן מיר אומקומען אינאיינעם. און דאָך... צי וועט איר ניט מאַכן קיין איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג און פּרוון

איבערוואַנדערן מיטן „פריינד“, זאָל זיין צופוס, קיין דאָרעם, קיין דאָרעם, קיין דאָרעם!?... אַך, ווען דער כאָלעם וואָלט מעקויעם געוואָרן!!!

אָבער קיין סאַלאָווײ שפּײַזט מען ניט מיט מייסעם. איר ווילט זען ש. אַלייכעמס פּעליע־טאָנען. איר וועט זען, איר וועט זען. לאָזט מיך קומען צו זיך נאָך דער קרענק. פאַרגעסט ניט, אַז מיר איז שטרענג פאַרבאָטן שרייבן, און בלויז 2 מיט אַ האַלבע שאָ אין טאָג איז מיר דערלויבט דיקטירן (בעשאַסן שפּאַציר אַפן ברעג־יאַם אונטער די ברענענדיקע שטראַלן פון דאָ־רעמדיקער זון). עמעס, איך גאַנווע באַ זיי נאָך אַ 3—4 שאָ פאַר דער אַרבעט. איז דאָס פאַר אייך אַ טרייסט, אַז דאָס, וואָס איך שרייב, שרייב איך פאַרן „פריינד“ און ניט פאַר קיין אַנדערע? קיין אַנדער טרייסט האָב איך ניט פאַר אייך. אָבער לאָמיך פון אייך האָבן אַ וועלכע ניט איז טרייסט, אַז דער „פריינד“ האָט אַ האָפענונג אַף לעבן. און די ווילנער צייטונג, קאָן זי פיל שאָדן ברענגען דעם „פריינד“?

---

אַגעוו דערמאָנט זיך וועגן די אָפצוגן. איך שרייב אַ גאַנצע סעריע קלײנע דערציילונגען און וויל אום יעדן פּרייז, אַז נאָך דעם, ווי זיי וועלן דערשיינען אין צייטונג, זאָלן זיי דערשיינען אין פאָרם פון אַ בראָשור (איין בראָשור פאַר אַלע 10 דערציילונגען). העיווים ווי מיט „ש. שמעלקעס“ איז אַרויס אַ פּרעצעדענט, איז עפשער דאָ צו האָפן, אַז דאָס וועט זיך ניט איבער־כאַזערן מיט דיזאָזיקע קלײנע דערציילונגען? ביכלאַל בעט איך אָנשרייבן מיר אָן מיסטיפי־קאַציעס.

[אַלעם בעסטן. אייער ש. אַלייכעם.]

17.[62])

5/18. I. 09.
Нерви.

Многоуважаемый друг, Александр Израилевич!

Получил Ваше письмо, писанное накануне Нового Года и в состоянии очень уязвленного самолюбия. Я не буду отвечать Вам на все шпильки, пущенные Вами по моему адресу, забыв самое главное: что я ведь больной человек, часы которого строго рассчитаны и, несмотря на все мои порывы, мне редко удается браться за перо. В общем же я готов признать себя виновным пред Вами. Однако, не в приписываемых Вами мне прегрешениях и менее всего в предпочтении „Фрайнда“ другим газетам. Но оставим это. Оно доведет нас до взаимного раздражения и только. Перейдем к делу. Вы ставите мне вопрос ребром: на каких условиях и пр.? Отвечаю Вам: никаких условий. Полная свобода. Напишу что-нибудь новое, хорошее, пришлю Вам. Захотите—напечатаете. Гонорар по Вашему усмотрению. На днях лишь окончил рассказ „טביה דער מילכיגער פאָהרט קיין ארץ ישראל“, который переводится Ан — ским и будет помещен в янв. кн. „Евр. Мира“. Согласны ли Вы: 1) напечатать рассказ во „Фрайнде“ в день выхода книжки „Евр. Мира“ и 2) можете-ли оставить для меня матрицы с рассказа и напечатать 2.000 экз. для меня же, при чем стоимость бумаги и печати записать в счет гонорара? Если да, то мы будем держаться этого порядка и по отношению к др. моим новым произведениям. Все матрицы, равно как и экземпляры (на обыкновенной, но не очень плохой бумаге) будут отправ-

ляться товаром мал. скорости в Юбилейный Комитет в Варшаву по адресу Я. Динесзона Дзельная 15. Прошу возможно скорого ответа на все вопросы и смею Вас уверить в устойчивости моей к Вам дружбы и преданности

Ваш *Ш. Алейхем.*

*N. B.*: Почему Вы не предупредили меня о письмах М. Менделя? Нехорошо.

*P. S.* Не найдете ли возможным напечатать во „Фрайнде“ [63]) прилагаемые сведения о евреях в Сицилии. (Из газеты דער אַמעריקאַנער Нью-Иорке от 8. I. 09)

[איבערזעצונג:

5/18. I. 09.
נערווי

פילגעערטער פריינט, אַלעקסאַנדער איזראַעליעוויטש!

באַקומען אייער בריוו, וועלכער איז געשריבן ערעוו ניי־יאָר און אין אַ צושטאַנד פון זייער באַליידיקטער איינגליבע. איך וועל ניט ענטפערן אייך אַף אַלע אייערע שטעכווערטלעך, וואָס איר האָט מיר פאַרטיילט פאַרגעסנדיק בעשאַס מייסע דעם איקער: אַז איך בין דאָך אַ קראַנקער מענטש, אַז מיינע שאָען זיינען שטרענג אויסגערעכנט, און אַז ניט געקוקט אַף אַלע מיינע שטרעבונגען, איז מיר זעלטן ווען געלונגען נעמען זיך פאַר דער פען. ביכלאַל אָבער בין איך גרייט אָנערקענען זיך פאַר שולדיק, דאָך ניט אין די כאַטאָים, וואָס איר לייגט אַף מיר אַרוף, און ווייניקער פון אַלץ, אין דעם, אַז בײַ מיר זיינען אַנדערע צייטונגען בילכער פונעם „פריינד“. אָבער לאָמיר ניט ריידן פון דעם. ס'וועט אונדז אופרייצן איינעם קעגן צווייטן, ניט מער. צום איניען. איר שטעלט מיר די פראַגע שאַרף: אַף וועלכע טנאָים א. א. וו.? כ'ענטפער אייך: קיינע טנאָים, פולע פרייהייט. וועל איך אָנשרייבן עפעס נייס, גוטס, וועל איך אייך צושיקן. וועט איר וועלן — וועט איר דרוקן. האָנאָראַר — ווי איר פאַרשטייט. די טעג ערשט פאַרענדיקט די דערציילונג „טביה דער מילכיגער פאָהרט קיין ארץ ישראל“, וועלכע אַנ—סקי זעצט איבער און וועט דרוקן אין יאַנוואַר־בוך „יעוור. מיר“. זייט איר מאַסקים: 1) דרוקן די דערציילונג אין „פריינד“ דעם טאָג, ווען דאָס ביכל „יעוור. מיר“ וועט אַרויס, און 2) צי קאָנט איר לאָזן פאַר מיר די מאַטריצן פון דער דערציילונג און אָפּדרוקן 2000 עקז. פאַר מיר, דערביי פאַרשרייבן אַפּן כעשבן פון האָנאָראַר די קאָסטן פון פאַפּיר און דרוק? אויב יאָ, וועלן מיר זיך האַלטן בײַ דעמזעלביקן סיידער אויך בענוגע אַנדערע מיינע נייע ווערק. אַלע מאַטריצן, ווי אויך די עקזעמפּליאַרן (אַף געוויינטלעכן, נאָר ניט זייער שלעכטן פאַפּיר) דאַרפן אָפּגעשיקט ווערן אַלס סכוירע פון ניט דרינגנדיקער שנעלקייט דעם יובילײ־קאָמיטעט קיין וואַרשע אַפּן אַדרעס פון י. דינעזאָן, דזעלנע 15. כ'בעט אַמעגלעכסטן שנעלער ענטפערן אַף אַלע פראַגן און איך בין דרייסט פאַרזיכערן אייך אין דער שטאַנדהאַפטיקייט פון מיין פריינטשאַפט צו אייך און אין דער איבערגעגעבנקייט

פון אייער ש. אַלייכעם.

N. B. פאַרוואָס האָט איר מיך ניט געוואָרנט וועגן מענאַכעם־מענדלס בריוו? ניט גוט.

P. S. עפשער וועט איר געפינען פאַר מעגלעך אָפּדרוקן אין „פריינד“ די דאָ בייגעלייגטע ידיעות וועגן יידן אין סיציליע (פון צייטונג „דער אַמעריקאַנער“ אין ניו־יאָרק פון 8.1.09)]

18.[64])

[Нерви] 29/30. I. 09.

Дорогой Александр Израилевич!

Я отдал „Тевье“, чтобы снять с него копию для Вас. Как только изготовят—пришлю. Считаю для „Фрайнда“ унизительным получить рукопись с третьих рук в то время, когда у меня есть возможность передать ее непосредственно. Вообще же мне не везет с этим несчастным „Тевелем“. Не знаю, каков будет его успех в публике, но неприятности от него я уже имею. Вы требуете 2 дня до выхода „Мира“. Анский просит несколько дней после. Однако, я надеюсь настоять на своем, чтобы и оригинал и перевод были напечатаны одновременно. День раньше или позже, я думаю, не играет никакой роли, если не считать — פּערזענליכען נצחון. Сверх того меня угораздило послать копию в Америку с тем расчетом, чтобы в конце января (н. с.) они начали его печатать. Я был уверен, что числа 5/18 уже выйдет „Мир“. Тогда-же и „Фрайнд“. И вот „Мир“ запоздал и я не мог повторить с Тевелем то, что я сделал с „Шм. Шмелькес“, который был уже готов в переводе и вдруг, о ужас! оригинал появился во „Фрайнде“. И вот оказывается, что в американской газете[65]) Тевель уже печатается. Положим, американская газета в Россию доступа не имеет; запрещено их получать здесь вообще. Дальше. Предвижу еще одну неприятность. Вы пишете, что „Мир“ выйдет 22-го. Ан—ский пишет, что 27-го. Я, конечно, с своей стороны обяжу его честным словом, чтобы и он был так же корректен, как и Вы. Одновременно с сим пишу и Ан—скому.

Преданный Вам *Ш. Алейхем.*

[איבערזעצונג:

29/30. I. 09 [נערווי]

טייערער אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש!

כ׳האָב אָװעקגעגעבן „טעוויען“, מע זאָל פון אים אַראָפּנעמען אַ קאָפּיע פאַר אייך. ווי
נאָר מע וועט פאַרטיק מאַכן, וועל איך אייך צושיקן. כ׳רעכן פאַר אַ דערנידערונג פאַרן „פריינד“,
ער זאָל באַקומען אַ קסאַוויאַד פון דער דריטער האַנט, בעיס איך האָב אַ מעגלעכקייט איבער-
געבן אייך דירעקט. אין אַלגעמיין אָבער גילט מיר ניט מיט אָט דעם אומגליקלעכן „טעוויען“.
כ׳ווייס ניט, וואָס פאַראַ דערפאָלג ער וועט האָבן באַם עולם, אָבער אומאַנגענעמלעכקייטן
האָב איך שוין פון אים. איר פאָדערט 2 טעג ביזן דערשיינען פון „מיר“. אַנ—סקי בעט
עטלעכע טעג נאָכדעם. דאָך האָף איך באַשטיין אַף מיינס, אַז סיי דער אָריגינאַל, סיי די
איבערזעצונג זאָלן זיין געדרוקט גלייכצייטיק. אַ טאָג פריער צי שפּעטער, דענק איך,
שפּילט קיין שום ראָליע, אויב ניט רעכענען דעם פּערזענלעכן ניצאָכן. אויסער דעם האָט זיך
מיר פאַרגלוסט אַוועקשיקן אַ קאָפּיע אין אַמעריקע מיט דעם כעשבן, אַז סאָף יאַנוואַר (נ. ס.)
זאָלן זיי זי אָנהויבן דרוקן. כ׳בין געווען זיכער, אַז דעם 5/18 לערערך וועט שוין אַרויס „מיר“.
און אויך דאַן דער „פריינד“. האָט „מיר“ פאַרשפּעטיקט און איך האָב ניט געקאָנט איבערכאַ-
זערן מיט טעוויען דאָס, וואָס כ׳האָב געטאָן מיט „שמ. שמעלקעס“, וועלכער איז שוין פאַרטיק
געווען אין איבערזעצונג און פלוצלונג, אַ שרעק! דער אָריגינאַל איז דערשינען אין „פריינד“.

און אָט ווייזט זיך אַרויס, אַז „טעוויע“ דרוקט זיך שוין אין דער אַמעריקאַנישער ציימונג. עמעס, די אַמעריקאַנישע צייטונג קומט נים אָן אין רוסלאַנד, זיי זיינען ביכלאַל דאָ פאַר־באָטן. ווייטער. כ'זע פאָרויס נאָך אַ אומאַנגענעמקיים. איר שרייבט, אַז „מיר“ וועט אַרויס דעם 22־טן. אַנ—סקי שרייבט, אַז דעם 27־טן. איך וועל פון מיין צאַד געווים אים פאַרפליכטן מיט אַן ערן־וואָרט, ער זאָל זיין אַזוי קאָרעקט, ווי איר. גלייכצייטיק דערמיט שרייב איך אויך אַנ—סקין.

[אייער איבערגעגעבענער ש.־אַלייכעם.]

## 19.[66])

[Нерви] 30. I. 09.

Дорогой Александр Израилевич!

Забыл во вчерашнем письме написать Вам, что для „Фрайнда“ я написал специяльно к празднику „Пурим“ новый рассказ:

„די גאָלדשפינערס“.[67])

(אַ בילד פון די קליינע מענשעלעך לכבוד פורים)

Отчего Вы мне не пишете о письмах „М. Менделя“? Я не помню, хоть убейте, много ли их у Вас, или нет? Я ведь должен иметь соображение.

Ваш *Ш. Алейхем.*

[איבערזעצונג:

30. I. 09. [נערווי]

טייערער אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש!

איגעם נעכטיקן בריוו פאַרגעסן אָנשרייבן אייך, אַז כ'האָב פאַרן „פריינד“ ספּעציעל צוליב פורים־יאָנטעוו אָנגעשריבן אַ נייע דערציילונג: „די גאָלדשפינערס“ (אַ בילד פון די קליינע מענשעלעך לכבוד פורים). פאַרוואָס שרייבט איר מיר נים וועגן מענאַכעם־מענדלס בריוו? איך געדענק נים, כאָטש הארגעט מיך, צי האָט איר זיי אַסאַך, צי נים? איך דאַרף דאָך האָבן אַן אָנונג.

אייער ש. אַלייכעם.]

## 20.

31. I. 09.
Nervi.

Дорогой Александр Израилевич!

Препровождаю при сем письмо, которое, если захотите, пошлете через кого-либо в редакцию „Евр. Мира“. А если не хотите, то не посылайте. Я такое же письмо послал и в редакцию „Евр. Мира“ и не думаю, чтобы они отказались исполнить мое желание. Рукопись-же высылаю Вам заказным. Вслед за ней получите пуримовскую картину „Ди Голдшпиннерс“. Серия мелких рассказов[68]) подвигается вперед. Однако, не могу их отдать в печать, пока не соберется их штук 8-10. Каждый новый рассказ непременно вносит в предыдущие какое-нибудь изменение в форме.

Будьте любезны прикажите в конторе кому-нибудь составить список мест и лиц, откуда поступили к Вам для юбилейного фонда предыдущие 50 фр. и нынешние 70 ф. (26 руб.) Это нужно для отчета Юб. Комитета в Варшаве, куда и направляются все поступления.

Дружески жму В/ руку

Ваш *Ш. Алейхем.*

[Нерви]

В Редакцию „Дер Фрайнд"[69]

М.м. Г.г.

Посылая Вам обещанный рассказ „טביה דער מילכיגער פאָהרט קיין ארץ ישראל", прошу напечатать его в Вашей газете не раньше появления его в журнале „Евр. Мир" (СПБ. Б. Подъяч. 39.) С этой целью я просил одного из редакторов того журнала, г-на Ан—ского, оффициядьно дать знать Вам накануне выхода в свет 1-й книжки журнала, дабы Вы могли на следующий день, по получении извещения, приступить к печатанию рассказа в газете „Дэр Фрайнд".

В надежде на Вашу корректность, равно как и на корректность редакции „Евр. Мира", остаюсь с соверш. почтением

*Ш. Алейхем.*

[איבערזעצונג:

31. I. 09

נערווי

טייערער אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש!

דערביי שיק איך אַ בריוו, וועלכן איר וועט מיט עמיצן אָפּשיקן, אויב איר וועט וועלן, אין רעדאַקציע „יעוור. מיר". אויב אייך וועט זיך ניט גלוסטן, שיקט ניט. כ'האָב אַזאַ מין בריוו געשיקט אויך אין רעדאַקציע „יעוור. מיר" און כ'מיין ניט, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן אויספילן מיין באַגער. דעם קסאַוויאַד שיק איך אייך אַרויס רעקאָמענדירט. באַלד נאָכדעם וועט איר באַקומען מיין פורים-בילד „די גאָלדשפינער". די סעריע קליינע דערציילונגען רוקט זיך פאָרויס. אָבער כ'קאָן זיי ניט אָפּגעבן אין דרוק, ביז כ'וועל זיי ניט אָנזאַמלען אַ שטיק 8—10. יעדע נייע דערציילונג טראָגט אומבאַדינגט אַריין אין די פּאָריקע אַ וועלכע ס'ניט איז ענדערונג אין פאָרם.

זייט אַזוי גוט, באַפוילט עמיצן אין קאַנטאָר צונויפשטעלן אַ רעשימע פון די ערטער און פערזאָנען, פון וואַנען עס זיינען צו אייך אָנגעקומען פאַרן יובילײ-פאָנד די פאָריקע 50 פר. און איצטערדיקע 70 פר. (26 רוב.). דאָס איז נויטיק פאַרן באַריכט פונעם יובילײ-קאָמיטעט אין וואַרשע, וווּהין עס ווערן אָפּגעשיקט אַלע האַכנאָסעס.

כ'דריק אייך פריינטלעך די האַנט

אייער ש. אַלייכעם.

[נערווי]

אין רעדאַקציע „דער פריינד"

נעערטע הערן!

כ'שיק אייך די צוגעזאָגטע דערציילונג „טעוויע דער מילכיקער פאָרט קיין ערעץ יִסראָעל", כ'בעט אָפּדרוקן זי אין אייער צייטונג ניט פריער איידער זי וועט דערשיינען אין זשור-

נאַל „יעוור. מיר“ (פעט., גרויס=פאָדיאטשער גאַס 39). איך האָב אויך געבעטן איינעם פון די רעדאַקטאָרן פון יענעם זשורנאַל, דעם ה׳ אַנ—סקין, ער זאָל אייך אָפיציעל געבן צו וויסן ערעוו דעם טאָג ווען דאָס ערשטע ביכל פון זשורנאַל וועט דערשיינען, ביכדיי איר זאָלט קאָנען, אַף מאָרגן נאָך דער יעדיע נעמען דרוקן די דערציילונג אין דער צייטונג „דער פריינד“. האָפנדיק אַף אייער קאָרעקטקייט, ווי אויך אַף דער קאָרעקטקייט פון דער רעדאַקציע „יעוור. מיר“, פאַר=בלייב איך מיט פולשטענדיקער אַכטונג

[ש. אַלייכעם.]

21.[70])

[Нерви] 1. II. 09.

Многоуважаемый друг, Александр Израилевич!

После высылки Вам копии „Тевеля“ со всеми поправками получил Вашу телеграмму и ответил Вам и „Евр. Миру“: „Убедительно прошу немедленно выдать Фрайнду манускрипт Тевье. Приступить к печатанию на 2-й день после выхода „Мира“ (I книжки). Надеюсь на корректность обеих редакций“.

Но я гораздо раньше писал Ред. „Мира“ о том же. Ан—ский мне положительно сообщил, что кн. выйдет 27-го, а завтра 20-го. Удивляюсь. Думаю, что Вы не хорошо осведомлены и Вы рукопись мою получите еще до выхода книжки. Инцидент, стало быть, исчерпан. Прошу о тщательной корректуре. Ну, а затем матрицы и пр.

Ваш *Ш. Алейхем.*

[איבערזעצונג:

[נערווי] 09 II. 1.

פילגעערטער פריינט אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש! —

נאָך דעם, ווי כ׳האָב אייך אַרויסגעשיקט די קאָפּיע פון „טעוויען“ מיט אַלע אויסבעסערונגען, האָב איך באַקומען אייער טעלעגראַם און געענטפערט אייך און אין „יעוור. מיר“: „כ׳בעט זייער איבערגעבן טייקעף אין „פריינד“ דעם קסאַוויאַד פון „טעוויע“. נעמען דרוקן אַפן צווייטן טאָג נאָכן דערשיינען פון „מיר“ (1 ביכל). כ׳פאַרהאָף אַף דער קאָרעקטקייט פון די ביידע רע=דאַקציעס“.

אָבער כ׳האָב נאָך אַסאַך פריער געשריבן אין רעד. „מיר“ וועגן דעם איניען. אַנ—סקי האָט מיר גריילעך פאַרשפּראָכן, אַז דאָס בוך וועט אַרויס דעם 27=טן. און מאָרגן איז דער 20=טער. כ׳וווּנדער מיך. כ׳דענק, אַז איר האָט ניט קיין ריכטיקע יעדיעס און דעם מאַנוסקריפּט וועט איר באַקומען נאָך איידער דאָס ביכל וועט אַרויס. דער אינציִדענט, הייסט עס, איז אויס=געשעפּט. כ׳בעט מאַכן אַ גענויע קאָרעקטור. נו, און דערנאָכדעם די מאַטריצן א. א. וו.

אייער ש. אַלייכעם.]

22.[71])

[St. Blasien] 1. VI. 09

Дорогой Александр Израилевич!

Что с Вами? Нет Вас в Питере? Сердитесь-ли Вы, или болеете? Уже 2-й месяц от Вас ни слова. Не прикажете ли тиснуть и это (прилагаемое) письмецо? Жду Вашего ответа на все предыдущее.

Ваш *Ш. Алейхем.*

# נאָך א בריעף צו א גוטן פריינד [72]

פון

## שלום-עליכם

ליבסטער פריינד!

מיר האָבען אַ גרויסען גאַט,. מיט איין האַנד שטראָפט ער, מיט דער אַנדערער היילט ער. „שטראָף מיך גיט און הייל מיך ניט" — דאָס איז אַנ'אַלטע טענה און אַ נאַרישע. גאָט שטראָפט בכדי ער זאָל האָבען וואָס צו היילען. איך בין געשטראָפט געוואָרען פאָהרענדיג פון איטאַליע איבער דער שווייץ (ווי איך האָב אייך שוין געשריבען), בין איך אָבער געהיילט געוואָרען דאָ אין שוואַרצוואַלדער סאַנאַטאָריום. און אויב נאָך נישט אינגאַנצען געהיילט געוואָרען, איז דאָ פיעל האָפענונג אויף ווייטער. דער זומער איז נאָך גענוג גרויס און דער וואַלד איז גרין. מע קאָן נאָך ליגען און ליגען. די גאַנצע קונץ פון היילען זיך ביי די דייטשען בעשטעהט נור אין ליגען. פון אין דער פריה ביז שפעט אין דער נאַכט ליגען די קראַנקע אויף דער לופט, אין וואַלד, אונטער גאָטס הימעל. אויפשטעהן שטעהט מען אויף נור צום עסן און צום שפאַצירען-געהן. נישט יעדער אָבער איז זוכה צו שפּאַצירען געהן. דערויף גיט מען אייך זעהר קורצע שעה'ען. און אַז איהר פיהרט זיך אויף לייטיש, דאָס הייסט אַז איהר ליגט גוט און עסט גוט, בעקומט איהר אַ הוספה אויף שפאַצירען געהן נאָך עטליכע מינוט אין טאָג. אַפנים איך בין דאָ פון די וואהלע יונגלעך. איך האָב ברוך השם אַזוי גושא חן געווען ביי די דאָקטוירים אַז איך האָב שוין גאַנצע צוויי שעה אין טאָג אויף שפּאַצירען געהן און סך הכל אכט שעה אויף צו ליגען. (אַחוץ די צעהען שעה וואָס מע דאַרף שלאָפען.) אַצינד וועלען מיר מאַכען אַ רעכענונג: אַז מיר וועלען אַראָפּנעמען די דריי שעה וואָס נעמט צו דאָס עסען, וועט איהר זעהען, וואָס קאָן שוין בלייבען אויף צו שרייבען! וואָס זשע טהוט גאָט? געה איך און גנב'ע אַוועק ביי די דאָקטוירים (דייטשען!) פון מיינע 8 ליגענדיגע שעה'ען אַ שעה 5 אָדער 6 אויף צו שרייבען. דהיינו ווי אַזוי? איך שרייב ליגענדיג. ווי אַזוי שרייבט מען דאָס ליגענדיג? פרעגט נישט. לאָז אייך גאָט היטען, איך בין אייך חלילה קיין שוגא. נאָר אַז מע וועט אייך אַנידערלייגען און מע וועט אייך הייסען ליגען, וועט איהר זיך אויסלערנען שרייבען ליגענדיג. איהר וועט זעהען, אַז ס'איז גאָרניט אַזוי שווער. אדרבה נאָך בעסער אַזוי. אַבי דער הוסט זאָל אייך נור ניט דעקוטשען. פון דעם זעהט איהר אַרויס, ליעבער פריינד, אַז עס געהט מיר שוין דאַנקען גאָט גוט, הגם עס קאָן זיין נאָך בעסער... און לאָמיר זאָגען: „גם זו לטובה". איהר ווייסט דאָך אַז איך בין אַ יוד פון גם זו לטובה. גיט זשע דאָס איבער אַלע פריינד איניינעם מיט מיינע בעסטע גריסען און זייט מיר געזונד און שרייבט בריוולעך.

1 יולי 1909 סאַנאַטאָריום
סט. בלאַזיען.

שלום עליכם

[איבערזעצונג פונעם רוסישן בריוו:

1. VI. 09. [ס-ט בלאַזיען]

פילגעערטער אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש!

וואָס א'ז מיט אייך? איר זייט ניט אין פּעטערבורג? זייט איר אין קאַעס אָדער איר זייט קראַנק? דעם צווייטן כוידעש — פון אייך קיין וואָרט ניט. עפשער וועט איר באַפוילן אָפּדרוקן דעמדאָזיקן (בייגעלייגטן) בריוו? כ'דערוואַרט אַן ענטפער אַף אַלעם פריערדיקן.

אייער ש. אַלייכעם.

(בייגעלייגט „נאָך א בריוו צו א גוטן פריינט", זע דעם אויבנגעבראכטן טעקסט)]

23.[73])

2 июля 1909 Sanatorium S-t Blasien.

Дорогой Александр Израилевич!

По тонкой иронии Вашего последнего письма я догадываюсь что Вы досадуете на то, что пишут за меня другие. Что делать? Я и сам досадую. А вот сегодня пишу Вам „собственноручно", хотя и лежа, „бледным" (по Вашему выражению) карандашем.

Вполне понимаю и вхожу в Ваше положение редактора-издателя евр. газеты в русской столице, где наборщик играет роль

наемщика в эпоху славного царствования Николая I... От печатания моих „Ширгаширим"ов[74]) охотно Вас освобождаю. От „Тети Рейзы и ее детей" [75]) — тоже. Оказывается, что отпечатанные Вами по 2/т экз. „Тевье" и „Гольдшпинеры", по словам моего издателя Лидского[76]), для продажи неудобны и, следовательно, матрицы их совершенно негодны. Однако, прошу Вас составить счет стоимости уже напечатанных и вообще подвести итоги, прислав мне полный счет. Не забудьте при этом моего старого долга (кажется, около ста рублей), при чем надо бы из долга вычесть запоздалые письма „Мнахем-Менделя". Так мне кажется.

Что же касается до перекочевания „Фр." в Варшаву, то разве я об этом мало писал Вам еще в первую стадию моей болезни, из Италии? Вы даже не ответили мне, и я уже думал, не наговорил ли я Вам тогда абсурдов? Теперь Вы сами признали целесообразность этой идеи, очевидно. Хотя, судить по В/ письму, Вы еще колеблетесь. Вы говорите о каком-то 6-м (почему 6-м?) органе Спектора[77]) в эмбрионе. Это не эмбрион, а факт, и не факт, а истинное происшествие. Приезжал даже ко мне специяльно сам Спектор и такой предложил мне гонорар (надеюсь, между нами это останется), что—говорю Вам, как брату родному—стыдно и грешно мне будет пред моей семьей написать что-либо для другого издания. Не забудьте, что семья моя состоит из 10 человек, а сам я лечусь и должен еще долго лечиться, и не хочется жить на счет общества. Хочется самому зарабатывать...

Возвращаюсь к вопросу о перенесении газеты в Варшаву. Какого бы мнения Вы ни были о Спекторе, как о писателе, но что он человек газеты—это Вы увидите скоро. Он Варшаву знает, как свои 5 пальцев. Говорит, что в Варшаве есть место не для 2-х, а для 5-ти хороших газет. Знаете—одно время я даже собирался предложить Вам открыть отделение „Фрайнда" в Варшаве, т. е. печатать 2-е издание там, передав дело именно Спектору, тому самому Спектору, над которым вся наша литературная братия так мило посмеивается. Даже безобидный Динезон—и тот не упустит случая лишний раз пошутить над простоватым Спектором. Не писал же я Вам об этом потому, что не хотелось быть литературным шадхеном. Раз. Второе то, что уж очень чувствительны Вы стали к обидам. Видно, Вас баловала жизнь. Не можете переносить малейшего. Если бы Вы знали, любезный друг, какие обиды переносил я от людей словом и делом, как оскорбляли меня уже во дни моей так называемой славы! И все ради куска хлеба презренного! Не даром же плачусь я теперь моим здоровием, которого я зря не растрачивал. Однако я заболтался. Пора кончить. Да поможет Вам бог устроиться так, как того желает Вам Ваш истинный друг

*Ш. Алейхем.*

[איבערזעצונג:]

2 יולי 1909
Sanatorium S-t Blasien

טייערער אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש!

פון דער קוימבאַמערקבאַרער איראָניע פון אייער לעצטן בריוו, שטוים איך זיך אָן, אַז ס'פאַרדריסט אייך דאָס, וואָס אנשטאָט מיר שרייבן אייך אַנדערע. וואָס זאָל איך טאָן? מיך פאַרדריסט אויך. אָבער היינט שרייב איך אייך „מיט מיין אייגענער האַנט“, האַגאַם ליגנדיק און מיט „אַ בלאַסן“, (ווי איר דריקט זיך אויס) בלייפעדער.

כ'פאַרשטיי אייך גוט און גיי אַריין אין אייער לאַגע פון אַ רעדאַקטאָר-אַרויסגעבער פון אַ יידישער צייטונג אין אַ רוסישער הויפשטאָט, ווו דער זעצער שפילט די ראָליע פון אַ „נאַיאָמשטשיק“ אין די שענע צייטן פון ניקאָליי דעם ערשטן... כ'באַפריי אייך גערן פון צו דרוקן מיין „שיר האַשירים“. אויך פון „דער מומע רייזע און אירע קינדער“. ווייזט זיך אַרויס, אַז די אָפּגעדרוקטע צו 2 טויזנט עקז. „טעוויע“ און „גאָלדשפיגערס“ זיינען ניט פּאַסיק צום פאַרקויף, וועדליק די מיינונג פון מיין פאַרלעגער לידסקין, און מאַשמאָעס, אַז די מאַטריצן טויגן ניט לאַכלוטן. פונדעסטוועגן בעט איך אייך מאַכן אַ כעשבן פון דעם וואָס עס קאָסטן די שוין אָפּגעדרוקטע און ביכלאַל אונטערפירן אַ סאַכאַקל, און צושיקן מיר אַ פולשטענדיקן כעשבן. פאַרגעסט ניט דערביי מיין אַלטן כויוו (דאַכט זיך באַ אַ הונדערט רובל), דערצו האָט מען נאָך אויך באַדאַרפט אַראָפּנעמען פון דעם כויוו די פאַרשפעטיקטע בריוו פון „מענאַכעמענדל“. אַזוי דאַכט מיר.

וואָס איז שייעך דעם אַריבערפאָרן פון „פריינד“ אין וואַרשע, האָב איך דען ווייניק געשריבן אייך וועגן דעם נאָך אין דער ערשטער סטאַדיע פון מיין קרענק, פון איטאַליע? איר האָט מיר אַפילע ניט אָפּגעענטפערט און איך האָב געמיינט, אַז עפשער האָב איך שוין דעמאָלט אָנגערעדט נאַרישקייטן? איצט האָט איר אַליין, אַפּאָנים, אנערקענט די צוועקמעסיקייט פון אָט דעם געדאַנק. האַגאַם ווי ס'איז צו זען פון אייער בריוו סאָפעקט איר נאָך. איר רעדט וועגן ספּעקטאָרס עפּעס אַ 6-טן (פאַרוואָס עפּעס אַ 6-טן?) אָרגאַן אין עמבריאָן. ס'איז ניט קיין עמבריאָן, נאָר אַ פאַקט און ניט קיין פאַקט, נאָר אַן עמעסע געשעעניש. אַליין ספּעקטאָר איז אַפילע געקומען צופאָרן צו מיר ספּעציעל און פאָרגעלייגט אַזאַ האָנאָראַר (כ'גלויב אַז דאָס וועט בלייבן צווישן אונדז) אז, כ'זאָג אייך, ווי אַן אייגענעם ברודער — ס'וועט מיר זיין אַ שאַנד און אַ זינד פאַר מיין מישפּאָכע שרייבן עפּעס וואָס פאַר אַן אַנדער אויסגאַבע. פאַרגעסט ניט, אַז מיין מישפּאָכע באַשטייט פון 10 מאַן און איך אַליין היילן מיך און מוז זיך נאָך לאַנג היילן, און עס ווילט זיך ניט לעבן אַף קאָהאָלשן כעשבן. ס'ווילט זיך אַליין פאַרדינען...

כ'קער מיך אום צו דער פראַגע וועגן אַריבערטראָגן די צייטונג אין וואַרשע. וואָס פאַרא מיינונג איר זאָלט ניט זיין וועגן ספּעקטאָרן, אַלס אַ שרייבער, אָבער אַז ער איז אַ צייטונגסמענטש, דאָס וועט איר איינגיבן זעען. ער קאָן וואַרשע ווי זיינע פינף פינגער. ער זאָגט, אַז אין וואַרשע איז דאָ פלאַץ ניט פאַר צוויי, נאָר פאַר פינף גוטע צייטונגען. ווייסט איר — איינמאָל האָב איך אַפילע געקליבן זיך פאָרלייגן אייך עפענען אַן אָפּטיילונג פון „פריינד“ אין וואַרשע, דאָס הייסט, דרוקן דאָרט די צווייטע אויפלאַגע, איבערגעבנדיק דעם איגיען ספּעקטאָרן טאַקע, דעמיעניקן ספּעקטאָרן, פון וועלכן ס'לאַכט אַזוי ליבלעך אונדזער גאַנצע שרייבערישע כעווריע. אַפילע אונדזער שטילער דינעזאָן — ער וועט אויך ניט דורכלאָזן די מעגלעכקייט אַן איבעריק מאָל אַ שפּאַס טאָן פונעם פראָסטאַקישן ספּעקטאָרן. און ניט געשריבן האָב איך אייך מעקוויעך דעם דערפאַר, ווייל ס'האָט זיך מיר ניט געגלוסט זיין קיין ליטעראַרישער שאַדכן. איינס אַוועק. צווייטנס, זייט איר שוין צו פילבאַר געוואָרן צו באַליידיקונגען. אַפּאָנעם, אַז דאָס לעבן האָט אייך געבאַלעוועט. איר קאָנט ניט אַריבערטראָגן דאָס מינדסטע. ווען איר ווייסט, ליבער פריינט, וואָס פאַרא באַליידיקונגען מיט וואָרט און טאַט מיר איז אויסגעקומען אַריבערטראָגן פון מענטשן, ווי מען האָט מיך באַליידיקט אין די צייטן שוין פון מיין אַזוי גערופענעם רום!

און אַלץ צוליבן אָרעמען שטיקל ברויט! ניט אומזיסט צאָל איך איצט מיט מיין געזונט, וועלכן כ׳האָב ניט פאַרשוועדנט גלאַט אַזוי. כ׳האָב זיך אָבער פאַרעדט. צייט ענדיקן. זאָל אייך גאָט העלפן איינאָרדענען זיך אַזוי, ווי ס׳ווינשט אייך אייער עמעסער פריינט

*ש. אַלייכעם.*]

24.[78])

Sanatorium S-t Blasien 9. VII. 09

Многоуважаемый друг, Александр Израилевич!

Получил Ваше письмо с отказом напечатать мое письмо „к другу“[79]). Это, однако, менее поразило меня, чем Ваше поздравление меня с каким-то м о и м  н о в ы м  и з д а н и е м. Не только поразило, но и оскорбило. Привыкши считать Вас очень откров. человеком и желая быть откров. с Вами, я надеюсь, что Вы не откажете мне в моей просьбе ответить мне, о каком таком издании Вы узнали не от Ш. Алейхема и от кого Вы это узнали? Судя по обидному, прямо оскорбительному тону Вашего письма, нельзя допустить, чтобы Вы подразумевали издание Лидского[80]). Не намекаете ли Вы на какое-нибудь период. издание? Газету? Если Вы верите честному слову и понимаете, что значит для больного клясться своим здоровьем, то я мог бы поклясться Вам, что подозрение Ваше или наушничание других только причинило мне боль. И боль непростительную. А как узнаете или поймете сами неосновательность, то раскаетесь.

Ваш друг по прежнему *Ш. Алейхем.*

Могу я просить „письмо к другу“ обратно[81])?

[איבערזעצונג:

Sanatorium S-t Blasien
9. VII. 09

פילגעערטער פריינט, אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש!

באַקומען אייער בריוו מיטן אָפּזאָג אָפּצודרוקן מיין בריוו „צו אַ פריינט“. דאָסדאָזיקע האָט מיך דאָך ווייניקער איבעראַשט, איידער דאָס, וואָס איר גיט מיר אָפּ מאַזלטאָוו פאַר עפּעס  מ י י נ ע ר  אַ  נ י י ע ר  א ו י ס ג אַ ב ע. ניט בלויז איבעראַשט, נאָר אויך באַליידיקט. זייענדיק געוווינט האַלטן אייך פאַר אַ זייער אָפנהאַרציקן מענטשן און וועלנדיק זיין אָפנהאַר־ציק מיט אייך, פאַרהאָף איך, אַז איר וועט ניט אָפּזאָגן מיר אַף מיין באַקאָשע ענטפערן מיר, וועגן וואָס פאַראַ אויסגאַבע האָט איר זיך עס דערוווסט? וועדליק דעם פאַרדראָסיקן, מאַמעש באַליידיקנדיקן טאָן פון אייער בריוו, קאָן מען ניט מיינען, אַז איר זייט אויסן געווען לידסקיס אויסגאַבע. צי האָט איר ניט אין זינען עפּעס אַ פעריאָדישע אויסגאַבע? אַ צייטונג? אויב איר גלויבט אַן ערן־וואָרט און פאַרשטייט, וואָס באַדייט פאַר אַ קראַנקן מענטשן שווערן זיך מיט זיין געזונט, וואָלט איך אייך געקאָנט שווערן, אַז אייער כשאַד צי עמיצנס אָנרייד האָט מיר בלויז פאַרשאַפט ווייטיק. און אַ ווייטיק ניט צו פאַרצייען. און ווען איר וועט דערגיין אָדער אַליין פאַרשטיין די ניט־באַגרינדעטקייט, וועט איר כאַראָטע באַקומען.

אייער פריינט ווי פריער *ש. אַלייכעם.*

קאָן איך בעטן שיקן מיר כאַזאָרע דעם „בריוו צו אַ פריינט“?]

25.[82])

[St. Blasien] 13/26. VII. 09

Да, любезный Александр Израилевич, Вы совершенно правы Я—больной человек. И больно выслушать такой упрек от человека здорового. А ведь лишь год тому назад и я был здоровым человеком... Однако, Вы вот здоровый человек, а бухгалтерия у Вас слабая. Ваш бухгалтер сосчитал число строк в кучу и вышло у него **3747** строчек. Он, очевидно, упустил из виду, что лишь 2 вещи напечатаны обыкновенной Вашей строкой: („Ш. Шмелькес" и „Письма М. Менделя") Все же остальные вещи набраны строкой почти в 1½ раза шире обычной строки „Фрайнда". Неужели, если бы Вам вздумалось печатать во всю ширину „Фрайнда", то и тогда Вы бы считали Вашим сотрудникам, даже таким дешевым как я, тот же размер гонорара? Соображаясь с этим, я сделал тщательный подсчет, и у меня выходит (можете посадить человека и проверить) minimum **4826**. Т. е. на 1083 строки больше. (Я не считал в 1½ раза больше, а гораздо меньше; именно как есть.) Выйдет тогда мой кредит не 187.15, а 241,30. Сняв показанную в дебете сумму 228.92, получится сальдо в мою пользу, если по Вашему счету, 12 р. 38 к. Но нам остается еще поговорить о самом размере гонорара. Конечно, теперь поздно прибегнуть к Вашему благоразумному совету: „побольше деловитости, поменьше сантиментальностей". Если бы я не рисковал показаться смешным, я должен был-бы в сущности поставить Вам мои условия, послать Вам контр-счет, согласно гонорару, получаемому мною от др. издателей. Ибо нельзя-же допустить, чтобы Вы серьозно ценили, скажем, мой фельетон שיר השירים, о котором Вы прислали мне столь восторженное письмо, наравне с фельетоном одного автора, перевод с которого был напечатан по-русски много лет тому назад, да и сам оригинал два года или год тому назад появился в другой стране. (Заметьте—я ничего не говорю о содержании. Об этом предоставляю судить Вам.) А ведь я שיר השירים писал исключительно для „Фрайнда". Нигде ни для кого не переводил. Даже копии в Нью-Иорк не послал. שיר השירים — это действительно мой „Шир-гаширим". Этот роман, который, по моему, должен венчать все написанное мною за 25 л., я пишу главами, т. к. здоровье не позволяет мне написать его целиком. Предназначил я его для „Фрайнда" с таким расчетом, что на תשעה באב должна была пойти третья глава מיר פּאַסטעך, затем 4-я глава в ראש חודש אלול под заглавием אויף קבר אבות. А потом 5-я глава на סוכות. 6-я на חנוכה. 7-я на פורים и последняя, как заключительный аккорд, на Пасху. В этот роман я намерен был вложить всю силу того маленького дарования, которое дала мне судьба, всю сумму моей поэзии, весь полет фантазии. Связал же я его главные моменты именно с нашими праздниками, ибо лишь в них источник вдохновения для еврейской души. И вот Вы, оценив вещь по достоинству до того, что не могли даже удержаться, чтобы не выразить

своего восторга, (а ведь Вы уже куда более деловитый, нежели сантиментальный человек) — все таки не постеснялись поставить Ш. Алейхему за его „Шираширим“ пятикопеечный гонорар, что выходит по ширине строчек даже не 5, а **3¼ коп.**! Ну, скажите, не есть-ли это обида? Вы, **м. б.**, скажете, что дела газеты не позволяют широко платить. Допустим даже, что это так. Но я Вам неоднократно намекал на с ч е т, но н е на деньги. Я ни разу не требовал денег. Я уверен, что если бы я у Вас попросил денег еще в Италии, Вы бы мне не отказали. Не могли бы отказать. Но я не требовал, п. ч. знал, или полагал, что когда у Вас деньги будут, Вы сами мне пришлете. Знаете что? Скажите мне по чистой совести: если бы не Спектор с его газетой, Вы бы также оценили меня в 3¼ коп.? Если Вы мне ответите, как честный человек, как Рапопорт: „да“—тогда я готов забыть обиду. Самолюбие человека, если он не очень глуп, может быть уязвимо только тогда, когда намереваются его язвить, а не тогда, когда его без всякого умысла ценят очень дешево, или даже вовсе не ценят. Итак, я жду Вашего ответа.

Все еще уважающий и любящий Вас

*Ш. Алейхем.*

*P. S.* Неужели по Вашему распоряжению прекратили печатать мой адрес? Или это одна случайность? Просил-бы 1 р а з в д в е н е д е л и, если возможно:

שלום עליכם'ס אַדרעס:
*Sanatorium S-t Blasien (Schwarzwald)*

[איבערזעצונג:

13/26. VII. 09 [ס-ט בלאַזיען]

יאָ, ליבנסווירדיקער אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש, איר זייט פולקום גערעכט. איך בין אַ קראַנקער מענטש, און ס'איז ווייטיקדיק אויסצוהערן אַזאַ מין פאָרוואורף פון אַ מענטשן אַ ג ע ז ו נ ט ן. אָבער אָקאָרשט מיט אַ יאָר צוריק בין איך אויך געווען אַ געזונטער מענטש... פונדעסטוועגן אָט זייט איר אַ געזונטער מענטש און די בוכהאַלטעריע אייערע איז אַ שוואַכע. אייער בוכהאַלטער האָט אויסגערעכנט די צאָל שורעס אַלע אינאיינעם אָ ן ש ו ם כ י ל ע ק און ס'האָט זיך באַ אים באַקומען 3747 שורעס. ער האָט, אַפּאָנים, ניט גענומען אין אַכט, אַז בלויז 2 זאַכן זיינען געדרוקט מיט אייער געוויינטלעכער שורע („ש. שמעלקעס“ און „בריוו פון מעַ נאַכעם-מענדל“). אָבער די אַלע איבעריקע זאַכן זיינען געזעצט אין אַ שורע, וואָס איז קימאַט אין אַנדערהאַלבן מאָל ברייטער פון דער געוויינטלעכער „פריינד“-שורע. ווען איר פאַרטראַכט, אַן ערעך, זעצן די שורע אין דער גאַנצער ברייט פון „פריינד“, שוין זשע וואָלט איר דעמאָלט אויך געצאָלט אייערע מיטאַרבעטער, אַפילע אַזוינע ביליקע ווי איך, דעמזעלביקן האָנאָראַר? געמענדיק דאָס אין אַכט, האָב איך געמאַכט אַ גענויעם כעשבן, און באַ מיר קומט אויס (איר קאָנט אַוועקזעצן אַ מענטשן און דורכקאָנטראָלירן) מינימום 4826 שורעס. דאָס הייסט אַף 1083 שורעס מער. (כ'האָב ניט גערעכנט אין אַנדערהאַלבן מאָל מער, כ'האָב גערעכנט אַסאַך ווייניקער; פונקט ווי דער עמעס איז). דאַן באַקומט זיך, אַז מיין קרעדיט איז ניט 187.15, נאָר 241.30. אַראָפּרעכנענדיק דעם סכום, וואָס איז באַוויזן אין דעבעט 228.92, וועט זיך באַקומען אַ סאַלדאָ פאַר מיר, אויב לויט אייער כעשבן, 12 ר. 38 ק. אָבער מיר האָבן נאָך צו רעדן וועגן דער גרויס פון האָנאָראַר גופע. געוויס, איצט איז שוין שפּעט פּאָלגן אייער קלוגע אייצע: „מער נעשעפטלעכקייט, ווייניקער סאַנטימענטאַלימעטן“. ווען איך וואָלט קיין מוירע ניט געהאַט זיין

לעכערלעך, וואָלט איך באַדאַרפט בעעצעם שטעלן אייך מיינע באַדינגונגען, שיקן אייך אַ קאָנטרכעשבן, ווערליך דעם האָנאָראַר וואָס איך באַקום פון אַנדערע פאַרלעגער, מאַכמעס ס'איז דאָך אומעגלעך, אַז מיין פעליעטאָן, לאָמיר זאָגן „שיר האַשירים“, וועגן וועלכן איר האָט מיר נעשריבן אַזאַ היספּיילעסדיקן בריוו, זאָלט איר ערגעסט שאַצן באַגלייך מיט אַ פעליעטאָן פון איינעם אַ מעכאַבער, וואָס האָט דעמדאָזיקן פעליעטאָן מיט אָסאַך יאָרן צוריק איבערגעזעצט און אָפּגעדרוקט אין רוסיש, און דער אָריגינאַל גופע איז מיט אַ יאָר צי צוויי צוריק דערשינען אין אַן אַנדער לאַנד. (באַמערקט, אַז איך זאָג קיין וואָרט ניט מעקויעך דעם אינהאַלט. וועגן דעם זאָלט איר אַליין אורטיילן). און מיין „שיר האַשירים“ האָב איך דאָך געשריבן אויסשליסלעך פאַרן „פריינד“. אין ערגעץ ניט און פאַר קיינעם ניט ניט איבערגעזעצט. אַפילע קיין ניוּיאָרק ניט נעשיקט קיין קאָפּיע. „שיר השירים“—דאָס איז ווירקלעך מיין „שיר־השירים“. דעמדאָזיקן ראָמאַן, וואָס דאַרף, ווי איך מיין, קרוינען אַלץ, וואָס איך האָב געשריבן אין פאַרלויף פון 25 יאָר, שרייב איך קאַפּיטלענווייז, מאַכמעס מיין געזונט דערלויבט מיר ניט אָנשרייבן מיטאַמאָל. באַשטימט האָב איך אים פאַרן „פריינד“, אַזוי אויסגעכעשבנט, אַז אַף תשעה באב דאַרף גיין דער דריטער קאַפּיטל „מיר פאַסטן“, דערנאָך דער פערטער קאַפּיטל אַף ראש חודש אלול אונטערן נאָמען „אויף קבר אבות“. דערנאָכדעם דער פינפטער קאַפּיטל אַף סוכות. זעקסטער אַף חנוכה. זיבעטער אַף פורים און דער לעצטער, אַלס שלום־אַקאָרד, אַף פייסעך. אין דעמדאָזיקן ראָמאַן האָב איך בעדייע געהאַט אַריינלייגן די גאַנצע קראַפט פון יענעם קליינעם טאַלאַנט, וואָס עס האָט געשענקט מיר מיין מאַזל, דעם גאַנצן סכום פון מיין פּאָעזיע, דעם גאַנצן שוווּנג פון דער פאַנטאַזיע. און די הויפּט־מאָמענטן פונעם ראָמאַן האָב איך גראָד פאַרבונדן מיט אונדזערע יאָנטויווים, ווייל בלויז אין זיי ליגט דער קוואַל פון באַגייסטערונג פאַר דער יידישער נעשאָמע. איז אָט איר, אָפּשאַצנדיק די זאַך לויט איר ווערט אַף אַזויפיל, אַז איר האָט ניט געקאָנט אַפילע איינהאַלטן זיך ניט אויסדריקן אייער היספּיילעס (און איר זייט דאָך אַסאַך מער אַ געשעפטס־מענטש, איידער אַ סאַנטימענטאַלער מאַן) — האָט איר פונדעסטוועגן ניט געשעמט זיך אַוועקצושטעלן שאָלעם־אַלייכעמען פאַר זיין „שיר האַשירים“ אַ פינפקאָפּיקענעם האָנאָראַר, וואָס לויט דער ברייט פון די שורעס באַקומט זיך עס אַפילע ניט 5, נאָר 3 מיט אַ פערטל קאָפּיקע! זאָגט אַליין, איז דאָס דען ניט קיין באַליידיקונג? וועט איר עפשער זאָגן, אַז די געשעפטן פון דער צייטונג דערלויבן ניט צאָלן ברייט. זאָל זיין, אַז ס'איז אַזוי אַפילע. אָבער איך האָב ניט איינמאָל געגעבן אייך אָנצוהערענישן וועגן דעם כעשבן, און ניט וועגן געלט. כ'האָב קיין איין מאָל ניט געפאָדערט קיין געלט. איך בין זיכער, אַז ווען איך בעט באַ אייך געלט אין איטאַליע נאָך, וואָלט איר מיר ניט אָפּגעזאָגט. איר וואָלט ניט געקאָנט אָפּזאָגן. אָבער כ'האָב ניט געפאָדערט, ווייל כ'האָב געוווּסט אָדער מעשאַער געווען, אַז ווען איר וועט האָבן געלט, וועט איר מיר אַליין צושיקן. ווייסט איר וואָס? זאָגט מיר אָפנהאַרציק: אויב ניט ספּעקטאָר מיט זיין צייטונג, וואָלט איר מיך אויך געשאַצט אין דריי מיט אַ פערטל קאָפּ.? אויב איר וועט מיר ענטפערן ווי אַן אָרנטלעכער מאַן, ווי ראַפּאָפּאָרט: „יאָ“ — דאַן בין איך גרייט פאַרגעסן די באַליידיקונג. אַ מענטשנס אייגנליבע, אויב ער איז ניט קיין גרויסער נאַר, קאָן ווערן אָנגערירט נאָר בלויז דאַן, ווען מע באַליידיקט אים בעקיוון, און ניט דאַן, ווען מע שאַצט אים זייער ביליק, אַפילע ווען מע שאַצט אים לאַכלוטן ניט, ניט האָבנדיק אָבער דערביי קיין שום שלעכטן מיין. אַלזאָ, איך וואַרט אַף אייער ענטפער.

דער וואָס אַכט אייך אַלץ און האָט אייך ליב

ש. אַלייכעם.

P. S. שוין־זשע האָט מען עס לויט אייער פאַראָרדענונג אופגעהערט צו דרוקן מיין אַדרעס? אָדער ס'איז בלויז אַ צופעליקייט? כ'וואָלט אייך געבעטן איינמאָל אין צוויי וואָכן, אויב ס'איז מעגלעך:

שלום עליכם'ס אַדרעס:

[Sanatorium S-t Blasien (Schwarzwald)

# אָנמערקונגען

### צו בריוו נומ. 1.

1 סאול מאָיסייעוויטש גינזבורג —געב. 1866, גרינדער און רעדאַקטער פון „פריינד“ אין פעטערבורג (צוזאַמען מיט שאַבסע (אַלעקסאַנדער) ראַפּאָפּאָרט) אין די יאָרן 1903—1909. איצט — אין לענינגראַד, מיטגליד פון „מפיצי השכלה“-קאָמיטעט.

2 שמועל ראָזענפעלד — געב. 1869, געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פונעם פעטערבורגער „פריינד“ און זיין רעדאַקטער אין וואַרשע אין די יאָרן 1909—1914. נאָך דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע עמיגרירט אין אויסלאַנד. איצט — מיטאַרבעטער פון דער ניו-יאָרקער ציאָניסטישער צייטונג „דער טאָג“, וווּ ער פאַרנעמט זיך מיט די סאַמע נידערטרעכטיקע אינסינואַציעס קעגן פסס“ר.

3 „דער בעזים“ — אַן אומזיסטע הומאָריסטיש-סאַטירישע ביילאַגע („גור פאַר די אַבאָנענטן פון „פריינד“) צום „פריינד“ אין 1908 י. דער ערשטער נומער איז געווען בייגעלייגט צום נומ. 1 „פריינד“ פאַרן ערשטן יאַנוואַר 1908. אַף דער צווייטער און דריטער זייט * איז דאָרט געדרוקט ש. א. אַ פעליעטאָן אונטערן נאָמען „דער בעזים און די באַרשט, אַ מייסע פונעם כיידער אין צוויי טיילן, ספעציעל געשריבן לעקאָוועד דעם „בעזים“ פון ש. א. (דער ערשטער טייל הייסט—„אַ באַרשט אָנשטאָט אַ בעזים“, דער צווייטער—„אוים באַרשט, צוריק בעזים“). דער פעליעטאָן פאַרנעמט 102 שורעס צו 78 דרוק-צייכנס (אין דורכשניט) אַ שורע, ד. ה. באַ 8000 דרוק-צייכנס. פאַר דעמדאָזיקן פעליעטאָן האָט מען עס געבאָטן.. 6 רובל האָנאָראַר, ד. ה. 30 רובל אַ דרוק-בויגן!

4 ס. מ. — מיינט מען גינזבורגן. זע אָנמערקונג 1.

5 קרינסקי מ. — אייגנטימער פונעם פאַרלאַג „האור“, אין וועלכן עס פלעגן זיך דאַן דרוקן ש. א׳ס ווערק אין קליינע העפטן. קרינסקי האָט שרעקלעך עקספּלואַטירט ש. א.׳ען, געצאָלט אים צו „20 רובל פאַר אַ דרוק-בויגן, קיין כעשבן ניט געגעבן און קיין שום פּראָצענטן פונעם פאַרדינסט ניט געצאָלט“ („ש. א. בוך“, ניו-יאָרק, 1926, ז. 263, אין דער באַמערקונג).

6 „אייניקע ביכלעך, ווי „דער פעטער פּיני און די מומע רייזע“ — זיינען זיך צעגאַנגען אין אַסאַך צענדליקער טויזנטער עקזעמפּליאַרן“ („ש. א. בוך“, ז. 263, אין דער באַמערקונג).

### צו נומ. 2.

7 דערדאָזיקער בריוו איז אָנגעשריבן אַף אַ קאַרטל. אַף דער פאָדערשטער זייט אויבן גייען פאָלגנדיקע געדרוקטע שורעס:

Schalom Alechem<br>(S. Rabinowitz)<br>bei Zahnarzt Goldenberg

Friedrichstr. 136 II<br>Tel. Amt IIIA, 4774

8 ווער איז איזראַיל מאָיסייעוויטש, איז אונדז ניט באַוווּסט. עפשער איז דאָס פאַשעט אַ טאָעס, און אינדערעמעסן ווערט געמיינט אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר  א י ז ר אַ י ל י ע וו י ט ש, ד. ה. ראַפּאָפּאָרט? וועגן ראַפּאָפּאָרטן זע די אָנמערקונג נומ. 11.

9 „עמיגראַנטן, רייזע-באַשרייבונגען פון אַ זיבן-יעריקן יאָסעם, וואָס פאָרט מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע קיין אַמעריקע, איבערגעגעבן פון ש. א.: 10. די כאַליאַסטרע ווערט צעקראָכן; 11. זייַ געזונט, אַנטוּוערפּן!; 12. לאָנדאָן, פאַרוואָס ברענסטו נישט?“ — האָט ש. א. געדרוקט אין „פריינד“, 1908, נומערן 7, 8, 14, 21, 22. שפּעטער זיינען דידאָזיקע קאַפּיטלען אַריין אין „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס“. אָנהייבנדיק דרוקן דעם קאַפּ. 10, האָט די רעדאַקציע געמאַכט אַ באַמערקונג: „אָנהייבנדיק צו דרוקן די צווייטע סעריע „עמיגראַנטן“, מוזן מיר באַמערקן, אַז יעדעס קאַפּיטל האָט אַ זעלבשטענדיקן אינהאַלט פאַר זיך“. אין דעמדאָזיקן בריוו רעדט ש. א., ווייזט אויס, וועגן דעם לעצטן קאַפּיטל (12-טן),

* נומערירט זיינען די זייטלעך — 6 און 7, ווייל ס׳האָט זיך גערעכנט, מאַשמאָעס, פאַר זייטלעך פון „פריינד“, כאָטש דער פאָרמאַט איז פּונקט די העלפט פון „פריינד“.

װעלכער איז געװען געדרוקט אין „פרײנד“ דעם 25 און 27 יאַנואַר (7 און 9 פעװראַל לויטן נײעם סטיל) 1908.

### צו נום. 3.

10 דער בריוו איז אָנגעשריבן אַף אַזאַ מין קאַרטל, ווי דער פאַריקער בריוו. זע אָנמערקונג נום. 7.
11 שאַבסע (אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש) ראַפּאָפּאָרט (1862—1928), גרינדער און אַרויסגעבער פון פעטערבורגער „פרײנד“, אָנגעזעענער ציאָניסט, נאָך דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע עמיגרירט קײן פּאַלעסטינע, וו ער איז ניט לאַנג געשטאָרבן.

### צו נום. 4.

12 דער בריוו איז אָנגעשריבן אַף אַזאַ מין קאַרטל, ווי דער בריוו נום. 2. זע אָנמערקונג נום. 7.
13 ניט קלאָר, װעמען מײנט עס ש. א. עפּשער אַלפּיטאָעס האָט ער אַזוי אָנגערופן ראַפּאָפּאָרטן (אָנשטאָט „ אַלעקסאַנדער איזראַיליעוויטש“).
14 ריווקעס — אַגענט פון יִדישע צײטונגען און בוכהענדלער אין בערלין.
15 ש. א. האָט דאָ געמײנט די מײסים טאַטוּיִם, וואָס עס האָט אים אָפּגעטאָן דער אַרויסגעבער פון װאַרשעווער „אונזער לעבן“ ש. האָכבערג, װעלכער האָט אַרויסגעלאָזן סעפּאַראַט-אָפּדרוקן פון ש. א'ס ראָמאַן „דער מאַבל“, וואָס האָט זיך געדרוקט אין „אונזער לעבן“. צוליב דעמדאָזיקן איניען איז אַפילע פאָרגעקומען אַ שאַרפער סיכסעך צווישן ש. א. און האָכבערגן, און זײ האָבן זיך בײדע געקלאָגט פאַר יאַקאָװ דינעזאָנען. װעגן דעם זע גענויער אין דינעזאָנס „א בריף אין רעדאַקציע“ („אונזער לעבן“, נום. 212 פונעם IX/23—10 1908). אָט ווי ש. א. האָט עס אָפּגעשאַצט:
„איך וויל גאָר זײן נאָמען [האָכבערגס. ש. נ.] נישט דערמאָנען. ער האָט באַ מיר גאָרנישט געקויפט, ער האָט נאָר געגאַנװעט, געגאַזלט, געדרוקט סעפּעראַט-בראָשורן אין דער צײט, ווען איך האָב פּראָטעסטירט מיט בלוטיקע בריוו צו אים און צו ספּעקטאָרן — אָבער [פאַר]קויפן האָב איך אים קײן זאַך ניט פאַרקויפט. די בראָשורלעך האָט מען אַרויסגעלאָזן אין די אַלאָפּים, אָן ספּעקטאָרס וויסן. די גאַנצע געשיכטע איז הימלשרײענד, און אויסלײגן טײנעס — הײסט פאַר מיר איבעראַנײס אָנהײבן שפּײען מיט בלוט“ (פון אַ בריוו צו ד"ר ג. לעווין, „ש. א. בוך“, ז. 268).

### צו נום. 5.

15א צום בריוו האָט זיך פאַרהיט דער קאָנווערט מיט פאָלגנדיקער אויפשריפט:

(Russland)
В Редакцию „Дер Фрайнд“.
(Возн. пр. 53)
В С. Петербург
Abs. Schalom Aleichem. Berlin Kaiserstr. 35 III
bei Sommerfeld

16 עס האַנדלט זיך מיסטאָמע װעגן ש. א'ס פּיעסע „דער אויצער“, װעגן װעלכער זע אָנמערקונג 21.

### צו נום. 6.

17 אַף דער ערשטער זײט פונעם בריוו — ש. א'ס שטעמפּל:

Solomon Rabinowitz
שלום עליכם
Schalom Aleichem
Avenue du Mall, 21, Genêve (Suisse) און אויך דער אַדרעס (געשטעמפּלט):

18 „שלח מנות“ — געדרוקט אין „בעזים“ נום. 9 פאַרן 2-טן מאַרט 1908 (בײלאַגע צום „פרײנד“ נום. 52).

### צו נום. 7.

19 אַף דער ערשטער זײט פונעם בריוו — דיזעלבע שטעמפּלען, וואָס אין פאַריקן בריוו, זע אָנמערקונג 17.
20 עס האַנדלט זיך װעגן שאָלעם-אַלײכעמס דערצײלונג „שאַלער-מאָנעס“.

21 ווי עס איז צו זעען פון די וויטערדיקע בריוו, האָט ש. א'ס „דער אויצער" אין פּראָצעס פון דער אַרבעט זיך עטלעכע מאָל גרינטלעך געביטן, און לעסאָף האָט זיך ש. א. אָפּגעשטעלט אַף צוויי וואַריאַנטן. באַ זיין לעבן האָט ש. א. ניט געזעען אין דרוק זיין פּיעסע. ערשט ניט לאַנג איז געווען פּאַרעפנטלעכט אין ניו־יאָרקער „צוקונפט" (1927, נומ. 10 פלג.) איינער פון די וואַריאַנטן („אַ קאָמעדיע אין פיר אַקטן, פינף בילדער") אונטערן נאָמען „די גאָלדגרעבער". אַ באַזונדער אויסגאַבע איז דערשינען באַ אונדז אין דעם פאַרלאַג „קולטור־ליגע", קיעוו.

22 אַלטער פּישזאָן — אַ באַקאַנטער אַנטרעפּרענער און אָנפירער מיט שונד־טרופּעס. האָט געשפּילט אין פאַרשיידענע רוסישע שטעט און אויך אין אַמעריקע. ש. א. האָט שוין געהאַט „צו זינגען און צו זאָגן" מיט דעמדראָזיקן „אַרטיסט" נאָך אין 1903 י. (זע „ש. א. בוך", זייטן 199—200).

23 אין „ש. א. בוך" (ז. 222) איז אָנגעגעבן די דאַטע „21 פעברואַר". דאָס איז לויטן אַלטן סטיל. לויטן נייעם סטיל פאַלט עס טאַקע אויס דעם 5 מאַרט.

אין „פריינד" איז אַזאַ נאָטיץ ניט דערשינען. אין „אונזער לעבן" נומ. 60—61 פונעם 10—11 (23—24) מאַרט איז געווען געדרוקט אַן אויספירלעכע קאָרעספּאָנדענץ פון ה. גירשן (צ. הירשקאָן) אונטערן נאָמען „אַ יידישע קאָמעדיע (איינדרוקן פון ש. א. „אויצער")".

## צו נומ. 8.

24 אַף דער ערשטער זייט פונעם בריוו — ש. א'ס אַדרעס (געשטעמפּלט):

Avenue du Mall, 21, Genève (Suisse)

צום בריוו האָט זיך פאַרהיט אויך דער קאָנווערט מיט פאָלגנדיקער אויפשריפט:

(Russie)
В Редакцию „Дэр Фрайнд"
С. И. Рапопорту
В С-Петербург
(Возн. пр. 53)

אַף דער אַנדערער זייט פונעם קאָנווערט ש. א'ס שטעמפּלען (דעם טעקסט זע אַנמערקונג 17).

25 „שיפּאָווניק" — ליטעראַרישע אַלמאַנאַכן אין רוסיש. אין „שיפּאָווניק" זיינען געווען געדרוקט אייניקע איבערזעצונגען פון יידיש, נאָר ש. א'ס איז דאָרט גאַרנישט ניט געווען געדרוקט.

26 וועגן ש. א'ס באַזוך אין וואַרשע זע ד"ר ג. לעווינס „מיינע זיכרוינעס וועגן ש. א." („ש. א. בוך", ז"ז 259—283).

27 „הזמיר" — אַזוי האָט געהייסן אַ בירגערלעכע ליטעראַריש־קינסטלערישע געזעלשאַפט אין וואַרשע. אין די יאָרן פון נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע ביז די מילכאָמע־יאָרן האָט זי אַנטוויקלט אַ געוויסע טעטיקייט, איינאָרדענענדיק ליטעראַרישע און קינסטלערישע אָוונטן.

28 אין פּעטערבורג איז ש. א. דאַן ניט געפאָרן.

29 אַווראָהאָם־עליאָהו ליובאַרסקי — אַן אָדעסער געשעפטסמאַן און אַ מאַסקיל, איינער פון די ערשטע „כוווועווי ציען" און גרינדער פון „אָדעסער קאָמיטעט", עמיגרירט אין אַמעריקע, וווּ ער זאָל — לויט ציטראָנס „לעקסיקון ציוני" — נאָך האָבן געלעבט אין 1924 (?).

30 ד. פּינסקים „דער אויצער", אַ טראַגעדישע (?) קאָמעדיע אין פיער אַקטן" אָנגעהייבן זיך דרוקן אין „פריינד" נומ. 91 פאַרן 23 אַפּריל 1908. געדרוקט זיך מיט איבעררייסן ביזן נומ. 120 (פאַרן 29 מאַי).

31 יאַקאָוו אַדלער (1855—1925) — באַרימטער יידישער אַרטיסט, פון די ערשטע אַרטיסטן פון גאָלדפאַדנס טרופּע. אין 1908 י. איז ער אין ניו־יאָרק געווען אייגנטימער פון „גרענד טעאַטער". וועגן די אונטערהאַנדלונגען מיט אַדלערן — זע „ש. א. בוך", ז"ז 87—88.

## צו נומ. 9.

32 אַף דער ערשטער זייט פונעם בריוו — דיזעלבע שטעמפּלען, וואָס אין בריוו נומ. 6. זע אַנמערקונג 17.

## צו נומ. 10.

33 אַף דער ערשטער זייט פונעם בריוו — דיזעלבע שטעמפּלען, וואָס אין בריוו נומ. 6. זע אַנמערקונג 17.

צום בריוו האָט זיך פאַרהיט אויך דער קאָנווערט מיט פאָלגנדיקער אופשריפט:

(Russie)
В Редакцию „Дэр Фрайнд“
С. Петербург Возн. пр. 53

אָף דער אַנדערער זייט פונעם קאָנווערט ש. א'ס שטעמפלען, דיזעלבע, וואָס אין טעקסט פונעם בריוו.

צו נום. 11.

34 אָף דער ערשטער זייט פונעם בריוו — דיזעלבע שטעמפלען, וואָס אין בריוו נום. 6. זע אָנמערקונג 17.

35 אין דעמדאָזיקן נומער „פריינד“ האָט זיך אָנגעהייבן דרוקן ד. פּינסקים דראַמע „דער אויצער“.

צו נום. 12.

36 אָף דער ערשטער זייט פונעם בריוו — דיזעלבע שטעמפלען, וואָס אין בריוו נום. 6. זע אָנמערקונג 17.

37 די בייגעלייגטע האַקדאָמע צו ש. א'ס פּיעסע איז געשריבן ניט מיט ש. א'ס האַנט, און זי טראָגט דאָס קעפּל: א פּאָר ווערטער צום נאָמען פון דער טראַגיקאָמעדיע. דידאָזיקע האַקדאָמע איז אָפּגע־דרוקט מיטן טעקסט פון דער פּיעסע אין ניו־יאָרקער „צוקונפט“, 1927, נום. 10. אין דעם געדרוקטן טעקסט פון דער האַקדאָמע, כוץ אייניקע אָרטאָגראַפישע שינוים, האָבן מיר אַזוינע ענדערונגען אין פאַרגלייך מיט אונדזער קסאַוויאַד: אינעם קסאַוויאַד האַנדלט זיך וועגן א דרייאַקטיקער טראַגיקאָמעדיע, אין געדרוקטן טעקסט — וועגן א פירעקטיקער קאָמעדיע (בלויז איין מאָל רעדט זיך אויך אין קסאַוויאַד וועגן א „קאָמעדיע“), און אינעם געדרוקטן טעקסט איז דורכגעלאָזן א הערה, וואָס פאַרטייטשט דאָס וואָרט „קיבעצן“. מיר ברענגען פּינקטלעך דעם טעקסט פון דערדאָזיקער הערה:

* קיבעצן איז די טייטש קריטיקירען עס איז אַן אַמעריקאַניש אידיש וואָרט, וואָס איז כדאַי סזאָל אַריין אין אונזער אידישען לעקסיקאָן.

38 זע אָנמערקונג 21.

צו נום. 13.

39 דער בריוו איז אָנגעשריבן אָף א פּאָסט־קאַרטל מיט א זשענעווער לאַנדשאַפט. אויבן איז פאַר־צייכנט ש. א'ס אַדרעס (געשטעמפּלט):

Avenue du Mall, 21, Genéve (Suisse)

ווייטער גייט דער אַדרעס פונעם אַדרעסאַט:

(Russie)
В Редакцию
„Дэр Фрайнд“
С. Петербург (Возн. пр. 53)

צו נום. 14.

40 אָף דער ערשטער זייט פונעם בריוו — ש. א'ס שטעמפּל:

Solomon Rabinowitz
שלום עליכם
Schalom Aleichem

און אויך דער אַדרעס (געשטעמפּלט): Nervi (Italia) Villa Brjand

41 שאָלעם־אלייכעמס מאַזלטאָוו באַציט זיך מיסטאָמע דערצו, וואָס „דער פריינד“ האָט אָנגעהייבן ווידער דערשיינען. „דער פריינד“ איז געווען אָפּגעשטעלט פונעם ערשטן אָקטיאַבער ביזן ערשטן דע־קאַבער 1908.

42 דער נאָמען פון דער ענגלישער אויסגאַבע איז אונדז ניט באַוווּסט.

43 „שמועל שמעלקעס און זיין יובילעאום“ — געדרוקט אין „פריינד“ 1908, נומערן 226—235 (פאַר דעקאַבער כווידעש).

44 דער „יובילייי־קאָמיטעט“ צו פייערן ש. א'ס יובילייו איז אַרויסגעקומען פון א יאָמקיפּעדיקן שמועס צווישן ד"ר ג. לעווין און א. פּאָדלישעווסקי, צוויי ציאָניסטישע טוער, וועלכע האָבן געדאַוונט

אין איין סינאַגאָגע. זיי האָבן „קאָאָפּטירט“ צו זיך אויך יאַקאָוו דינעזאָנען און געשאַפן דעם „יובילײ־קאָמיטעט“. זע „ש. א. בוך“, דעם אַרטיקל פון ד״ר ג. לעווין „מײנע זכרונות וועגן ש. אַ.“.

45 ד״ר גערשן לעווין — געב. 1868, באַקאַנטער ציאָניסט און קלאַל־טוער אין פּוילן; אין 1908 י. איז ער געווען פּרעזיצער פון ש. א. יובילײ־קאָמיטעט.

46 אין אַווגוסט 1908 איז ש. א. קראַנק געוואָרן אין באַראַנאָוויטש (אַ שטעטל אין מינסקער גוב., איצט — אין פּוילן) אַף אַ לונגען־אָנצינדונג. וועגן דעם זע אין ד״ר לעווינס זכרונות („ש. א. בוך“, ז. 261).

47 „יעווריעיסקי מיר“ — אַ רוסיש־ייִדישער כוידעש־זשורנאַל, וועלכער האָט אָנגעהייבן דער־שײנען אין פּעטערבורג אין יאַנוואַר 1909 באַ דער נאָענטער מיטאַרבעט פון ש. אַנ—סקי, ש. דובנאָוו, מ. ראַטנער א. א. אַ נאַציאָנאַליסטיש־אַווטאָנאָמיסטישער קלײנבירגערלעכער אָרגאַן. אין 1910 יאָר איז ער רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין אַ וועכנטלעכער אויסגאַבע, נאָר אָנהייב מאַי האָט אים די רעגירונג פּאַרמאַכט.

48 בערקאָוויטש יצכאָק־דאָוו — געב. 1885, באַקאַנטער ייִדישער שרייבער, וועלכער שרייבט אָבער אַמערסטן אין העברעיִש. ש. א׳ס אַן איידעם, באַקאַנט אַלס איבערזעצער פון ש. א. אין העברעיִש, רעדאַקטער פונעם „ש. א. בוך“.

## צו נומ. 15.

49 דער בריוו איז געשריבן אַף אַ פּאָסט־קאַרטל. אויבן — ש.־א׳ס שטעמפּלען, דיזעלבע, וואָס אין פּאַריזקן בריוו. זע אַנמערקונג 40.

אַף דער אויסערלעכער זײט פונעם קאַרטל איז פאַרצייכנט דער אַדרעס פונעם אַדרעסאַט:

С. И. Рапопорту
Редакция „Дер Фрайнд“
С. Петербург
(Вознес. пр. 53.)
(Russie)

50 דער „פריינד“ איז אין 1908 י. ניט אַרויס די כאַדאָשים אָקטיאָבער—נאָיאַבער, צוליב אַ רײ סיבעס.

51 „טעוויע דער מילכיקער פּאָרט קײן ערעץ־ישראָעל, גאָר אַ נײַע מייסע פון טעוויע דעם מילכיקן, דערציילט פון אים אַליין און איבערגעגעבן וואָרט אין וואָרט פון ש. א.“ — געווען געדרוקט אין „פריינד“ 1909, אין אַ רײ נומערן, אָנהייבנדיק פון נומער 26 פונעם 1 פעווראַל און ענדיקנדיק מיטן נומער 53 פאַרן 5 מאַרט. אַ רוסישע איבערזעצונג (פון אַנ—סקי) איז געווען געדרוקט אין „יעווריעיסקי מיר“ פאַר יאַנוואַר—פעווראַל 1909.

52 „צוויי טויטע“ — אַזוי האָט געהייסן שאָלעם־אַלײכעמס אַ ביכעלע, וואָס איז אַרויס אין אָדעס אין דער סעריע „ש. א׳ס יאַנטעוו־ביבליאָטעק“, נײַע, נאָך ניט געדרוקטע, ספּעציעל פאַר אָדעסער אויס־גאַבע. וועגן דעם זע ש. א׳ס בריוו צו לעווינסקי אין „ש. א. בוך“, ז. 229.

## צו נומ. 16.

53 אַ טאָעס. דאַרף זײן „יעווריייסקי מיר“. זע אַנמערקונג 47.

54 ד. ה. די אַרויסגעבער פון „יעווריייסקי מיר“.

55 זע אַנמערקונג 51.

56 ש. א׳ס ענטפער אַף מענדעלעס געבראַכטן בריוו זע „ש. א. בוך“, ז״ז 227—228.

57 „לאַגאָס“ — ש. ראָזענפעלדס פּסעוודאָנים (זע אַנמערקונג 2).

58 די לייט פון „הזמן“ — דאָס מײנט ש. א. די אַרויסגעבער פון דער ווילנער העברעיִשער צייטונג „הזמן“ (צוליב צענזור־טײמים האָט זי געהייסן „הד־הזמן“), וואָס האָבן פון אָנהייב 1909 י. אַרויסגעגעבן אויך אַ ייִדישע צייטונג אונטערן נאָמען „די צייט“. דער אַרויסגעבער פון „הד־הזמן“ און „די צייט“ איז געווען פ. מאַרגאַלין, אַ רייכער סויכער.

59 זע די אַנמערקונג 58.

60 דאָ ווערן געמײנט די „אײזנבאַן־געשיכטעס“, וואָס ש. א. האָט אָנגעשריבן אין 1909 י. און געדרוקט זיי אין דער „נײַער וועלט“ (וואַרשע). זיי זײנען אַרײַן אין 28־טן באַנד פון דער אַמעריקאַנער און וואַרשעווער אויסגאַבע פון ש. א׳ס ווערק.

61 וועגן דעם זע אין די פאָריקע בריוו.

צו נומ. 17.

62 אַף דער ערשטער זייט פונעם בריוו דיזעלבע שטעמפּלען, וואָס אין בריוו נומ. 14. זע אָנ־מערקונג 40.

63 אַ נאָטיץ וועגן די ייִדן אין סיציליע איז געווען געדרוקט אין איינעם פון די יאַנוואַר־נומערן „פריינד“ אין 1909.

צו נומ. 18.

64 אַף דער ערשטער זייט פונעם בריוו דיזעלבע שטעמפּלען, וואָס אין בריוו נומ. 14. זע אָנ־מערקונג 40.

65 „ייִדישעס טאַגעבלאַט“ אין ניו־יאָרק.

צו נומ. 19.

66 דער בריוו איז געשריבן אַף אַ פּאָסט־קאַרטל. אויבן — ש. א׳ס שטעמפּלען, דיזעלבע, וואָס אין בריוו נומ. 14. זע אָנמערקונג 40.

אַף דער אויסערלעכער זייט פונעם קאַרטל — דער אַדרעס פונעם אַדרעסאַט:

С. И. Рапопорту
Ред. „Дер Фрайнд“
С.-Петербург
Возн. пр. 53.
(Russia)

67 „די גאָלדשפּינערס“, — אַ בילד פון די קליינע מענטשעלעך (לעקאָוועד פּורים), געדרוקט אין „פריינד“ נומ. 42—44 פונעם 19—21 פעוורואַל 1909.

צו נומ. 20.

68 זע די אָנמערקונג 60.

69 אַף דעמדאָזיקן בריוו אויבן — דיזעלבע שטעמפּלען, וואָס אין בריוו נומ. 14. זע אָנמער־קונג 40.

צו נומ. 21.

70 דער בריוו איז געשריבן אַף אַ פּאָסט־קאַרטל. אויבן — ש. א׳ס שטעמפּלען, דיזעלבע, וואָס אין בריוו נומ. 14. זע אָנמערקונג 40.

אַף דער אויסערלעכער זייט פונעם קאַרטל — דער אַדרעס פונעם אַדרעסאַט:

С. И. Рапопорту
Редактору газеты
„Дэр Фрайнд“
С-Петербург
Возн. пр. 53
(Russia)

צו נומ. 22.

71 דער בריוו איז געשריבן אַף אַ בלאַנק פונעם סאַנאַטאָריום אין סט. בלאַזיען, מיט אַ לאַנדשאַפט פונעם סאַנאַטאָריום.

72 דערדאָזיקער „בריוו צו אַ גוטן פריינט“ איז געשריבן אַף בלעטלעך פון אַ נאָטיץ־ביכל. פאַרוואָס הייסט ער „נאָך אַ בריוו“? זאָל דאָס זיין דערפאַר, וואָס ש. א. האָט שוין אַנומלטן אָפּגעדרוקט אין זיין „יודישער פאָלקס־ביבליאָטעק“ (ב. II, 1889) „אַ בריוו צו אַ גוטן פריינט“? זאָל דאָס זיין אַזאַ ווייטע רעמיניסצענץ?

דער „פריינד“ האָט ש. א׳ס „בריוו“ ניט אָפּגעדרוקט.

### צו נומ. 23.

73 דער בריוו איז געשריבן אַף בלעטלעך פון אַ נאָטיץ־ביכל.
74 „שיר־השירים“ — געדרוקט אין דער ביילאַגע צום „פריינד“ „לעקאָוועך פייסעך“ (צו נומער 67 22/III 1909) אונטערן נאָמען „אַ בלעטל שיר־השירים (אַנ'אָנהויב פון אַ ראָמאַן)“.
75 „די מומע רייזע און אירע קינדער“ אָדער „אויס לאַג־באַאוימער (אַ לאַג־באַאוימער שפּיל אין 3 אַקטן)“ געדרוקט אין „פריינד“ נומ. 93 פאַרן 26 אַפּריל 1909.
76 יאַקאָוו לידסקי (1868—1921) — אייגנטימער פונעם פאַרלאַג „פּראָגרעס“, וועלכער פלעגט אַרויסלאָזן ש. א'ס ווערק.
77 געמיינט „די נייע וועלט“, אַ טאָגבלאַט, וואָס ספּעקטאָר האָט אַרויסגעגעבן אין וואַרשע אין 1909—1910. סאָף 1910 האָט זיך די צייטונג צונויפגעגאָסן מיט פרילוצקים „מאָמענט“.

### צו נומ. 24.

78 דער בריוו איז געשריבן אַף ספּעציעלן בריוו־פּאַפּיר מיט אַ וויניעטן פונעם סאַנאַטאָריום. אַף דער אויסערלעכער זייט — נאָכן געדרוקטן טעקסט Sanatorium St. Blasien איז פאַרצייכנט פון דער האַנט (Schwarzwald). ווייטער גייט דער אַדרעס פונעם אַדרעסאַט:

ЕВБ
С. И. Рапопорту
Ред. „Дэр Фрайнд“
С. Петербург
Возн. пр. 53.
(Russlad)

79 זע אַנמערקונג 72.
80 דער יובּיליי־קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן אין 1909 י. אַ „יובּיליי־אויסגאַבע“ פון ש. א'ס ווערק מיט לידסקים מיטווירקונג.
81 ש. ראַפּאָפּאָרט האָט מאַשמאָעס ניט אומגעקערט ש. א'ען צוריק דעם „בריוו צו אַ גוטן פריינט“, אַניט וואָלט דער „בריוו“ זיך נישט פאַרהיט אין ראַפּאָפּאָרטס אַרכיוו.

### צו נומ. 25.

82 דער בריוו איז געשריבן אַף אַ בלאַנק פונעם סאַנאַטאָריום אין סט. בלאַזיען. אונטער דער באַצייכענונג פון דער פירמע גייט ש. א'ס געוויינלעכער שטעמפּל:

Solomon Rabinowitz
שלום עליכם
Schalom Aleichem

א. גורשטיין

# א נייער ווענדפונקט אין דער מענדעלע-פאָרשונג

(איבערזיכט פון דער נייסטער מענדעלע-ליטעראטור)

## I

1. די גרויסע אָקאָרשטיקע מענדעלע-פייערונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט מענדעלעס צענטן יאָרצייט האָבן אַרויסגערופן אַ באַזונדערן אינטערעס צום שאַפן פונעם „זיידן“ פון דער ייִדישער ליטעראַטור. און אַלס ענטפער אַף דעמדאָזיקן אינטערעס איז דערשינען אַ היפשע ליטעראַטור וועגן מענדעלען, אַ ליטעראַטור, וואָס שטעלט און באַרירט וויכטיקע היסטאָריש-ליטעראַרישע פּראָבלעמען און וואָס באַרייכערט אונדזער יונגע ליטעראַטור-פאָרשונג. ספּעציעל אין געביט פון דער מענדעלע-פאָרשונג[1] האָבן דיזאָזיקע נייע אַרבעטן וועגן מענדעלען אַזאַ באַדייטונג, אַז מע קאָן דאָ בעפּיירעש ריידן וועגן אַ נייעם ווענדפונקט אין שטודירן מענדעלעס שאַפן.

מען האָט שוין געשריבן וועגן דעם ברייטן געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם, וואָס עס האָבן געהאַט די מענדעלע-פייערונגען באַ אונדז אין לאַנד. איז עס דעריבער נאַטירלעך, וואָס גראָד באַ אונדז, אין ראַטנפאַרבאַנד, האָבן מיר דעם גרעסטן (אין פאַרגלייך מיט אויסלאַנד) צופלוס פון נייער מענדעלע-ליטעראַטור. אונדזער באַזונדערע אופמערקזאַמקייט צו מענדעלען האָט זייער פּיקאַנט אויסגעטייטשט די ניו-יאָרקער אָרטאָדאָקסישע „ייִדישעס טאַגעבלאַט“[2], וואָס קאָנסטאַטירט אַ געוויסע קרוווישאַפט צווישן די „יעווסעקן“ און מענדעלען, „דעם טענדענציעזן באַקעמפער פון היסטאָרישן ייִדנטום, דעם סוינע פון טראַדיציאָנעלן לעבנשטייגער“... דאָס איז טאַקע דער בעסטער שוואַך פאַר מענדעלען און פאַר זיין גאַנצן שאַפן!

דעם גרעסטן צופלוס נייער מענדעלע-ליטעראַטור האָבן מיר, ווי געזאָגט, באַ אונדז אין ראַטנפאַרבאַנד. דאָס איז אָבער ניט נאָר אַ פראַגע פון „קאַמעס“. די הערשנדיקע אידעאָלאָגיע באַ אונדז אין לאַנד, די מאַרקסיסטישע, האָט אָפּגעהאַלטן אירע גרויסע ניצכוינעס אויך אין געביט פון ליטעראַטור-קענטעניש, און די נייע מענדעלע-אַרבעטן, וואָס זיינען לעצטנס דערשינען באַ אונדז, זיינען אין אַלגעמיין דורכגעדרונגען אויב ניט מיט פולשטענדיקן מאַרקסיסטישן באַנעם פון סאָץ אַלע דערשיינונגען, איז יעדנפאַלס מיט אַן אופריכטיקן, אָנגעשטרענגטן שטרעבן צו באַהעפטן זיך צו מאַרקסיזם, צו באַהערשן זיין איינציק-גילטיקן אָביעקטיוו-וויסנשאַפטלעכן מעטאָד. אין דעם איינגנטלעך באַשטייט טאַקע די באַדייטונג פונעם נייעם ווענדפונקט אין אונדזער מענדעלע-פאָרשונג[3].

---

[1] וועגן דעם, וואָס עס איז אופגעטאָן געוואָרן ביכלאַל אין געביט פון דער מענדעלע-פאָרשונג ביז דער לעצטער צייט (ביזן מענדעלעס צענטן יאָרצייט), זע אונדזער גרעסערע אַרבעט „סאַכאַקלען פון דער מענדעלע-פאָרשונג“ אין מינסקער „צייטשריפט“, באַנד II—III, שפּאַלטן 485 פלג. וועגן די באַזונדערע מענדעלע-אויסגאַבעס (מערסטנטייל — פאָפּוליערע), וואָס זיינען לעצטנס דערשינען באַ אונדז אין ראַטנפאַרבאַנד, זע אונדזער איבערזיכט „אונדזער מענדעלע-ליטעראַטור“ אין „עמעס“, 1928, נום. 120. דערדאָזיקער אַרטיקל איז איבערגעדרוקט אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער“, 1928, נום. 29.

[2] מרדכי דאַנציס, מענדעלי אין די יעווסעקן: „ייִדישעס טאַגעבלאַט“, 1928, נומער פון 19-טן פעברואַר.

[3] אינעם ווייטערדיקן גאַנג פון אונדזער איצטיקן אַרטיקל וועלן מיר באַצייכענען בלויז דאָס וויכטיקסטע, וואָס איז לעצטנס דערשינען אין געביט פון דער מענדעלע-פאָרשונג. מיר שטעלן זיך

2. צווישן די גרעסערע ליטעראַטור=געשיכטלעכע אַרבעטן וועגן מענדעלען, וואָס זיינען לעצטנס דערשינען, דאַרף מען, פאַרשטייט זיך, פריער פאַר אַלץ אָנרופן י. נוסינאָווס אַרבעט „פון בוך צו בוך (צו דער געשיכטע פון די מענדעלע=וואַריאַנטן)“ („ציַיטשריפט“, באַנד II—III, מינסק, 1928, שפּאַלטן 425—482 און 896). מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אַף דער אַרבעט גענוי.

אינעם ערשטן קאַפּיטל „ציל און מעטאָד פון וואַריאַנטן=פאָרשונג“ גיט דער מעכאַבער אַ טעאָרעטישן אַריינפיר, און דער־דאָזיקער טעאָרעטישער טייל איז גראָד דער סאַמע באַשטרייטבאַרער באַ י. נוסינאָוון. י. נוסינאָוו פּאָלעמיזירט דאָ (און מיט רעכט) מיט פּראָפ. נ. ק. פּיקסאַנאָווס קאָנצעפּציע פון דער אַזויגערופענער „שאַפונג=געשיכטע“ („творч. история“), אָבער ער שטעלט זיך אָפּ אַף אַ האַלבן וועג און מאַכט ניט די געהעריקע אויספירן. י. נוסינאָוו פּרוּווט „עמאַנציפּירן“ דעמדאָזיקן באַגריף „שאַפונג=געשיכטע“ און מאַכן אים פאַר מאַרקסיסטיש, און אין דעם באַשטייט טאַקע י. נוסינאָווס פּרינציפּיעלער טאָעס. ווייל דער באַגריף „שאַפונג=געשיכטע“ איז אַזוי פאַרבונדן מיט דער אַלגעמיינער „ביאָגראַפישער“ אינטערפּרעטאַציע פון ליטעראַרישן פּראָצעס, פון וועלכער אינטערפּרעטאַציע עס גייען אַרויס די פּראָפּאַגאַנדיסטן פון דער „שאַפונג=געשיכטע“, אַז אָפּרייסנדיק דעמדאָזיקן באַגריף פון זיין אָנגערופענעם מאָקער, מאַכן מיר אים (דעם באַגריף) פאַר אינהאַלטלאָז. מע דאַרף דעריבער דעם באַגריף אָדער אָננעמען, אָדער אָפּוואַרפן. Tertium non datur און די מאַרקסיסטישע ליטעראַטור=קענטעניש, וואָס גייט אַרויס פון אירע אייגענע טעאָרעטישע האַנאָכעס, דאַרף טאַקע אָפּוואַרפן די „שאַפונג=געשיכטע“ אַלס מעטאָדאָלאָגישן באַגריף. י. נוסינאָוו וויל דעם באַגריף ראַטעווען, אַרויסנעמענדיק פון אים זיין כיעס, זיין גאַנצן אינהאַלט.

און אין דעם ווייטערדיקן גדאַנקענגאַנג פון י. נוסינאָווס אַרבעט ווערט טאַקע קלאָר, אַז עס האַנדלט זיך באַ אים אייגנטלעך ניט וועגן „שאַפונג=געשיכטע“, נאָר וועגן אַ פיל פּאָשעטערער און קאָנקרעטערער קאַטעגאָריע, וואָס הייסט „טעקסט=געשיכטע“... זאָל דאָס ניט אויפגענומען ווערן ווי לינגוויסטישע „דיקדוקי=עניות“, דאָס איז אַ גרויסער פּרינציפּיעלער כילעק. בעשאַס דער באַגריף „שאַפונג=געשיכטע“ פאַרמאָגט אַ געוויסן מעטאָדאָלאָגישן אינהאַלט, איז די באַצייכענונג „טעקסט=געשיכטע“ בלויז אַ קאָנסטאַטירנדיקער טערמין, וואָס איז פריי פון יעטווידן מעטאָדאָלאָגישן אָבערגלויבן. אין טאָך אַריין איז עס ביכלאַל ניטאָ קיין „שאַפונג=געשיכטע“ (творческая история) נאָר בלויז אַ געשיכטע פון שאַפן (история творчества). און דער באַגריף „טעקסט=געשיכטע“ ווערט גרינג אַריינגעגלידערט אין דעם אַלגעמיינעם ליטעראַרישן פאָרשונג=פּראָצעס.

אַזוי אַרום זעען מיר, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן באַ י. נוסינאָוון מיט אַ געוויסער טעאָרעטישער „קאָנטאַמינאַציע“. נאָר באַזונדערס ווערט דאָס קלאָר, ווען י. נוסינאָוו בינדט צונויף די טעאָרעטישע האַנאָכעס זיינע מיטן שטודיום פון די מענדעלע=וואַריאַנטן. ווייל שוין דעם צווייטן קאַפּיטל זיינעם „די מעגלעכקייטן און אויפגאַבן פון דער מענדעלע=פאָרשונג“ איז דער מעכאַבער געצוווּנגען אָנהויבן אַזוי: „וועגן אויפשטעלן אַ פולשטענדיקע שאַפונג=געשיכטע פון אַ מענדעלע=בוך קען קיין רייד ניט זיין“ (שפּאַלט 428, אונטערגעשטראָכן פון מיר א. ג.). און בעעמעס, וואָס פאַר אַ רייד קען דאָ זיין וועגן דער אַזוי גערופענער „שאַפונג=געשיכטע“, ווען עס פעלן לאַכלוטן די מענדעלע=קסאַוויאַדן! הייסט עס, אַז ניט נאָר אין טאָך, נאָר אויך פאָרמעל פאַלט דאָ אָפּ (אין דעם געגעבענעם מענדעלע=פאַל) דער באַגריף „שאַפונג=געשיכטע“...

דער קאָנקרעטער טייל פון י. נוסינאָווס אַרבעט האָט אַ גרויסע באַדייטונג, ווייל עס ווערט דאָ צום ערשטן מאָל מעטאָדיש אַוועקגעשטעלט דאָס שטודירן די פאַרשיידענע מענדעלע־וואַריאַנטן (אין קעגנזאַץ צו ש. ניגערן און דר. מ. וויינרייכן, וואָס זיינען זייער אויבנאויפיק צוגעגאַנגען צו דער פראַגע). באַהאַנדלען באַהאַנדלט דאָ י. נוסינאָוו ניט אַלע ווערק מענדעלעס,

ניט דעם צוועק אויסצושעפּן דעם גאַנצן מאַטעריאַל. די פילצאָליקע און פאַרשיידנשפּראַכיקע אַרטיקלען וועגן מענדעלען, וואָס טראָגן בלויז אַ „יובילייִשן“ כאַראַקטער, גייען מיר אינגאַנצן פאַרביי.

ער באהאנדלט דאָ בלויז „די טאַקסע“, „מאַסאָעס ביניאָמין האַשלישי“ און „דאָס ווינשפינגערל“. מע וואָלט דעריבער עפּשער באַדאַרפט אָפּשוואַכן די קאַטעגאָרישקייט פון אייניקע זיינע אויספירן. ביכלאַל איז דאָ צו פאַרצייכענען באַ י. נוסינאָוון פיל באַזונדערע שטעלן, וואָס רופן אַרויס די אָדער יענע דערווידערונגען.

מע קאָן פריער פאַר אַלץ שטרייטן מיטן פרינציפּ פון קלאַסיפיצירן די ענדערונגען אין די פאַרשיידענע מענדעלע-וואַריאַנטן. אין אייניקע „רובריקעס“ פילט זיך אַ געוויסע ניט-באַרעכטיקטע סוביעקטיווקייט, בעשאַס דער מעכאַבער רעדט, לעמאָשל, וועגן אָפּגעשוואַכטער אָ־ער פאַרשטאַרקטער „אַקצענטירונג“, אָנשטאָט צו אָפּערירן מיט אויסערלעכע, מער אָביעקטיווע סימאָנים (וואָרט-איבערכאַזערונגען א. א. וו.). דערזעלבער סוביעקטיווער „אָפּשאַצונג“-עלעמענט פילט זיך, לעמאָשל, אויך דאַן, ווען דער מעכאַבער טיילט איין מענדעלעס סלאַוויזמען אין צוויי קאַטעגאָריעס: „זשאַרגאָניזמען“ און איינגעבירגערטע „פאָלקסטימלעכע“ סלאַוויזמען [1]. די קריטעריען זיינען דאָ זייער וואַקלדיקע...

דער כאַראַקטער פון די באַזונדערע „ענדערונגען“, וואָס מיר געפינען אין די מענדעלע-וואַ־יאַנטן, ווערט ניט אַלעמאָל ריכטיק קוואַליפיצירט, און דאָס שטאַמט פון דעם מעכאַבערס געטיע צו זען אין יעדן קלענסטן קער מענדעלעס אַ באַשטימטע צילגעווענדעטקייט. דידאָזיקע אומרירטע „טעלעאָלאָגישקייט“ ברענגט צומאָל אַפילע צו קוריאָזן [2]... דערצו גיט י. נוסינאָוו (אָפטמאָל נאָך יעטווידער איינציקער ענדערונג) אַ צו וואַטראָנישן קאָמענטאַר, וואָס קאָן אין אַ גאַנצער ריי פאַלן גרינג פאַרביטן ווערן מיט אַ דייטלעכער רובריק-באַצייכענונג. דידאָזיקע „באַריידעוודיקייט“ שטערט זייער דער קאָנצענטרירטקייט פון דער אַרבעט.

ניט אַלעמאָל געלינגט י. נוסינאָוון צו דיפערענצירן די סיבעס פון אויסערלעך ענלעכע דערשיינונגען: דער מעכאַבער שטעלט פעסט, לעמאָשל, אַז „די טאַקסע“, ווי אויך „מאַסאָעס ביניאָמין האַשלישי“, האָט מענדעלע שפּעטער זייער ווייניק איבערגעאַרבעט און געלאָזן קימאַט ווי ניט געענדערט; דערין זעט י. נוסינאָוו אַ סימפּטאָמאַטישע קרויוועשאַפט. מיר זיינען אָבער איבערצייגט, אַז די ענלעכקייט איז אין דידאָזיקע צוויי דערשיינונגען בלויז אַן אויסערלעכע, און די סיבעס זיינען דאָ גאָר פאַרשיידענע... צוליב שפּאָרעוודיקייט אין פּלאַץ מוזן מיר זיך אַצינד אָפּהאַלטן פון אַרגומענטירן אונדזער מיינונג.

וועגן די באַזונדערע ווערק, וואָס ווערן דאָ באַהאַנדלט באַ י. נוסינאָוון, דאַרפן מיר דאָ צוגעבן פאָלגנדיקע באַמערקונגען:

א) וועגן „מאַסאָעס“.

י. נוסינאָוו דעקט זייער ריכטיק און אינטערעסאַנט אויף דעם פּאַראָדיע-כאַראַקטער פון אַ גאַנצער ריי מאָמענטן אין די „מאַסאָעס“. ער פאַרזעט דאָ אָבער איין זייער וויכטיקע דעטאַל, וואָס שטרייכט אונטער די אַקטועלקייט, די ציימעסיקייט פון מענדעלעס פּאַראָדיע (אַ שטריך, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַרן יונגן מענדעלע). פאַרוואָס הייסט ביניאָמין — ביניאָמין דער דריטער? ווען מענדעלע האָט געשריבן זיינע „מאַסאָעס“, זיינען נאָך גאָר פריש געווען די איינדריקן פון די נעסיעס-באַשרייבונגען פונעם באַקאַנטן ייִדישן רייזנדער יוסעף ייִסראָעל, וואָס איז באַוווּסט געווען אונטערן נאָמען „ביניאָמין האַשייני“ (געשטאָרבן 1864). ער איז טאַקע געפאָרן זוכן די פאַרשוווּנדענע „אַסערעס-האַשוואָטים“ און אין דידאָזיקע זוכענישן האָט ער דורכגעמאַכט אַ וועג פון אייראָפּע אין פאַרשיידענע מיזרעך-לענדער. זיין בוך וועגן די נעסיעס איז אַרויס אין העברעיִש, פראַנצויזיש, דייטש, ענגליש, און

[1] פאַרוואָס, לעמאָשל, איז „אויספייעט“ אַ „זשאַרגאָניזם“ (זע שפּאַלט 448), און „זאַשטשיטניקעס“ — אַ „פאָלקסטימלעכער“ סלאַוויזם (שפּאַלט 449)?

[2] אַזוי, זעט דער מעכאַבער אַ געוויסן מין אין אַ ריין-אָרטאָגראַפישער ענדערונג: אָנשטאָט „פלענע“—„פלענער“ (זע שפּאַלט 433), אָדער אין אַזאַ אויסדרוק, וואָס האָט אַלע סימאָנים פון אַ פּאַשטן דרוק-פעלער: „אויסגעריבענע פּיאַטעס“ אָנשטאָט „אויסגעריסענע פּיאַטעס“ (שפּאַלט 446)!

מיט אים האָט געטומלט די גאַנצע דעמאָלט׳קע ייִדישע עפנטלעכקייט[1]. קלאָר, אַז די געסיעס פון „ביניאָמין האַשייני“ האָבן געדינט אַלס דער נאָענטסטער, אומיטלבאַרער אָנרעגונגס=שטאָף פאַר מענדעלעס סטיליסטישער פּאַראָדיע, און אַף דעמדאָזיקן פּאָן באַקומען אַ באַזונדערע שאַרפקייט אַזוינע מענדעלעס אויסדריקן, ווי דאָס, וואָס „מאַסאָעס ביניאָמין האַשלישי“ „זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַלע שיווים לעשוינעס“, אָדער וואָס מיט זיין ביניאָמינען זײַנען פול געווען „אַלע ענגלישע און דײַטשישע גאַזעטן“ (זע שפּאַלט 437). מענדעלע האָט אַזוי אַרום פאַרבונדן זײַנע פּאַראָדיע=מענדענצן מיט קאָנקרעטע דערשײַנונגען פון זיין צייט (און ספּעציעל מיט דעמאָלטיקן צייטונגס=מאַטעריאַל); ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, איז דידאָזיקע אומיטלבאַרע אַקטועלקייט פון זײַנע סאַטיריש=פּאַראָדירנדיקע אָנגריפן ביכלאַל כאַראַקטעריסטיש פאַרן יונגן מענדעלע[2].

ב) וועגן „ווינשפינגערל“.

אַ גרויסער שאָד, וואָס באַם פאַרגלייכן די וואַריאַנטן פונעם „ווינשפינגערל“ האָט י. נוסינאָוו ניט געהאַט די ערשטע אויסגאַבע (1866), און ער האָט זיך געמוזט פאַרלאָזן אַף ד״ר מ. ווײַנרײַכן און ז. רייזענען, וואָס האָבן באַשריבן (און גאַנץ אויבנאויפיק) דידאָזיקע אויסגאַבע. דאָס אומיטלבאַרע באַקאָנען זיך מיטן ערשטן „ווינשפינגערל“ וואָלט באַוויזן י. נוסינאָוון ענדערן אַ גאַנצע ריי זײַנע באַהויפּטונגען, וואָס האָבן אַ שייכעס צו דער אַנטוויקלונג פון די מענדעלע=וואַריאַנטן[3].

מיר האָבן ביז איצט גערעדט קימאַט בלויז וועגן פעלערן אין י. נוסינאָווס אַרבעט. י. נוסינאָוו האָט צום ערשטן מאָל באַ אונדז צוזאַמענגעקליבן און סיסטעמאַטיזירט אַזאַ רייכן פאַרגלייכונג־מאַטעריאַל פון די פאַרשיידענע מענדעלע=וואַריאַנטן. נאָר דאָס וואָלט נאָך ניט געווען אַזאַ גרויסער פאַרדינסט. דער פאַרדינסט פון זיין אַרבעט באַשטייט דערין, וואָס צום אַנאַליז פון די מענדעלע=וואַריאַנטן איז ער צוגעגאַנגען מיט די האַנאָכעס און מאָסן פון דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור=קענטעניש, און ער האָט געשטרעבט אין זיין אַנאַליז צו פאַרבינדן די אַנטוויקלונג פון די מענדעלע=וואַריאַנטן מיט דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעך=אידייִשער עוואָליוציע, וואָס עס האָט דורכגעמאַכט אין זיין שאַפן מענדעלע. און אויב ניט אין אַלע פּראָטים באַפרידיקט אונדז י. נוסינאָווס אינטערפּרעטאַציע פון מענדעלעס עוואָליוציע (מיר האַלטן, אַז עס איז ניט דערשאַצט די „דעמאָקראַטישקייט“ פונעם פריאיקן מענדעלע, און עס זײַנען, פאַרקערט, פאַרטונקלט די „רעגרעסיווע“ עלעמענטן אין מענדעלעס ווייטערדיקער אַנטוויקלונג), בלײַבן ניט געמינערט די מעטאָדאָלאָגישע און מעטאָדישע פאַרדינסטן פון י. נוסינאָווס גרויסער אַרבעט. דערבײַ דאַרפן מיר אונטערשטרייכן, אַז אין דער אַרבעט איז צעוואָרפן אַסאַך באַזונדערע זייער אינטערעסאַנטע באַמערקונגען און אַכטגעבונגען, אַגעוו אין פּראַט פון קאָמפּאָזיציע באַ מענדעלען (וועגן דער קאָמפּאָזיציאָנעלער ראָליע פונעם שאַרבלאַט, לעמאָשל, און פיל אַנדערע).

---

[1] ווי עס ווייזט מיר נאָך אָן כ׳ אַבע לעוו, זאָל א. מ. דיק האָבן איבערגעזעצט אין ייִדיש (ווען?) אַ קיצער פונעם בוך, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן ביניאָמין האַשייני. באַנוצנדיק זיך מיט דער געלעגנהייט, וויל איך דאָ באַדאַנקען דעם כ׳ לעוו פאַר אַלע זײַנע ביבליאָגראַפישע „טויוועס“: ער איז מיר ניט איינמאָל געקומען צו הילף מיט זײַנע אומאויסשעפּלעכע ביבליאָגראַפישע יעדיעס.

[2] איך רייד אַגעוו וועגן דעם אין מיין אַרבעט „דער יונגער מענדעלע אין קאָנטעקסט פון די 60=ער יאָרן“, וואָס דאַרף דערשײַנען אינעם ערשטן באַנד „שריפטן“ פון דער קאַטעדרע פאַר ייִד. קולטור באַ דער אוקר. וויסנש. אַקאַדעמיע.

[3] י. נוסינאָוו האָט שפּעטער (שוין נאָכדעם, ווי זיין אַרבעט איז געווען געענדיקט) געקריגן די ערשטע אויסגאַבע פונעם „ווינשפינגערל“ (זע י. נוסינאָווס בריוו אין רעדאַקציע „צייטשריפט“, שפּאַלט 896). אַ גענויע באַשרייבונג פון דער אויסגאַבע גיט ער אין אַ ספּעציעלער אָפּהאַנדלונג, וואָס דאַרף דערשײַנען אינעם ערשטן באַנד „שריפטן“ פון דער קאַטעדרע פאַר ייִד. קולטור באַ דער אוקר. וויסנש. אַקאַדעמיע.

## II

3. ספּעציעל מ״ט דער פֿראַגע פֿון קאָמפּאָזיציע באַ מענדעלען (אַפֿן מאַטעריאַל פֿון „פֿישקע דעם קרומען“) גיט זיך אָפּ מ. מ י ז ש י ר י צ ק י אין זיין אַרבעט „פֿישקע דער קרומער“ (סטיל און קאָמפּאָזיציע) („די רויטע וועלט“, 1927, נומ. 12, ז״ז 104—128)[1]. ניט געקוקט אַף דעם גאַנצן מעטאָדאָלאָגישן פּלאָנטער פֿון דערדאָזיקער אַרבעט און סטירעדיקער אומקלאָרקייט פֿון באַזונדערע באַגריפֿן און באַהויפּטונגען, בלייבט מ. מיזשיריצקיס פֿאַרדינסט, וואָס ער האָט געגעבן, אַזוי צו זאָגן, די „רעאַביליטאַציע“ פֿון דער קאָמפּאָזיציע באַ מענדעלען. גוט צי שלעכט, אָבער ער האָט באַוויזן, אַז מע קאָן באַהאַנדלען די עצעם=פֿראַגע. און אויב עס איז איבערגעטריבן די גאַנצע טייסע וועגן צוויי באַזונדערע „פּלאַנען“ (עס מוז דאָך זיין אַלץ „ווי באַ לייטן“!) אין „פֿישקע דעם קרומען“, איז דער מעכאַבער געווים גערעכט אין זיינע באַזונדערע באַמערקונגען וועגן דער מענדעלע=קאָמפּאָזיציע. און צומאָל געפֿינט ער אַפּילע געלונגענע פֿאָרמולירונגען, ווי די פֿאָלגנדיקע: „...ווען אין מענדעלע מ״ס=פּלאַן האָבן מיר אַפֿן נאַטור=פֿאָן אַ נאַטוראַליסטישע שילדערונג, האָבן מיר... אין פֿישקע=פּלאַן אַפֿן נאַטוראַליסטישן שטייגער=פֿאָן אַ דערציילונג, וועלכע איז דורכוים סענטימענטאַל“ (ז. 121).

גאָר ניט באַפֿרידיקנדיק זיינען באַ מ. מיזשיריצקין די שטעלן, וואָס באַהאַנדלען די פֿראַגע וועגן די „ליטעראַרישע ווירקונגען“ אין מענדעלעס שאַפֿן. די ביכלאַל זייער האַרבע און פֿאַרפּלאָנטערטע פּראָבלעם פֿון „ליטעראַרישע ווירקונגען“, וואָס איר שטעלונג פֿאָדערט אַ באַזונדער בוילעטן מעטאָדאָלאָגישן צוגאַנג, ווערט באַ מ. מיזשיריצקין אינטערפּרעטירט אַלס אַ פֿראַגע פֿון אויסערלעכער טעקסט=קרוויוועשאַפֿט, דערביי דערגייט דאָ דער מעכאַבער אין זיינע טעקסט=פּאַראַלעלן ביז בעפּיירעשער... הומאָריסטיק. עס איז דאָך באַוווּסט, ווי פֿאַרשפּרייט עס איז אין דער אַלגעמיינער ליטעראַטור די פֿיגור פֿון אַ דערציילער, האָט מ. מיזשיריצקי ניט געקאָנט אַנדערש אויסקומען, ווי גאָר צונויפֿפּאָרן אונדזער מענדעלע מויכער=ספֿאָרים מיט גאָגאָלס „פּאַסיטשניק רודי פּאַנקאָ“![2] אין דערזעלבער מאָס איז אויך איבערצייגנדיק די פּאַראַלעל מיט דאָסטאָיעווסקיס „אָרעמע מענטשן“...[3].

מיט פֿיל מער ליטעראַרישן געשמאַק גייט צו צו דער פֿראַגע וועגן „ווירקונגען“ אין מענדעלעס שאַפֿן נ. א ו י ס ל ע נ ד ע ר אין זיין אַרטיקל „נאָטיצן וועגן מענדעלען“ („די רויטע וועלט“, 1928, נומ. 1, ז״ז 109—119), וווּ ער רעדט וועגן סאַלטיקאָוו=שטשעדרינס ווירקונג אַף מענדעלען[4]. מיט מער ליטעראַרישן געשמאַק, זאָגן מיר, אָבער פּ ר י נ צ י פּ י ע ל בלייבט נ. אויסלענדער אויך אין דיזעלבע דאַלעד=אַמעס פֿון טעקסטועלע פּאַראַלעלן. ער איז געווים גערעכט, וואָס אין מענדעלעס שאַפֿן פֿילן מיר אַן „אָרגאַנישע באַהעפֿטונג“, אַ „לעבעדיקן קאָנ=

---

[1] אין אַ געוויסן פֿראַט אַ קיצער פֿון דערדאָזיקער אַרבעט שטעלט מיט זיך פֿאָר מ. מ י ז ש י ר י צ ק י ס אַרטיקל „סטיל און נוסעד באַ מענדעלען“ („דער עמעס“, 1928, נומ. 32; איבערגעדרוקט אין „די פֿעדער“, ניו=יאָרק, 1928, מאַי—יולי, ז״ז. 58—61).

[2] עס ווערט דאָ אַפּילע „אינקרימינירט“ מענדעלען, וואָס ער האָט אַ ווייב (בעשאַס אַזאַ האָט אויך פּאַנקאָ). וועלכער ייִד האָט אָבער ניט קיין ווייב!

[3] און ניט „אָרעמעלייט“, ווי עס שרייבט מ. מיזשיריצקי. אין דעם באַשטייט טאַקע דער בילעק, וואָס דאָסטאָיעווסקי שרייבט וועגן „אָרעמע מענטשן“ (бедные люди), בעשאַס באַ מענדעלען האָבן מיר צוטאָן מיט „ייִדישע אָרעמעלייט“ (нищие).

[4] דער ערשטער, וואָס האָט אָנגערופֿן סאַלטיקאָוו=שטשעדרינס נאָמען אין צוזאַמענהאַנג מיט מענדעלעס שאַפֿן, איז געווען, ווי עס ווייזט מיר אָן כ׳ א. יודיצקי, ש. דובנאָוו=קריטיקוס (זע „וואָסכאָד“, 1893, בוך II—III. פּאַראַגראַף 50 פֿון דער 2=טער פּאַגינאַציע). פֿיל גענויער האָט אָבער געשטעלט די פֿראַגע דער העברעיִשער קריטיקער פֿייטלזאָן (מ. מ. פֿייטלזון, מ„משפּט=שלום“ אד „בימים ההם“, „השלח“, 1911; זע כרך כ״ד, חוב׳ ה׳, ז. 447). ער האַלט, אַז שטשעדרינס ווירקונג אַף מענדעלען איז ניט געגאַנגען ווייטער פֿאַר ריין=אויסערלעכע פּראָטים. פֿון אַזוינע פּראָטים באַצייכנט ער מענדעלעס „גלופּסק“, וואָס איז נאָענט צו שטשעדרינס „גלופּאָוו“, ווי אויך די „קליאַטשע“, וואָס דער מעכאַבער ויל מעקאַרעוו זיין מיט שטשעדרינס „קאָניאַגאַ“ („Коняга“). דער פֿאַרפֿאַסער פֿאַרגעסט אָבער, אַז שטשעדרינס „קאָניאַגאַ“ איז דערשינען אין דער ערשטער העלפֿט אַכציקער יאָרן, בעשאַס מענדעלעס „קליאַטשע“ איז צום ערשטן מאָל דערשינען אין 1873!

טאַקט“ מיט דער דעמאָלטיקער רוסישער ליטעראַטור, אָבער אין וואָס באַשטייט און פונוואַנען שטאַמט דידאָזיקע „אָרגאַנישקייט“ — ווערט באַ נ. אויסלענדערן ניט דעשיפּרירט. אין אַזוינע פאַלן פון „ליטעראַרישע ווירקונגען“ פלעגן די אַמאָליקע ליטעראַטור־פאָרשער ריידן וועגן „קאָנגעניאַלישקייט“, מיר דאַרפן דאָ אופדעקן די, אַזוי צו זאָגן, „קאָנסאָציאַלישקייט“...

4. אַ גאַנצע ריי אַרבעטן וועגן דער סטיליסטיק באַ מענדעלען (ווי אויך ספּעציעל וועגן מענדעלעס שפּראַך) האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם זשורנאַל פון דער קאַטעדרע פאַר ייִד. קולטור באַ דער אוקר. ווּסנש. אַקאַדעמיע „די ייִדישע שפּראַך“, וואָס האָט אַרויסגעלאָזן אַ ספּעציעלן „מענדעלע־נומער“ (1927, נומ. 7) און געגעבן אויך אין די ווייטערדיקע נומערן אייניקע אַרטיקלען אַף דערזעלבער מענדעלע־טעמע.

וועגן מענדעלעס סטיליסטיק געפינען מיר דאָ פאָלגנדיקע אַרבעטן:

1) נ. אויסלענדער, באַמערקונגען וועגן מענדעלעס סטיל (וועגן בילדערישן אויסדרוק באַ מענדעלען): „די ייִדישע שפּראַך“, 1927, נומ. 7, שפּאַלטן 3—16.

דער מעכאַבער באַהאַנדלט דאָ דעם עפּיטעט באַ מענדעלען און דעם געברויך פון אייניקע כאַראַקטעריסטישע סופיקסן: דעם פאַרקלענער־סופיקס „לע“ („לעך“) און די סופיקסן „ריי“ און „ניש“.

2) מ. ווינער, די ראָל פון די פאָלקלאָר־עלעמענטן אין מענדעלעס סטיל: דאָרט, שפּאַלטן 25—32.

דאָס איז אַ קיצער פון אַ גרעסערער אַרבעט וועגן דער ראָליע פון שפּראַך־פאָלקלאָר אין דער ייִדישער ליטעראַטור (וואָס דאַרף דערשיינען אינעם ערשטן באַנד „שריפטן“ פון דער קיעווער קאַטעדרע פאַר ייִד. קולטור), און מענדעלעס שאַפן ווערט דאָ אַריינגעגלידערט אין דעם מעכאַבערס אַלגעמיינער קאָנצעפּציע. לויט מ. ווינערס מיינונג, איז די היפּערטראָפּירטע פאָלקלאָריסטיק דאָ אַ מיטל פאַר געזעלשאַפטלעכער קריטיק. אַ זייער אינטערעסאַנטער, אָבער אין דערזעלבער צייט אויך זייער אַ באַשטרייטבאַרער אַרטיקל.

3) א. ר. צוויג, ווי איינער רעדט — באַ מענדעלען: „די ייִדישע שפּראַך“, 1928, נומ. 1—2 (8—9), שפּאַלטן 59—66.

דער מעכאַבער ברענגט דאָ ביישפּילן, ווי מענדעלע אינדיווידואַליזירט די רייד־אַרט פון באַזונדערע פּערסאָנאַזשן, און פּרוווט זיי סיסטעמאַטיזירן.

מער אופמערקזאַמקייט (וואָס איז געווים נאַטירלעך) ווידמעט „די ייִדישע שפּראַך“ דער באַהאַנדלונג פון מענדעלעס שפּראַך פונעם ספּעציעל־לינגוויסטישן שטאַנדפּונקט. מ. ווינגער רעדט „וועגן דעם סאָציאַלן אינהאַלט פון מענדעלעס שפּראַך“ („די ייִדישע שפּראַך“, 1927, נומ. 7, שפּאַלטן 15—20), ער בלייבט אָבער אַפן אויבערפלאַך פון מענדעלעס לעקסיק. א. זאַרעצקי האָט געגעבן אַן אַרטיקל „צו מענדעלעס ווערטער־סיידער (דאָס אָרט פון פערזאָנוואָרט אין זאַץ)“ (דאָרט, שפּאַלטן 19—26). נ. שטיף גיט אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג: „וועגן אייניקע זאַץ־פאַרבינדונגען באַ מענדעלען (אַ בלעטל מענדעלעס סינטאַקסיס)“ (דאָרט, שפּאַלטן 31—46), וווּ דער מעכאַבער שטרייכט אונטער די באַזונדערע ראָליע פונעם ערשטן פּאַרטיציפּ אין מענדעלעס סינטאַקסיס[1]. מיר האָבן דאָ נאָך ב. סלוצקיס אַן אַרטיקל „וועגן מענדעלע דעם איבערזעצער“ (דאָרט, שפּאַלטן 45—54)[2] און י. קוויטניס צוויי

[1] מיר וועלן דאָ פון זיך צוגעבן, אַז דער אויבנאויפיקער אַנאַליז ברענגט אונדז צום אויספיר, אַז די קאָנסטרוקציע מיטן ערשטן פּאַרטיציפּ איז אַ גאַנץ פאַרשפּרייטע דערשיינונג באַ א. מ. דיקן (אין די 60—70־ער יאָרן). עס איז קעדיי אַ טראַכט טאָן וועגן דעם אין פאַרבינדונג מיט מענדעלעס סינטאַקסיס.

[2] איינס פון די ווערק, וואָס עס באַטראַכט דאָ ב. סלוצקי, איז דער „לופטבאַלאָן“, וואָס מענדעלע האָט (בעשותפעס מיט ל. בינשטאָקן) איבערגעזעצט פון זשול ווערנען (1868). דער מעכאַבער מאַכט אַ ריכטיקע השאָרע, אַז מענדעלע האָט געהאַט צו טאָן ניט מיטן פראַנצויזישן אָריגינאַל, און ער פאַרגלייכט מענדעלעס איבערזעצונג מיט אַן אַנאָנימער רוסישער איבערזעצונג פונעם זעלבן ווערק. נאָך די רוסישע איבערזעצונג, מיט וועלכער עס אָפּערירט ב. סלוצקי, איז אַ פּיל שפּעטערדיקע אויסגאַבע (געדרוקט שוין אין XX־טן יאָרהונדערט), בעשאַס גראָד מיט עטלעכע יאָר פאַר מענדעלעס „לופטבאַלאָן“

אַרטיקלען: „סלאַוויזמען באַ מענדעלען“ (דאָרט, שפּאַלטן 53—60) און „העברעיִזמען באַ מענדעלען“ („די ייִדישע שפּראַך“, 1928, נומ. 3 (10), שפּאַלטן 21—26); ביידע קוויטנים אַרטיקלען זייגען געבויט אַפן מאַטעריאַל פון די פאַרשיידענע רעדאַקציעס פון „דער קליאַטשע“.

## III

5. מיר האָבן פריער פאַרצייכנט אַ גאַנצע ריי, גרעסערע און קלענערע, היסטאָריש־ליטעראַרישע אַרבעטן, וואָס באַרירן די אָדער אַנדערע באַזונדערע מאָמענטן אין מענדעלעס שאַפן אַף דעמדאָזיקן וועג פון באַזונדערע („מאָנאָגראַפישע“) שטודיעס וועלן מיר סאָפּקאָלסאָף קומען צו יענעם סינטעטישן באַגעם פון מענדעלעס שאַפן, צו וועלכן באַגעם עס שטרעבט אין איר ענדציל די מענדעלע־פאָרשונג. דאָס איז אַ לאַנגע און אַ שווערע אַרבעט, אָבער שוין אַצינד קאָנען אופגעבויט ווערן די איינצלנע קאָנטורן פון דערדאָזיקער קומענדיקער אַלגעמיינער מענדעלע־כאַראַקטעריסטיק. אין דער ניי־דערשינענער ליטעראַטור וועגן מענדעלען איז צו פאַרצייכענען עטלעכע פּרוּוון פון אַזאַ אַלגעמיינער כאַראַקטעריסטיק.

צום אַלעמערשטן דאַרף מען דאָ אָנרופן די „מעזיסן“ וועגן מענדעלען, וואָס זיינען געווען פאַרעפנטלעכט אין „עמעס“[2]. דאָס איז אַ פּרוּוו צו געבן אַן אַלגעמיינע סאָציאַלע אָפּשאַצונג פון מענדעלעס שאַפן. אין זייערע וויכטיקסטע שטריכן זיינען דידאָזיקע „מעזיסן“ זיך סוימער אַף מ. ליטוואַקאָווס באַקאַנטן אַרטיקל וועגן מענדעלען, וואָס גייט אַריין אין ליטוואַקאָווס ערשטן באַנד „אין אומרו“. מיר האָבן שוין געהאַט אַ געלעגנהייט צו כאַראַקטעריזירן דעמדאָזיקן אַרטיקל ליטוואַקאָווס [3]; זיין ברייטע סאָציאָלאָגישע קאָנצעפּציע פון מענדעלעס שאַפן איז די ערשטע און דערווייל אויך באַדייטנדיקסטע מאַרקסיסטישע סכעמע אין דעם פראַט[4] מע וואָלט געקאָנט פאָרוואַרפן די „מעזיסן“, וואָס זיי איגנאָרירן די פּראָבלעם פון מענדעלעס עוואָליוציע און וואָס זיי רייסן ניט איין (אין אַ געווויסער מאָס) מיט דער פאַרעלטערטער „טראַדיציע“ פון קעגנשטעלן אין מענדעלעס שאַפן דעם קינסטלער און דעם פּובליציסט.

די פולקומע אָרגאַנישקייט פון דידאָזיקע ביידע סטיכיעס („קינסטלערישער“ און „פּובליציסטישער“) באַ מענדעלען ווייסט פעסטצושטעלן י. נוסינאָוו אין זיין אַרטיקל „מענדעלע מויכער־ספאָרים“ („די רויטע וועלט“, 1928, נומ. 2—3, ז"ז 167—174; נומ 4, ז"ז 93—101), וואָס אין טאָך אַריין איז דער אַרטיקל אַ פּאָפּוליערע פאַרסאַכאַקלונג פון דעם מעכאַבערס פריערדיקע פאָרשערישע אַרבעטן. אין י. נוסינאָווס אַלגעמיינער סאָציאָלאָגישער קאָנצעפּציע איז מענדעלע דער פאָרשטייער פון „דעמאָקראַטישן מאַסקיליזם“ אין אונדזער

איז דערשינען אַ רוסישע איבערזעצונג פון זשול ווערנס ווערק. אַ שאָד, וואָס ב. סלוצקי האָט וועגן דעם ניט געוווּסט. דער פולער נאָמען פון דערדאָזיקער רוסישער איבערזעצונג איז:

Воздушное путешествіе черезъ Африку. Составленное по запискамъ доктора Фергюссона Юліемъ Вернъ. Переводъ съ французского. Изданіе Алексея Головачова Москва. 1864.

אַגעוו ווילן מיר דאָ אויך פאַרצייכענען, אַז אין „קול מבשר“ (1869, נומ. 25) געפינען מיר א. צעדערבוימס (ארז) אַ רעצענזיע וועגן מענדעלעס „לופטבאַלאָן“, וו עס ווערט געגעבן זייער אַ אינטערעסאַנטע כאַראַקטעריסטיק פון מענדעלעס שפּראַך.

1 צו דער סצעניִשער געשיכטע פון מענדעלעס ווערק וואָלט מען באַדאַרפט פאַרצייכענען מ. ליטוואַקאָווס אַרטיקל „ווידער צוויי אופירונגען („ביניאָמין האַשלישי“ און „מענאַכעם־מענדל“ אין מאָסקווער מעלוכישן אידישן טעאַטער)“, „דער עמעס“, 1928, נומ. 82 און 83 (וועגן „ביניאָמין“ אין נומ. 82).

2 מענדעלע מויכער ספאָרים (טעזיסן פאַר פאָרטרעגער צו די מענדעלע פייערונגען): „דער עמעס“, 1928, נומ. 6; איבערגעדרוקט אין מינסקער „אָקטיאַבר“, 1928, נומערן 8 און 9.

3 זע אונדזער ציטירטע אַרבעט „סאַכאַקלען פון דער מענדעלע־פאָרשונג“, שפּאַלט 520.

4 זע אויך מ. ליטוואַקאָווס אַרטיקל „מענדעלע מויכער־ספאָרים“ אין „עמעס־זשורנאַל“, 1928, נומ. 1, ז"ז 13—14.

ליטעראַטור; דער־דאָזיקער באַגריף נוויטיקט זיך געווים אין אַ ווייטערדיקער דיפערענצירונג און פאַרפינקטלעכונג.

דער גרעסטער פאַרדינסט פון מ. ווינערס אַרטיקל „פּראָבלעמען פון מענדעלעס רעאַליזם“ („די רויטע וועלט“, 1928, נום. 5, ז“ז 119—128; נום. 6, ז“ז 123—128) באַשטייט דערין, וואָס דער מעכאַבער רעווידירט דעם טראַדיציאָנעלן באַגריף פון מענדעלעס „רעאַליזם“, צענלידערנדיק אים אַף זיינע באַשטאַנד־עלעמענטן („קריטישער רעאַליזם“, „סענטימענטאַליזם“, „ראָמאַנטיזם“ א. א. וו.). מע קאָן שטרייטן מיט דעם מעכאַבערס אינטערפּרעטאַציע פון די באַזונדערע עלעמענטן, עס איז דאָ אָבער וויכטיק די שטעלונג פון דער פראַגע גופע. דעריבער מוזן מיר מאַקע מויכל זיין דעם מעכאַבער, וואָס ער דיפערענצירט ווייניק דעם באַגריף „האַס־קאָלע“, וואָס ער איז ניט גענוג געשיכטלעך (ווי ער באַצייכנט דאָס אַליין) אין זיינע אַנאַלאָגיעס מיט דער אייראָפּעישער ליטעראַטור, וואָס ער איז ביכלאַל צו אַבסטראַקט־כקירעדיק.

און אויב עס איז שוין געקומען צו רייד וועגן דער פּראָבלעם פון מענדעלעס „רעאַליזם“, דאַרפן מיר דאָ פאַרצייכענען, אַז י. דאָברושין איז אייגנטלעך געווען באַ אונדז דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעוויזן אַף דער „ראָמאַנטישער האַנדלונגס־אַטמאָספער“ אין מענדעלעס שאַפן (באַגלייך מיט די נאַטוראַליסטיש־שטייגערדיקע פּראָטים)[1].

אַ פּרווו פון אַן אַלגעמיינער כאַראַקטעריסטיק פון מענדעלעס שאַפן גיט אויך א. י. צווייג אין זיין אַרטיקל „מענדעלע מויכער־ספאָרים“ („שטערן“, מינסק, 1927, נום. 12, ז“ז 25—30 און 57). דאָ איז ריכטיק דער געדאַנק וועגן מענדעלעס עוואָליוציע, כאָטש דער מעכאַבער איז ניט געראַכט, וואָס מענדעלעס שאַפן איז „ניט איינהייטלעך“ (l. c., ז. 25). דער ערשטער פּעריאָד אין מענדעלעס שאַפן איז ריכטיק באַצייכנט אַלס אַ „שאַרף אידעאָלאָגישער פּעריאָד“, אָבער ווי קאָן מען דאָריידן וועגן אַ „קנאַפּקייט פון קינסטלערישן פאַרנעם“ (ז. 25), בעשאַס צו דעמזעלבן פּעריאָד געהערן, לויטן כעשבן פונעם מעכאַבער גופע, מענדעלעס „מאַסאָעם“? גאָר ווייניק דורכגעטראַכט איז דער לעצטער קאַפּיטל „די קינסטלערישע פאָרמען (פאָרם?) איןביידע פּעריאָדן“ (ז. 29 פלג.), וואָס ענדיקט זיך מיט אַ ניט־ריכטיק פאַרשטאַנענער און ניט־ריכטיק פאַרטייטשטער ציטאַטע פונעם רוסישן פאָרשער פּערעווערזיעוו.

פון די אויסלענדישע אויסגאַבעס האָט אַן איינגאַרטיקע פּאָזיציע בענויגייע צו מענדעלעס יאָרצייט פאַרנומען דער געלער ניו־יאָרקער „פאָרווערטס“. דער רעדאַקטאָר פון דער־דאָזיקער טרויעריק־באַרימטער צייטונג אַב. קאַהאַן איז אַן אַלטער „אָפּלייקענער“ פון מענדעלעס שאַפן, אונדז איז שוין אויסגעקומען וועגן דעם צו ריידן אין אַן אַנדער אָרט[3]. איצט, אין צוזאַמענהאַנג מיט מענדעלעס יאָרצייט, האָט אַב. קאַהאַן פירגענומען אַ מענדעלע־„רעוויזיע“ נאָר אין אַ בריימן מאָסשטאַב, צוציענדיק צום איניען אַ גאַנצע ריי „קריטיקער“ (ל. פּאָגעלמאַן, לעאָ קעניג און אַנד.) ‧ די־דאָזיקע „רעוויזיע“ האָט געזאָלט פעסטשטעלן, „וואָס איז ריכטיק און וואָס איז איבערטריבן אין דער אָפּשאַצונג פון מענדעלעס טאַלאַנט“. זייער אַ בעקאָוועדיקע

[1] זע י. דאָברושינס אַרטיקל „מענדעלעס קונסט־פאָרם (צו דער שטעלונג פון דער פראַגע)“ („דער עמעס“, 1928, נום. 21). מיר לאָזן איבער אַף דעם מעכאַבערס אַכראַיעס די אינטערפּרעטאַציע פון דער ריכטיק קאָנסטאַטירטער דערשיינונג.

2 ריידנדיק וועגן די אַלגעמיינע מענדעלע־אַרטיקלען, וועלן מיר דערמאָנען נאָך ב. רובשטיינס אַרטיקל „די אידישע עקאָנאָמיק אין מענדעלעס עפּאָכע און איר אָפּשפּיגלונג אין זיינע ווערק“ („דער אָרעמער אַרבעטער“, 1928, נום. 13, ז“ז 4—7), ווו דער לייענער וועט געפינען אייניקע אינטערעסאַנטע סטאַטיסטישע ציפערן.

3 זע אונדזער ציטירטע אַרבעט „סאַכאַקלען פון דער מענדעלע־פאָרשונג“ אין מינסקער „צייטשריפט“, באַנד II—III, שפּאַלט 521.

4 ל. פּאָגעלמאַן, דער פּלאַץ וואָס „מענדעלע מוכר ספרים“ פאַרנעמט אין דער אידישער ליטעראַטור: „פאָרווערטס“, 1928, נום. פון 26 פעברואַר. — לעאָ קעניג, מענדעלע מוכר ספרים: דאָרט, נומער פון 4 מאַרט ש. — רעדאַקציאָנעלע באַמערקונגען צו דער מענדעלע־„דיסקוסיע“ זע „ליטעראַרישע נאָטיצען“, נומער פון 11 מאַרטש. דערמיט האָט זיך די „פאָרווערטס“־„אַטאַקע“ קעגן מענדעלען ניט געענדיקט, און אין אַ צייט אַרום האָט זיך די צייטונג אומגעקערט צו דער טעמע.

אופגאַבע, אָבער אַף די שפּאַלטן פֿונעם „פֿאָרווערטס“ באַקומט זי ביז גאָר אַ ספּעציפֿישע ווענדונג: דאָס איז יענע אַלגעמיינע ספּעציפֿישקייט פֿונעם „פֿאָרווערטס“, וואָס לאָזט זיך הערן מייל=ווייט... ש. ניגער (און דאַסמאָל וועלן מיר אים געווים גלויבן) באַצייכנט די „אַנטי-מענדעלעשע“ אַרויסטרעטונגען פֿונעם „פֿאָרווערטס“ אַלס „געלע קריטיק“[1].

IV

6. פֿון דער מעמואַרן=ליטעראַטור וועגן מענדעלען, וואָס איז לעצטנס דערשינען, וועלן מיר פֿריער פֿאַר אַלץ אָנרופֿן דאָס ביכל: „ג. אַבראַמאָוויטש און אַל. דאָברין=אַבראַמאָוויטש, דער זיידע צווישן אייגענע און פֿרעמדע, זכרונות פֿון מענדעלעס טעכטער“, פֿאַרלאַג „קולטור=ליגע“, וואַרשע, 1928, 8⁰, ז' [2] + III+[1] + 61 + [2] + 4 באַזונדערע בילדער[2]. אין אַלגעמיין טראָגן אַריין די זיכרוינעס גאַנץ ווייניק אין אונדזער וויסן וועגן מענדעלען, זיי כאַזערן איבער שוין באַקאַנטע זאַכן אָדער ריידן וועגן קלייניקייטן. אינטערעסאַנט זיינען דאָ בלויז צוויי בריוו מענדעלעס צום פּראָפֿעסאָר בעזסאָנאָוו, וואָס זיינען אָפּגעדרוקט פֿון פֿאַרבליבענע קאָפּיעס (די בריוו זיינען דאָ געגעבן אין אַ יידישער איבערזעצונג). די דאָזיקע בריוו מענדעלעס (אין איינעם פֿון זיי האַנדלט זיך וועגן מענדעלעס אַ פּראָיעקט אַרויסצוגעבן אַ יידישע צייטונג) האָבן אַ וויכטיקע געזעלשאַפֿטלעכע באַדייטונג. צום ביכל איז צוגעגעבן אַ האַקדאָמע מיט אַ פּאָר הערות פֿון מ. ווײַנרייך. אַ שאָד, וואָס מ. ווײַנרייך האָט זיך באַגרענעצט מיט דידאָזיקע עטלעכע הערות, וואָס טראָגן אַ צופֿעליקן כאַראַקטער.

עס האָבן זיך באַוויזן נאָך אַ גאַנצע ריי מעמואַרן=אַרטיקלען וועגן מענדעלען (פֿון ראַוואַניצקי, שניאור, טשערניכאָווסקי און אַנד.), אָבער אין אַלגעמיין טראָגן זיי אויך נישט אַריין קיינע באַזונדערע נייס. צוליב דער גרויס זייערער (און בלויז צוליב דער גרויס) מוזן מיר פֿאַרצייכענען בן=עמי'ס נייע זיכרוינעס וועגן מענדעלען: „רבי מנדלי מוכר ספרים (למלאת עשר שנים למותו), זכרונות“ („התקופה“, ספר עשרים וארבעה, ברלין, תרפ“ח, ע' 461—486); מענדעלעס געשטאַלט ווערט דאָ דערטרונקען אין דעם מעכאַבערס נאַציאָנאַליסטישער שעמענזאַיעסדיקייט. אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער“ איז געווען פֿאַרעפֿנטלעכט י. דינעזאָנס אַ נישט=באַקאַנטער אַרטיקל וועגן מענדעלען[3]; דאָס זיינען אָבער זיכרוינעס נישט וועגן מענדעלען, נאָר וועגן דעם מעכאַבער גופֿע — איז דער אַרטיקל אינטערעסאַנט אַלס אַ בלעטל געשיכטע פֿון מענדעלעס צייט=כאַווײַרים, פֿון מענדעלעס לייענער.

זייער אַן אינטערעסאַנטע דעטאַל צו מענדעלעס ביאָגראַפֿיע געפֿינען מיר אין די זיכרוינעס פֿון אַלחנן קלמנסאָן „די ערשטע סאָציאַליסטן אַף דער אידישער גאַס (פֿון מיינע זכרונות), יהושע מרדכי ליפשיץ“ („די אידישע שטימע“, קאָוונע, 1927, נומ. 2412 פֿלג.; גלייכצייטיק האָבן זיך די זיכרוינעס געדרוקט אויך אין ריגער „פֿרימאָרגן“). דער מעכאַבער דערציילט דאָ וועגן דער ערשטער סאָציאַליסטישער פּראָקלאַמאַציע אין יידיש; מענדעלע זאָל האָבן געהאַט צו איר אַ נאָענטע שייכעס (זע אין די זיכרוינעס דאָס קאַפּיטעלע 7). די גאַנצע מייסע מיט דער פּראָקלאַמאַציע דאַרף מען שטרענג דורכקאָנטראָלירן, ביפֿראַט אַז קאַלמענסאָן

[1] ש. ניגער, געלע קריטיק: „דער טאָג“, ניו=יאָרק, 1928, נומ. פֿון 11=טן מערץ. (איבערגעדרוקט אין „די פֿעדער“, ניו=יאָרק, 1928, מאַי—יולי, ז“ז 78—81). — קעגן דער מענדעלע=„רעוויזיע“ (און אַנדערע פּרזוון פֿון ענלעכע „רעוויזיעס“) איז אויך געווענדעט ד“ר יעקב שאַצקיס אַרטיקל „ליטעראַרישע טראַדיציעס און רעוויזיעס“ („פֿרייע אַרבייטער שטימע“, ניו=יאָרק, 1928, נומ. פֿון 20 אַפּריל), ווו דער מעכאַבער שטעלט אַקעגן דידאָזיקע „רעוויזיעס“ די ערנסטע פֿאָרשונגס=אַרבעט אַפֿן געביט פֿון יידישער ליטעראַטור=געשיכטע, וואָס ווערט געטאָן אין ראַטנפֿאַרבאַנד. — אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מענדעלע=„רעוויזיע“ איז אויך אָנגעשריבן דוד פּינסקיס אינטערעסאַנטע קריטישע נאָטיץ „באַמערקונגען. די שפּראַך פֿון מענדעלע מוכר ספרים“ („דער אויפֿקום“, ניו=יאָרק, 1928, נומ. 4, ז“ז 11—13).

[2] דידאָזיקע זיכרוינעס פֿון מענדעלעס טעכטער האָבן זיך מיט קיצורים געדרוקט אין כאַרקאָווער „שטערן“, 1927, נומער פֿון 21 דעקאַבער און פֿאָלגנדיקע.

[3] פֿון יעקב דינעזאָנס איבערגעבליבענע כתבים. שלום יעקב אַבראַמאָוויטש און מענדעלע מוכר ספרים. (צו יעקב דינעזאָנס אַכטן יאָרצייט): „ליטעראַרישע בלעטער“, 1927, נומ. 36 פֿלג. דער אַרטיקל איז איבערגעדרוקט אין מענדעלעס „אַלע ווערק“, ב. XXII, ז. 79 פֿלג.

האָט איבערגעפּלאָנטערט אַלע דאַטעס [1]; נאָר עס בלייבט דער עצעם-פאַקט פון מענדעלעס נאָענטקייט אויב נישט צו סאָציאַליסטישע טוּנגען, איז יעדנפאַלס צו סאָציאַליסטישע שטימונגען פון יענער צייט.

דאָס ווערט באַשטעטיקט דורך דאָקומענטירטע ידיעות, וואָס זיינען לעצטנס געפונען געוואָרן אין א. ליבערמאַנס אַרכיוו. דידאָזיקע ידיעות באַשטעטיקן מענדעלעס גרויסן אינטערעס (צווייטע העלפט זיבעציקער יאָרן) צו א. ליבערמאַנס אַקציע און אויך אַ געוויסע רעאַלע נאָענטקייט צו דער גרופּע ליבערמאַנס מיטאַרבעטער. ד"ר מיכל בערקאָוויטש, וואָס אין זיין רעשום געפינט זיך א. ליבערמאַנס אַרכיוו, ציטירט אין זיין לעצטן אַרטיקל [2] קאַמיאָנסקיס אַ בריוו צו ליבערמאַנען, ווו עס ווערט געזאָגט: „דער פּראָספּעקט (וועגן ליבערמאַנס „האמת") האָט אַף (מענדעלען)... געמאַכט אַ שטאַרקן רוישעם... ער זאָגט, אַז זיינע אָנזיכטן זיינען דיזעלבע ווי די פונעם פּראָספּעקט. אויך דעם „קול לעם" [3] ... , זאָגט ער, וועל איך פירן אַף רעמדאָזיקן וועג פון „אמת", אָבער נאָר אַף אַ לעגאַלן אויפן"... און עטוואָס שפּעטער שרייבט ווידער קאַמיאָנסקי , אַז ער האָפט אַף מענדעלעס מיטאַרבעט אין „האמת", „כאָטש דער (מענדעלע) באַהויפּטעט אַקשאָנעסדיק [4], אַז פאַרן פאָלק מוז מען שרייבן יִדיש און נישט העברעיִש". דידאָזיקע דאָקומענטירטע גוויעס-איידעס [5] אינעם קאָנטעקסט מיט אונדזערע פריערדיקע ידיעות וועגן מענדעלעס פּרוּוו אַריינצוטרעטן אין דער רעדאַקציע פון ראָדקינזאָנס „קול לעם" וואַרפט נאָר אַ נייעם שיין אַף אַ גאַנצן פּעריאָד אין מענדעלעס ביאָגראַפיע (די זיבעציקער יאָרן, זשיטאָמיר).

כוץ די אָנגערופענע מעמואַרן-אַרטיקלען און אַנדערע ביאָגראַפישע מאַטעריאַלן זיינען צו מענדעלעס יאָרצייט דערשינען אויך מענדעלעס עטלעכע פּאָפּולערע ביאָגראַפיעס. ש. ניגער האָט פאַרעפנטלעכט אַ ביכל: „צום צענטן יאָרצייט נאָך מענדעלי מוכר ספרים (שלום יעקב אַבראַמאָוויטש), אַ קורצע באַשרייבונג פון מענדעלים לעבן", אַרויסגעגעבן פון י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין, ניו-יאָרק, $8_0$,1928 ז 63. דאָס ביכל איז געשריבן אין דעם געוויינטלעכן פאַר ניגערן יִדישלעכן טאָן, אָבער עס איז דאָ אויסגענוצט דער וויכטיקסטער פאַקטישער מאַטעריאַל פון מענדעלעס לעבנסוועג. אַ געלונגענער פּרוּוו פון מענדעלעס אַ פּאָפּולערער ביאָגראַפיע איז א. אבטשוקס ביכל: „מענדעלע מויכער ספאָרים (ש. י. אַבראַמאָוויטש), זיין לעבן און זיינע ווערק", פּאָפּולערע אויסגאַבע אונטער דער רעדאַקציע פון נ. אויסלענדער, „קולטור-ליגע",

---

1 ער דערציילט, אַז די מייסע איז פאָרגעקומען אָנהויב אַכציקער יאָרן; ער פאַרגעסט, אַז צו יענער צייט איז שוין י. מ. ליפשיץ ניט געווען צווישן די לעבעדיקע (געשטאָרבן 1878). אין 1881 פאָרט מענדעלע אַריבער אין אָדעס און צערייסט זיין דירעקטע פאַרבינדונג מיט זשיטאָמיר. עס איז ביכלאַל ניט צו גלויבן, אַז דער איניען מיט דער פּראָקלאַמאַציע זאָל האָבן געשען אין די אַכציקער יאָרן, ווען נאָך די יִדישע פּאָגראָמען און אַלגעמיינער רעאַקציע האָבן די „סאָציאַליסטן", וועגן וועלכע עס האַנדלט זיך דאָ (יעהאלעל און אַנד), זיך צוריקגעצויגן פון זייער „סאָציאַליזם".

2 ד"ר מיכל בערקאָוויטש, צוריק מיט פינפציג יאָהר, אהרן ליבערמאַן און זיין „האמת": „היינט — יובילײ בוך, 1908—1928", זע ז. 195. אייניקע ידיעות וועגן מענדעלעס באַציִונגען צו ליבערמאַנס גרופּע געפינען מיר אויך באַם זעלבן ד"ר מיכל ברקוביץ, ממערכת האמת, חומר לתולדות התנועה הסוציאלית העברית: „דבר", מוסף, תרפ"ת, כו (כרך ג).

3 מענדעלע האָט זיך געקליבן נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין ראָדקינזאָנס „קול לעם" און האָט שוין אַפילו פאַרעפנטלעכט וועגן דעם אַ הוידאָע „צו אונזערע יודען!", מענדעלע האָט זיך אָבער אינגיכן אָפּגעזאָגט פון דעמדאָזיקן פּלאַן. זע ש. ל. ציטראָן, די געשיכטע פון דער יִדישער פּרעסע, I, ווילנע, 1923, ז. 102 פלג.

4 ווי כאַראַקטעריסטיש איז דאָ מענדעלעס אַקשאָנעסדיקײט!

5 כ׳ נ. שטיף מאַכט מיך אויפמערקזאַם דערויף, אַז אין ליבערמאַנס קאָרעספּאָנדענץ געפינען מיר יעהאַלעלס אַ בריוו, ווו עס ווערט גערעדט וועגן מענדעלען אין נעגאַטיווע טענער; דאָס פּרעגט אָבער ניט אָפּ די געבראַכטע פאַקטן, ווי אויך אונדזער פאַרזיכטיקן אויספיר וועגן מענדעלעס אַ געוויסער נאָענטקייט בלויז צו סאָציאַליסטישע „שטימונגען".

קיעוו, 1927, $8_0$, ז' 47 [1]. מיט אויפֿמערקזאַמקייט איז צונויפֿגעשטעלט די ביאָגראַפֿישע „קאַנווע“ פֿון מענדעלעס לעבן אין מ. האָדערס אַרטיקל „מענדעלע אין שול“, געדרוקט אין מינסקער „אָקטיאַבר“ [2].

7. אין געביט פֿון מענדעלעס טעקסט קאָנען מיר פֿאַרצייכענען אַ „נייע פֿאַרבעסערטע אויסגאַבע“ פֿון „אַלע ווערק“ מענדעלעס אין 22 בענד, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער פֿאַרלאַג „מענדעלע“ (וואַרשא, 1928). מיר האָבן דאָ אייגנטלעך דעמזעלבן אַמאָליקן טעקסט מענדעלעס, געדרוקט פֿון די אַלטע מאַטריצן, און די „נייס“ באַשטייען דאָ אין אָט וואָס: עס איז איבערגרופּירט דער מאַטעריאַל, אין יעדן באַנד גייט אין אָנהייב אַ קליינע האַקדאָמע (מיט ביאָ=ביבליאָגראַפֿישע דאַטעס און קליינע אויסצוגן פֿון דער באַטרעפֿנדיקער קריטיק), און עס זיינען צוגעגעבן צוויי נייע בענד (XXI און XXII), וווּ עס זיינען צונויפֿגענומען פֿאַרשיידענע טעמאַרן־אַרטיקלען און קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן מענדעלען [3]. די מענדעלע=אויסגאַבע איז געוואָרן עטוואָס „לייטישער“, אָבער צו דער דערוואַרטער אויסגאַבע פֿון מענדעלעס טעקסט, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן די מינימאַלע פֿאָדערונגען אין געביט פֿון אַרויסגעבן די ווערק פֿון אונדזערע קלאַסיקער, זיינען מיר ניט צוגעקומען נעענטער אַפֿילע אויף אַ טראָט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט מענדעלעס צענטן יאָרצייט האָבן די אָדעסער כאַווײרים געמאַכט דעם ערשטן פּרוּוו צו פֿאַרעפֿנטלעכן באַזונדערע אויסצוגן פֿון מענדעלעס איבערגעבליבענער ליטעראַרישער ירושע, וואָס איז קאָנצענטרירט אין דעם אַזוינגערופֿענעם „מענדעלע=אַרכיוו“ (געפֿינט זיך אינעם אַלאוקראַינישן מוזיי פֿאַר יידישער קולטור אויף מענדעלעס נאָמען אין אָדעס). דערווייל זיינען אָפּגעדרוקט (אין „דער אָדעסער אַרבעטער“, 1928, נומ. 13) בלויז געציילטע זייטלעך — צוויי „בריוו“: איינער „פֿון מענדעלי מוכר ספרים מק“ק טונעיאַדאָווקע צו ר' סענדערין בק“ק באַלטונעווא“, און דער צווייטער פֿון רעב סענדערן צו מענדעלען („פֿון מענדעלעס אַרכיוו“, ז“ז 11—13). אין דעמזעלבן נומער „אָדעסער אַרבעטער“ איז אויך געבראַכט אין פֿאַקסימיליע אַ זייטל פֿון מענדעלעס אַ קסאַוויאַד „כמנהג יוד“, אַ פֿריזיקער וואַריאַנט פֿונעם „פּריזיוו“ (ז. 10). איבער מענדעלעס מאַנוסקריפּטן האָט מען ביז איצט נאָך קימאַט ווי ניט געאַרבעט, מע דאַרף אָנהייבן אין דעם פֿראַט אַ סיסטעמאַטישע פֿאָרשונג [4].

רייִדנדיק וועגן מענדעלעס טעקסט, דאַרפֿן מיר אויך פֿאַרצייכענען די נייע פּובליקאַציעס פֿון זיינע בריוו. וועגן צוויי זיינע אינטערעסאַנטע בריוו צום פּראָפֿעסאָר בעזסאָנאָוו, וואָס זיינען געבראַכט אין די זיכרוינעס פֿון מענדעלעס טעכטער, האָבן מיר שוין דערציילט. אין דער קיעווער „יידישער שפּראַך“ (1927, נומ. 7, שפּאַלטן 1—2) איז אָפּגעדרוקט מענדעלעס אַ בריוו צו שאָלעם=אַלייכעמען [5]. „אַ פּעקל בריוו פֿון מענדעלע מוכר ספרים“ (נייען בריוו צו ש. דובנאָוון,

---

[1] א. אַבטשוקס ביכל איז אין אַ געקירצטער פֿאָרם דערשינען אויך אין אוקראַיניש:
А. Абчук. Менделе Мойхер Сфорім (Ш. Я. Абрамович), його життя і творчість, Державне Видавництво України, (Харків), 1928, $16^0$, стор. 47.

אַ געכויע אָפּשאַצונג האָבן מיר געגעבן א. אַבטשוקס ביכל וועגן מענדעלען אין אונדזער ציטירטן אַרטיקל „אונדזער מענדעלע=ליטעראַטור“ אין „עמעס“, 1928, נום. 120.

[2] מ. האָדערס אַרטיקל איז געווען געדרוקט אין „אָקטיאַבר“, 1927, נומערן 244, 277, 297 און 1928, נום. 10. דער „ביאָגראַפֿישער“ טייל גייט אין די נומערן 277 און 297.

[3] באַנד XXI: מעשיות וועגן מענדעלען, אויפֿגעקליבן דורך נחמן מייזיל.
באַנד XXII: דער מענדעלע טורעם (?!), אויפֿגעקליבן דורך נחמן מייזיל.

[4] אייניקע באַמערקונגען וועגן מענדעלעס קסאַוויאַדן געפֿינען מיר אין א. וואָראָבייטשיקס אַרטיקל „פֿון דעם זיידנס שפּראַך=לאַבאָראַטאָריע“ („דער אָדעסער אַרבעטער“, 1928, נום. 13, ז“ז 5—8), כאָטש דעריקער רעדט דאָ דער מעכאַבער וועגן שפּראַכלעכע שינויִים אין מענדעלעס געדרוקטע וואַריאַנטן (פֿון „קליאַטשע“).

[5] דער בריוו איז איינער פֿון אַ גאַנצער סעריע מענדעלעס בריוו צו ש.=אַלייכעמען, וואָס דאַרף דערשיינען אינעם ערשטן באַנד „שריפֿטן“ פֿון דער קאַטעדרע פֿאַר ייִד. קולטור באַ דער אוקר. וויסנש. אַקאַדעמיע.

אין אַ ייִדישער איבערזעצונג פון העברעיִש און רוסיש) האָט פאַרעפנטלעכט נחמן מייזיל אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער“ (1927, נום 50, ז“ז 979—980; נום. 51, ז“ז 1012—1013), און איין בריוו מענדעלעס צו דער רעדאַקציע פון „פריינד“ איז געבראַכט אין מינסקער „צייטשריפט“, באַנד II—III, שפּאַלטן 483—484. אַן אויסצוג פון מענדעלעס אַ בריוו צו ש. ניגערן געפינען מיר אין ש. ניגערס פריער דערמאָנטער מענדעלע-ביאָגראַפיע (דערשינען 1928), ז. 61.

צום סאָף פון אונדזער איבערזיכט ווילן מיר אָנרופן די נייסטע ביבליאָגראַפישע אַרבעטן וועגן מענדעלען. אונדזער גרעסערע אַרבעט „סאַכאַקלען פון דער מענדעלע-פאָרשונג“ („צייטשריפט“, באַנד II—III, מינסק, 1928, שפּאַלטן 485—524) שטעלט מיט זיך פאָר אַ סיסטעמאַטישן איבערבליק פון די וויכטיקסטע מאַטעריאַלן אין אַלע געביטן פון דער מענדעלע-פאָרשונג. אַ ביבליאָגראַפישע רעשימע פון די נייסטע מענדעלע-אַרבעטן (וואָס זיינען דערשינען אין צוזאַמענהאַנג מיט מענדעלעס צענטן יאָרצייט) גיט י. אַנילאָוויטש[1]; די דאָזיקע רעשימע פאַרצייכנט בלויז די מענדעלע-ליטעראַטור אין ייִדיש, און זי באַשטייט פון צוויי טיילן: אַ. ביכער, בראָשורן און איינטאָגבלעטער (13 נומערן) און ב. אַרטיקלען אין פּעריאָדישע אויסגאַבן (138 נומערן). אין ה. ווילטשינסקיס אַרטיקל „ייִדיש-פּוילישע איבערזעצונגען“ („ביכער-וועלט“, 1928, נום. 4 פלג) איז דער גאַנצער ערשטער קאַפּיטל („1. מענדעלע מוכר ספרים אויף פּויליש“, „ביכער-וועלט“, 1928, נום. 4, ז“ז 8—16) געווידמעט דער געשיכטע פון די פּוילישע איבערזעצונגען פון מענדעלעס ווערק[2]. ענדלעך ווילן מיר פאַרצייכענען, אַז א. ר. מלאכי, דער מעכאַבער פון דער געוויסנהאַפטער העברעיִשער מענדעלע-ביבליאָגראַפיע[3], האָט פאַרטיק געמאַכט צום דרוק דעם צווייטן טייל פון דער דאָזיקער ביבליאָגראַפיע, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט מענדעלעס העברעיִשע ווערק פון יאָר תרמ“ז ביז מענדעלעס טויט (זע א. ר. מלאכי׳ס נאָטיץ אין ניו-יאָרקער „הדאר“, 1928, נום. 18, ז. 283)[4].

9 יאַנוואַר 1929

P. S. שוין נאָכדעם, ווי מיין אַרטיקל איז געווען אָנגעשריבן און אויסגעזעצט, איז דערשינען אַ גאַנצע ריי נייע מאַטעריאַלן און אַרבעטן, וואָס האָבן אַ וויכטיקן באַדייט פאַר דער מענדעלע-פאָרשונג.

פאַר דער צייט איז, ערשטנס, דערשינען דער ערשטער באַנד „שריפטן“ פון דער קאַטעדרע פאַר ייִדישער קולטור באַ דער אַלוקראַאינישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, ליטעראַרישע און פילאָלאָגישע סעקציעס (קיעוו, 1928); מיר האָבן דאָ אַ גרויסע (63 נומערן) און זייער ווערטפולע אין ביאָגראַפישן און ליטעראַריש-געשיכטלעכן פּראַט קאָלעקציע „מענדעלע מוכר-ספרימס בריוו“ (ז“ז 219—298) מיט נ. שטיפס געניויע און זאָרגזאַם צונויפגעשטעלטע אָנמערקונגען, ווי אויך צוויי אַרבעטן, ספּעציעל געווידמעטע מענדעלען: 1) א. גורשטיין, דער יונגער מענדעלע אין קאָנטעקסט פון די 60-ער יאָרן (שטריכן) (ז“ז 180—198), 2) י. נוסינאָוו, די ערשטע אויסגאַבע פון „ווינטשפינגערל“ (ז“ז 199—219). כוץ דעם, באַשעפטיקן זיך דאָ (אין דער אָדער יענער מאָס) מיט מענדעלעס שאַפן מ. ווינער („די ראָל פון שפּראַך-פאָלקלאָר אין דער ייִדישער ליטעראַטור“) און נ. אויסלענדער („דער יונגער שאָלעם-אַליכעם און זיין ראָמאַן „סטעמפּעניו“).

[1] י. אַנילאָוויטש, נייע מענדעלע-ליטעראַטור, רשימה פון ביכער און אַרטיקלען, וואָס זענען געווען געדרוקט צו מענדעלעס צענטן יאָרצייט: „ביכער-וועלט“, וואַרשע, 1928, נום. 5, ז“ז 29—33, נום. 7, ז“ז 38—41.

[2] אַ אינטערעסאַנטע ביבליאָגראַפישע דעטאַל (אין צוזאַמענהאַנג מיט ה. ווילטשינסקיס אָנגערופענעם אַרטיקל) ברענגט פּ. קאָן, ווי אַזוי האָט יונאַשאַ איבערגעזעצט מענדעלען אין פּויליש?: „ביכער-וועלט“, 1928, נום. 7, ז“ז 36—38.

[3] זע וועגן איר אונדזערע „סאַכאַקלען פון דער מענדעלע-פאָרשונג“, שפּאַלטן 487—488.

[4] איך האַלט פאַר אַן אָנגענעמען כויוו אויסדריקן מיין דאַנקבאַרקייט דעם כ׳ ש. ניעפּאָמניאַשטשי, וואָס אַדאַנק אים האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט זיך באַקאָנען מיט דער נייסטער אויסלענדישער ליטעראַטור וועגן מענדעלען.

צוויי אַרבעטן ספּעציעל וועגן מענדעלען געפינען מיר אויך אין די „שריפטן פון ווייסרוסישן מעלוכע־אוניווערסיטעט, ייִדישע סעקציע פון פּעדאַגאָגישן פאקולטעט“, ערשטער בוך (מינסק, 1929). דאָס זיינען: 1) י. גאָלדבערג, דער וועג־ראָמאַן און דער אינטימער סטיל, וועגן „פישקע דעם קרומען“ (ז“ז 45—60), 2) מ. ווינגער, לינגוויסטישע קוועלעס פון מענדעלעס שפּראַך (ז“ז 68—76).

צום באַדויערן, זיינען מיר געצוווּנגען בלויז צו פאַרעגיסטרירן די אַלע אַרבעטן און זייער אָפּשאַצונג אָפּלייגן ביז אַן אַנדער געלעגנהייט.

מיר וועלן דאָ פאַרצייכענען אויך משה שאליטס אַרטיקל „שלום־יעקב אַבראַמאָוויטש און יצחק־יואל לינעצקי און זייערע קאַלענדאַרן“ („די ייִדישע וועלט“, וואַרשע, 1928, בוך IX; מענדעלען איז געווידמעט דער ערשטער קאַפּיטל, ז“ז 441—454), וואָס אַנטהאַלט אַ גענויע ביבליאָגראַפישע באַשרייבונג פון מענדעלעס „קאַלענדאַרן און לוכעס“. אין דעם אַמעריקאַנער „פּנקס“, באַנד 1, העפט 3 (ניו־יאָרק, 1928, ז“ז 272—273) געפינען מיר משה שטאַרקמאַנס אַ מיטיילונג „מענדעלעס באַגריסונג צום יוביליי פון „טאַגעבלאַט““, ווו עס ווערט איבערגעדרוקט n extenso דער טעקסט פון מענדעלעס באַגריסונג פון „ייִדישעס טאַגעבלאַט“, נומער פונעם 20־טן מערץ 1910.

א. זאַרעצקי

# צו מעטאָדאָלאָגיע פון גראַמאַטיק

בא צוויי גרונט-אידייען האַלט איך זיך אין מיין ארבעט איבער דער סיסטעם פון יִדישער גראַמאַטיק. ערשטנס, סטאַטישע („סינכראָנישע“) גראַמאַטיק פון אַ שפּראַך דאַרף אין אידעאַל פאָרשטעלן אַ זאַמלונג פאָרמעס פון דער שפּראַך (פאָרמאַלע סימאָנים און פאָרמאַלע באַטייטן), צעשטעלט אין אַ באַקוועמען סיידער און געבראַכט, אַף וויפל ס'איז מעגלעך, אין קעגנזייטיקן צוזאַמענהאַנג. זי דאַרף זיין אַבסאָליוט אומאָפּהענגיק פון דער געשיכטע פון דער שפּראַך*. זי דאַרף, מיט אירע רובריקעס און טערמינען, געבן אַ מעגלעכקייט יעדערן באַשרייבן זיין אייגענע שפּראַך-אופאַסונג (ניט אָנהענגען אַלעמען איין אופאַסונג**. צווייטנס, קעדיי אויס צומיידן סכאָלאַסטישע וויקוכים, דאַרף מען שטרענג אונטערשיידן דעפיניציעס פון פאַקטן, דערוויזנס און ניט-דערוויזנס. מע דאַרף אָפּערירן נאָר מיט אַזעלכע באַגריפן, וואָס זיינען אָדער דעפינירט אָדער ס'איז בעפיירעש געזאָגט, אַז זיי ווערן, אַלס פרימיטיווע, ניט דעפינירט***, און נאָר מיט אַזעלכע האַנאָכעס, וואָס זיינען אָדער דעדוקטיוו דערוויזן אָדער באַקומען געוואָרן עמפּיריש. מיט איין וואָרט — מע דאַרף אָנווענדן דעם מאַטעמאַטישן מעטאָד. די כאַמעמאַטישע סימבאָלק (ריכטיקער — די פּרינציפּן פון דער מאַטעמאַטישער סימבאָליק) קען אויך צונוץ קומען פאַר גראַמאַטיק.

אַ גראַמאַטישע סיסטעם, געבויט לויטן מאַטעמאַטישן מעטאָד און מיט אַ מאַטעמאַטיק-אַרטיקער סימבאָליק, רוף איך „אַלגעברע פון שפּראַך“.

די סיסטעם איז נאָך בא מיר ניט פאַרטיק און אַפילע נאָך ענדגילטיק ניט אויסגעפּלאַנירט. דאָך האַלט איך פאַר נוציק צו פּובליקירן אַ טייל פון דער שוואַרצער אַרבעט: עפּשער וועט עס פאַרינטערעסירן אַנדערע אויך. די אַרבעט צו ס י ס ט ע מ אַ ט י ז י ר ן יִדישע גראַמאַטיק איז, אין קעגנזאַץ צום ז אַ מ ל ע ן גראַמאַטישע מאַטעריאַלן, אַ גאַנץ נייע, און יִדישע שפּראַכלער איז פאַראַן ווייניק — מיין איך, אַז מע דאַרף ניט וואַרטן מיט דער פּובליקירונג פון אַ פונדאַמענטאַלער אַרבעט, ביז זי וועט פאַרענדיקט ווערן.

כ' גיב דאָ ניט קיין שטרענגע דעפיניציעס און דעדוקציעס. דאָ איז דערווייל נאָר סכעמעס, ספּייקעס, זוכעניש. אָבער זוכעניש אין אַ באַשטימטער ריכטונג.

---

* זאָל מען דאָס ניט אויסטייטשן אַלס לייקענונג אין דער נייטיקייט פון געשיכטלעכער גראַמאַטיק. אַדרעבע, טאַקע פאַר דער געשיכטלעכער גראַמאַטיק גופע איז נייטיק קוידעמקאָל אַ סכעמע פון אַ באַשרייביקער גראַמאַטיק.

** אָט איז אַ ביישפּיל פון מעגלעכער סוביעקטיווער אופאַסונג פון דער גראַמאַטישער זייט אין דער שפּראַך. „די צוויי קלויסטערשפּיצן מיט דער שול-יאַרמעלקע האָבן געשטעקט העכער די דעכער“ (בערגלסאָן). דאָ קאָן איינער אופנעמען „העכער“ פאַר אַן אַדווערב (מיט עליפּסיס פון דער פּרעפּאָזיציע), און אַ צווייטער — פאַר אַ פּרעפּאָזיציע, יעדערער לויט זיינע שפּראַכלעכע אַסאָציאַציעס.

*** איין באַגריף ווערט דעפינירט דורך אַ צווייטן, הייסט עס, ס'מוזן זיין אומדעפינירלעכע באַגריפן אויך.

דער לייענער, וואָס איז אין קורס פון דעם רוסישן און מייריעוו-אייראָפּעישן גראַמאַ-טישן געדאַנק, וועט דאָ טרעפן באַקאַנטע אידייען און פאָרמולירונגען. אָנווייזן אַף ביכער און נעמען האַלט איך אין אַזאַ שוואַרצער אַרבעט פאַר איבעריק*.

דעם לייענער, וואָס איז באַקאַנט מיט דער מאַטעמאַטישער ליטעראַטור, וועט די שפּראַך-אַלגעברע דערמאָנען אָן „קריטיק פון יעסוידעס".

אין דערדאָזיקער אַרבעט פאַרנעם איך זיך מיט איין פראַגע פון גראַמאַטיק: דעפי-ניציע פון פאָרמע (און אין שייכעס דערמיט — איינטיילונג פון גראַמאַטיק). אין דער שפּראַך-אַלגעברע דאַרף עס נ י ט זיין דער ערשטער קאַפּיטל.

אַז מיר טרעטן צו צו דערלערנען די שפּראַך און זאָגן זיך אָפּ פון אַלע יעדיעס, וואָס האָבן אין רעזולטאַט פון די ביזאַהעריקע דערלערנונגען (און דאָס מוז מען, אויב מע וויל זיכער זיין אין דער וויסנשאַפטלעכער שטרענגקייט פון דער סיסטעם, וואָס מע גייט בויען) — דערשיינט פאַר אונדז די שפּראַך אַלס כאַאָס, אַלס מערפאַכער כאַאָס פון קלאַנגען, ווערטער, פראַזעס, פאָרמעס, באַציונגען א. א. וו. דער ערשטער שריט, וואָס דאַרף געמאַכט ווערן, איז — לאָקאַליזאַציע פון די באַטייטן, ד. ה. פעסטשטעלן אַ פאַרבינדונג פון געוויסע קלאַנגען-אָפּשניטן פון אונדזער רייד מיט געוויסע באַטייט-קאָמפּלעקסן. דידאָזיקע ר י י ד-ג ל י ד ע ר ו נ ג וועט ברענגען צום באַגריף מ אָ ר פ ע מ ע אָדער וו אָ ר ט (אָדער אַן אַנדערן ענלעכן). אין דעם אַרטיקל נעם איך אָן, אַז די סטאַדיע איז שוין דורכגעמאַכט, מיר זיינען שוין אַרויס פון „סינטאַגמאַטישן" כאַאָס, מיר האָבן שוין דעם באַגריף וו אָ ר ט. ערשט שטייען מיר פאַרן „אַסאָציאַטיוון" כאַאָס: מיר באַמערקן אין אונדזער שפּראַך אַ מאַסע ענלעכע ווערטער, ווי טיש, טישל, טישן א. א. וו. אַרויסגיין פון אָט דעם כאַאָס הייסט — קומען צום באַגריף פּ אָ ר מ ע. דאָס איז די טעמע פון דעם אַרטיקל.

לאָמיר זאָגן, מיר פאַרגלייכן די ווערטער טישל, טיש און געפינען, אַז טישל שיידט זיך אונטער פון טיש 1) מיטן קלאַנג—טראַפּיקער ל אין סאָף וואָרט, 2) מיטן באַטייט „קלענערקייט ווי די געוויינלעכע גרייס". זוכן מיר נאָך ווערטער, וואָס זאָלן אין עפּעס ענ-לעך זיין צו טישל אין פאַרגלייך מיט טיש **. אָט איז אַ ביישפּיל פון אַזאַ צעטל ווערטער. די כאַאָטישקייט סימבאַליזיר איך דערמיט, וואָס איך צעשטעל די ווערטער נאָכן אַלעפבייז (פאַר גראַמאַטיק איז דער אַלעפבייז-סיידער פון אָנגעשריבענע ווערטער — אַ פרעמדער סיי-דער, ד. ה. געגליכן צו סיידערלאָזיקייט).

| | | | |
|---|---|---|---|
| אַגענטל : | אַגענט | וועלוול : | וואָלף |
| אַוורעמל : | אַווראָם | וועלפל : | וואָלף |
| איינינקל : | | זון-אונטערגענגל : | זון-אונטערגאַנג |
| איציקל : | איציק | טישל : | טיש |
| באָכערל : | באָכער | מוישל : | מוישע |
| בענקל : | באַנק | מייזל : | מויז |
| בעקל : | באַק | מענטשל : | מענטש |
| בעקל : | באָק | פּאַפּירל : | פּאַפּיר |
| ביכל : | בוך | פּשעטל : | פּשאַט |
| ברודערל : | ברודער | פויגל : | — |
| ברידערל : | ברודער | פליגל : | פליג |
| בריוול : | בריוו | פּעלכל : | פּעל |
| געסל : | גאַס | ציגל : | ציג |
| היטל : | הוט | קייטל : | קייט |

* אָט דער אַרייַנפיר איז אַן איבערבאַזערונג פונעם אָנהייב פון אַן אַנדער אַרטיקל וועגן אַלגעברע פון יידיש, וואָס גייט אין אַן אַנדער אויסגאַבע.

** דאָס, וואָס איך הייב אָן פון דעם איינפאַכערן—טישל:טיש, ניט פון קאָמפּליצירטערן אַווועמל: אַווראָם, איז שוין אַ געוויסער אָפּקלייב. אין אַ שטרענגערער קאָנסטרוקציע וועט עס ניט דערלאָזבאַר זיין.

ראָכל : ראָכע
שטיינדל : שטיין
שטעקל : שטעקן

שליסל : —
שלעסל : שלאָס

לאָמיר דערלערנען די אַלע באַציונגען.

אין אַגענטל : אַגענט זעען מיר, פון קלאַנגלעכן שטאַנדפּונקט, אַז דאָס ערשטע וואָרט שיידט זיך אונטער פונעם צווייטן מיט אַ טראַפּיקן ל סאָף וואָרט, און פון באַטייטלעכן שטאַנדפּונקט — אַז דאָס ערשטע וואָרט שיידט זיך אונטער פונעם צווייטן מיטן ניואַנס פון גרינגשעצונג, ביטל, אַמאָל עפּשער אויך מיטן ניואַנס פון קלענערקייט (אין פיזישן זינען). באַ אוורעמל : אַווראָם איז שוין אַנדערש : קלאַנגלעך קומט דאָ נאָך, אַכוצן ל, די אַנט-שפּרעכונג ע : אָ, און באַטייטלעך איז דאָ אָדער אַ ניואַנס פון גרינגשעצונג, ביטל, אָדער אַדעראַבע „פאַרצויגנקייט“ (ליבע, צערטלעכקייט) אָדער יונגקייט א. אַ. באַטייטן, וואָס ס'איז זיי גאָר שווער אַלע צו דיסקאָנטירן. אין איינִיקל האָבן מיר אויך אין סאָף וואָרט אַ טראַפּיקן ל, אָבער ניטאָ קיין וואָרט, וואָס זאָל זיך אונטערשיידן פון איינִיקל בלויז מיט דער אָפּוועזנהייט פונעם טראַפּיקן ל (צוציען אַהער דעם אַדווערב „איינִיק“ און דערנאָך אָפּוואַרפן אים איז דאָ ניט נייטיק : קיין הונדערט-פּראָצענטיקע שטרענגקייט פיר איך דאָ ניט דורך) ; אין איינִיקל האָבן מיר אויך דעם ניואַנס פון קליינקייט, יונגקייט (אַזאַ ניו-אַנס איז אַ רעאַלער פאַקט, טראָץ דעם, וואָס אַ דערוואָקסענער מענטש איז אויך עמעצנס אַן איינִיקל), אָבער ניטאָ קיין וואָרט, וואָס זאָל זיך אונטערשיידן פון איינִיקל בלויז מיט דער אָפּוועזנהייט פון דעם ניואַנס. איציקל : איציק ווייזט אַרויס קלאַנגלעך דיזעלביקע באַציונג, וואָס אַגענטל : אַגענט, און באַטייטלעך — דיזעלביקע, וואָס אוורעמל : אַווראָם. באָכערל: באָכער האָט קלאַנגלעך דיזעלביקע באַציונג, וואָס אַגענטל: אַגענט, באַטייטלעך — קלענערקייט, יונגקייט, פאַרצויגנקייט א. א. בעקל : באַק קלאַנגלעך — טראַפּיקער ל און אַנט-שפּרעכונג ע : אַ, באַטייטלעך — קלענערקייט, פאַרצויגנקייט. היטל : הוט האָט אַ באַטייט-לעכע באַציונג אַ קאָמפּליצירטע : אַ היטל שיידט זיך אונטער פון אַ הוט ניט נאָר אין גרייס, נאָר אין פאָרמע אויך, אָבערביידע האָבן אַ געמיינזאַמען צוועק, נאָענטקייט אין שטאָף א. א. קאָמפּליצירט איז אויך די באַציונג וועלוול : וואָלף, מוישל : מוישע א. א. די באַטייטלעכע באַציונג פּשעטל : פּשאַט איז אויך אַ היפּש קאָמפּליצירטע : פּשעטל — אַ פאַרקריפּלטער פּשאַט, אַ קוואַזי-פּשאַט. צו פויגל איז ניטאָ קיין וואָרט, וואָס זאָל זיך אַזוי באַציען, ווי אַגענט : אַגענטל (פרג. איינִיקל), אָבער כוץ דעם איז אין פויגל גופא ניטאָ קיין ניואַנס פון קלענערקייט, פאַרצויגנקייט א. ד. ג. באַ פליגל : פליג (פליגל אַלס קער-פּער-טייל באַ אַ פויגל) איז די קלאַנגלעכע באַציונג אַן איינפאַכע, די באַטייטלעכע — זייער אַ ווייטע : ביידע האָבן עפּעס אַ שייכעס מיט פליען. פעלכל : פעל טיילט זיך אויס מיט דער קלאַנגלעכער באַציונג. באַ ציגל : ציג (ציגל ניט אַלס פאַרקלענערונג) איז קיין באַטייטלעכע שייכעס גאָר ניטאָ. באַ קייטל : קייט (קייטל צו פאַרקייטלען) איז די באַטייטלעכע באַציונג אַן ערעך ווי באַ היטל : הוט. ראָכל : ראָכע האָט אָפּטמאָל דיזעלביקע באַטייטלעכע באַציונג, ווי מוישל : מוישע, אָפּט אָבער האָט „ראָכל“ ניט דעם ניואַנס פון קלענערקייט, יונגקייט, פאַרצויגנקייט (דאָס, וואָס היסטאָריש איז די באַציונג ראָכל : ראָכע פּונקט אַ פאַרקערטע, ווי מוישל : מוישע, איז צו שפּראַך-אַלגעברע ניט שייעך). שטיינדל : שטיין, שטעקל : שטעקן טיילן זיך אויס מיט דער קלאַנגלעכער באַציונג.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז ווען איך זאָל די רעשימע פאַרלענגערן, וואָלטן זיך אָפּ-געזוכט נאָך אַנדערע באַציונגען.

ווי-זשע טראָגט מען אַריין אַ סיסטעם אין דעם כאַאָס? קוידעםקאָל שטעלן מיר פעסט, אַז מיר ווילן דערלערנען ניט די קלאַנגלעכע זייט אַליין פאַר זיך (אַף וויפל ס'האַנדלט זיך ניט וועגן פאָנעטיק, נאָר וועגן גראַמאַטיק), ניט די באַטייטלעכע זייט אַליין פאַר זיך, נאָר די פאַרבינדונג פון דער קלאַנגלעכער זייט מיט דער באַטייטלעכער.

ווייטער באַגרענעצן מיר — אין גראַמאַטיק — אונדזער אופגאַבע מיט דערלערנען 1) די קלאַנגען ל (אין אַגענטל, איציקל א. אַ. וו.), ל+ע : אַ אין בעקל, געסל א. אַ. וו., דל (אין שטיינדל) א. ד. ג., ניט די קלאַנגען אַגענט (אין אַגענטל), אַוורעם (אין אַוורעמל), 2) די באַטייטן קלענערקייט (אין טישל), יונגקייט (אין אַוורעמל), פאַרצויגנקייט א. ד. גל., ניט די באַטייטן קערפּער-טייל (אין בעקל, הענטל), קרויוועשאַפט (אין ברודערל) א. ד. גל. אַנדערש גערעדט : מיר דערלערנען דאָס, וואָס מע רופט געוויינלעך פאָרמאַלע סימאָנים און פאָרמאַלע באַטייטן, ניט וואָרצלען און מאַטעריעלע באַטייטן.

איצט קענען מיר צוטרעטן צו סיסטעמאַטיזירן די אויבן געגעבענע רעשימע.

די איינפאַכסטע באַציונג אין קלאַנג און אין באַטייט איז בא בריוול : בריוו, טישל : טיש א. ד. ג. קאָנסטאַטירן מיר אַ פאַקט: פאַראַן אין דער ייִדישער שפּראַך אַזעלכע ווערטער-פּאָרן, ווו איין וואָרט שיידט זיך אונטער פונעם צווייטן מיטן קלאַנג טראַפּיקער ל אין סאָף וואָרט און מיטן באַטייט „קלענערקייט ווי די געוויינלעכע גרייס". אָט דעם קלאַנג טראַפּיקער ל, וואָס האָט דעמדראָזיקז באַטייט, רופן מיר פאָרמאַלער סימען פון דעמינוטיוו, אָדער איינפאַכער, סימען פון דעמינוטיוו ; דעם באַטייט „קלענערקייט ווי די געוויינלעכע גרייס", וואָס ווערט אויסגעדריקט אינעם קלאַנג טראַפּיער ל, רופן מיר פאָרמאַלער באַטייט פון דעמינוטיוו, אָדער איינפאַכער, באַטייט פון דעמינוטיוו; און ביידע צוזאַמען רופן מיר פאָרמע פון דעמינוטיוו, אָדער איינפאַכער דעמינוטיוו. מיר זאָגן : דאָס וואָרט טישל האָט אַ פאָרמע פון דעמינוטיוו אָדער: דאָס וואָרט טישל איז אַ דעמינוטיוו, ד. ה. ער האָט אַ קלאַנג טראַפּיקער ל סאָף וואָרט און אַ באַטייט „קלענער ווי די געוויינלעכע גרייס", וואָס זיינען ביידע (דער קלאַנג און דער באַטייט) פאַרבונדן.

די פאָרמע פון די ווערטער בריוול, טישל א. ד. ג. וועלן מיר באַצייכענען :

D — d

D איז דער סימען פון דעמינוטיוו (טראַפּיקער ל), d — דער באַטייט פון דעמינוטיוו (קלענערקייט), דער שטריך צווישן זיי — די פאַרבונדנקייט פון די ביידע זייַטן פאָרמע.

איצט ווענדן מיר זיך צו „ביכל". דער פאָרמאַלער באַטייט איז דערזעלביקער ווי בא טישל, דער פאָרמאַלער סימען — ניט : אַכוצן ל איז דאָ נאָך פאַראַן אַן אַנטשפּרעכונג י : ו. דעמדראָזיקן סימען קען מען באַצייכענען $D_1$, און אופשטעלן אַ פאָרמולע :

D ——— d

$D_1$

ווייטער טרעפן מיר שטיינדל, פעלכל א. אַ. וו , און מיר באַקומען אַ פאָרמולע :

D ——— d

$D_1$

$D_2$

- - -

קאָלזמאַן אַלע פאָרמאַלע סימאָנים (ל, דל, כל, ל+י : ו, ...) האָבן דעמזעלביקן פאָרמאַלן באַטייט (קלענערקייט), רופן מיר עס „איין פאָרמע" (דעמינוטיוו).

ווייטער זעען מיר, אַז אין איציקל: איציק, אין בעקל: באַק, אַוורעמל: אַווראָם א.ד.ג. איז שייעך נאָך אַן אַנדער פאָרמעלער באַטייט : פאַרצויגנקייט. פאַרצויגנקייט איז ניט פאַר-

בונדן דאַפקע מיט איינעם פון די פאָרמאַלע סימאָנים. אדעראבע, סיי ל, סיי ל+ע:א, סיי־ דל (זאַלמענדל ?) קענען באַטייטן, אַכוץ קלענערקייט — פאַרצויגנקייט אויך. באַקומען מיר אַזאַ פאָרמולע :




מיר זעען נאָך אַנדערע באַטייטן: יונגקייט, ביטל א. א. יעדערער פון זיי קען (פרינצי־פיעל) פאַרבונדן זיין ניט דאַפקע מיט איינעם פון די פאָרמאַלע סימאָנים פון דעמינוטיוו, נאָר מיט אַלערליי. באַקומען מיר אַ פאָרמולע




אָדער איינפ[illegible]



און קאָלזמאַן אַלע פאָדמאַלע סימאָנים Di האָבן אַלע פאָרמאַלע באַטייטן di (אָדער— ס׳איז דאָסזעלביקע — פאַרקערט : קאָלזמאַן אַלע פאָרמאַלע באַטייטן di האָבן פאַר סימאָנים אַלע פאָרמאַלע סימאָנים Di), רופן מיר עס „איין פאָרמע“.

טאָ וואָס-זשע איז „די פאָרמע דעמינוטיוו“ ?

מיר האָבן צוויי דעפיניציעס : אַן ענגערע און אַ ברייטערע. די ענגערע דעפיני־ציע איז :

דעמינוטיוו הייסט דער קלאַנג טראַפיקער ל סאָף וואָרט צוזאַמען מיט זיין באַטייט „קלענערקייט ווי די געוויינלעכע גרייס“(אָדער — ס׳איז דאָסזעלביקע — דער באַטייט „קלע ניגערקייט ווי געוויינלעכע גרייס“ צוזאַמען מיט זיין פאָרמאַלן סימען — טראַפיקן ל סאָף וואָרט).

די ברייטערע דעפיניציע איז:

דעמינוטיוו הייסט יעדערער פון די נאָרמאַלע סימאָנים: טראַפיקער ל סאָף וואָרט, טראַפיקער ל סאָף וואָרט פליוס אַנטשפּרעכונג ע קעגן אַ אין טעמע, טראַפיקער ל סאָף וואָרט פליוס ד פאַר אים, א. א. וו., צוזאַמען מיט וועלכע ס׳איז פון די פאָרמאַלע באַ־טייטן: קלענערקייט ווי די געוויינלעכע גרייס, יונגקייט, סוביעקטיווע באַציונג פון צערט־לעכקייט, סוביעקטיווע באַציונג פון ביטל א. א. וו. * (מע קען די פאָרמולע איבערקערן ווי די פריערדיקע).

אויב עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די באַציונג טישל : טיש אַלס אויסגאַנג-פונקט איז געווען אויסגעקליבן געלונגען, ד. ה., אַז טראַפיקער ל איז טאַקע דער אָפּטסטער פאָר־מאַלער סימען פון דעמינוטיוו און קלענערקייט איז טאַקע דער אָפּטסטער באַטייט פון דעמינוטיוו—דעמאָלט בלייבט די ענגערע פאָרמולירונג גילטיק אפילע נאָכדעם, ווי מיר האָבן שוין די ברייטערע. מער ניט מע דאַרף אַריינטראָגן אַזאַ קאָרעקטיוו :

* אָנשטאָט „א. א. וו“. דאַרף אין דער שטרענגער פאָרמולירונג געגעבן ווערן אַ צעטל פון אַלע פאָרמאַלע באַטייטן.

דעמינוטיוו הייסט דער קלאַנג טראַפּיקער ל סאָף וואָרט אָדער אַן אַנדער אַנאַלאָגי־שער פאָרמאַלער סימען * צוזאַמען מיטן באַטייט „קלענערקייט ווי די געוויינלעכע גרייס" אָדער אַן אַנדער אַנאַלאָגישן פאָרמאַלן באַטייט **.

אָדער, עפשער אַביסל עלעגאַנטער:

דעמינוטיוו הייסט די פאָרמע, וואָס איר פאָרמאַלער סימען איז דער סופיקס טראַ־פּיקער ל אָדער אַן אַנאַלאָגישער, און איר פאָרמאַלער באַטייט — קלענערקייט ווי די געוויינ־לעכע גרייס אָדער אַן אַנאַלאָגישער ***.

דער לייענער זעט, אַז איך וויל דורכפירן אינעם באַגריף פאָרמע אַ פולע סימעטריע, אַ פולע גלייכבאַרעכטיקייט פון ביידע מאָמענטן — קלאַנג און באַטייט.

ערשט וועלן מיר באַטראַכטן אייניקע סאַפּעדיקע ווערטער פון דער פריערדיקער רע־שימע און גלייכצייטיק אויספּרוּוון, ווי פונקציאָנירט די אופגעשטעלטע פאָרמולע.

אייניקל האָט אַ קלאַנג טראַפּיקער ל, אָבער דער באַטייט יונגקייט אָדער קלענער־קייט איז ניט פאַרבונדן מיט דעם קלאַנג. איז עס ניט קיין דעמינוטיוו: צווישן D און d פעלט די פאַרבינדונג (דערמיט גופא איז שוין דער ל ניט קיין D, ניט קיין סופיקס). נאָך קלאָרער איז עס באַ פויגל, שליסל.

אין פליגל, ציגל זעען מיר ניט אַזאַ באַטייטלעכע באַציונג צו פליג, ציג, וואָס זאָל פאָרקומען באַ אַנדערע ווערטער אויך. הייסט עס, אויב אַפילע באַטראַכטן די פאַרבינדונג פון דעם טראַפּיקן ל סאָף וואָרט מיטן באַטייט פון פליגל: פליג אָדער ציגל: ציג אַלס פאָרמע — איז עס יעדנפאַלס אַן אַנדער פאָרמע, ניט קיין דעמינוטיוו. (צי איז פליגל: פליג, ציגל: ביג ביכלאַל אַ פאָרמע — דאַרף געליזט ווערן באַזונדער).

היטל, פּשעטל, קייטל פאַרשווּעריקן אַביסל די פאָרמולירונג. די פאָרמאַלע סימאָנים פון דעמינוטיוו האָבן דאָ אַזעלכע באַטייטן, וואָס זיינען באַ אַנדערע דעמינוטיוון ניט שייעך. דאָך פעלט דאָ ניט דער ניואַנס פון קלענערקייט ****. וועגן אַזעלכע ווערטער קען מען זאָגן, אַז זיי שטייען אפן גרענעץ פון דעמינוטיוו, דאָס זיינען איבערגאַנג־פאָרמעס. (די סטאַטישע דערלערנונג פון שפּראַך שליסט ניט אויס די מעגלעכקייט פון איבערגאַנג־פאָרמעס: דאָ רעדט זיך ניט וועגן היסטאָרישן איבערגאַנג, וועגן טענדענצן אין שפּראַך־אַנטוויקלונג, נאָר וועגן סיסטעם־איבערגאַנג, וועגן צווישן־דערשיינונגען).

בעקל: באַק און בעקל: באָק שטעלן פאַר דער פאָרמולירונג קיינע שוועריקייטן ניט פאָר: אויב האַלטן בעקל און בעקל פאַר צוויי פאַרשיידענע ווערטער, איז „אַוואַדע גוט"; און אויב האַלטן זיי פאַר איין וואָרט, ווען מיר זאָגן: דאָס וואָרט בעקל איז אַ דעמינו־טיוו אי צו באַק, אי צו באָק.

ברודעל און ברידערל פאַרשווּעריקן אויך ניט די פאָרמולירונג.

באַ ווערוול און ווערפל האָבן מיר אַ פאַל, ווען איין פאָרמאַלער סימען איז פאַרבונדן מיט איין באַטייט און אַ צווייטער — מיט אַ צווייטן. מע וואָלט געקענט מיינען, אַז דאָ צערייסט זיך די קייט:




* ד. ה. אַן אַנדער סימען מיטן זעלביקן פאָרמאַלן באַטייט.

** ד. ה. אַן אַנדער באַטייט מיטן זעלביקן פאָרמאַלן סימען.

*** מע דאַרף ניט מיינען, אַז דער „אָדער" לאָזט אַ פרייען וועג צו האַלטן יעדע פאָרמע פאַר אַ דע־מינוטיוו: מענטשן איז ניט קיין דעמינוטיוו, וואָרעם ניט דער סופיקס נ איז „אַנאַלאָגיש" מיט ל, ניט דער באַטייט „מער ווי איינער" איז „אַנאַלאָגיש" מיט „קלענער ווי די געוויינלעכע גרייס".

**** כאַראַקטעריסטיש דער פאַלקוויץ (ראַוויניצקי, יודישע וויצן): „וואָס הייסט אַ פשעטל?—אַז מע נעמט דעם פשאַט און מע צעברעכט אים, ווערט דעמאָלט אַסאַך פשעטלעך".

רעהיינע, אַז ס'באַקומט זיך אַ פאָרמולע:

$D_3$ ——— $d_3$

$D_4$ ——— $d_4$

און דאָס קען מען דאָך ניט האַלטן פאַר „איין פאָרמע“. איז אָבער די מייסע, וואָס דער פאַל וועלוול — וועלפל איז איינער, ד. ה, ער ווערט געדעקט דורך די איבעריקע פאַלן, ווו אַזאַ דיפערענצירונג איז ניטאָ. אַנדערש געזאָגט: אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז וועלוול: וואָלף און וועלפל: וואָלף זיינען פאַרשיידענע פאָרמעס, און מיר זאָלן נעמען זוכן, וועלכע זשע פון זיי איז אַ דעמינוטיוו, — וועט זיך אַרויסווייזן, אַז יעדערע פון זיי האָבן מיר רעכט רופן דעמינוטיוו, ווייל ביידע באַפרידיקן די פאָדערונגען פון דער דעפיניציע, וואָס מיר האָבן אויפגעשטעלט (עמעס, דער פאָרמאַלער סימען טראַפיקער ל+וו: פ קומט פאַר נאָר אין דעם איינעם וואָרט וועלוול, אָבער דער באַטייט זיינער איז דערזעלביקער ווי אין אוורעמל א. ד. ג.).

זון-אונטערגענגל (דאָס וואָרט האָב איך געטראָפן באַ נאַדירן) איז קלאַנגלעך אַנאַלאָגיש מיט בענקל. דער פאָרמאַלער באַטייט האָט דאָ עפּעס אַ צוגאָב-ניואַנס, וואָס איז אין די איבעריקע ווערטער פון דער רעשימע ניט געווען. אָט דער ניואַנס אָבער (לייכטזיניקייט? שפּאַסיקייט?) איז פאַרבונדן ניט מיטן פאָרמאַלן סימען אַליין פאַר זיך, נאָר מיטן פאַקט פון נעאָלאָגיזם, מיטן פאַקט, וואָס דעם דעמינוטיוו צו זון-אונטערגאַנג האָבן מיר ביז נאַדירן (און נאָך אים אויך) ערגעץ ניט געהערט. צי לוינט צו באַטראַכטן די ניואַנסן פון נעאָלאָגיסטישקייט, אַרכאַיִסטישקייט א. ד. ג. אַלס פאָרמאַלע? די פראַגע דאַרף נאָך דערלערנט ווערן.

איך רעזומיר דעם גאַנג פון דער שפּראַך-דערלערנונג אַפן ביישפּיל פון דעמינוטיוו.

די ערשטע זאַך, האָבן מיר קאָנסטאַטירט, אַז אין דער שפּראַך זיינען פאַראַן אַנטשפּרעכונגען טישל: טיש, מענטשל: מענטש א. ד. ג., ווו איין וואָרט האָט אין פאַרגלייך מיט'ן צווייטן אַן איבעריקן טראַפיקן ל אין סאָף.

צווייטנס, האָבן מיר קאָנסטאַטירט, אַז אָט דער טראַפיקער ל גיט דעם באַטייט פונעם וואָרט אַ געוויסן ניואַנס — קלענערקייט פון דער געוויינלעכער גרייס.

דריטנס, האָבן מיר קאָנסטאַטירט, אַז דערזעלביקער באַטייט ווערט געשאַפן דורך אַנדערע קלאַנגען אויך (דל, כל...).

פערטנס, האָבן מיר קאָנסטאַטירט, אַז דיזעלביקע קלאַנגען האָבן אַנדערע באַטייטן אויך.

די דריטע און פערטע סטאַדיע קענען זיך בייטן מיט די ערטער; וועגן דער ערשטער און צווייטער איז באַ מיר אַ ספק.

דעם גאַנג פון דער שפּראַך-דערלערנונג קען מען פאָרשטעלן אַזוי:




איך דאַרף זיך דאָ ניט פאַרנעמען מיט דערלערנען אַלע פאָרמעס פון דער שפּראַך: דעמינוטיוו האָב איך גענומען נאָר פאַר אַ ביישפּיל. מיין צוועק איז דאָ — ניט די סיסטעם גופא פון גראַמאַטיק, נאָר די מעטאָדאָלאָגיע.

אָבער איין אונטערשייד צווישן צוויי סאָרטן וואָרט-פאָרמעס מוז איך דאָ אָנווייזן, ווייל ער איז וויכטיק מעטאָדאָלאָגיש.

פאַראַן וואָרט-פאָרמעס, וואָס פונקציאָנירן אַליין פאַר זיך, אָן קאָנטעקסט, צ. ב.:

| | | |
|---|---|---|
| טישל | : | טיש |
| טישן | : | טיש |
| גרעסער | : | גרויס |
| פאַרגיין | : | גיין |

אזעלכע הייסן געווײנלעך *וואָרטבילדנדיקע* (גענויער — טעמעבילדנדיקע).

(דער טערמין איז אומבאַקוועם, ווייל ער גרינדעט זיך, אַלס קעגנזאַץ צו „וואָרטענדערנדיקע“, אַף דער אומבאַקוועמער טערמינאָלאָגיע, אַז גרעסער און גרויס זיינען *פאַרשיידענע* ווערטער, און גרויסער—גרויסע — *איין* וואָרט. בעסער רופן די פאָרמעס *ניט-סינטאַקסישע*).

און פאַראַן וואָרט-פאָרמעס, וואָס פונקציאָנירן נאָר אין קאָנטעקסט, צ. ב.:

גרויסער : גרויסע
גרויסער : גרויס
גיין : גייסט
גייסט : גייט
אווראָמען : אווראָם

אזעלכע הייסן *סינטאַקסישע*.

(אָפט רופט מען זיי *וואָרטענדערנדיקע*. דער טערמין איז אומבאַקוועם, ווייל ער גרינדעט זיך אַף דער פאַרשטעלונג, אַז גרויסער און גרויסע זיינען איין וואָרט, וואָס מע ענדערט לויט די פאָדערונגען פון מיטשטימונג. אינדערעמעסן זיינען גרויסער און גרויסע צוויי ווערטער, וואָס עקזיסטירן אין דער שפּראַך פּאַראַלעל, און לויט די פאָדערונגען פון מיטשטימונג קלייבט מען *אויס* איינעם פון זיי).

פאַראַן פאַלן, ווען וואָרטבילדנדיקע פאָרמעס פונקציאָנירן סינטאַקסיש, ד. ה. זיינען אָפּהענגיק פון קאָנטעקסט, צ. ב.:

יאָרן : יאָר

אינעם אויסדריק : דריי יאָר.

דעמינוטיוו קען דינען פאַר אַ מוסטער פון ניט-סינטאַקסישע פאָרמעס. מעגלעך, אַז אַנדערע ניט-סינטאַקסישע פאָרמעס וועלן פאָדערן קאָרעקטיוון אין דעם מעטאָד, וואָס איז אויבן געגעבן פאַר דעמינוטיוו, — אָבער ניט קיין פּרינציפּיעלע.

איך גיי אַריבער צום מעטאָד פאַר סינטאַקסישע וואָרט-פאָרמעס.

מיר פאַרגלייכן די ווערטער

גייסט : גייט : גייען : גיי
זעסט : זעט : זעען : זע
מאַכסט : מאַכט : מאַכן : מאַך
שרייבסט : שרייבט : שרייבן : שרייב

א. א. וו.

מיר זעען, אַז די ווערטער

גייסט : גייט : גייען : גיי

זיינען *אָפּהענגיק* פון די ווערטער

דו — ער, איר — מיר, זיי — איך

א. א. וו.

דאָסזעלביקע באַ

זעסט : זעט : זעען : זע
מאַכסט : מאַכט : מאַכן : מאַך

באַקומען מיר אַ *סיסטעם* פאָרמאַלע סימאָנים.

צי קען מען ריידן וועגן דעם באַטייט פון די דאָזיקע פאָרמאַלע סימאָנים, ווי מיר האָבן גערעדט וועגן דעם באַטייט פון דעמינוטיוו? דאָ דאַרף מען אונטערשיידן צווייערליי באַטייטן: 1) *גייסט* באַטייט (מיט זיין פאָרמע), אַז די טוונג ווערט צוגעשריבן דעם אַדרעסאַט פון דער רייד, וועלכער איז איינער*, אָדער 2) אַז *גייסט* באַטייט ביכלאַל אַ

* דער באַטייט פון „קעגנוואָרט“ (גלייכצייטיקייט) איז אויסגעדריקט אין דער נול-פאָרמע פונעם הילף-ווערב; אַגעוו איז עס ניט קיין סינטאַקסישע פאָרמע.

טווּנג, וואָס ווערט עמעצן צוגעשריבן — דאָס איז אויסגעדריקט ניט אין סופיקס סט, נאָר אין דער גאַנצער סיסטעם סופיקסן סט, ט, ען, נול, ד. ה. אינעם סופיקס סט אַלס גליד פון דערדאָזיקער סיסטעם. אַנדעריש גערעדט — דאָ איז פאַראַן אַ באַטייט פון דעם פאָרמאַלן סימען און אַ באַטייט פון דער סיסטעם פאָרמאַלע סימאָנים.

דעם ערשטן רוף איך, צום אונטערשייד, באַנוץ. יעדערער פון די פיר פאָרמאַלע סימאָנים סט (גייסט), ט (גייט), ען (גייען), נול (גיי) האָט אַ געוויסן באַנוץ (גייסט — באַם סוביעקט דו, א. א. וו.), און די גאַנצע סיסטעם סימאָנים סט, ט, ען, נול האָט אַ געוויסן באַטייט — טווּנג, עמעצן צוגעשריבן.

באַקומט זיך אַזאַ סכעמע:




דאָס איז די פרימיטיווע סטאַדיע. ערשט קען מען פאַרברייטערן.

באַ דעמינוטיוו האָבן מיר געזעען אַ פאַרברייטערונג אין צוויי ריכטונגען: נאָך פאָרמאַלע סימאָנים, אַכוץ דעם טראַפיקן ל, און נאָך פאָרמאַלע באַטייטן, אַכוץ קלענערקייט. דאָ איז אויך מעגלעך אַ פאַרברייטערונג אין צוויי ריכטונגען: נאָך פאָרמאַלע סימאָנים, נאָך סינטאַקסישע באַנוצן:

1) באַטראַכטנדיק

שרייפסט : שרייפט : שרייבם : שרייב

געפינען מיר נאָך אַ סיסטעם פאָרמאַלע סימאָנים: סט+פּ : ב, ט+פּ : ב, מ, נול. אין

עסט : עסט : עסן : עס

געפינען מיר ווידער אַ נייע סיסטעם, א. א. וו.

2) אין דער פראַזע „גייסט אין שטאָט" איז די פאָרמע מיט סט ניט אָפּהענגיק פון „דו", אָבער די פאָרמע ווערט אָנגעווענדט צום אַדרעסאַט פון די רייד; אין „כעוורע גייען" איז גייען אָפּהענגיק פון אַ סובסטאַנטיוו אין איינצאָל, ניט קיין מערצאָל. דאָס זיינען די סינטאַקסישע באַנוצן.

באַקומען מיר די צווייטע סטאַדיע פון דער סכעמע:




אַכוץ דעם, איז דאָ נאָך מעגלעך אַ פאַרברייטערונג פון דער סיסטעם גופע: סיסטעמען מיט ווייניקער (אָדער מיט מער) גלידער.

דאָס איז אַלץ שייעך צו פאָרמע פון וואָרט — ניט-סינטאַקסישער און סינטאַקסישער פאָרמע. די פראַגע וועגן פאָרמע פון ווערטער-באַהעפטט וועל איך דאָ ניט באַרירן.

מיר האָבן געזעען דעם וועג אין דער גראַמאַטישער שפּראַך-פאָרשונג: פון קלאַנג צו פאָרמע, פון פאָרמע צו באַטייט. אַזוי צעשטעלן מיר אַלע פאָרמעדיקע ווערטער (און אויך ווערטער מיט נול-פאָרמעס) אין סיידער פון אַ מין קלאַנגלעך-באַטייטלעכן לעקסיקאָן, דאָס הייסט אַ לעקסיקאָן, וואָס פאַרטייטשט דעם פאָרמאַלן סימען אַף אַ באַטייט, צ. ב.:

| קלאנג | באטייט |
|---|---|
| טראפיקער ל | קלענערקייט<br>יונגקייט<br>פארצווייגנקייט<br>. . . |
| ער | פראפעסיאנאל (לערער)<br>איינמאליקער טוער (גרינדער)<br>אפאראט (וועקער)<br>. . . |

אין אזא לעקסיקאן וועט מען געפינען דעם באטייט פון יעדן פארמאלן סימען.

מע קען אבער שטעלן א צווייטע פראגע: ווי ווערט אויסגעדריקט אין דער שפראך דער און דער (פארמאלער) באטייט? דערויף קען ענטפערן א באטייטלעך-קלאנגלעכער לעקסיקאן. ער אנטהאלט דעמזעלביקן מאטעריאל, וואס דער ערשטער, נאר אנדערש צע-שטעלט, צ. ב.:

| באטייט | קלאנג |
|---|---|
| פראפעסיאנאל | אטאר (קאאפעראטאר)<br>ער (לערער)<br>יסט (מאשיניסט)<br>לער (טישלער)<br>. . . |
| פארצווייגנקייט | ל<br>דל<br>כל<br>עלע<br>עניו<br>עשי<br>ינק<br>. . . |

אזוי קען די גאנצע גראמאטיק געבויט ווערן אלס צוויי גראמאטישע „לעקסיקאנען". מע קען זיי רופן:

1) גראמאטיק פון צוהערער (פון קלאנג צו באטייט)

2) גראמאטיק פון ריידער (פון באטייט צו קלאנג).

געניער וואלט געווען עפשער אינעם ערשטן פאל צו ריידן ניט וועגן קלאנג, נאר וועגן פאנעמע, און אינעם צווייטן פאל — וועגן ארטיקולאציע. די ערשטע ריכטונג קען מען נאך רופן פארמאלע גראמאטיק, און די צווייטע — סטיליסטישע.

מעגלעך, אז צו די צוויי „לעקסיקאנען" איז באקוועם נאך צוגעבן א זאמלונג פארמעס.

אין וואס פאר א באציונג שטייט דיזאזיקע טיילונג צו דער טראדיציאנעלער? מיט דער צווייטער ריכטונג פארנעמט מען זיך געוויינלעך קלאל ניט (אבוץ אין ספעציעלע ווערק). די ערשטע ריכטונג טיילט מען געוויינלעך אף מארפאלאגיע און סינטאקס. דערביי באטראכט מען די דערשיינונגען צו אויבערפלעכלעך: אלע פארמעס פון באזונדערע ווער-טער, אפילע סינטאקסישע (און אפט אפילע באזונדערע סינטאקסיש-פארמאלע ווערטער, ווי פרעפאזיציע) פארעכנט מען צו מארפאלאגיע, און נאר פארמעס פון גאנצע באהעפטן פארעכנט מען צו סינטאקס. א טיפערע אריינטראכטונג ווייזט, אז א סינטאקסישע פארמע פון ווארט איז א באשטאנד-טייל פון דער פארמע פון באהעפט. סינטאקסישע ווארט-פארמעס און סינטאקסיש פארמאלע ווערטער דארפן געהערן צו סינטאקס, אלס לערע וועגן פארמעס פון באהעפט.

פון דער אַנדערער זייט שפּאַלט מען אָפּטמאָל ניט-סינטאַקסישע פאָרמעס אַף פאַר-מאָלן סימען און פאָרמאַלן באַטייט, דערלערנענדיק דעם ערשטן אין מאָרפאָלאָגיע, און דעם צווייטן אין סינטאַקס. דאָס איז געקינצלט. די טיילונג פון דער גראַמאַטיק דאַרף דורכ-גיין ניט צווישן פאָרמאַלן סימען און פאָרמאַלן באַטייט (די צוויי זייטן פאָרמע איז ניט באַקוועם פאַנאַנדערצוטיילן), נאָר צווישן ניט-סינטאַקסישע און סינטאַקסישע פאָרמעס, און נאָך שאַרפער — צווישן איין ריכטונג און דער צווייטער ריכטונג אין דער גראַמאַטי-שער דערלערנונג פון דער שפּראַך.

א פּאָר ווערטער וועגן טערמינאָלאָגיע. די פאָרמאַלע גראַמאַטיק (וואָס איז אין מיין סכעמע, אין קעגנזאַץ צו דער היינט פאַרשפּרייטער מיינונג, ניט דער איינציקער געזעצלע-כער אויפן אויסצושטעלן דעם גראַמאַטישן מאַטעריאַל) מאַטערט זיך אָפּט איבער טערמי-נאָלאָגיע. סובסטאַנטיוו איז אַ וואָרט, וואָס האָט אַ פאָרמע פון בויגפאַל (אַזוי איז אין דער רוסישער פאָרמאַלער גראַמאַטיק; אין דער יידישער פאָרמאַלער גראַמאַטיק איז באַקווע-מער אַנדערש: סובסטאַנטיוו איז אַ וואָרט, וואָס קען סובאָרדינירן אַן אַדיעקטיוו); פער-זאָנוואָרט (ווערבום פיניטום) איז אַ וואָרט, וואָס האָט אַ פאָרמע פון אַ פערזאָן, א. א. וו. וואָס-זשע טוט מען אָבער מיט די קאַטעגאָריעס זאַך, טוּונג א. א. וו.? אין דער שפּראַך זיינען זיי דאָך פאַראַן—דאָס קען קיין שום פאָרמאַליסט ניט לייקענען. טאָ וואָס פאַר אַ באַ-ציונג איז צווישן דעם וואָרט מיט אַ פאָרמע פון בויגפאַל און דעם נאָמען פון אַ זאַך? און פאַרוואָס זאָלן אַלע נעמען פון זאַכן ניט אַריינפאַלן אין איין קלאַס? אַף אַזעלכע פראַ-געס גיט די פאָרמאַלע גראַמאַטיק ניט קיין ענטפער, ווייל זי איגנאָרירט די צווייטע ריכ-טונג פון דער גראַמאַטיק. די צווייטע ריכטונג האָט אָבער אויך רעכט אַף קלאַסיפיקאַציע און טערמינאָלאָגיע. די טערמינאָלאָגישע שוועריקייטן ווערן געלייזט, אויב מע נעמט אָן פּאַ-ראַלעל צוויי טערמינאָלאָגיעס (מע קען זיי רופן פאָרמאַלע און סטיליסטישע), צ. ב., אויב אַדיעקטיוו איז אַ וואָרט, וואָס האָט אַן אַדיעקטיווישע פאָרמע (ד. ה. אַ פאָרמע פון דער סיסטעם ער, ס, עס, נ, נול), איז אייגנשאַפט-וואָרט אַ וואָרט, וואָס באַטייט אַ סימען, וואָס באַציט זיך צו אַ זאַך. „מאָסקווער" איז ניט קיין אַדיעקטיוו (דעקלינירט זיך ניט), אָבער אַן אייגנשאַפט-וואָרט; „וועלכער" איז אַן אַדיעקטיוו, אָבער ניט קיין אייגנשאַפט-וואָרט (בלויז אַ פּראָנאָם). דערלערנען די באַציונג צווישן סובסטאַנטיוון און זאַכווערטער, צווישן אַדיעקטיוון און אייגנשאַפטווערטער, צווישן ווערבן און צייטווערטער א. א. וו.—דאָס וועט טאַקע בילדן אַ גרויסן טייל אין דעם אינהאַלט פון דער גראַמאַטיק.

מאָסקווע, אָקטיאַבער 1927

# מאטעריאלן און דאָקומענטן

# פּוּבּליק-מִיטִינג

## פיר אידישע ארבייטער.

עס איז בעקאנט, אז דיא ארבייטער בעפינדען זיך אומעטום אין איין טרויריגע לאגע און זייער שווער קומט זיי אן צוא פערדיענען זייער שטיקל ברויט. אבער וויא שווער עס איז אויך דער לעבען פון אללע ארבייטער, ווערט דער אידישע ארבייטער ווייט מעהר פארשווארצט אלס אללע איבריגע, און בפרט נאך היער אין לאנדאן. דער איד מוז מעהר שטונדען ארבייטען אין בעקומט וועניגער געצאהלט אלס דער קריסט.

און ווארום איזט עס זא? וייל דיא אידישע ארבייטער זיינען נים אזוי פעראייניגט אונטער זיך וויא אללע אנדערע, דיא קריסטליכע ארבייטער זיינען פעראייניגט צוא געזעללשאפטען. היער אין ענגלאנד איז דא דיא טראדעס יוניאנס, איין פעראיין פון טויזענדע ארבייטער געזעללשאפטען פון פערשידענע פראפעססיאנען, וואס זייא האלטען זיך אללע פעסט צוזאממען און לאזען זיך נים אונטערדריקקען פון זייערע פאבריקאנטען און מייסטער; אבער בייא אונזערע אידישע ארבייטער איז נימא קיין אחדות, דעריבער קענען דיא מייסטער אונז דריקקען וויא זייא וויללען. פון אונזער אונאייניגקייט לידען מיר אלליין און לאדען נאך אויף זיך דעם האסס פון דיא ענגלישע ארבייטער וואס בעשולדיגען אונז, אז דורך דעם וואס מיר ארבייטען מעהר צייט און פאר וועניגער לאהן מהוען מיר זייא אויך איין שאדען.

דארום רופען מיר צוזאממען איינע אפפענטליכע פערזאממלונג און לאדען האפפליכסט דאצו איין יעדען אידישען האנדווערקס־געזעלל, אום צוזאממען ראטהה צוא האלטען וויא צוא פערבעססערן דיא לאגע פון אונזערע אידישע ארבייטער און צוא בילדען איין געזעללשאפט פון אללערליי האנדווערקער. מיר האפפען, אז יעדער ארבייטער, וואס זיין איינענעס אנטערעססע איז איהם טהייער, וועט נעהמען אנטהייל אן דעם מיטינג. — איינינע מיטגליעדער פון אונזער פעראיין וועלן האלטען רעדען איבער דיא ארבייטער־אינטערעססען און יעדעם ארבייטער וועט שטיין פריי אויסצושפרעכען זיין מיינונג אפפענטליך אין דער פערזאממלונג.

דער מיטינג וועט זיין אוי ליום ז׳ אלול ה׳ תרל״ו — (26 אויגוסט 1876) שבת צוא־נאכט · אום אכט אוהר אין זעטלאנד האלל · 51 מאנסעלל סטריט, גודמאנ׳ס פיעלדס .E (בייא אליי ווילנער).

אגדת הסציאליסתים העברים.

# A PUBLIC MEETING
## OF JEWISH WORKING MEN,
WILL BE HELD AT
**ZETLAND HALL, 51, MANSELL ST., GOODMAN'S FIELDS, E.,**
**On Saturday August 26, 1876, at 8 o'clock in the Evening.**

אַן אופרוף פון דער „אגדת הסציאליסתים העברים״ (פאַקסימיליע) אָריגינאַל אין מאַרקס-ענגעלס-אינסטיטוט, מאָסקווע. מיטגעטיילט פון צ. פ.

# רעזאָליוציע פון דער דאָרעם-מייִרעווידיקער קאָנפערענץ פון „בונד“ אין 1915

דער ווייטער קומענדיקער דאָקומענט איז גענומען פונעם אַרכיוו פון די ייִדישע דעפּוטאַטן פון דער 4-טער מעלוכע-דומע, וועלכן אונדז איז פאָריקן זומער, מיט דער הילף פונעם געוו. דעפּוטאַט (איצט מיטגליד פונעם פּרעזידיום פונעם „געזערד“-ראַט) ד"ר באָמאַש און כאַוו. ג. פּערלמאַן (לענינגראַד), געלונגען אויפצוזוכן אין לענינגראַד, ווו ער האָט זיך געוואַלגערט אַף אַ בוידעם.

דערדאָזיקער אַרכיוו, וועלכער באַשטייט פון העכער טויזנט דאָקומענטן, ווערט איצט איבערגעגעבן דעם צענטראַרכיוו אין רעשום פון דער ייִדישער קאָמיסיע באַ אים. אויספירלעכער וועגן דעמדאָזיקן אַרכיוו — זיין אינהאַלט און ווערט — וועט אויסקומען ריידן באַ אַן אַנדער געלעגנהייט. דאָ ווען מיר מאַכן אייניקע באַמערקונגען בלויז וועגן דעם דאָקומענט, וואָס מיר פּובליקירן.

דער דאָקומענט, ד. ה. די רעזאָליוציע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אַף דער בונדישער קאָנפערענץ, שטאַמט פון אַן אומקלאָרן מאָקער, וועלכן מע דאַרף נאָך פעסטשטעלן. דאָ קאָנען זיין צוויי האַשאָרעס: אָדער די קאָפּיע פון דער רעזאָליוציע איז צוגעשטעלט געוואָרן דער פּאָליטישער ביוראָ באַ די ייִדישע דעפּוטאַטן פון די בונדישע עמעצן דורך עמעצן פון די בונדישע פירער, וועלכע האָבן זיך געווים באַמיט צו באקאנט מאַכן די געזעלשאַפטלעכקייט מיט זייער פּאָליטישער פּאָזיציע, אָדער זי שטאַמט פונעם פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט, מיט וועלכן די דעפּוטאַטן, דערהויפּט נ. פרידמאַן, זיינען געווען פאַרבונדן צוליב שטאַדלאָנישע צוועקן (וועגן דעם זע י. טשערניכאָוו — דאַנייִעלים זיכרוינעס „אין רוסישן פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט“ אין יובליי-בוך פון „הייַנט“, וואַרשע, 1928, ז"ז 186—187).

אַף ווי ווייט עס איז באַקאַנט, איז דידאָזיקע רעזאָליוציע ביז איצט נאָך ניט געווען פאַרעפנטלעכט. זי ווערט, הייסט דאָס, אַרויסגעבראַכט אין דער עפנטלעכקייט צום ערשטן מאָל.

וועגן דער קיעווער קאָנפערענץ פונעם „בונד“ אין 1915 זיינען ביז איצט געווען בלויז אייניקע שורעס באַם כאַוו. ראַפעס אין זיינע „עטיודן צו דער געשיכטע פון „בונד“ (אין רוסיש, מאָסקווע, 1923, ז. 249):

„אין 1915 איז אין קיעוו פאָרגעקומען אַ קליינע באַראַטונג מיטן אָנטייל פון 4—5 אומלעגאַלע בונדישע פּאַרטיי-גרופּן (קיעוו, אָדעס, קאַטערינאָסלאַוו, כאַרקאָוו, בערדיטשעוו, זשיטאָמיר), וועלכע האָט זיך פאַרנומען אויך מיט דערדאָזיקער פראַגע (וועגן קריגס-אינדוסטריעלע קאָמיטעטן. ש. ג.). מיר האָבן איצט ניט אונטער דער האַנט די רעזאָליוציע פון דער באַראַטונג און אונדז קומט אוים צו רעדן וועגן איר אויסשליסלעך לויטן זיקאָרן. אַף דערדאָזיקער באַראַטונג זיינען געווען פאָרגעשטעלט אַלע דריי שטרעמונגען, דערין אויך אַן אומקלאָר באָלשעוויסטישע, וועלכע האָט זיך נעגאַטיוו באַצויגן צו דעם אַלעמען, וואָס האָט ניט געהאַט קיין אומיטלבאַרע שייכעס צו דער דירעקטער רעוואָליוציאָנערער אַגיטאַציע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מילכאָמע.

...אַף דערדאָזיקער ערשטער פּאַרטיי-באַראַטונג אין 1915 האָט די „באַשיצלעריי“ (אָבאָראָנטשעסטווע) ניט באַקומען קיין שום שטיצע מיצאַד די פאָרשטייער פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס און האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פולקום איזאָלירט. אין דער רעזאָליוציע האָט זיך די באַראַטונג אַרויסגעזאָגט פאַר אַנטיילנעמען אין די קריגס-אינדוסטריעלע קאָמיטעטן, מאָמייִרנדיק עס אויסשליסלעך מיט אויסרעכענונגען אַף לעגאַלע מעגלעכקייטן“.

דידאָזיקע באַהויפּטונגען כאַזערט כ' ראַפעס איבער אויך אין זיין אַריינפיר-אַרטיקל צום 14-טן קאַפּיטל אינעם דריטן באַנד פון כאַוו. קירזשניצעס כרעסטאָמאַטיע „דער ייִדישער אַרבעטער“ (מאָסקווע, 1927, ז. 280).

דערבײַ פּראָגט ער אין זײַ אַרײַן אַ קלײנע אױסבעסערונג. ער װײַזט אָן, אַז די רעזאָליוציע װעגן אַנטײלנעמען אין די קריגס־אינדוסטריעלע קאָמיטעטן איז אָנגענומען געװאָרן „מיט אַ קלײנער מערהײט".

אָפּן סמאַך פֿון דער רעזאָליוציע, װעלכע מיר פּובליקירן איצט, מוזן מיר אָבער אָפּפֿרעגן דידראַזיקע באַהױפּטונג פֿון דעם כאַװ. ראַפּעס:

ערשטנס, פֿונעם גאַנצן גײַסט פֿון דער רעזאָליוציע איז צו זעען, אַז די באַראַטונג האָט זיך געשטעלט ניט אַף קײן „באַשיצלערישן" שטאַנדפּונקט און האָט זיך — װי כאַװ. ראַפּעס װײַזט אָן — שאַרף אַרױסגעזאָגט קעגן דער „באַשיצלערײַ" *. הײַנט װי־זשע האָט מען אָנגענומען מיט אַ מערהײט שטימען — זאָל זײַן אַ קלײנע מערהײט! — אַ רעזאָליוציע װעגן אַנטײלנעמען אין די קריגס־אינדוסטריעלע קאָמיטעטן?

צװײטנס, װערט ביכלאַל אין דער רעזאָליוציע מיט קײן װאָרט ניט דערמאָנט װעגן די קריגס־אינדוסטריעלע קאָמיטעטן.

װאָס איז שײַעך דער עצעם שטעלונג פֿון דער קאָנפֿערענץ צו דער מילכאָמע, איז זי אַ טיפּיש מענשעװיסטיש־פּאַציפֿיסטישע.

לינקע פֿראַזן קעגן דער מילכאָמע און פֿאַר פֿאַרשטאַרקן דעם קלאַסנקאַמף, אָבער קאַמף בלױז „קעגן דעם רעזשים פֿונעם 3־טן יוני" און ניט קעגן זעלבסטהערשונג ביכלאַל, רעװעראַנס פֿאַר די דײַטשישע סאָציאַל־פּאַטריאָטן אוקעדוימע.

טרעפֿלעך װערט די מילכאָמע־פּאָזיציע פֿונעם „בונד" כאַראַקטעריזירט דורכן אױסלענדישן באָלשעװיסטישן „סאָציאַל־דעמאָקראַט" אינעם אַרטיקל „אױך אינטערנאַציאָנאַליסטן" (זע „דער ייִדישער אַרבעטער", באַנד 3, ז.ז. 301—302).

די רעזאָליוציע װערט געבראַכט אין ייִדיש, אין אַ גענױער איבערזעצונג פֿון דער רוסישער קאָפּיע, װעלכע געפֿינט זיך אין אַרכיװ.

אַף דער רוסישער קאָפּיע, לינקס, איז אָנגעװיזן נום. 35, די קאָפּיע פֿאַרנעמט 2 זײַטן (אַף אַ שרײַב־מאַשין) פֿון אַ געװײנלעכן שרײַב־פֿאָרמאַט.

אין קאַנטיקע קלאַמערן װערן אײַנגעשלאָסן אונדזערע קאָמענטאַרן און הױסאָפּעס.

ש. ניעפּאָמניאשטשי.

„סאָף יוני [1915] איז פֿאָרגעקומען אַ קאָנפֿערענץ פֿון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין דאָרעם־מײַרעװ ראַיאָן. עס האָבן זיך באַטײליקט פֿאַרשטײער פֿון קיעװ (3), בערדיטשעװ (2), זשיטאָמיר (2) און קרעמענטשוג (1), אַ פֿאַרשטײער פֿון צ"ק פֿון „בונד" און אַ דעלעגאַט פֿון מאָזיר מיט אַ באַראַטונגס־שטים. עס זײַנען אױסגעהערט געװאָרן באַריכטן פֿון די ערטער און [אַ באַריכט] פֿון צ"ק. די קאָנפֿערענץ האָט געדױערט 2 טעג. עס זײַנען באַהאַנדלט געװאָרן די פֿראַגן: אונדזערע פּאָליטישע אױפֿגאַבן, װעגן די אַרױסגעשיקטע ייִדן, אָרטיקע אַרבעט, די אָרגאַניזאַציע פֿונעם ראַיאָן. איבער די הױפּט־פֿראַגן זײַנען אַרױסגעטראָגן געװאָרן רעזאָליוציעס:

## אונדזערע פּאָליטישע אױפֿגאַבן

1) צוליב דעם, װאָס די איצטיקע מילכאָמע, פּונקט װי ביכלאַל אַלע מילכאָמעס צװישן די אַנטװיקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, האָט אַן אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער און האָט פֿאַר איר ציל צו פֿאַרברײטערן דעם האַנדלס־מאַרק פֿאַר דער זיגנדיקער בורזשואַזיע אַפּן כעשבן פֿון דער באַזיגטער בורזשואַזיע; װאָס דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט איז דעריבער פֿײַנטלעך צו דערדאָזיקער מילכאָמע, — האַלט די קאָנפֿערענץ, אַז דער פּראָלעטאַריאַט פֿון אַלע לענדער דאַרף [פֿאַרנעמען] צו דערדאָזיקער מילכאָמע אַ שאַרף פּראָטעסטירנדיקע פּאָזיציע און אױסנוצן זי צו פֿאַרשטאַרקן זײַנע קלאַסן־פּאָזיציעס.

---

* אױספֿירלעכער און גענױער װעגן דער שטימונג פֿון דער קאָנפֿערענץ זע װײַטער אין כ׳ אײַנזאַפּטס מיטײלונג. רעדאַקציע.

2) איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון דער ס"ד איז צו דערקלערן די ברייטע מאַסן די עמעסע סיבע פון דער מילכאָמע און קעמפן קעגן די נאַציאָנאַליסטישע און שאָוויניסטישע שטי־מונגען, וועלכע ווערן געשאַפן בא די מאַסן, אַדאַנק דער אַגיטאַציע פון דער בורזשואַזער פּרעסע.

3) די איצט ניטגינסטיקע קריגס־לאַגע רוסלאַנדס אין גאַנג פונעם אייראָפּעישן קריג מאַך בעשום אויפן ניט צווינגען די רוסישע ס"ד אָפּצוזאָגן זיך פון דער הויפּט־אויפגאַבע פונעם אינ־טערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם — מאָביליזירן די קויכעס פונעם פּראָלעטאַריאַט אַרום דער פאָדע־רונג פון שאָלעם, וועלכער זאָל ניט האָבן ניט קיין זיגער, ניט קיין באַזיגטע, זאָל ניט שאַפן קיין נייע געפאַר פון ווייטערדיקע באַוואָפענונגען און מילכאָמעס און זאָל דערנעענטערן דאָס פאַר־ניכטן פונעם מיליטאַריזם. די פאַרווירקלעכונג פון דערדאָזיקער אויפגאַבע ווערט פאַר דער רו־סישער ס"ד פאַרלייכטערט דערמיט, וואָס אַפן זעלביקן וועג פון קאַמף פאַר שאָלעם האָט זיך שוין געשטעלט אויך די ס"ד פאַרטיי פון דייטשלאַנד [!], אַ לאַנד, וואָס קעמפט קעגן רוסלאַנד. די רוסישע ס"ד פאַרטיי דאַרף דעריבער מיט דער גאַנצער ענערגיע קעמפן קעגן די לאָזונגען פון דער רוסישער רעגירונג און די בורזשואַזע פאַרטייען („מילכאָמע ביזן סאָף“, „מילכאָמע ביזן ניצאָכן“), וואָס דורך זיי שטרעבט מען צו פּאָפּוליאַריזירן בא דער פאָלקס־מאַסע אויך דעם קלוימערשט לאַנדשוץ־כאַראַקטער פון דער מילכאָמע, וועלכע ווערט אין דער ווירקלעכקייט געפירט פון ביידע קאָאַליציעס מיט קלאָר־אויסגעשפּראָכענע פאַרכאַפּערישע צוועקן (5 פאַר, 2 קעגן).

4) די רעאַקציאָנערע פּאָליטיק פון דער איצטיקער רעגירונג, וועלכע האָט אַפילע אַף דער צייט פון דער מילכאָמע ניט אָפּגעשטעלט איר קאַמף קעגן דעם פאָלק, דער וואַקסנדיקער יאַק־רעס, צוזאַמען מיט דער אומפעיקייט פון דער רעגירונג צו באַפרידיקן די נייע נויטן פון לאַנד, די מאַפּאָלעס פון דער אַרמיי — דאָס אַליץ פאַרשטאַרקט די אומצופרידנקייט בא די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און דערנעענטערט דעם אומפאַרמיידלעכן אינערלעכן פּאָליטישן קריזיס און שאַפט אַף אַזאַ אויפן אַ באָדן פאַר אַן אַנטשיידענעם קאַמף קעגן דעם רעזשים פונעם 3־טן יוני. די אומגינסטיקע לאַגע אַפן טעאַטער פון די קריגס־אָפּעראַציעס קאָן ניט נ"ט [דאָס צווייטע מאָל „ניט“ איז איבעריק. ש. נ.]אָפּשטעלן אונדזער קאַמף קעגן דער אַלטער מאַכט. מיר דאַרפן אונטערשטרייכן אין אונדזער אַגיטאַציע, אַז צו דער איצטיקער מאַפּאָלע האָט גע־בראַכט דערזעלביקער רעזשים און אַז אַפילע אין די אינטערעסן פון פאַרהיטן דאָס לאַנד פון אַן ענדגילטיקער מאַפּאָלע אין דערדאָזיקער מילכאָמע און אַף צו פאַרהיטן פון אַ מיעסן שאָ־לעם, וואָס אונדזער רעגירונג קאָן שליסן הינטער דער פּלייצע און קעגן די אינטערעסן פונעם פאָלק, — איז פעסט נויטיק טייקעף אַראָפּצוואַרפן דעם רעזשים פון 3־טן יוני.

5) פירנדיק אַ ברייטע אַגיטאַציע אַרום די ביידע גרונט־לאָזונגען פונעם מאָמענט: פאַר שאָלעם און שטירצן דעם רעזשים פון 3־טן יוני — דאַרף די ס"ד וועקן די אַקטיווקייט פונעם אַרבעטער־קלאַס, אויסנוצן יעדע מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן זיינע זעלבשטענדיקע אַרויסטרע־טונגען, זאַמלען און קאָנצענטרירן זיינע קויכעס אַרום דער ס"ד פּראַקציע [מענשעוויסטישער, די באָלשעוויסטישע פּראַקציע איז דענסטמאָל שוין געווען פאַרשיקט אין סיביר. ש. נ.], וועלכע וועט נאָכן צונויפרופן די דומע דאַרפן דורך איר טעטיקייט מיטהעלפן דער פאַרווירקלעכונג פון דיזעלביקע אויפגאַבן.

6) ווי אַ באַזונדער אויפגאַבע ווערט אַרויסגערוקט פאַר דער ס"ד דער קאַמף קעגן דער אַנטיסעמיטישער העצע און פּאָליטיק פון דער רעגירונג־מאַכט, וועלכע האָט שוין געבראַכט צו אַ פולקומער רויִנירונג פונעם ווילשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין אַ ריי גו־בערניעס. די פאָדערונג פון פולער ייִדישער גלייכבאַרעכטיקונג דאַרף אַרויסגערוקט ווערן אַף אַן אָנגעזעען אָרט, ווייל נאָר אַף אַזאַ וועג קאָן זיך איינגעבן צו צעקלאַפּן די פּלענער פון דער רעאַקציע, וועלכע שטרעבט פאַרצושטעלן די ייִדן ווי שולדיקע אין אַלע אומגליקן, וואָס עס האָט געבראַכט דעם לאַנד איר איינענע פּאָליטיק.

(די גאַנצע רעזאָליוציע איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק).

(דער פֿאָרשלאַג אַרײַנצושטעלן אין רעזאָליוציע װעגן די פּאָליטישע אופֿגאַבן אַן אַבזאַץ: „אַנערקענענדיק דעם כּוח פֿונעם פּראָלעטאַריאַט צו באַטײליקן זיך אין דער פֿאַרטיידיקונג פֿונעם לאַנד“ [איז] אָפּגעװאָרפֿן געװאָרן מיט 5 קעגן 1.)“.

---

# די דאָרעם-מײַרעװדיקע קאָנפֿערענץ פֿונעם „בונד“ אין 1915 יאָר

כ׳ ניעפּאָמניאַשטשי האָט אין אַרכיװ פֿון די ייִדישע דעפּוטאַטן פֿון דער 4-טער דומע געפֿונען די רעזאָליוציע װעגן דעם פּאָליטישן מאָמענט, װעלכע איז אָנגענומען געװאָרן אַף דער דאָרעם-מײַרעװדיקער קאָנפֿערענץ פֿונעם „בונד“ אין 1915.

אויך דער כ׳ ראַפּעס דערמאָנט אין זײַן בוך „Очерки по истории Бунда“ װעגן דערדאָזיקער קאָנפֿערענץ, דערבײַ אָבער ברענגט ער אײניקע ניט פּינקטלעכע ידיעות. עס װערן בײַ אים ניט ריכטיק אָנגעװיזן די שטעט, װעלכע זײַנען געװען פֿאָרגעשטעלט אַף דער קאָנפֿערענץ, װי אויך די פֿראַגן, װאָס האָבן זיך דאָרט באַהאַנדלט. װי אַן אָנטײלנעמער פֿון דערדאָזיקער קאָנפֿערענץ, װיל איך געבן אַ מער אויספֿירלעכן באַריכט פֿון איר.

די איניציאַטיװ צו דערדאָזיקער קאָנפֿערענץ געהערט דער קיעװער אָרגאַניזאַציע פֿון „בונד“. נאָך אין מאַי 1915 האָט די זשיטאָמירער אָרגאַניזאַציע פֿון „בונד“ באַקומען אַ מעלדונג פֿון דער קיעװער אָרגאַניזאַציע, אַז אינגיכן װערט צונויפֿגערופֿן אַ בונדישע קאָנפֿערענץ פֿונעם דאָרעם-מײַרעװדיקן ראַיאָן. צו דער מעלדונג איז געװען צוגעלײגט דער אָנגעמערקטער טאָג-סדר, װעלכער האָט אײַנגעשלאָסן די פֿראַגן װעגן די הילפֿס-קאָמיטעטן, װעגן דער באַציִונג צו אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטײען און װעגן דער אַרבעט אינעם ראַיאָן. די פֿראַגע װעגן דער מלחמה איז באַזונדער אין טאָג-אָרדענונג ניט אויסגעטײלט געװאָרן. געגנוי דעם טערמין, װען די קאָנפֿערענץ װערט צונויפֿגערופֿן, האָט מען דער זשיטאָמירער אָרגאַניזאַציע אָנגעװיזן ערשט מיט אַ דרײַ װאָכן שפּעטער. אין מעשך פֿון יוני כוידעש זײַנען אין זשיטאָמיר דורכגעפֿירט געװאָרן אַ פּאָר פֿאַרזאַמלונגען, אַף װעלכע עס זײַנען באַהאַנדלט געװאָרן די פֿראַגן, װאָס שטײען אין טאָג-אָרדענונג פֿון דער קאָנפֿערענץ, און עס זײַנען אויסגעקליבן געװאָרן צװײ דעלעגאַטן.

די קאָנפֿערענץ איז פֿאָרגעקומען אין קיעװ אין די לעצטע טעג פֿון יוני אָדער אין די ערשטע טעג פֿון יולי כוידעש. זי האָט געדויערט צװײ טעג. אַף דער קאָנפֿערענץ זײַנען געװען פֿאָרגעשטעלט פֿאָלגנדיקע פֿיר שטעט פֿון דאָרעם-מײַרעװ ראַיאָן: קיעװ — צװײ דעלעגאַטן („מיכאַיִל“, ער איז געװען באַװוסט אין קיעװ אין 1917—18 יאָרן אונטערן נאָמען מיכאַיִל טשודנאָװסקי, זײַן עמעסער נאָמען איז שלוימע ליפּשיץ, און „מיכל דער סטודענט“, זײַן ריכטיקע פֿאַמיליע איז געװען טשאַפּאָװסקי, געשטאָרבן אין 1918 אָדער 1919), זשיטאָמיר — 2 דעלעגאַטן (ש. אײַנזאַפּט און ל. לעפּעל); בערדיטשעװ — 2 דעלעגאַטן: מײער פּורעלקאָ און לעאָן (זײַן פֿאַמיליע פֿאַרגעסן), קרעמענטשוק 1 דעלעגאַט (זײַן פֿאַמיליע פֿאַרגעסן). אויסער דעם איז נאָך געקומען אַ דעלעגאַט פֿון מאָזיר (עסטער גורעצקע), װעלכער די קאָנפֿערענץ האָט באַשטימט געבן נאָר באַראַטונגס-רעכט. אַף דער קאָנפֿערענץ איז אויך געװען אַ פֿאָרשטײער פֿונעם צענטראַל-קאָמיטעט פֿון „בונד“, אײנער פֿון די אָנגעזעענע פּאַרטײ-אָנפֿירער, װעלכער האָט אַף דער קאָנפֿערענץ פֿיגורירט אונטערן נאָמען „כאַװער גערשאָן“. די קאָנפֿערענץ האָט באַשטימט דערקלערן זיך פֿאַר אַ קאָנפֿערענץ פֿונעם בונד פֿון דאָרעם-מײַרעװ ראַיאָן און האָט אָנגענומען אַזאַ טאָג-אָרדענונג: באַריכטן פֿון די ערטער, אַן אינפֿאָרמאַטיװער באַריכט פֿון צ״ק, דער פּאָליטישער מאָמענט און אונדזערע אופֿגאַבן, אונדזער באַציִונג צו די הילפֿס-קאָמיטעטן, די אַרבעט אין ראַיאָן.

אין כ׳ ראַפּעסעס בוך ווערט אָנגעוויזן, אַז אַף דער קאָנפערענץ האָט זיך באַהאַנדלט די פראַגע וועגן דער באַציִונג צו די מיליטער־אינדוסטריעלע קאָמיטעטן. נאָר ווי איך געדענק האָט זיך דידאָזיקע פראַגע אַף דער קאָנפערענץ ניט באַהאַנדלט.

פון די באַריכטן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַף די ערטער, וועלכע זיינען פאָרגעשטעלט אַף דער קאָנפערענץ, פירט זיך אַ געוויסע נאָר שוואַכע, אונטערערדישע אַרבעט. אַ באַדייטנדיקן טייל ענערגיע האָט באַ די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס צוגענומען די אַרבעט אַרום די הילפס־קאָמי־טעטן פאַר די היימלאָזע. די קיעווער דעלעגאַטן האָבן דערציילט, אַז זייער אָרגאַניזאַציע האָט געפרוווט איינשטעלן פאַרבינדונגען מיט אָדעס, קאַטערינאָסלאַוו און כאַרקאָוו, נאָר דאָס האָט זיך איר ניט איינגעגעבן, פון וואָס עס איז געמאַכט געוואָרן אַן אויספיר, אַז אין די אָנגערופענע שטעט האָבן דענסטמאָל קיין אָרגאַניזירטע בונדישע גרופּן ניט עקזיסטירט. דעם אינהאַלט פונעם באַריכט פונעם צ״ק, וועלכן עס האָט געמאַכט דער פּאָרשטייער פונעם לעצטן, געדענק איך ניט; איך געדענק נאָר, אַז ער איז ניט געווען קיין באַזונדערס רייכער.

די וויכטיקסטע פראַגע, וואָס האָט ארויסגערופן לעבעדיקע דעבאַטן, איז געווען די פראַגע וועגן דער באַציִונג צו דער מילכאָמע. די זשיטאָמירער אָרגאַניזאַציע האָט געגעבן אירע דעלע־גאַטן אַן אָנזאָג פאָרצולייגן דער קאָנפערענץ, זי זאָל איינשליסן אין טאָג־אָרדענונג אַ באַזונדערן פונקט וועגן דעם, נאָר לויטן פאָרשלאָג פונעם פאָרשטייער פונעם צ״ק איז באַשטימט געוואָרן די פראַגע וועגן דער מילכאָמע באַהאַנדלען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פראַגע וועגן דעם פּאָלי־טישן מאָמענט. מיט אַ פאָרטראַג וועגן דער לעצטער פראַגע איז אַרויסגעטראָטן דער פאָרשטייער פונעם צ״ק, וועלכער האָט פאַרנומען די פּאָזיציע פון דער אַזוי גערופענער „רעוואָלוציאָנערער באַשיצלעריי“. דעם פאָרטרעגערס אַלגעמיינער געדאַנק איז געווען בעערעך אַזאַ: איידער די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן איז דער כוויו פונעם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער געווען מיט אַלע מיטלען ניט צו דערלאָזן די מילכאָמע. נאָר וויבאַלד זי האָט זיך שוין אָנגעהויבן, קאָן דער פראָלעטאַריאַט ניט דערלאָזן, אַז זיין פּאָטערלאַנד זאָל ליידן אַ מאַפּאָלע און ער מוז דעריבער אָנטייל נעמען אין פאַרטיידיקן זיין לאַנד. דערביי האָט דער פּאָרטרעגער צווישן אַנדערעס זיך סוימעד געווען אויך דערוף, וואָס בעבעל האָט זיך אויסגעדריקט, אַז אויב עמעצער וועט אָנפאַלן אַף דייטשלאַנד, וועט ער דער ערשטער נעמען די ביקס און גיין פאַרטיידיקן זיין לאַנד. שטעלן די פראַגע וועגן דעם, ווער איז שולדיק אין דער מילכאָמע, קאָנען מיר ניט. מיר זיינען ניט קיין ר׳כטער, מיר זיינען פּאָליטישע טוער. דערפאַר קאָנען מיר אויך ניט שטעלן די פראַגע, ווער פון די אויסלענדישע סאָציאַליסטן האַנדלט ריכטיק — די דייטשישע, צי די ענגליש־פראַנצויזישע. וואָס איז שייעך צו רוסלאַנד, קאָן איצט דער אַרבעטער־קלאַס ניט נעמען קיין אנטייל אין פאַר־טיידיקן דאָס לאַנד, קאָלזמאַן עס עקזיסטירט די רעאַקציאָנערע צאַרישע רעגירונג. די אופגאַבע פונעם אַרבעטער־קלאַס איז שטירצן די צאַרישע רעגירונג און נאָכדעם נעמען אַן אַקטיוון אנטייל אין פאַרטיידיקן דאָס לאַנד.

אַן אַנדער שטאַנדפּונקט האָט פאַרטיידיקט דער שרייבער פון דידאָזיקע שורעס. אין מיין וואָרט, וואָס איך האָב גענומען דער ערשטער נאָכן פּאָרטרעגער, האָב איך אַרויסגערוקט דעם געדאַנק, אַז אין דער צייט פון מילכאָמע האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן צוויי פּרינציפּן, וועלכע מיר האָבן געוווסט ביז דער מילכאָמע. דער פּרינציפּ פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם און דער פּרינציפּ פון פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד. אַזוי ווי דער ערשטער איז איינער פון אונדזערע גרונט־פּרינציפּן, איז קלאָר, אַז מיר טאָרן פון אים זיך ניט אָפּזאָגן. מע דאַרף דערום פאַרנעמען אַ שאַרף נעגאַטיווע שטעלונג צו דער מילכאָמע. די הויפּט־אופגאַבע פון פּראָלעטאַ־ריאַט איצט איז פירן אַ קאַמף פאַר שאָלעם און פאַר ליקווידירן די מילכאָמע. מיר דאַרפן שאַרף קריטיקירן די האַנדלונג פון די מיירעוו־אייראָפּעיִשע סאָציאַליסטן, וועלכע העלפן זייערע רעגי־רונגען פירן די מילכאָמע.

די דעבאַטן וועגן דערדאָזיקער פראַגע זיינען געווען דויערנדיקע און האָבן, ווי מיר דוכט. זיך געצויגן אַ גאַנצן טאָג; דוכט זיך, אַז וועגן דערדאָזיקער פראגע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט אַלע

אנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ. פון די דעבאַטן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַפן פאָרטרעגערס זייט זיינען דריי דעלעגאַטן מיט שטימרעכט: ביידע בערדיטשעווער און איין דעלעגאַט פון זשיטאָמיר. אַף דעם צווייטן שטאַנדפונקט זיינען געשטאַנען די איבעריקע פיר דעלעגאַטן מ ט שטימרעכט: ביידע קיעווער, דער דעלעגאַט פון קרעמענטשוק און דער צווייטער זשיטאָמירער דעלעגאַט. אַף וויפל מיר געדענקט זיך, איז די דעלעגאַטקע פון מאָזיר מיט באַראַטונגס-רעכט אויך צוגעשטאַנען צו דער לעצטער מיינונג.

נאָכן פאַרענדיקן די דעבאַטן זיינען געשטעלט געוואָרן צו אָפשטימונג צוויי פראָיעקטן פון רעזאָלוציעס: דער פראָיעקט פונעם פאָרטרעגער, וועלכער איז דערנאָך געלייגט געוואָרן א ן גרונט פון דער אָנגענומענער רעזאָלוציע, און דער פראָיעקט, וועלכן איך האָב אַריינגעטראָגן אין נאָמען פון דער זשיטאָמירער אָרגאַניזאַציע. דער לעצטער איז געווען די רעזאָליוציע, וואָס עס האָט אָנגענומען די זשיטאָמירער אָרגאַניזאַציע באַם קלייבן די דעלעגאַטן אַף דער קאָנפערענץ. דער טעקסט פון דער זשיטאָמירער רעזאָלוציע איז געווען אַזאַ:

א) אנערקענענדיק 1) אַז די איצטיקע מילכאָמע ווי אַלע מילכאָמעס פון קאַפיטאַליסטישע אַנטוויקלטע לענדער צווישן זיך, טראָגט אַן אימפעריאַליסטישן כאַראַקטער און האָט פאַר איר ציל פאַרברייטערן פאַר דער באַזיגנדער בורזשואַזיע איר האַנדלס-מאַרק אַפן כעשבן פון דער באַזיגטער בורזשואַזיע, 2) אַז די אינטערעסן פונעם אַלוועלטלעכן פראָלעטאַריאַט זיינען קעגן דער איצטיקער מילכאָמע, ווי אויך קעגן מילכאָמעס ביכלאַל, — געפינען מיר: א) אַז דער פראָלעטאַריאַט פון אַלע קריגספירנדיקע לענדער, ווי אויך דער פראָלעטאַריאַט פון די נייטראַלע לענדער, דאַרף פאַרנעמען אַ שאַרף פראָטעסטירנדיקע שטעלונג אין באַציִונג צום קריג, ב) אַז ער דאַרף מיט אַלע מעגלעכע מיטלען, אַלס אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכע קראַפט, קעמפן קעגן דער ווייטערדיקער פאַרזעצונג פונעם קריג און פאַר באַלד שליסן שאָלעם אום יעדן פרייז.

ב) אנערקענענדיק, אַז דאָס שטעלן זיך פון די סאָציאַלסטן אַף דער זייט פון איינער פון די קעמפנדע בורזשואַזע רעגירונגען, איז דערמיט, וואָס עס צעשטערט דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַכדעס און גייט קעגן די גרונט-יעסוידעס פונעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, העכסט שעדלעך פאַר די אינטערעסן פון פראָלעטאַריאַט, טרעטן מיר שאַרף אַרויס קעגן דער האַנדלונג פון די דייטשישע סאָציאַליסטן, פון איין זייט, פון די פראַנצויזישע און ענגלישע, פון דער אַנדערער זייט, וועלכע העלפן מיט זייער טעטיקייט די בורזשואַזע רעגירונגען פון זייערע לענדער אין זייער רויבעריש בלוטפאַרגיסערישער אַרבעט.

ג) מיט גרויס פרייד און צופרידנקייט קאָנסטאַטירן מיר דעם פאַקט, אַז די שאָוויניסטישע און מיליטאַריסטישע שטימונגען האָבן געהאַט גאָר אַ קליינעם, ניטבאַדייטנדיקן איינפלוס אַפן באַוווּסטזיניקן טייל פונעם רוסלענדישן פראָלעטאַריאַט און אַז אַכוץ קליינע אויסנאַמען איז דער רוסישער פראָלעטאַריאַט טריי געבליבן די פרינציפּן פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם.

ד) מיר זאָגן זיך אָנטשיידן אַרויס קעגן די רוסישע כאַוויירים, וועלכע מיינען, אַז מיר דאַרפן מיטפילן רוסלאַנד, ווי אויך קעגן די, וועלכע מיינען, אַז מיר דאַרפן מיטהעלפן דעם זיג פון דייטשלאַנד. דער רוסישער פראָלעטאַריאַט דאַרף שטיין אויסער די קויכעס, וועלכע נעמען אַף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן קריג. עס דאַרף געפירט ווערן אַ שאַרפער קאַמף מיט די מיינונגען, וועלכע פירן צו דער אָפשוואַכונג פון דערדאָזיקער פּאָזיציע" *.

פאַרן אָפשטימען האָט איינער פון די קיעווער דעלעגאַטן, טשאַפּאָווסקי, געמעלדעט, אַז באָטש פרינציפּיעל שטייט ער אַף דעם שטאַנדפונקט פון די קעגנער פון אַנטיילנעמען אין דער מילכאָמע, נאָר אַזוי ווי אים געפעלט ניט דער טעקסט פון דער זשיטאָמירער רעזאָלוציע, וועט ער שטימען דערפאַר, אַז אין גרונט פון דער קינפטיקער רעזאָלוציע זאָל געלייגט ווערן דעם פאָרטרעגערס פראָיעקט. אַף אַזאַ אויפן האָט זיך באַם אָפשטימען באַקומען, אַז פיר האָבן געשטימט פאַרן פאָרטרעגערס פראָיעקט, און דריי פאַר דער זשיטאָמירער רעזאָלוציע.

נאָכן אָנעמען דעם פאָרטרעגערס פראָיעקט איז די קאָנפערענץ אַריבערגעגאַנגען צום אָפשטימען די רעזאָליוציע פונקטנווייז. דאָ האָט די מערהייט אויסגעשלאָסן פון דער רעזאָליוצ ע

* איין עקזעמפליאַר פון דער זשיטאָמירער רעזאָליוציע, איבערגעשריבן נאָך דער קאָנפערענץ, איז פאַרבליבן באַהאַלטן באַם כאַווער סימכע ספעקטאָר. די רעזאָליוציע ווערט גטבראַכט לויט דעמדאָזיקן עקזעמפליאַר.

די אויסגעשפּראָכענע „באַשיצלערישע" שטעלן. אַזוי, לעמאָשל, איז צום פּאַרטרעגערם פּראָיעקט צוגעגעבן געוואָרן דער ערשטער פונקט פון דער אָנגענומענער רעזאָלוציע *, וועלכער איז גענומען געוואָרן פונעם זשיטאָמירער פּראָיעקט; אינעם 4-טן פונקט איז פאַר די ווערטער: „מיר דאַרפן אונטערשטרייכן" אַרויסגעוואָרפן געוואָרן דער אַבזאַץ: „אַנערקענענדיק דעם כוויו פונעם פּראָלעטאַריאַט צו באַטייליקן זיך אין דער פאַרטיידיקונג פון לאַנד"; נאָך אין אַ אָרט איז אויך אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אַן ענלעכער אַבזאַץ.

די צווייטע וויכטיקע פראַגע, וועלכע האָט זיך באַהאַנדלט אַף דער קאָנפערענץ, איז געווען די פראַגע וועגן אונדזער באַציִונג צו די הילפס-קאָמיטעטן. אין די שטעט פון דאָרעם-מײַרעוודיקן ראַיאָן זיינען אין יענער צייט געווען אַסאַך היימלאָזע פון פּוילן. די מיטגלידער פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן גענומען אַן אַקטיוון אנטייל אין דער הילפס-אַרבעט, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די אָנגערופענע יִדישע הילפס-קאָמיטעטן. אַף דער קאָנפערענץ זיינען אַלע מאַסקעס געווען דערמיט, אַז עס איז נויטיק צו אַרבעטן אַף דעם געביט, מיינונגס-פאַרשיידנ-הייטן האָט אַרויסגערופן נאָר די פראַגע, צי דאַרפן די בונדישע אָרגאַניזאַציעס שטרעבן דערצו, אַז זייערע פאַרשטייער זאָלן אנטיילנעמען אויך אין די אָ נ פ י ר נ ד י ק ע אָ ר ג אַ נ ע ן פון די הילפס-קאָמיטעטן, אָדער זיי דאַרפן זיך באַנוגענען נאָר מיטן אנטיילנעמען אין דער פּראַקטישער אַרבעט פון באַדינען די היימלאָזע, אַרויסטרעטנדיק אַף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די הילפס-קאָמיטעטן בלויז מיט קריטיק פון די בורזשואַזע קלאַל-טוער, וואָס פירן מיט זיי אָן. די קאָנפערענץ האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן גיין אין די אָנפירנדיקע איינריכטונגען פון די הילפס-קאָמיטעטן. פאַרן צווייטן פאָרשלאָג איז, דוכט זיך, געווען ניט מער ווי איינער אָדער צוויי שטימען.

די דריטע וויכטיקסטע פראַגע איז געווען וועגן דער אַרבעט אין ראַיאָן. די קאָנפערענץ האָט באַשטימט שאַפן אַ ראַיאָן-ביוראָ פונעם דאָרעם-מײַרעוודיקן קאַנט, וועלכע זאָל אונטערהאַלטן שטענדיקע פאַרבינדונגען מיט די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס און אויך מיטן צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד". ווי מיר דוכט, האָט די קאָנפערענץ אויך אָנגענומען אַ באַשטימונג, אַז די ראַיאָן-ביוראָ זאָל אַרויסגעבן אַ פּעריאָדישן ביולעטען. די ראַיאָן-ביוראָ איז באַשטאַנען פון 3 מיטגלי-דער: דעם שרייבער פון דיזאָזיקע שורעס, כ' טשאַפּאָווסקי; דער דריטער איז געווען אָדער דער צווייטער קיעווער דעלעגאַט, אָדער דער קרעמענטשוקער דעלעגאַט, פּינקטלעך געדענק איך ניט, נאָר גיכער — דער ערשטער.

אַפּן אַנדערן טאָג נאָכן פאַרענדיקן די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון דער ראַיאָן-ביוראָ מיטן אנטייל פונעם פאַרשטייער פון צ"ק. אַף וויפל איך געדענק, האָט זיך אַף דעררדאָזיקער זיצונג באַהאַנדלט די פראַגע וועגן צעשיקן די רעזאָלוציעס אַף די ערטער און וועגן אַריבערשיקן זיי קיין אויסלאַנד צוזאַמען מיט אַ באַריכט פון דער קאָנפערענץ. אויספירן דאָס לעצטע האָט אַף זיך גענומען דער פאַרשטייער פונעם צענטראַל קאָמיטעט. מיר דוכט, אַז אַף אָט דער זי-צונג זיינען אויך ענדגילטיק רעדאַגירט געוואָרן די אָנגענומענע רעזאָלוציעס.

די ראַיאָן-ביוראָ האָט קיין לאַנגע יאָרן ניט געהאַט. אין זשיטאָמיר האָבן מיר נאָר באַ-וויזן דורכצופירן אַ פאַרזאַמלונג, אַף וועלכער עס איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַן אויספירלעכער באַריכט פון דער קאָנפערענץ.

דעם 22-טן יולי האָב איך געזאָלט אַרויספאָרן אין נאָמען פון דער זשיטאָמירער אָרגאַ-ניזאַציע מיט אַ באַריכט וועגן דער קאָנפערענץ קיין קאָרעסטישעוו (30 וויאָרסט פון זשיטאָ-מיר), ווו לויט אונדזערע יעדיעס איז געווען אַ געוויסע צאָל בונדאָווצעס, וועלכע מיר האָבן גע-וואָלט אָרגאַניזירן, היגטער דער שטאָט בין איך אָבער אַרעסטירט געוואָרן. כאָטש איך האָב געהאַט באַ זיך די רעזאָלוציע פון דער קאָנפערענץ, נאָר באַם באַזוכן האָט די פּאָליציי זי ניט געפונען. אין דעמזעלביקן טאָג זיינען אין זשיטאָמיר פאָרגעקומען נאָך אייניקע אַרעסטן:

* זע אויבן. ז. 240—241. ר ע ד אַ ק צ י ע.

באַם איבערשרײבן די רעזאָלוציע איז אַרעסטירט געוואָרן אַ מיטגליד פון קאָלעקטיוו (אָנפירנדיקער אָרגאַן פון דער אָרגאַניזאַציע), סימכע ספּעקטאָר. דעם כאַוו. ספּעקטאָר האָט דערנאָך געמישפּעט דער קיעווער קריגס־געריכט לויטן 129־טן אַרטיקל און פאַרמישפּעט אים צו צוויי יאָר פעסטונג. איך פערזענלעך בין אָפּגעקומען דערמיט, וואָס מע האָט מיך אַדמיניסטראַטיוו אַרויסגעשיקט אין אירקוטסקער גובערניע אַף דער צײַט פון דער מילכאָמע.

אין דערזעלביקער צײַט איז אין קיעוו אַרעסטירט געוואָרן אײנער פון די דעלעגאַטן פון דער קאָנפערענץ מיכאַיל טשודנאָווסקי, וועלכער איז געווען אײנער פון די אַקטיווסטע אָנפירער פון דער קיעווער בונדישער אָרגאַניזאַציע. דידאָזיקע אַרעסטן האָבן דעזאָרגאַניזירט די אַרבעט אין זשיטאָמיר, און מיסטאָמע אויך אין קיעוו, און די ראַיאָן־ביוראָ איז, ווי עס ווײַזט אויס, זיך צעפאַלן.

ש. אײנזאַפּט

פון דער רעדאַקציע: צוליב מאַנגל אין פּלאַץ איז אינעם אָפּטײל „מאַטעריאַלן און דאָקומענטן" ניט אַרײַן א רײ אַרבעטן און פּובליקאַציעס.

# כ ר אָ נ י ק

## א יאָר אַרבעט פון דער געזעלשאַפט פאַר שטודירן די ייִדישע שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע

די געזעלשאַפט איז באַשטעטיקט געוואָרן אַלס אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס אַרבעט אין מאַסשטאַב פון רספס"ר. ביזן ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער געזעלשאַפט האָט מיט דער געזעלשאַפט אָנגעפירט אַ צייטווייליקע פאַרוואַלטונג, וועלכע איז אויסגעוויילט געוואָרן אַף דער פאַרזאַמלונג פון די גרינדער פון דער געזעלשאַפט. די אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט זיינען געווען צוגעפעסטיקט צו באַזונדערע סעקציעס, וואָס עקזיסטירן אין דער געזעלשאַפט. יעדע סעקציע האָט געהאַט איר אויסגעוויילטע ביוראָ, וועלכע האָט אָנגעפירט מיט דער וויסנשאַפטלעך-פאָרשערישער און אינערלעך-אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט פון דער סעקציע.

די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע כאַווערים: פרידלאַנד צווי (פאָרזיצער), קירזשניץ א. (געהילף-פאָרזיצער), בראכמאַן א. (מיטגליד פון פרעזידיום), אייזנשטאַט מ. (מיטגליד פון פרעזידיום און סעקרעטאַר), ליטוואַקאָוו מ., פרומקינא מ. (עסטער), גרינבערג ז., פּאַלאַטניק ש. און נוסינאָוו י. אַלס קאַנדידאַטן: גאָלדע יו. און ריוועס ש. די רעווידיר-קאָמיסיע האָט געאַרבעט אין באַשטאַנד פון די כ"כ אַלטשולער מ., נאָוואַקאָווסקי י. און קאַנדידאַטן: גורשטיין א. און פרומקין א. עס איז אויך געווען ספּעציעל באַשאַפן אַ רעדאַקטיר-קאָלעגיע אַף צוזאַמענשטעלן דעם ערשטן בוך פון די „וויסנשאַפטלעכע יאָרביכער“ פון דער געזעלשאַפט. די קאָלעגיע איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע כ"כ: ליטוואַקאָוו מ. (פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר), פרידליאַנד צווי, הייליקמאַן ט., נוסינאָוו י., קירזשניץ א. און גורשטיין א. (סעקרעטאַר).

אין דעם פאָריקן יאָר האָבן זיך קאָנסטרויִרט און אָנגעהויבן אַרבעטן פאָלגנדיקע סעקציעס: 1) היסטאָרישע מיט צוויי סובסעקציעס פאַר געשיכטע און געשיכטע פון דער אַרבעטער-באַוועגונג (די ביוראָ — הייליקמאַן ט., קירזשניץ א., איינזאַפט ש. און לעוו א.); 2) סאָציאַל-עקאָנאָמישע (די ביוראָ — נאָוואַקאָווסקי י., קאַץ מ. און זשיוו י.); 3) פּעדאַגאָגישע (די ביוראָ — ריוועס ש., שולמאַן נ., פּאָליאַק ה. שוואַרצמאַן ב. און בעלאָבלאָצקע ר. ); שפּראַך-סעקציע (די ביוראָ — זאַרעצקי א., פאַלקאָוויטש ע. און פרומקין א.); 5) ליטעראַרישע (די ביוראָ — נוסינאָוו י., דאָברושין י. און בראָנשטיין י.); 6) עטנאָגראַפישע (די ביוראָ — גרינבערג ז. און אייזנשטאט מ.) און 7) ביבליאָגראַפישע (די ביוראָ — קירזשניץ א., גורשטיין א. און מערקין כ.). צו יעדער סעקציע איז צוגעפעסטיקט געווען אין סיידער פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט א סטודענט פון ייִדאָפּטייל פונפעדפאַק אָדער פון מיירעוו-אוניווערסיטעט אַלס סעקרעטאַר פון דער סעקציע.

די ערשטע אָרגאַניזאַציאָנעלע טריט פון דער געזעלשאַפט זיינען צונויפגעפאַלן מיטן גרייטן זיך צום צווייטן אַלפאַרבאַנדישן קולטור-צוזאַמענפאָר אין כאַרקאָוו, אַף וועלכן ס'איז צום ערשטן מאָל געשטעלט און ברייט באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע פון דער ייִדישער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אין ראַטנפאַרבאַנד. אַף דער ערשטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט איז אויסגעהערט געוואָרן דעם כ' ליטוואַקאָווס פאָרטראַג וועגן די וועגן פון דער „ייִדישער וויסנשאַפט“ און עס זיינען אויסגעוויילט געוואָרן דעלעגאַטן אַפן צוזאַמענפאָר.

די דעלעגאַציע פון דער געזעלשאַפט האָט גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער אַרבעט פונעם צוזאַמענפאָר און באַזונדערס פון זיין ספּעציעלער וויסנשאַפטלעכער סעקציע. דאָ איז ברייט באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן אָרגאַניזירן די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אין מאַסשטאַב פונעם גאַנצן פאַרבאַנד און וועגן פאַנאַנדערטיילן די געביטן פון דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט צווישן די פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פונעם פאַרבאַנד. עס איז אָנגעמערקט געוואָרן אַ צענטראַלע קאָנטאַקטיר-ביוראָ אין באַשטאַנד פון די כ"כ ליטוואַקאָוו (פאָרזיצער), פרידלאַנד, ליבערבערג און אָרשאַנסקי. די פונקציעס פון סעקרעטאַריאַט פון דער קאָנטאַקטיר-ביוראָ זיינען ארופגעלייגט געוואָרן אַף דעם סעקרעטאַריאַט פון דער מאָסקווער געזעלשאַפט.

אין אַווגוסט כוידעש 1928 האָט די געזעלשאַפט געקריגן אַ מעגלעכקייט אויסערן פּלאַן צו באַקומען אַ קליינע סומע פאַר עטנאָגראַפישער אַרבעט. די געזעלשאַפט האָט קאָמאַנדירט דעם כ' זאַרעצ-

גרינבערג אַף איינשטעלן געוויסע פֿאַרבינדונגען אין דער פּראָווינץ, דערקלערן די ראָליע, צילן און מעטאָדן פֿון עטנאָגראַפֿישער אַרבעט, פֿאַרינטערעסירן דערמיט די אָרטיקע קולטור-טוער און יוגנט און צוגרייטן אַ באָדן פֿאַר אַ טיפֿערער פֿאָרשערישער אַרבעט.

דער כ׳ גרינבערג האָט דורכגעפֿירט אין די שטעטלעך ליבאַוויטש און כיסלאַוויטש שמועסן וועגן עטנאָגראַפֿיע, וועגן דער באַדייטונג פֿון קאַנטקענטעניש א. ד. גל. ער האָט אויך דורכגעפֿירט באַריכטן וועגן דער אַרבעט און וועגן די פּלענער אַף דעם געביט אין די פֿאַרשיידענע פּאַרטיייִשע, ראַטן- און געזעלשאַפֿטלעכע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן צוגעזאָגט שטיצע און מיטהילף באַ דער אַרבעט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם 60-יאָריקן יובילײ פֿון מ. נ. פּאָקראָווסקי, האָט די געזעלשאַפֿט איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלע אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג געווידמעט דעם יובילײ. וועגן דער ראָליע און באַדייטונג פֿון פּאָקראָווסקי אַלס קאָמוניסט-היסטאָריקער האָט רעפֿערירט דער כ׳ פֿרידליאַנד. דער כ׳ הײליקמאַן האָט אין זיין פֿאָרטראַג זיך אָפּגעשטעלט אַף דער באַדייטונג פֿון כ׳ פּאָקראָווסקיס אַרבעטן באַם דערלערנען די געשיכטע פֿון די ייִדן אין רוסלאַנד און פּוילן.

די אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג האָט אויך געשיקט אַ באַגריסונג דעם כ׳ פּאָקראָווסקי און האָט אויסגעוויילט אַלס אירע פֿאָרשטייער אַפֿן פֿייערלעכן יובילײ-אָוונט לעקאָווער דעם כ׳ פּאָקראָווסקי די כ״כ בראכמאַן און הײליקמאַן.

אַ צווייטע אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג איז געווען געווידמעט דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט אין ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע. באַריכטן וועגן דעם צושטאַנד און פּערספּעקטיוון פֿון דער אַרבעט האָבן אָפּגעגעבן די כ״כ ליבערבערג (פֿאַרוואַלטער פֿון דער קאַטעדרע פֿאַר ייִדישער קולטור באַ דער אוקראַינישער אַקאַדעמיע) און אָרשאַנסקי (פֿאַרוואַלטער פֿון ייִדסעקטאָר באַ דער ווייסרוסלענדישער אַקאַדעמיע), וועלכע זיינען געקומען אַף דער אָרדנטלעכער סעסיע פֿון דער צענטראַל-ביוראָ פֿון די ייִדישע וויסנשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס אין ראַטנפֿאַרבאַנד.

די געזעלשאַפֿט האָט אויך אָנטייל גענומען אין דער באַגעגעניש פֿונעם דיכטער א. רייזין און אין די מאָסקווער רייזען-פֿייערונגען. די געזעלשאַפֿט האָט זיך באַטייליקט אין גרויסן רייזען-אָוונט אין פּאָליטעכנישן מוזיי, האָט אָנטייל גענומען אין אָוונט, וועלכן די ליט. סעקציע פֿון דער קאָמאַקאַדעמיע האָט איינגעאָרדנט לעקאָווער דעם כ׳ רייזען און אויך איינגעאָרדנט אַ זעלבשטענדיקן אָוונט פֿאַר דער ייִדישער אַקאַדעמישער יוגנט און פֿאַר די געזעלשאַפֿטלעכע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס פֿון מאָסקווע. דער אָוונט איז פֿאָרגעקומען אין 2-טן מעלוכע-אוניווערסיטעט און אין אים האָבן אָנטייל גענומען די סעקציע אַף פֿאָרשן די געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג באַ דער געזעלשאַפֿט פֿון די געוועזענע פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס, די געזעלשאַפֿט פֿאַר ייִדישער מוזיק, די געזעלשאַפֿט „פֿריינט פֿון מאָסקווער ייִדישן טעאַטער“ און די סטודענטשאַפֿט פֿון מיירעוו-אוניווערסיטעט און ייִדאָפּטייל פֿונעם פּעדפֿאַק באַם צווייטן מעלוכע-אוניווערסיטעט.

די געזעלשאַפֿט האָט אַף אַן אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג אויסגעהערט דעם כ׳ זאַרעצקים אויספֿירלעכן פֿאָרטראַג וועגן דער וויסנשאַפֿטלעכער טעטיקייט פֿונעם פּריצייטיק-פֿאַרשטאָרבענעם כ׳ מ. ווייגנער. אַף דערזעלבער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג האָט דער כ׳ נ. אויסלענדער (וויסנשאַפֿטלעכער סעקרעטאַר באַ דער קאַטעדרע פֿאַר ייִד. קולטור באַ דער אוקראַינישער אַקאַדעמיע), וועלכער האָט זיך ערשט אומגעקערט פֿון זיין וויסנשאַפֿטלעכער קאָמאַנדירונג קיין אויסלאַנד, דורכגעלייענט אַ פֿאָרטראַג וועגן די קוואַלן פֿאַר ייִדישער ליטעראַטור-פֿאָרשונג אין דייטשלאַנד.

אין די איבעריקע אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונגען פֿון דער געזעלשאַפֿט איז אויסגעהערט געוואָרן אַ פֿאָרטראַג פֿון דעם כ׳ מינדלין וועגן דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פֿון די ייִדן אין ראַטנפֿאַרבאַנד לויט די מאַטעריאַלן פֿון דער פֿאָלקס-ציילונג פֿון 1926 י. און אַ פֿאָרטראַג פֿונעם כ׳ י. נוסינאָוו וועגן דער ייִדישער פּראָזע אין פּוילן און אַמעריקע.

מע דאַרף פֿאַרצייכענען, אַז די אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונגען פֿלעגן שטענדיק צוציען, כוץ די מיטגלידער פֿון דער געזעלשאַפֿט, אַ גרויסע צאָל אַרבעטער און לערן-יוגנט.

די געזעלשאַפֿט האָט אַנגעגעבן אין דער קאָלעגיע פֿון צענטראַרכיוו אַ מעמאָראַנדום, אין וועלכן זי האָט אָנגעוויזן אַף דער דרינגענדיקער נייטווענדיקייט צו צוטרעטן צו ברענגען אין אָרדענונג און באַאַרבעטן די אַרכיוו-מאַטעריאַלן (אין דער ערשטער ריי אין לענינגראַד און מאָסקווע), וועלכע האָבן אַ שייכעס צו ייִדישע איניאָנים. די פֿראַגע איז אין דער קאָלעגיע פֿון צענטראַרכיוו באַטראַכט געוואָרן און באַקומען דאָרט די אַנערקענונג, נאָר צוליב דעם מאַנגל אין געלט און אין שטאַטן (ס׳איז שוין געווען אינמיטן יאָר), זיינען די באַשלוסן נאָך ניט פֿאַרווירקלעכט געוואָרן.

## דער זונטיק־אוניווערסיטעט

איינע פֿון די וויכטיקסטע פֿונקציעס פֿון דער געזעלשאַפֿט איז די פּאָפּולאַריזאַטאָרישע אַרבעט. אין דעם פּראַט האָט די געזעלשאַפֿט אָנגעמערקט פֿאַרשיידענע פֿאָרמען: אַרטיקלען אין דער פּרעסע, פּאָפּולער-וויסנשאַפֿטלעכע אויסגאַבעס און אַנד. באַ דער פֿאַרוואַלטונג איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ לעקטאָרן-

ביוראָ, וואָס האָט געדאַרפט זיך פאַרבינדן מיט דער פּראָווינץ, אויסאַרבעטן אַ סיסטעמאַטישן צעטל לעקציעס אַף פאַרשיידענע געביטן פון קולטור און וויסנשאַפט. אָט־די אַרבעט פון דער לעקטאָרן־ביוראָ האָט זיך פאַר דעם פאַריקן יאָר ערשט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען זיך. ס׳זיינען געמאַכט געוואָרן נאָר די ערשטע אָרגאַניזאַציאָנעלע טריט. פאַר מאָסקווע איז דער פּלאַן אָנגענומען געוואָרן אין אַ פאַרברייטערטער פאָרם און עס איז אַרויסגערוקט געוואָרן די אידייע וועגן שאַפן באַם אַרבעטער קלוב „קאָמוניסט“ אַן אַרבעטער־זונטיק־אוניווערסיטעט.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס ס׳איז ערשט געמאַכט געוואָרן דער ערשטער פּרוּוו, און דאָס אויך אינמיטן יאָר, האָט די פאַרוואַלטונג איינגעאַנגען דערוף, אַז האַיאָר זאָל דורכגעפירט ווערן אַ פאַרקירצטע פּראָגראַם. מיט דעם האָט אויך מאַסקים געווען דער מאָסקווער קולט־אָפּטייל פון די פּראָפאַריינען, וועלכער האָט איינגעשלאָסן דעם אוניווערסיטעט אין זיין נעץ.

די לימודים האָבן זיך אין אוניווערסיטעט אָנגעהויבן דעם 27־טן יאַנוואַר און האָבן זיך געענדיקט אין האַלב מיי. פאַר דער צייט זיינען דורכגעלייענט געוואָרן 30 לעקציעס פון סיסטעמאַטישן קורס און איין עפּיזאָדישע:

| | |
|---|---|
| געשיכטע פון אַלקפּ(ב) — ראַפעס | 4 לעקצ. |
| „ „ דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג | 2 „ |
| געשיכטע פון די יידן אין רוסלאַנד—הייליקמאַן | 2 „ |
| געשיכטע פון יידישער ליטעראַטור אין XIX יאָרהונדערט—נוסינאָוו | 2 „ |
| די יידישע נאָכאָקטיאַבערישע ליטעראַטור—ליטוואַקאָוו | 1 „ |
| פיזיק—לייטמאַן | 6 „ |
| ביאָלאָגיע—נאָוואָגרודסקי | 5 „ |
| עקאָנאָמישע פּאָליטיק—נאָוואַקאָווסקי | 2 „ |
| עקאָנאָם-אַרבעט צווישן די יידישע מאַסן—נאָוואַקאָווסקי | 2 „ |
| וועלט-אויצרעס פון ענערגיע—זשיוו | 1 „ |
| ראַטנבויונג-סטראַשון | 2 „ |
| ראַטנבויונג אין דער יידישער סוויווע—סטראַשון | 1 „ |
| פּראָגראַם פון קאָמינטערן | 1 „ |

די לעקציעס פלעגן פאָרקומען אין דעם אַרבעטער קלוב „קאָמוניסט“, איינציקע לעקציעס פון נאַטורוויסנשאַפטלעכן ציקל זיינען פאָרגעקומען אין די געהעריקע קאַבינעטן פון קאָמוניסטישן מייריעוו־אוניווערסיטעט; עס איז אויך געווען איינגעאָרדנט אַן עקסקורסיע אַפן זאַוואָד „סערפּ און האַמער“.

די אָנפירונג מיט די קורסן האָט זיך קאָנסטרויִרט אין פאָלגנדיקן באַשטאַנד. פון דער פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט — כ׳ קירזשניץ, פון קלוב „קאָמוניסט“ — באַרנשטיין, פון נאַצמינד מ״ק אַלק״פּ(ב) — שפּראַך פּ., פון די לעקטאָרן — נאָוואַקאָווסקי, און פון די צוהערער — וואַקס און האָבבערג. כוצדעם איז געווען אַ געצאָלטער סעקרעטאַר פון אוניווערסיטעט.

דער באַשטאַנד פון די צוהערער איז אָנערקענט געוואָרן פאַר אַ גוטן. אַף די קורסן זיינען געווען 50% אַרבעטער און 50% אָנגעשטעלטע און קאָאָפּערירטע קוסטאַרן. דער אָפּזיי איז באַשטאַנען פון 10%—12%. דער נאָרמאַלער באַזוך איז געווען 90% פון די באַזוכער. צווישן די צוהערער פון אוניווערסיטעט איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אַנקעטע. די רעזולטאַטן פון דער אַנקעטע זיינען פּאָזיטיווע און גינסטיקע פאַר דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ פון דעם אוניווערסיטעט. אַלע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער עקזיסטענץ, אַלע זיינען גרייט צו באַזוכן די קורסן דעם צווייטן יאָר.

די מעטאָד־ביוראָ באַם דער צ״ב פון צ״ק אַלק״פּ(ב) האָט באַשטעטיקט די פּראָגראַם אַף ווייטער. זי האָט באַשטימט דעם אוניווערסיטעט מאַכן פאַר אַ 2־יאָריקן: דער ערשטער יאָר — אַן אַלגעמיינער, און אַפן צווייטן יאָר שאַפן דריי אָפּנויגן: 1) נאַטורוויסנשאַפט־טעכנישער, 2) עקאָנאָמיש־פּאָליטישער און 3) ליטעראַריש־געשיכטלעכער.

די פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן צו שאַפן אַ ספּעציעלע ווערביר־קאָמיסיע, וואָס זאָל אַף די פאַבריקן און זאַוואָדן פאַרינטערעסירן יידישע אַרבעטער און אַריינציען זיי אין זונטיק־אוניווערסיטעט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן דערפירן די צאָל צוהערער ביז הונדערט פּערזאָן און די צאָל אַרבעטער צווישן זיי ביז 75%. ס׳איז אויך באַשלאָסן געוואָרן איינאָרדענען אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען אַף די פאַבריקן און זאַוואָדן און אַרויסלאָזן אַ ספּעציעל בלעטל.

פון קינפטיקן יאָר איז אָנגעמערקט געוואָרן, אַז כוץ די לעקציעס, וואָס גייען אַריין אין קורס, זאָלן אויך פאַרברייטערט ווערן די עפּיזאָדישע לעקציעס אַף פאַרשיידענע טעמעס וועגן פראַגן פון מאַסן־דערציִונג, פונפּראַקטישער קולטור־בויונג, יידישער קונסט א. א. וו. דאָס אַלץ וועט העלפן פאַרוואַנדלען דעם צענטראַלן אַרבעטער־קלוב אין אַ באַזע פאַר פּאָפּוליאַריזירן און דורכפירן די פּאָליט־אויפקלערערישע אַרבעט פון דער געזעלשאַפט. עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די לעקטאָרן האָבן זיך דעם יאָר אָפּגעזאָגט פון האָנאָראַר, קעדיי פאַרשטאַרקן די עקזיסטענץ פונעם אוניווערסיטעט.

# פאַרלאַג־אַרבעט פון דער געזעלשאַפט

די פאַרלאַג-אַרבעט פון דער געזעלשאַפט דאַרף אָפּשפּיגלען דעם גאַנצן מעהוס פון דער געזעלשאַפט און אַרויסברענגען פאַר דער עפנטלעכקייט די רעזולטאַטן פון דער וויסנשאַפטלעך-פאָרשערישער אַרבעט סיי פון יעכידים-מיטגלידער, סיי פון געוויסע קאָלעקטיווע אַרבעטן. די געזעלשאַפט, אָפּאַרבעטנדיק בלויז איין יאָר, האָט נאָך ניט געקענט דערגרייכן צו אַזעלכע רעזולטאַטן.

נאָר שוין אַצינד קענען מיר פאַרצייכענען דאָס דערשיינען פונעם ערשטן בוך „וויסנשאַפטלעכע יאָרביכער“ פון דער געזעלשאַפט און דאָס צוגרייטן צום דרוק אַ גרעסערע מאָנאָגראַפיע: הונדערט יאָר יִידישע פּרעסע אין רוסלאַנד (צוזאַמענגעשטעלט א. קירזשניץ).

## די טעטיקייט פון די סעקציעס.

דער ערשטער יאָר איז אַריבער פאַר אַלע סעקציעס אין באַטראַכטן זייערע פּלענער, אָנמערקן קאָנקרעטע אַרבעט און פאַרבינדן זיך מיט די פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און זיך קאָנסטרויִרן. אייניקע פון די סעקציעס איז שוין געלונגען צוטרעטן צו דער פּראַקטישער לאַבאָראַטאָרישער און וויסנשאַפטלעך-פאָרשערישער אַרבעט.

### היסטאָרישע סעקציע

די היסטאָרישע סעקציע, וואָס האָט זיך פון אָנהויב אָן קאָנסטרויִרט אַלס אַ סעקציע מיט דריי זעלבשטענדיקע סובסעקציעס (געשיכטע, געשיכטע פון אַרבעטער-באַוועגונג און עטנאָגראַפיע), האָט אין מעשעך פון יאָר, אַפן סמאַך פון דערפאַרונג אין פּראַקטישער אַרבעט, איבערגעביטן איר סטרוקטור. אויסטיילנדיק אינגאַנצן פון זיך די עטנאָגראַפישע אַרבעט, האָט זי פאַרייניקט און ענגער פאַרבונדן די אַרבעטן פון די ערשטע צוויי סובסעקציעס. די סעקציע האָט זיך געשטעלט אַלס הויפּט-ציל אָנהייבן צו פאָרשן די געשיכטע פון יִדן אין רוסלאַנד פונעם סאָף XVIII יאָרהונדערט אָן, ניט אָפּזאָגנדיק זיך דערביי פון מיטהעלפן דער פאָרשונגס-אַרבעט פון די איינצלנע מיטגלידער און פאַרעפנטלעכן זייערע היסטאָרישע אַרבעטן אויך פון אַנדערע טקופעס. אַפן געביט פון דער געשיכטע פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, האָט די סעקציע באַשלאָסן, איר הויפּט-אויפמערקזאַמקייט לייגן אַף זאַמלען און פאָרשן די מאַטעריאַלן וועגן דעם אָנטייל פון די יִדישע אַרבעטער אין דער רסדא״פּ (און אין אַנדערע ניט-יִדישע פּאַרטייען), וועגן דעם אָנטייל פון די יִדישע אַרבעטער אין דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע, אין דער אָקטיאַבער-איבערקערעניש און אין דער רויטער אַרמיי; אין צוזאַמענהאַנג מיטן 25 יאָרטאָג פונעם צווייטן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר, ספּעציעל באַאַרבעטן די מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אַ שייכעס צום אָנטייל פונעם „בונד“ אין דעם צוזאַמענפאָר, זיין אַרויסטרעטן פון דער פּאַרטיי און דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג.

דער היסטאָרישער סעקציע איז אַויסגעקומען פון ערשטן מאָמענט אָן צו אַרבעטן אין ענגן קאָנטאַקט מיט דער סעקציע פון דערלערנען די געשיכטע פון דער יִיד. אַרבעטער-באַוועגונג באַ דער געזעלשאַפט געזו. פּאָליט-קאַטאָרזשאַנעס. פאַרשטייט זיך, אַז די אויפגאַבן און צילן פון די ביידע סעקציעס פאַלן ניט צונויף אינגאַנצן, סיי אין דער עפּאָכע (די סעקציע באַ די קאַטאָרזשאַנעס האָט הויפּטזעכלעך זיך פאַרנומען מיט די 80, 90 יאָרן און אָנהויב XX יאָרהונדערט), און סיי אין די מעטאָדן און פאָרמען פון דער אַרבעט (די סעקציע באַ די געזו. קאַטאָרזשאַנעס האָט געאַרבעט הויפּטזעכלעך איבער זיכרוינעס פון די אָנטיילנעמער אין דער באַוועגונג), אָבער אַ געוויסע צוזאַמענאַרבעטונג, אַן אויסטויש פון קעגנזייטיקער אינפאָרמאַציע וועגן די פּלענער און געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגען זיינען פאָרגעקומען. דער כ׳ קירזשניץ האָט זיין פאָרטראַג וועגן „בונד“ און רסדא״פּ. אין דער צייט פון צווייטן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר“ געלייענט אַף אַ געמיינזאַמער זיצונג פון די ביידע סעציעס.

אַף די זיצונגען פון דער היסטאָרישער סעקציע זיינען צווישן אַנדערע אויסגעהערט געוואָרן פאָרטראַגן פון כ׳ שאָלעם שאַפּירע וועגן דער מעטאָדאָלאָגיע פון פאָרשן די געשיכטע פון דער יִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, פון כ׳ הייליקמאַן וועגן לייבע נאָוואָכאָוויטשן, פון כ׳ קאהאַן „די דעקאַבריסטן און די יִדן-פראַגע“ (לויט נייע מאַטעריאַלן), פון כ׳ קאָצינע וועגן מאַרעק׳ס אַרכיוו און מיטיילונגען פון כ׳ מאַרגאָליס וועגן מאַטעריאַלן פון יִדישע פאַבריקן און יִדישע אַרבעטער פון 1828 יאָר (לויט אָנגאַבן פון זשורנאַל «Мануфактура и Торговля» כ׳ ניעפּאָמניאשטשי—נייע מאַטעריאַלן וועגן ליבערמאַנען און קאהאַן וועגן מאַטעריאַלן פאַר דער געשיכטע פון דער עמאַנסיפּאַציע פון יִדן אין מיירעוו-אייראָפּע, וואָס עס האָט איבערגעלאָזן דער טראַגיש-אומגעקומענער ראַטן-געזאַנדטער אין פוילן כ׳ וואָיקאָוו

די סעקציע האָט גענומען אָנטייל אין דער אַלפאַרבאַנדישער קאָנפערענץ פון די היסטאָריקער-מאַרקסיסטן, וועלכע איז פאָרגעקומען אין מאָסקווע אין דעקאַבער כוידעש 1928. די סעקציע האָט דעלעגירט 2 פאָרשטייער מיט שטימרעכט (די כ״כ הייליקמאַן און קירזשניץ), און קימאַט אַלע מיטגלידער פון דער סעקציע האָבן אָנטייל גענומען אין דער קאָנפערענץ אַלס געסט. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט,

וואָס אין דער קאָנפערענץ האָט זיך באַטייליקט אַ געוויסע צאָל וויסנשאַפטלעכע טוער (פון לענינגראַד, קיעוו, אָדעס, מינסק), וואָס האָבן אַ שייכעס צו דער פאָרשונג פון דער יִדישער געשיכטע, האָט די סעקציע צונויפגערופן אַ ספּעציעלע באַראַטונג פון אָט=די כאַוויירים, און עס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן די אַקטועלע פראַגן פון דער מאַרקסיסטישער פאָרשונג פון דער יִדישער געשיכטע און געשיכטע פון דער אַרבעטער=באַוועגונג; עס זיינען באַטראַכט געוואָרן די קאָנקרעטע מאָסמיטלען, וואָס דאַרפן אָנגענומען ווערן אַף די געביטן. די באַראַטונג האָט אנערקענט די וויכטיקייט פון דער געזעלשאַפט, די נייטווענדיקייט צו שאַפן קעמערלעך און אָפּטיילונגען פון דער געזעלשאַפט אויך אין אַנדערע שטעט און אונטערגעשטר[illegible] די אַקטועלקייט פון צוטרעטן פאָרשן מאַרקסיסטיש די יִדישע געשיכטע. די באַראַטונג האָט אויך באַשלאָסן צוצוטרעטן אַרויסגעבן אַ קאָלעקטיווע כרעסטאָמאַטיע איבער דער געשיכטע פון יִדן אין רוסלאַנד.

דעם פּרעזידיום פון דער קאָנפערענץ האָט די סעקציע דערלאַנגט אַ מעמאָראַנדום, ווו עס איז אָנגעוויזן געוואָרן אַף דער נייטווענדיקייט און וויכטיקייט צו באַאַרבעטן די אַרכיוו=מאַטעריאַלן, וועלכע האָבן אַ שייכעס צו דער יִדישער געשיכטע אין רוסלאַנד.

## עטנאָגראַפישע סעקציע

פאַר דעם ערשטן באַריכט=יאָר האָט זיך דער סעקציע איינגעגעבן בלויז אויסצואַרבעטן פּראָגראַמען פאַר עטנאָגראַפישע אויספאָרשונגען און צוגרייטן דעם באָדן, אַז אין צענטראַלן פעלקער=מוזיי אין מאָסקווע זאָל געשאַפן ווערן אַ יִדישע אָפּטיילונג. די עטנאָגראַפישע סעקציע האָט זיך אויך פאַרבונדן מיט דער געזעלשאַפט פאַר יִדישער מוזיק, מיט וועלכער זי איז צוגעטראָטן געמיינזאַם צו זאַמלען און פאָרשן דעם יִדישן מוזיקאַלישן פאָלקלאָר. אינאיינעם מיט די געהעריקע יִד. וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין ראַטנפאַרבאַנד, לויט דער איניציאַטיוו פונעם יִד. סעקטאָר באַ דער ווייסרוסישער אַקאַדעמיע, האָט זי גענומען זיך גרייטן צום קינפטיקן אַלפאַרבאַנדישן אַרכעאָלאָגישן צוזאַמענפאָר, ווו עס וועט זיין אַ סעקציע פאַר מוזיי=קענטעניש און עטנאָגראַפיע.

אַף אירע זיצונגען האָט די עטנאָגראַפישע סעקציע אויסגעהערט אַ פאָרטראָג פון כ' זאָרעך גרינבערג וועגן ל. י. שטערנבערג אַלס עטנאָגראַף און פון כ' קאַצינע „מארעק אַלס פאָלקלאָרזאַמלער“. עס זיינען צוגעגרייט געוואָרן אַ פאָרטראָג וועגן דעם שטייגער פון בוכאַרער פרויען און אויך אַ קריטישע אָפּהאַנדלונג וועגן די אָפּטיילן פאַר עטנאָגראַפיע און פאָלקלאָר אין אונדזערע און אויסלענדישע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבעס פאַר די לעצטע יאָרן.

## ביבליאָגראַפישע סעקציע

אַף די זיצונגען פון דער סעקציע זיינען באַהאַנדלט געוואָרן פאַרשיידענע ביבליאָגראַפישע מעטאָדישע און פּראַקטישע פראַגן. עס זיינען אויסגעהערט געוואָרן פאָרטראַגן: „פראַגן פון דער מעטאָדאָלאָגיע פון באַשרייבן יִדישע פּעריאָדישע אויסגאַבן (כ' א. קירזשניץ), „דער סאַכאַקל פון דער ביכער=פּראָדוקציע אין ראַטנפאַרבאַנד אין 1928 יאָר (כ' ז. ראַטנער) און אַנד. אויך איז אויסגעהערט געוואָרן אַ באַריכט פון דעם מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דער אַלפאַרבאַנדישער לענין=ביבליאָטעק, כ' זאָרעך גרינבערג, וועגן דעם צושטאַנד פון דער יִדישער אָפּטיילונג פון דער לענין=ביבליאָטעק, וועגן אירע פּערספּעקטיוון און אויפגאַבן.

די ביבליאָגראַפישע סעקציע האָט געהאַט אַ ספּעציעלע זיצונג מיט דעם כ' ליבערבערג (פאַרוואַלטער פון דער קאַטעדרע פאַר יִד. קולטור באַ דער אוקר. אַקאַדעמיע), אַף וועלכער עס זיינען גענוי באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגן פון קאָנטאַקטירן די יִדישע ביבליאָגראַפישע אַרבעט אין ראַטנפאַרבאַנד. עס איז אויך באַהאַנדלט געוואָרן דער אינהאַלט פון דעם ערשטן נומער פון דעם „ביבליאָלאָגישן זשורנאַל“ פון דער קיעווער קאַטעדרע און עס איז אויסגעטיילט געוואָרן דער כ' א. קירזשניץ אַלס מיטגליד אין דער רעדאַקציע פונעם זשורנאַל. אין דעם ערשטן נומער פונעם זשורנאַל גייען שוין אַריין איניקע אַרבעטן פון די מיטגלידער פון דער ביבליאָגראַפישער סעקציע.

מיט פאַרשיידענע פראַגן פון ביבליאָגראַפיע פאַרנעמען זיך די באַזונדערע מיטגלידער פון דער סעקציע: דער כ' ז. ראַטנער מיט דער לויפנדיקער רעגיסטראַציע פון דער ביכער=פּראָדוקציע און זשורנאַלן, כ' ס. קאַצינע אַרבעט איבער דער ביבליאָגראַפיע פון דער יִדישער ערד=איינאָרדענונג אין צאַרישן רוסלאַנד, כ' ציפּקין — „די געשיכטע פון דער יִדישער ביבליאָגראַפיע“; מאַקס איזנשטאַט — יודאַיִקע אין די אַלגעמיינע וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן (רוסישע, אוקראַינישע און ווייסרוסישע) א. ד. גל. עס איז אויך אַנטשטאַנען דער געדאַנק וועגן אַ קאָלעקטיווער פאַרזעצונג פון דעם.

,Систематический указатель литературы о евреях“.

### די אויסשטעלונג פון דער יִדישער קאָמוניסטישער פּרעסע

צום 11=טן יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער=רעוואָלוציע האָט די ביבליאָגראַפישע סעקציע אָרגאַניזירט אין לאָקאַל פון דער יִדישער מאָסקווער צענטראַלער ביבליאָטעק אַן אויסשטעלונג פון דער יִדישער קאָמוניסטישער פּרעסע פאַר די 11 יאָר ראַטנמאַכט.

דעם צענטער פון דער אויסשטעלונג האָבן פאַרנומען די וויטרינעס: 1) דער אָנהייב פון דער יִדישער קאָמפּרעסע (1918—1919), 2) אין פייער פון בירגערקריג (1920—1921), 3) די ערשטע יאָרן פון „נעפּ“ (1921—1924), 4) אונטערן צייכן פון סאָציאַליסטישער בויונג (1925—1928) און 5) די יִדקאָמפּרעסע אין דער איצטיקער צייט. צו די ערשטע צוויי פּעריאָדן פון דער אַנטוויקלונג פון דער קאָמפּרעסע: צו איר אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג אין אירע ערשטע יאָרן זיינען צוגעגעבן געוואָרן די וויטרינעס מיט דער פּרעסע פון די יִדישע בורזשואַזע און קלייןבירגערלעכע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, קעדיי צו באַווייזן די סוויווע, וועלכע די קאָמפּרעסע האָט באַדאַרפט באַהערשן אין איר קאַמף פאַר ווירקונג און אָנפירונג מיט די יִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן. די אויסשטעלונג האָט געהאַט אויך אייניקע וויטרינעס מיט ספּעציעלן מאַטעריאַל, ווי קאָמיוגישע און פּיאָנערישע פּרעסע, פּראָפעסיאָנעלע, ליטעראַריש-קינסטלערישע א. א.

אַ באַזונדער אָרט האָבן פאַרנומען די מאַטעריאַלן פון דער לעגאַלער און אומלעגאַלער יִדישער קאָמפּרעסע אין אויסלאַנד. ניט פּרעטענדירנדיק אַף אויספירלעכקייט און פולקייט, האָבן זיי אָבער געגעבן אַ פאָרשטעלונג וועגן דער אָפּשפּיגלונג פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע אַף די שטימונגען פון די יִדישע אַרבעטער אין די פאַרשיידענע לענדער און אויך וועגן דעם וווּקס פון דער קאָמוווירקונג אַף דער יִדישער פּראָלעטאַרישער מאַסע.

אַף דער אויסשטעלונג האָט אויך פיגורירט אַ געזערד-ווינקל מיט פיר וויטרינעס.

די אויסשטעלונג האָט אין אַלגעמיין אַרומגעכאַפּט באַ 85% פון די פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין ראַטנפאַרבאַנד פאַר די יאָרן 1917—1928 (295 נעמען). די אויסשטעלונג האָט פאַרמאָגט אַ גענויעם ביבליאָגראַפישן קאַרטן-קאַטאַלאָג און פינף דיאַגראַמען, וועלכע האָבן באַוויזן די אַלגעמיינע באַוועגונג פון דער פּרעסע-נעץ, פּאַרטיי-דיפערענצירונג אין די יאָרן 1917—1921, די אַנטוויקלונג פון דער פּרעסע אין די פאַרשיידענע ראַטן-רעפּובליקן לויט דער פּעריאָדישקייט און פאַרשיידענע געביטן.

די אויסשטעלונג האָט צוגעצויגן די אופמערקזאַמקייט פון דער מאָסקווער יִדישער אַרבעטערשאַפט און קולטור-טוער. פאַר די צען טעג, וואָס זי איז געווען אָפן, האָבן זי באַזוכט העכער 900 מענטשן, עקסקורסיעס פונעם יִדסעקטאָר באַם מיירעוו-אוניווערסיטעט, יִדאָפּטייל פונעם 2-טן מעלוכע-אוניווערסיטעט, אַרבעטער-עקסקורסיעס, פון פּיאָנערן-הויז, אָרגאַניזירטע לייענער פון דער צענטראַלער ביבליאָטעק א. א.

די אויסשטעלונג איז פאָטאָגראַפירט געוואָרן און אַזוי אַרום איז פיקסירט געוואָרן קימאַט דער גאַנצער מאַטעריאַל, טיילווייז פון אַ גרויסן ביבליאָגראַפישן ווערט.

## סאָציאַל-עקאָנאָמישע סעקציע

די סאָציאַל-עקאָנאָמישע סעקציע האָט אין גרונט פון איר פּלאַן אָנגעמערקט אַרבעטן אַף די געביטן פון דער סטאַטיק און דינאַמיק פון דער יִדישער באַפעלקערונג אין ראַטנפאַרבאַנד ביכלאַל און אין רספס"ר ביפראַט, דערלערנען די עקאָנאָמישע פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין דער יִדישער סוויווע אין די באַדינגונגען פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע און דער סאָציאַליסטישער בויונג, באַאַרבעטן די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן פון דער פאָלקס-ציילונג א. א. וו. די סעקציע האָט זיך פאַרבונדן מיטן קאָמערד, געזערד, „אָרט“ און אַנדערע אַלגעמיינע וויסנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע אַרבעטן אַף די געביטן, קעדיי קאָנטאַקטירן די אַרבעט און פירן זי מיט געמיינזאַמע קויכעס. פאַרן יאָר זיינען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען פון דער סעקציע מיט פאָרשטייער פון די געהעריקע אָרגאַניזאַציעס, ווו עס זיינען באַטראַכט געוואָרן גענוי די פּלענער פון דער סעקציע און ווו עס זיינען שוין אויך פאַרטיילט געוואָרן קאָנקרעטע טעמעס צו באַאַרבעטן. צו דער פּראַקטישער אַרבעט זיינען צוגעצויגן געוואָרן סטודענטן פון מיירעוו-אוניווערסיטעט.

## ליטעראַרישע סעקציע

די ליטעראַרישע סעקציע האָט אין איר פּלאַן אָנגעמערקט צוצוטרעטן אויספאָרשן די מאַסן-פּראָדוקציע פון 1905 יאָר, צונויפשטעלן סינכראָניסטישע טאַבעלן פון דער יִדישער ליטעראַטור, זאַמלען מאַטעריאַל פאַר אַ לעקסיקאָן פון די סאָוועטיש-יִדישע שרייבער און אָנהייבן שטודירן די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור.

אַף די זיצונגען פון דער סעקציע זיינען אין מעשעך פון יאָר אויסגעהערט געוואָרן פאָרטראָגן פון כ' דאָברושין וועגן די צוויי גרונט-אויסגאַבן פון שאָלעם-אַלייכעמס „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס“, כ' גורשטיינס און כ' נוסינאָווס פאָרטראַגן וועגן דעם יונגן מענדעלע, כ' נוסינאָווס פאָרטראָג וועגן דעם פּלאַן פון דער אַקאַדעמישער מענדעלע-אויסגאַבע. עס זיינען אויסגעהערט געוואָרן אָפּהאַנדלונגען וועגן אַ ריי ליטעראַרישע אויסגאַבן, וואָס זיינען דערשינען אין דעם יאָר.

לויט דער אופגאַבע פון דער פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט האָט די סעקציע אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פון שאַפן באַ דער געזעלשאַפט אַ סעקציע אַף פאָרשן יידישע קונסט און פאָלקלאָר.

## שפּראַך-סעקציע

אין אַרבעט-פּלאַן פון דער סעקציע איז אָנגעמערקט געוואָרן: אַרבעטן איבער אַ נאָרמאַטיווער יִדישער גראַמאַטיק, אויסאַרבעטן אַ יִדישע געזעלשאַפטלעכע טערמינאָלאָגיע און באַהאַנדלען אַלגעמיינע פראַגן פון מעטאָדאָלאָגיע פון גראַמאַטיק פאַר דער שול. די סעקציע איז צוגעטראָטן צו לאַבאָראַטאָרישער אַרבעט אַף די געביטן.

אַף די זיצונגען פון דער סעקציע זיינען אויסגעהערט געוואָרן פאָרטראָגן פון כ׳ זאַרעצקי וועגן אַ נאָרמאַטיווער יִדישער גראַמאַטיק, כ׳ דאָברינקי וועגן ניסטערס שפּראַך, כ׳ קאַמענשטיין וועגן אַ יִדישער געזעלשאַפטלעכער טערמינאָלאָגיע, פאַלקאָוויטש וועגן פּאַסיוו, מיטיילונגען און רעצענזיעס: וועגן זאַרעצקיס ביכל „שפּראַך“, וועגן היילפּערן און ווײַנרײַכס גראַמאַטיק פאַרן 2-טן לערניאָר, וועגן דער קיעווער מין-אַנקעטע א. א. וו.

## פּעדאַגאָגישע סעקציע

די פּעדאַגאָגישע סעקציע האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון איר טעטיקייט, וועלכער דאַרף אַרומכאַפּן די אויספאָרשונג פון פּעדאָלאָגישע און פּעדאַגאָגישע פּראָצעסן צווישן די קינדער, די פּעדאַגאָגישע אַרבעט צווישן דערוואַקסענע און די געשיכטע פון דער יִדישער בילדונג אין געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד. אין דער ערשטער ריי גייען די פראַגן פון דער ווירקונג פון דער צוויי-אין פילשפּראַכיקייט אַף דער אַנטוויקלונג פון די קינדער, דער סאָציאַלער באַגריף באַ די יִדישע קינדער.

די פּעדאַגאָגישע סעקציע האָט באַשלאָסן איר פאָרשונגס-אַרבעט איינגלידערן אין דער אַרבעט פון פאַרשיידענע אַלגעמיינע פאָרשונגס-אינסטיטוטן אין מאָסקווע און אין דער פּראָווינץ. מיט דעם צוועק האָט זי זיך געווענדעט מיט אַ מעמאָראַנדום צום אינסטיטוט פאַר פאָרשן די שול-מעטאָדן און צום אינסטיטוט פאַר וויסנש. פּעדאַגאָגיק באַם 2-טן מאָסקווער אוניווערסיטעט. דער אינסטיטוט פאַר פאָרשן די שול-מעטאָדן האָט שוין דעם מעמאָראַנדום באַטראַכט און אין פּרינציפּ געגעבן זיין האַסקאָמע.

די סעקציע האָט אַף אירע זיצונגען אויסגעהערט אינפאָרמאַטיווע פאָרטראָגן פון מיטגלידער פון די אינסטיטוטן, אַ פאָרטראָג וועגן דעם פּעדאַגאָגישן ציקל אין וויטעבסקער פּעדטעכניקום, וועגן פּראָבלעמען פון דער יידישער פּעדאַגאָגיק און אַנד.

# דער אָפּטייל פאַר יִדישער שפּראַך און קולטור באַם פּעד-פאַק פונעם 2-טן מאָסקווער מעלוכע-אוניווערסיטעט

דער אָפּטייל פאַר יידישער שפּראַך און קולטור (פריער געהייסן — יִדישער ליטעראַריש-לינגוויסטישער אָפּ-טייל) באַם פּעדפאַק פונעם 2-טן מאָסקווער מעלוכע-אוניווערסיטעט איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין מאַרט 1926. זיין דירעקטע אויפגאַבע באַשטייט אין גרייטן קוואַליפיצירטע לערער אַף שפּראַך און ליטעראַטור פאַר די יִדישע שולן פון דער צווייטער שטופּע.

בילדנדיק אַן אָרגאַנישן טייל פונעם גאַנצן פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט, גיט דער אָפּטייל פאַר יִדישער שפּראַך און קולטור, אַכוץ די אַלגעמיין-פּעדאַגאָגישע לימודים, דעם סכום קענטענישן, וואָס זיינען נויטיק פאַר דער אַרבעט אין דער יִדישער שול לויט דער געגעבענער ספּעציאַליטעט. דער לערן-פּלאַן פונעם אָפּטייל האָט באַ היינטיקן טאָג אַזאַ אויסזעען:

### I-טער קורס

צאָל שאָען*)

| | |
|---|---|
| יעסוידעס פון דער אינדוסטריאַליזאַציע און לאַנד-ווירטשאַפט | 4 |
| אַריינפיר אין פּעדאַגאָגיק | 2 |
| יעסוידעס פון פּעדאָלאָגיע | 4 |
| פּאָליטעקאָנאָמיע | 2 |
| היסטאָרישער מאַטעריאַליזם | 2 |
| אייראָפּעישע שפּראַך | 2 |
| טעכנישע אַרבעט | 3 |
| מיליטערישע דיסציפּלינעס | 2 |
| פיזקולטור | 2 |
| פּראָפּעדעווטישער קורס פון יידיש | 4 |
| העברעיש | 2 |
| פּראָפּעדעווטישער קורס פון יִדישער ליטעראַטור מיט עלעמענטן פון פּאָעטיק | 4 |
| געשיכטע פון יִדן אין דער נייער און נייסטער צייט | 2 |
| אַלגעמיינע שפּראַכוויסנשאַפט | 3 |
| | 38 |

### II-טער קורס

| | |
|---|---|
| רעקאָנסטרוקציע פון לאַנדווירטשאַפט און דער פינפיאָריקער פּלאַן (איינשליסנדיק די קאָלעקטיוויזאַציע פון לאַנדווירטשאַפט) | 2 |
| פּעדאַגאָגיק | 6 |
| פּעדאָלאָגיע (יוגנטלעכער עלטער) | 4 |
| טעכנישע אַרבעט | 3 |
| פיזקולטור | 2 |
| דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם מיט די יעסוידעס פון לעניניזם | 2 |

* דאָ איז אָנגעוויזן די אַלגעמיינע צאָל שאָען, וואָס גייט אַף לעקציעס, סעמינאַרישע אַרבעט און פּראַקטיק.

| | |
|---|---|
| געשיכטע פון רוסישער ליטעראַטור אין XIX יאָרהונדערט | 2 |
| געשיכטע פון מייִרעוו-אייראָפּ. ליט. (די גרונטעפּאָכן ביזן 19-טן יאָרהונדערט איינשליסלעך) | 2 |
| געשיכטע פון האַנדלס-קאַפּיטאַליזם | 2 |
| דייטש | 2 |
| ייִדישע ליטעראַרישע שפּראַך (פֿאָנעטיק, מאָרפֿאָלאָגיע און סינטאַקסיס) | 3 |
| די נייע ייִדישע ליטעראַטור | 3 |
| געשיכטע פֿון ייִדן אין אַלטערטום און מיטלאַלטער | 2 |
| פּאָליטעקאָנאָמיע (פֿאַקולטאַטיוו) | 2 |
| העברעיש | 2 |
| מיליטערישע דיסציפּלינעס | 2 |
| | 39 |

## III-טער קורס

| | |
|---|---|
| פּעדאַגאָגיק | 4 |
| פּעדאַגאָגיק און פּעדאָלאָגיע | 2 |
| נאַציאָנאַלע פּאָליטיק און סאָצבוּיונג צווישן די ייִדישע מאַסן | 2 |
| געשיכטע פון אינדוסטריעלן און פינאַנציעלן קאַפּיטאַל אין מייִרעוו און אין רוסלאַנד | 4 |
| מיליטערישע דיסציפּלינעס | 2 |
| געשיכטע פון אל. ק. פּ. (ב) און די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג | 2 |
| די נייסטע ייִדישע ליטעראַטור פון 20 י״ה | 4 |
| פֿאָלקלאָר און ייִד. מיטלעלטערלעכע ליטעראַטור | 2 |
| מעטאָדיק פֿון ליטעראַטור און שפּראַך און שול-פּראַקטיק | 4 |
| געשיכטע פון רוסישער און מייִרעוו-אייראָפּ. ליטעראַטור אינעם 20 י״ה | 4 |
| געשיכטע פֿון ייִדישער שפּראַך | 2 |
| ליטעראַטור-מעטאָדאָלאָגיע | 2 |
| אוקראַיניש אָדער ווייסרוסיש | 1 |
| | 35 |

## IV-טער קורס

| | |
|---|---|
| פּעדאַגאָגיק | 2 |
| לעניניזם | 2 |
| מיליטערישע דיסציפּלינעס | 1 |
| פּאָעטיק | 2 |
| ייִדישע גראַמאַטיק | 2 |
| מעטאָדיק פֿון ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור און שול-פּראַקטיק | 8 |
| ייִדישע דיאַלעקטאָלאָגיע | 2 |
| ספּעציעלער סעמינאַר אַף ייִד. ליטעראַטור | 2 |
| מעטאָדיק פון געזעלשאַפֿט-קענטעניש (פֿאַקולטאַטיוו) | 2 |
| | 21 |

דער פּראָפֿעסאָריש-לערערישער באַשטאַנד פֿונעם אָפּטייל: ייִדישע ליטעראַטור-געשיכטע—מ. ליטוואַקאָוו, י. נוסינאָוו און י. דאָבּרושין, ייִדיש — א. זאַרעצקי, העברעיש— י. באַקסט, פּעדאַגאָגיק — נ. שולמאַן, געשיכטע — צ. פֿרידלאַנד (פֿאַרוואַלטער פֿונעם אָפּטייל), ט. הייליקמאַן, מ. ראַפּעס און ז. גרינבערג, היסטאָרישער מאַטעריאַליזם — א. טשעסקיס, עקאָנאָמיק — י. גאַוואַקאָווסקי. כוץ דעם, האָבּן אין משך פֿונעם פֿאַרגאַנגענעם לערן-יאָר (1928—1929) דורכגעפירט עפּיזאָדישע קורסן דער פֿאַרשטאָרבענער כ׳ מ. וויינגער און כ׳ י. מערזאָן.

די וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעט פֿונעם פּראָפֿעסאָריש-לערערישן קאָלעקטיוו איז טיילווייז פֿאַרגעשטעלט אין דעם ערשטן באַנד „וויסנשאַפֿטלעכע יאָרביכער", וואָס דער אָפּטייל פֿאַר ייִד. שפּראַך און קולטור האָט אַרויסגעגעבן געמיינזאַם מיט דער אַלרוסלענדישער וויסנשאַפֿטל. געזעלשאַפֿט פֿאַר שטודירן די ייִד. שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע. באַם אָפּטייל איז אָרגאַניזירט א ספּעציעלער קאַבינעט פֿאַר די אנטשפּרעכנדיקע דיסציפּלינעס. דער קאַבינעט פֿאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק, וואָס ציילט ביז דריי טויזנט ביכער (צום אָפּטייל איז אגעוו אַריבער די ביכער-זאַמלונג פֿונעם פֿאַרמאַכטן לענינגראַדער אינסטיטוט פֿאַר „העכערע ייִדישע קענטענישן"). דער קאַבינעט פֿירט אַ קאָנסולטיר-ביבליאָגראַפֿישע אַרבעט און אָרדנט איין פֿון צייט צו צייט ליס. אָוונטן און וויסנש. פֿאָרטראָגן און שמועסן.

אין דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט ווערט אויך אַריינגעצויגן די סטודענטנשאַפֿט. קעדיי אויסבילדן בא דער סטודענטנשאַפט די נויטיקע וויסנשאַפטלעך-פֿאָרשערישע געוווינהייטן, זיינען אָרגאַניזירט סטודענטישע וויסנשאַפֿטלעכע קרייזלעך פֿאַר שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע. די קרייזלעך האָבּן דורכגעמאַכט אַף די געביטן אַ געוויסע לאַבאָראַטאָרישע אַרבעט. כוץ דעם, ווערן די סטודענטן אריינגעצויגן אין דער אלגעמיינער אַרבעט פֿון דער ייִדישער וויסנשאפטל. געזעלשאַפט. באַם פּראָפּקאָם פֿונקציאָנירט א סטודענטישע לערער-קאָמיסיע, וואָס איר אויפֿגאַבע איז צו העלפֿן דער פּראָווינציעלער לערערשאַפֿט מיט מעטאָדישע אָנווייזונגען און אייצעס. די קאָמיסיע האָט באַוויזן זיך צו פֿאַרבינדן מיט א גאַנצער ריי שטעט און שטעטלעך פון אונדזער פֿאַרבאַנד.

דער סטודענטן-באַשטאַנד איז פֿאַר די דריי יאָר׳ וואָס עס עקזיסטירט דער אָפּטייל פֿאַר ייִד. שפּראַך און קולטור, אויסגעוואַקסן ווי אין קאַמעס, אזוי אויך אין אייכעס. אָנהייבנדיק זיין אַרבעט מיט 12 סטודענטן, ציילט דער אָפּטייל בא היינטיקן טאָג באַ 100 סטודענטן. וועגן דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פֿון די סטודענטן גיבן א פֿאָרשטעלונג פֿאָלגנדיקע ציפֿערן. אפֿן גאַנצן אָפּטייל האָבן מיר לויט דער סאָציאַלער לאַגע (די ציפֿערן געהערן צום סאָף לערניאָר 1928—1929):

ארבעטער — 15 פּראָצענט, אָנגעשטעלטע — 62 פּראָצ. (אינעם סכום אָנגעשטעלטע זיינען 80 פּראָצ. לערער) לערן-יוגנט — 23 פּראָצ. דערביי האָבן מיר אפֿן ערשטן קורס (פֿונעם אופֿנעם אין הארבסט 1928): אַרבעטער — 37 פּראָצ., אָנגעשטעלטע — 52 פּראָצ., לערן-יוגנט — 11 פּראָצ.

לויט דער סאָציאַלער אָפּשטאַמונג—אַפן גאַנצן אָפּטייל: אַרבעטער — 23 פּראָצענט, קוסטאַרן — 28 פּראָצ., אָנגעשטעלטע—25 פּראָצ., פויערים—6 פּראַצ., פאַרשיידענע—18 פּראָצ. אפן ערשטן קורס: ארבעטער—44 פּראָצ. פויערים—5 פּראָצ., קוסטאַרן—30 פּראָצ., אָנגעשטעלטע—18 פּראָצ., פאַרשיידענע—3 פּראָצ.

די גרעסטע מאסע סטודענטן באַשטייט באַ היינטיקן טאָג פֿון לערער (לויט דער סאָציאַלער לאגע), אָבער דער פֿאַרגלייך פֿון די אויבנגעבראכטע ציפערן באַווייזט, ווי עס וואקסט דער פּראָלעטאַרישער קערן פֿונעם אָפּטייל. דער לעצטער אופנעם האָט אויך געבראכט א באַרייטנדיקע צאָל ארבפֿאַקאָווצעס (פֿון לענינגראַדער און אָדעסער ארבפֿאַקן).

דער אָפּטייל פֿאַר ייִדישער שפּראַך און קולטור האָט שוין געגעבן צוויי ארויסלאָזן קוואַליפיצירטע פּעדאַגאָגישע טוער פֿאַר אונדזער שול. אינעם פֿערטן יאָר פֿון זיין עקזיסטענץ טרעט דער אָפּטייל אריין מיט פֿאַרפֿעסטיקטע פּאָזיציעס פון א מארקסיסטישער הויכשול, וואָס טראָגט אריין איר ביילעק אין דער אַלגעמיינער ארבעט פֿאַר אנטוויקלען די סאָציאַליסטישע קולטור און בויונג.

# אינהאלט

זייט


פון דער רעדאקציע . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 3

מ. ליטוואקאָוו. פון טעאָלאָגיע צו וויסנשאַפט . . . . . . . . . . 5

— געשיכטע

ט. הײליקמאַן. די ייִדן אין אָנהייב רוסישער אונטערטאַנשאַפט . . . . . . . . 17

מ. א. לוריע. מאטעריאַליסטישע פראגן צו דער עוואָליוציע פון דער ייִדישער רעליגיע . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 34

ארבעטער-באַוועגונג

א. קירזשניץ. „בונד“ און רסדא“פ ערעוו דעם צווייטן פארטיי-צוזאַמענפאָר . . . 59

ש. אײנזאפט. דער עקאָנאָמישער קאמף פון די האָלצארבעטער ביזן 1905-טן יאָר 90

אבעלעוו. די ייִדישע ארבעטער-באַוועגונג אין מינסק ביזן יאָר 1900 . . . . . . . 108

מײער הער. א. ליבערמאַן, פ. אקסעלראָד און ל. מארטאָוו וועגן דער „ייִדן-פראגע“ . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 118

ליטעראַטור און שפּראַך

י. דאָברושין. צוויי גרונט-אויסגאַבן פון שאָלעם-אַליינכעמס „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס“ . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 147

שאָלעם-אַלייכעמס בריוו צו דער רעדאַקציע פון „פריינד“

י. נוסינאָוו. א בלעטל שאָלעם-אַלייכעם און א קאַפּיטל פּייטערבאָרגער ליטעראַרישער האנדל . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 164

שאָלעם-אַלייכעמס בריוו . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 173

אָנמערקונגען (צונויפגעשטעלט ש. ניעפאָמניאַשטשי) . . . . . . . . . 207

א. גורשטיין. א נייער ווענדפונקט אין דער מענדעלע-פאָרשונג . . . . . . . 214

א. זארעצקי. צו מעטאָדאָלאָגיע פון גראמאַטיק . . . . . . . . . . . . . 227

מאטעריאַלן און דאָקומענטן

אן אופרוף פון דער „אגדת הסציאליסתים העברים“ (פאקסימיליע) (מיטגעטיילט צ. פ.) 238

ש. ניעפאָמניאַשטשי. רעזאָליוציע פון דער דאָרעם-מיירעווודיקער קאָנפערענץ פון „בונד“ אין 1915 . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 239

ש. אײנזאפט. די דאָרעם-מיירעוודיקע קאָנפערענץ פונעם „בונד“ אין 1915 יאָר . 242

כראָניק

א יאָר ארבעט פון דער געזעלשאַפט פאַר שטודירן די ייִדישע שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 247

דער אָפּטייל פאַר ייִדישער שפּראַך און קולטור באַם פּעדפאַק פונעם 2-טן מאָסקווער מעלוכע-אוניווערסיטעט . . . . . . . . . . . . . . . . . 253


---

## פון דער רעדאקציע

אזויווי זעצן דעם זאַמלבוך האָט מען אָנגעהייבן פאר דער לעצטער אָרטאָגראפישער רעפאָרמע, האָט זיך ניט איינגעגעבן אומעטום צו פארהיטן אָן איינהייטלעכע אָרטאָגראפיע.

